

הערשל מעטאַלאָוויעץ

(הערש לייב בעקערקונץ)

1980 — 1897

מיין פרוי
מינאַ (מינדל) זשוק־בעקערקונץ
דער ערשטער באַנד „אַ וועג אין לעבן״
מיט ליבע.

ה. מ.

# פאַרוואָרט

— שרייב, שרייב! פאַר וואָס שרייבסטו נישט קיין זכרונות? ווען וועסטו שוין אָנהייבן שרייבן? דו האָסט דאָך וועגן וואָס צו שרייבן. דו ביסט טעטיק געווען אין פּאָליטישע באַוועגונגען און אין געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, דו האָסט זיך געטראָפן מיט אַ גרויסער צאָל מענטשן, מיט קאַריפייען פונעם פּאָליטישן און גע־זעלשאַפטלעכן לעבן — ייִדן און נישט־ייִדן. דו ביסט — ווי דו אַליין דערציילסט — דער איינציקער לעבעדיקער עדות פון וויכטיקע אָפּשניטן אין דער געשיכטע פון בונד אין פּוילן, ווי, למשל, דער צייטאָפּשניט פונעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ביז אַן ערך 4—5 וואָכן נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן קיין וואַרשע, און אויך איינער פון די איינצלנע לעבן געבליבענע טוערס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן, וואָס וויסן געוויסע פאַקטן און עפּיזאָדן, וועלכע זענען וואַרשיינ־לעך אין דער עפנטלעכקייט נישט באַקאַנט. פאַר וואָס זשע זאָלסטו דאָס אַלץ נישט פאַרפיקסירן אין שריפט?

אַזעלכע און ענלעכע פאַרלאַנגען, ביטעס און פאָדערונגען זענען צו מיר, אין די לעצטע 15 יאָר, געקירעוועט געוואָרן פון פאַרשיידענע מענטשן, חברים, פריינד און קענער.

אַ לאַנגע צייט האָב איך אויף די פאַרלאַנגען נישט רעאַגירט. און אויב שוין יאָ, איז מיט אַ הלצה: איך גיי נאָך נישט שטאַרבן.

אַן אַנדערער ענטפער איז געווען: איך בין נישט קיין קאַבינעט־מענטש, כ׳קען נישט שרייבן לשם שרייבן. אויב כ׳האָב אַ מאָל עפּעס געשריבן, געוויינטלעך — דיק־טירט, זענען דאָס געווען פּראָקלאַמאַציעס אויף דער הייסער מינוט. אויך די פּובלי־ציסטיק איז דיקטירט געוואָרן עקספּראָמט, פאַרן אָפּגיין צום דרוק. ערשט אין מאָנ־טרעאָל, קאַנאַדע, האָב איך אייגנהענטיק, פאַר דער צייטשריפט „וואָכנבלאַט" אין טאָראָנטאָ, געשריבן אַרטיקלען און רעפּאָרטאַזשן, און אין די מערסטע פאַלן זיי געשיקט מיט דער לעצטער פּאָסט. שרייבן מעמואַרן הייסט פּלאַנירן, שרייבן מיט אַ טאַלק און מיט אַ סדר אַ לענגערע צייט — און דאָס איז נישט פאַר מיין פעדער.

אָבער אין גאַנצן אַן אַ ווירקונג זענען די ווענדונגען צו מיר נישט געבליבן.

איך האָב אָנגעהויבן שרייבן פּענפּאָרטרעטן. אָנגעשריבן אַ ריי „פּראָפילן" פון מיר באַקאַנטע בונדישע און קאָמוניסטישע פירערס און טוערס, אָבער קיין איינעם נישט פאַרענדיקט. כ׳בין פון דעם געשריבענעם נישט געווען צופרידן און כ׳האָב אָוועקגעלייגט די פעדער.

אַ צופאַל האָט געענדערט מיין שטימונג און געצוווּנגען זיך נעמען צו דער פעדער.

איך האָב דערהאַלטן צוויי ביכער אין פויליש מיט דער ליטעראַרישער ירושה פון דעם דורך סטאַלינען דערמאָרדעטן פּראָכטפולן סאָציאַליסטישן און רעוואָלוציאָ־נערן פירער פונעם אַרבעטער־פאָלק אין פוילן, אַדאָלף וואַרסקי, מיט אַן אַריינפיר — אַ מין מאָנאָגראַפיע פונעם דירעקטאָר פון אינסטיטוט פאַר געשיכטע ביים צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פאַראייניקטער אַרבעטער־פּאַרטיי (פּ.ז.פּ.ר.) פון פוילן, טאַדעוש דאַנישעווסקי.

איך האָב אָנגעשריבן אַן אַרבעט אין דער פאָרעם פון אַן אָפּרוף וועגן די גע־לייענטע ביכער און פון דאַנישעווסקיס וואַרסקי־מאָנאָגראַפיע און געשיקט עס קיין פוילן דורך דער פאַרמיטלונג פון דירעקטאָר פונעם יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט, פּראָפעסאָר ב. מאַרק.

דער אָפּרוף פון פוילן אויף מיין צוגעשיקטער אַרבעט איז געווען אַן אומדער־וואַרטער. כ׳האָב אָנגעהויבן קריגן ווענדונגען פון באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע, כ׳זאָל זיי צושיקן מאַטעריאַלן, פאַקטן, עפּיזאָדן און אינפאָרמאַציעס וועגן געוויסע מענטשן און געשעענישן. די טענה פון פּראָפעסאָר ב. מאַרק, פאַר וואָס כ׳שרייב נישט מיינע זכרונות, איז געווען דער שטויס מיך צו באַוועגן זיך נעמען צו דער פעדער.

אַקטועל איז געווען דער ענין „קאָמבונד״ — צו שרייבן אַד״ט 40 יאָר זינט דער אַנטשטייונג פון דער קורץ עקזיסטירנדיקער זעלבשטענדיקער יידישער קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פוילן. פון די 4 מענטשן, וועלכע האָבן געלעבט און זענען בשעתו געווען פאַרבונדן, ווער דירעקט און ווער אומדירעקט, מיט דער אַנטשטייונג און אָנפירונג פון קאָמבונד: פּ. מינץ־אַלעקסאַנדער, קאַפּלאַן־שוואַרצמאַן, צימערמאַן־מייסקי און איך, האָב איך זיך געהאַלטן פאַר דעם פּאַסיקסטן צו שרייבן וועגן דעם ענין. כ׳האָב אָנגעשריבן אַ גרעסערע הקדמה און דאָס אַוועקגעשיקט צו ב. מאַרקן. זיין אָפּרוף איז געווען אַ וואַרעמער, סיי וועגן דעם פאַקטועלן מאַטעריאַל און סיי וועגן דער שפּראַך און פאָרעם פונעם געשריבענעם. פּראָפעסאָר מאַרק האָט פאַרלאַנגט ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

קיין המשכים האָב איך מער נישט געשיקט.

שרייבנדיק די ערשטע קאַפּיטלען האָב איך געפילט, אַז ס׳קלאַפּט נישט, אַז שרייבן וועגן קאָמבונד קען מען נישט סתם, נאָר אין קאָנטעקסט מיט אַ פ ר י ע ר און נ א ך ד ע ם — אין פאַרבינדונג מיטן בונד און מיט דער קאָמ. באַוועגונג. און שרייבן וועגן מיין טעטיקייט אין בונד וועל איך נישט קענען, אויב איך וועל נישט פריער שרייבן וועגן מיין וועג ווי אַן אַרבעטער. און דאָס איז פאַרבונדן מיט מיין יוגנטלעכן לעבן.

געקומען בין איך צום אויספיר, אַז אויב כ׳וויל שרייבן זכרונות, מוז איך אָנהייבן „דאַוונען פון פאַרנט״, און ס׳איז רייף געוואָרן דער געדאַנק צו פאַרפיקסירן אַלע

תּקופות פון מיין לעבן: די קינדער־ און יוגנט־יאָרן; מיין וועג ווי אַן אַרבעטער; מיין טעטיקייט אין בונד; מיין טעטיקייט אין דער קאָמ. באַוועגונג — קאָמבונד און ק.פּ.פּ.; די צווייטע וועלט־מלחמה און קאַנאַדע.

דאָס איז אַ פּאַרנעם פון אַן אַרבעט.

אַ קאָנקרעטער באַשלוס איז פון מיר אָנגענומען געוואָרן: איך שרייב מיינע מעמואַרן. אַ פּלאַן איז געוואָרן אָנגעצייכנט און איך האָב אָנגעהויבן שרייבן „אַ וועג אין לעבן — פראַגמענטן פון אַן אויטאָביאָגראַפיע".

צוטרעטנדיק רעאַליזירן דעם באַשלוס צו פאַרצייכענען אין שריפט מיין פאַרגאַנגענהייט האָבן זיך פאַר מיר געשטעלט אַ ריי פראַגן און פּראָבלעמען און פאַרלאַנגט אַן ענטפער און אַ לייזונג.

דאָס ערשטע פּראָבלעם, וואָס כ'האָב פאַר זיך געהאַט, איז געווען: וואָס איז דער צוועק פון שרייבן? דער ענטפער איז אַ פּשוטער: דאָס שרייבן איז אַ געזעלשאַפטלעכע פונקציע; דאָס שרייבן דאַרף זיין אַן אַנדער אופן פון געזעלשאַפטלעכער אַקטיווקייט; דאָס געשריבענע דאַרף אַרויסברענגען און באַקענען מיט געוויסע פאַקטן, עפּיזאָדן, געשעענישן און מענטשן פון אַ פאַרגאַנגענער צייט.

צי דאָס פאַרפיקסירטע אויף פּאַפּיר וועט ברענגען וועלכן ס'איז געזעלשאַפטלעכן נוצן — איז נישט פאַר מיר צו אורטיילן. איך דאַרף טאָן מיין חוב.

אַן אַנדער פּראָבלעם איז געווען — וואָס צו שרייבן.

אויך די לייזונג פון דעם פּראָבלעם איז געווען נישט קיין צו שווערע: אַרויסברענגען נאָר אַזעלכע פאַקטן, עפּיזאָדן און געשעענישן, וואָס דו האָסט אַליין ביי־געוווינט און מיטגעמאַכט און וועלכע זענען אייגנטימלעך און כאַראַקטעריסטיש, און נאָר אַזעלכע מענטשן, וועלכע זענען דיר געווען דירעקט באַקאַנט.

אַן אויסנאַם קענען זיין נאָר די דערציילונגען פון מיין מוטער, וואָס האָבן אַ שייכות צו מיין פּערזאָן.

„אָביעקטיוו אָדער סוביעקטיוו" — איז געווען איינע פון די וויכטיקערע פּראָבלעמען. וואָס פאַר אַ כאַראַקטער דאַרף דאָס געשריבענע האָבן? דאַרפן די פאַקטן, פּאַסירונגען און מענטשן געוויגן און געמאָסטן ווערן מיט דער קאַלטער און שטרענגער מאָס פון אָביעקטיווקייט, אָדער דאַרפן זיי געמאָסטן ווערן בלויז מיט מיין אינדיווידועלער מאָס און באַלויכטן ווערן אַפילו דורך פּערזענלעכער עמאָציע?

מיין ענטפער איז אַ קלאָרער: סוביעקטיוו!

איך שרייב נישט קיין פּאָליטישן אָדער הומאַניסטישן טראַקטאַט און נישט קיין געשיכטלעכע אָפּהאַנדלונג, נאָר „פראַגמענטן פון אַן אויטאָביאָגראַפיע". פון מ י י ן ביאָגראַפיע, פון מ י י נ ע איבערלעבונגען: געזעענע, געהערטע, אָדער ד ו ר ך

מיר געטוענע, און איבערגעבן אין שריפט דאַרף איך אַזוי ווי איך האָב פאַרשטאַנען און געפילט; יעדע מכלומרשטע אָביעקטיוויטעט וואָלט געווען אַ פעלשונג.

מיט דעם פּראָבלעם „אָביעקטיוו אָדער סוביעקטיוו" איז גלייכצייטיק געווען פאַרבונדן אַן אַנדער פּראָבלעם: ווי דאַרף איך משפטן געוויסע פּאַסירונגען, געשעענישן און מענטשן — מיט מידת־הדין אָדער מיט מידת־הרחמים?

מיין ענטפער איז: קאָנפראָנטירן דעם נעכטן מיטן היינט. אויב דער נעכטן, די פּאַסירונג אָדער דער מענטש, האָט געהאַט בלויז אַ געלעגנהייטלעכע ווירקונג, קען מען אָנווענדן מידת־הרחמים און דן זיין אַפילו לכף זכות; אויב אָבער דער נעכטן האָט געלאָזט גרעסערע אָדער קלענערע נעגאַטיווע שפּורן אויפן היינט, מוז אָנגעווענדט ווערן דער מידת־הדין, און טייל מאָל — אַפילו אין זיין גאַנצער האַרבקייט.

איך גלייב, אַז טראָץ דעם, וואָס מיינע אורטיילן וועגן געוויסע פאַקטן, געשעענישן און מענטשן וועלן זיין דורכויס סוביעקטיווע, וועלן זיי אין תּוך זיין די סאַמע אָביעקטיווסטע.

אויך דער „איך"־פּראָבלעם האָט געמוזט דורך מיר געלייזט ווערן.

אַוודאי דאַרף דער „איך" נישט ווערן קיין געשוואָלענער „עגאָ". די פאַקטן, עפּיזאָדן, געשעענישן און מענטשן דאַרפן געגעבן ווערן אויפן פאָן פון דער צייט, סביבה און מיליע. אָבער באַהאַלטן דעם „איך", אַוועקרוקן אים אין אַ ווינקל, הייסט באַוווסטזיניק אָדער אומבאַוווסטזיניק פעלשן, וויניקסטנס — דעגראַדירן די אויטענטישקייט פון די מעמואַרן. ובכן, נישט שרייען „אני שלמה", אָבער אויך נישט אַליין איגנאָרירן מיין ראָלע אין די פּאָליטישע באַוועגונגען און אין די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, אין וועלכע כ׳בין געווען אַקטיוו.

צום שווערסטן איז געווען צו לייזן דאָס פּראָבלעם ווי אַזוי צו שרייבן.

אין באַטראַכט זענען געקומען פאַרשיידנערליי זשאַנערס: אין דער פאָרעם פון אַ נאָוועלע, צומישן צום פאַקטועלן מאַטעריאַל אַ פאַרציע פיקציע און אַ דאָזע ליבע? אָדער שרייבן אין דער דריטער פּערזאָן?

די דאָזיקע פאָרמען גיבן אַ מעגלעכקייט נישט צו זיין פּינקטלעך מיט די פאַקטן און מיט דער כאַראַקטעריסטיק פון מענטשן און איז אויך אַ שוץ קעגן דער באַשולדיקונג אין נישט פּינקטלעכקייט, אָדער אַפילו — פעלשונג.

פאַר מיר זענען די דאָזיקע פאָרמען נישט געווען צום אָננעמען: נישט זיי אַנטשפּרעכן דעם ציל פון מיין שרייבן, און נישט איך פאַרמאָג די פעדער פון אַ בעלעטריסט. פּרעטענסיעס אויף ליטעראַטור־שאַפונג האָב איך קיין מאָל נישט געהאַט.

אַ מעגלעכקייט איז געווען אויך צו שרייבן אין אַ כראָניקסטיל. אויך דער דאָזיקער זשאַנער איז פאַר מיר נישט געווען אָנצונעמען: איך בין נישט קיין היסטאָריקער און איך שרייב נישט קיין געשיכטע.

פאַרן פּאַסיקסטן אופן פון שרײַבן מײַנע זכרונות האָב איך באַטראַכט די פאָרעם פון אַן אויטאָביאָגראַפיע — מאַכן אַ סעלעקציע פון געוויסע פאַקטן, פּאַסירונגען און מענטשן און שרײַבן „פראַגמענטן פון אַן אויטאָביאָגראַפיע". דער סטיל פונעם געשריבענעם זאָל זײַן אַ דערציילערישער, און דערציילט דאַרף װערן מיט דער מעגלעכסטער רויִקייט, ווי כ׳וואָלט געזעסן אין וואַרשע אין אַ קאַוויאַרניע מיט גוטע־ברידער אָדער אין תּפיסה מיט חברים און דערציילט זאַכן פון אַ מאָל; אָן פּאָזע און אָן אַ ציל וועמען צו וועלן אַגיטירן אָדער איבערצײַגן; צוימען ווי ווײַט מעגלעך דעם געוויזענעם אַגיטאַטאָר און פּראָקלאַמאַציע־שרײַבער און באַזונדערס דאָס שדל פון אַ פּאַמפלעטיסט; נישט שוינען ווען מען דאַרף נישט שוינען, אָבער אויך נישט אָנגרײַפן ווען ס׳איז נישט אַבסאָלוט נייטיק.

צי דער אויסוואַל פון פאַקטן, פּאַסירונגען, געשעענישן און מענטשן איז אַ געהעריקער, און צי די שפּראַך, סטיל און קאָנסטרוקציע פון מײַנע מעמואַרן איז אַ געלונגענע — וועגן דעם וועלן אַנדערע משפּטן.

„געדענקט אָדער צוגעטראַכט".

די דאָזיקע בצמצומדיקע, אָבער פולע מיט אינהאַלט פאָרמולע, געהער דער פעדער פונעם בונדיסט י. האַרט. מיט דער דאָזיקער פאָרמולע־בײַטש האָט י. האַרט געשמיסן אַ געוויסן מחבר פון אַ מעמואַרן־בוך. די האַרט־פאָרמולע קען און דאַרף אָנגעווענדט ווערן צו יעדן מין מעמואַרן־ליטעראַטור. איך וויל דעריבער לכתּחילה דערקלערן: געדענקט און נישט צוגעטראַכט!

אַלע די פון מיר דערציילטע פאַקטן און געשעענישן זענען ריכטיקע, באַשריבן אַזוי, ווי זיי זענען געבליבן אין מײַן זכּרון. זיי זענען דורכגעטראַכט, דורכקאָנטראָלירט און איבערגעקאָנטראָלירט געוואָרן אין מײַן מוח. דער מינדסטער ספק האָט מיך באַוויגן נישט צו געבן אַ געוויסן פאַקט אָדער געשעעניש, אָדער געבן מיט אַ געהעריקער באַמערקונג.

דאָס איז נוגע אויך אין באַצוג צו מענטשן: נישטאָ אין מײַנע מעמואַרן קיין פיקטיווע געשטאַלטן. אַפילו די, וואָס איך רוף נישט אָן ביים נאָמען, און מען קען מיינען, אַז דאָס זענען פיקטיווע פיגורן דורך וועמענס מויל איך רעד מײַנע אייגענע רייד, זענען לעבעדיקע מענטשן: זיי לעבן נאָך איצט אָדער זיי האָבן אַ מאָל געלעבט. ס׳איז געדענקט און נישט צוגעטראַכט.

איך שרײַב די „פראַגמענטן פון אַן אויטאָביאָגראַפיע" אָן דער מינדסטער הילף פון געדרוקטן מאַטעריאַל. ס׳איז דעריבער פאַראַן אַ מעגלעכע געפאַר, אַז עס זאָלן זיך אַרײַנכאַפּן געוויסע טעכנישע אומפּינקטלעכקייטן. מעגלעך איז אויך, אַז די ווערט און וואָג פון געוויסע געשעענישן און פון מענטשן זענען עטוואָס געוואָרן איבער־געטריבן אָדער אונטערגעשאַצט.

דאָס וועלן אָבער זײַן, גלייב איך, פעלערן און אומפּינקטלעכקייטן פון אַ נישט

ווערנטלעכן כאַראַקטער און זיי וועלן נישט שפּילן קיין ערנסטע ראָלע אין די פון מיר געשריבענע מעמואַרן.

דער דעוויז, וואָס האָט געקערעוועט מיט מיין פעדער ביים שרייבן די „פראַג־מענטן פון אַן אויטאָביאָגראַפיע", איז געווען די לערע פון מיין אַמאָליקן עלטערן חבר, פריינד, קעגנער און לערער, דעם פאַרשטאָרבענעם פירער פון בונד י. פּאָרטנאָי־יוזעף: „טראַכט מיט קאָפּ און טו מיט האַרץ. לאָז נישט דאָס האַרץ באַהערשן דעם מוח ווען מ'דאַרף עפּעס באַשליסן. טראַכטן און דענקען איז דער אַטריבוט פון מוח, אָבער נאָך דעם אָנגענומענעם באַשלוס לאָז נישט, אַז די קאַלטע לאָגיק פון מוח זאָל זיין דער איינציקער פאַקטאָר דורכצופירן דעם באַשלוס, נאָר אויך נעמען דאָס האַרץ, די וואַרעמקייט פונעם האַרץ, פאַר אַ גרעסערן און וויכטיקערן שותף ביים אַדורכפירן דעם באַשלוס".

וועלן מיינע מעמואַרן דערגרייכן דעם ציל און דערפילן אַ געזעלשאַפטלעכע פונקציע?

ווי אַן ענטפער קען איך בלויז איבערחזרן די קלוגע ווערטער פון י.ל. פרץ — דעם לערער, דערציִער און וועגווייזער פון דורות ראַדיקאַלער יידישער יוגנט: טו דיין חוב, דערפיל דיין פליכט און האָף און גלייב, און גלייב און האָף.

איך האָף און גלייב.

## ערשטער טייל

# יונגע יאָרן

דער זכּרון האָט זיך ביי מיר צעשפּילט.
אפשר דאַרף טאַקע זיין אַזוי. פאַראַן אַ געוויסע
עלטער ווען געשטאַלטן און עפּיזאָדן פונעם
אייגענעם אַמאָל ווערן וואַך. זיי ציטערן
פאַרביי דיין זכּרון מיט אַ לעצטער וואָרענונג:
„אויב נישט איצטער, ווען מיר זיך פאַרלעשן
אויף תּמיד". דו דערפילסט דעם אימפּעראַטיוו.
די שאָטנס אין זכּרון זענען אַ מאָל געווען פלייש
און בלוט. זיי זענען — „דו".

**איציק מאַנגער**
**(געזאַמלטע שריפטן)**

## געבורט

געבוירן בין איך אַ „זיבעטל" — זעקס מיידלעך און איך, אַ יינגל, דער זיבעטער. מען קען זיך פאָרשטעלן דאָס געמיט פון מיינע פרומע און חסידישע עלטערן, ספּעציעל פון מיין מאַמען, צו האָבן זעקס קינדער, אַלע מיידלעך, און נישט צו האָבן ווער ס׳זאָל נאָך זייער טויט קדיש זאָגן. די מאַמע האָט אויף מיר געלייגט אַלע אירע האָפענונגען. נישט נאָר וועט זי אויפהאָדעווען אַ קדיש, נאָר זיכער אויך אַ בן־תּורה, אַ גדול בישׂראל.

נישט גרינג איז אָנגעקומען מיין געבורט, דאָס אַרויסנעמען מיך פון דער מאַמעס טראַכט. דריי מעת־לעת איז די מאַמע געגאַנגען צו קינד. די ווייען זענען געווען נישט אויסצוהאַלטן. קיין שום קינד פריִער און קיין שום קינד שפּעטער איז נישט געבוירן געוואָרן מיט אַזעלכע יסורים. זעקס קינדער האָט די מאַמע געהאַט אין דעם קליינעם שטעטל ביאַלאָבזשעגי. אָפּגענומען זיי האָט אַ באַבקע און ס׳איז געגאַנגען

כשורה, און ביי מיר האָבן זיך אין וואַרשע מתעסק געווען אַ דיפּלאָמירטע אַקו־שערקע, דער פעלדשער באַסאַק און אַ דאָקטער, און זיי האָבן זיך נישט געקענט קיין עצה געבן מיטן אָפּנעמען. דער דאָקטער האָט רעקאָמענדירט צו נעמען דער מאַמע אין שפּיטאָל אַריין און מאַכן אַ קייזערשניט: „דאָס קינד גייט אין דער ברייט", האָט דער דאָקטער אויפגעקלערט. די מאַמע האָט אָבער קאַטעגאָריש זיך אָפּגעזאָגט צו פאַרלאָזן די שטוב, און נאָך שווערער מי איז די דריי רופאים געלונגען מיך אָן שאָדן אַרויסצונעמען פון דער מאַמעס טראַכט און צו ווייזן מיר די ליכטיקייט פון גאָטס וועלטל.

דער מאַמעס גליק איז געווען אָין לשער. ענדלעך אַ זון, אַן אויסגעבענקטן, אויסגעוויינטן און אַן אויסגעבעטענעם זון. ממש אַ מופת איז געשען. נישט אַנדערש ווי די ברכות פון פורעסאָווער רבין און פון ביאַלאָבזשעגער רב, און דאָס מיִען זיך פון אירע געשטאַרבענע זיידע־באָבע האָבן דאָס מאָל געהאָלפן צערייסן דעם גזר פון האָבן בלויז מיידלעך, און אויסגעפועלט אין הימל פאַר איר אַ זון אַ קדיש.

צו דער מאַמעס גרויס גליק איז צוגעקומען נאָך אַ פרייד — איך בין געבוירן געוואָרן אין אַ הייבל. פאַר דער מאַמען איז דאָס געווען דער בעסטער סימן, אַז דער זון אירער איז געבוירן געוואָרן אין אַ מזלדיקער מינוט, וועט מצליח זיין אין לעבן און אין לערנען גאָטס תורה, און אויך זי און די פאַמיליע וועלן אין מיין זכות אויפ־געריכט ווערן.

די מאַמע האָט פאַראָרדנט, מ'זאָל דאָס לעצטע קישן פאַרזעצן און מאַכן אַ גרויסאַרטיקן ברית. דער סנדק זאָל זיין דער ביאַלאָבזשעגער רב, דער גרויסער בן־תורה און בעל־מידה. די קוואַטערס זאָלן זיין דער זיידע און די מומע שיפרה, די גבירטע אין דער משפחה — אַז תורה, חכמה און גדולה זאָלן מיך באַגלייטן ביים יִדישן.

וואָלט איך געווען אַן איראַציאָנאַליסט, וואָלט איך מסתמא אין די שוועריקייטן פון מיין אַריינקומען אין דער לעבעדיקער וועלט, אין דעם „גיין אין דער ברייט", געזען דעם ערשטן פאַל פון דער קאָנטראָווערסיע אַרום מיין פערזאָן, אַז שוין ביים געבורט בין איך נישט געווען קיין קאָנפאָרמיסט, געקומען אויף דער וועלט נישט מיטן נאָרמאַלן טראַקט, נאָר אויף אַן אייגענעם אופן, און אַז שוין אין דער מאַמעס בויך בין איך געווען אַ בונטאַר.

די מאַמע מיינע האָט טאַקע אַזוי געהאַלטן. געזאָגט האָט זי עס אויף איר אופן: געבוירן געוואָרן ביסטו טאַקע צו זיין אַנדערש ווי אַנדערע יִדישע יִינגלעך. דער בעסטער סימן איז, אַז דו ביסט פאַרט אַנדערש ווי אַנדערע. צו דיינע רייד הערן זיך צו הונדערטער מענטשן אויף די פאַרזאַמלונגען, און פריידיקן פריידיקסטו ישועות און נחמות פאַר מענטשן און פאַר יִדן. אויב דו ביסט אַוועק פון די וועגן פון די פרומע יִדן, איז דאָס מסתמא צוליב דער מאַמעס זינד.

מיין געבוירן ווערן אין אַ הייבל האָט דער מאַמעס שווערע מערכה נישט גרינגער

געמאַכט און אירע האָפענונגען צו זען איר זון אַ בן־תורה און אַ גדול בישראל זענען נישט מקוים געוואָרן.

איך האָב זיך אויף מיין מזל נישט צו באַקלאָגן. כאָטש מיין לעבנסוועג איז מיט קיין רויזן נישט געווען אויסגעלייגט, געווען אַ שווערער און טייל מאָל אַפילו אַ טראַגיש שווערער — בין איך מיט מיין מזל צופרידן.

איך קוק צוריק אויף מיין פאַרגאַנגענהייט, אויף די יאָרן פון מיין פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט מיט אַ סך סאַטיספאַקציע, מיט אַ געפיל פון צופרידנקייט, גליק און הנאה.

און אַפילו מיט קנאה לגבי די יאָרן פון מאַטעריעלער זאַטקייט, אָבער כמעט ווי פאַרלוירענע לטובת הכלל.

## קינדער־קראַנקייטן

אין די קינדעריאָרן בין איך געווען דער אמתער שלימזל. געקרענקט יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק. ס׳איז נישט געווען די קינדער־חולאת, אויף וועלכע איך זאָל נישט קראַנק זיין. נישט איין מאָל בין איך געווען אַן „אויסרייטער״. איינער פון די ערשטע, וואָס האָבן אָנגעזאָגט דער שטאָט וואָרשע די בשורה, אַז אַזאַ מין קינדער־שלאַפקייט גרייט זיך אָפּצושטאָטן אַ וויזיט.

צוויי קראַנקייטן האָבן מיך שיער נישט פאַרענדיקט: אַן אויגן־קראַנקייט און דיפטעריט.

אויף די אויגן בין איך קראַנק געוואָרן אין עלטער פון אַ צוויי יאָר. דער איינ־שטימיקער אורטייל פון די דאָקטוירים, וועלכע האָבן מיך באַהאַנדלט, איז געווען, אַז ס׳איז נישטאָ קיין האָפענונג מיך צו ראַטעווען פון בלינד ווערן.

די מאַמע האָט אָפט און גערן דערציילט די געשיכטע פון מיין אויגן־קראַנקייט און געהאָלטן, אַז אין מיין גענעזן ווערן איז געשען נישט איין נס, נאָר אַ צאָל נסים.

און דערציילט האָט די מאַמע אָט וואָס:

דאָס ערשטע איז זי אַוועקגעפאָרן מיט מיר צום פורעסאָווער רבין, האָט דער־ציילט דעם רבין, אַז זי איז זיינס אַ חסידס, ירחמיאל קאַנערס אַ טאָכטער, און געבעטן רחמים פאַר איר זון. דער פורעסאָווער רבי האָט מיר אָנגעטאָן אַ שפּאַניש קאַפּעלע און אָנגעוווּנטשן אַ רפואה שלימה. איינער פון דעם רבינס מקורבים האָט דער מאַמען געגעבן אַ בריוו צו אַ וואָרשעווער ייִדישער פערזענלעכקייט, צו דעם אינדו־סטריאַליסט, פּאַפּיר־סוחר און חסיד, הערשל גראָמאַן, אין וועלכן ס׳איז געבעטן געוואָרן, אַז ד״ר קראַמשטיק זאָל איבערנעמען די קוראַציע פון מיינע אויגן — דאָס איז געווען נס נומער איינס.

עטלעכע טעג נאָכן אָפּגעבן דעם ברית איז אַ דאַמע, אין איר אייגענער קאַטש, געקומען צו אונדזער הויז. זי האָט אויפגענומען דער מאַמען און מיך און אונדז אַוועקגעפירט צו ד״ר קראַמשטיק — נס נומער צוויי.

בשעת ד״ר קראַמשטיק האָט אונדז אויפגענומען, זענען אין אויפנעם־צימער נישט געווען קיין שום אַנדערע פּאַציענטן. ער האָט מיך גרינטלעך באַטראַכט, נישט בלויז די אויגן, נאָר אויך יעדעס שטיקל אָבר. זיין דיאַגנאָזע איז געווען, אַז ס'איז פאַראַן אַ האָפענונג אויסצומיידן מיין בלינד ווערן — נס נומער דריי.

ד״ר קראַמשטיק איז אין די אָנהייב יאָרן פון איצטיקן יאָרהונדערט געווען דער גרעסטער אויגן־ספּעציאַליסט אין וואַרשע און איינער פון די גרעסטע אין אייראָפּע. אַ וויזיט ביי אים האָט געקאָסט מינימום 10 רובל און מ'האָט געדאַרפט וואַרטן אַ לענגערע צייט מ'זאָל זיך צו אים דערשלאָגן.

זיין פּרייז פאַר מיין קוראַציע איז געווען זייער אַ הויכער. די מאַמע איז נישט אומשטאַנד געווען צו באַצאָלן קיין צענט־חלק פונעם פּרייז. זי האָט פאַרן דאָקטער אויסגעגאָסן איר האַרץ, דערציילט וועגן איר ביטערער מאַטעריעלער מערכה, וועגן דעם, ווי נאָך פינף מיידלעך האָט זי דערלעבט צו האָבן אַ זון אַ קדיש, און גערעדט צום דאָקטער לאַנג־לאַנג קלוגע און פרומע רייד:

— מיין זונס סנדק איז געווען דער ביאַלאָבזשעגער רב. ער האָט ברכות פון רביים. דער פורעסאָווער רבי האָט אים געשענקט אַ טייער שפּאַניש קאַפּעלע פאַר אַ סגולה גרינג אויפצונעמען דאָס לערנען און ס'וועט פון אים זיכער אויסוואַקסן אַ למדן. ווען מיין זון זאָל, חלילה, נישט קענען זען, וועלן די אותיות פון דער תורה קומען צום כסא־הכבוד מיט טענות און מקטרג זיין פאַרן בית־דין־של־מעלה קעגן די, וועלכע זענען שולדיק אין פאַרלירן זיין ראיה. אויב דאָקטער קראַמשטיק, וואָס איז גאָטס שליח, ווייל יעדער רופא איז דאָך אַ שליח פון רבונו־של־עולם, וועט אים אויסקורירן און זיינע אויגן וועלן לערנען גאָטס תורה, וועלן די אותיות קומען צו פליִען און זיך שטעלן ביי אייער זייט און מליץ־יושר זיין פאַר אייך אַפילו ווען איר זאָלט האָבן באַגאַנגען די גרעסטע זינד (ד״ר קראַמשטיק איז געווען אַ משומד), און דאָס בית־דין־של־מעלה וועט זיין צו אייך ווילגענעדיק.

ד״ר קראַמשטיק האָט זיך אונטערגענומען מיך צו היילן — דאָס איז געווען דער פערטער נס.

דאָס היילן מיינע אויגן האָט געדויערט עטלעכע חדשים. אַ געוויסע צייט זענען מיינע אויגן געווען פאַרבונדן און כ'האָב נישט געזען דעם מינדסטן ליכטשיין. ווען די קוראַציע איז געווען פאַרענדיקט און ס'איז זיכער געווען אַז מיין זעקראַפט איז אַ פּערמאַנענטע, האָט ד״ר קראַמשטיק געטאַנצט פאַר פרייד און נישט געוואָלט נעמען קיין האָנאָראַר פאַר דער קוראַציע — דאָס איז געווען דער פינפטער נס.

נישט פאַרפעלט האָט מיין מאַמע צו דערציילן און זיך צו גרייסן, אַז ווען ד״ר קראַמשטיק פלעגט עפּעס באַמערקן אָדער זאָגן אַ לצנות אויפן חשבון פון די רביים,

האָט זי אים געבעטן נישט צו זינדיקן, וואָרעם ער קען נאָך, חלילה, אַרויסרופן דעם שׂטן און ער וועט אים שטערן אין דער היילונג.

ליב געהאַט האָט די מאַמע מיינע איבערצוחזרן די טיראַדע, וואָס זי האָט גע־האַלטן פאַרן ד״ר קראַמשטיק און זי איז געווען איבערגעצייגט, אַז חוץ דעם פּורע־סאָווער רבינס ברכה האָט איר רעדן געווירקט אויפן דאָקטער ער זאָל איבערנעמען די קוראַציע פון מיינע אויגן. יעדעס מאָל ווען די מאַמע האָט איבערגעחזרט די דרשה, האָט אין איר נישט געפעלט קיין איין וואָרט, ווי זי זאָל זיך דאָס האָבן אויס־געלערנט און איינגעשטודירט.

איך בין נאָך איצט אומשטאַנד כּמעט ווערטלעך איבערצוחזרן מיין מאַמעס מאָנאָלאָג. און ס׳איז פאַר מיר נישט קיין ספק, אַז ווען מיין מאַמעס רייד וואָלטן אַריינגעפאַלן צו אַן אַלטן יידישן פּיטן וואָלט דערפון אַרויסגעקומען אַ האַרצרייסנ־דיקע תּחינה. ביי י. ל. פּרץ וואָלט דאָס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שיינער פאָלקס־טימלעכער מעשׂה, און ביי י. י. טרונק וואָלט דאָס געווען אַ טראַגי־קאָמישער מאָנאָ־לאָג אין דעם מויל פון איינער פון זיינע מומעס־רביצינס.

פרילינג 1928 האָב איך זיך באַטייליקט אינעם קאָנגרעס פון פּראָפינטערן (רויטער אינטערנאַציאָנאַל פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען) אין מאָסקווע. אויף דער איניציאַטיוו פון דעם אָנפירער פון דער פּאַלעסטינער דעלעגאַציע (אויף וויפל מיר דאַכט זיך איז זיין אמתער נאָמען געווען קופּערמאַן און ער האָט געשטאַמט פון דעם שטעטל אָסטראָוויעץ אין פּוילן) האָבן די „יידישע״ יידן פון די פאַרשיידענע דעלעגאַציעס דורכגעפירט אַ פאַרשווערונג קעגן דאָס צולאָזן צום קאָנגרעס די דעלעגאַציע פון די לינקע פּועלי־ציון, אַבראַמאָוויטש פון פּאַלעסטינע און יצחק לעוו פון פּוילן, וועלכע זענען געוואָרן פאַרבעטן דורך לאָזאָווסקין, דעם דעמאָלטדיקן סעקרעטאַר פון פּראָפינטערן. (וועגן דעם דאָזיקן קאָנגרעס וועט מיר נאָך אויסקומען אַ סך צו דערציילן).

נאָך דעם ווי די פאַרשווערונג איז געלונגען, האָבן די פאַרשווערער, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען: קופּערמאַן פון פּאַלעסטינע, מיכאל קאָן פון טשעכאָ־סלאָוואַקיע (אַגב, אַ געוועזענער פּועלי־ציון־פירער), אַבע פלוג און איך פון פּוילן א״אַ, איינגעאָרדנט אין איינעם פון די צימערן פון האָטעל „סאַוואָי״ אַ גרויסע מסיבה מיט משקה, געזאַנג פון יידישע פאָלקסלידער און הומאָר. איינע פון די אַטראַקציעס איז געווען מיין מאַמעס טיראַדע, וואָס זי האָט געהאַלטן פאַר דעם ד״ר קראַמשטיק.

דיפטעריט איז געווען אַ חולאַת, וואָס האָט מיך שיער נישט משלח געווען פון דער וועלט. די דאָזיקע קראַנקייט איז אין מיינע קינדעריאָרן געווען אַ שאַרפע קאָסע אין די הענט פון מלאך המוות, מיט וועלכער ער האָט פאַרשניטן די לעבנס פון קינדער. איך האָב די דיפטעריט־קראַנקייט דורכגעמאַכט לאַנג און שווער.

ווען ס׳האָט אָנגעהויבן האַלטן מיט מיר שמאָל און אונדזער שטובפעלדשער קראַקאָווסקי, וועלכער — ווי די מאַמע פלעגט וועגן אים זאָגן: „ער קען בעסער און ווייסט מער פון אַ דאָקטער" — האָט זיך נישט געקענט קיין עצה געבן, האָט די מאַמע אָנגענומען אירע מיטלען: געוויינט, געשטעלט ליכט אין שול, געמאָסטן פעלד, אויפגעריסן דאָס פּרוכת אין שול און געשריגן אין אָרון־קודש אַריין, און געהייסן דעם זיידן, דעם טאַטן, די ייִדן אין שול און די קינדער פון מיין חדר זאָגן תהלים.

מיין מאַמעס מיטלען האָבן אָבער נישט געהאַט קיין פּעולה. דער פעלדשער קראַקאָווסקי האָט מיטגעבראַכט מיט זיך דעם צו יענער צייט באַקאַנטן קינדער־דאָקטער אין וואַרשע ד״ר קנאַסטער. ד״ר קנאַסטער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר, מיך אַפילו נישט באַטראַכט און רעזיגנירט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. די מאַמע האָט געוויינט און געבעטן דעם ד״ר קנאַסטער ער זאָל ראַטעווען איר איינציקן זון. ד״ר קנאַסטער האָט איר געענטפערט מיט אַ הילפלאָז שאָקלען מיטן קאָפּ און געוויזן מיט אַ פינגער צום הימל: נאָר ער אויבן קען איר העלפן...

שוין שטייענדיק ביי דער טיר האָט דער פעלדשער קראַקאָווסקי זיך אומגע־קערט, געלאָזט שטיין דעם דאָקטער קנאַסטער אין זיין אָנגעטוענער פּאַלערינע און צילינדער אויפן קאָפּ, צוגעלאָפן צום פענצטער, געעפנט אַ לופטשיק און געהייסן אָוועקלייגן אַ קאַלדרע מיט אַ וויִס לײַלעך אויפן טיש. ער האָט מיך אַרויסגענומען פון בעט, אויסגעטאָן נאַקעט און מיך אָנגעהויבן פּאַטשן אין פּנים און אין הינטן, געטרייסלט, געהאַצקעט, געוועלגערט מיט די פויסטן דאָס בייכל, מאַסאַזשירט די הענט און פיס, געשלאָגן אין קאַרק — און דער דיפטעריט האָט אויפגעהערט מיך צו שטיקן. ער האָט אויסלאַפּיסירט מיין מויל און האַלדז און מיך צוריק אַוועקגע־לייגט אין בעט. דער פעלדשער קראַקאָווסקי האָט צוגערופן צום בעט דעם ד״ר קנאַסטער. דער דאָקטער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן און אַרויסגעלאָפן פון שטוב.

אַ גאַנצע נאַכט האָט קראַקאָווסקי געוואַכט איבער מיר, מורא האָבנדיק פאַר קאָמפּליקאַציעס. ערשט אין דער פרי איז ער אַוועק אָנזאָגנדיק דער מאַמען די גוטע בשורה, אַז ס׳איז מער נישטאָ קיין געפאַר און כ׳וועל געזונט ווערן.

אַזוי האָב איך פון דער מאַמע מיינער אַ סך מאָל געהערט די געשיכטע פון מיין געראַטעוועט ווערן פון טויט דורך דעם פעלדשער קראַקאָווסקי.

כאָטש איך האָב קיין מאָל נישט געצווייפלט אין דער אויטענטישקייט פון די פאַקטן אין מיין מוטערס דערציילונג, דאָך האָב איך בשעת דעם שרייבן דעם דאָזיקן עפּיזאָד פון מיין קינדערשן לעבן זיך נאָכגעפרעגט ביי באַקאַנטע מעדיקער, ווי אַזוי די באַציִען זיך מעדיציניש צו דער דאָזיקער געשיכטע, און זייער מיינונג איז געווען, אַז אַזעלכעס האָט געקענט געשען.

קיין שלאָפקייטן, ווי שוין געזאָגט, האָבן מיר נישט געפעלט. פון די פריִער דערמאָנטע ווייס איך פון דער מאַמעס דערציילונגען, אַנדערע געדענק איך. באַזונ־

דערס געדענק איך מיין קראַנק ווערן אויף פּאָקן און דאָס וואַכן איבער מיר טאָג און נאַכט כ׳זאָל נישט קראַצן דאָס פּנים און ווערן געשטופּלט. און דאָך האָב איך זיך נישט געקענט איינהאַלטן און געקראַצט אין גאַנצן פאַרהיטן און קליינע פּאָקן־סימנים זענען געבליבן אויף מיין נאָז.

מיין כראָניש קרענקען האָט געדויערט ביז ס׳איז געבוירן געוואָרן אַ צווייטער ברודער. זינט מיין ברודערס געבורט בין איך געוואָרן, וואָס מען רופט „אַ נאָרמאַל קינד״. די סיבות פון מיין פיזישער ענדערונג איז נישט קיין ענין פאַר מיר צו דערקלערן; דאָס איז אַן ענין פאַר מעדיקער און פּסיכאָלאָגן.

## די שוואַרצע דריי טעג

אין וואַרשע איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַן אַלגעמיינער שטרייק. „אַלע רעדער זענען געבליבן שטיל״, ממש און בוכשטעבלעך. מענטשן האָבן זיך געאיילט צו זייערע היימען, ווי פרומע יידן ערב יום־כּיפּור צו כּל־נדרי. מורא האָבנדיק צו פאַרשפּעטיקן. די לופט האָט געשמעקט מיט שטורעם. די וואַרשעווער איינוווינערס האָבן זיך געריכט אויף גרויסע געשעענישן.

ווען דער אָונט איז צוגעפאַלן, זענען די גאַסן פון וואַרשע געווען אָפּגעליידיקט. קיין פּאָליציאַנט איז נישט געווען אויף זיין פּאָסטן. די מיליטער־פּאַטרולן האָבן אויפגעהערט צו מאַרשירן איבער די גאַסן פון וואַרשע. די שטאָט איז באַהערשט געוואָרן פון צוויי עלעמענטן: פון דער באָיוּווקע פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, גערופן פּ.פּ.ס., און פון דעם אָפּפאַל פון דער וואַרשעווער באַפעלקערונג.

די פּ.פּ.ס.ישע באָיוּווקע האָט סיסטעמאַטיש צעשטערט דאָס פאַרמעגן פון דער צאַרישער אָקופּאַציע־מאַכט. די מאָנאָפּאָל־קראָמען פון בראָנפן זענען אויפגעבראָכן געוואָרן, די פלעשער האָט מען צעבראָכן און דעם שנאַפּס געלאָזט פליסן אין די רינשטאָקן. צעשטערט איז אויך געוואָרן די רוסישע קאַזנאַטשייסטווא אויף דער רימאַרסקע גאַס. בלויז די רוסישע מלוכה־באַנק אויף עלעקטאָראַלנע און רימאַרסקע האָט זיך דער באָיוּווקע נישט איינגעגעבן צו פאַרניכטן. די באַנק איז געווען באַשיצט, פאַרפּאַנצערט פון אינעווייניק און פון אויסנווייניק און באַוואַכט פון אַ גרויסער מיליטער־אָפּטיילונג.

דאָס פאַרניכטן דאָס צאַרישע אייגנטום איז געווען אַ פּאָליטישע אַקציע מצד דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. די אָנטיילנעמערס אין דער אַקציע, אַן אידעאַליסטישער עלעמענט, האָבן נישט דערלאָזט, ס׳זאָל ווער געניסן פון דעם שנאַפּס אָדער פון אַנדערע צאַרישע פאַרמעגנס.

אויף דער סצענע האָט זיך אָבער אויך באַוויזן אַן אַנדער עלעמענט — דאָס

פעבל. מחנותוויז האָט זיך דער דעק־עלעמענט אַרויסגעלאָזט אין די פינצטערע גאַסן, געזשלאָקעט דעם שנאַפּס פון די רינשטאָקן און ראַבירט די קראָמען. אין אַלע שטאָט־טיילן זענען די געשעפטן צערויבט און צעפּלינדערט געוואָרן. ווו נישט ווו האָט דאָס פעבל געקריגן אַן ערנסטן ווידערשטאַנד און זיך אָפּגעטראָגן. אַזעלכע פאַלן זענען גראָד מיינסטנס געווען אין יידישן געשעפט־צענטער. דער ראַבונעק איז נישט געווען קיין ספּעציפיש אַנטי־יידישער. צערויבט און צעפּלינדערט איז געוואָרן יעדעס געשעפט, וואָס איז דעם פעבל געקומען אונטער דער האַנט.

אין די נעכט איז די שטאָט איינגעהילט געווען אין פינצטערניש, באַלויכטן בלויז פון די פייערן פון די שׂרפות, וואָס האָבן אויפגעפלאַקערט אין פאַרשיידענע פלעצער, מיינסטנס אין די ערטער ווו די מאַנאַפּאָל־קראָמען פון בראַנפן האָבן זיך געפונען. ס׳איז גענוג געווען אַן אַוועקגעוואָרפן שוועבעלע אָדער אַן אַוועקגעוואָרפענער פּאַפּיראָס, ס׳זאָל אויפפלאַמען אַ העליש פייער.

דריי מעת־לעת האָט געדויערט די אַקציע פון דער פּ.פּ.ס. און דער ראַבונעק פון די דעק־עלעמענטן. די דאָזיקע טעג זענען אָנגערופן געוואָרן: „די שוואַרצע דריי טעג״.

אין אונדזער שטוב האָבן זיך געפונען אַלע מיטגלידער פון דער פאַמיליע. געווען איז אויך דער זיידע מיט אונדז. אויך די עלטסטע שוועסטער חנה, וועלכע האָט געוווינט נישט ווייט, אויף דער פאַנסקע־גאַס נומער 96, האָט פאַרלאָזט דאָס געוועלבל פון סאָדע־וואַסער, וואָס האָט איר געדינט אויך פאַר אַ וווינונג, און איז מיטן מאַן און אַ קליין קינד געקומען צו אונדז אין דער דירה. נאָר איין שוועסטער, די שוועסטערביילע, די סאָציאַליסטקע, האָט געפעלט.

אין שטוב איז געווען פינצטער, טרויעריק און שטיל. ס׳איז נישט געווען קיין גאַז און נישט קיין וואַסער. מ׳האָט מורא געהאַט צו מאַכן פייער אונטער דער קיכ־פּליטע אָפּצוקאָכן אַ ביסל וואַרעם וואַסער פאַר די קליינע קינדער. מ׳האָט נישט גערעדט און זיך באַמיט אויך, אַז די קינדער זאָלן זיין שטיל. די מאַמע האָט געוויינט, געבראָכן די פינגער פון די הענט און געמורמלט: ווו איז ביילע, ווו איז ביילע אַהינגעקומען? פון גאַס האָבן זיך דערטראָגן קולות פון די ראַבירער, דאָס ברעכן פון טירן, דאָס רייסן אייזערנע זאַליוזעס און דער געבראַזג פון צעבראָכענע שויבן.

אין דעם הויז ווו מיר האָבן געוווינט, וואָראַניע נומער 5, האָט זיך געפונען אַ בראַנפן־מאָנאָפּאָל־קראָם. דאָס געוועלב איז געווען פון די ערשטע צעשטערט צו ווערן.

אין מיטן דער נאַכט איז אויסגעבראָכן אַ שׂרפה. ס׳האָט געברענט די פראָנט־אָפיצינע, אין וועלכער ס׳האָט זיך געפונען דער בראַנפן־מאָנאָפּאָל און דאָס פוילישע שפּייזגעוועלב. די איינוווינערס פון הויז זענען געצוווּנגען געווען צו פאַרלאָזן זייערע וווינונגען בלויז מיט דעם, וואָס זיי האָבן געהאַט אויף זייערע לייבער.

ווען די שׂרפה איז אויסגעבראָכן איז מיין פֿאַמיליע געווען זיכער, אַז אַלץ וועט אַוועק מיטן פֿייער. די פּראָנט־אָפּיצינע, אין וועלכער ס׳האָט זיך געפֿונען דער בראָנפֿן־מאָנאָפּאָל און דאָס גרויסע פּוילישע שפּייזגעוועלב, איז אָפּגעברענט געוואָרן ממש אין מינוטן. אויך דער אַריינגאַנג צו אונדזער שטוב איז פֿאַרברענט געוואָרן. דאָס פֿייער האָט זיך צום גליק אָפּגעשטעלט האַרט ביי אונדזער וווינונג, בלויז די טיר איז אָפּגעסמאַליעט געוואָרן. מיטן אויפֿגאַנג פֿון טאָג האָבן די שכנים געמאַכט אַ פּראָוויזאָרישן אַריינגאַנג און מיר זענען צוריק אַריין אין אונדזער וווינונג.

דאָס אָפּשטעלן זיך פֿון דער שׂרפה האַרט ביי דער טיר פֿון אונדזער שטוב האָבן די עלטערן און די עלטערע שוועסטער באַטראַכט פֿאַר אַן אויסערגעוויינלעכן נס.

צו אונדז אין שטוב האָבן זיך אַריינגעקליבן די פֿאַמיליעס פֿון די צוויי שכנים, וועמענס וווינונגען ס׳זענען אָפּגעברענט געוואָרן: דער רוס דאַנילאָוו, וועלכער האָט אָנגעפֿירט מיט דער בראָנפֿן־מאָנאָפּאָל־קראָם, און דער פּאָליאַק זאַקשעווסקי, דער אייגנטימער פֿון שפּייזגעוועלב. ס׳איז געווען שרעקלעך ענג און ס׳האָט אויסגעפֿעלט שפּייז און וואַסער. דעם צווייטן טאָג האָבן די עלטערן, די שכנים און די עלטערע קינדער בוכשטעבלעך געהונגערט. ערשט אויפֿן דריטן טאָג האָט זיך דעם פּאָליאַק זאַקשעווסקי איינגעגעבן צו ברענגען אַ ביסל געבעקס און אַן עמער מיט וואַסער, און די יידישע שכנה, חיה רחל קאָגוט, האָט אַריינגעשיקט אַ טאָפּ מיט געקעכטס. די עלטערן מיינע האָבן דערלויבט די קינדער צו געניסן פֿון דעם געקאָכטן עסן, אָבער אַליין נישט טועם געווען צוליב אַ חשש פֿון כּשרות.

ערשט אויפֿן פֿערטן טאָג האָבן זיך באַוויזן מיליטער־פּאַטרולן אויף די גאַסן און דאָס לעבן האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו נאָרמירן. אויך מיין שוועסטערביילע האָט זיך בשלום אומגעקערט.

אין משך פֿון יאָרן האָט מען אין די וואַרשעווער שטובן דערציילט און איבער־דערציילט פֿאַרשיידענע מעשׂיות וועגן די „שוואַרצע דריי טעג". אויך אין אונדזער שטוב איז דאָס געווען אַן אָפֿטע טעמע, באַזונדערס וועגן דעם גרויסן נס, דאָס אָפּשטעלן זיך פֿון פֿייער האַרט ביי אונדזער וווינונג.

ביי מיר זענען „די שוואַרצע דריי טעג" געווען מיין ערשטע גרויסע סאָציאַלע דערפֿאַרונג.

דאָס אַריינעמען נאָך דער שׂרפה די רוסישע און פּוילישע פֿאַמיליעס אין אונדזער שטוב, אין דעם אין כּשרות אָפּגעהיטענעם הויז, איז געווען פֿאַר מיר, אין מיינע שפּעטערדיקע יאָרן, אַ גוטע לעקציע און אַ לעבעדיקער באַווייז פֿון דער נויט־ווענדיקייט און פֿון דער מעגלעכקייט פֿון פֿריינדשאַפֿט און צוזאַמענלעבן פֿון פֿעלקער.

# אין אַ טויטגעפאַר

דער מאַרקפּלאַץ אין וואַרשע, צווישן די גאַסן וואָרניע און מיעדזשאַנע, האָט געהייסן „פּלאַץ וויטקאָווסקעגאָ". ייִדן האָבן דאָס אָרט גערופן — דער נייער גזשיבאָוו".

איידער די האַלעס זענען אויפגעבויט געוואָרן, איז דער מאַרקפּלאַץ געווען אַן אידעאַלער זאַמלפּונקט פאַר גרויסע מיטינגען און פאַרזאַמלונגען, און פאַר דער פאַרמירונג פון עפנטלעכע דעמאָנסטראַציעס.

אַרום דעם פּלאַץ וויטקאָווסקעגאָ האָבן זיך געפונען אַ ריי גרויסע מעטאַל־פאַבריקן: באַרמאַן און שווערע, האַנטקע, די באַנוואַרשטאַטן, דער דעפּאָ פאַר אַנלאָדן און אויסלאָדן פּראַכטוואַגאָנען און אַ צאָל קלענערע פאַבריקן און וואַרשטאַטן. בעת מאַסן־מיטינגען און דעמאָנסטראַציעס פלעגן די אַרבעטער קומען פון זייערע אַרבעטספּלעצער און זיך פאַרזאַמלען אויף דעם דערמאָנטן מאַרקפּלאַץ.

פון דעם פּלאַץ וויטקאָווסקעגאָ האָבן זיך אין די רעוואָלוציע־יאָרן פון 1905 געצויגן גאַסן־דעמאָנסטראַציעס אין צענטער פון שטאָט, מאַרשירט דורך דער וואָרניע־גאַס, איינגעזאַפּט אין זיך די אַרבעטער פון נאָרבלינס מעטאַל־פאַבריק, פון דער גרויסער פאַראָווער מיל און פון די קלענערע פאַבריקן און וואַרשטאַטן. ביי דער כלאָדנע־גאַס פלעגן זיי זיך פאַראייניקן מיט די דעמאָנסטראַציעס, וואָס זענען געקומען פון דעם אַרבעטער־קוואַרטאַל וואָליע און פון וואָליער אומגעגנט.

אין איינעם אַ זומער־פאַרנאַכט בין איך מיט מיין חבר אַברהמל גרינגלאַס געגאַנגען אַהיים פון חדר. מיר האָבן געהאַט מיט זיך די קליינע גמרות, אין וועלכע מיר האָבן געלערנט. ביים ראָג פאַנסקע און וואָרניע האָבן מיר געדאַרפט אַריבערגיין די גאַס. דער אַריבערגאַנג איז געווען בלאָקירט. הונדערטער אַרבעטער האָבן מאַרשירט מיט צעוויקלטע פענער און מיטן געזאַנג פון „נאַ באַריקאַדי". מיר האָבן אויסגענוצט אַ שפּאַרונע און זיך דורכגעשלייכט דורך די מאַניפעסטירנדיקע.

אַברהמל גרינגלאַס האָט באַוויזן אַריינצוגיין צו זיך אין הויז. מיר איז געבליבן נישט מער ווי עטלעכע שפּאַן צו מיין הים. פּלוצעם האָבן זיך מיט שטורעם אַריינגעריסן קאָזאַקן אויף פערד און מיליטער מיט די באַגנעטן אויף די ביקסן און דורכגעפירט אַ שחיטה אויף די דעמאָנסטראַנטן.

אַרום מיר זענען געפאַלן מענטשן, טויטע און פאַרוווּנדיקטע. דאָס זען די קאָלאָזשעס בלוט האָט מיך געמאַכט איבלדיק צום ברעכן. כ'בין געשטאַנען אָנגעשפּאַרט ביי אַ וואַנט, די גמרא צוגעדריקט צו מיין האַרץ און צו מיין פּנים ווי אַ פּאַנצער, וואָס דאַרף מיך באַשיצן.

ראַפּטעם איז פאַר מיר אויסגעוואַקסן אַ יונג אָפיצירל מיט אַ פּיסטאָלעט אין איין האַנט און אַן אַראַפּניק אין דער צווייטער. ער האָט אַרויסגעריסן פון מיר די

גמרא, דערלאַנגט מיטן אַראָפּניק און געשריגן. דאָס איינציקע וואָרט וואָס כ'האָב פֿאַרשטאַנען איז געווען „רעביאָנאָק". דאָס אָפּיצירל האָט אַן עפּן געטאָן די גמרא און זיין אויג איז משמעות געפֿאַלן אויף די רוסישע ווערטער „דאַזוואָליאָנאָ צענזוראָיו". מיט שרעק האָב איך אים אָנגעוויזן אויפֿן צווייטן הויז. פֿון מיינע העוויות האָט ער וואַרשיינלעך פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דאָס הויז אין וועלכן איך וווין. דאָס אָפּיצירל האָט מיך אָנגענומען פֿאַר אַ האַנט, מיטגעגאַנגען מיט מיר די פּאָר שריט און מיר געהאָלפֿן אַרויפֿקריכן אויפֿן באַרג ברוכוואַרג, וואָס איז געווען אָנגעהויפֿט זינט דער שׂרפֿה פֿון די „שוואַרצע דריי טעג". איך בין פֿון באַרג אַראָפּגעשפּרונגען אין הויף פֿון מיין היים, מיט די לעצטע כּוחות זיך אַריינגעקריגן אין שטוב און אַוועקגעחלשט.

אין דעם ערשטן שבת נאָך דער דאָזיקער פּאַסירונג האָט דער טאַטע געבענטשט גומל צוליב דעם זונס ניצול ווערן.

יאָרן לאַנג האָט מיך פֿאַרפֿאָלגט די סצענע פֿון דער מאַסאַקרע אויף די דעמאָנסטרירנדיקע אַרבעטער אויף דער וורא̈ניע־גאַס אינעם רעוואָלוציע־יאָר 1905–6. דאָס געזיכט פֿון דעם יונגן אָפּיציר האָב איך געזען אין שלאָף און אויף דער וואַך, געזען זיין מאַסקע פֿון צאָרן און האַס, ווען ער איז געשטאַנען לעבן מיר מיט זיין פּיסטאָלעט און נאַגייקע, און זיין צעשמייכלט פּנים, ווען ער האָט מיך געפֿירט צו מיין הויז.

אין מיינע רייפֿערע יאָרן איז דער יונגער אָפּיציר געוואָרן פֿאַר מיר אַן אָביעקט פֿאַר פֿאַרטראַכטונגען, ממש אַ פּראָבלעם: ווען אייגנטלעך איז דער יונגער אָפּיציר געווען מיט זיך: אין דעם מאָמענט פֿון האַס, אָדער אין דעם מאָמענט ווען ער האָט געהאָלפֿן דעם אומבאַהאָלפֿענעם יונגן ייִנגל.

און אַזעלכע טראַכטונגען זענען נוגע געווען אויך לגבי אַנדערע: פֿריינד און קעגנערס, חברים און שונאים. ס'האָט זיך פֿאַר מיר געשטעלט דאָס פּראָבלעם, ווען אייגנטלעך איז דער יעניקער געווען מיט זיך: אין די מאָמענטן פֿון שׂנאה, אָדער אין די מאָמענטן פֿון פֿריינדשאַפֿט און ליבע.

די איבערלעבונג און די דערפֿאַרונג בעת מיין בייוווינען די שחיטה איבער די דעמאָנסטרירנדיקע אַרבעטער איז געוואָרן אַ סטימול אין מיין סאָציאַלן און פּאָליטישן דענקען, און אין דער פֿאָרמירונג פֿון מיין רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישער וועלט־אַנשויונג.

# די הויזשוץ־קאָמיטעטן

דאָס געשפּענסט פון אַ פּאָגראָם אויף יידן האָט געהויערט אויף דער שטאָט וואַרשע. יידן האָבן געלעבט אין טויטשרעק, מורא געהאַט ס׳זאָל אין וואַרשע נישט געשען דאָס זעלבע וואָס אין ביאַליסטאָק און אין דעם נאָענטן שעדלעץ: אַ פּאָגראָם, אָרגאַניזירט און אָנגעפירט פון צאַרישע מלוכה־באַאַמטע, מיט דער הילף פון פּאָליציי און מיליטער, און מיט די אָרטיקע און נישט־אָרטיקע כוליגאַנעס.

פאַרשיידענע קלאַנגען האָבן קורסירט אַן אויפהער: ס׳וועלן קומען כוליגאַנעס פון רוסלאַנד, זיי זענען איינקוואַרטירט אין וואַגאָנען הינטער וואַרשע, מ׳האָט זיי שוין געזען אין שטאָט. שטאַרק פאַרשפּרייט איז געווען אַ ידיעה, אַז דער גענעראַל־גובערנאַטאָר סקאַלאָן האָט אַרויסגעוואָרפן פון זיין אויפנאַם־קאַבינעט דעם יידישן שתדלן ר׳ יואל וועגמייסטער ווען ער איז געקומען בעטן דעם גובערנאַטאָר ער זאָל אָננעמען מיטלען צו באַשיצן די יידישע באַפעלקערונג פון אַ פּאָגראָם. מיט אימה האָבן יידן צווישן זיך גערעדט וועגן דעם מעגלעכן פּאָגראָם: גערעדט אין די שטובן, אין געזעמלען אין די הייף און אויפן גאַס, אין די שולן, אין די חסידים־שטיבלעך און אין די בתי־מדרשים. גערעדט וועגן דעם האָבן אַפילו די ייִנגלעך אין די חדרים.

צום גליק האָט די פּוילישע באַפעלקערונג באַצייטנס זיך געשטעלט אין שוץ פון די יידן. ס׳איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַן עפעקטיווער שוצסיסטעם מיט דער באַטייליקונג פון די איינוווינערס פון שטאָט — פּאָליאַקן און יידן. ס׳זענען געשאַפן געוואָרן הויזשוץ־קאָמיטעטן און אַ מיליץ פון די איינוווינערס, וועלכע האָבן אין די נעכט באַוואַכט די הייף און די טויערן. די הויז־קאָמיטעטן זענען פאַרבונדן געווען מיט אַ גאַסן־קאָמיטעט, וועלכער האָט פּאַטרולירט די גאַס פון איין ראָג צום צווייטן. די גאַסן־קאָמיטעטן זענען געווען פאַרבונדן מיט אַ ראַיאָן־קאָמיטעט, און וואַרשיינלעך האָט אויך עקסיסטירט אַ צענטראַלע אָנפירונג.

אויף אַ פאַרשיידנאַרטיקן אופן זענען די שוץ־קאָמיטעטן און די מיליץ געווען באַוואָפנט: מיט מעסערס, אייזנס, לאָמען, העק, לאָפּעטעס און מיט גראָבע הילצערנע שטעקנס, מאַנכע אויך מיט הייס געווער. אין די שטובן האָבן זיך געקאָכט טעפּ מיט הייס וואַסער, וואָס האָבן אין אַ נויטפאַל געדאַרפן דינען ווי אַ וואָפן.

אויף דאָס הויז, ווו מיר האָבן געוווינט, וואָראַניע נומער 5, האָט געהאַט איר הויזשוץ־קאָמיטעט און מיליץ, אין וועלכע ס׳האָבן אָנטייל גענומען אַלע איינוווינערס פון הויז. מיין פאָטער איז, פאַרשטייט זיך, אויך געווען איינער פון די „באַשיצערס״. דאָס קאַלטע געווער האָט יעדער נאַכט צוגעשטעלט די אייגנטימערין פון דעם גרויסן אייזנוואַרג־געוועלב, די פרוי קאָגוט.

די וואַרשעווער הייזער זענען געווען גוטע פאַרטיידיקונג־פלעצער קעגן אַן אויסערלעכן אָנגריף. די מערסטע זענען געבויט געווען פירקאַנטיק מיט העכערע שטאָקן און זענען פאַרזען געווען מיט שטאַרקע טויערן. דאָס הויז ווו מיר האָבן

געוווינט איז פון פּאַרטיידיקונג־שטאַנדפּונקט געווען כּמעט שוצלאָז. כּדי צו קענען ווי געהעריק באַשיצן דאָס הויז זענען רעגלמעסיק צוגעשיקט געוואָרן פאַרשטאַר־קונגען פון אַנדערע שוץ־קאָמיטעטן. אויך פון דער פאַרצווייגטער פאַמיליע קאָגוט זענען געקומען משפּחה־מענטשן העלפן באַשיצן דאָס הויז, אין וועלכער זייער מומע האָט געוווינט.

דאָס כאַראַקטעריסטישע פון די הויזשוץ־קאָמיטעטן און פון דער מיליץ איז באַשטאַנען אין דעם פריינדלעכן צוזאַמענלעבן צווישן די פּוילישע און יידישע אַנטיילנעמערס: די טאָלעראַנץ און דאָס גרייט זיין מקריב צו זיין זיך איינער פאַר דעם אַנדערן און די קאָלעקטיווע פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

צוויי סצענעס טויכן אויף אין מיין זכּרון:

— אין איינעם אַן אָוונט האָבן די פּאַטרולירערס געלאָזט וויסן מ׳זאָל גרייט זיין צו אַ צוזאַמענשטויס און ס׳איז נייטיק צו פאַרנעמען אַ קאַמף־פּאָזיציע. אַלע איינ־וווינערס פון הויז זענען גלייך מאָביליזירט געוואָרן. גראָד איז דער פאָטער מיינער אין דעם אָוונט געווען אין דער הויזוואַך און אויטאָמאַטיש געדאַרפט פאַרנעמען אַן אָרט אויף דער קאַמף־פּאָזיציע. נאָך אַ קורצער באַראַטונג האָבן די איינוווינערס פון הויז איינשטימיק באַשלאָסן אַז דער פאָטער מיינער זאָל זיך צוריקציִען אין אַריערגאַרד, ווייל מיט זיין קליידונג און לאַנגער באָרד וועט ער ווערן דער צילפּונקט פון די כוליגאַנישע אָנפאַלערס.

— אין אַ שבת צו נאַכטס, אַרום 12 אַ זייגער, האָבן די פּוילישע שכנים אַרויס־געבערענגט פאַר די וואַכלייט אַ הייסן טרונק און אַן איבערבייס. מ׳האָט אויך דעם טאַטן מכבד געווען. דער טאַטע האָט נאַטירלעך דעם כּיבוד נישט אָנגענומען. די פּוילישע אַנטיילנעמערס אין דער שוצוואַך זענען געווען געפּלעפט און שאָקירט פון מיין פאָטערס אָפּזאָג. איינער פון דער קאָגוט־משפּחה האָט אויפגעקלערט די רעליגיעזע מאָטיוון וואָס באַוועגן מיין פאָטער נישט צו געניסן פונעם געמיינזאַמען כּיבוד. די פּוילישע אַנטיילנעמערס פון דער וואַך האָבן באַשלאָסן צו שיקן צוויי מענטשן אין דעם יידישן טייהויז אויף פּלאַץ וויטקאָווסקעגאָ און ברענגען אין אונדזערע כּשרע כּלים טיי מיט אַ צובייס פאַרן טאַטן, און כּדי דער פאָטער מיינער זאָל זיין פולשטענדיק זיכער, אַז דאָס געבראַכטע איז אויסער יעדן חשש, זאָל איינער פון די שליחים זיין אַ ייִד און אויך איך זאָל מיטגיין פאַר אַן עדות.

אַ דאַנק מיינע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן, דאָס פאַרברענגען אין די תּפיסות און מיין טעטיקייט אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן, האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט קענען צו לערנען דאָס לעבן פון פּוילישן פאָלק, פון אַלע זיינע שיכטן און גרופּן, און פון די פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע פאַרמאַציעס, וואָס האָבן אין דעם פּוילישן פאָלק געווירקט.

כ׳האָב זיך אָנגעטראָפן מיט דער פּלאָג פון אַנטיסעמיטיזם אין זיינע כּלערליי

פאַרמען: עקאָנאָמישן, פאָליטישן, זאָאָלאָגישן און „פראָגרעסיוון", מיט אַ באַוווּסט־זיניקן און אַן עמאָציאָנעלן, באַגעגנט זיך מיט אַנטיסעמיטישע טענדענצן און מיט אַנטיסעמיטיש־געשטימטע יחידים אויך אין דער רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, אַפילו אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג פון פוילן — אָבער אויך מיט אַ סך ריינעם, לויטערן און עכטן אינטערנאַציאָנאַליזם, מיט אמתן און עכטן פראַטערנאַליזם, פריינדשאַפט און קעגנזייטיקער הילף צווישן דער פוילישער און יידישער באַפעלקערונג; פון גרופּן און פון יחידים מצד די צוויי פעלקער, פון פוילישן און יידישן, וועלכע האָבן אין משך פון טויזנט יאָר באַוווינט און באַפרוכפּערט די געמיינזאַמע ערד פון פוילן.

אין מיינע מעמואַרן וועט מיר נאָך אויסקומען צו דערציילן וועגן דעם גוטן און וועגן דעם שלעכטן אין דעם פוילישן פאָלקסטום. איך וויל איצט בלויז פאַרציי־כענען, אַז די קעגנזייטיקע פריינדלעכע באַציִונגען צווישן די אַנטיילנעמערס אין די הויזשויץ־קאָמיטעטן און אין דער מיליץ אינעם רעוואָלוציע־יאָר 1905–6, וואָס כ׳האָב אָבסערווירט אין מיין פריִעסטער יוגנט, האָט געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע אין דער פאָרמירונג פון מיינע איינשטעלונגען און אין מיינע געפילן פאַר פעלקער־פריינדשאַפט און פעלקער־פאַרברידערונג.

## די שטוב

די עלטערן מיינע זענען געווען ערלעכע און פרומע מענטשן — דער טאַטע אַ חסיד, די מאַמע אַ חסידישע טאָכטער — אָבער אָרעמע, זייער אָרעמע.

אין אונדזער הויז איז די נויט געווען אַ בן־בית, זי האָט זיך איינגעגריזשעט אין אונדזער שטוב. מער ווי אַ האַלב גלאָז מילך אַ טאָג אין זומער האָט קיין שום קינד, אַפילו איך, דער עלטסטער זון, דאָס חדר־ייִנגל, נישט געקריגן. אַ פערטל גלאָז סמעטענע זומערצייט איז געווען אַ לוקסוס.

פאַר אַ פאַמיליע פון 11–12 פערזאָן האָט די מאַמע אויף שבת געקויפט אַנדערט־האַלבן פונט פלייש, אַ מאָל אויך אַ ביסל דרויב פון עופות. אַ לעקעטש איז זומער געווען דער פיש אויף שבת, אַ מאָל אויך אַ העכטל אָדער אַן אָפּגעשטאַנען קאַרפּל. ווינטערצייט האָט מען בעיקר געניצט קליינע פישעלעך, „סטינקעס".

ברויט האָט מען געקויפט שיטקאָווע, אַ געמיש פון ראָזשאָווע און ווייסן קאָרנמעל, און נעכטיקס. פריש ברויט עסט זיך אויף צו שנעל. איך, דאָס חדר־ייִנגל, פלעג זומערצייט מיטקריגן אין חדר אַריין צוויי בייגל אָדער אַ פלעצל. בלויז אויף שבת פלעגט די מאַמע, חוץ דריי קליינע חלות, אויך קויפן ווייס קאָרנברויט.

זעלטן האָט מען ביי אונדז אין שטוב געטרונקען קאַווע. אויף אָנבייסן האָט מען געטרונקען ציקאָריע.

דאָס געקעכטס אין מיטן דער וואָך איז באַשטאַנען פון אַן „אָנגעברענטער" זופּ, אַ קרופּניק, באָבעלעך מיט קליסקעלעך, אָדער אַ „דזשאַדע־באַבע" — עטוואָס רייז געמישט מיט מעל. אַלע עסנס זענען געווען גערייכערט: אַ צעשניטענע ציבעלע, געפּרעגלט מיט אַ לויט רינדערן שמאַלץ. אַ יום־טוב איז געווען ווען מען האָט געקאָכט קאַרטאָפל מיט גערייכערטע לעבער, אָדער אַ „קאַפּושניאַק": אַ קרויטבאָרשט מיט קאַרטאָפל, וואָס איז געקאָכט געוואָרן אויף זיס, ווי מ'קאָכט אין שמחת־תורה.

איז די מאַמע געווען ברווח אין געלט, פלעגט זי זיך פאַרגינען צו קויפן אַ פערציקסטל בראָנפן 56קער אויף שבת, אָדער אַן אַכטל וויסאָצקיס טיי.

ווינטער האָט די נויט צוגעקריגן אַ חוצפּהדיקן שותּף — הונגער.

ווינטערצייט פלעגט גאַנץ אָפט אויספעלן אַ טרוקן שטיקל ברויט. נישט איין מאָל פלעגט אַ שוועסטער לויפן נאָך עלף אַ זייגער ביי נאַכט זוכן אַ ברויט פאַר דעם געלט, וואָס איינע פון די עלטערע שוועסטער האָט געבראַכט, און די עלטערן און די קינדער האָבן איבערגעביסן נאָך אַ טאָג הונגער. נישט איין מאָל, ווינטערצייט, האָט דער טאַטע געמאַכט קידוש איבער אַ ברייטל און דאָס „פליייש און פיש" איז באַשטאַנען פון אַ שטיקל הערינג.

פריילעך אין שטוב איז געווען חנוכּה־צייט, ווען מ'האָט אויסגעלאָזט געבדזונ־שמאַלץ אויף פּסח און מען האָט געקאָכט פּיזעס מיט געבדזענע גריוון. פון וואַנען ס'האָט זיך חנוכּה־צייט געיאָוועט אין שטוב אַ שיינע פּאָר פונט געבדזונשמאַלץ — ווייס איך נישט. וואַרשיינלעך איז דאָס געווען אַ מתּנה פון איינע פון מיינע מומעס: פון דעם טאַטנס שוועסטער שיפרה, די גבירטע, אָדער פון דער מאַמעס שוועסטער פייגע, פון דעם שטעטל גריצע.

די מאַמע האָט געהאַלטן פאַסאַן. די שכנים האָבן קיין מאָל נישט געוווּסט וואָס ס'טוט זיך ביי אונדז אין שטוב. נישט איין מאָל האָבן זיך פרייטיק אויף דער קיכ־פליטע געקאָכט טעפּלעך מיט וואַסער, אַ מאָל מיט אַ ביסל פאַרבראָקעכטס, מ'זאָל מיינען, אַז ס'קאָכן זיך געקעכטסן.

חיונה האָבן די עלטערן געצויגן פון אַ סאָדע־וואַסער־פאַבריקל און פון אַ סאָדע־וואַסער־געוועלבל. דער טאַטע פלעגט אַליין דרייען דאָס ראָד פון דער סאָדע־וואַסער־מאַשין און אָנפילן די קופערנע באַלאָנען, אָדער אָנצאַפּן פון אַ באַטלע מיט גאַז די גלעזערנע סיפאָנען. ער פלעגט טראָגן אויף זיינע אַקסלען אָדער פירן מיט אַ האַנטוועגעלע די באַלאָנען און די סיפאָנען צו די קונים. די מאַמע איז געווען די געשעפטס־פירערין.

אַ ריי יאָרן האָט ביי מיינע עלטערן אין די הייסע זומער־חדשים געאַרבעט אַ פּוילישער אַרבעטער, אַנטאַש. געקריגן האָט ער 75 קאָפּיקעס אַ טאָג און פון די קונים „נאַ פּיוואָ".

פון אַרום סוכּות פלעגן די גרעסערע באַלאָנען, — די הונדערטער, אַכציקער, און די מערסטע פון די זעכציקער — אַוועקוואַנדערן אין די לאָמבאַרדן, פאַרזעצט ווערן אויף אַ היכּן פּראָצענט, און פאַר דעם געבאָרגטן געלט איז געצאָלט געוואָרן דאָס דירה־געלט, אָדער פאַרנוצט געוואָרן אויף עסן. פאַר פּסח האָט מען די באַלאָנען געדאַרפט אויסלייזן פון לאָמבאַרד, כּדי צו האָבן מיט וואָס צו אָפּעררירן.

דאָס אויסלייזן די באַלאָנען איז געווען דער מאַמעס אויפגאַבע. זי איז געווען די, וואָס האָט געמוזט שאַפן דאָס געלט, זיך משתדל זיין פאַר אַ הלוואה ביי דעם טאַטנס חסידים, אָדער גיין בעטן די מומע שיפרה, זי זאָל איר העלפן אויסלייזן די באַלאָנען. די מאַמע האָט מער געליטן פון דער חרפּה פון בעטן דאָס געלט צו קענען באַצאָלן די לאָמבאַרדן, ווי זי האָט געליטן פון הונגער.

דער דלות אין אונדזער שטוב איז געווען אַן „אַריסטאָקראַטישער". נאָך איצט, ווען כ'שרייב די שורות, נעמט מיך דורך אַ סקרוך איבערן לייב ווען איך דערמאָן זיך וועגן דער נויט אין אונדזער שטוב.

אָפּט מאָל באַפאַלט מיך אַ חשק אויסצופּרוּוון די פעדער און צו שילדערן דעם דלות, די נויט און דעם הונגער אין אונדזער הויז, און דער מאַמעס האַלטונג און ראָלע אין די מאָמענטן פון ביטערע נויטפאַלן. ס'פלעגט זיך מיר דאַכטן, אַז די איבערלעבענישן אין אונדזער שטוב האָבן אין זיך מער דראַמאַטישן שטאָף ווי קנוט האַמסונס „הונגער". איך בין אָבער קיין מאָל נישט געגאַרט געווען וועגן די כּוחות פון מיין פעדער און געוווּסט, אַז איך פאַרמאָג נישט דעם טאַלאַנט, וואָס ס'איז נייטיק פאַר אַזעלכע שילדערונגען.

וואָס איך וויל יאָ זאָגן, איז אָט וואָס: פון די פאַרהעלטענישן אין אונדזער שטוב האָב איך געלערנט צו פאַרבאָרגן פאַר אַ פרעמד אויג מיינע פּערזענלעכע נויטן.

## דער טאַטע

דער טאַטע איז געווען אַ שווייגער, אַ פאַרביסענער שווייגער. זעלטן ווען האָט מען אין שטוב אים געהערט אויסרעדן אַ וואָרט. ער פלעגט זיך אויפמערקזאַם צוהערן צו די געשפּרעכן אין הויז, אָבער זעלטן זיך אַריינמישן. האָט ער זיך שוין יאָ אָפּגערופן, זענען זיינע ווערטער געווען געציילטע און וואָגיקע. אָפּט מאָל טראַציק, ביטער און גאַליק.

געווען איז דער פאָטער מיינער אַ קאָלושינער חסיד, אָבער אַן אייגנאַרטיקער חסיד, אויסגעטיילט פון די אַנדערע חסידים מיט זיין אויפפירונג און שטייגער.

אַ מיטלוויקסיקער, אַ ברייטלעך פּנים, אַ היכער למדנישער שטערן, אַ ברייטע און לענגלעכע בלאָנד־געלבלעכע באָרד, אַן עטוואָס איינגעבויגענער, אַ נאַכלעסיקער,

אַ קנאַפּער מקפּיד אויף זיין קליידונג, אַן איינגעשלאָסענער אין זיך, זעלטן עקזאַל־טירט און זעלטן אַרויסגעוויזן אויסערלעכע התלהבות.

געדאַוונט שטיל, געשטאַנען גלייך און באַדאַכט, נישט געשאָקלט זיך און נישט געמאַכט קיין העוויות, און געמאַכט נאָר די נייטיקע באַוועגונגען, וואָס די תּפילות פאַרלאַנגען.

שטיל איז אויך געווען מיין טאַטנס אופן פון לערנען. מ׳האָט זעלטן געהערט, ער זאָל פאַרציִען אַ הויכן טאָן פונעם גמרא־ניגון. דאָס איינציקע, וואָס דער טאַטע האָט הויך געזאָגט, און מיט אַ געהעכערטן זינגזאַנג — איז געווען דאָס מעביר זיין די סדרה.

אויך מיטן חסידישן שטייגער האָט דער טאַטע זיך אויסגעטיילט. נישט געפּראַ־וועט קיין חסידישע שטיק, נישט געשטופּט זיך און נישט געכאַפּט קיין שיריים פון רבינס טיש. אַפילו אַ ריקודל האָט דער טאַטע געטאַנצט געלאַסענער ווי זיינע חסידישע מיטטענצער.

אויסגעמיטן האָט דער פאָטער מיינער שמועסן און וויכּוחים אויף תּלמודישע און רעליגיעזע טעמעס. נישט די חסידים פון זיין חסידים־שטיבל און נישט די חסידים און דאַוונערס פון קליינעם בית־המדרש אויף פּלאַץ וויטקאָווסקעגאָ 4, וווּ דער טאַטע פלעגט אין די ווינטער־חדשים, ווען ער האָט געהאַט אַ סך צייט, זיצן אין דער וואַרעמקייט און לערנען, האָבן אים געקענט באַוועגן אָנטיילצונעמען אין זייערע שמועסן און אַמפּערייען.

האָט אים אָבער ווער עפּעס געפרעגט, געבעטן געבן צו פאַרשטיין אַ האַרבע שטעל אין דער גמרא, אויפצוקלערן אַ שווערע סוגיה, אָדער גאָר זיך סטאַוויען מיט עפּעס אַ חידושל, דאַן פלעגט דער טאַטע רויק, זאַכלעך, אויף אַ לאַקאָנישן אופן, אין געציילטע ווערטער, אָדער אין געפּרעסטע זאַצן, ענטפערן, פאַרטייטשן און פאַר־ענטפערן, אָפּווענדן אָדער באַשטעטיקן.

ווי אַ גייסטיקער אַריסטאָקראַט, האָט דער טאַטע אויף יעדן אָרט און אין יעדער צייט מיט ווערדע געטראָגן זיינע גייסטיקע ווערטן. זיין איינציקע ליידנשאַפט איז געווען דער פּאַפּיראָס. אַ גוטער פּאַפּיראָס פון דער פירמע נאָבלעס פון וואַרשע, אָדער אַ פּעטערבורגער „פּערווי סאָרט" פון דער פירמע באָגדאַנאָוו, איז געווען מיין פאָטערס עולם־הזה.

אין אַ שפּאַס האָב איך אַ מאָל אַ זאָג געטאָן צום טאַטן: איך ווייס נישט, צי דו ביסט אַ חסידישער מתנגד, אָדער אַ מתנגדישער חסיד.

דער טאַטע האָט געקענט גוט לערנען און געהאַט היתּר־הוראה.

אין דער איבערגעפּאַקטער ספרים־שאַנק האָבן זיך געפונען אַ סך ספרים פון אַ גאָר הויכער מדרגה. דער זיידע, אַליין אַ ייִד אַ למדן, האָט פאַר מיין פאָטערס לערנען געהאַט גרויס אָפּשיי.

אויך די חסידים פון קאַלושינער חסידים־שטיבל, אין וועלכן דער טאַטע האָט געדאַוונט, האָבן פאַר אים געהאַט גרויס דרך־ארץ. נישט געקוקט, וואָס דער טאַטע איז געווען אַן אביון, פלעגט ער פון דעסטוועגן קריגן שיינע און אַפילו פעטע עליות אין די שבתים און די יום־טובים, און אַפילו אין די יומים־נוראים. אין קאָנפליקטן צווישן די חסידים און די גבאים אין זיין חסידים־שטיבל, אָדער צווישן די חסידים גופא, איז מען געקומען צום טאַטן זיך שואל עצה זיין אָדער אים מאַכן פאַר אַ בורר.

אַפילו אין קאַלושינער רבינס הויף האָט מען פאַר מיין פאָטער געהאַט רעס־פעקט. ווען ער האָט זיך אַ מאָל אַראָפּגעכאַפּט אויף ראש־השנה קיין קאַלושין צום רבין, האָט ער אויך דאָרטן געקראָגן אַן עליה און איז פאַררעכנט געווען צו די פריווילעגירטע, וועמענס קינדער דער קאַלושינער רבי האָט פאַרהערט אין לערנען. בײדע מאָל, וואָס דער טאַטע האָט מיך מיטגענומען צום רבין, האָט מיך דער קאַלו־שינער רבי פאַרהערט.

די רעספּעקטפולע באַציִונג און די פריווילעגירטע פּאָזיציע פון מיין פאָטער אין קאַלושינער רבינס הויף, איז נישט געווען קיין רעזולטאַט פון גרויסע פדיונות און נדרים. מיין טאַטנס פדיונות און נדרים האָבן זיך געציילט אין קאָפּיקעס און נישט אין קיין רובלס. וואַרשיינלעך איז דאָס אויך נישט געווען צוליב זכות אָבות (מיין פאָטערס עלטערן זענען געשטאָרבן ווען דער טאַטע איז געווען אַ יונג יינגל און קיינער פון מיין משפחה האָט נישט געקענט אָדער געוווּסט עפּעס נענטערס וועגן מיין פאָטערס עלטערן), נאָר אין זיין אייגענעם זכות.

כ׳בין געווען אַ מאָל אַן עדות בשעת אַ שמועס צווישן מיינע עלטערן. די מאַמע האָט זיך באַקלאָגט אויף איר דאָליע, פאַרגעוואָרפן דעם טאַטן, אַז ער איז שולדיק אין דער שלעכטער מערכה פון דער פאַמיליע. ווען ער ווערט אַ רב, האָט די מאַמע געטענהט, וואָלט אַלץ אַנדערש געווען. מיט ביטערקייט האָט די מאַמע מיינע באַ־מערקט, אַז מיט דער סמיכה וואָס דער טאַטע האָט, וואָלט ער געקענט פאַרנעמען דאָס שענסטע רבנות, און זי האָט אָנגערופן נעמען פון רבנישע גדולים, וואָס האָבן דעם טאַטן געגעבן סמיכה. מיין טאַטנס ענטפער איז געווען אַ שווייגן — אַ פאַרביסן און פאַרביטערט שווייגן.

אַרומגעצוימט האָט זיך דער פאָטער מיינער מיט אַ גדר פון צווײ אויפגאַבעס: טאָן די פיזישע אַרבעט אין דעם סאָדע־וואַסער־פאַבריקל, און לערנען, אַריינקוקן אין אַ ספר צו יעדער צייט און אויף יעדן אָרט. קיין שום אַנדער זאַך האָט אים נישט אינטערעסירט, אָדער ער האָט זיך געמאַכט ווי ס׳וואָלט אים נישט איג־טערעסירט.

איך ווייס נישט, פאַר וואָס מיין פאָטער האָט אויסגעטוישט די מערכה פון אַ רב אויף אַ מעמד פון אַ האַרעפּאַשניק, וועלכער טראָגט אויף זיינע אַקסלען שווער־וואָגיקע קופּערנע באַלאָנען מיט סאָדע־וואַסער און שטופּט אַ שווער אָנגעלאָדענעם האַנטוואָגן מיט קופּערנע באַלאָנען און מיט גלעזערנע סיפאָנען, פריִער ווי אַ

„מענטש" ביי זיין שוואָגער, דעם גרויסן סאָדע־וואַסער־פאַבריקאַנט, און אין משך פון לאַנגע יאָרן פון זיין אייגן פאַבריקל, פון וועלכן מען האָט נישט געקענט אויס־שלאָגן קיין ברויט צו דער זעט.

ייִנגלוויִז האָט דער פאָטער מיינער געלערנט אין דער לאָמזשער ישיבה. ער איז אויך געווען אַ גוטער בעל־חשבון און נישט קיין שלעכטער שאַך־שפּילער. ער האָט געקענט לייענען און וואַרשיינלעך אויך שרייבן רוסיש און פּויליש, אָבער שלעכט געריעדט אויף די דאָזיקע שפּראַכן. ייִדיש און העברעיִש האָט ער געשריבן מיט אַ ווונדערבאַר פּערלדיקן כּתב. טראָץ דעם, וואָס ער איז געווען אַ שטאַרק קורצזיכטיקער און נישט געטראָגן קיין ברילן, געלייענט און געשריבן מיט דער נאָז הארט אויפן פּאַפּיר, אָדער אויפן ספר, אין וועלכע ער פלעגט אַריינקוקן, פלעגט ער פון דעסטוועגן לייענען די קלענסטע פּעטיט־שריפט, וואָס אַנדערע מיט די בעסטע אויגן האָבן נישט געקענט איבערלייענען, און האָט געשריבן ייִדיש און העברעיִש מיט דראָבנינקע אותיות, קלאָר און פּערלדיק, פּאַר יעדן איינעם גרינג צום לייענען.

לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן איז דעם פאָטער מיינעם נישט פרעמד געווען קיין וועלטלעך וויסן. כ'בין אַפילו געניגט צו גלויבן, אַז אין זיינע יונגע יאָרן איז ער געווען געכאַפּט אין דער מעשׂה און געלייענט און געלערנט ספרים חיצוניים.

די השערות, אַז מיין פאָטער איז נישט פרעמד געווען קיין וועלטלעך וויסן, און אַז אין זיינע יונגע יאָרן האָט ער געהאַט אַ צוטריט צו אַפּיקורסישע ביכער, נעם איך פון אַ סך צופעליקייטן, מיט וועלכע איך האָב זיך באַגעגנט.

עטלעכע פּרטים איז כּדאַי צו דערציילן.

— נאָך מיין צוריקקומען פון דייטשלאַנד קיין וואַרשע, זומער 1918, האָב איך אין דער ספרים־שאַנק געזוכט אַן אויפרוף, וואָס דער וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד האָט אַרויסגעגעבן אין צוזאַמענהאַנג מיטן ערשטן מיי־יום־טוב פון 1915, דעם לעצטן בונדישן אויפרוף אין וואַרשע אונטער דער צאַרישער הערשאַפט, וועלכן איך האָב בשעתו געהאַט באַהאַלטן אין איינעם פון די ספרים.

מעטאָדיש און סיסטעמאַטיש האָב איך אין פאַרלויף פון עטלעכע אָוונטן געזוכט אין דער ספרים־שאַנק ביז כ'האָב ענדלעך דעם אויפרוף געפונען. זוכנדיק האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט אַן אוצר פון רעליגיעזע ספרים, און צווישן זיי אַזעלכע, וואָס קענען געלערנט ווערן נאָר פון גרויסע תּלמידי חכמים, דערין אויך וויכטיקע קבלה־ספרים.

צו מיין פאַרוווּנדערונג האָב איך אויך געפונען אַ צאָל ספרים (ספרים צי ביכער — כ'ווייס איצט אַליין נישט ווי דאָס אַנצורופן), וואָס געהערן געוויינטלעך נישט צו דער ספרים־קאָלעקציע פון אַ פרומען און חסידישן ייִדן, ווי דער „מורה נבוכי הזמן" פון נחמן קראָכמאַל, חיבורים פון סלאָנימסקי און סמאָלענסקי, און שירים פון דער שפּאַנישער עפּאָכע.

די דערמאָנטע נעמען און ספרים באַווייזן, גלייב איך, דעם ברייטן פעכער פון מיין

טאַטנס פֿאַראינטערעסירונגען מחוץ דער טעאָלאָגישער און רעליגיעזער ליטעראַטור.

דער שטורעם פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט צעטרייסלט אַ סך פֿונדאַמענטאַלקייטן פֿון יידישן שטייגער לעבן אין די שטעט און שטעטלעך פֿון פּוילן. אויך מיין עלטערנס הויז האָט דער שטורעם נישט אויסגעמיטן. אַפילו מיין מוטער האָט זיך אין די מלחמה־יאָרן אַ סך געענדערט און אָוועקגעקוקט פֿון געוויסע אויפֿפירונגען פֿון אירע קינדער, וועלכע זי וואָלט פֿאַר דער מלחמה בשום אופן נישט טאָלערירט. משמעות, אַז אויך מיין פֿאָטער האָט זיך געפֿילט וויניקער געפּענטעט אין זיינע אויסערלעכע האַנדלונגען און זיך דערלויבט פֿון צייט צו צייט אַריינצוקוקן אין אַ נישט רעליגיעזן ספר.

איך האָב מער נישט קיין מורא געהאַט די מאַמע זאָל פֿאַרניכטן מיינע ביכער און געהאַט אין שטוב אַ גרויס קעסטל מיט גוטע ביכער אין יידיש און אין דייטש, בעיקר פֿון אַ סאָציאָלאָגישן און אַ פֿילאָזאָפֿישן אינהאַלט. איך האָב געהאַט אַ באַרעכטיקטן פֿאַרדאַכט, אַז עמעצער האָט אַ צוטריט צו מיינע ביכער. מיך האָט נאַטירלעך נישט געאַרט, אַז ס׳נעמט ווער ביכער און לייענט זיי. מיך האָט פֿאַראינטריגירט ווער עס קען האָבן אַן אינטערעס צו לייענען אַזאַ סאָרט ביכער. די דריי עלטערע שוועסטער און די צוויי יינגערע ברידער זענען נישט געווען קיין קאָנסומענטן פֿון אַזאַ סאָרט ליטעראַטור, און אויף מיין פֿאָטער האָב איך זיך נישט גערעכט, אַז ער זאָל זיין פֿאַראינטערעסירט אין אַזאַ מין לעקטור. צו יענער צייט בין איך געווען געזעלשאַפֿטלעך צו פֿיל באַשעפֿטיקט, כ׳זאָל זיך ספּעציעל פֿאַרנעמען מיט אַן אויספֿאָרשונג ווער ס׳האָט אַן אינטערעס צו נישטערן אין מיין קעסטל מיט ביכער.

איין מאָל אין אַ ווינטער־אָוונט בין איך אַהיימגעקומען אַ סך פֿריִער ווי געוויינט און נאָך געטראָפֿן די גאַנצע פֿאַמיליע וואַך. דער טאַטע איז געזעסן, ווי זיין געוווינהייט איז געווען, איינגענורעט מיט דער נאָז אויף די בלעטער, וואָס ער האָט געהאַט פֿאַר זיך, און ס׳האָט זיך מיר אויסגעוויזן אַז ער זיצט און לערנט. ווען איך האָב זיך נענטער צוגעקוקט, האָב איך באַמערקט, אַז דער טאַטע לייענט פֿרידריך ענגעלס „אַנטי דירינג״. מיין איבערראַשונג איז געווען אַ דאָפּלטע: דעם טאַטנס לייענען אַזאַ סאָרט בוך, און דאָס לייענען אין גאָטישן דייטש. ווען דער טאַטע האָט דערשפּירט, אַז ער ווערט אָבסערווירט, און אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און מיך באַמערקט, איז זיין ערשטע רעאַקציע געווען ווי ער וואָלט זיך פֿאַר עפּעס פֿאַרשעמט. אָבער זיין הילפֿלאָזיקייט האָט געדויערט נישט מער ווי אַ קורצע ווילע. ער האָט אַרויסגענומען דאָס בענדל, אַריינגעלייגט עס אויף די אָפֿענע זייטלעך, די בלעטער זאָלן זיך נישט פֿאַרמישן, געלאָזט ליגן אָפֿן דאָס בוך און גאַנץ געלאַסן מיך אַ פֿרעג געטאָן: „האָסט דאָס בוך שוין געלייענט?״ „אַוודאי״ — איז געווען מיין ענטפֿער. „דאָס איז דיין נייער מורה־דרך?״ „נישט דער רבי, נאָר איינער פֿון מיינע רביים״ — האָב איך דעם טאַטן צוריקגעענטפֿערט. „דער ענגעלס דיינער איז געווען אַ ייִד צי אַ גוי?״ „נישט קיין ייִד, אַ דייטש״. „נישט קיין נאַרישער גוי געווען״ — און ווי

מיט אַ שאַרפער האַק האָט ער אָפּגעהאַקט דעם שמועס און ווידער אַריינגעגנורעט זיין נאָז אין די בלעטער פון פרידריך ענגעלס „אַנטי דירינג".

— פון דעם פירער פון בונד, יוזעף (י. פאָרטנאָי, נח) האָב איך געהאַט געקריגן אַ מתנה די יידישע אויסגאַבע פון קאַרל מאַרקס' „קאַפּיטאַל". מיטן „קאַפּיטאַל" בין איך שוין געווען אַ ביסל באַקאַנט. נאָך אין דייטשלאַנד האָב איך געגריזשעט די אין דייטש געדרוקטע בלעטלעך פון דעם דאָזיקן ווערק. דאָס קריגן קאַרל מאַרקס' קאַפּיטאַל אין יידיש איז פאַר מיר געווען אַן אמתער אוצר.

בין איך טאַקע געזעסן גאַנצע נעכט און געזוברעוועט. און נישט ווילנדיק געלערנט מאַרקס' „קאַפּיטאַל" אויף דעם זעלבן אופן ווי כ'האָב אין מיינע יינגלשע יאָרן געלערנט אַ שווערע גמרא: געחזרט און איבערגעחזרט, און אונטערגעברומט אַ גמרא־ניגון.

אין איינעם אַ פרימאָרגן, טרינקנדיק די ציקאָריע, וואָס די מוטער מיינע האָט מיר געגעבן יעדן טאָג איידער כ'האָב פאַרלאָזט די שטוב, רופט זיך אָן דער טאַטע צו מיר: „וואָס לערנסטו דאָס אין די נעכט מיט אַזאַ התמדה? ווען דו וואָלסט אַזוי יינגלווייז געלערנט די גמרא, וואָלטסטו אפשר אויך די גמרא געקענט". און ווענדנ־דיק זיך צו דער מאַמען האָט ער פאַרגעזעצט: „מען דאַרף אַ מאָל אַ קוק טאָן און זען, וואָס דיין תכשיט, וואָס וועט נאָך אונדז קיין קדיש מסתמא נישט זאָגן, לערנט דאָס אַזוי געשמאַק".

מיט אַ צייט שפּעטער דערלאַנגט מיר דער טאַטע קאַרל מאַרקס' בוך מיט די ווערטער: „ס'איז נישט פאַר מיר". און מיט אַ שמייכל, וואָס כ'האָב זעלטן געזען אויף מיין פאָטערס פּנים, און מיט אַ געלעכטערל אין קול, וואָס איך האָב אויך זעלטן פון מיין טאַטן געהערט, גיט ער צו מיר אַ זאָג: „ווען דו וואָלטסט מיך איצט פאַרהערט, וואָלט איך מסתמא ביי דיר ערגער אָפּגעשניטן ווי דו האָסט אַ מאָל ביי מיר אָפּגעשניטן ווען איך האָב דיך, להבדיל, פאַרהערט אין לערנען".

מיטן טאַטן האָב איך געהאַט שווערע חשבונות און לאַנגע יאָרן געטראָגן אויף אים אַ שווער האַרץ צוליב זיין האַנדלונג בשעת ער פלעגט מיך פאַרהערן אין לערנען. יעדעס מאָל וואָס ער האָט מיך פאַרהערט, און געווען איז דאָס צוויי, העכסטנס דריי מאָל אַ יאָר, בין איך פונעם פאַרהער אַוועק אַ פאַרשעמטער, אַ באַליידיקטער, און נישט איין מאָל — אַפילו אַן אויסגעפּאַטשטער.

איך האָב נישט געהאַט קיין שלעכטן קאָפּ צום לערנען. אַלע מיינע מלמדים האָבן מיך געהאַלטן פאַר אַ גוטן תלמיד. דער זיידע איז פון מיינע פאַרשריטן אין לערנען געווען זייער צופרידן. ווען דער זיידע פלעגט זיין אין וואַרשע און מיך מיטגענומען אין פורעסאָווער חסידים־שטיבל שבת צו שלוש־סעודות און זיינע חסי־דישע פריינד פלעגן מיך פאַרהערן אין לערנען, האָבן זיי פאַר מיין לערנען געהאַט לויבווערטער.

אָבער נישט דער טאַטע. שוין ביים אָנהייב פון אַ פאַרהער האָב איך געפילט דעם טאַטנס שטורך אין דער זייט און געהערט זיינע שטילע ווי דורך די ציין דורכ־געזייעטע ווערטער: „רעד עברי, נאָר נישט אַפּ, פלי נישט אין די הימלען, פאַרטייטש די גמרא פּראָסט און פשוט״, און ענלעכע באַמערקונגען. זעלטן ווען איז דער פאַר־הער דערפירט געוואָרן צו אַ סוף. אין די מערסטע פאַלן פלעגט מיך דער טאַטע אָפּשטעלן אין מיטן, פאַרמאַכן די גמרא, פאַרשעמט און באַליידיקט, און אויך נישט איין מאָל גוט אויסגעפּאַטשט.

פאַר דער מאַמען מיינער זענען די פאַרהערן געווען פיינלעכע איבערלעבונגען. זי האָט געוווסט די גוטע מיינונגען, וואָס מען האָט וועגן מיין לערנען און נישט געקענט פאַרשטיין די האַנדלונג פון טאַטן לגבי מיר. פאַר איר איז דער טאָג פון מיין פאַרהער ביים טאַטן געווען אַן אמתער תשעה־באָב.

דער פאָטער מיינער איז אויך געווען אַ שאַרפער קריטיקער פון מיין סאָציאַ־ליסטיש־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. נישט וועגן דעם עצם פון דער טעטיקייט, וואָס וואָלט געווען נאַטירלעך פאַר אַ פרומען חסידישן ייִד, נאָר וועגן אופן און ווערט פון מיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. דער טאַטע האָט מיך געהערט צוויי מאָל עפנט־לעך רעדן און ביידע מאָל געהאַט די שאַרפסטע ווערטער וועגן מיינע קוואַליפי־קאַציעס ווי אַ געזעלשאַפטלעכער טוער.

צוויי עפּיזאָדן וועלן דאָס בולטער אילוסטרירן:

— ווינטער 1919 האָט מיין משפחה זיך געקליבן פאָרן אויף אַ קרובישער חתונה קיין גריצע, אַ שטעטל אַרום 30—40 קילאָמעטער פון וואַרשע, און איך האָב צוגע־זאָגט מיטצופאָרן.

די גריצער חברים האָבן זיך פאַרשטענדיקט מיט מיר צו האַלטן ביי זיי אַ רעפעראַט און אויך וועגן דער טעמע פונעם רעפעראַט, און געמאַכט אַלע נויטיקע טעכנישע צוגרייטונגען: געדונגען אַ גרויסן זאַל, געדרוקט און צעקלעפּט אַפישן מיטן טאָג און דער טעמע פון מיין רעפעראַט.

גריצע האָט זיך גערעכנט פאַר אַן אינטעליגענט שטעטל, מיט פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אַ ביבליאָטעק, אַ קולטור־געזעלשאַפט און אָרגאַניזאַציעס פון פאַרשיי־דענע פאַרטייען. דער בונד האָט אין דעם שטעטל געהאַט אַ פיינע פאַרטיי־אָרגאַני־זאַציע מיט גוטע לאָקאַלע טוערס, מיט אייזיק רינקעוויטש בראש. שפּעטער, בעת דער שפּאַלטונג פון בונד, האַרבסט 1921, איז דער רוב פון דער גריצער בונדישער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, מיט איר וויכטיקסטן פירער רינקעוויטש, אַוועק צום קאָמ־בונד און נאָך דער פאַראייניקונג פון קאָמבונד מיט דער קאָמוניסטישער פאַרטיי פון פוילן — אַריבער אין דער קאָמ. פאַרטיי. קיין גריצע זענען אָפט אַראָפּגעקומען רעדן די וויכטיקסטע פירערס און רעדנערס פון אַלע פאַרטייען. מיין רעפעראַט איז געווען מיין ערשטער דעביוט אין דעם דאָזיקן שטעטל.

די טעמע פון מיין רעפעראַט געדענק איך נישט. געוויינטלעך פלעגן אין יענער

צייט די טעמעס פון מיינע רעפעראַטן זיין אַ געמיש פון וויסנשאַפט אָדער פון ליטע־ראַטור און פּאָליטיק. די וויסנשאַפט האָט געדאַרפט באַווייזן די ריכטיקייט און וויכ־טיקייט פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, ראַטנמאַכט וכדומה. די ליטעראַטור — די שיינקייט פון סאָציאַליזם אָדער די העסלעכקייט פון דעם קאַפּיטאַליסטישן פּאָליטישן אוןווירטשאַפט־סיסטעם. איך געדענק, אַז ס'איז געקומען אַ גרויסער עולם פון אַ 4 הונדערט צוהערערס פון אַלע פּאַרטייען, און אַז דער אָפּרוף וועגן מיין רעפעראַט איז געווען אַ גוטער.

געוווּסט האָב איך, אַז ביידע פאַמיליעס, מיינע און די פון גריצע, און אויך געסט פון אַנדערע שטעטלעך, געפינען זיך אין זאַל און הערן זיך צו צו מיין רעפעּ־ראַט. כ'האָב אָבער נישט געוווּסט, אַז אויך מיין פאָטער געפינט זיך אין זאַל און הערט זיך צו אויפמערקזאַם צו דעם, וואָס איך רעד. דאָס איז, אַגב, געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס דער פאָטער מיינער האָט מיך געהערט עפנטלעך רעדן.

ווען איך בין שפּעטער געוווּיר געוואָרן פון פאָטערס באַזוך אויף מיין רעפעראַט, האָב איך אים ביי אַ געלעגנהייט אַ קיבעץ געטאָן: „טאַטע, כ'האָב גוט אָפּגעשניטן, דו האָסט מיך פאַרהערט און איך בין אַרויס מיט גאַנצע ביינער". דער טאַטע האָט מיך מיט זיינע קורצזיכטיקע אויגן אָפּגעמאָסטן ווי גרויס כ'בין און אויף זיין בנעימותדיקן שטיגער געענטפערט, ציילנדיק די ווערטער: „די גמרא האָסטו נישט געקענט, און וועגן דעם וואָס דו רעדסט, ווייסטו אויך נישט קיין סך. דיין דרשה האָט געהאַט אַ סך ווערטער, אָבער קנאַפּע ראיות".

דער צווייטער עפּיזאָד איז פאַרבונדן מיט מיינס אַן אַרויסטריט אויף אַ מיטינג פון דער אַגודת ישראל בעת דער וואַל־קאַמפּאַניע צום וואַרשעווער שטאָטראַט אין 1919.

די טעכנישע וואַל־קאָמיסיע פון בונד, אין וועמענס שפּיץ ס'זענען געשטאַנען דוד מייער און עמנואל נאָוואָגרודסקי, האָט מיך באַאויפטראַגט אַרויסצוטרעטן ווי אַן אָפּאָנענט מצד דעם בונד אויף אַ וואַל־פאַרזאַמלונג פון דער אַגודה.

אין יענער צייט האָבן אינעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פּוילן עקזיס־טיר אַ ריי דעמאָקראַטישע מנהגים, און איינער פון די מנהגים איז געווען דאָס געבן פּאַרטרעטערס פון אַנדערע וואַל־ליסטעס דאָס רעכט אַרויסצוטרעטן ווי אָפּאָנענטן אויף די וואַל־פאַרזאַמלונגען.

איך בין אַוועק אויף דער פאַרזאַמלונג פון דער אגודה אין דער באַגלייטונג פון אַ גרופּע חברים פון בונד ווי שומרים. בראָש פון דער גרופּע איז געשטעלט געוואָרן אהרן האָכבערג, אַן עלטערער בונדיסט נאָך פון די צאַרישע צייטן, אַן אייזנבינדער־אַרבעטער, אַן אַנטוויקלטער אַרבעטער און אַ האַרציקער חבר.

נאָכן דורכבערעכן געוויסע שוועריקייטן מיט די אַגודהשע שומרים ביים אַריינ־גאַנג אין זאַל, איז דער בונדישער דעלעגאַציע צוגעטיילט געוואָרן אַ רעזערווירטער פּלאַץ, פון וועלכן מען האָט געקענט הערן די רעדנערס און אָבסערווירן דעם פאַר־

זאַמלטן עולם. דער מיטינג מיט די טונקעלע לאַנגע קאַפּאָטעס, מיט די ייִדישע היטעלעך און מיט דעם וואַלד פון בערד, האָט זיך מיר אויסגעוויזן ווי אַ געדיכטער דזשונגל, אין וועלכן איך בין אַריינגעפאַלן. געוווּסט האָב איך, אַז אויף דער דאָזיקער פּראָמאָקישער פאַרזאַמלונג וועל איך קיין סך נישט אויפטאָן לטובת דעם בונד, און נאָך אַ באַראַטונג מיט די חברים מיינע, איז באַשלאָסן געוואָרן דאָס מאָל נישט אַריינצוטראָגן קיין רעזאָלוציע צו שטימען פאַרן בונד, נאָר בלויז פאַרענדיקן מיין רעדע מיט אַ רוף נישט צו שטימען פאַר דער אַגודה, נאָר פאַר דער בונדישער ליסטע.

דער מיטינג, ווי אַ סך פאַרזאַמלונגען אין יענער צייט, איז פאָרגעקומען אין דעם חתונה־זאַל אויף נאָוויניאַרסקע 14, וועלכער האָט אַריינגענומען אַ 6—7 הונ־דערט מענטשן. דער זאַל איז געווען איבערגעפּאַקט, דער פּאָדיום — באַזעצט פון די פּני פון דער אַגודה: טראַקענהיים, געלברון, באַקאַנטע וואַרשעווער מורה־הוראות מיט דעם רב פאָזנער בראָש.

מיין רעדע פון די פופצן מינוט, וואָס זענען מיר צוגעטיילט געוואָרן ווי אַן אָפּאָנענט, האָב איך אָנגעהויבן מיט אַ גאַלאָפּ אויף דעם אַנטי־מלחמה־פּערדל: וועגן די ליידן און קרבנות פון מלחמות, און ספּעציעל פון דער לעצטער נישט לאַנג פאַרענדיקטער ערשטער וועלט־מלחמה.

אין יענער צייט איז די מלחמה־טעמע געווען מיינס אַ פּערדל, אויף וועלכן כ׳בין געריטן זיכער אויף די מאַסן־פאַרזאַמלונגען און כ׳האָב פאַרויס געוווּסט, אַז ס׳וועט ברענגען געהעריקע רעזולטאַטן. איך האָב נאָר געדאַרפט צופּאַסן די שפּראַך פאַר דעם געגעבענעם עולם צוהערערס.

אויך אויף דער דערמאָנטער אַגודה־פאַרזאַמלונג איז דאָס מלחמה־פּערדל גע־לאָפן מיט אַ גוטן אַגיטאַציאָנעלן עפעקט. כ׳האָב געפילט, אַז ס׳זענען גערירט געוואָרן די הערצער פון די פאַרזאַמלטע פרומע ייִדן און געזען די צושטימיקייט פון די צוהערערס דורך זייער צושאָקלען מיט די קעפּ און דורך די כאַראַקטעריס־טישע חסידישע העוויות. די גאַנצע צייט, וואָס כ׳האָב גערעדט אויף דער מלחמה־טעמע, האָט אין זאַל און אויך אויף דער טריבונע געהערשט אַ שטילקייט, וואָס ס׳איז זעלטן צו טרעפן אויף אַ צוזאַמענקונפט פון אַ גרעסערער צאָל חסידישע ייִדן.

דאָס רעכטע־געדעכטע האָט זיך אָנגעהויבן ווען איך בין אַריבער צו אַטאַקירן די אַגודה, צו רעדן קעגן די רבישע דינאַסטיעס, קעגן די לאָטעריע־ און בראָנפן־געשעפטן, קעגן דער קלעריקאַל־רעאַקציאָנערער פּאָליטיק, וואָס די אַגודת ישׂראל וויל אָנוואַרפן די ייִדישע פאָלקסמאַסן.

ס׳האָט זיך אויפגעהויבן אַ ויצעקו. דער געפילדער און די געשרייען זענען גע־גאַנגען ביזן הימל. אויף מיין אַדרעס האָט זיך אַ שאָט געטאָן אַ האָגל מיט זלזולים: שייגעץ, לאַבוז, מחוצף, עזות־פּנימניק, ירבעם בן נבט, און אַ סך אַנדערע. אויך קיין קללות האָבן נישט געפעלט. ס׳האָבן אויך נישט געפעלט קיין געשרייען, מען זאָל מיך אַרויסוואַרפן. איינער אַ צעהיצטער יונגערמאַן האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו מיר

מיט אַ גאַרטל אין זיין צעפּויסטער האַנט און געשריגן, אַז מען דאַרף מיך אויפן אָרט דורסן. מיינע חברים האָבן נאַטירלעך אויך נישט געשוויגן. די מהומה איז מיט יעדער מינוט גרעסער געוואָרן.

איך האָב די פירערס פון דעם מיטינג גאַנץ קלאָר און גאַנץ שאַרף געוואָרנט: אין פאַל איך אָדער ווער פון מיינע חברים וועלן פיזיש אָנגעגריפן ווערן, אָדער ס׳וועט מיר נישט געגעבן ווערן די מעגלעכקייט אויף אַ רויִקן אופן צו ענדיקן מיין רעדע, מעג די אגודת ישׂראל פאַרגעסן איינצואָרדענען נאָך אַ מאָל אַ וואַל־מיטינג און קענען אויף אַ נאָרמאַלן אופן פאָרזעצן זייער וואַל־קאַמפּאַניע צום שטאָטראַט.

די מנהיגים פון דער אַגודה, וועלכע האָבן זיך געפונען אויף דער טריבונע, האָבן גוט געוווּסט, אַז דאָס זענען נישט קיין פּוסטע סטראַשונקעס. דער בונד איז צו יענער צייט געווען דער מושל בכיפּה אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע. מיט גרויס מי איז דעם פּרעזידיום פון דער פאַרזאַמלונג געלונגען ווי ס׳איז איינצו־שטילן דעם צעהיצטן עולם און מיך לאָזן, ביי אַ פאַרהעלטנישמעסיקער שטילקייט, ענדיקן מיין רעדע.

איך און מיינע חברים זענען געבליבן זיצן ביזן סוף פונעם מיטינג. דאָס איז געווען די ערשטע עפנטלעכע פּאָליטישע פאַרזאַמלונג פון דער אַגודת ישׂראל, וואָס כ׳האָב בייגעוווינט, און איך בין געווען נייגעריק צו זען דעם ווייטערדיקן פאַרלויף פון מיטינג.

ווען דער מיטינג איז געווען פאַרענדיקט, בין איך צוזאַמען מיט מיינע חברים, וועלכע האָבן גוט געקענט דעם זאַל, דורך אַ הינטערטיר אַרויס אויפן גאַס און זיך צוגעקוקט צום שטראָם חסידישע ייִדן, וואָס האָבן פאַרלאָזט דעם מיטינג און גלייכ־צייטיק קאָמענטירט מיט מיינע חברים דעם פאַרלויף פון דער פאַרזאַמלונג.

צו מיין דערשטוינונג האָב איך באַמערקט מיין פאָטער אַרויסגיין פון זאַל. אויך מיין פאָטער האָט מיך דערזען. אַ ווײַלע איז דער טאַטע מיינער געבליבן שטיין, ווי ער וואָלט זיך מישב געווען וואָס צו טאָן. מיט אַ שנעלן טראָט איז ער צוגעגאַנגען צום איינבינדער־אַרבעטער, איגנאָרירנדיק מיך, געמיינט משמעות, אַז דער, צו וועמען ער איז צוגעגאַנגען, איז פון אַ העכערן פאַרטייראַנג פון מיר, און מיט אַ האַסטיקייט, וואָס כ׳האָב קיין מאָל, נישט פריִער און נישט שפּעטער, געזען ביי מיין פאָטער, ווייזנדיק מיט אַ פינגער אויף מיר, געשליידערט די ווערטער: „ער איז נישט בלויז אַ מחוצף, נאָר אויך אַ נאַר, אַן אָפּגעריסענער נאַר" — און מיט שנעלע טריט אַוועק פון מיר און פון מיינע חברים.

*

פון מיין פאָטער האָב איך, מסתמא, געירשנט מאַנכע פון זיינע כאַראַקטער־שטריכן, און דעם פּאָזיטיוויסטן שטריך פון מיין גייסטיקן מהות: די התמדה פון

לערנען, מיין איינגשאַפט צו לייענען אין יעדער פרייער מינוט און אויף וועלכן אָרט איך זאָל זיך נישט געפינען, דאָס באַמיִען זיך נישט בלויז צו פאַרשטיין, נאָר אויך צו קענען דאָס, וואָס כ׳לערן פונעם געדרוקטן וואָרט, פון לעבן, פון טעאָריע און פון דער פּראַקטיק, נישט צו זייגן פון די פינגער קיין בויך־סברות און נישט צו דרייען מיטן גראָבן פינגער קיין פּשטלעך, נאָר צו דערלערנען און אַריינצודרינגען אין תּוך פון דער זאַך — דאָס זענען פּאָזיטיווע שטריכן, געירשנטע פון מיין טאַטן.

פונעם טאַטן האָב איך אויך איבערגענומען דעם מאַי קאָ משמע לן, דעם „וואָס לאָזט עס מיך צו הערן", ווי אַ מעטאָד — נאַטירלעך אין אַ מאָדערניזירטער פאָרעם — ביים באַטראַכטן און אָפּשאַצן ענינים, פּראָבלעמען און געשעענישן, מיט וועלכע ס׳איז מיר אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען. דער מאַי קאָ משמע לן האָט מיר געדינט און דינט מיר עד היום ווי אַן אינסטרומענט צו אַנאַליזירן די תּוכיקייט און צו דערשפּירן פאַקטן און אָביעקטן, און אויך ביים אונטערזוכן די רעזולטאַטן פון אַ געגעבענעם פאַקט אָדער אָביעקט.

אין מיינע טראַכטענישן, האָט דער לעבנסוועג, דער מאַטעריעלער מצב און דער גייסטיקער מהות פון מיין פאָטער פאַרנומען אַ באַדייטנדיק אָרט.

געוווּסט האָב איך, אַז דער טאַטע איז אַ פּערזענלעכקייט: אַ פּערזענלעכקייט, וואָס בליאַסקעט נישט מיט קיין ראַשיקע ליכטער, נאָר מיט אַ קאָנצענטרירט אינער־לעך ליכט; אַז דער טאַטע פאַרמאָגט די גויטיקע אַטריבוטן צו זיין אַ פירנדיקע פיגור צווישן די רעליגיעזע יידן.

איך האָב זיך געמאַכט פאַרוווּרפן פאַר וואָס איך האָב פאַרנאַכלעסיקט דאָס דערפירן צו אַ מער אינטימער באַציִונג צווישן מיין פאָטער און מיר, און באַשלאָסן זיך דערנענטערן צו מיין פאָטער און האָבן מיט אים אָפטערע געשפּרעכן.

לײדער האָב איך מיין דאָזיקן ווונטש און באַשלוס נישט געקענט דערפילן.

נאָך מיין באַפרייונג פון תּפיסה, 1927, בין איך אַריינגעדרייט געוואָרן אין ווירבל פון פּאָליטישע אַקטיוויטעטן. ווי אַ פאַראַנטוואָרטלעכער טוער פון דער קאָמוניס־טישער פּאַרטיי פון פוילן, אַרבעטנדיק אין באַדינגונגען פון קאָנספּיראַציע און אונטערערד, האָב איך נישט געקענט וווינען ביי מיינע עלטערן. דעם טאַטן האָב איך דעריבער זעלטן געזען, און בשעת די צופעליקע קורצע באַגעגענישן, איז נישט מעגלעך געווען צו פאַרפירן מיט אים שמועסן וועגן גייסטיקע אָדער געזעלשאַפט־לעכע ענינים.

געשטאָרבן איז מיין פאָטער אין עלטער פון 62 יאָר. אויף מיין טאַטנס לוויה בין איך נישט געווען. כ׳בין אָפּוועזנדיק געווען פון וואַרשע, באַשעפטיקט אין קראָקע מיט פּאָליטישע אַקטיוויטעטן פון דער קאָמ. פּאַרטיי פון פוילן און מיט צוגרייטונגען צו אַ שטרייק פון די אַרבעטער פון די זאַלצגרובן אין קראָקעווער ראַיאָן. דעם לעצטן ווונטש פון מיין טאַטן — באַגראָבן צו ווערן אויפן וואַרשעווער בית־עולם און נישט אויף דעם בית־הקברות אין פּראַגע — האָט דערפילט מיין יינגסטער ברודער.

אָבער אין מיין געמיט און אין מיין זכרון איז דער טאַטע פאַרבליבן אומפאַר־געסלעך. ער איז פאַר מיר געבליבן דער מאַנער פון אַחריות, דער שטרענגער שופט — און מיין האַרבסטער קריטיקער.

## מיין פאַטערס קריטיק

הינטער די דיקע תּפיסה־מויערן אין פאַרשידענע שטעט אין פוילן, אונטער שלאָס־און־ריגל אויף די האַרטע ברעטער פון דער שעדלעצער תּפיסה, אויפן אייזערנעם בעטל אין דער אַלטער טורמע פאַר שווערע פאַרברעכער אין גרודזשאָנדז, אין די איינצל־קאַמערן, אין די קברים פון שטיין און בעטאָן פון דער טרויעריק באַרימטער טורמע פאַר גאָר שווערע פאַרברעכערס אין ווראָנקי — האָב איך געחלומט חלומות פון אַ קלאַסנלאָזער געזעלשאַפט, פון אַ וועלט פון צדק, פון אַ פאַרברידערטער פעלקער־געמיינשאַפט, אין וועלכער אויך מיין פאָלק וועט פאַרנעמען זיין פּלאַץ ווי אַ גלייכער מיט גלייכע; געטראַכט וועגן ענינים און פּראָבלעמען פון וועלט און מענטש, פון ליבע און האַס, פון יחיד און געזעלשאַפט. און צווישן מיינע טרוימען און טראַכטענישן האָב איך אין מיינע רעיונות זיך אָפט מאָל אומגעקערט צו דער קריטיק פון מיין פאָטער, צו די שווערע פאָרווורפן, וואָס דער טאַטע האָט מיר געמאַכט.

מיין פאָטערס קריטיק איז באַשטאַנען פון דריי גרונטיקע פאָרווורפן: כ׳האָב נישט געקענט די גמרא בשעת ער האָט מיך ״ינגלווייז פאַרהערט; נישט געקענט ווי געהעריק דעם אָביעקט און אַ היפּערטראָפּיע פון ווערטער (״אַ סך ווערטער, ווייניק ראיות״) בעת מיין עפנטלעכן רעפעראַט אין דעם שטעטל גריצע, ווינטער 1919; געהאַנדלט ווי אַ נאַר, ווי אַן אָפּגעריסענער נאַר, אין מיין אַרויסטריט ווי אַן אָפּאָנענט מצד דעם בונד אויף דער וואַל־פאַרזאַמלונג פון דער אַגודת ישׂראל צום שטאָטראַט אין וואַרשע, האַרבסט 1919.

דעם טאַטנס קריטיק האָב איך גענומען זייער ערנסט, געטראַכט, איבערגעטראַכט און אַנאַליזירט זיינע האַרבע ווערטער קעגן מיר, און פאָלגנדיקע זענען מיינע אויספירן:

די סיבה, פאַר וואָס מיין פאָטער האָט געהאַלטן, אַז איך קען נישט די גמרא, איז געווען דער גרונטיקער אונטערשייד אין דעם אופן און אין די מעטאָדן פון לערנען פון די ליטוואַקעס און פון די חסידיש־פּוילישע.

דער ליטווישער מעטאָד האָט זיך באַזירט בעיקר אויף בקיאות, אויף טייטשן די גמרא מיט די מפרשים פּשוטו כּמשמעו, און דאָס קענען גוט עברי איז געווען

דער פונדאַמענט פון קענען לערנען. דער פויליש־חסידישער מעטאָד איז געווען חריפות: פון אַריינטייטשן און אַרומטייטשן דאָס געלערנטע, און האָט געלייגט וויניק אַכט אויף דיקדוק און אויף פירוש־המילות.

דער טאַטע, ווי שוין דערציילט, האָט זיין תלמודישע דערציִונג געקריגן אין דער לאָמזשער ישיבה, וואָס איז באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ ליטווישער ישיבה און איר סיסטעם פון לערנען איז געווען בקיאות. דער סיסטעם, אויף וועלכן איך האָב זיך דערצויגן, איז געווען דער פויליש־חסידישער, פון סאָפיסטיק און פלפול, און לויט דעם מעטאָד און סיסטעם פון לערנען, וואָס ס׳איז לגבי מיר אָנגעווענדט געוואָרן, האָב איך די גמרא יאָ געקענט. קיין עילוי בין איך נישט געווען, אָבער דאָס וואָס מ׳האָט מיט מיר געלערנט, האָב איך נישט שלעכט באַנומען.

וועגן דעם חילוק פון די דאָזיקע מעטאָדן פון לערנען קען מען אָנשרייבן גאַנצע טראַקטאַטן, אָבער נישט אין די זכרונות איז דאָס אָרט זיך ברייטער אויף דעם אָפּצושטעלן, און נישט איך בין באַרופן און בכוח צו געבן אַ געהעריקע אויפקלערונג און באַלויכטונג וועגן דעם דאָזיקן ענין.

פון מיין דערפאַרונג, אין די יאָרן פון מיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, בין איך געקומען צום אויספיר, אַז דער חילוק צווישן די צוויי סיסטעמען עקסיסטירט און ווירקט אויך אין באַנעמען די פּראָבלעמען פון וועלט און צייט, און אַפילו אין דער טאָג־טעגלעכער פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער פּראַקטיק.

קלאַסישע רעפּרעזענטאַנטן פון די דאָזיקע סיסטעמען, בקיאות און חריפות, זענען אין מיינע אויגן געווען די פון מיר אָבסערווירטע פיגורן פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל: מ. בוכאַרין דער בקי, און קאַרל ראַדעק דער חריף.

פון שטאַנדפּונקט פון זיין סיסטעם פון לערנען, איז מיין פאָטער נישט געווען אומגערעכט מיט זיין קריטיק פון מיין נישט קענען די גמרא — די שולד איז אָבער נישט געווען מיינע.

פון דריי עלעמענטן איז באַשטאַנען מיין פאָטערס קריטיק וועגן מיין עפנטלעכן רעפעראַט אין דעם שטעטל גריצע, ווינטער 1919: כ׳האָב נישט געקענט דעם אָביעקט, גענוצט אַ סך ווערטער, געבראַכט וויניק ראיות.

וואָס מיין פאָטער האָט געמיינט מיט זיין פאָרוואורף: „וועגן דעם וואָס דו האָסט גערעדט, ווייסטו אויך נישט״, דאָס מיינט, נישט געקענט דעם אָביעקט, אָדער נישט ווי געהעריק געקענט אָדער באַהערשט דאָס מאַטעריאַל פון רעפעראַט אין דעם שטעטל גריצע — בין איך נישט אומשטאַנד צו ענטפערן. וויפל מאָל איך האָב מיין פאָטער געפרעגט די מאָטיוון און די באַווייזן פון און פאַר זיין דאָזיקן פאָרוואורף, זענען מיינע פראַגעס געבליבן אָן אַן ענטפער. דער טאַטע פלעגט אויסהערן מיינע טענות, נאָך מער פאַרזשמורען זיינע קורצזיכטיקע אויגן, אַ לייכטן שמייכל טאָן, אָבער נישט ענטפערן.

למען האמת דאַרף דערציילט ווערן, אַז אין מיין לאַנגיאָריקער פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכע פּראַקטיק האָב איך זיך נישט געטראָפן מיט קיין איין פאַל, מ׳זאָל מיר פאַרוואַרפן איגנאָראַנץ אין שייכות מיט מיינס אַן עפנטלעכן אַרויסטריט. מיינע עפנטלעכע אַרויסטריטן זענען געווען געלונגענע און נישט קיין געלונגענע. מען האָט געלויבט און אַפּלאָדירט, און מען האָט אויך קריטיקירט. די קריטיק איז אָבער תמיד געווען פאַרבונדן מיט דער איינשטעלונג אָדער מיט די אויספירן, אָבער קיין מאָל נישט, אַז כ׳האָב נישט געקענט אָדער נישט באַהערשט דעם אָביעקט, אָדער דאָס מאַטעריאַל פון דער טעמע פון מיין אַרויסטריט.

דער אמת איז, אַז איך בין קיין מאָל נישט אַרויסגעטראָטן עפנטלעך אין אַן ענין, וואָס כ׳האָב נישט געקענט אָדער געפילט, אַז כ׳בין מיט דעם פּראָבלעם נישט פאַמיליאַר.

ווי אַן אילוסטראַציע קען דינען דער פאַקט, אַז אין מיינע עפנטלעכע רעפעראַטן אויף ליטעראַרישע טעמעס: וועגן ביכער, שרייבערס, ליטעראַרישע געשעענישן, יידישער אָדער נישט־יידישער ליטעראַטור, האָב איך קיין מאָל נישט גערעדט וועגן דעם ליטעראַרישן ווערט אָדער וועגן דער קינסטלערישער זייט פון דעם געגעבענעם ווערק, און נישט וועגן דער ליטעראַרישער אָדער קינסטלערישער ראָלע און ווערט פונעם געגעבענעם שרייבער, נאָר וועגן דער געזעלשאַפטלעכער וואָג און ווערט פון די געגעבענע ווערק און פון די געגעבענע שרייבערס. אין מיינע עפנטלעכע רעפע־ראַטן וועגן ליטעראַטור און ליטעראַטור־ענינים האָב איך זיך באַנוצט אויסשליסלעך מיט אַ סאָציאָלאָגישן מעטאָד.

עס דערמאָנט זיך מיר מיינס אַ רעפעראַט וועגן י. ל. פּרץ אין אַ שבת־נאָכ־מיטאָג, אין יאָר 1919, אין נייעם שטאָט־טעאַטער אין זאַמאָשטש, אין דער שטאָט וווּ פּרץ האָט פאַרבראַכט צענדליגער יאָרן פון זיין לעבן. דאָס טעאַטער האָט אַריינ־גענומען אַן אַכט הונדערט מענטשן און איז געווען איבערגעפּאַקט. צווישן די באַזוכערס האָבן זיך געפונען די פּני פון דער זאַמאָשטשער אינטעליגענציע: די אַשקע־נאַזים, לעווינס, און די פּרץ־משפּחה מיט י. ל. פּרצס יינגערן ברודער בראש. און אַפילו אין דעם דאָזיקן רעפעראַט האָב איך נישט גערעדט וועגן פּרצן דעם קינסטלער און נישט וועגן דעם ליטעראַרישן ווערט פון פּרצס ווערק, נאָר וועגן דער ראָלע פון י. ל. פּרץ אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

נאָך דעם רעפעראַט בין איך דורך דער פּרץ־משפּחה פאַרבעטן געוואָרן אויף אָונטברויט. צווישן די אַנדערע פאַרבעטענע געסט האָבן זיך געפונען מענטשן מיט גוטע קענטעענישן פון ליטעראַטור. בעת דעם מאָלצייט האָט מען אַ סך גערעדט און דיסקוטירט וועגן ליטעראַטור־פּראָבלעמען און וועגן דעם ליטעראַרישן געניוס פון פּרצן. אויך איך האָב זיך באַטייליקט אין דער דיסקוסיע. די געסט האָבן אויך אַרומ־גערעדט און דיסקוטירט דעם אינהאַלט, שפּראַך און סטיל פון מיין רעפעראַט, און ס׳זענען געפאַלן פאַרוואָרפן אויף מיין אַדרעס פאַר וואָס איך האָב נישט באַהאַנדלט

די ליטעראַרישע און קינסטלערישע עלעמענטן פון פּרצס ווערק, וואָס איז, לויט דער מיינונג פון די דיסקוטאַנטן, געווען דער עיקר פון י. ל. פּרצס שאַפן. די פאַר־וווּרף־מאַכערס האָבן זייערע טענות און תּרעומות קעגן מיר מאָטיווירט אויך דער־מיט, וואָס אין דער דיסקוסיע האָב איך אַרויסגעוויזן — לויט זייער מיינונג — באַהאָונטקייט אין ליטעראַטור־ענינים און גאַנץ גוט זיך אָריענטירט אין די איינ־פלוסן פון נישט־ייִדישע שרייבערס אויף פּרצס ליטעראַרישן שאַפן: וויספּיאַנסקי, וועדעקינד, מעטערלינק א״אַ.

מיין ענטפער איז געווען, אַז איך רעד נישט עפנטלעך איבער ענינים, וועגן וועלכע איך האַלט זיך נישט פאַר קאָמפּעטענט, אַז איך האָב נישט הינטער זיך קיין שום שקאָלעס, נישט קיין אַקאַדעמישע און אַפילו נישט קיין עלעמענטאַרע, דעריבער מוז איך זיין אָפּגעהיטן עפנטלעך צו רעדן פון זאַכן, וועגן וועלכע כ׳פיל, אַז איך האָב נישט קיין צו גרויסן וויסן און אַ געהעריקע צוגרייטונג. רעדן אין אַ פּריוואַטער געזעלשאַפט איז איין זאַך, און אַנדערש איז אַן עפנטלעכער אַרויסטריט, פאַר וועלכן ס׳טראָגט אויך די אחריות די געזעלשאַפטלעכע ריכטונג, צו וועלכער מען באַלאַנגט; אַז מיין מאַנגל פון פאָרמעלער שולבילדונג פאָדערט פון מיר צו זיין פאָרזיכטיק און נישט דערלאָזן, מען זאָל קענען מיר פאָרוואַרפן איגנאָראַנץ ביים באַהאַנדלען עפנט־לעך וועלכן ס׳איז ענין.

דעם פאָרוווּרף, וואָס מיין פאָטער האָט מיר געמאַכט, בשוגג אָדער במזיד, אַז איך האָב נישט געקענט, אָדער נישט באַהערשט, דעם אָביעקט און דאָס מאַטעריאַל פאַר דער טעמע פון רעפעראַט אין דעם שטעטל גריצע, האָב איך מסתּמא נישט פאַרדינט. און אַזאַ סאָרט פאָרוווּרף האָב איך וואָרשיינלעך אויך נישט פאַרדינט פאַר וועלכע ס׳איז אַנדערע פון מיינע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען.

אַן איבערפלוס פון ווערטער אין אַ רעדע, אַפילו ווען די ווערטער זענען אַן און פאַר זיך שיינע און דערהויבענע, איז אָן שום ספק אַ חסרון פאַר אַ רעדנער, בפרט פאַר אַ רעפערענט. און נישט איין באַגאַבטער רעדנער ליידט פון דעם דאָזיקן חסרון. ס׳זענען מיר באַקאַנט רעדנערס, וועלכע האָבן זיך קונה שם געווען, ווי גוטע, אַפילו גרויסע רעדנער, אָבער זיי ליידן אָרגאַניש פונעם דאָזיקן חסרון.

אין מיינע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען האָב איך נישט געזינדיקט מיט קיין איבערפלוס פון ווערטער. דער יסוד פון מיין רעדן איז געווען לאָגיק, און דעם דאָזיקן יסוד האָבן זיך אונטערגעוואָרפן אַלע אַנדערע עלעמענטן, וואָס קומען אַריין אין באַשטאַנד פון אַ רעדע — אַפילו די עמאָציאָנעלע. כ׳בין געווען דער הערשער איבער דעם סכום און אויסוואַל פון די פאַרברויכטע ווערטער, און נישט די ווערטער האָבן געהערשט איבער מיר.

דאָס באַנוצן דעם סכום און דעם אויסוואַל פון ווערטער איז ביי מיר געווען אַ באַוווּסטזיניקער אַקט, אַן אַקט פון צוועקמעסיקייט. כ׳בין אומשטאַנד געווען צו

גוצן און צו פאַרברויכן אַזאַ סכום און אַזאַ אויסוואַל פון ווערטער וויפל און וועלכע כ׳האָב געהאַלטן פאַר נייטיק.

איך האָב געקענט האַלטן אַ רעפעראַט אויף דער זעלבער טעמע אין אַ צייט פון 30 מינוט און פון צוויי שעה, און בידע רעפעראַטן זאָלן פאַרמאָגן די זעלבע פאַקטן, באַווייזן, אַרגומענטן און אויספירונגען.

דער סכום און דער אויסוואַל פון ווערטער איז ביי מיר אַלע מאָל געווען אָפּ־הענגיק פון דער אוידיטאָריע: פון דער קוואַליטעט און פון דער קוואַנטיטעט פון די צוהערערס, און אויך פונעם פלאַץ פון דער פאַרזאַמלונג: שטאָט, פאַראיין, פּראָלע־טאַרישער אָדער נישט פּראָלעטאַרישער עלעמענט אדג״ל.

איך — ווי איך גלייב — האָב געהאַט די פעיקייטן זיך צו אָריענטירן פאַר וואָס פאַר אַן עולם איך שטיי און רעד, און צופּאַסן דעם סכום און דעם אויסוואַל פון ווערטער צו דער געגעבענער אוידיטאָריע.

פאַר דעם פאָרוווּרף: מאַנגל פון ראיות האָט זיך נישט געקענט פאַרהיטן קיין שום עפנטלעכער רעדנער, אפילו נישט די גרעסטע גדולים אויפן געביט פון רעטאָ־ריק. יעדער רעדנער איז אין געוויסע פאַלן באַשולדיקט געוואָרן, אַז זיין רעדע איז נישט געווען קיין געלונגענע, אַז ער האָט נישט באַוויזן צו באַקרעפטיקן אָדער ווי געהעריק צו פאַרטיידיקן זיין שטאַנדפּונקט — אַז ער האָט געליטן אויף אַ מאַנגל פון ראיות.

וויפל מאָל איז מיר אויסגעקומען צו הערן אַזעלכע פאָרוווּרפן אַפילו אויפן חשבון פון אַזעלכע אָראַטאָרישע טיטאַנען אין דער יידישער שפּראַך, ווי ס׳זענען געווען וולאַדימיר מעדעם און אַהרון סינגאַלאָווסקי. נישט איין מאָל האָב איך געהערט אויף זייער אַדרעס די פאָרוווּרפן: שוואַך געווען, מאַנגל פון ראיות, קנאַפּע אַרגומענטן, מיט אַזעלכע באַווייזן און אַרגומענטן קען מען נישט איבערצייגן קיין קעגנער, וכדומה.

די קוואַליטעט פון אַן עפנטלעכן אַרויסטריט איז אַ סך מאָל אָפּהענגיק פונעם פיזישן און פּסיכישן צושטאַנד, אין וועלכן דער רעדנער האָט זיך געפונען ערב און בעת דעם אַרויסטריט און פון זייטיקע צופעליקייטן. אַן איינפאַכער צווישנרוף קען אַ מאָל גורם זיין אַ דעגראַדירונג פון דער קוואַליטעט און אַן אָפּשוואַכונג פון דער אַרגומענטאַציע. אַ רעדע איז ווי אַ טשאָלנט, נישט אַלע מאָל געראָט עס. מ׳קען אַ מאָל אַריינלייגן דאָס גאַנצע דאָברע מזל, און דער טשאָלנט אָדער דער קוגל זאָל אַרויסקומען נישט געראָטן.

בדרך כלל זענען מיינע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען געווען ווי געהעריק צוגע־גרייט און האָבן נישט געליטן פון קיין מאַנגל פון ראיות. כ׳בין קיין מאָל נישט אַרויסגעטראָטן מיט קיין רעדע אָדער רעפעראַט, אויב כ׳האָב געהאַט דעם מינדסטן צווייפל פון אַ מאַנגל פון מאַטעריאַל, אָדער אויב כ׳האָב דאָס מאַטעריאַל פון דער טעמע נישט ווי געהעריק פאַרדייעט.

איך האָב זיך אַלע מאָל באַצויגן מיט גרעסטן דרך־ארץ צו די צוהערערס, אָן חילוק צי דאָס זענען געווען צוהערערס פון אַ קרייזל אין עפּעס אַ העק אויף דער פּראָווינץ, אָדער צוהערערס פון וואַרשע. אַלע מאָל און אויך היינט לייד איך פון אימתא דציבורא. איידער איך הייב אָן רעדן, פּיל איך אַ געוויסע שרעק פאַר דעם דערפאָלג פון מיין מיסיע, און דאָס, אומאָפּהענגיק פון דער צאָל צוהערערס. די שרעק פאַרשווינדט ערשט נאָך די ערשטע גערעדטע ווערטער ווען כ׳דערפיל דעם אָטעם פון די פאַרזאַמלטע. ערשט אין גאַנג פון רעדן, ווען איך איבערצייג זיך, אַז כ׳באַנוץ זיך און אָפּעריר מיט אַ געהעריקער צאָל און מיט אַ געהעריקער קוואַליטעט פון ראיות, פּיל איך דעם מעגלעכן דערפאָלג פון מיין אַרויסטריט.

מיין פאָטערס פאַרוואורף „מאַנגל פון ראיות" געהערט צו אַ קאַטעגאָריע אינדיווידואַליסטישע עמפּינדונגען, מיט וועלכע ס׳איז שווער צו אַרגומענטירן, און נאָך שווערער צו באַשטרייטן.

אין מיינע רעיונות האָב איך זיך אָפּט מאָל אומגעקערט צו דער באַליידיקונג־סצענע, וואָס מיין פאָטער האָט מיר אָפּגעשפּילט אין דער אָנוועזנהייט פון חברים נאָך דעם וואַלמיטינג פון דער אַגודת ישראל אין יאָר 1919. פאַרוואָרפנדיק מיר, אַז אויף דער געגעבענער פאַרזאַמלונג האָב איך געהאַנדלט ווי אַ נאַר, ווי אַן אָפּגעריסענער נאַר.

נישט וועגן מיין פאָטערס בייזע ווערטער איז מיר געגאַנגען. פאַרשטאַנען האָב איך, אַז מיין טאַטנס צאַרנדיקע רייד קעגן מיר זענען אַ פּראָדוקט פון אַ פאַרדרוס, וואָס זיינס אַ זון האָט געהאַט די העזה עפנטלעך פּוגע בכבוד צו זיין רביים און רבנים, מילא, דאָס מבייש און מבזה זיין די שיינע יידן, די חסידישע גבירים, וואָס פּרעטענדירן צו זיין מנהיגים פון רעליגיעזן יידנטום, וואָלט מיר דער טאַטע נאָך געקענט אפשר מוחל זיין. קיין גביר איז דאָך דער פאָטער מיינער קיין מאָל נישט געווען, אָבער פּוגע בכבוד זיין רביים און רבנים — דאָס האָט מיר דער פרומער און חסידישער ייִד נישט געקענט פאַרגעבן.

מיך האָט געמאַטערט די פראַגע: פאַר וואָס איז מיין אַרויסטריט אויף דער וואַל־פאַרזאַמלונג פון דער אַגודת ישראל געווען אַ דורכפאַל. דער תירוץ: חסידים, פאַנאַטיקערס און ענלעכע תירוצים האָט מיך קנאַפּ באַפרידיקט. וואָרעם ווען כ׳בין געגאַנגען צום מיטינג האָב איך דאָך אין פאָרויס געוווסט פאַר וואָס פאַר אַן עולם כ׳דאַרף רעדן, און דאָך בין איך צום מיטינג געגאַנגען אַ האָפּערדיקער. כ׳האָב טאַקע געוווסט, אַז קיין גרויסע פּאָליטישע מציאות וועל איך אויף דער אַגודה־פאַרזאַמלונג נישט כאַפּן, אָבער אַז מיין אַרויסטריט זאָל זיין אַ פולשטענדיקער דורכפאַל — אויף דעם האָב איך זיך נישט געריכט.

פאַר וואָס? וואָס זענען די סיבות? געפילט האָב איך, אַז הינטער די פראַגעס ליגט באַהאַלטן אַ סך אַן ערנסטערער ענין ווי מיינס אַן אַדורכגעפאַלענער אַרויסטריט. דעם אויספיר פון מיינע באַטראַכטונגען קען מען קאָנדענסירן אין צוויי ווער־

טער; נישט אַנטאַגאָניזירן. באַקעמפן — יאָ, אָבער אין קיין פאַל נישט אַנטאַגאָניזירן. סיידן אין אַן אויסנאַמלעכער סיטואַציע און אין אויסנאַמלעכע פאַלן, ווען די סטראַטעגיע און טאַקטיק דיקטירט לכתחילה און בפירוש דאָס אַנטאַגאָניזירן ווי אַ מיטל פאַר אַ נצחון איבער דעם קאָנקרעטן אָדער פּראָספּעקטיוון קעגנער.

דער אַנאַליז און אויספיר, וואָס כ׳האָב געמאַכט אין די טורמע־קאַמערן וועגן דעם וואַלמיטינג פון דער אַגודת ישׂראל אין 1919, און וועגן מיין דורכפאַל אויף דעם דאָזיקן מיטינג, איז פאַר מיר געווען אַ לעקציע און לערע, אַן אָנשפּאַר און אַ קאָמפּאַס אין מיין טעטיקייט אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג פון פּוילן, און מיר געהאָלפן אין אויפנעמען פּראָבלעמען פון אַ פּאָליטישן כאַראַקטער און אין מיין טאָג־טעגלעכער פּראַקטיק.

מיין פּאָטערס באַליידיקונג און זיינע שאַרפע ווערטער אויף מיין חשבון נאָכן וואַלמיטינג פון דער אַגודת ישׂראל אין 1919 האָבן אומדירעקט געשפּילט אַ פּאָזיטיווע ראָלע אין מיין פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

## די מאַמע

די מאַמע איז געווען אַן אשת־חיל.

פון דעם טאָג וואָס דער טאַטע איז אַראָפּ פון זיידנס קעסט, האָט די מאַמע איבערגענומען די פליכטן און התחייבותן פון אַ פאַמיליע־פאַרזאָרגער.

אויף אירע שוואַכע און שמאָלע פּלייצעס האָט זי געטראָגן דעם עול פון פּרנסה, פון האָדעווען און דערציִען די קינדער, באַזאָרגן דאָס הויזגעזינד כאָטש מיט אַ מינימום עקסיסטענץ, מיט שׂכר־לימוד פאַר די ייִנגלעך, נדן, אויסשטייער און חתונה־הוצאות פאַר די טעכטער, און אַפילו שאַפן פאַרן טאַטן דאָס נייטיקע געלט צו קענען פאָרן אויף ראָש־השנה צום רבין קיין קאָלושיק.

פון וואַנען ס׳האָט זיך צו מיין פיזיש שוואַכער מאַמע גענומען די גבורה צו זאָרגן און פאַרזאָרגן די באַדערפעניש פון איר גרויסער פאַמיליע — איז שווער צו ענטפערן. איך גלייב, אַז די מאַמע האָט פאַרמאָגט דריי וויטאַלע אייגנשאַפטן, וועלכע האָבן געמאַכט מעגלעך צו דערפילן אירע אויפגאַבעס: אַ שטאַרקער כאַראַקטער — געוווּסט וואָס זי וויל און קוראַזש איר ווילן דורכצופירן; אויסדויער — נישט אונטערגעבן זיך קיין שוועריקייטן און נישט בייגן זיך אונטער די קלעפּ וואָס דאָס לעבן האָט איר מיט אַ ברייטער האַנט צוגעטיילט; אַ טיף רעליגיעזער גלויבן, אַז „דער וואָס לעבט אייביק” וועט זי נישט פאַרלאָזן.

נידעריקער פון מיטלוווּקס, אַ לענגלעך פּנים מיט עטוואָס אַרויסגעשטאַרצטע מאָנגאָלישע קינבאַקן, באַהויכט מיט אַ קוים באַמערקלעכן שמייכל, אַ הויכער

שטערן, אַ קלאַסיש גריכיש נעזל, גראָ־גרינע אויגן, אַ גראַציעזער גאַנג, אַ שלאַנקע און שמאָלביינערדיקע פיגור, ווי זי וואָלט קיין מאָל נישט געוווסט פון שוואַנגערשאַפט — אַן אידעאַלע פיגור פאַר אַ היינטצייטיקער פרוי. אין מאָמענטן פון שוועריקייטן, אין קריזיס־מאָמענטן אין דער פאַמיליע, זענען די גזיכטשטריכן פון דער מאַמעס פנים ווי פאַרגליווערט געוואָרן און די אויגן האָבן געפינקלט מיט אַ פאַספאַרגלאַנץ.

איר שווערע דאָליע איז די מאַמע בייגעקומען מיט ווערדע. איר פאַרביטערטקייט און האַרצווייטיק האָט זי אַריינגעווייגט אין אירע תפילות און תחינות און אין לייענען די צאינה־וראינה.

ביז די רעוואָלוציע־יאָרן פון 1905 איז די מאַמע געווען די זעלבסטהערשערין אין אונדזער שטוב. זי האָט דיקטירט די קינדער איר ווילן און געטאָן וואָס זי האָט געהאַלטן פאַר נייטיק און ריכטיק. פון 1905 ביז צום אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די מאַמע נאָך אַלץ געווען דער מושל אין שטוב, אָבער שוין מער נישט געהאַט דעם כּוח פון זעלבסטהערשונג און געמוזט אויסשטיין געפעכטן מיט די קינדער, וועלכע האָבן זיך געריסן צו אַ מער פרייען און וועלטלעכן אופן פון לעבן.

די ערשטע האָט זיך אויסגעבראָכן די שוועסטערביילע: די ערשטע סאָציאַליסטקע אין אונדזער משפּחה. דער מאַמעס באַציִונג צו דער דאָזיקער טאָכטער איז געווען אַ געמיש פון מורא און אַכטונג. מורא, די טאָכטער אירע זאָל נישט פאַרשפּאַרט ווערן אין די תּפיסות, אָוועקגעשיקט ווערן אויף קאַטאָרגע אָדער סיביר; אָדער די טאָכטער זאָל, חלילה, נישט לעבן מיט אַ מאַן „נאָ וויאַרע", אָן דער רעליגיעזער צערעמאָניע פון חופּה־קידושין; און גלייכצייטיק אַ רעספּעקט פאַר דער טאָכטערס אידעיִשקייט און ערלעכקייט. דער נאָמען „סאָציאַליסט" איז אין פּוילן זינט 1905 געוואָרן אַ שטיקל יש אַפילו אין אַזאַ פרום־חסידישער שטוב, ווי ס'איז געווען מיינע עלטערנס הויז, און ביי אַזאַ פרומער און גאָטספאַרכטיקער פרוי, ווי ס'איז געווען די מאַמע מיינע.

פון מיר האָט די מאַמע געהאַט די גרעסטע צרות און גריזאָטעס זינט כ'בין געבוירן געוואָרן. ווען כ'בין קליין געווען, האָב איך שווער געקרענקט. אין די חדר־יאָרן — אָפּגעטאָן שטיקלעך, פון וועלכע די מאַמע האָט נישט געהאַט קיין גרויס פאַרגעניגן. אויף דער לער האָב איך זיך אַליין אָנגעדונגען און אויסגעקליבן אַ פאַך און אַ לערן־מייסטער, וואָס איז דער מאַמען נישט געווען צום האַרצן, און זינט כ'בין אַוועק אַרבעטן ביז ערב דעם אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען די קאָנפליקטן מיט מיר געווען פּערמאַנענטע.

די מאַמע מיינע האָט נישט געוואָלט רעזיגנירן פון איר איינרעדעניש, אַז מיינע וועגן און נישט פּאַסיקע, לויט איר מיינונג, אויפפירונג איז אַ פאַראיבערגייענדיקע דערשיינונג. מיט גוטן און מיט בייזן האָט זי מיך געוואָלט צוהאַלטן ביים אַלטן

פרומען און חסידישן לעבנס-שטייגער, געהיטן, כ׳זאָל לייגן תפילין און נישט מאַכן שקרות ביים דאַוונען איידער איך גיי אין דער פרי צו דער אַרבעט; שבת נאָכן עסן פאַרשלאָסן די טיר און נישט אַרויסגעלאָזט ביז כ׳האָב אָפּגעזאָגט פּרק אין זומער און ברכי-נפשי אין ווינטער; געשטופּט מיר אַ גמרא אָדער אַן אַנדער ספר אין דער האַנט אַריין אין מיינע פרייע שטובמינוטן. זי האָט שאַרף רעאַגירט אויף יעדע ענדערונג אין מיין קליידונג: די ערשטע גומענע פאַרלאָגע מיטן קאָלנער און קראַוואַטל איז אַראָפּגעריסן געוואָרן. ווען כ׳האָב זיך באַוויזן אין שטוב, שבועות 1912, אין מיין ערשטער מאַרינאַרקע, איז זי באַקליאַפּעט געוואָרן מיט אַ טעפּל הייסע ציקאָריע. מיינע שטרויענע קאַפּעליושן זענען, זומער 1913, צעטראָטן געוואָרן. מיינע ביכער, די ביכער פון ברעסלערס ביבליאָטעק, פלעגט די מאַמע פאַרניכטן אַן אַ טראָפּן רחמנות. זי האָט געשטערט מיר דאָס לייענען ביי נאַכט. זי פלעגט אַראָפּקריכן אין מיטן דער נאַכט פון בעט און אויסלעשן דאָס נאַפטלעמפּל אָדער דאָס ליכטל, ביי וועלכן כ׳האָב געלייענט נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט.

מיין אָפּוער קעגן דער מאַמען איז באַשטאַנען פון צוויי מיטלען: קאָרופּציע און קאַמף. איך פלעג איר געבן אַ גרויסן חלק פון מיינע פאַרדינסטן מיט דער האָפענונג, אַז דאָס וועט מילדער מאַכן איר באַציִונג צו מיינע ביכער, קליידונג און אויפפירונג, און אויף אַ פאַרשיידנאַרטיקן אופן זיך קעגנשטעלן איר דיקטאַט, באַנוצנדיק זיך אַפילו מיט פּסוקים פון דער גמרא אָדער פון אַנדערע ספרים. די געלט-קאָרופּציע האָט אויף דער מאַמען נישט געהאַט קיין שום ווירקונג, דאַקעגן פלעגן תּלמודישע און ענלעכע פּסוקים אָדער אַ רעליגיעזער מאָטיוו זי אַ מאָל אַנטוואָפענען. ס׳דערמאָנט זיך מיר אַ קוריאָזע סצענע:

— זומער 1913. נאָך דעם ווי די מאַמע האָט צעטראָטן עטלעכע שטרויענע קאַפּעליושן, בין איך אין אַ שבת-נאָכמיטאָג צו איר צוגעגאַנגען מיט אַ ניי-געקויפטן שטרויענעם הוט און דערלאַנגט דער מאַמען, זאָגנדיק איר: נאַ, אָט האָסטו אַ נייעם קאַפּעליוש צו צעברעכן, צעברעך אים און זיי עובר אויף צוויי עבירות אויף אַ מאָל: אויף בל-תּשחית און אויף אַרבעט אום שבת. דער מאַמעס אויסגעשטרעקטע האַנט איז געבליבן אָפּהענגטיק און מיט אַ ווייטיק-גרימאַסע אויפן פּנים האָט זי זיך אָפּגעקערט פון מיר. פון דעמאָלט אָן בין איך פריי אַרומגעגאַנגען אין מיינע קאַפּעליושן.

ווען כ׳פלעג די מאַמע באַקעמפן מיט אַ פּסוק אָדער מיט אַ רעליגיעזן מאָטיוו און זי האָט זיך נישט געקענט קיין עצה געבן, פלעגט זי מיט אַ לייטזעליקן שמייכל ענטפערן: נישט בחינם זאָגן די הייליקע ספרים: ווייס וואָס צו ענטפערן אַן אַפּיקורס. מיין באַציִונג צו מיין מוטער איז, זינט כ׳בין געוואָרן אַ בעל-מלאכה, נישט געווען קיין צו פריינדלעכע.

מיט מיין אַריינטריט אין פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, פרילינג 1914, האָבן די קעגנזייטיקע באַציִונגען צווישן דער מאַמע און מיר זיך אָנגעהויבן צו נאָרמאַליזירן. די מאַמע האָט פאַרשטאַנען, אַז דער קרייז איז געשלאָסן, אַז כ׳וועל

זיך מער נישט אומקערן צו דעם אַלטן שטייגער לעבן, אַז מיט מיין ווערן אַ סאָציאַ־ליסט און אַ שטיקל טוער אין דער אַרבעטער־באַוועגונג איז פאַרשוואונדן איר האָפע־נונג מיך צו זען כאָטש ווי אַ פרומען אַרבעטער.

אָבער פולשטענדיק רעזיגנירן האָט די מאַמע נישט געקענט און נישט געוואָלט. זי האָט דעריבער אָנגעווענדט אַנדערע מיטלען: גוטע רייד און דיפּלאָמאַטיע. זעסט — האָט די מאַמע אַ וויז געטאָן מיטן פינגער צום ספרים־שענקל — די תפילין דיינע ליגן דאָרט פאַרשעמטע און וויינען. די תפילין האָט דאָך דיר איבערגעלאָזן דער זיידע אין זיין צוואה, זיי שטאַמען פונעם ייד־הקדוש, און דו רירסט זיך צו זיי אַפילו נישט צו. קען טאָקע — האָט די מאַמע מיך אַ מאָל געפרעגט — אַ סאָציאַליסט נישט זיין קיין פרומער ייד און אָפּהיטן גאָטס געבאָטן? צו מיין מאַמעס צער האָבן איר אויך אַזעלכע מיטלען נישט געהאָלפן.

גראָד איז די מאַמע היפּשלעך צופרידן געווען פון דער ענדערונג וואָס ס'איז מיט מיר פאָרגעקומען. זי האָט געוווסט, אַז זי דאַרף מער נישט מורא האָבן דער זון אירער זאָל, חלילה, אַוועק אויף שלעכטע אוממאָראַלישע וועגן. אַ סאָציאַליסט האָט לויט איר השגה געמוזט זיין אַ פיינער, עטישער און ערלעכער מענטש. גלייכ־צייטיק איז זי באַהערשט געוואָרן פון אַ געפיל פון שרעק, אַ מורא פאַרן וויטערדיקן גורל פון איר זון: פאַר רעוויזיעס, אַרעסטן, תפיסות און סיביר.

דער מאַמעס מורא האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ באַגרינדעטע. אין פאַרלויף פון ווינטער פון 1914–15 בין איך דורך דער צאַרישער אָכראַנע צוויי מאָל אַרעס־טירט געוואָרן. צום גליק בין איך ביידע מאָל געוואָרן באַפרייט נאָכן פאַרברענגען עטלעכע וואָכן אין תפיסה. אַזאַ גורל האָט מיך אויך נישט אויסגעמיטן נאָכן אַריינ־קומען פון די דייטשן קיין וואַרשע, זומער 1915. די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט האָט מיך אין דער ערשטער העלפט פון דעצעמבער פון 1915 אַרעסטירט און אַרויס־געשיקט קיין דייטשלאַנד. דער דאָזיקער גורל האָט מיך נישט אויסגעמיטן אין דער צייט פון דער פּוילישער הערשאַפט אין די יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

זינט מיין צוריקקומען פון דייטשלאַנד קיין וואַרשע, זומער 1918, זענען די קעגזייטיקע באַציונגען געוואָרן ביז גאָר אינטימע. די מאַמע האָט זיך געפרייט מיט מיין אַוואַנסירונג אין עפנטלעכן לעבן און איז געוואָרן אַ שטאַמגאַסט אויף מיינע עפנטלעכע אַרויסטריטן אין וואַרשע: אויף די מיטינגען, פאַרזאַמלונגען, רעפעראַטן און אויף די דיסקוסיעס אין גראָסער־קלוב.

דאָס באַזוכן די ערשטע מיי־מיטינגען אונטערן פרייען הימל, דעם בונדישן אין 1921, און דעם געמיינזאַמען פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי פון פוילן און פון קאָמבונד, אין 1922, אויף וועלכע דער זון אירער איז געווען איינער פון די הויפּט־רעדנערס, האָט פאַר דער מאַמע מיינער געקענט האָבן פאַטאַלע פאָלגן. די מאַמע איז ביידע מאָל פאַרוואונדיקט געוואָרן.

די מאַמע מיינע איז נישט געווען איר זונס קיין געשווירענע בראַוואַ־פּאַטשערין, און נישט איין מאָל האָט זי העפטיק דערווידערט קעגן זיינע האַנדלונגען. דריי פאַלן איז כדאַי צו פאַרצייכענען:

— בשעת אַ דיסקוסיע אין בונדישן פּאַרטיי־קלוב, אין גראַסער־קלוב, האַרבסט 1918, האָב איך — ווי מיין דעמאָלטדיקער שטייגער איז געווען — שאַרף אָנגעגריפן דעם בונדישן פירער וולאַדימיר מעדעם. אין שטוב האָט די מאַמע מיר אָפּגעשפּילט אַ חתונה פאַר וואָס כ'האָב אַזוי העזהדיק גערעדט קעגן אַזאַ פיינעם און געלערנטן מענטשן.

— אויף דער צאַלרייכער בונדישער פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג אין וואַרשע, ביי די לעדער־אַרבעטער, ערב דער שפּאַלטונג פון בונד, האַרבסט 1921, זענען די איינציקע צווי רעדנערס געווען בייניש מיכאַלעוויטש און איך. אין מיין רעדע האָב איך אַ זאַג געטאָן צו מיכאַלעוויטשן: „דער דאָזיקער זאָל און די זאַלן פון די אַרבעטער־פאַראיינען זענען צו ענג פאַר איינעם פון אונדז. די טירן זענען אָפן צעפּראַלט פאַר איך, געוועזענע רעוואָלוציאָנערן" — און מיט אַ האַנטזשעסט האָב איך געוויזן מיכאַלעוויטשן די טיר. אַהיימקומענדיק האָט די מאַמע מיך אויפגענומען מיט אַ ירגזון. „ס'טייטש — האָט זי צו מיר געשריגן — ווי האָט מען דאָס אַזאַ חוצפּה אַזוי צו באַליידיקן אַן עלטערן און וואָזשנעם מענטש, צו ווייזן דעם חבר מיכאַלעוויטש די טיר ?"

— געווען איז דאָס אין אַ פּריוויטק צו נאַכטס, אין דעם אָוונט ווען ס'איז פאַר־געקומען די שפּאַלטונג אין בונד. איך בין דאַן געווען אין שטוב, נאָר וואָס אויפ־געשטאַנען פון בעט נאָך אַ שווערער טיפוס־קראַנקייט. די בונדישע פירנדיקע טוערין, שׂרה שוועבער, האָט מיר אָפּגעשטאַט אַ וויזיט. אין מיטן פון אונדזער שמועס זענען אַריינגעקומען עטלעכע פירנדיקע קאָמבונדיסטן און מיר געמאָלדן דעם אָקערשט־אָנגענומענעם באַשלוס פון דער קאָמבונדישער פראַקציע זיך צו קאָנסטי־טויִרן ווי אַ באַזונדערע פּאַרטיי. איך האָב געגעבן מיין הסכּמה און געזאָגט צו מיין גאַסט: „איצט קען איך איך, סאַרע, באַטראַכטן נאָר ווי אַ פּריוואַטע פּערזאָן און בלויז ווי אַ פּערזענלעכן פריינד". און שׂרה שוועבער האָט פאַרלאָזט די וווינונג.

נאָכן אַוועקגיין פון מיינע קאָמבונדישע חברים האָט די מאַמע מיינע אויסגע־בראָכן אין אַ געיאָמער און געשריגן: „וואָס האָסטו געטאָן ? דו וועסט שוין אין דיין לעבן מער נישט קענען זיין קיין דאָזאַר ! די איינציקע טרייסט מיינע אין מיין לעבן איז געווען צו דערלעבן דעם טאָג דיך צו זען ווי אַ דאָזאַר אין דער יידישער גמינע, און דו האָסט זיך אַפילו נישט קיין קרים געטאָן און געזאָגט דיין חברטע סאַרע, אַז אַלץ איז צווישן אייך געענדיקט. כ'האָב אַלע מאָל מורא געהאַט פאַר דיין בייז בלוט, און איצט איז דאָס דיר קאַפּויר געקומען" — און די מאַמע האָט זיך באַגאָסן מיט הייסע טרערן.

אין פאַרלויף פון מיין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט האָט די מאַמע מיינע זיך באַקענט מיט אַ ריי פירערס און טוערס פון בונד, פון קאָמבונד און פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן, און געהאַט וועגן יעדן איינעם אַ מיינונג און אַן אָפּשאַצונג.

אירע ליבלינגען אין בונד זענען געווען וויקטאָר שולמאַן און בייניש מיכאַלעוויטש: „ווילע מענטשן" — פלעגט די מאַמע וועגן זיי זאָגן. אַ גוט וואָרט האָט זי תּמיד געהאַט פאַר שׂרה שוועבער: „ווען זי וואָלט אַ ביסל יינגער געווען, וואָלטסטו געמעגט מיט איר חתונה האָבן; זי פּאַסט זיך אַריין אין אונדזער משפּחה; מ׳זעט, דאָס מענטש קען ליידן". ליב געהאַט האָט זי הערשל הימלפאַרבן: „אַ יונג אַ מזיק" — פלעגט זי וועגן אים זאָגן.

גרויס רעספּעקט האָט די מאַמע געהאַט פאַר וולאַדימיר מעדעם: „ער האָט געדאַרפט זיין אַ דאָקטער, אַ פּראָפעסאָר". דאָס איז געווען דער העכסטער אַטעסטאַט, וואָס די מאַמע האָט געקענט ווּעמען געבן פאַר זיין אינטעליגענץ און געלערנטקייט. נישט באַקוועם האָט זי זיך געפילט אין דער אַנוועזנהייט פון יוזעפן, גערופן אים „דער פריץ מיט די וואָנסעס" אָדער „פּאַמיעשטשיק", און ערנסט האָט זי מיך אַ מאָל געפרעגט: „הערש ליב, דער יוזעף מיט די וואָנסעס איז טאַקע אַ סאָציאַליסט?" דער בונדישער פירער י. פּאָרטנאָי (יוזעף, נח) האָט מיין מוטער גראָד גערן געהאַט און ליב געהאַט צו כאַפּן מיט איר אַ שמועס בשעת זי פלעגט אַרויפקומען צו אים נאָך אַ טייל פון מיינע פּאַרטיי־שׂכירות בעת מיין אָפּוועזנדיקייט פון וואַרשע, און יוזעף איז נתפּעל געווען פון איר געזונטן שׂכל.

ליב געהאַט האָט די מאַמע צו הערן רעדן גרשון זיבערט: „ווי שיין ער איז, אַזוי שיין רעדט ער, ער צערייסט דאָס האַרץ" — פלעגט די מאַמע זאָגן וועגן זיבערטס וויינענדיקן אופן פון רעדן. מיט ערפורכט פלעגט זי דערמאָנען דעם יונג־פאַרשטאָר־בענעם יאַנעק־יאַנקעלעוויטש.

געהאַט האָט אויך די מאַמע אירע אַנטיפּאַטיעס צווישן געוויסע פון די בונדישע טוערס, וועמענס נעמען איך האַלט נישט פאַר נייטיק צו דערמאָנען.

מיט אַ זעלטענער ליבע האָט די מאַמע זיך באַצויגן צו די יינגערע טוערס פון בונד, דערנאָך פון קאָמבונד און פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן, צו מיינע חברים און פריינד איזאַק גרינבערג־זשאַן און אַבע פלוג. מיט חסידישער התפּעלות פלעגט זי רעדן וועגן זשאַנס איידלקייט און פון דער קלוגשאַפט פון דעם „שמדניק" אַבע. קיין זאַק באַרשט וואָלט זי נישט אָוועקגעגעבן פאַר יחיאל ניימאַן און פאַר יוסף באַסאַק (יוסף ליפּשיץ).

מיט יראת־הכּבוד האָט זיך די מאַמע מיינע באַצויגן צו די פירנדיקע טוערס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן, יידן און פּאָליאַקן, מיט וועלכע זי האָט זיך געלעגנהייטלעך געטראָפן.

וועגן דעם פּיאָנער פון קאָמוניזם אין דער יידישער סביבה אין פּוילן, הענריק־

סטאַך־זאַטאַרסקי, פֿלעגט זי זאָגן: „ער איז נישט גרויס אין וווּקס, אָבער פֿול מיט חכמה". וועגן סטעפֿאַניאַ סעמפּאָלאָווסקאַ, דער קעניגין אויפֿן געביט פֿון פּעדאַגאָגיע אין פּוילן, פֿלעגט די מאַמע זאָגן: „אַזעלכע גויִים וועלן זײַן אין גן־עדן". וועגן אָסטראָווסקי, יאַקוב דוטלינגער, פֿראַנצישעק לענטשיצקי, אײנער פֿון די הויפּט־פֿירערס און טוערס צו העלפֿן ייִדן אין דער צײַט פֿון דער היטלער־אָקופּאַציע אין פּוילן, פֿלעגט זי זאָגן: „ווען אַלע זאָלן זײַן אַזעלכע מענטשן, וואָלט געווען גוט אויף דער וועלט".

אויך די נישט סענטימענטאַלע טוערס פֿון די פּאָליטישע באַוועגונגען, מיט וועלכע די מאַמע האָט זיך געטראָפֿן, האָבן וועגן מײַן מוטער געהאַט די געהויבנסטע מיינונג, געלויבט איר לעבנס־חכמה, צוגעשפּיצטע משלים, שאַרפֿע אַרײַנזאָגעכצער, און געהאַט פֿאַר איר גרויס אָפּשײַ.

די שווערע לעבנס־באַדינגונגען און די אימפּליקאַציעס פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן אונטערגעזענקט מײַן מוטערס געזונט. זי איז קראַנק געוואָרן אויף אַ שווערער אַסטמע.

בשעת מײַן פֿאַרברענגען אין תּפֿיסה, 1922–27, איז זי באַהאַנדלט געוואָרן פֿון אַ רײ מײַנע חברים, דאָקטוירים־קאָמוניסטן. באַזונדערס האָט זיך מיט איר פֿאַרנומען דער אויסגעצייכנטער מעדיקער, ליבער מענטש און גוטער חבר, ד"ר שטערן. יעדעס מאָל ווען כ'פֿלעג זיך טרעפֿן מיט ד"ר שטערן אָדער מיט דער דאָקטאָרין ליטאָווער האָבן זיי מיט אַ סך ליבע גערעדט וועגן מײַן מוטערס קוראַזש און רויִקייט בײַם איבערטראָגן אירע ווייטיקן.

געשטאָרבן איז די מאַמע מײַנע אין האַרבסט 1928. איך בין בײַ דער לוויה נישט געווען. די לאַגע פֿון אַ פּראָפֿעסיאָנעלן רעוואָלוציאָנער אין באַדינגונגען פֿון אומלעגאַליקייט זענען אָפֿט מאָל אַזעלכע, אַז מ'איז נישט קיין בעל־הבית איבער זיך און מ'קאָן נישט תּמיד טאָן וואָס מען וויל, אָדער זײַן צו דער צײַט בײַ געוויסע געשעענישן. בשעת מײַן מוטערס טויט בין איך אין וואַרשע נישט געווען; כ'האָב זיך געפֿאָרעט אַרום דעם היסטאָרישן גענעראַל־שטרייק פֿון די וועבערס אין לאָדזש און אין לאָדזשער ראַיאָן. די ידיעה וועגן מײַן מאַמעס טויט איז צו מיר דערגאַנגען שוין נאָך דער קבורה.

דאָס לעבן פֿון מײַן מוטער האָט אָפֿט אַבסאָרבירט מײַן געדאַנק. כ'האָב אַ סך געטראַכט וועגן מײַן מאַמעס ראָלע ווי אַ פֿרוי, אַ מוטער און אַ פּרנסה־געבערין, און וועגן איר גײַסטיקן מהות.

געווען איז די מאַמע אַ ווערדיקע פֿאַרטרעטערין פֿונעם טיפּ ייִדישע פֿרויען, וועלכע זענען גלײַכצײַטיק געווען אי אַן אשת־חיל פֿאַר זייער פֿאַמיליע, אי קנאַיִש אין זייער רעליגיעזער ייִדישקייט.

די רעוואָלוציע־יאָרן פון 1905 און די יאָרן פון און נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן באַדייטנדיק רעדוצירט דעם דאָזיקן טיפּ יִדישע פּרוי אין פּוילן; די נאַצישע רוצחים האָבן דעם דאָזיקן טיפּ יִדישע פּרוי אין פּוילן פולשטענדיק אומגעבראַכט.

אָפט מאָל טראַכט איך וועגן דער גייסטיקער ירושה, וואָס כ׳האָב פון מיין מאַמען געירשנט, און איך האָב די אומבאַשיידענע איינרעדעניש, אַז געירשנט האָב איך פון מיין מוטער דאָס נישט בייגן זיך פאַר קיין קלעפּ, וואָס דאָס לעבן דערלאַנגט, און דעם טיפן גלויבן — אַ גלויבן נישט אין געטלעכער השגחה, אין אַ גן־עדן און אין אַ גיהנום, נאָר אַז די מענטשלעכע געזעלשאַפט קען און מוז געענדערט ווערן אויפן יסוד פון גלייכהייט, צדק און יושר.

# דער זיידע

מיין איינציק לעבן־געבליבענער שוועסטער
ביילע בעקערקונץ־ראָזענבערג —
די ערשטע סאָציאַליסטין אין דער משפחה —
אַ מתנה.
ה. מ.

אין אַלע קרייזן, אין וועלכע דער זיידע האָט פאַרקערט — פּריצים, סוחרים, חסידים — האָט מען אים באַטראַכט פאַר אַ חכם און פאַר אַ וועלטמענטש.

אין אונדזער שטוב האָט דער זיידע פאַרנומען דעם סאַמע אויבנאָן און מ׳האָט זיך באַצויגן צו אים מיט דעם גרעסטן דרך־ארץ. צו זיינס אַ מיינונג האָט מען זיך צוגעהערט, זיינס אַ פאַרלאַנג איז מיט ליבשאַפט אויסגעפירט געוואָרן. די עלטערע שוועסטער זענען קודם כּל געגאַנגען צום זיידן מיט זייערע פּראָבלעמען. די מאַמע האָט בכלל נישט געוווסט וואָס מיט איר טאַטן צו טאָן: דאָס בענקל צום זיצן האָט זי פריִער גוט אָפּגעווישט, דאָס עסן — תמיד געגרייט מיט אַ ריין טישטעך און סער־ווירט מיט די יום־טובדיקע זילבערנע מעסערס, גאָפּל, לעפל, אויב זיי זענען נישט געווען פאַרזעצט אין לאָמבאַרד. דעם טאַטנס באַציִונג איז געווען אַ מער איינגע־האַלטענע, אָבער אויסערלעך מיט דעם פולסטן רעספּעקט.

מסתמא איז דער זיידע אַ מאָל געווען אַ גביר. דאָס נעמען פאַר איידעמס אַזעלכע יונגע־לייט, ווי דער טאַטע פאַר דער עלטסטער טאָכטער, און איינעם פון

דער רייכער און מיוחסדיקער משפחה בערענט פון גריצע פאַר דער צווייטער טאָכ־טער, און חוץ די נדנס, צוזאָגן 15 יאָר קעסט, די איידעמס זאָלן במנוחה קענען זיצן און לערנען — האָט געקענט זיך דערלויבן נאָר אַ ייִד אַ גביר.

עפּעס איז געשען, און דער זיידע איז געוואָרן אַ יורד. די איידעמס, דער טאַטע שוין אַ מטופל מיט פינף קינדער און דער פעטער מיט דריי קינדער, האָבן צוליב דעם זיידנס מאַטעריעלער ירידה געמוזט שאַפן פאַר זייערע פאַמיליעס אַן אַנדער קוואַל פון חיונה.

דער זיידע האָט אַלע יאָרן געצאָלט חובות. אין זכרון טויכט אויף די סצענע ווען דער זיידע — אַן ערך צוויי יאָר פאַר זיין טויט — האָט אין שטוב אויף אַ פּייערלעכן אופן דערקלערט: נעכטן האָב איך, מיט השם יתברכס הילף, באַצאָלט דעם לעצטן חוב.

די מאַטעריעלע ירידה האָט דער זיידע דורכגעטראָגן מיט אַ סך ווערדע.

אַ הויכער, אַ שלאַנקער, אַ לענגלעך פּנים מיט אַ הויכן למדנישן שטערן, אַ נישט גרויס און זייבער־געהאַלטן בערדל, אַ פּעדאַנט אין דער קליידונג, אַלץ האָט אויף אים געפּעכלט פון ריינקייט. די וועש האָט געמוזט געוואַשן ווערן אין דער פּראַלניע, נישט, חלילה, אין שטוב אָדער אַפילו ביי אַ וועשין. אַן איידעלע באַציִונג צו מענטשן און אַן אַריסטאָקראַט אין זיין אויסערלעכער האַלטונג, מיט פיינע מאַניערן: אין גאַנג, ביים טיש און ביים רעדן, ווי ער וואָלט געענדיקט אַ שולע פאַר אַריסטאָקראַטן אין ענגלאַנד.

געווען איז דער זיידע אַ שטרענג פרומער און חסידישער ייִד און ביי יעדער גע־לעגנהייט געפאָרן צום פּורעסאָווער רבין. אויסגעטיילט האָט אים פון אַנדערע חסידים פון זיין חסידים־שטיבל די ציכטיקייט פון זיינע קליידער, די שנייוויסקייט פון זיינע העמדער און די אויסערלעכע האַלטונג. די חסידים האָבן אים, צוליב זיינע דערמאָנטע אייגנשאַפטן, גערופן „כראַביע פּאַטאַצקי”.

דער זיידע האָט זיך ראַדיקאַל געענדערט ווען ער האָט זיך געפונען אין אַ חסי־דישער סביבה: ביים רבין, אין שטיבל ביי שלוש־סעודות און מלווה־מלכּה, אויף חסידישע שמחות, ביים טאַנצן אדג״ל. דעמאָלט איז דער זיידע געווען דער היפּוך פון אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר, און פונקט ווי די אַנדערע חסידים — עקזאַלטירט, התלהבותדיק און חסידיש צעבראַסטעט.

אין אונדזער שטוב איז אָבער דער זיידע געווען אַ מקיל, האָט מלמד זכות געווען אויף די וועלעכצער און אויף געוויסע מעשׂים פון די עלטערע שוועסטער און פון מיר, און נישט איין מאָל געוואָרנט דער מאַמען, זי זאָל נישט זיין צו שטרענג צו די קינדער. איך קען דרייסט פעסטשטעלן, אַז דער זיידע איז, פאַר זיין צייט און פאַר זיין פרומען און חסידישן שטאַנד, געווען אַ פּראָגרעסיווער און טאָלעראַנטער מענטש. ער האָט געקוקט אויף דער וועלט מיט אויגן פון אַ מענטש, וואָס פאַרשטייט די ענדערונגען פון דער צייט.

דעם זיידנס באַשעפטיקונג איז געווען אַ בראַקאַר און אַ נאָמן, ד״ה אַ מבין אויף האָלץ און אַן אויפזעער ביים האַקן די ביימער אין די וועלדער.

געווען איז דער זיידע אַ גרויסער מבין אויף האָלץ. פּריצים און גרויסע וואַלד־סוחרים האָבן אויף זיין מבינות געקויפט און געהאַקט דאָס האָלץ אין די געקויפטע אָדער אין זייערע אייגענע וועלדער. ווי אַ ייִדה, האָט דער זיידע נישט געהאַט קיין רעכט זיך צו געפינען אין צענטראַל־רוסלאַנד אָדער אין סיביר. די גראַפן זאַמאָיסקי, בראַניצקי און אַנדערע פון זייער מין האָבן שוין געפונען די געהעריקע וועגן צו קריגן פאַר דעם זיידן די נויטיקע ווינרעכט.

די פּריצים און די גרויסע וואַלד־סוחרים פלעגן דעם זיידן אויך מיטנעמען קיין דאַנציק, קעניגסבערג און לייפּציק. דער זיידע איז אין אין די דאָזיקע ערטער און אין די שטעט און וועלדער פון צענטראַל־רוסלאַנד אָדער סיביר געפאָרן אין זיין טראַדיציאָנעלער קליידונג: אַ לאַנגע קאַפּאָטע, אַ טוכן פּויליש־ייִדיש היטעלע, מיט אַ ברייטן טלית־קטן מיט לאַנגע ציצית איבער די הויזן, און ער האָט מיטגענומען ספרים צום לערנען.

געווען איז דער זיידע אַ פיזיש שטאַרקער מענטש און אַלע זיינע יאָרן נישט געוווּסט פון קיין קראַנקייט. ער פלעגט הייבן מיט די אַקסלען ווען ס׳איז ווער אין שטוב קראַנק געוואָרן. צו 72 יאָר איז ער געגאַנגען גלייך און פעסט, ווי ער וואָלט געווען אַ 30־יאָריקער יונגער־מאַן. אויף דעם 73סטן יאָר פון זיין לעבן איז ער קראַנק געוואָרן אויף דער פּראָסטאַטע. אין אַ מיטן דער נאַכט האָט מען אים געמוזט נעמען אין שפּיטאָל. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו לאָזן מאַכן אַן אָפּעראַציע און עטלעכע וואָכן נאָכן צוריקקומען פון שפּיטאָל איז ער אין גרויסע יסורים אַוועק פון דער וועלט.

די לוויה פון מיין זיידן איז אין דעם יאָר פון זיין טויט געווען איינע פון די אימפּאָזאַנטסטע אין וואַרשע. אַ מאַסע חסידים, רביים און רבנים האָבן זיך באַטייליקט אין זיין לוויה. ס׳זענען נאָכגעפאָרן פּריצישע קאַטשן און אַ גרויסע צאָל דראָשקעס. מספּיד געווען האָט אים דער ביאַלאָבזשעגער רב. נאָך דער קבורה זענען אין אונדזער שטוב אָנגעקומען טעלעגראַמעס און בריוו פון די סאַמע יחסנים פון דער פּוילישער פּריצישער וועלט און פון אינלענדישע און אויסלענדישע האָלץ־סוחרים, און אויך געלטסומעס, וואָס מען איז דעם זיידן שולדיק געווען פאַר זיין אַרבעט אין די וועלדער.

דער טויט פון מיין זיידן, דעם פּורעסאָווער חסיד, ירחמיאל קאַגער, איז אין דער חסידישער וועלט באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ גרויסער אבידה.

אָנגענומען איז, אַז אייניקלעך ירשענען די אייגנשאַפטן פון די זיידעס. איך קען נישט זאָגן, אַז כ׳האָב געירשנט וועלכע ס׳איז פון מיין זיידנס מעלות: זיין טאַקט, פיינע מאַניערן, ציכטיקייט פון קליידונג און פיזישע ריינקייט.

דאָס איינציקע, וואָס איך האָב פון זיידן מיינעם מעגלעך געירשנט איז — חסי־

דישע עקזאַלטאַציע ביים דורכפירן פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע פונקציעס. אין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן איז אָבער עקזאַלטאַציע אָפט מאָל מער חסרון ווי מעלה.

## שוועסטער און ברידער

די מוטער מיינע האָט געהאַט 10 קינדער: זיבן טעכטער און דריי זין. אין שטוב זענען געווען 9 לעבעדיקע קינדער. איין מיידל, געבוירן פאַר מיר, איז אַוועק פון דער וועלט אין צווייטן יאָר פון איר לעבן — אַ קרבן פון דער כאָלערע, וואָס האָט אין פוילן געבושעוועט אין די סוף 80ער און אין די 90ער יאָרן פונעם פריערדיקן יאָרהונדערט.

די קינדער אין אונדזער שטוב זענען נישט ענלעך געווען איינער צום אַנדערן, נאָר באַזונדערע טיפּן און אייגנאַרטיקע כאַראַקטערן, ווי זיי וואָלטן נישט געשטאַמט פון די זעלבע עלטערן.

די עלטסטע שוועסטער, חנה, איז געווען אַ שיינע און אַ קלוגע, די שענסטע און די קליגסטע. מיט איר פלעגט די מאַמע זיך אָפט שואל עצה זיין.

זייענדיק אַ סקלעפּאָווע אין אַ סאָדע־וואַסער־געוועלבל אין דער פוילישער געגנט, האָט מיין שוועסטער חנה זיך צוגעאייגנט די פּוילישע שפּראַך, גערעדט און געליינט פּויליש. זי האָט געליענט גראָבע ביכער, מיינסטנס, איבערזעצונגען פון פראַנצייזישע בולוואַר־ראָמאַנען פון אַ קנאַפּן ליטעראַרישן ווערט. צי זי האָט אויך געקענט שרייבן פּויליש — איז מיר שווער צו זאָגן.

די סאָדע־וואַסער־געוועלבלעך, ווינטערצייט — אויך מיט זיסוואַרג און פרוכטן, זענען אין וואַרשע אין די ערשטע יאָרן פון איצטיקן יאָרהונדערט און אין די רעוואָ־לוציע־יאָרן פון 1905, געווען זאַמלפּלעצער פאַר רעוואָלוציאָנערן און רעוואָלוציאָ־נער־געשטימטע מענטשן, און געדינט אויך ווי אַ מין קלוב פאַר די שכנים. פון די אינטעליגענטערע באַזוכערס האָבן די עלטערע צוויי שוועסטער, חנה און חיה, איבערגענומען מאַניערן פון פיינער האַלטונג, אַן איידעלן אופן פון רעדן און אַ טאַקט־פולע באַציִונג צו מענטשן.

חנה איז געווען אַ ראַציאָנאַליסטקע, באַדאַכט אין דענקען און אויסגערעכנט אין איר האַנדלונג. איר ראַציאָנאַליזם האָט איר אָבער גאָרנישט געהאָלפן ביים אויסקלויבן זיך אַ חתן. פאַר די רעוואָלוציע־יאָרן פון 1905 איז די מאַמע געווען די יעניקע, וואָס האָט באַשטימט דעם גורל פון אירע קינדער און געבראַכט מיין שוועסטער חנהן אַ חתן אַ לערנער פון אַ קליין שטעטל, נישט קיין איבעריק שיינעם,

און זי חתונה געמאַכט. זי האָט צוגעזאָגט אַ סומע נדן און אַ געוויסע צאָל יאָרן קעסט, אוןביידע התחייבותן נישט געהאַלטן; נישט ס׳איז געווען געלט און נישט אַ געהעריקע וווינונג.

איך געדענק, ווי ס׳וואָלט נעכטן געווען, אַז אויף מיין שוועסטער חנהס חתונה, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1903 אָדער 1904, האָב איך געמאַכט אַ געוואַלד דערזעענדיק דעם חתנס שוידערלעך מיאוסע שוועסטער.

אין 1922 בין איך געקומען קיין מאָסקווע ווי פאַרטרעטער פון יידישן קאָמוניסטישן אַרבעטער־בונד — „קאָמבונד״ פון פוילן צו אַ פּלענום פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, און נאָענט צוזאַמענגעאַרבעט מיט דעם אויסערגעווייגלעך באַגאַבטן, טאַלאַנטפולן, און טיפּישן באַהעם קאַרל ראַדעק. ביי אַ געלעגנהייט האָב איך צו ראַדעקן אַ זאָג געטאָן: אייגנטלעך, קען איך דיך שוין אַ 20 יאָר. דעמאָלט אָבער ביסטו געווען אין דער געשטאַלט פון אַ פּראָווינצער יידישע מויד מיטן נאָמען ראָצע. און כ׳האָב ראַדעקן דערציילט די געשיכטע פון מיין שוועסטערס חתונה און דעם געוואַלד, וואָס כ׳האָב געמאַכט דערזעענדיק דעם חתנס „שיינע״ שוועסטער.

(קאַרל ראַדעק, איז ווי באַוווּסט, געווען אַן אויסנאַמלעך מיאוסער מאַנספּאַרשוין. ער פלעגט אָבער אויף דעם סאַמע וויציקסטן אופן זיך אַליין קיבעצן און גוטמוטיק אויפנעמען פון אַנדערע אַ וויץ אויפן חשבון פון זיין „אַפּאָלאָ״־פּנים).

מיט מיין שוועסטער חנה האָב איך ליב געהאַט פון צייט צו צייט צו כאַפּן אַ שמועס און זיך צוהערן צו אירע קלוגע און זאַכלעכע רייד, און צו אירע דערינערונגען פון די יאָרן פאַר און פון דער רעוואָלוציע פון 1905. איך פלעג אויפמערקזאַם זיך צוהערן, ווען זי האָט פאַר מיר געשילדערט פאַרשיידענע מענטשן, מענער און פרויען, וועלכע האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן, מיט לאַנגע יאָרן קאַטאָרגע און פאַרשיקונג, פאַר זייערע סאָציאַליסטישע אָדער אומאָפּהענגיקייט־אידעאַלן; וועגן די שטרייטן, וואָס זענען ביי איר אין סאָדע־וואַסער־געוועלבל פאָרגעקומען צווישן די אָנהענגערס פון די פאַרשידענע ריכטונגען און באַוועגונגען.

געהאַט האָט מיין שוועסטער חנה אַ בילדלעכן אופן פון רעדן און ס׳איז געווען אַ תענוג זי צו הערן. שמועסנדיק מיט איר, האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז אין איר האַרץ איז פאַראַן אַ נישט פאַרהיילטע ווונד פון אַ ניט דערגאַנגענער ליבע אין אירע יונגע יאָרן, און אַז איר אויסגעטרוימטער איז געווען נישט קיין ייד. ווען כ׳פלעג מיין שוועסטער אַ קיבעץ טאָן אויף דער טעמע ווי די מאַמע האָט זי פאַרשלייערט, האָבן טרערן ווי פּערל אַ בלישטשע געטאָן אין אירע אויגן.

חנה האָט מיט איר זיווג אָפּגעלעבט אַ 36–37 יאָר, געהאַט 5 קינדער — 3 טעכטער און 2 זין. געפירט זיך אולטראַ אָרטאָדאָקסיש. זי איז געווען די איינציקע פון מיינע שוועסטער, וואָס האָט געטראָגן אַ שייטל.

מיין שוועסטער חנה מיט איר מאַן און ביידע זין, איינער אין וואַרשע און דער אַנדערער אין פּאַריז, האָבן געטיילט דעם גורל פון די זעקס מיליאָן יידן. די טעכטער,

איינע אין װאַרשע, אַ צװייטע אין פּאַריז און אַ דריטע אין מאָסקװע — האָבן באַװיזן זיך צו ראַטעװען.

מיט מיין שװעסטער חיה, די צװייטע לויט דער ריי, האָט דאָס שטיקעלע מזל געטאַנצט אַ ברוגז־טאַנץ. דער גורל האָט איר נישט געזשאַלעװעט קיין צרות און קיין האַרץ־װייטיק.

אַ מיטלװוּקסיקע, אַ שלאַנקע, היינט װאָלט אַזאַ פיגור געװען אַן אַטראַקציע. צו יענער צייט איז עס באַטראַכט געװאָרן פאַר מאָגער און דאַר. אַ לענגלעך פּנים מיט געזיכטשטריכן, אָנגעלאָדענע מיט גוטסקייט. אויגן, װי די מאַמעס, — גרוי־גרינע, אין װעלכע ס'האָט זיך שטענדיק אָפּגעשפּיגלט אַ פראַגע־צייכן: אַ היתּכן אָדער אַ מאַי קאָ משמע לן. לייכטע, געמיטלעכע, עטװאָס פּוילע באַװעגונגען. אַ געזיכט, ענלעך צו די בילדער־געמעלן פון די מאַדאָנעס, װאָס האָט געצויגן אויפמערקזאַמקייט און אַרויסגערופן סימפּאַטיע. אַ שׂכל אַ גראַדער, אַן כיטרעקייט און אָן שפּיצלעך. דאָס אומגאַנג־לשון — תּמיד דירעקט. די מאַמע פלעגט װעגן איר זאָגן: „צאָ נאַ לינגאַ, טאָ נאַ צינגאַ". אַן אַטראַקטיװ, חנעװדיק מיידל, װאָס האָט געקענט געפעלן.

געװען איז מיין שװעסטער חיה אַ געבוירענע סאַמאַריטאַנקע. אין אונדזער הויזגעזונד איז זי, חוץ דער מאַמען, געװען די, װאָס האָט צום מיינסטן געטראָגן דעם עול און יאָך פון דער שטוב. אַלץ, װאָס איז אין שטוב פאָרגעקומען, איז איר אָנגעגאַנגען. אין אַ צרה איז זי געװען די ערשטע אונטערצושטעלן אַ פּלייצע. איז װער קראַנק געװאָרן, האָט זי זיך אָפּגעגעבן מיטן חולה, אַפילו אין די יאָרן פון איר עגונהשאַפט פלעגט זי פאַרנאַכלעסיקן די פּרנסה און טראָגן הילף דעם באַדערפטיקן משפּחה־מיטגליד.

לויטן כאַראַקטער און געמיט, האָט זי געדאַרפט זיין אַ מעדיקער, אַ קינדער־דאָקטער, לכל הפּחות — אַ קראַנקן־שװעסטער. דער גורל האָט אָבער געװאָלט, זי זאָל פון אירע יינגסטע יאָרן זיין אַ פאַרקויפערין פון סאָדע־װאַסער, זיסװאַרג און פּרוכטן.

אין אירע יונג־מיידלשע יאָרן האָט מיין שװעסטער חיה געהאַט אַ סך פאַר־ערערס, אייראָפּעיִש געקליידטע. ס'איז דערפון גאָרנישט געװאָרן. די רעװאָלוציע־יאָרן פון 1905 האָבן ביי דער מאַמען צוגענומען די גבורה צו שאַלטעװען מיט די טעכטער און זייערע פאַרשלייערן מיט װעמען זי האָט געװאָלט. זי איז מער נישט אומשטאַנד געװען צו ברענגען פון דער פּראָװינץ אַ לערנער אַ כּניאָק און אים חתונה מאַכן פאַר איר צװייטער טאָכטער. די מאַמע האָט אָבער צו יענער צייט נאָך געהאַט גענוג כּוח נישט צו װעלן אַ גאַלעבראָדע פאַר אַן איידעם און נישט צו דערלאָזן איר צװייטע טאָכטער זיך „אַרומשלעפּן" — דער מאַמעס אויסדרוק — מיט קורץ־געקליידטע פּאַצעטן. ליידער, האָט מיין שװעסטער חיה נישט פאַרמאָגט דעם כאַראַק־

טער און דעם ווילן צו רעוואָלטירן קעגן דער מאַמען און צו טאָן ווי זי האָלט פֿאַר ריכטיק און נייטיק, ווי דאָס האָבן שפּעטער געטאָן די שוועסטער נאָך איר.

ווען ס׳זענען אַריבער עטלעכע יאָר און קיין שידוך לויט דער מאַמעס געשמאַק האָט זיך נישט געמאַכט, האָט די מאַמע אָוועקגעקוקט פֿון איר יחוס און באין־ברירה מסכּים געווען די טאָכטער אירע זאָל חתונה האָבן מיט וועמען ס׳לאָזט זיך, אָבי נישט פֿאַרזיצן אין גרויען צאָפּ אַריין, און זי האָט זיך געמאַכט נישט זעענדיק דאָס שפּאַצירן פֿון איר צווייטער טאָכטער מיט אַ קורץ־געקליידטן בחור. ס׳האָט שוין געהאַלטן אָט־אָט ביי תּנאים. פּלוצעם האָט מיין שוועסטער חיה איבערגעריסן אירע באַציִונגען מיט איר חתן און קיין שום געבעט, און אויך נישט די אונטערגעשיקטע שתּדלנים, האָבן נישט געקענט פּועלן צו ענדערן איר באַשלוס.

די סיבה איז געווען פֿאָלגנדיקע:

אויף דער זשעלאַזנע־גאַס, וווּ די עלטערן מיינע האָבן צו יענער צייט געהאַט זייער סאָדע־וואַסער־פֿאַבריקל און אויך אַ געוועלבל, אין וועלכן מיין שוועסטער חיה איז געווען די פֿאַרקויפֿערין, זענען געווען צוויי ערליי שאַנדהייזער: אָרדינערע און טייערע. אַ חברטע האָט מיין שוועסטער דערציילט, אַז אין דעם און דעם טאָג, אין דער און דער שעה, האָט זי געזען דעם יונגן־מאַן, וואָס שדכנט זיך צו איר, אַריינגיין אין איינעם פֿון די טייערע שאַנדהייזער. ווען דער חתן־בחור איז געקומען אויף אַ באַזוך, האָט אים די שוועסטער אויף אַ נישט העפֿלעכן אופֿן משלח געווען.

אויף וויפֿל איך ווייס, איז מיין שוועסטער חיה נישט גלייכגילטיק געווען צום דאָזיקן בחור און אין שטוב האָט מען עס געהאַלטן פֿאַר אַ גליק־שידוך. אין די שפּעטערע יאָרן, בשעת מיינע שמועסן מיט דער שוועסטער חיה, ווען ס׳איז צו רייד געקומען וועגן דעם דערמאָנטן פֿאַל, האָט זי אויף מיין פֿראַגע, פֿאַר וואָס זי האָט אַזוי אימפּעטיק געהאַנדלט, אויסגעמיטן צו געבן אַן ענטפֿער. דער שטילער זיפֿץ און אַ טרער אין אירע אויגן האָט דעם ענטפֿער געגעבן.

שפּעטער איז געקומען אַן אַנדער אומגליק.

אין שכנות אויף דער זשעלאַזנע־גאַס האָט זיך געפֿינען אַ שפּייז־געוועלבל. דער אייגנטימערין פֿון געוועלבל האָט מען גערופֿן „די קופּקע". זי איז נישט געגאַנגען אין קיין שייטל, נאָר אין אַ פֿאַרצייטישן טשיפּעק. „די קופּקע" האָט נישט געהאַט קיין מאַן און אירס אַ זון יאַנקל איז געווען אין מיליטער. נאָכן צוריקקומען פֿון מיליטער איז דער יאַנקל און מיין שוועסטער ווי צוגעזאָטן געוואָרן צו זיך. אַלע האָבן געהאַלטן, אַז דאָס איז אַ גלייכע פּאָר, ממש אַ זיווג מן השמים. דער בחור — אַ הויכער, אַ ברייטפּלייציקער, מיט אַן אָפֿן ליכטיק פּנים — האָט געקענט געפֿעלן אַ מיידל. די מאַמע איז געווען אין זיבעטן הימל: נישט קיין עם־הארץ, אַ גוטער בעל־מלאכה, אַ בראָנזאָוניק פֿון פֿאַך, אַ גוטער פֿאַרדינער, פֿון אַ פֿיינער משפּחה. שבת, געקליידט אין טראַדיציאָנעל ייִדישע מלבושים. די מאַמע האָט די אויגן אויסגעקוקט אויפֿן טאָג פֿון די תּנאים. ס׳איז אָבער דערפֿון גאָרנישט געוואָרן. „די

קופּקע״, יאַנקלס מוטער, האָט נישט דערלאָזן צום שידוך. יאַנקל האָט חתונה געהאַט מיט אַ פֿאַרמעגלעך מיידל און נאָך דער חתונה פֿאַרלייגט אַ גרויסן און אַ מאָדערנעם וואַרשטאַט.

אין די צוואַנציקער און אין די דרייסיקער יאָרן, ווען מיין שוועסטער חיה האָט געלעבט אַ וויסט לעבן פֿון אַן עגונה, האָט דער נעמלעכער יאַנקל איר כּסדר געמאַכט פֿאָרשלאָגן וועגן צוזאַמענלעבן, וועגן גיין וווינען צוזאַמען אין וואַרשע אָדער אַוועקפֿאָרן אין אַן אַנדער לאַנד. מיין שוועסטער חיה האָט אַלע זיינע פֿאָר־שלאָגן אָפּגעוואָרפֿן. איר ענטפֿער איז געווען: איך וויל נישט פֿאַרבעסערן מיין לעבן אויפֿן חשבון פֿון יענעמס אומגליק.

אַרום 1911 איז מיין שוועסטער חיה געוואָרן אַ כּלה. וואָרשיינלעך איז דאָס געווען אַ גערעדטער שידוך. דער חתן, וועמענס נאָמען ס'איז געווען שׂמחה בינעם גרייצער, איז געווען אַ שטובן־מאָלער, פֿון אַ פֿאַרמעגלעך חסידיש־יחוסדיקער משפּחה. דער איינציקער אַרבעטער אין זיין פֿאַמיליע. דאָס חתונה האָבן מיטן דאָזיקן בחור איז איר אָנגעקומען מיט גרינע ווערעם מיט קופּערנע פּיסקלעך. יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק האָט עס געהאַלטן אָט־אָט, אַז דער שידוך איז אויס.

איך געדענק מיין שוועסטער חיהס חתונה גאַנץ גענוי. כ'בין דאָך שוין דעמאָלט אַלט געווען אַ 14–15 יאָר. די חתונה איז געווען אַ באַלעבאַטישע, אין דער „ווינער סאַליע״, מיט אַ לייטישן מאָלצייט, אַ געהעריקן אָרקעסטער און מיט אַ באַקאַנטן מאַרשעליק, און — מיט אַן אויסגעצאָלטן, געסילוקטן נדן. די מאַמע האָט דאָס געקענט באַהויפּטן אין זיידנס זכות: דער זיידע האָט שוין נישט געלעבט, און די פּריצים און וואַלד־סוחרים, פֿאַר וועמען ער האָט געהאַט געאַרבעט, האָבן דער מוטער מיינער אָפּגעצאָלט די חובות, וואָס זיי זענען דעם זיידן שולדיק געווען. איינער פֿון די כראַביעס, אַן אַלטער גרייז־גרויער מאַן, איז אַפֿילו ספּעציעל געקומען צו פֿאָרן אויף דעם פּאַן ראַכמילס אייניקלס חתונה.

איך געדענק מיין שוועסטער חיהס חתונה אויך צוליב אַ סקאַנדאַל, וואָס כ'האָב שיִער נישט גורם געווען: אין גאַנג פֿון דער שׂמחה נעמט מיך אַוועק אין אַ ווינקל פֿון זאַל איינער פֿון דעם חתנס ברידער, אַ צלאַפּעוואַטער חסיד אין אַן אַטלעסענער קאַפּאָטע און אין אַ שטריימל, און פֿרעגט מיך מיט רוגזה: „אַ טלית־קטן גייסטו״? און ער פֿאָדערט פֿון מיר, איך זאָל אים תּיכּף ווייזן, צי כ'האָב אויף זיך אַ טלית־קטן. געענטפֿערט האָב איך אים אויף אַ וווּלגאַרן אופֿן און געכאַפּט זיך שלאָגן. עמעצער האָט מיך אַוועקגעשלעפּט און דער צוזאַמענשטויס איז געבליבן אומבאַמערקט.

נאָך דער חתונה האָט דער נדן און די הילף פֿון מיין שוואָגערס משפּחה געהאָלפֿן דעם יונגן פּאָרפֿאָלק עפֿענען אַ שיין קאָלאָניאַל־געשעפֿט אין דער פּוילישער געגנט, אויף קרוטשע־גאַס. דער אַנטי־ייִדישער באָיקאָט האָט צו יענער צייט אין וואַרשע געבליט אין זיין פֿולער קראָפּעווע־בלי'עכץ. נאָך אַ צוויי־יאָריקער עקזיסטענץ האָט דאָס פּאָרפֿאָלק געמוזט אויפֿגעבן די קראָם. די שוועסטער מיטן מאַן און אַ קליין קינד

האָבן זיך אַריינגעצויגן אין מיינע עלטערנס וווינונג פאַרנעמענדיק אַ לעצט קליין צימער.

זומער 1914 האָט מיין שוואָגער שׂמחה בינעם גרייצער געאַרבעט ווי אַ שטובן־מאָלער און געפּלאַנט דעם קומענדיקן יאָר צו גיין פאַר זיך. אויף דעם דריטן טאָג נאָכן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער אַרויס פון מיינע עלטערנס הויז און מער נישט צוריקגעקומען. אַלע דעמאָלטדיקע און שפּעטערדיקע זוכונגען און אויספאָרשונגען האָבן נישט געבראַכט קיין רעזולטאַטן. ער איז פאַרפאַלן געוואָרן, ווי די ערד וואָלט אים איינגעשלונגען. מיין שוועסטער חיה איז געבליבן אַ לעבן־לאַנגע עגונה.

אין 1936 איז זי מיטן זון און אַ שנור אַוועק קיין פּאַריז. אויך פון דאָרט זענען נישט געקומען קיין פריילעכע ידיעות וועגן איר מאַטעריעלן מצב. אָבער אין אירע בריוו האָט זי מיר פאַרזיכערט, אַז כ׳וועל באַקומען די מעגלעכקייטן צו קומען קיין פּאַריז (איך בין צו יענער צייט שוין געווען באַזייטיקט פון דער קאַמ. פּאַרטיי פון פוילן).

אַזוי האָט מיין שוועסטער חיה, די גוטע נשמה, דער פיינער און ערלעכער מענטש, די בעסטע אין כאַראַקטער אין מיין פאַמיליע און די איבערגעגעבנסטע שוועסטער, פון אירע יינגסטע יאָרן געהאַט אַן אומגליקלעך לעבן. די מאַמע פלעגט אויפן חשבון פון דער דאָזיקער שוועסטער זאָגן: „אַ קוויינט מזל איז מער ווי אַ פוד שׂכל".

חיה, איר זון און זיין פאַמיליע זענען דורך די נאַציס אומגעבראַכט געוואָרן און קיינער ווייסט נישט זועז, ווו און ווי אַזוי זיי זענען אַרעסטירט געוואָרן און אומגעקומען.

דער שׂר של מזל האָט מיט מיין שוועסטער חיה אומאויפהערלעך געשפּילט אַ טראַגישע להכעיס־שפּיל.

די דריטע שוועסטער לויט דער ריי,ביילע, אַ פריזירקע (אַ שייטל־מאַכערין) פון פאַך, איז געווען די לעגענדע אין אונדזער שטוב — די ערשטע סאָציאַליסטין אין מיין פאַמיליע, און זי האָט געטראָגן אויף איר קאָפּ די קרוין פון ערלעכקייט.

אין אירע יונגע יאָרן איז ביילע געווען אַ מיטגליד פון דער פוילישער סאָציאַ־ליסטישער פּאַרטיי (פּ.פּ.ס.).

אין אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן, בשעת דעם גרויסן עקאָנאָמישן קריזיס אין אַמעריקע, איז מיין שוועסטער ביילע מיט איר פאַמיליע, אַ מאַן און צוויי זין, אַוועק קיין ביראָבידזשאַן. זי האָט פאַרבראַכט אַ צוויי יאָר אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און שפּעטער מיט דער פאַמיליע זיך אומגעקערט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אין שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען האָט זי באַוויזן אויפצוהאָדעווען צוויי באַ־גאַבטע זין. איינער, אַ כעמיקער־אינזשעניר, אַ פּראָפעסאָר אין אַמעריקאַנער אוני־

וועדסיטעטן און אַ מחבר אויף זיין געביט, דער צווייטער — אַן עלעקטראָ־טעכניקער און אַ ביבליאָפיל.

די דאָזיקע שוועסטער האָב איך זייער ווייניק געקענט. זי איז פרי אַוועק פון דער היים. לאַנגע יאָרן האָט זי געוווינט אין פּאַריז און זינט דער ערשטער וועלט־מלחמה — אין די פּאַראייניקטע שטאַטן. די עטלעכע מאָל, וואָס כ׳האָב זיך מיט איר געטראָפן אין די לעצטע 20 יאָר, גיבן מיר נישט די מעגלעכקייט פאַר אַ געהעריקער כאַראַקטעריסטיק פון איר פּערזענלעכקייט.

שׂרה, די פּערטע שוועסטער אין דער ריי, איז געווען אַ נישט געשליפענער ברילִיאַנט פון אַ קינסטלער.

שׂרה האָט קוים געקענט לייענען יידיש. זי האָט געלייענט האַרצרייסנדיקע ראָמאַנען פון שמר, בלושטיין, זייפערט, הערמאַלין און ענלעכע. פון פאַך איז זי געווען אַ נייטאָרין פון וועש. אויף די אַרבעטס־פּלעצער האָט זי זיך אויסגעלערנט רעדן עטוואָס פּויליש, אַ שלעכטן פּויליש, אָבער אין איר פּראָפעסיע איז זי געווען אַן אויסערגעוויינלעכע קינסטלערין. אָן דער מינדסטער שולבילדונג איז זי בכּוח געווען צו מאַכן די אָריגינעלסטע מוסטערן און די וווּנדערבאַרסטע צייכענונגען.

זי איז פרי געגאַנגען אַרבעטן פאַר זיך און פאַרגעזעצט איר אַרבעט אויך נאָך דער חתונה. אין אונדזער שטוב, און שפּעטער אין איר אייגענער וווינונג, פלעגן אירע קליענטקעס און קליענטן ביי איר זיך ממש בעטן זי זאָל פאַר זיי מאַכן וועש אָדער איבערצוג. צווישן איר קליענטעלע האָבן זיך געפונען די וויכטיקסטע פיגורן פון דער פּוילישער אַרטיסטישער וועלט. זיי פלעגן צו איר קומען, קלעטערנדיק 5 שווערע און פינצטערע שטאָק שטיגן, גאַפן און שטוינען, ווען זי פלעגט מיט אירע קורצזיכטיקע אויגן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר, וואָס איז איר געקומען אונטער דער האַנט, צייכענען אַ נייעם מוסטער אָדער אַ נייע באַפּוצונג פאַר וועש אָדער בעטציַיג.

קיין גליקן האָט מיין שוועסטער שׂרה פון איר טאַלאַנט נישט געמאַכט. געוווינט אין אַ נישט וואָזשנער דירה און בדוחק געהאַט פּרנסה, געאַרבעט אַליין און נאָר פון צייט צו צייט מיט אַ מיידל אַ געהילף. אירע קליענטקעס, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען אַזעלכע טעאַטער־שטערן ווי נעוויאַראָווסקאַ, פּאַגאַזשעלסקאַ א״אַ, האָבן איר מערערע מאָל פאָרגעלייגט צו עפענען — ווי זיי האָבן עס גערופן — אַ ״סטודיאָ״ אין דער רייכערער פּוילישער געגנט און איר פאָרגעשלאָגן פינאַנציעלע הילף. זי פלעגט אויסהערן, בלאָס שמייכלען, צושאָקלען מיטן קאָפּ, ווי זי וואָלט מסכּים געווען — און זיך נישט גערירט פון דער וווינונג אויפן פינפטן שטאָק אויף דער זלאָטע־גאַס נומער 77 אין וואַרשע, וואָס איז באַשטאַנען פון אַן איינצל־צימער מיט אַ קיך.

איך האָב מיין שוועסטער שׂרה אָפט מאָל געפרעגט פאַר וואָס זי נעמט נישט אָן די פאָרשלאָגן פון אירע קליענטקעס, באַשעפטיקט נישט קיין אַרבעטערינס און

פֿאַרבעסערט נישט איר מערכה. שׂרהס ענטפֿער פֿלעגט זיין אויפֿן טאָטנס שטייגער: אָן עקשנותדיק שווייגן. ווען איך בין געוואָרן צודרינגלעך, איז איר ענטפֿער געווען, אַז זי קען נישט געטרויען איר אַרבעט אין פֿרעמדע הענט, אַז זי וויל בעסער הנאה האָבן פֿון אירס אַ גוט געמאַכט שטיקל אַרבעט ווי קריגן אַ האַרצשלאַק צוקוקנדיק זיך צו אַ פֿאַרטאַטשנער מלאכה.

משמעות, אַז מיין שוועסטער שׂרה האָט אַזאַ ענטפֿער געגעבן אויך אַנדערע מענטשן חוץ מיר. זי, ווי אַ פּראַקטאַטיפֿ, איר וווינונג און איר דערקלערונג פֿאַר וואָס זי וויל נישט ענדערן איר אַרבעט און לעבנס־מעמד, האָבן פֿאַר עמעצן געדינט ווי אַ מאַטעריאַל פֿאַר דער בינע.

ווינטער 1920 האָט די קעניגין פֿון דער אַפּערעטע און קליינקונסט־בינע, די יונג־פֿאַרשטאָרבענע פּאַגאַזשעלסקאַ, אין אַ טעאַטער אויף נאַווי־שוויאַט (דער נאָמען פֿון טעאַטער איז, דאַכט זיך, געווען „מאַרסקע אָקאָ״), אין וועלכן זי האָט געקיניגט, געשפּילט אַן אַקט וועגן אַ נייטאַרין און איר קליענטעלע (פּאַגאַזשעלסקאַס פּאַרטנערן זענען געווען: דער אַקטיאָר רענטגען און נאָך אַן אַקטריסע, וועמענס נאָמען איך געדענק נישט). אויף אַ וווּנדערלעך סטיליזירטן אופֿן, דעקאָראַטיוו און שוישפּילע־ריש, איז די סצענע געווען קאָפּירט פֿון מיין שוועסטערס וווינונג און פֿון איר ווי אַ פּראַקטאַטיפֿ. בלויז די קליענטן זענען געווען פֿיקטיוו.

די פּאַגאַזשעלסקאַ האָט געשפּילט די נייטאַרין. אירע באַוועגונגען, דאָס שטורכען מיט די קורצזיכטיקע אויגן דעם בלייפֿעדער אויפֿן פּאַפּיר, און דער טעאַטראַלער פּאַקוס פֿון אַפּערשלעפֿן פֿון אונטער דער צייכענונג אַ פּאַר דאַמענוועש, מייטקעס, נאַכטהעמדער, און וויזן מוסטערן און צייכענונגען, האָט ביי די צושויערס אַרויס־גערופֿן סאַלוועס פֿון געלעכטער. נישט קיין כאַמסקע הירזשען, נאָר, ווי ביי שלום־עליכמען, אַ געלעכטער דורך טרערן. די פֿראַזע: „כ׳וויל בעסער הנאה האָבן פֿון מיינס אַ גוט געמאַכט שטיקל אַרבעט, איידער קריגן אַ האַרצשלאַק צוקוקנדיק זיך צו פֿאַרטאַטשנער מלאכה״, האָט אַרויסגערופֿן אַ שטורעם פֿון אַפּלאָדיסמענטן. ווען די קוועקזילבערדיקע פּאַגאַזשעלסקאַ פֿאַרוואַנדלט זיך אין אַ דראַמאַטישער אַקטריסע, קערט זיך אָפּ פֿון אַרבעטטיש, גייט מיט פּאַמעלעכע טריט צו דער ראַמפּע, הייבט לאַנגזאַם אויף אירע הענט, בלייבט שטיין ביי דער ראַמפּע מיט אויפֿגעהויבענע הענט און דעקלאַמירט אין שטילע טענער די ווערטער: „גאָט, ווי נעמט מען אַ סך אַזעלכע קינסטלערס בעל־מלאכהס״ — האָט דעם עולם צושויערס פֿאַרגליווערט אויף די ערטער און ס׳האָט געדויערט אַ לאַנגע ווײַלע איידער אַ הוראַגאַן פֿון אַפּלאָדיסמענטן האָט אויסגעבראָכן.

מיין שוועסטער שׂרה איז נישט געווען קיין פֿרומע. זינט דער ערשטער וועלט־מלחמה איז זי געווען אַ סימפּאַטיקערין פֿון בונד. נישט קיין קעמפֿער אין דער נאַטור, איז זי אין די יונגע יאָרן, אין די יאָרן פֿון פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, גע־צווונגען געווען צו פֿירן אַ קאַמף מיט דער מאַמען פֿאַר אַ ביסל מער פֿערזענלעכער

פרייהייט און וועלטלעכקייט. שׂרהס צוויי טעכטער זענען אָבער געווען פרום. זיי זענען געווען מיטגלידערינס פון אַ רעליגיעז־ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע און אויף זייער אופן געדריקט אויף דער מוטער פאַר מער רעליגיעזע מנהגים און פאַר אַ מער רעליגיעזן שטייגער לעבן.

די שוועסטער שׂרה מיט איר מאַן און עלטסטער טאָכטער, אַ זייער באַגאַבט מיידל, אויף וועמען זי האָט געלייגט אַלע אירע האָפענונגען ווי אַ יורש אין איר פּראָפעסיע, זענען אומגעבראַכט געוואָרן צוזאַמען מיט אַלע יידן פון וואַרשע דורך די נאַצישע רוצחים.

די שוועסטער, חוה, די פינפטע אין דער רייע — „דאָס מרשעת", ווי מ'האָט זי אין שטוב גערופן, איז געווען אַ געמיש פון אַן עגאָצענטריק און אַ סימולאַנט.

זי האָט געמוזט זיין די ערשטע צום באַקליידן. יעדע זאַך, וואָס ס'האָט זיך געפונען אין שטוב און געטויגט פאַר אַ מיידל, האָט קודם־כּל געדאַרפט געהערן צו איר. זי האָט נישט געפרעגט קיין שאלות און „געבאָרגט" קליידער, וועש און אַנדערע זאַכן, וואָס האָבן געהערט צו די עלטערע שוועסטער. אין פאַל פון אַן אָפּזאָג אָדער ווידערשטאַנד, איז איר געווער געווען געוויין און געשריי. אויב דאָס האָט נישט געהאָלפן, איז זי קאַפּאַבל געווען זיך צו שלאָגן.

פון פאַך אַ שניידערין, נישט קיין וואָזשנער בעל־מלאכה, פאַרדינט וואַסער אויף קאַשע, אָבער אַ מינע און אַן אָנשטעל האָט זי געמאַכט, ווי זי וואָלט געווען איינע פון די סאַמע־ראַדנע מאָדעליסטן.

גאַנץ אָפט האָט מען מיין שוועסטער חוה געזען מיט אַ פּויליש בוך אונטערן אָרעם — מיט אַ באַנד מיצקעוויטש, נאַרוויד, און אַפילו טאָוויאַנסקי. געווען איז זי אַ קנאַפּע קענערין און אַריינגעקוקט אין די ביכער האָט זי ווי אַ האָן אין בני־אָדם. פון וואַנען זי האָט געוווּסט אויסצוקלייבן און צו פּאַראַדירן מיט ביכער פון אַ הויכער ליטעראַרישער קוואַליטעט — ווייס איך נישט.

פּויליש רעדן האָט זי זיך אויסגעלערנט אויף די אַרבעטס־פּלעצער, אין וועלכע זי איז געווען באַשעפטיקט. איר פּויליש איז נישט געווען קיין געהויבענער, אָבער אַ סך אַ בעסערער ווי ביי דער עלטערער שוועסטער שׂרה. ביי יעדער געלעגנהייט האָט זי גערעדט פּויליש און אויך אין איר יידיש אַריינגעבראַקט אַ סך פּוילישע ווערטער.

געדרייט האָט זיך מיין שוועסטער חוה אין דעם קרייז פון די בונדישע „פּאַפּאַלאַשו"־מיידלעך — אַ גרופּע מיידלעך פון באַלעבאַטישע הייזער, אין וועמענס הימען מ'האָט גערעדט יידיש, אָבער צווישן זיך — פּויליש. אין די בונדישע אַרבעטער־קרייזן זענען זיי מיט פאַראַכטונג גערופן געוואָרן „פּאַפּאַלאַשו־מיידלעך".

חוה האָט געטאָן אַ געראָטענעם און אַ גליקלעכן שידוך, חתונה געהאַט אָן נדן, אויסשטייער און אָן אַ חתונה־מאָלצייט און גענומען בלויז חופּה־קידושין ביי אַ רב.

איר אויסדערוויילטער, יחזקאל פּערלמאַן, באַקאַנט אונטערן נאָמען „דער קליינער כאַסקעלע", איז געווען אַן אבן־טוב: אַן איידעלער, פיינער און אינטעליגענטער שניידער־אַרבעטער, איינער פון די יחסנים צווישן די הויך־קוואַליפיצירטע מענער־פּריוואַט־שניידערס אין וואַרשע. זי האָט געלעבט מיט אים אַ צופרידן לעבן.

אין 1923, אַ דאַנק איר איניציאַטיוו, פאַרלאָזט דאָס פּאָרפאָלק וואַרשע און באַזעצט זיך אין פּאַריז. אין פּאַריז עפנט זי אַ שניידער־אַטעליע, נעמט איבער די געשעפטלעכע זייט און פירט דערפאָלגרייך מיט דער אונטערנעמונג ביז די נאַציס אָקופּירן פּאַריז. די שניידער־אַטעליע פון קליינעם כאַסקעלע ווערט אין פּאַריז אַ שם־דבר. דאָס געמאַכטע מלבוש איז פון דער העכסטער קוואַליטעט. דאָס אַרבעטן ביי כאַסקעלען איז דער בעסטער אַטעסטאַט, אַז דער געגעבענער אַרבעטער איז אַ הויך־קוואַליפיצירטער בעל־מלאכה.

געהאַט האָט מיין שוועסטער חוה דריי קינדער: איין זון און צוויי טעכטער. דער זון — אַ דאָקטאָר־מעדיצין, די יינגסטע טאָכטער — אַ טוערין און אַ שרייבערין אין דער פראַנצייזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז מיין שוועסטער חוה דער־שאָסן געוואָרן דורך די נאַציס ערגעץ אין פראַנקרייך. דער מאַן און די קינדער האָבן זיך באַוויזן צו ראַטעווען.

נאָך מיר איז ווידער געווען אַ מיידל, רבקה — די איינציקע אין אונדזער שטוב, וואָס האָט געהאַט עלעמענטאַרע שולבילדונג.

וועגן דער דאָזיקער שוועסטער בין איך לחלוטין נישט אומשטאַנד עפּעס צו דערציילן. זי איז נישט פאַראַן אין מיין זכרון, אַפילו איר אָפּבילד איז ווי פאַרשוווּמען.

דאָס איינציקע קאָנקרעטע, וואָס איך געדענק וועגן מיין שוועסטער רבקה, איז, אַז אין דער צייט ווען כ'האָב זיך געפונען אין תפיסה, אין די צוואַנציקער יאָרן, האָט זי חתונה געהאַט מיט אַ בעקער און זיי האָבן נישט לאַנג געלעבט צוזאַמען. דער מאַן איז אַוועק קיין ארץ־ישׂראל און איר נישט געוואָלט געבן קיין גט.

אויך די שוועסטער רבקה האָט געטיילט דעם גורל פון די יידן אין וואַרשע.

דער אַכטער אין דער ריי איז געווען אַ יינגל, יחיאל דוד, — אַ טיפּ פון אַ מיטלמעסיקייט און פון אַ קמצן.

אַ ברייטפּלייציקער, נידעריקער פון מיטלוווּקס, דער נידעריקסטער אין דער פאַמיליע. נישט קיין למדן, אָבער אויך נישט קיין עם־הארץ, געקענט לייענען און שרייבן, געהאַט אָבער אַ קנאַפּן אינטערעס אין גייסטיקע ענינים. לייענען אַ טאָג־צייטונג און אַ ביכל — מהיכי־תיתי, אָבער קיין נויטווענדיקייט איז דאָס פאַר אים נישט געווען. דאָס יידישע טעאַטער פלעגט ער פון צייט צו צייט באַזוכן נאָר צוליב פאַרוויילונג. נישט קיין נאַר, אַ באַזאַכטער, ס'האָט אים אָבער געפעלט אַ טראָפּן

זאַלץ און פעפער אין דער חכמה, און אין שטוב איז ער נישט באַטראַכט געוואָרן פאַר קיין חכם. אויך ווי אַ בעל־מלאכה אין זיין פאַך — אַ זייגער־מאַכער — איז ער געווען אַ מיטלמעסיקייט.

ער איז אָבער געווען דער ריינסטער און דער ציכטיקסטער אין אונדזער שטוב, געגאַנגען אָפּט אין שוויצבאָד. די קליידער ביי אים זענען געווען אָפּגעפּוצטע און די שיך גלאַנציקע. אין דער הינזיכט פון ריינקייט, קערפּערלעכער און פון דער הלבשה, איז ער געווען גרעאַטן אין זיידן.

נישט געקוקט אויפן גרונטיק גלייך אוישבאַפטעלעכן פון סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און נאָך איר, האָט זיך מיין יינגערער ברודער געהאַלטן ווייט פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. געווען אַ מיטגליד פון מעטאַל־פאַראיין און אַ בונדיסט לויט סימפּאַטיעס, אָבער פּאַסיוו. אַפילו בשעת וואַל־קאַמפּאַניעס, ווען הונדערטער יונגע מענטשן, אויסער־פּאַרטייאישע, זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין וואַל־אַקציעס, איז ער געבליבן פּאָליטיש און געזעלשאַפטלעך גלייכגילטיק.

אין שטוב האָט מען מיין יינגערן ברודער, יחיאל דוד, גערופן קמצן. ער איז געווען אויסגערעכנט אויף דער פּרוטה. אַפילו מיט דער מאַמען פלעגט ער זיך דינגען וועגן דעם חלק פון זיין צושטייער פאַר דער שטוב, און נאָכן אָפּמאַך האָט מען פון אים מער נישט געקענט אַרויסקריגן קיין אײן גראָשן.

די מאַמע האָט וועגן אים געזאָגט, אַז זי ווייסט נישט ווי ער מיט זיין כאַראַקטער קומט צו אונדז אין דער משפחה.

אין דער ערשטער העלפט פון די צוואַנציקער יאָרן האָט ער חתונה געהאַט, פאַרלאָזט וואַרשע, זיך באַזעצט אין פּאַריז און געהאַט דאָרט קינדער. אויך אין פּאַריז האָט ער זיך באַשעפטיקט מיט זייגערמאַכעריי און געהאַט פּרנסה.

יחיאל דוד מיט זיין פאַמיליע זענען אומגעקומען. פון זיין פאַמיליע האָבן די נאַציס נישט איבערגעלאָזט קיין זכר.

דער יינגסטער, דער מיזיניק ישראל, יידישלעך גערופן: סרוליק, איז געווען אַן אינטעליגענטער, פעיקער און — אַן אומגליקלעכער.

געבוירן האָט די מאַמע דעם מיזיניק שוין אין אירע עלטערע יאָרן. די עלטסטע שוועסטער חנה האָט שוין דעמאָלט געהאַט צוויי קינדער און סרוליק איז געוואָרן דער ליבלינג אין אונדזער שטוב.

אין חדר האָט זיך מיין יינגסטער ברודער געלערנט זייער גוט. געגאַנגען איז ער, ווי זיין עלטערער ברודער יחיאל דוד, אין דער תלמוד־תורה אויף קראָכמאַלנע 31. די מאַמע האָט שוין מער נישט געהאַט קיין אילוזיעס, אַז אירע קינדער וועלן אויסוואַקסן למדנים, פרומע חסידים, אָדער גאָר רבנים, און די יינגערע ברידער נישט געשטערט צו לערנען וועלטלעכע לימודים. אַדרבא, זי איז געווען צופרידן, וואָס די יינגלעך אירע לערנען זיך גוט דעם וועלטלעכן לימוד.

סרוליק האָט געהאַט אַלע מעלות און אייגנשאַפטן צו קענען פירן אַ שיין און פּאָזיטיוו פאַמיליע־לעבן און צו פאַרנעמען אַן אָרט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן: אַן אָנגענעמער, נישט קיין ליאַלקעוואַטער קראַסאַוועץ, אָבער איינער פון די טיפן יונגע־לייט, וועלכע פאַרמאָגן אַ פלויד צוצוציִען צו זיך פרויען. ער האָט געלייענט און געשריבן איןביידע שפּראַכן, יידיש און פויליש, ליב געהאַט אַ בוך און געלייענט מיט התמדה יידישע און פוילישע ליטעראַטור, זייער ליב געהאַט פּאָעזיע, געקענט רעציטירן פון אויסנווייניק שטיקער פון פּרץ, ביאַליק, מיצקעוויטש און אַנדערע פּאָעטן, ליב געהאַט און פאַרשטאַנען מוזיק און טעאַטער, געקענט אַ שלל מיט לידער, אַריעס און פאָלקסלידער, און איז געווען אַן אָפּטער באַזוכער פון טעאַטער, פון יידישן און פון פוילישן. ס׳איז אַ פאַרגעניגן געווען מיט אים צו זיצן ביי אַ קאַווע און צו כאַפּן אַ שמועס, אַ לייכטן און אַן ערנסטן. זיין שאַרפזין איז געוועבט געווען מיט פעדעם פון איראָניע, אָבער אָן ציניזם.

נישט פרעמד זענען מיר יינגסטן ברודער געווען פּאָליטישע און געזעלשאַפט־לעכע ענינים. ער איז באַקאַנט געווען מיט דער פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער פּראָבלעמאַטיק, אַלגעמיינער און יידישער, און געהאַט אַן אינטערעס אין די דאָזיקע זאַכן, אָבער נישט מער ווי אַ פערזענלעכן אינטערעס.

ער איז געווען אַ מיטגליד פון נאָדל־פאַראיין, אָבער בשום אופן האָט ער נישט געוואָלט ווערן קיין מיטגליד פון דער פאַך־קאָמיסיע פון זיין פאַך, פון די קאַפּעליוש־מאַכערס, אָדער אָנגעמען וועלכן ס׳איז פאַראינאַמט. ער איז געווען אויך אַ סימ־פּאַטיקער פון בונד, אַ סימפּאַטיקער נישט צוליב באַקוועמלעכקייט, ווי אַ סך אַנדערע, נאָר אויס איבערצייגונג, אַנטי־ציוניסטיש און לינק־סאָציאַליסטיש געשטימט, נישט קיין קאָמוניסט, אָבער אָרגאַניזאַציאָנעל צום בונד האָט ער נישט געוואָלט געהערן.

ווען איך האָב מיין בראָטאָק געפרעגט: „היתכן? פאַר וואָס ווילסטו נישט ווערן געזעלשאַפטלעך ניצלעך? דו ביסט דאָך נישט אינדיפירענט צו פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע ענינים?" פלעגט ער לאַכנדיק ענטפערן: „איין ‚מאַכער׳ איז גענוג אין דער משפחה. איך וויל נישט ווערן דיין קאָנקורענט און דיר קאַליע מאַכן די מערכה. כ׳וויל נישט, אַז דיינע חברים זאָלן דיר פאַרוואַרפן אַ ברודער, אַ בונדישן טוער".

סרוליקן האָט מען ליב געהאַט. ס׳האָבן אים ליב געהאַט די אַרבעטער און דער באַלעבאָס פון דער פאַבריק פון דאַמען־קאַפּעליושן, אין וועלכער ער האָט געאַרבעט אין פאַרלויף פון יאָרן. ער איז געווען אַ גוטער אַרבעט־שותּף, אָפט מאָל האָט ער פאַרטראָטן זיין אַרבעט־פּאַרטנער ווען ביי יענעם איז עפּעס געשען אין דער פאַ־מיליע. קענענדיק אַלע טיילן פון זיין פאַך פלעגט ער גערן צווייזן אָדער אַרויס־העלפן די אַרבעטער אין פאַבריק ווען עמעצער פון זיי האָט זיך גענייטיקט אין הילף. אויך קליינצייג, דער פאַבריקאַנט, און די קליינצייג־פאַמיליע, די פרוי און די טעכטער, האָבן אים גערן געהאַט.

ער האָט פאַרמאָגט אַ גוטן כאַראַקטער און אַן אָפּענע האַנט. ווען ער איז געווען ביי געלט, האָט ער דער מאַמען נישט געקאַרגט קיין זלאָטע. ווען איך בין זומער 1927 באַפרייט געוואָרן פון פינף יאָר תּפיסה, האָט ער מיך באַקליידט פון קאָפּ ביז די פיס.

די אַ מעלות און אַטריבוטן האָבן געדאַרפט מיין יונגן ברודער סרוליק מעגלעך מאַכן אַ נאָרמאַל פּריוואַט לעבן און אַפילו אַ געהעריק אָרט אין געזעלשאַפט־לעכן לעבן. געהאַט האָט ער אָבער איין חסרון, וואָס האָט צעשטערט דעם גאַנג פון זיין לעבן: ער איז געווען אַ לײדנשאַפטלעכער שפּילער אין דאָמינע, קאָרטן און אויף פערדלעך, כראָניש קראַנק אויפן געביט פון האַזאַרד־שפּיל, און קיין שום תּרופה, אַפילו שפּעטער, זיין פרוי און קינד, האָט אים נישט געקענט אויסהיילן פון דער דאָזיקער חולאת.

זיין גליקלעכע צייט איז געווען דער סעזאָן פון אַרבעט. פון דעם טאָג ווען דער סעזאָן האָט זיך געשטעלט ביזן טאָג ווען ער האָט זיך געענדיקט, איז מיין ברודער סרוליק געווען דער פּלייסיקסטער און דיסציפּלינירטסטער אַרבעטער, האָט נישט פאַרפעלט קיין שעה ביי דער אַרבעט. דער גרעסטער שאַנס צו געווינען ביי וועלכער ס'איז שפּיל האָט אים נישט געקענט אָוועקנעמען פון דעם אַרבעטפּלאַץ, אָבער ווען דער סעזאָן האָט זיך געענדיקט, ביז דעם טאָג ווען ער האָט זיך ווידער אָנגעהויבן, איז מיין יינגסטער ברודער ווי פאַרענדערט געוואָרן. פון דער פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט ער עוסק געווען אין שפּילן. מיט קיין צוואַנגען האָט מען אים נישט געקענט אָוועקרייסן פונעם שפּילטיש, אָדער איינהאַלטן פון לויפן צו די פערד־געיעגן.

אַזוי האָט אַ יונגער מענטש מיט זעלטענע אינטעליגענץ און פעיִקייט בידים פאַרטאַכלעוועט זיין לעבן. דאָס חולאת פון האַזאַרדשפּיל האָט מיין יינגסטן ברודער אומגליקלעך געמאַכט.

מיין יינגסטער ברודער, ישׂראל בעקערקונץ, האָט מיט זיין פרוי און קינד געטיילט דעם גורל פון די ייִדן אין פּוילן.

## חדרים און מלמדים

דאָס לערנען אין די לערן־אַנשטאַלטן און די לערערס זענען געווען די זעלבע, וואָס עס האָבן געהאַט טויזנטער ייִנגלעך פון פרומע חסידישע היימען, אָרעמע און רייכע: אַ חדר און אַ דרדקי־מלמד, ביי וועמען מ'האָט געלערנט טראַף און עברי, אַ חדר, וווּ מ'האָט געלערנט חומש, אָדער אויך חומש מיט רש"י, אַ חדר אָדער חדרים ווו מען האָט געלערנט גמרא אָדער גמרא מיט מפרשים. דאָס רוב ייִנגלעך

האָבן געלערנט ביז נאָך זייער בר־מצווה, און דערנאָך זענען זיי אַוועק זוכן אַן אָרט צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט. אַ קלענער טייל איז געבליבן ווייטער לערנען אין ישיבות, אָדער „פּאָר זיך" אין די שטיבלעך און אין די בתי־מדרשים. איך האָב אויפגעהערט לערנען גאַנץ פרי, נאָך פאַר מיין בר־מצווה.

די חדרים, אין וועלכע די יינגלעך פון חסידישע עלטערן האָבן געלערנט, זענען אין וואַרשע באַשטאַנען פון צוויי קאַטעגאָריעס: לעגיטימע, אַזעלכע וואָס האָבן געהאַט דערלויבענישן פון דער רעגירונג, און אין וועלכע מ'איז געווען מחויב צו לערנען אַ סכום וועלטלעכע לימודים, און נישט קיין לעגיטימע, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין דערלויבענישן און זיך געפונען מערסטנס אין פּריוואַטע וווינונגען, אין וועלכע ס'איז נישט געלערנט געוואָרן קיין שום וועלטלעכער לימוד. די לעצטע זענען געווען הויפּטזעכלעך חדרים, אין וועלכע מ'האָט שוין געלערנט גמרא. די לעגיטימע חדרים האָט מען גערופן „כּשרע", „לעגאַלע". די נישט־לעגיטימע זענען גערופן געוואָרן „טריפהנע", „אומלעגאַלע", און „פּראָסטע". מ'קען דרייסט זאָגן, אַז מער פון ניינציק פּראָצענט פון די גמרא־יינגלעך פון די חסידישע קרייזן, אָרעמע און רייכע, האָבן געלערנט אין די נישט־לעגיטימע חדרים.

אין די לעגיטימע חדרים האָב איך געלערנט טראַף, עברי און חומש; גמרא און העכערע תּלמודישע לימודים — אין די „פּראָסטע" חדרים. מיין לעצטער חדר איז ווידער געווען פון דער קאַטעגאָריע לעגיטימע.

איך געדענק זייער גוט די חדרים און מיינע מלמדים: זייערע פיזיאָגנאָמיעס, דעם אופן פון לערנען, די טאָפּאָגראַפיע פון די חדרים, ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטן געווען.

אַן אויסנאַם איז געווען דאָס חדר און דער מלמד, ווו כ'האָב אָנגעהויבן לערנען גמרא. בשום אופן קען איך זיך נישט דערמאָנען ווער ס'איז געווען דער מלמד און ווו ס'האָט זיך געפונען דאָס חדר. איך געדענק בלויז, אַז אָנגעהויבן לערנען גמרא האָב איך מיט דער מסכתא בבא־מציעא, אַז דער רבי איז געווען אַ שרעקלעכער כּעסן און קיין מאָל האָט ער זיך נישט געשיידט מיט דעם פינפרימענדיקן קאַנטשיק: געפּאַטשט, געשלאָגן, אויסגעקנייפּט שטיקער פלייש, געשמיסן און אַוועקגעשטעלט מיט אַ „פּעקל" ביי דער טיר. די יינגלעך האָבן דעם רבין שרעקלעך פיינט געהאַט. איין מאָל, בשעת דער רבי איז אַנטשלאָפן געוואָרן, האָבן די יינגלעך צוגעליאָקעוועט מיט טריפּוואַקס זיין באָרד צום טיש.

דאָס בילד פון רבינס אויפכאַפּן זיך פון שלאָף מיט אַ מוראדיקן געיאָמער און זיין בלייבן שטיין מיט אַ שטיק אָפּגעריסענער באָרד — האָב איך קיין מאָל נישט פאַרגעסן.

איך קען אויף באַשטימט נישט זאָגן, צי איך האָב געהאַט עפּעס אַ שייכות מיט דער עקזעקוציע איבער דעם רבינס באָרד. איך געדענק אָבער גאַנץ גענוי, אַז צום סוף פון זמן האָט די מאַמע מיך אָנגעדונגען אין אַן אַנדער חדר.

דאָס ערשטע חדר, ווו כ׳האָב געלערנט טראָף און עברי, האָט זיך געפונען אויף טוואַרדע 58 און איז באַשטאַנען פון עטלעכע שמוציקע און טונקעלע צימערן. דער מלמד — זיין נאָמען געדענק איך נישט — איז געווען אַ הויכער גראָבבייכיקער און צעגאָסענער ייִד מיט אַ שרעקלעך־הייזעריקער שטימע.

דער צווייטער מלמד, ביי וועמען איך האָב געלערנט חומש, האָט געהייסן מאיר. דאָס איז געווען אַ קליין, זויבער יידל, מיט אַ שפּיציק גרוי בערדל און מיט גרויסע אַרויסגעזעצטע אויגענעס. דאָס חדר האָט זיך געפונען אויף פּראָסטע־גאַס נומער 6 און איז באַשטאַנען פון עטלעכע גרויסע און ריינע צימערן. די פענצטער, גרויסע און ליכטיקע, זענען אַרויס אויף אַ זייער ריינעם הויף. אין מיטן הויף האָט זיך געפונען אַ גערטנדל מיט ביימער און קוסטעס. דער סטרוזש איז אָבער געווען אַ רשע־מרושע, ער פלעגט יאָגן די חדר־ייִנגלעך מיט אַ שטעקן אָדער מיטן בעזעם און זיי נישט געלאָזט אויף קיין איין מינוט אַ שפּיל טאָן זיך אויפן הויף. מאירס חדר האָט זיך גערעכנט פאַר אַ מער מאָדערנעם. פאַר וואָס מיינע עלטערן האָבן מיך געלאָזט לערנען אינעם דאָזיקן חדר — ווייס איך נישט. לאַנג, יעדן פאַלס, האָב איך ביי ר׳ מאיר אין חדר נישט געלערנט. די העכערע לימודים, גמרא, רש״י און תּוספות האָב איך געלערנט צו ערשט אין אַ „פּראָסטן" חדר, אויף טוואַרדע 22, און דערנאָך אין דער תּלמוד־תּורה אויף קראָכמאַלנע 31. איינגעקריצט אין זכרון זענען פאַר־בליבן די מלמדים: ר׳ שמחה בינעם, ר׳ שמואל דוד און ר׳ פּנחסל.

דער רבי ר׳ שמחה בינעם האָט מיט זיין אויסערלעכן אויסזען נישט געמאַכט קיין איבעריק אָנגענעמען איינדרוק. געווען איז ער אָבער איינער פון די בעסטע גמרא־מלמדים אין וואַרשע. לערנען ביי ר׳ שמחה בינעם איז געווען אַ פּריווילעגיע פאַר אַ ייִנגל. אין זיין חדר האָבן געלערנט נישט מער ווי אַ 12 תּלמידים פון די מיוחסדיקע און גבירישע הייזער. איך בין געווען דער ייִנגסטער און דער אָרעמסטער.

די מאַמע מיינע האָט געטאָן אַל דאָס מעגלעכע, כּדי צו באַצאָלן דאָס רעדו־צירטע וועכנטלעכע רבי־געלט, אָבער דאָס האָט זיך איר נישט איינגעגעבן און זי איז מיטן שכר־לימוד שטענדיק געווען הינטערשטעליק. די מאַמע האָט זיך אויך באַמיט מיך בעסער צו קליידן, כ׳זאָל נישט פאַרשעמט ווערן פאַר די אַנדערע ייִנגלעך, אָבער אויך דאָס האָט זיך איר גאַנץ קנאַפּ איינגעגעבן.

דער אופן פון מיין רבין ר׳ שמחה בינעמס לערנען איז געווען אַזאַ: פיר טעג אַ וואָך האָט ער געלערנט מיט די תּלמידים דעם שיעור פון וואָך. דאָנערשטיק אין דער פרי האָט ער געלאָזט די תּלמידים לערנען „פאַר זיך" און איינער דעם אַנדערן זאָל אַרויסהעלפן. אַליין איז ער אַריין אין איינער פון די שטיבן פונעם באַלעבאָס, ביי וועמען ער האָט אָפּגעדונגען דאָס צימער פאַרן חדר, און האָט פּערזענלעך געלערנט מיט די ייִנגלעך, וועלכע זענען אָפּגעשטאַנען געווען אין לערנען אין דער געגעבענער וואָך. ער האָט אָבער יעדעס מאָל איבערגעלאָזט אין חדר אַן אַנדער ייִנגל פאַר אַ משגיח, און דער משגיח האָט געדאַרפט אַכטונג געבן, מען זאָל פלייסיק

לערנען און נישט אַרומשטיפן. בדרך כּלל האָבן די תּלמידים אָנגעהאַלטן זעלבסט־דיסציפּלין, אין דעם רבינס אָפּוועזנהייט גאַנץ געשמאַק געלערנט און איינער דעם צווייטן גערן געהאָלפן.

דאָנערשטיק נאָך מיטאָג האָט דער רבי אָנגעהויבן צו פאַרהערן די תּלמידים. אַזוי אויך פרייטיק ביז מיטאָג. דער פרייטיק נאָך מיטאָג איז געווען די תּלמידימס גאַלאָוועקע. מען איז מיטן רבין דורכגעגאַנגען די סדרה מיט דער הפטורה פון דער וואָך, אַ מאָל אויך אַ שטיקל תּנך אָדער אגדות.

נאָכן פאַרלאָזן דאָס חדר פון ר׳ שׂמחה בינעם — צוליב סיבות, וואָס מיר וועט נאָך אויסקומען צו דערציילן — איז מיין מלמד געווען ר׳ שמואל דוד.

דער רבי ר׳ שמואל דוד איז געווען דער מלמד פון דער העכסטער כּיתּה אין דער תּלמוד־תּורה אויף דער קראָכמאַלנע־גאַס נומער 31 אין וואַרשע. געווען איז ער דער אָנגעזעענסטער פון אַלע מלמדים אין דער תּלמוד־תּורה. צו אים האָבן זיך באַצויגן מיט דעם גרעסטן דרך־ארץ די איבעריקע מלמדים, די משגיחים, און אַפילו דער אַפּוטרופּוס פון דער תּלמוד־תּורה, ר׳ יואל וועגמייסטער. די תּלמידים זיינע פלעגן זיך גרייסן דערמיט, וואָס זיי לערנען ביי ר׳ שמואל דודן.

אָנגענומען צו ווערן אין דער כּיתּה איז נישט געווען אַזוי לייכט. ס׳איז נייטיק געווען צו האָבן אַ געהעריקן סטאַנדאַרט אין לערנען און צו קומען פון אַן אָרעמער און חסידישער היים. מ׳האָט געמוזט דורכגיין צוויי שווערע עקזאַמענס: איינער פון די משגיחים און איינער פון רבין ר׳ שמואל דוד גופא, און ער איז געווען דער פּוסק אַחרון. מ׳האָט אויך געמוזט גיין געקליידט אין פּולן טראַדיציאָנעלן טראַכט. יינגלעך אין אַ מאַרינאַרקע אָדער אין אַן אַנדער היטל, ווי דאָס באַקאַנטע וואַרשעווער קליינע קיילעכדיקע טוכענע היטעלע, זענען אין דער דאָזיקער כּיתּה נישט אָנגענומען געוואָרן.

געלערנט אין דער כּיתּה האָבן 18 תּלמידים, נישט מער און נישט ווייניקער. אין פאַל ווען אַ תּלמיד איז אַרויסגעפאַלן אין מיטן זמן, זענען שטענדיק געווען גענוג קאַנדידאַטן דאָס אָרט צו פאַרנעמען.

אויך אין דעם חדר בין איך געווען דער יינגסטער. דער יינגסטער, אָבער נישט דער אָרעמסטער. די תּלמידים אין דער כּיתּה זענען געווען כּולם קבצנים און כּולם אביונים. אין זייערע שטיבן, פּונקט ווי אין מיינער, האָט קיין דלות נישט געפעלט.

דער רבי ר׳ שמואל דוד איז געווען אַ ייד אַ חלוש, געפּירט האָט ער אָבער זיין כּיתּה מיט אַ פעסטער האַנט.

דער מעטאָד פון זיין לערנען איז געווען אַן אַנדערער, ווי פון מיין פריערדיקן רבין, ר׳ שׂמחה בינעם. געלערנט האָט ר׳ שמואל דוד דעם וועכנטלעכן שיעור נאָר דריי טעג אין דער וואָך. די איבעריקע טעג זענען די יינגלעך צעטיילט געוואָרן אין גרופּעס, צו דריי אין אַ גרופּע, און זיי האָבן געדאַרפט לערנען צווישן זיך. דער רבי איז אַרומגעגאַנגען פון איין גרופּע צו דער אַנדערער — הערן, פרעגן

און אויספרעגן. ער איז אויך געווען גרייט צו ענטפערן ווען עמעצער פון אַ גרופּע איז געגאַנגען אים פרעגן אַ שאלה, אָדער אַ שווערע סוגיה אין דער גמרא. די דרײַער־גרופּעס זענען נישט געווען קיין שטענדיקע. יעדע וואָך זענען זיי געטוישט געוואָרן, און יעדער תּלמיד האָט אין פאַרלויף פון זמן דורכגעמאַכט זיין לערנען מיט יעדן איינעם פון זיינע חדר־חברים.

אויך אַנדערש איז געווען ר׳ שמואל דודס באַציִונג צו די תּלמידים ווי פון די אַנדערע מלמדים. ער האָט נישט געהאַט קיין קאַנטשיק, נישט געשלאָגן, נישט געשריגן און זעלטן זיך אָפּילו געבייזערט. דאָס איינציקע, וואָס ער האָט געהאָט, איז געווען אַ ליניייקע. מיט וועלכע ער האָט זיך באַנוצט אַ קלאַפּ צו טאָן אין טיש ווען ס׳איז געווען צו טומלדיק. ס׳איז גענוג געווען, אַז ר׳ שמואל דוד זאָל צורופן אַ יינגל, אויפהויבן זיינע גרויסע און שווערע ברעמען, שאַרף אים אָנקוקן — דאָס יינגל זאָל זיך אונטערגעבן זיין ווילן און דורכפירן זיין באַפעל.

ביי ר׳ שמואל דודן אין דער העכסטער כּיתה אין דער תּלמוד־תּורה אויף קראָמאַלנע 31 האָב איך געלערנט איבער אָנדערטהאַלבן יאָר, פון נאָך פּסח 1907, ביז נאָך סוכּות 1908. שווער איז געווען דאָס לערנען ביי ר׳ שמואל דודן, אָבער דערפאַר מיט גוטע רעזולטאַטן.

אין דער העכסטער כּיתה אין דער תּלמוד־תּורה אויף קראָכמאַלנע־גאַס נומער 31 אין וואַרשע, אין וועלכער איך האָב געלערנט אין עלטער פון 11—12 יאָר, האָט חוץ ר׳ שמואל דוד, דעם שטענדיקן מלמד, מיט די תּלמידים אויך געלערנט ר׳ פּנחסל, ר׳ שמואל דודס זון, וועלכע פלעגט פאַרטרעטן זיין פאָטער אין פאַל פון אַ קראַנקייט, און ר׳ שמואל דוד איז געווען אַן אָפטער חולה.

אין די לומדישע קרייזן איז ר׳ פּנחסל באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ למדן מופלג, פאַר אַ חכם און פאַר אַ וועלטמענטש. די מלמדים, משגיחים, גבאים און די אַפּו־טרופּסים פון דער תּלמוד־תּורה האָבן פאַר אים געהאַט גרויס דרך־ארץ. אויך זיין אייגענער פאָטער, דער באַרימטסטער גמרא־מלמד אין די וואַרשעווער תּלמוד־תּורהס, האָט געהאַט פאַר אים גרויס אָפּשיי. אָפּילו דער הויפּט־אַפּוטרופּוס, ר׳ יואל וועגמייסטער, דער גרויסער גביר, אָנגעזעענער גערער חסיד און טישזיצער אין גערער רבינס הויף, דאָזאַר פון דער יידישער גמינע און אָפּיציעלער יידישער שתּדלן, וועלכער פלעגט פאָרן אין אַ קאַטש מיט גומענע רעדער, געשפּאַנט מיט צוויי פאַר פערד, און אין דער וואָכן גיין אָנגעטאָן ווי אַ פאַלנער דייטש: אַ קורצן שלוס־ראָק, אַ הויכן האַרטן קראַגן, שטייפע ווייסע מאַנזשעטן און אַ צילינדער, שבת פלעגט ער זיין צווישן די חסידים דער שאַרפער חסיד, אין אַ שטריימל און אין דער אַטלאַ־סענער קאַפּאָטע פון דער חתונה, נאָך מיט היפּשע צויטן — אָפּילו ער, ר׳ יואל וועגמייסטער, דער שׂר פון דער חסידישער וועלט אין וואַרשע, האָט פאַר ר׳ פּנחסלען געהאַט גרויס רעספּעקט, איז געשטאַנען פאַר דעם קוים דרייסיק־יאָריקן יונגן־מאַן

מיט דרך־ארץ — האָט זיך נישט אַוועקגעזעצט אידער ר׳ פּנחסל האָט פאַרנומען זיין אָרט. די תּלמוד־תּורה־מנהיגים האָבן זיך מיט ר׳ פּנחסלען געגרייסט, געהאַלטן פאַר אַ כּבוד און פאַר אַ זכיה זיין קומען לערנען מיט די תּלמוד־תּורה־ייִנגלעך. פאַר די תּלמידים איז די צייט, וואָס ר׳ פּנחסל האָט מיט זיי געלערנט, געווען יום־טוב־טעג.

ר׳ פּנחסל איז נישט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלער מלמד. געווען איז ער אַ סוחר און געהאַט אַ גרויס געשעפט פון פאַיאַנס, פון גלאָזוואַרג און פּאָרצעלאַן אויף פּטאַשע־גאַס — דער צענטער פון די הורטאָווע געשעפטן פון פאַיאַנס און אימפּאָר־טירטע פּרוכט. ער איז געווען — וואָס מען רופט — אַ געבוירענער פּעדאַגאָג און משמעות ליב געהאַט דאָס לערנען מיט קינדער.

דאָס לערנען ביי ר׳ פּנחסלען איז געווען אַ מחיה. מ׳האָט נישט געדאַרפט זיך אָנשטרענגען. עס איז נישט געווען קיין האַרבער תּוספות און קיין שווערע סוגיה. אַלץ איז געווען גרינג, איינפאַך און פאַרשטענדלעך. ס׳איז געגוג געווען זיינס אַ וואָרט, אַן אָנמערק, אַ זשעסט, און די תּלמידים זאָלן שנעלער באַהערשן דעם שיעור פון דער וואָך.

דאָס ספּעציפישע אין ר׳ פּנחסלס לערנען זענען געווען זיינע שמועסן מיט די תּלמידים צווישן מנחה און מעריב, באַזונדערס ווינטערצייט. אין פאַרלויף פון אַ שעה אָדער אַנדערטהאַלבן פלעגט ר׳ פּנחסל דערציילן די תּלמידים וועגן פאַרשיידענע וועלטזאַכן, פאַרגאַנגענע און אַקטועלע: פון רמב״ם, פון דער שפּאַנישער אינקווי־זיציע, פון משה מאָנטעפיאָרע, פון דרייפוס־פּראָצעס, פון דער רוסיש־יאַפּאַנעזישער מלחמה; מעשׂיות פון דער גמרא, פון מוסר־ספרים, חסידישע געשיכטעס, און אויך פון זיין אייגן לעבן: פון זיין לעבן ווי אַ סאָלדאַט אין דער צאַרישער רוסישער אַרמיי, פון די שיינקייטן פון די קאַווקאַזער בערג און פון שוואַרצן ים, פון די קעלטן אין אוראַל, פון די פּראַכטקייטן פון די פּעטערבורגער פּאַלאַצן און פּראָספּעקטן, און פון דער גרויסקייט פון די פּעטערבורגער ייִדישע אַדוואָקאַטן. זיין שטיל סאַמעטן קול האָט אַריינגעדרונגען אין די הערצלעך און ווי דערקוויקנדיקער ווייַן זיך צעגאָסן אין די אברים פון זיינע יונגע תּלמידים. די תּלמידים זיינע וואָלטן אַוועקגעגעבן יאָרן פון זייער לעבן צו קענען הערן די פאַסצינירנדיקע געשיכטעס און דערציילונגען פון זייער יונגן רבין.

ר׳ פּנחסל האָט אין די תּלמידים זיינע אויך איינגעפּלאַנצט אַ ליבע צו קונסט און אַנטוויקלט אַ חוש פאַר שיינקייט. געשען איז דאָס נישט ווי אַ לימוד, נאָר ווי אַ צופעליקייט, אָבער מיט אַ נישט קלענערן דערפאָלג, ווי דאָס וואָלט געווען אַ סיס־טעמאַטישער לימוד.

ווען ער איז נישט געווען אין געשעפט און האָט געלערנט מיט זיין פאַטערס תּלמידים, פלעגט די פרוי זיינע אָדער ווער פון זיינע באַשעפטיקטע מענטשן ברענגען אין חדר אַריין אַ מוסטער פון גלאָזוואַרג אָדער פון פּאָרצעלאַן און וויזן עס ר׳

פּנחסלען, הערן זײַן מבֿינות אָדער רעדן מיט אים װעגן פּרײַז. מיט דעם געבראַכטן קעגנשטאַנד פֿלעגט ר׳ פּנחסל צוגײן צום פֿענצטער, גוט און אָלזײַטיק עס באַטראַכטן, אין די מערסטע פֿאַלן איבערלאָזן דעם קעגנשטאַנד אין חדר, און בײַ דער ערשטער געלעגנהײט דעמאָנסטרירן פֿאַר די תּלמידים דעם קרישטאָלענעם אָדער דעם פֿאַר־צעלאַנענעם חפֿץ, אילוסטרירן פֿאַר זײַנע יונגע צוהערערס און צוקוקערס די כּלערלײ שײנקײטן פֿון אַ דין און אײדל־געשליפֿענעם גלעזערנעם כּוס, פֿון אַ קרישטאָלענעם באָקאַל, פֿון אַ קאַפֿע־שעלעכל פֿון דעם דעליקאַטסטן פֿאַרצעלאַן, פֿון אַן אַרטיסטיש־געמאָלטן טעלער אָדער װאַזע, דערצײלן פֿון װאָס פֿאַר אַ לאַנד און שטאָט דאָס קומט און װאָס פֿאַר אַ פּרײַז דאָס האָט, טײל מאָל אױך דערקלערן װי אַזױ ס׳װערט געמאַכט.

אין דער תּלמוד־תּורה אױף קראַכמאַלנע־גאַס 31 זענען װעגן ר׳ פּנחסלען אַרומ־געגאַנגען אַן אַ שיעור מעשׂיות און לעגענדעס. די תּלמידים פֿון ר׳ שמואל דודס כּיתּה האָבן אין זײער פֿרײַער צײַט ליב געהאַט זיך צו דערצײלן און איבערצודער־צײלן די פֿאַנטאַסטישע געשיכטעס און לעגענדעס װעגן זײער יונגן רבין:

— נאָך װי אַ ייִנגל האָט ר׳ פּנחסל געשמט װי אַן עילוי. װען ער האָט געדאַרפֿט שטײן צום פּריזיװ, האָט דער אַלעקסאַנדערער רבי, װעמענס אַ חסיד ר׳ שמואל דוד איז געװען, נישט דערלאָזט ר׳ פּנחסלען זיך מאַכן אַ מום כּדי אױסצומײדן דאָס גײן דינען אין רוסישן מיליטער. דער אַלעקסאַנדערער רבי האָט זײַן פֿאַרבאָט דער־קלערט דערמיט, אַז עס איז אַן עבֿירה צו מאַכן אַ שטשערב אין אַ שײנער כּלי, און ר׳ פּנחסל איז אַ כּלי יפֿהפֿה. ער האָט רעקאָמענדירט צו צערן זיך. מ׳האָט ר׳ פּנחסלען געמסרט און נישט די ברכות פֿון אַלעקסאַנדערער רבין, נישט דאָס צערן זיך, און נישט די גרױסע סומעס כּאַבאַר האָבן געקענט העלפֿן. זײַענדיק אַ הױכער און אַ שײנער מאַנספּאַרשױן איז ר׳ פּנחסל אַװעקגעשיקט געװאָרן דינען אין דעם מיוחסדיקן קאַװאַלעריע־גװאַרדיע־פּאָלק, װאָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פֿון דער צאַריצע מאַריאַ פֿיאָדאָראָװנאַ.

געװען איז ר׳ פּנחסל דער אײנציקער ייִד אין זײַן פּאָלק. ער האָט געדינט אין קאַװקאַז, אין סיביר, אין פּעטערבורג און אין דער צײַט פֿון זײַן מיליטערדינסט דערדינט זיך צו דעם העכסטן ראַנג װאָס אַ ייִדישער סאָלדאַט אין אַזאַ פּאָלק האָט זיך געקענט דערדינען: גרײַ בענדלעך. אין דער גאַנצער צײַט פֿון זײַן סלוזשבע האָט ר׳ פּנחסל נישט פֿאַרפֿעלט אַ טאָג צו לײגן טלית־און־תּפֿילין אָדער צו דאַװנען אַ מנחה־מעריבֿ, און נישט פֿאַרזוכט קײן כּזית קאַזאַרמע־ברױט און קײן לעפֿל געקעכטס פֿון דעם קאַזאַרמע־קעסל.

אין פּעטערבורג האָט ר׳ פּנחסל געהאַט סלוזשבע אין פֿאַרשידענע פּאַלאַצן און אין קײסערלעכן הױף. אין אים — װי די לעגענדע האָט דערצײלט — האָט זיך פֿאַרליבט אַ פּירשטין. ס׳איז אים פֿאַרגעלײגט געװאָרן מיט איר חתונה צו האָבן מיט דעם תּנאַי זיך צו שמדן, און דערנאָך װעט מען שױן זאָרגן, אַז ער זאָל געאַדלט װערן. ר׳ פּנחסל האָט זיך פֿון די אַלע גליקן אָפּגעזאָגט. נישט מיט גוטן און נישט

מיט בייזן האָט מען ביי אים געקאָנט אויספירן, ער זאָל זיך שמדן אָדער פאַרלאָזן זיין פרוי.

מיר, די תּלמידים פון ר׳ פּנחסלען, האָבן געגלייבט אין דער עכטקייט פון יעדן וואָרט פון די אַלע געשיכטעס וואָס מיר האָבן זיך אָנגעהערט, דערציילט און איבער־דערציילט וועגן אונדזער יונגן רבין.

אַ קערנדל אמת האָט דאָך געמוזט זיין אין דער ליבע־און־שמד־געשיכטע. עס לייגט זיך אויפן שׂכל. ר׳ פּנחסל איז געווען אַן אויסנאַמלעך שיינער מאַנס־פּאַרשוין.

צוויי מענטשן האָב איך אין מיין לעבן געקענט, וועלכע האָבן פאַרבליפט מיט זייער מענערישער שיינקייט. און ווען זיי פלעגן גיין אין גאַס האָט מען זיי מיט באַוווּנדערונג נאָכגעקוקט. געווען זענען דאָס: דער העברעיִש־יידישער פּאָעט און בעלעטריסט זלמן שניאור און מיין רבי ר׳ פּנחסל. אויף די גאַסן פון בערלין, אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט דער יונגער זלמן שניאור אויסגעזען ווי אַ פאַנטאַסטישער אָריענטאַלער פּרינץ, און אויף די גאַסן פון וואַרשע האָט ר׳ פּנחסל געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ לעגענדאַרן יונגן רוסישן קניאַז. ביידע זענען פיל מאָל אין גאַס פאַרטשעפּעט געוואָרן פון עלעגאַנטע און עקזאַלטירטע דאַמעס און פריילינס.

ווי מיט זידענע פעדעם האָט מיין רבי ר׳ פּנחס זיך איינגעוועבט אין מיין געמיט און אין מיין זכּרון. יעדעס מאָל ווען כ׳האָב וועגן אים געטראַכט, און איך פלעג גאַנץ אָפט טראַכטן וועגן אים, האָב איך געפילט אַ וואַרעמקייט, ווי בשעת ער האָט מיט מיר געלערנט גמרא מיט שווערע מפרשים און צווישן מנחה און מעריב דער־ציילט די וווּנדערלעכע מעשׂיות.

איך האָב די איבערצייגונג, אַז נישט פריִער און נישט שפּעטער, נישט פאַר אים און נישט נאָך אים, איז אין די וואַרשעווער אָרטאָדאָקסישע חדרים און תּלמוד־תּורות געווען אַזאַ טיפּ מלמד, ווי ס׳איז געווען אין דער תּלמוד־תּורה אויף קראַכ־מאַלנע־גאַס נומער 31 אין וואַרשע — מיין רבי ר׳ פּנחסל.

דאָס לערנען אין די חדרים און ביי די רענאָמירטע גמרא־מלמדים האָט מיך נישט צוגעגרייט פאַר די נויטן און באַדערפענישן פון טאָג־טעגלעכן לעבן. נאָכן פאַרלאָזן דאָס חדר האָבן מיר געפעלט די עלעמענטאַרסטע ידיעות, וואָס זענען נייטיק אין רעאַלן לעבן.

חוץ לייענען יידיש און די שריפט פון סידור, חומש, גמרא און רש״י־כּתב, וואָס האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט צו לייענען און צו פאַרשטיין העברעיִש, האָב איך נישט געקענט רעדן, לייענען און שרייבן אויף קיין שום אַנדערע שפּראַכן. שרייבן האָב איך אַפילו יידיש נישט געקענט. רעכענען האָב איך גראָד יאָ געקענט, אָבער בלויז אויפן קאָפּ, נישט אויף פּאַפּיר. אויפן קאָפּ האָב איך געקענט מאַכן

שווערע חשבונות און זיך געספּראַוועט מיט די עיקרים פון אַריטמעטיק: חיבור, חיסור, כּפל, חילוק, אָבער נישט אָפּערירן מיט קיין ברוכצאָלן. אַבסאָלוט פרעמד זענען מיר געווען די קעגנשטאַנדן פון געאָגראַפיע, נאַטור־וויסנשאַפט, געשיכטע, פיזיק אדג״ל.

אַפילו די יידישע געשיכטע איז מיר געווען אומבאַקאַנט, געוווּסט האָב איך אויף אַזוי פיל, אויף וויפל דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין געוויסע שטעלן אין דער גמרא, וואָס כ׳האָב געלערנט. דאָס איינציקע פון יידישער געשיכטע, וואָס כ׳האָב געוווּסט, איז געווען וועגן דעם קאַמף פון די יידן קעגן די רוימער, און דער־וווּסט זיך וועגן דעם האָב איך אַ דאַנק אַ צופעליקן אַריינפאַל אין מיינע הענט פון אַ העברעיש ביכל פון יאָסעפוס פלאַוויוס.

און אַפילו מיט דעם תּנך בין איך נישט געווען צו פאַמיליאַר. אין די פּויליש־יידישע אָרטאָדאָקסישע חדרים, אין וועלכע ס׳האָבן זיך געלערנט קינדער פון חסי־דישע עלטערן, איז דאָס לערנען תּנך ווי אַ סיסטעמאַטישער לימוד פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַ שטיק אַפּיקורסות.

פאַר וואָס אַזאַ שטייגער יינגל ווי איך, מיט נאָרמאַלע פעיִקייטן און מיט לאַנגע יאָרן קנעלן אין די חדרים, האָב נישט פאַרמאָגט די עלעמענטאַרסטע ידיעות פון וועלטלעכער וויסנשאַפט און שפּראַכן־קענטעניש — איז אַן ענין פאַר פאָרשערס פונעם יידישן לעבן אין פּוילן אונטער דער צאַרישער הערשאַפט, פאַר אַ פאָרשער, וואָס וועט זיך ספּעציעל פאַרנעמען מיט דעם דערציִונג־סיסטעם פון פרומע חסי־דישע יידן אין אַמאָליקן קאָנגרעס־פּוילן ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה.

איך וועל בלויז אַ ביסל דערציילן וועגן דעם דערציִונג־סיסטעם, אין וועלכן איך האָב זיך אויפגעהאָדעוועט.

די חדרים, אין וועלכע ס׳האָבן זיך געלערנט די קינדער פון פרומע און חסידי־שע עלטערן, זענען באַשטאַנען — ווי שוין דערציילט — פון לעגיטימע און נישט־לעגיטימע. אָבער אויף יעדן פון די לעגיטימע חדרים און תּלמוד־תּורה־קלאַסן זענען געווען אַ צען נישט־לעגיטימע חדרים, אין וועלכע מ׳האָט נישט געלערנט קיין איין וואָרט פון די אַ״ג לימודי־חול.

אַפילו אין די לעגיטימע חדרים און תּלמוד־תּורות, וואָס זענען געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פונעם רוסישן בילדונג־דעפּאַרטאַמענט אין וואַרשע, אין וועלכע ס׳איז געווען אָבליגאַטאָריש דער לימוד פון רוסיש, אַריטמעטיק און אַנדערע לימודים, וואָס האָבן געמוזט געלערנט ווערן עטלעכע שעה אַ וואָך, און די לערערס פאַר די דאָזיקע לימודים האָבן געדאַרפט באַזיצן די נייטיקע קוואַליפיקאַציעס און זיין באַשטעטיקט פון די רוסישע בילדונג־אָרגאַנען — האָבן די פרומע מלמדים פון די אָרטאָדאָקסישע חדרים און תּלמוד־תּורה־קלאַסן געמאַכט אַ קנאַפּן צימעס מיט די לימודי־חול, אינגנאָרירט די פאַראָרדענונגען פון דער רוסישער בילדונג־מאַכט און מיט אַלע מיטלען סאַבאָטירט דאָס לערנען וועלטלעכע לימודים.

אַזוי, למשל, איז מיטן תּירוץ פון ביטול־תּורה סאַבאָטירט געוואָרן דאָס לערנען פון לימודי־חול אין דער תּלמוד־תּורה פאַר אָרעמע יינגלעך אויף קראַכמאַלנע 31, אין וועלכער כ׳האָב אָנגעהויבן לערנען אין עלטער פון אַ 10 יאָר.

מיטן וויסן און הסכּם פונעם הויפּט־אַפּוטרופּוס פון דער תּלמוד־תּורה ר׳ יואל וועגמייסטער פלעגן די מלמדים פון דער תּלמוד־תּורה נישט לאָזן די בעסערע תּלמידים מבטל זיין דאָס לערנען אויף איין מינוט. אין די באַשטימטע שעהען פון די לימודי־חול פלעגן זיי איבערלאָזן די ערגערע תּלמידים אין די קלאַסן פאַר די לערערס, און מיט די בעסערע תּלמידים זיך איבערטראָגן אין אַ זייטיק צימערל און לערנען דעם שיעור פון דער וואָך. אין פאַל ווען ס׳פלעגט זיך יאָווען אַן אינ־ספּעקטאָר, פלעגן די מלמדים אַרויסשיקן פון די קלאַסן די בעסערע תּלמידים.

איך, צום גליק אָדער צום אומגליק, האָב געהערט צו דער קאַטעגאָריע פון די גוטע תּלמידים און בין דעריבער „פּטור״ געווען זיך צו לערנען די לימודי־חול.

מיינע לעצטע מלמדים, ר׳ שמואל דוד און זיין זון ר׳ פּנחסל, האָבן מיך גראָד יאָ צוגערעדט צום לערנען די וועלטלעכע לימודים און געוואָלט מיך איבערלאָזן אין קלאַס פאַר דעם לערער פון רוסיש און פון די אַנדערע קעגנשטאַנדן. זיי פלעגן מיט מיר איינטענהן, אַז ס׳איז שוין צייט, אַז אַ יונג ווי איך זאָל קענען אַ ביסל לייענען און שרייבן. אין דעם פּרט איז זייער באַציִונג צו מיר געווען אַן אַנדערע ווי פון דעם מלמד ר׳ שׂמחה בינעם. ווען כ׳האָב געפרעגט מיין רבין ר׳ שמואל דוד אָדער ר׳ פּנחסלען, וואָס וועט זיין מיט מיין לערנען, איז זייער ענטפער געווען, אַז זיי האָבן וועגן מיר נישט קיין זאָרג. זיי ווייסן, אַז כ׳וועל דעם וועכנטלעכן שיעור קענען.

ווען איך האָב דערציילט מיין מוטער די מיינונג פון מיינע מלמדים און געבעטן געלט אויף צוויי העפטן, אַ בלייפעדער און אַ פעדער מיט אַ סטאַלקע צום שרייבן, האָט די מאַמע מיינע זיך אָפּגעזאָגט מיר צו געבן די נויטיקע לערן־מכשירים. זי איז אַוועק צו די מלמדים און קאַטעגאָריש זיך אַנטקעגנגעשטעלט דאָס לאָזן מיך לערנען לימודי־חול: „מיין זון וועט האָבן גענוג צייט זיך צו לערנען די גוייִשע זאַכן נאָך דעם ווען ער וועט האָבן היתּר־הוראה״.

ווער ס׳זאָל נישט געווען זיין שולדיק אין מיין אַבסאָלוטן מאַנגל פון וועלטלעך וויסן — דאָס חדר, די אומשטענדן, די עלטערן — אַ פאַקט איז, אַז ווען כ׳האָב פאַרלאָזט דאָס לערנען אין חדר, בין איך אין דער הינזיכט פון וועלטלעך וויסן געווען אַן איגנאָראַנט און אַן אַנאַלפאַבעט.

אין פּרט פון נישט האָבן קיין עלעמענטאַרע וועלטלעכע בילדונג, בין איך, ליי־דער, נישט געווען קיין בן־יחיד. אַזעלכע יינגלעך ווי איך זענען געווען אין גרויסע, גרויסע צאָלן.

אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מען זעלטן געקענט טרעפן אַ ייִדישן אַרבעטער, אַ געבוירענעם און אַ דערצויגענעם אין קאָנגרעס־פּוילן, וואָס זאָל באַהערשן אין וואָרט און אין שריפט די דעמאָלטדיקע נויטווענדיקע

שפּראַכן — פּויליש און רוסיש, אָדער אַפּילו איינע פון די שפּראַכן. דאָס איז חל געווען אַפּילו אויפן אַקטיוו פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג.

ווי אַן אילוסטראַציע קען דינען די דעלעגאַציע פון בונד צום אַרבעטער־ראַט אין וואַרשע סוף 1918.

די דעלעגאַציע פון בונד צום וואַרשעווער אַרבעטער־ראַט איז באַשטאַנען פון אַ 125 געוויילטע דעלעגאַטן, דאָס שמן־זית פון דער בונדישער אינטעליגענץ און פון דעם בונדישן אַרבעטער־אַקטיוו: פון דער פּאַרטיי און פון די פּראָפעסיאָנעלע פּאַראיינען, פון פּאַרטיי־מיטגלידער און בונדישע סימפּאַטיקער. די אינטעליגענץ, און אין דער קאַטעגאָריע זענען דעמאָלט אויך אַריינגערעכנט געווען די באַשעפטיקטע אין ביוראָען און די אָנגעשטעלטע אין די הורט־ און דעטייל־געשעפטן, איז באַשטאַנען פון אַ 30 דעלעגאַטן. די איבעריקע דעלעגאַטן, אַרום הונדערט אין צאָל, זענען געווען אַרבעטער. און פון די אַרום הונדערט אַרבעטער־דעלעגאַטן האָט מען נישט געקענט אָפּציילן קיין מנין, וועלכע זאָלן ווי געהעריק באַהערשן די פּוילישע שפּראַך, און ס'האָט זיך נישט געפונען קיין איין אַרבעטער־דעלעגאַט, וועמען מ'זאָל קענען אַרויסרוקן פאַר אַ רעדנער אויף דער טריבונע פונעם אַרבעטער־ראַט. צווישן די בונדישע אַרבעטער־דעלעגאַטן האָבן נישט געפעלט קיין מענטשן מיט אויסגעצייכנטע רעדנערישע פעיִקייטן און אַפּילו טאַלאַנטירטע רעדנערס אין ייִדיש, אָבער קיין איינער פון זיי, וועלכער זאָל קענען אַרויסטרעטן אין פּויליש. אַפּילו דער פאַרטרעטער פון בונד אין פּרעזידיום פונעם אַרבעטער־ראַט, דער לעדער־אַרבעטער יוסף באַסאַק (יוסף ליפשיץ), וועלכער האָט פאַרהעלטנישמעסיק געקענט פּויליש, איז נישט בכוח געווען אַוועקצושטעלן זיך אויף דער טריבונע פונעם אַרבעטער־ראַט און זיין אַ וואָרטזאָגער פאַרן בונד.

אַזוי איז מסתמא געווען מיט די ייִדישע אַרבעטער־דעלעגאַטן פון די אַנדערע פּאַרטייען. ס'רעדט דערפאַר דער פאַקט, וואָס אין דער גאַנצער צייט פון דער עקסיסטענץ פון וואַרשעווער אַרבעטער־ראַט האָט קיין איין ייִדישער אַרבעטער, אַ דערצויגענער אין קאָנגרעס־פּוילן און אַ דערוויילטער אין דער ייִדישער אַרבעטער־סביבה אין וואַרשע, נישט גערעדט פון דער טריבונע פון וואַרשעווער אַרבעטער־ראַט. די רעדנערס פון די ייִדישע אַרבעטער־פּאַרטייען — בונד, פּועלי־ציון, ס.ס.־פּאַראייניקטע — זענען געווען די אינטעליגענטן. דאָס איז אויך נוגע דעם „ייִדיש"־ייִדישן סעקטאָר פון דעם לינקן בלאָק, פון די שפּעטערדיקע קאָמוניסטן.

אין וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן די סצענע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף די זיצונגען אין וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד בעת דער צוגרייטונג־קאַמפּאַניע צום ערשטן דערוויילטן וואַרשעווער שטאָטראַט אין 1919. מיט ליכט האָט מען געזוכט אַ פּאַסנדיקן קאַנדידאַט צווישן די אַרבעטער, מיטגלידער פונעם קאָמיטעט, וועלכער זאָל ווי געהעריק באַהערשן די פּוילישע שפּראַך אין וואָרט און אין שריפט, און אַזאַ קאַנדידאַט האָט מען נישט געפונען צווישן די אַרבעטער, מיטגלידער פונעם פּאַרטיי־

קאָמיטעט: הערשל הימעלפאַרב דער שניידער, יוסף באָסאַק דער לעדער-אַרבעטער, אַבע פלוג דער טעקסטיל-אַרבעטער, מרדכי פייגמאַן דער שניידער, חנינא קראַ-מאַרסקי דער לעדער-אַרבעטער, הערשל מעטאַלאָוויעץ דער מעטאַל-טאָקאַר, יעדער פון זיי, אָן שום ספק, אַ פעיִקער, אינטעליגענטער און פּאָליטיש-געשולטער אַרבעטער-טוער, אָבער קיינער פון זיי האָט נישט פאַרמאָגט די געהעריקע שפּראַך-קוואַליפי-קאַציעס בכדי צו קענען זיין אַ קאַנדידאַט צום שטאָטראַט. ליטוואַק, דער דרוקער-אַרבעטער, וועלכע האָט וואָרשיינלעך יאָ באַהערשט די פּוילישע שפּראַך, איז נישט געקומען אין באַטראַכט צוליב מאַנגל פון געוויסע פּאַרטיי-מעלות. שׂרה שוועבער איז אין וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד קיין מאָל נישט באַטראַכט געוואָרן פאַר אַן אַרבעטערין אָדער פאַר אַ געוועזענער אַרבעטערין, נאָר פאַר אַן אינטעליגענטקע. די דערוויילטע 4 פאָרטרעטערס פון בונד צום וואַרשעווער שטאָטראַט אין 1919 זענען געווען מענטשן פון דער פּראָפעסיאָנעלער אינטעליגענץ: הענריק ערליך, וויקטאָר אַלטער, אסתר איווינסקאַ און גרשון זיבערט.

דער מאַנגל פון וועלטלעכער בילדונג איז געווען אַן אבן-נגף אין דעם לעבנס-וועג אַפילו צווישן די עלעמענטן פון די יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך באַוויזן אַרויפצודראַפּען אויף דעם געזעלשאַפטלעכן לייטער.

נישט אומזיסט האָט דער בונדישער פירער וויקטאָר שולמאַן אין זיין אַרטיקל וועגן דער קולטור-אַרבעט אין דעם ערשטן נומער פון צענטראַלן בונדישן אָרגאַן „לעבענס פראַגען" פון 1916 אַלאַרמירט וועגן דעם נידעריקן בילדונג-מצב אויף דער יידישער אַרבעטער-גאַס אין פּוילן און געוואָרפן די לאָזונג פון תיכף צוטרעטן צו שאַפן בילדונג-אינסטיטוציעס, אין וועלכע ס'זאָלן געלערנט ווערן די איינפאַכסטע וויסנשאַפטלעכע לימודים און שפּראַך-קענטענישן.

שעם זיך נישט, ר' הערשל, און דערצייל, וואָס וויקטאָר שולמאַן האָט דיר, נאָך דיין צוריקקומען פון דייטשלאַנד קיין וואַרשע זומער 1918, ביי אַ געלעגנהייט געזאָגט:

— אייך, חבר הערשל מעטאַלאָוויעץ, האָב איך געהאַט אין זינען ווען כ'האָב אין מיין ערשטן אַרטיקל אין „לעבנס פראַגען" געשריבן וועגן די קולטור און די בילדונגס-נויטן אויף דער יידישער אַרבעטער-גאַס. איר, אַ יונגער בחור, ווייסט, וואָס עס טוט זיך אין די ביכער פון פּרצן, זענט באַהאַוונט מיט דעם ערפורטער פּראָגראַם און מיט באָגדאַנאָווס פּאָליטישער עקאָנאָמיע, גריבלט זיך אין די סיסטעמען פון פילאָזאָפיע ביי זשיטלאָווסקין, פאַרנעמט אַ בכבודיק אָרט אין דער אָנפירונג פון דער וואַרשעווער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, אין דער אָנפירונג פון דער ווירט-שאַפט-אָקציע, שניידט זיך פאַר אַ רעדנער און דערגייט אין יונגן עלטער צו דעם העכסטן שטאַפּל פון דער פּאָליטישער אָנפירונג פון די יידישע אַרבעטער אין וואַרשע ווי אַ מיטגליד פון וואַרשעווער פּאַרטיי-קאָמיטעט פון בונד — און קענט נישט רעדן און נישט לייענען קיין פּויליש אָדער רוסיש, נישט שרייבן אַפילו קיין יידיש.

היינט באַהערשט איר נישקשה די דייטשישע שפּראַך, און בכלל האָט איר זיך אין דער צייט, וואָס איר האָט פאַרבראַכט אין דייטשלאַנד, נישט שלעכט אַנטוויקלט. אָבער פאַר אייער פאַרלאָזן וואַרשע, סוף 1915, איז געווען אַ שרעק צו קוקן אויף אייער מאַנגל פון עלעמענטאַרער בילדונג.

איר, חבר הערשל, זענט דער בעסטער באַווייז, וואָס פאַר אַ כּוח און דערהויבנ־קייט די אַרבעטער־באַוועגונג פאַרמאָגט, צו קענען מאַכן פון אַזאַ שטייגער יינגל, ווי איר זייט געווען, דאָס וואָס איר זענט געוואָרן. ———

ווען איך דערמאָן זיך די ווערטער פון וויקטאָר שולמאַן, איינעם פון די סימפּאַטישסטע טוערס אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן און איינער פון מיינע ערשטע לערערס פון סאָציאַליזם, ווילט זיך מיר זאָגן: שפּיל נישט דעם „יאַ־טעבע־דאַם" און גיב צו, אַז שולמאַנס כאַראַקטעריסטיק איז געווען אַ ריכטיקע, אַז דער אַרבעטער־באַוועגונג האָסטו צו פאַרדאַנקען דיין מענטשלעכע און פּאָליטיש־געזעל־שאַפטלעכע אַנטוויקלונג.

וואָס מען דאַרף צו וויקטאָר שולמאַנס ווערטער צוגעבן, איז נעמלעך דאָס: אַזעלכע טיפּן ווי איך, מיט גרעסערע צי מיט קלענערע קוואַליפיקאַציעס, האָט די אַרבעטער־באַוועגונג אין דער יידישער סביבה אַרויסגעגעבן אַ היפּשע צאָל.

דער בונד האָט פון זיך אַרויסגעגעבן אַ באַדייטנדיקע צאָל גוטע און אינטעלי־גענטע אַרבעטער־טוערס, וועלכע זענען געקומען צו דער אַרבעטער־באַוועגונג מיט קנאַפּער בילדונג אָדער אין גאַנצן אָן עלעמענטאַרער בילדונג. ס'איז גענוג בלויז אויסצורעכענען עטלעכע נעמען פון די אויסגעצייכנטע אַרבעטער־טוערס פון בונד, וועלכע געפינען זיך נישט מער צווישן די לעבעדיקע: שמאי קרימקאָפּ, אשר גאָלד־שמיד, חיימל פּראָפעסאָר, אַברהמל שטריקער, אַברהמל פּשיסוועבייגער (אַברהם ראַטשפּאַן), יוסף באַסאַק, יחיאל ניימאַן. (איך דערמאָן נאָר די יעניקע, וועלכע האָבן אָנגעהויבן זייער געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין בונד און געשטאָרבן ווי בונדיסטן, און נישט אַזעלכע, וואָס האָבן דעם בונד פאַרלאָזט, ווי, למשל, אַבע פלוג, שמאי בעקער און אַנדערע).

נישט בלויז דער בונד, נאָך אויך אַנדערע פּאָליטישע גרופּירונגען, וואָס האָבן געווירקט אין דער יידישער אַרבעטער־סביבה אין פּוילן, קענען זיך באַרימען מיט אַ צאָל אויסגעצייכנטע יידישע אַרבעטער — אַרבעטער־טוערס, ווי למשל, דער אַנאַרכיסט, דער שוסטער־אַרבעטער, וועמען מען האָט גערופן „דער שוואַרצער מרדכי". פון פּ.פּ.ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי) — די פּעיקע און אינטעע־ליגענטע יידישע אַרבעטער־טוערס עקשטיין דער סטאָלאַר, משה מעזריטשער דער שטובן־מאָליער, און פון די פּועלי־ציון — לאָזער דער סטאָלאַר, דער שניידער משה גערשאָנאָוויטש, דער לעדער־אַרבעטער דוד ווינטרויב.

וואָס שייך מיין פּערזאָן וויל איך בלויז צוגעבן, אַז דער בונד האָט אין מיין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער דערציונג געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע, אַ ראָלע

פון אַן עלעמענטאַרער שולע. מיין אַנטייל איך משך פון איבער צוויי מיט אַ האַלב יאָר, אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אינעם גזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן אין דייטשלאַנד: אין יידישן און אין דייטשישן, אין י.ל. פּרץ־פּאַראיין און אין ספּאַרטאַקוס־בונד, זענען געווען די העכערע קלאַסן, און מיינע אוניווערסיטעטן זענען געווען: דאָס לעבן מיט אירע רעאַליטעטן, די תּפיסות, מיין טעטיקייט אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן.

מיין דערציִונג אין די חדרים, דאָס לערנען די לימודים פון אַ רעליגיעזן און טעאָלאָגישן כאַראַקטער און דער אַבסאָלוטער מאַנגל פון וועלטלעך וויסן, האָט געפּענטעט מיין לעבנסגאַנג.

פאַר מיר איז די „צרת רבים" געווען אַ קנאַפּע נחמה. ערשט נאָך דעם פאַרלאָזן דאָס חדר, אין די יאָרן פון מיין לעבן ווי אַן אַרבעטער, האָב איך מיט שווייס און פּראַצע, ביי אַ ליכטל, ביי אַ קאָפּטשעדיק נאַפטלעמפּל, אָדער ביי דעם אָרעמען ליכט פון אַ קליין עלעקטריש לעמפּל, אין די שפּעטע נאַכט־שעהען און נאָך אַ שווערן אַרבעטסטאָג, זיך דערשלאָגן צו די עלעמענטאַרסטע ידיעות פון וועלטלעך וויסן, וואָס האָבן מיר געהאָלפן דורכצוברעכן זיך אַ וועג אין לעבן.

## עפּיזאָדן פון די חדר־יאָרן

אין יאָר 1905, דעם יאָר פון שטורעם און דראַנג, פון גרויסע שטרייקן, ריזיקע דעמאָנסטראַציעס און מאַניפעסטאַציעס, און פון טויזנטער קרבנות פון דער צאַרי־שער סאַטראַפּיע, זענען אין וואַרשע פאַרגעקומען שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס פון... חדר־יינגלעך.

אין איינעם אַ נאָכמיטאָג פון זומער 1905, האָט זיך אין חדר, ווו איך האָב דעמאָלט געלערנט, ביי דעם גמרא־מלמד ר' שמחה בינעם אויף טוואַרדע 22, אַריינ־געריסן אַ חברה יינגלעך, דערלאַנגט דעם רבין אַ צעטל מיט פאָדערונגען און די תּלמידים אַראָפּגענומען פון חדר.

איך געדענק נישט, נאַטירלעך, אַלע פאָדערונגען, וואָס זענען מצד די חדר־יינגלעך, באַזונדערס פון די יינגלעך אין די תּלמוד־תּורות, אַרויסגעשטעלט געוואָרן. כ'געדענק אָבער זייער גוט דריי פון די פאָדערונגען: אַ קירצערער לערנטאָג, געקאָכטע מיטאָגן און לערנען די פּוילישע שפּראַך.

אַראָפּגייענדיק פון חדר האָבן די שליחים פונעם שטרייק־קאָמיטעט אונדז אינ־פאָרמירט, אַז באַלד וועט פאָרקומען אַ דעמאָנסטראַציע און אַ מיטינג אויף דער קראָכמאַלנע־גאַס.

מײַנע חדר־חברים זענען זיך צעלאָפֿן און אַ ביסל שפּעטער צוריק אַרויף אין חדר. איך און נאָך אַ חדר־חבר, גדליה שעפּס, זענען אַוועק אויף קראַכמאַלנע־גאַס, האָבן זיך אָנגעשלאָסן אינעם מאַרשירנדיקן דעמאָנסטראַציע־צוג פֿון די חדר־ייִנגלעך און מיר זענען דערגאַנגען ביז צום פּלעצל.

אויפֿן פּלעצל האָבן מיר שוין געטראָפֿן אַן אָפּגעהאַלטענעם מיטינג. אויף אימ־פּראָוויזירטע טריבונעס האָבן גערעדט צוויי רעדנערס, אויף איינער — אַ יונגער־מאַן אין דער טיפּישער קליידונג פֿון אַ רעוואָלוציאָנער פֿון יענער צײַט: אַ בלוזע מיט קוטאַסן און פּענסנע מיט אַ שוואַרץ בענדל הינטערן אויער; אויף דער צווייטער טריבונע איז געשטאַנען אַ ייִנגל פֿון אַ יאָר 13–14 און גערעדט.

כ׳האָב נישט באַוויזן זיך רעכט אַרומצוקוקן, און דער פֿאַרזאַמלטער עולם פֿון עטלעכע הונדערט חדר־ייִנגלעך האָט זיך אַ וויג געטאָן. פֿון בײדע זײַטן קראַכמאַלנע, פֿון דער זײַט פֿון דער טשעפּלע און פֿון דער זײַט פֿון יאַנושעס באַזאַר האָבן זיך אַ לאָז געטאָן קאָזאַקן אויף די פֿערד און אַרײַנגענומען די חדר־ייִנגלעך אין אַ קלעם. די הויפֿטויערן האָבן זיך אָנגעהויבן האַסטיק צו פֿאַרמאַכן און די קאָזאַקן האָבן מיט זייערע נאַגייקעס געשלאָגן אויף רעכטס און אויף לינקס.

איך האָב געקריגן אַ שמיר מיט אַן אַראָפּניק איבערן פּנים און בין אַרײַנגע־שטופּט געוואָרן אין אַ געעפֿנטער פֿורטקע פֿון אַ הויף. אַהיימגעקומען בין איך מיט אַ געשוואָלן פּנים און מיט אַ ברוין־בלויען שראַם איבער דער לענג פֿון מײַן לינקער באַק. די שוועסטער האָבן מיר צוגעלייגט קאַלטע קאָמפּרעסן, מיך אַרויפֿגעשיקט אויפֿן איבערשטן שטיבל, צו וועלכן מען האָט געקאָנט אַרויפֿגיין נאָר מיט דער הילף פֿון אַ לייטער, צוגענומען די לייטער און מיך אויסבאַהאַלטן, די מאַמע זאָל מיך נישט זען אין מײַן דאָזיקן מצב.

דער אָנפֿאַל פֿון די קאָזאַקן אויף דער קינדער־דעמאָנסטראַציע איז שנעל באַקאַנט געוואָרן איבער דער שטאָט. ס׳זענען געווען אַ צאָל פֿאַרווונדעטע, מיט וועלכע די פּאָגאָטאָוויע האָט זיך געמוזט באַשעפֿטיקן, און אויך אַ צאָל אַרעסטירטע חדר־ייִנגלעך.

צו מאָרגנס האָט דער רבי זיך אַ נעם געטאָן צו מיר און צו גדליה שעפּס מיט זײַן גאַנצן מלמדישן כּוח: געליאַרעמט, געזידלט, געהויבן אַ האַנט — אָבער נישט געשלאָגן. ס׳איז פּאַרט געווען דאָס יאָר פֿון 1906. ער האָט געוויינט און געסטראַשעט מיט אַלע שטראָפֿן פֿון יענער און פֿון דער וועלט, און רק געוואָלט וויסן, פֿאַר וואָס מיר זענען אַוועק מיט דער חברה לאַבוזעס, וועלכע ווילן נישט לערנען, זענען מבטל תּורה און ברענגען אַן אומגליק אויף דער וועלט.

גדליה שעפּס האָט געלייקנט, אַז ער איז געווען אויף קראַכמאַלנע־גאַס. פֿאַר וואָס ער איז נישט אַרויפֿגעקומען אין חדר? איז זײַן תּירוץ געווען, אַז ער האָט מורא געהאַט און איז דעריבער גלײַך אַהיימגעגאַנגען. איך האָב אים נישט פֿאַרשיט.

איך האָב נישט געלייקנט, אַז כ׳בין געווען אויף קראַכמאַלנע־גאַס און גאַנץ

קלאָר געענטפערט, אַז די אָרעמע ייִנגלעך זענען גערעכט צו פֿאַרלאַנגען געקאָכטע מיטאָגן אין די תּלמוד־תּורות. אַנווייזנדיק אויף אייניקע פֿון מײַנע חדר־חברים האָב איך דעם רבין געזאָגט, אַז די תּלמוד־תּורה־ייִנגלעך האָבן נישט קיין דינסטן אין שטוב, מען זאָל זיי ברענגען געקאָכטע יאָכלעך און קאָמפּאָטן אין חדר אַרײַן.

דער רבי האָט אויף מיר געצאָרנט און געסטראָשעט מיך אַהיימצושיקן.

בעת זײַן בייזערן זיך האָט דער רבי שׂמחה בינעם צו מיר אַ געשריי געטאָן: „ס'וואַקסט פֿון דיר, הערש לייבעלע, אַ צווייטער ירבעם בן נבט, אַ חוטא ומחטיא את הרבים!״ איך האָב זיך פֿונעם דאָזיקן עפּיטעט געפֿילט געטראָפֿן און באַליידיקט און זיך דעם רבין קעגנגעשטעלט פֿאַר דער דאָזיקער באַליידיקונג.

יאָרן שפּעטער בין איך ווי אַ בונדישער רעדנער־אָפּאָנענט אַרויסגעטראָטן אויף אַ וואַלמיטינג פֿון דער אַגודת־ישׂראל. איינער פֿון די אַגודה־רעדנערס האָט מיט „הייליקן צאָרן״ אַ שלײַדער געטאָן אויף מײַן חשבון דעם עפּיטעט: „ירבעם בן נבט״! דאָס מאָל האָט דער עפּיטעט מיך נישט באַליידיקט, פֿאַרקערט, געפֿילט האָב איך דאָן, ווי דער אַגודה־רעדנער וואָלט מיר אָנגעשפּיליעט אַן ערן־צייכן אויף מײַן רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישן מונדיר.

דער מלמד ר' שׂמחה בינעם איז געווען אַן אַ פּרוי. ער האָט פֿאַרנומען אַ דריטל פֿון דעם צימער, אין וועלכן ס'האָט זיך געפֿונען זײַן חדר. זײַן וווינונגפּלאַץ איז פֿאַרשטעלט געווען מיט אַ שפּאַניש ווענטל, און הינטערן ווענטל האָבן זיך געפֿונען: אַן אײַזערן בעטל, אַ טישל, אַ בענקל, אַ קעסטל מיט כּלים און אַ פּרימוס־מאַשינקע אויף נאַפֿט.

עטלעכע מאָל אַ וואָך פֿלעגט מיך מײַן רבי שיקן אין באַזאַר אויף טוואַרדע נומער 1 נאָך ביליק פֿלייש: לונג־און לעבער, מילץ, דרויב פֿון אַן עוף, אָדער אַ שטיקל פֿון די גאָר ביליקסטע פֿליישן, אַ מאָל אויך נאָך אַ פֿישל אויף שבת. די אייגנטימערין פֿון דער יאַטקע האָט מיך שוין געקענט און יעדעס מאָס ווען כ'בין געקומען האָט זי געלאָזט שטיין די ווײַבערישע קונים און מיך באַדינט, פֿאַרענט־פֿערנדיק זיך, אַז זי קען מיך נישט לאָזן שטיין, ווײַל כ'נעם דאָס פֿלייש פֿאַר אַ „גוטן ייִד״. דעם וועג אין באַזאַר האָב איך געמאַכט אויף מײַן צײַט, אין דער צײַט פֿון מיטאָג.

מיט אַ מאָל האָב איך פֿאַרשטרייקט, אָפּגעזאָגט זיך צו גיין פֿאַרן רבין אין באַזאַר, און דעם רבין דערקלערט, אַז כ'בין נישט קיין שיקייִנגל, נאָר אַ תּלמיד גלײַך מיט אַלע. זאָל ער שיקן אויך אַנדערע ייִנגלעך, יעדע וואָך אַן אַנדער ייִנגל, און ווען ס'וועט קומען מײַן ריי, וועל איך אויך גיין.

דאָס מאָל האָט ר' שׂמחה בינעם נישט רעאַגירט, נישט געשריגן, נישט אויפֿ־געהויבן קיין האַנט און אַפֿילו נישט קיין קניפּ געטאָן, נאָר טרויעריק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און פֿאַרשוויגן מײַן חוצפּה.

מיט אַ שטיקל צייט שפּעטער, מיטאָגצייט, ווען כ׳בין געזעסן און קאָנסומירט מיין מאָמעס לוקסוס־מיטאָג — אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער מיט אַ שטיקל שווייצער־קעז, די גרויס פון אַ רוסישן קופּערנעם זעקסער, פּאָר קאָמפּאָט — אַ פּלעצל פּאָר אַ גאַנצע קאָפּיקע, און פאַרטרונקען מיט אַ פלעשל קאַלטע קוים געצוקערטע טיי — רופט מיך מיין רבי, ר׳ שמחה בינעם, אַריין הינטערן שפּאַנישן ווענטל און רעדט צו מיר:

— זעסט, הערש לייבעלע, דאָס איז מיין עסן. אויך שבת מוז איך זיך באַנוגענען מיט חלה און הערינג. אַליין קען איך דאָך נישט גיין אין באַזאַר. ביי טאָג קען איך דאָך נישט איבערלאָזן דאָס חדר, און ביי נאַכט, נאָכן לערנען, איז דער באַזאַר שוין פאַרמאַכט. דו קומסט פון אַ נישט רייכער היים, דו ווייסט גאַנץ גוט, וואָס עס הייסט עסן טרוקנס און נישט צו דער זעט. אַדרבה, זאָג מיר, ווען קען איך שיקן אַחוץ דיר? אפשר משהלע גרינגלאָס (אַ זון פון איינעם פון די רייכסטע הויזבאַזיצערס אין וואַרשע), אָדער אַן אַנדערן מיט זיינע רייכע קליידער? מער פעלט מיר נישט די מאַמעלעך זייערע זאָלן זיך דערוויסן, אַז איך שיק זייערע קדישלעך אין באַזאַר אַריין. איך האָב גערעדט מיט דיין זיידן און מיט דיין מאַמען און זיי זענען נישט דערקעגן דו זאָלסט גיין פאַר מיר אין באַזאַר, — און ווייזנדיק מיר זיינע געשוואָלענע פיס, האָט דער רבי צו מיר ווייטער גערעדט:

— ווילסטו טאַקע נישט גיין מער פאַר מיר אין באַזאַר, נאָר לאָזן דיין רבין איינדאַרן און איינקוואָרן?

מיר האָט פון מיין רבינס רייד דאָס האַרץ פאַרקלעמט, מיינע אייגעלעך זענען פייכט געוואָרן פאַר מיטלייד. ס׳האָט מיך אויך אימפּאָנירט, וואָס דער רבי מיינער רעדט צו מיר, ווי צו אַ דערוואַקסענעם מענטשן, און איך בין ווייטער געגאַנגען מאַכן פאַר מיין רבין די קניות אין באַזאַר.

די תלמידים פון ר׳ שמחה בינעמס חדר זענען נישט געווען קיין שלעכטע לערנערס. קיין גאונים און קיין עילוים זענען פאַר מיין צייט ביי אים נישט געווען, אָבער גוטע קעפּלעך האָבן דאָס רוב פון מיינע חדר־חברים יאָ געהאַט, און אויך חשק צום לערנען. געווען זענען בלויז איינצלנע יינגלעך מיט שוואַכערע קעפּלעך, און דער טעמפּסטער פון אַלע איז געווען אַברהמל בערלעווי.

אַברהמלס פאָטער, יצחק בערלעווי, איז געווען דער אייגנטימער פון דעם גרויסן הורטאָווע געשעפט פון אייזנוואַרג אויף ראָג גזשיבאָוו און פּרושנע. די וויטריאָווס מיט די ברייטע און גרויסע גלאָזפענצטערס האָבן פאַרשיינט די גאַס און זענען געווען די שענסטע און גרעסטע אויפן גזשיבאָוו. יצחק בערלעווי האָט אויך פאַרמאָגט אַ גרויסע צאָל הייזער און אַ גרויסע קאָמעניצע אויף פאַנסקע־גאַס (נומער 11 אָדער 13), מיט דעם שענסטן אייזערנעם פּראָנט־טויער אין דער גאַנצער געגנט.

געווען איז אַברהמל בערלעווי אַ בכור און אַ בן־יחיד (געהאַט בלויז צווי יינגע־

רע שוועסטערלעך), אַ פּיזיש גוט אַנטוויקלטער. אַ הויכער פֿאַר זיין עלטער, אַ לענג־לעך פּנים מיט ראָזלעכע בעקעלעך, גרויסע בלויע אויגן און שיינע בלאָנדע, עטוואָס געקרייזלטע האָר; אַ שיין יינגל און נישט קיין נאַר, אָבער מיט אַ טעמפּ קעפּל צום לערנען.

דער רבי האָט מיט אַברהמלען געהאַט אַ שווער לייענען. אין חדר האָט מען אים גערופן מיט דעם נישט שיינעם צונאָמען „פּויערישער קאָפּ". מעגלעך, אַז אין אַן אַנדער חדר מיט אַנדערע חדר־חברים וואָלט זיך זיין שווערע תּפֿיסה צום לערנען נישט אַזוי אָנגעזען, אָבער אין ר' שׂמחה בינעמס חדר און ביי דעם ניוואָ פֿון זיינע תּלמידים איז אַברהמלס שווער אויפֿנעמען דאָס לערנען געווען צו אָנזעעוודיק. ביי די עלטערן, ספּעציעל ביי דער מוטער, איז אַברהמל בערלעווי געווען דאָס אויג פֿון קאָפּ.

מיר איז דאָס לערנען נישט אָנגעקומען שווער. געהאַט האָב איך אַ גוטע תּפֿיסה און דאָס לערנען שנעל אויפֿגעכאַפּט. אין די ערשטע דריי טעג פֿון דער וואָך: זונטיק, מאָנטיק, דינסטיק, האָב איך געלערנט מיט פֿלייס. מיטוואָך בין איך געווען איינער פֿון די ערשטע, וועלכע האָבן געקענט דעם שיעור גמרא מיט מפֿרשים, וואָס דער רבי האָט מיט אונדז געלערנט, און פּרובירט זיך אַרויסצודרייען פֿון לערנען און זיצן ביים טיש מיט די אַנדערע יינגלעך. דער רבי האָט דאָס נישט דערלאָזט. אויף מיין טענה, אַז איך קען שוין דעם שיעור און אויב ער גלייבט מיר נישט, קען ער מיך פֿאַרהערן, איז דעם רבינס ענטפֿער געווען: „גלייבן גלייב איך דיר, אָבער לערנען דאַרף מען, לערנען דאַרף מען אַפֿילו ווען מען מיינט, אַז מען קען. ערשט דעמאָלט דאַרף מען לערנען, לערנען לשמה. מען טאָר קיין מאָל נישט מבטל תּורה זיין".

אין משך פֿון לאַנגע חדשים בין איך געווען דער שטענדיקער בעלפֿער אָדער קאָרעפּיטיטאָר פֿון יצחק בערלעוויס בן־יחידל. משמעות, אַז מיין הילף האָט געהאַט אַ געוויסע פּעולה. איך האָב שוין דעמאָלט וואָרשיינלעך געמוזט פֿאַרמאָגן עפּעס פֿון מיין שפּעטערדיקן רעדנער־טאַלאַנט און עפּעס פֿון מיין שפּעטערדיקער פֿעי־קייט פֿון הסבּרה. ר' שׂמחה בינעם איז פֿון מיין לערנען מיט אַברהמל בערלעווי געווען זייער צופֿרידן און נישט געמאַכט קיין סוד פֿון זיין צופֿרידנקייט.

אין איינעם אַ דאָנערשטיק נאָך מיטאָג האָב איך רעוואָלטירט און דעם רבין מיינעם דערקלערט: „גענוג, מער וויל איך מיט אַברהמלען נישט לערנען. פֿאַר וואָס קומט מיר זיך אָפּצורייסן דאָס האַרץ יעדע וואָך, דער פּויערן־קאָפּ זאָל נאָך דעם שבּתדיקן פֿאַרהערן קריגן שיינע מתּנות פֿון זיין מאַמעשי"? — האָב איך צום רבין געטענהט. מיין רבינס רייד, איינרעדעניש, טענות און סטראַשונקעס האָבן גאָרנישט געהאָלפֿן. געהאַט האָב איך איין ענטפֿער: „איך וויל נישט — און פּטור".

דעם רבינס פֿאַראַרדענונג, איך זאָל גלייך פֿאַרלאָזן דאָס חדר און מער נישט קומען צוריק, האָט אויף מיר קיין איינדרוק נישט געמאַכט. איך האָב דעם רבין

מיינעם גאַנץ פעסט דערקלערט: „איר קענט מיך נישט צווינגען צו זיין אַ בעלפער. די מאַמע האָט מיך אָנגעדונגען ביי איר איך זאָל לערנען גמרא מיט רש״י און תּוס־פות און נישט צו זיין קיין בעלפער. פאַר וואָס מוז איך דאָס לערנען מיטן פויערן־קאָפּ? ווייל איך בין אַן אָרעם יינגל? איר קענט מיך נישט אַהיימשיקן אין מיטן זמן. איך וועל נישט אַהיימגיין און וועל יעדן טאָג קומען אין חדר. אויב איר וועט מיך נישט וועלן פאַרהערן, איז נישט. אין חדר וועל איך סיי ווי סיי קומען" — האָב איך מיט אַ תּקיפותדיקער עזותקייט אַנטקעגנגעשטעלט זיך דעם רבין.

דער רבי מיינער האָט, ווייזט אויס, געפילט, אַז ער האָט אַ ביסל איבערגעכאַפּט די מאָס. ער איז אָבער געווען אַנטשלאָסן צו ברעכן מיין עקשנות אָדער מיך אַהיימשיקן. ער האָט מיט אַ יינגל איבערגעשיקט אַ בריוול צו מיינע עלטערן, זיי זאָלן אויף צו מאָרגנס אָרויפקומען אין חדר.

ווען איך בין אַהיימגעקומען, האָט שוין די מאַמע געהאַט דאָס בריוול. זי איז אַ פאַראומערטע מיר אַנטקעגנגעגאַנגען און מיט כּעס אַ פרעג געטאָן: „וואָס איז געשען מיט דיר אין חדר"? איך האָב געענטפערט: „גאָרנישט, איך וויל מער נישט לערנען מיט אַברהמלע בערלעווי". אויף אַלע אירע פראַגעס און טענות האָב איך דער מאַמען געענטפערט איין ענטפער: „איך וויל מער נישט לערנען מיטן פויערן־קאָפּ און כ'וויל נישט זיין קיין בעלפער. דער רבי קען מיר דערפאַר גאָרנישט טאָן".

אויף צו מאָרגנס איז די מאַמע געקומען אין חדר. ר' שמחה בינעם האָט איבער־געריסן דאָס לערנען, אַראָפּגעשיקט די תּלמידים אויפן הויף, איבערגעלאָזט אין חדר צוויי פון די תּלמידים — ער האָט דאָך נישט געקענט בלייבן אַליין מיט אַ פרוי — און געהאַט אַ געשפּרעך מיט דער מאַמען מיינער.

וויפל איך און די אַנדערע חדר־יינגלעך האָבן נישט געבעטן די צוויי חדר־חברים, זיי זאָלן עפּעס דערציילן פון דעם, וואָס דער רבי האָט גערעדט מיט מיין מאַמען, האָט עס גאָרנישט געהאָלפן. זיי האָבן נישט געוואָלט דערציילן. דאָס איינ־ציקע, וואָס זיי האָבן דערציילט איז געווען, אַז די מאַמע מיינע האָט דעם רבין צוגעזאָגט צו ברעכן מיין עקשנות.

דאָס לערנען דעם געגעבענעם פּריוויק האָט נישט געהאַט קיין טעם און קיין ריח. מיר זענען געלאָפן מיט דער סדרה און מיט דער הפטורה פון דער וואָך מיט דער שנעלקייט פון אַ פאָטשטאָווען פאַיעזד און מיר זענען אַהיימגעשיקט געוואָרן אַ סך פריער ווי אַלע מאָל.

די מאַמע האָט מיך אויפגענומען מיט אַ ירגזון: „וואָס מיינסטו זיך, סאַמאָ־וואָליעץ, די וועלט איז הפקר?! וועסט זיך פאָזוואָליען צו טאָן וואָס דיר געפעלט?! איך שלאָג זיך אַרויס פון די כּוחות צו האַלטן מיין זון אין אַ גוטן חדר און ביי אַ גוטן מלמד און די שעמסט זיך נישט, גמרא־בחור, דעם רבין דיינעם אַנטקעגן צו רעדן"? זי האָט פאַרלאַנגט פון מיר אַ צוזאָג, אַז פון היינט אָן און ווייטער וועל איך פאָלגן דעם רבין און אַלץ טאָן וואָס ער וועט מיך הייסן.

מיין ענטפער איז געווען: „ניין, איך וועל מיט דעם פויערן־קאָפּ נישט לערנען״. מיין מאַמעס רייד, טענות און געבעטן האָבן גאָרנישט געהאָלפן. איך האָב רק געענטפערט: „איך וועל מיט אַברהמלען נישט לערנען״.

נישט קענענדיק מיט מיר גאָרנישט מאַכן, נישט מיט גוטן און נישט מיט בייזן, האָט די מאַמע אַרויסגעשאָסן איר לעצטן און גרעסטן קאַנאָן: „איך וועל דיר אונ־טערשטעלן אַ פּוסבענקעלע פאַרן טאַטן און דער טאַטע וועט דיר שוין אַרויסשלאָגן דיין משוגענע עקשנות פון קאָפּ״.

נאָך דעם דאָזיקן שמועס מיט מיר איז די מאַמע מיינע אַרומגעגאַנגען אַ פאַרטרויערטע און אַ פאַרוויינטע. מיין לערנען ביי ר׳ שמחה בינעם איז פאַר איר געווען אַ שטיקל טרייסט אין איר אָרעם און שווער לעבן, און דער בלויזער געדאַנק, אַז מען וועט איר זון אַהיימשיקן פון ר׳ שמחה בינעמס חדר האָט זי וויטיקלעך צעבראָכן. די שבת־ליכט האָט די מאַמע אין דעם פרייטיק־פאַרנאַכט געבענטשט מיט זודיקע טרערן, ווי ס׳וואָלט געווען ערב יום־כּיפּור צו כּל־נדרי.

נאָכן פאַרענדיקן די פרייטיק־צו־נאַכט־סעודה, האָט די מאַמע זיך געווענדט צום טאַטן נאָך הילף און פאַר אַלעמען ביים טיש דערציילט פאַדראָבנע, וואָס דער רבי מיינער האָט איר געזאָגט וועגן מיר, נישט באַהאַלטן נישט דאָס גוטע און נישט דאָס שלעכטע. די מאַמע האָט אויף איר אופן און מיט איר שפּראַך איבערגעגעבן, וואָס דער רבי מיינער האָט איר וועגן מיר געזאָגט.

דער קיצור פון מיין מאַמעס מאָנאָלאָג איז אומגעפער געווען אַזאַ:

— קיין שלעכטער תּלמיד איז נישט הערש לייב. ער כאַפּט גאַנץ שנעל אויף וואָס מען לערנט אים. ער איז אָבער אויך נישט דער בעסטער תּלמיד, אין חדר זענען פאַראַן יינגלעך מיט בעסערע קעפּ, ער איז אָבער יינגער מיט אַ צוויי יאָר און שטייט נישט אָפּ פון די אַנדערע...

ער איז אַ פאַרריסענער, ווי ער וואָלט געווען כּראַביע פּאָטאָצקיס אַ זון. ער וויל קיין מאָל נישט נעמען עפּעס פון דעם עסן און פון די געבעקסן פון די אַנדערע יינגלעך. דאָס איינציקע, וואָס ער נעמט אַ מאָל, איז אַ פּרי (מיין רבי ר׳ שמחה בינעם האָט מיך שטאַרק צוגערעדט צו נעמען פון צייט צו צייט אַ פּרי, כּדי איך זאָל קענען מקיים זיין די מצווה צו מאַכן די ברכה פון בורא פּרי העץ), און די יינגלעך רופן אים טאַקע: פאַרריסענע נאָז...

ער איז פריינדלעך מיט די אַנדערע יינגלעך און ווען נייטיק, העלפט ער זיי אַרויס אין לערנען. זאָל אים אָבער ווער פאַרטשעפּען, וועט ער יענעם נישט שאַנע־ווען. די יינגלעך האָבן מורא מיט אים אָנצוהייבן, כּדי נישט אַריינצופאַלן אין זיין מויל...

ר׳ שמחה בינעם האָט הערש לייבן עטלעכע מאָל געטראָפן וויינען. ווען ער האָט אים געפרעגט פאַר וואָס ער וויינט, האָט אים הערש לייב געהאַט געענטפערט, אַז ער קען נישט קוקן ווי די יינגלעך פרעסן און זויפן, ער קען נישט הערן ווי זיי

כראַמשטשען די פרישע זעמעלעך מיט שמאַלץ, באַלייגטע מיט ברוסט און אויפשניט, און די זעמעלעך מיט פוטער מיט די פעטע סאַרדינען.

חוץ הערש לייבן האָט ר׳ שׂמחה בינעם נאָך עטלעכע תּלמידים פון חסידישע און יחסנותדיקע הייזער, וועלכע צאָלן נישט דעם פולן שׂכר־לימוד, אָבער אַ סך מער ווי מיר צאָלן. זיי זענען אָבער נישט פעיִק מיט אַנדערע צו לערנען. דאָס חדר האַלט זיך אויס פון די עטלעכע רייכערע ייִנגלעך. מיט אַברהמל בערלעווי מוז מען זיך ספּעציעל אָפּגעבן און הערש לייב טויג זיך אויס צו דעם.

דעם קומענדיקן זמן דאַרף מען ענדיקן די גמרא ברכות און יצחק בערלעווי האָט צוגעזאָגט צו מאַכן אַ סיום, און מיט אַ מאָל איז אַ קליפּה אַריין אין הערש לייבן: ער וויל נישט לערנען מיט אַברהמל בערלעווי.

דער רבי ר׳ שׂמחה בינעם קען נישט דערלאָזן, מען זאָל אים נישט האָרכן. די ברירה איז ביי הערש לייבן, אָדער ער זאָל ווידער אָנהייבן לערנען מיט אַברהמל בערלעווי אַזוי גוט און מיט אַזאַ חשק ווי פריִער, און נאָך בעסער ווי פריִער, אָדער ער מוז אים אַהיימשיקן.

פאַרענדיקט דעם מאַנאָלאָג, האָט די מאַמע געבעטן דעם טאַטן, ער זאָל צעברעכן מיין עקשנות. — „טו וואָס דו ווילסט" — האָט זי דעם טאַטן געזאָגט — „נאָר שלאָג אים אַרויס דאָס משוגעת פון קאָפּ".

די משפּחה איז געזעסן און מיט שפּאַנונג אויסגעהערט דער מאַמעס דערציילונג. אויך דער טאַטע האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו אַלעם, וואָס די מאַמע האָט געזאָגט. איך בין געזעסן אַ געשפּאַנטער און דערוואַרט, אַז דער טאַטע וועט אָנהייבן דונערן און בליצן פאַר כּעס און וועט מיך צעקלאַפּן ווי אַ זויערן עפּל. צו מיין פאַר־וווּנדערונג האָט דער טאַטע גענומען מיין צד. אויף זיין אופן און אויף זיין שטייגער, אָבער פאָרט מיין צד:

„וואָס ווילסטו" — האָט דער פאָטער מיינער דער מאַמען געענטפערט — „דער תּכשיט דיינער זאָל לערנען מיט אַנדערע? און אַליין קען ער דען? ווי אַזוי קען ער לערנען אַנדערע ווען ער קען אַליין נישט? און פאַר וואָס איז ער דאָס מחויב צו לערנען יצחקל בערלעוויס בנאָק? און ווו שטייט דאָס געשריבן, אַז הערש לייב מוז לערנען דווקא ביי שׂמחה בינעם אין זיין יחסנותדיקן חדר? לערנען אין דער תּלמוד־תּורה פּאַסט אים נישט? שמואל דוד איז אַ בעסערער מלמד ווי שׂמחה בינעם. די ייִנגלעך וואָס לערנען ביי שמואל דודן אין דער תּלמוד־תּורה קענען בעסער לערנען ווי שׂמחה בינעמס תּלמידים". — און דער טאַטע האָט ווי מיט אַ שאַרפער האַק אָפּגעהאַקט דעם שמועס. אויף אַלע ווייטערדיקע רייד, טענות און געבעטן פון דער מאַמען, האָט דער טאַטע געהאַט איין ענטפער: אַ פאַרביסן שווייגן.

אַ פאַרשטערטער שבת איז דאָס געווען פאַר מיין מאַמען. זונטיק אין דער פרי, ווען זי האָט מיך מיטן פּעקל עסן אָדפּראַוועט אין חדר אַריין, האָט זי מיר אָנגעזאָגט, כ׳זאָל זאָגן דעם רבין, אַז זי וועט זיין ביי אים מיטאָגצייט.

מיטאָגצייט איז די מאַמע ווידער געקומען אין חדר און געפּועלט ביים רבין, ער זאָל מיך נישט אַהיימשיקן ביז דער זיידע וועט צוריקקומען קיין וואַרשע.

די עטלעכע טעג ביז דער זיידע איז צוריקגעקומען, איז די באַציִונג פון מיין רבין צו מיר געווען אַ קאַלטע און אַ פיינטלעכע. ער האָט צו מיר נישט אַרויס־געריט קיין וואָרט, נישט געשיקט מיך אין באַזאַר אַריין, נישט אויסגעהערט אין לערנען, ווי כ׳וואָלט געווען אַ שאָטן און נישט קיין תלמיד. אויך די חדר־חברים האָבן זיך צו מיר באַצויגן נישט פריינדלעך. „מ׳רעדט נישט אַנטקעגן קיין רבין״ — האָבן זיי צווישן זיך גערעדט.

אין פאַרלויף פון די עטלעכע טעג ביז מיין זיידנס צוריקקומען קיין וואַרשע איז אַברהמלעס מוטער צוויי מאָל אַרויפגעקומען אין חדר. אַן אמתע גראַפּיניע, שיין ווי אַ פּרינצעסין און אָנגעטאָן ווי אַ קעניגין. זי האָט זיך באַמיט אָנצוקניפּן מיט מיר אַ פריינדלעכן געשפּרעך, נאָכגעפרעגט וועגן פאַרשידענע זאַכן, וועגן מיין פאַמיליע און פּרובירט אויף מיר ווירקן, כ׳זאָל נישט זיין מער איינגעשפּאַרט און ווידער לערנען מיט אַברהמלען. זי האָט געוואָלט מיך מפייס זיין און געבן אַ מתּנה אַברהמלס מעסערל מיט די זיבן קלינגלעך און מיט דעם שפּאַקטיוואויג, דורך וועלכן מ׳האָט געקענט זען גאַנץ טשעכאָטשינעק.

דעם אמת געזאָגט, בין איך גרייט געווען איר צוליב צו טאָן. אירע ליבע רייד, שיינער שמייכל און דער בליק פון אירע סאַמעט־שוואַרצע אויגן האָבן ווייך געמאַכט מיין עקשנות. אויב ס׳איז אמת, אַז אַ יינגל פון 8—9 יאָר קען זיך פאַרליבן, בין איך זיכער אין דער פרוי בערלעווי געווען פאַרליבט איבער די אויערן פון דעם ערשטן אויגנבליק, וואָס כ׳האָב זי דערזען. און וואָס טוט נישט אַ פאַרליבטער פאַר זיין געליבטע? איך האָב זיך אָבער גובר געווען, נישט אָנגענומען קיין מתּנות און נישט געבראָכן מיין עקשנות.

ווען דער זיידע איז צוריקגעקומען, האָט די מאַמע נישט פאַרזוימט אים צו דערציילן וועגן דעם אומגליק, וואָס איז מיט מיר געשען און געבעטן, דער זיידע זאָל איר העלפן איינשפּאָרן די חרפּה מיך צו זען אַן אַהיימגעשיקטן פון ר׳ שׂמחה בינעמס חדר.

דער זיידע האָט זיך גלייך און ענערגיש גענומען צו דער אַרבעט. אין אָוונט האָט ער מיך אַריינגענומען אין קיך, פאַרמאַכט די טיר און געהייסן דערציילן פון א׳ ביז ת׳. דער עיקר פון מיין לאַנגן רעדן איז געווען, אַז איך וויל מיט אַברהמל בערלעווי נישט לערנען, ווייל ער האָט אַ פאַרשטאָפּטן קאָפּ און איך גיי אַ סך מאָל אַוועק אָן כּוחות נאָך מיין לערנען מיט אים, און אויך דערפאַר, ווייל ער איז אַ סקנער און אַ פאַסקודנער כאַראַקטער. ער נעמט ביי יעדן וואָס ס׳לאָזט זיך, אָבער ער גיט קיין מאָל גאָרנישט.

נאָך דעם שמועס מיט מיר האָט דער זיידע געהאַט אַ געשפּרעך מיט מיין רבין. דער רעזולטאַט פון זיידנס קאָנפערענץ מיט ר׳ שׂמחה בינעם איז געווען אַ קאָמ־

פּראַמיס. זיי האָבן געשלאָסן אַן אָפּמאַך אַז ביי דעם סיום אויף דער מסכתּא ברכות, וואָס אַברהמלס פאָטער, יצחק בערלעווי, האָט געזאָלט איינאָרדענען, זאָלן אַברהמל בערלעווי און איך זיין די פּשטל־זאָגערס — פריער איך און דערנאָך אַברהמל. ר׳ שׂמחה בינעם האָט מיין זיידן צוגעזאָגט, אַז אונטער קיין שום אומשטענדן וועט ער זיין וואָרט נישט ברעכן, אַפילו ווען ס׳וועט אים אויסקומען מוותּר זיין אויף דעם סיום.

נאָך דעם שמועס מיטן רבין האָט דער זיידע ווידער געהאַט מיט מיר אַ געשפּרעך און נאָך אַ לאַנגן איינטענהן מיט מיר האָב איך מסכּים געווען צוריק אַנצוהייבן לערנען מיט אַברהמל בערלעווי, אָבער נאָר ביז נאָכן סיום.

אין דעם ווינטער־זמן פון יאָר 1906–7 האָבן די תּלמידים פון ר׳ שׂמחה בינעמס חדר געלערנט מיט גרויס התמדה. די וויזיע פון גרויסאַרטיקן סיום האָט זיי קוראַזשירט וואָס שנעלער צו פאַרענדיקן די מסכתּא ברכות. נאָך אַ מאָל איבערצוחזרן די מסכתּא, און וואָס שנעלער זיך אויסלערנען אויף אויסנווייניק דאָס פּשטל אויף דער גמרא ברכות.

מיין רעוואָלט איז געווען פאַרגעסן. איך האָב געשמאַק געקנעלט און געחזרט מיט אַברהמל בערלעווי דעם שיעור פון דער וואָך און דאָס פּשטל, וואָס ער האָט געדאַרפט האַלטן אויפן סיום. געלערנט האָט דער רבי צוויי באַזונדערע פּשטלעך: איינס פאַר אַברהמל בערלעווי און איינס פאַר מיר. איך האָב געלערנט ביידע פּשטלעך: מיינס און אַברהמלס.

דער סיום איז געפּראַוועט געוואָרן האַרט פאַר פּסח אין די סאַליעס פון יצחק בערלעוויס וווינונג אויף פאַנסקע־גאַס. די סיום־סעודה איז געווען, ווי אויף אַ רייכער חתונה, און געקומען זענען אַ 60–70 מענער־געסט און אַ 30 פרויען.

די פאַרבעטענע געסט זענען געווען משפחה־מענטשן, יחוסדיקע און רייכע חסידים פון קאַלושינער חסידים־שטיבל, אין וועלכן יצחק בערלעווי האָט געדאַוונט און פון אַנדערע חסידים־שטיבלעך, סוחרים, רייכע ווירטסלייט און עטלעכע עלטערן פון די תּלמידים. אויך מיינע עלטערן און דער זיידע זענען געווען פאַרבעטן. צווישן די געסט האָבן זיך געפונען עטלעכע נישט־ייִדן.

די מענער זענען אויסגעזעצט געוואָרן ביי לאַנגע טישן אין דער גרויסער סאַליע. ביי אַ באַזונדערן טיש זענען אַוועקגעזעצט געוואָרן די תּלמידים פון ר׳ שׂמחה בינעמס חדר. די פרויען זענען געזעסן אין די זייטיקע צימערן.

אויבן אָן, אין מיטן פון ערשטן טיש, איז געזעסן יצחק בערלעווי. פון זיין רעכטער האַנט — דער זון זיינער אַברהמל, נאָך אים — דער רבי ר׳ שׂמחה בינעם און איך, נאָך מיר — דער טאַטע מיינער און דער זיידע, און נאָך זיי — אַנדערע מיוחסדיקע געסט. ביי יצחק בערלעוויס לינקער זייט איז דער ערשטער געזעסן אַ ייִד מיט אַ גרויסן סאַמעטענעם קאַשקעט איבער די אויערן, מיט אַ צעפּאַטלטער באָרד און אַן איינגעקנייטשטער אין זיך.

די סעודה האָט זיך אָנגעהויבן מיט לעקעך און בראָנפן, מיט אַ „לחיים" און מיט ווינטשעוואַניעס. נאָכן וואַשן זיך צום עסן האָט דער ייִד מיטן ברייטן סאַמעטענעם היטל דער ערשטער אויך געמאַכט די „המוציא".

נאָך די פיש און די יויך האָבן די סאַרווערס אַוועקגענומען די כּלים פונעם טיש, ווו ס'זענען געזעסן בײדע בערלעזויס, דער רבי און איך, אַרויפגעלייגט אויף דעם אָפּגעלייִדיקטן אָרט אַ קאָלירטע קאָלדרע, און אויף דעם פּלאַץ האָבן אַברהמל בערלעזווי און איך געדאַרפט זיך אַוועקשטעלן זאָגן די פּשטלעך און לאָזן זיך פאַרהערן.

ווען אַברהמל בערלעזווי און איך האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אויפן טיש, האָט דער קאָנטראַסט צווישן מיר און אים ממש געריסן די אויגן.

אַברהמל: העכער פון מיר מיט אַ קאָפּ, אָנגעטאָן אין שפּאָגל־נייע מלבושים פון קאָפּ ביז די פיס: אַ פּאָר נייע סקריפּנדיקע געמזענע שטיוועלעך, אַ ניי וועסטל, אַ ניי זײדן קאַפּאָטקעלע, אַרומגענומען מיט אַ דינעם זײדענעם גאַרטל, אַ בלישטשעדיק ווייס העמד און אַ ניי סאַמעטן היטל.

איך: אַ מאָגערער, אָן אויסגעדאַרטער, אין אַ געבוימלט קאַפּאָטקעלע און שטיוול מיט „שיינע לאַטקעלעך". די מאַמע האָט מיט אייפער די שטיוול געפּוצט דעם זעלבן פאַרנאַכט, דער דיקער שיכט שוואַקס האָט אָבער נישט געקענט פאַרדעקן די לאַטעס אויף די שטיוול. כ'האָב פון דעסטוועגן דאָס מאָל געהאַט אַ שנייווייס העמד, וואָס די מאַמע האָט צוליב דעם סיום געגעבן אין פּראַלניע צו וואַשן, און כּמעט אַ ניי סאַמעטן היטל, וואָס די מאַמע האָט מיר אויף ראש־השנה געקויפט צוליב מיין פאָרן מיטן טאַטן קיין קאַלושין צום רבין.

שטייענדיק אויפן טיש האָט זיך אין מיר אָנגעצונדן מיין אַלטע אַנטיפּאַטיע צום גבירישן בן־יחידל, אָבער ווי יונג כ'בין געווען, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז נישט איצט איז די צייט און דאָס אָרט מיט אַברהמלען זיך אָפּצורעכענען.

דער רבי האָט געהאַלטן וואָרט: איך בין געווען דער ערשטער צו זאָגן דאָס פּשטל. אין אָנהייב האָב איך געהאַט אַ שווערע טרעמע, אָבער זיך באַהערשט און אָפּגעזונגען ווי אַ מזמור דאָס פּשטל. איינער פון די געסט, משמעות אַ קלוגער ייִד, האָט מיר געשטעלט עטלעכע נישט שווערע קשיות און כ'האָב זיך לייכט געספּראַוועט מיט מיין ענטפער. די פאַרזאַמלטע האָבן מיט צופרידנקייט פּאַטאַקעוועט מיינע ענטפערס.

געמיינט האָב איך, אַז כ'בין שוין פּטור, אַז כ'האָב דעם עקזאַמען אויסגעהאַלטן. פּלוצעם האָט דער ייִד מיט דער צעפּאַטלטער באָרד אַ שאָס געטאָן מיט אַ שפּיציקער קשיה, אַ ווײלע בין איך ווי צעטומלט געוואָרן, כ'האָב זיך אָבער באַהערשט און נישט שלעכט פאַרענטפערט די קשיה. איך האָב קוים באַוויזן צו ענטפערן, און דער ייִד האָט ווידער אַ שאָס געטאָן מיט אַ צווייטער, אַ גאָר האַרבער קשיה. דאָס מאָל בין איך געבליבן געפּלעפט און לאַנג געטראַכט ביז איך בין בכּוח געווען צו געבן אַ

געהעריקן ענטפער. די קלוגע ייִדן האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז ווייטער לאָזן שטעלן אַזעלכע שווערע קשיות קען צעשטערן די שׂמחה, און פֿון אַלע זייטן האָבן זיך געלאָזט הערן שטימען: „גענוג, מער דאַרף מען דעם ייִנגל קיין קשיות נישט פֿרעגן". עטלעכע האָבן אַפֿילו הויך אויסגעדריקט זייער צופֿרידנקייט מיט מיין געזאָגט פּשטל און מיט מיינע ענטפֿערס.

מיין ערשטער עפֿנטלעכער אַרויסטריט, מיין ערשטער רעדנער־דעביוט איז — קען מען זאָגן — געווען אַ דערפֿאָלג.

די פֿרימאָדאָנע אויף דעם אָונט האָט געדאַרפֿן זיין אַברהמל בערלעווי. צוליב אים איז דאָך דער סיום איינגעאָרדנט געוואָרן. דער עולם האָט געוואַרט צו הערן, וואָס ער האָט צו זאָגן, און נאָך דעם ווייטער זיך לאָזן ווויִלגיין מיט דער סעודה.

באַלד נאָך מיין פֿאַרענדיקן האָט אַברהמל בערלעווי זיך אָוועקגעשטעלט אין אַ געהעריקער רעדנער־פּאָזע. דער רבי האָט זיך אויפֿגעשטעלט און ווי אַ גוטער קאַפּעלמייסטער אים אָנטקעגנגעזונגען די ערשטע ווערטער פֿון פּשטל. אַברהמל איז געשטאַנען פֿאַרשטאַרט. די טרעמע האָט ווי אַ קנויל זיך אַריינגעלייגט אין זיין האַלדז און פֿון זיין מויל זענען אַרויס אומקאָנטראָלירטע קלאַנגען. דער עולם האָט געשטוינט, געקוקט און נישט געוווּסט וואָס מיט אים איז געשען.

איך האָב אַברהמלען אַ פֿעסטן קאָפּ געטאָן אין אַ פֿוס און שטיל צו אים אַ שעפּטשע געטאָן: „רעד, פֿויערן־קאָפּ, מאַך זיך נישט צום נאַר" — און גלייכצייטיק אַריינגעשטאָכן מיינע נעגל אין זיין האַנט. מיין גריף איז וואַרשיינלעך געווען אַ ווייטיקלעכער. ער האָט זיך אַ ביסל אויסגעטשוכעט און אָנגעהויבן רעדן, פֿריִער געבעבעט, אָבער וואָס ווייטער מער סקלאַדנע גערעדט און נישט שלעכט פֿאַרענדיקט זיין זאָגן דאָס פּשטל.

דער ייִד מיט דער צעפּאָטלטער באָרד האָט זיך מקדים געווען און ווידער אַ שאָס געטאָן מיט אַ קשיה. אַברהמל איז געבליבן שטיין ווי אַ פּאַראַליזירטער. אויך איך בין געוואָרן פֿריטשמיעלעט. איך בין אָבער שנעל געקומען צו זיך און אָנשטאָט אַברהמלען, האָב איך אָנגעהויבן פּאַמעלעך צו ענטפֿערן און ווי ס'איז פֿאַרענטפֿערט די קשיה.

דער קלוגער ייִד האָט נישט דערלויבט קיינעם אַברהמלען מער צו פֿאַרהערן, אַליין אַ פֿרעג געגעבן אַ צווייִ „פֿאַר וואָזשעס" און אין די שאלות איז אויבן אויף געלעגן דער תּירוץ. אַברהמל בערלעווי איז טאַקי געווען שטומפּיק אין לערנען, אָבער קיין קרעטין איז ער נישט געווען, ער האָט געכאַפּט דעם תּירוץ און ווי געהע־ריק געענטפֿערט. דער עולם האָט אויף דער קאָמאַנדע פֿונעם דערמאָנטן קלוגן ייִדן אָנגעהויבן אויך אויסצודריקן זייער צופֿרידנקייט מיט אַברהמל בערלעוויס אַרויס־טריט און אויך אין מיר נישט פֿאַרגעסן.

אין דער צייט, ווען מיר זענען געשטאַנען אויפֿן טיש און געזאָגט אונדזערע

פשטלעך, איז די מאַמע מיינע און אַברהמלס מוטער געשטאַנען אין אַן אָפּענער טיר און זיך צוגעקוקט און צוגעהערט. פאַר מיין מוטער זענען דאָס געווען מינוטן פון פרייד, אַ באַלזאַם פאַר איר שווער געמיט.

נאָכן פאַרענדיקן די פשטלעך און דעם פאַרהער, האָט אַברהמלס מוטער געמאַכט זיך אַ וועג צום טיש, ווו מיר זענען געשטאַנען און אין אירע אויפגעהויבענע הענט געטראָגן צוויי מתנות: אַ זילבערן בעכערל און אַ גאָלדן זייגערל מיט אַ קייטל. צוקומענדיק צום טיש האָט זי מיר דערלאַנגט דאָס בעכערל און מיר צוגעווונטשן. דעם זון האָט זי אויפן וועסטל אָנגעטאָן דאָס זייגערל מיטן קייטל.

פון אַלע זייטן האָבן זיך געהערט ברכות און ווינטשעוואַניעס. איך בין געבליבן שטיין ווי פאַרווירט. אין מיר האָט געקאָכט אַ כּעס: פאַר וואָס קומט אים דאָס זייגערל? דאָס זייגערל קומט דאָך מיר! אין מיר האָט געברויזט און געזידט.

מיט אַ מאָל האָט די ברויזעניש אַרויסגעפּלאַצט. כ׳האָב אַ וואָרף געטאָן דאָס בעכערל אין זאַל אַריין און געשריגן: „נעמט אייך דאָס צו, כ׳דאַרף עס אויף כּפּרות״! מיט פוריע האָב איך זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אַברהמלען און אָנגעהויבן רייסן פון אים דאָס זייגערל „גיב אַהער דאָס זייגערל, פויערן־קאָפּ. מיר קומט עס, און נישט דיר. ווען נישט איך, וואָלטסטו אַ מכּה געקענט דאָס פּשטל״! — האָב איך געשריגן און געאַמפּערט זיך מיט אים. אַברהמל האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן מיט זיין גאַנצן כּוח און פרובירט מיך אָפּשטופּן פון זיך.

די נאָענט שטייענדיקע און אויך דער רבי און דער זיידע האָבן אונדז פונאַנדער־גענומען און מיך געפּרוּווט באַרויקן. איך האָב אָבער וויטער געהאַלטן אין איין שרייען: „ער וועט דאָס זייגערל נישט האָבן! ווי איך וועל אים זען מיטן זייגערל, וועל איך עס פון אים אַראָפּרייסן! מער וועל איך מיט אים נישט לערנען און אַ קרענק וועט ער קענען די גמרא״!

נאָך אַ סך מי איז דעם רבין און דעם זיידן געלונגען מיך צו באַרויקן און די סעודה איז וויטער אָנגעגאַנגען. מ׳האָט געגעסן, געזונגען און עטלעכע חסידים האָבן זיך באַמיט אַריינצוברענגען מער שׂמחה, אָבער קיין פריילעכקייט איז שוין מער נישט געווען.

אין דער גאַנצער צייט פון דער סומאַטאָכע איז דער טאַטע געזעסן, געשוויגן און זיך נישט אַריינגעמישט. דעם וועג אַהיים זענען מיינע עלטערן און דער זיידע געגאַנגען שווייגנדיקע, ווי נאָך אַ לוויה. איך האָב זיך נאָך אַלץ געבריקעט און געשריגן, אַז מיר קומט דאָס זייגערל, אַז דאָס זייגערל וועט מוזן זיין מיינס און אויסגערעדט אויף אַברהמלען און אויף זיינע עלטערן וואָס אין דער קאָרט שטייט.

אַריינקומענדיק אין דער שטוב, האָט דער טאַטע זיך אויסגעדרייט צו מיר און מיר דערלאַנגט צוויי פייערדיקע פּעטש, און דורך די ציין דורכגעזייעט איין וואָרט: „עזות־פּנימניק״. די מאַמע האָט ביטער לאַמענטירט און מיך באַוויינט, ווי מען באַווינט אַ טויטן.

פאַרן שלאָפן גיין איז דער טאַטע צו מיר צוגעגאַנגען און מיט אַ שמייכל, וואָס איז זעלטן געווען אויף זיין פּנים, צו מיר אַ זאָג געטאָן: „גרויסע חזירים זענען די בערלעווויס. ס׳איז דיר געקומען די אייגענע מתּנה, וואָס זיי האָבן געגעבן זייער בנאָק. זיי האָבן דאָך געוווּסט, אַז דו האָסט אַ גאַנצן ווינטער געקנעלט מיט זייער בן־יחידל דאָס פּשטל. אָבער קיין עזות־פּנימניק איז מען נישט. קיין ייִדישע שמחות פאַר־שטערט מען נישט. דעם נייעם זמן וועסטו מען נישט לערנען ביי שמחה בינעם אין חדר. כ׳וועל זען שמואל דוד זאָל דיך אַריינגעמען אין זיין כּיתּה אין דער תּלמוד־תּורה״ — דאָס מאָל האָט דער טאַטע גערעדט צו מיר ווייך און פאָטערלעך.

צו מאָרגנס נאָך דעם סיום בין איך אין חדר נישט געגאַנגען, כ׳האָב געהאַט היץ. ווען כ׳בין אין עטלעכע טעג שפּעטער געקומען אין חדר, האָב איך דעם רבין און די חדר־חברים געטראָפן אין אַ תּשעה־באָב־שטימונג. דער רבי איז נאָך אַלץ געווען דערשלאָגן פון דעם פאַרשטערטן סיום. דאָס לערנען און דאָס זינגען פון שיר־השירים האָט געקלונגען, ווי מען וואָלט געזאָגט איכה.

פאַר פּסח איז אין חדר אַרויפגעקומען אַברהמלעס מוטער. זי האָט געבראַכט דעם רבין אַ מתּנה און אים אויך געגעבן אַ געוויסע סומע געלט. זי איז אויך צו מיר צוגעגאַנגען, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען, פריינדלעך מיט מיר אָנגעהויבן צו רעדן און ווי תּמיד מיך צעגומען מיט אירע לייטזעליקע רייד, ליבלעכן שמייכל און סאַמעט־שוואַרצע אויגן. זי האָט געעפנט אַ שייך־פאַרפּאַקטע פּודלע און געוויזן מיר, אַז אין דער פּודלע געפינט זיך אַ גרויסער זילבערנער קידוש־בעכער, דריי קליינע זילבערנע בעכערלעך און אַ זילבערן טעצל און געשטופּט מיר די פּודלע אין האַנט אַריין: „נאַ, נעם, דאָס איז פאַר דיין טאַטן, פאַר דיר און פאַר דיינע צוויי ברידערלעך״. איך האָב זיך געקווענקלט יאָ צו נעמען אָדער נישט צו נעמען, און צום סוף געזאָגט, זי זאָל דאָס איבערלאָזן ביים רבין. איך וועל פרעגן דעם טאַטן. אויב דער טאַטע וועט הייסן, וועל איך דאָס נעמען.

ווען איך בין אַהיימגעקומען, האָב איך דערציילט וועגן דער מתּנה און געפרעגט דעם טאַטן, דאָס מאָל — דעם טאַטן, נישט דער מאַמען און נישט דעם זיידן — וואָס כ׳זאָל טאָן. דער פאָטער מיינער האָט מיך געהייסן נעמען די מתּנה: מען פאַרשעמט נישט קיין מענטשן ווען יענער גיט אַ מתּנה. דער טאַטע האָט זיך אָבער מיטן בעכער נישט באַנוצט. ער האָט זיך נישט געוואָלט שיידן מיט זיין אַלטן זילבערנעם בעכער, וואָס ער האָט געקריגן אויף זיין חתונה.

עטלעכע טעג פאַר פּסח האָט דער רבי ר׳ שמחה בינעם אַהיימגעשיקט די תּלמי־דים. דאָס מאָל עטוואָס פריִער ווי געוויינטלעך. פאַרן אַהיימשיקן האָט ער זיך געזעגנט מיט זיינע תּלמידים, זיי געזאָגט, אַז יעדער איינער דאַרף זיך זוכן אַן אַנדערן מלמד, אַז ער וועט דעם נייעם זמן אָנהייבן מיט אַנדערע תּלמידים און קליינער פון די איצטיקע וועט נישט בלייבן ווייטער ביי אים לערנען.

דער רבי האָט זיך אויך געזעגנט מיט יעדן באַזונדער און אים געגעבן זיין ברכה.

ווען ער איז געקומען צו מיר, האָט ער מיך לאַנג אָנגעקוקט און צום סוף צו מיר אַזוי געזאָגט: „איך ווייס נישט, הערש לייבעלע, וואָס מיט דיר וועט זיין. אַ קעפּל האָסטו נישט קיין שלעכטס צום לערנען. ביסט אויך בכוח יענעם צו לערנען וואָס דו קענסט, האָסט אָבער בייז בלוט אין זיך. די מאַמע דיינע וויל דיך זען אַ גדול בישׂראל, כ׳האָב מורא, אַז דו וועסט ווערן אַן ,אחר׳, זאָל דער רבונו־של־עולם דיך שומר־ומציל זיין. איך ווייס, אַז דעם נייעם זמן וועסטו לערנען ביי ר׳ שמואל דוד. זאָג דיין נייעם רבין, אַז איך ווינטש אים, ער זאָל מיט דיר מצליח זיין״.

די געשיכטע בערלעווי האָט אַן עפּילאָג. מיט דער בערלעווי־משפחה בין איך אין מיינע שפּעטערדיקע יאָרן געווען זייער באַפריינדט.

אַברהמל בערלעווי איז נישט געוואָרן קיין למדן, געוואָרן איז ער אַ פּעיִקער און אַ געריבענער סוחר. איך ווייס נישט, צי ער איז געבליבן אַ קאָלושינער חסיד אָדער זיך געשמדט אויף גערער חסידות, אָבער אין חסידישן וועלטל איז ער יאָ געבליבן און איז געווען טעטיק אין אַגודת ישׂראל.

אויפגעוואַקסן איז אַברהמל אַ פּראַכטפולער מאַספּאַרשוין. דאָס בלאָנדע זיידענע בערדל האָט אים געפּאַסט צו זיין נגידיש־חסידיש־פּאַצעטישער קליידונג. כ׳וואָלט אָבער נישט געשווירן, אַז זיין בערדל האָט קיין מאָל נישט געזען די שאַרפע קלינג־לעך פון אַ שער.

זינט איך האָב אויפגעהערט דאַוונען אין קאָלושינער חסידים־שטיבל, אין 1910 אָדער 1911, האָב איך אַברהמלען אין משך פון יאָרן נישט באַגעגנט. צום ערשטן מאָל האָב איך זיך מיט אים געטראָפן אין 1919 אויף אַ וואַלמיטינג פון אַגודת ישׂראל. איך בין אויף דעם מיטינג אַרויסגעטראָטן ווי אַן אָפּאָנענט מצד דעם בונד און ער איז געווען איינער פון די אַגודה־רעדנערס.

דערנאָך האָב איך אים אַ סך מאָל געטראָפן אויפן גזשיבאָוו. ביי יעדער באַגעגעניש האָט ער מיך אַריינגעשלעפּט אין ריישערס צוקערניע אויף אַ גלעזל קאַווע אָדער טיי און פאַרפירט מיט מיר שמועסן וועגן די אַמאָליקע יאָרן און וועגן אַקטועלער פּאָליטיק.

איין מאָל האָט ער מיר מיטגעטיילט, אַז זיין מוטער וויל מיך זען, און מיך נישט אָפּגעלאָזט ביז איך האָב אים צוגעזאָגט, אַז אין אַ געוויסן טאָג וועל איך מיט אים מיטגיין באַזוכן זיין מוטער.

צו מיין גרויסער צופרידנקייט האָב איך די פרוי בערלעווי געטראָפן אין אַ זייער גוטן צושטאַנד, פיזיש און גייסטיק. ס׳איז געווען ממש אַ פאַרגעניגן מיט דער דאָזיקער פרוי צו פאַרברענגען: קלוג, אינטעליגענט, באַהאַוונט אין וועלט־לעכע ענינים און — פאַרגעשריטן.

אין די שפּעטערע יאָרן, בעת מיין טעטיקייט אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן, האָב איך די מאַדאַם בערלעווי (איר ערשטן נאָמען געדענק איך ליידער

נישט) אָפּט מאָל געטראָפן אינעם הויז פון איר עלטערער טאָכטער און מיט דער פרוי בערלעווי פאַרבראַכט אָנגענעמע שעהען, שמועסנדיק מיט איר אויף פאַרשיי־דענע טעמעס.

איר עלטסטע טאָכטער איז אין 1928 געווען אַ יונגע אלמנה מיט אַ קליין קינד. איר פאַרשטאָרבענער מאַן איז געווען פאַרבונדן מיט דער פינאַנצוועלט. זי איז געווען אַ קאָמוניסטישע סימפּאַטיקערין און איר וווינונג האָט געדינט פאַר אַ „יאַווקע" פאַר עקסקלוסיוו־קאָנספּיראַטיווע טרעפונגען.

צום ערשטן מאָל בין איך אין דער דאָזיקער וווינונג אַרויפגעפירט געוואָרן דורך דער יונגער פעלע בערלעווי, אַ סטודענטין פון הומאַניסטישן פאַקולטעט אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט. פעלע איז געווען אַ פאַרבינדלערין („לאָנטשניטשקע") פון פאַרטיי־סעקרעטאַריאַט פון דער ק.פּ.פּ. און פון דער מערהייט־פראַקציע פון דער סטודענטישער יוגנט אין וואַרשע, איינע פון די געציילטע אָנהענגערס פון דער וואַרסקי־קאָסטשעוואַ־ריכטונג אין דער קאָמ. פאַרטיי פון פוילן אין די יאָרן 29–1926.

ווען כ'בין אין 1928 צוריקגעקומען פון סאָוועטן־פאַרבאַנד — נאָכן פאַרברענגען דאָרט עטלעכע חדשים נאָך מיין באַפרייונג פון אַ פינפיאָריקן טורמע־טערמין אין פוילן — אַן אויסגעשפּראָכענער מערהייטלעכער און מיט לייב־און־לעבן זיך אַריינ־געוואָרפן אין דער פאַרטיי און אין פראַקציע־אַרבעט, איז פעלע בערלעווי געווען איינע פון מיינע פאַרבינדלערינס מיטן סעקרעטאַריאַט פון ק.פּ.פּ. און מיט די אָב־פירנדיקע מיטגלידער פון דער צענטראַלער אָנפירונג פון דער מערהייט־פראַקציע און כ'האָב זיך מיט איר זייער נאָענט באַפריינדט.

פעלע בערלעווי איז געווען אַ פּראַכטפולע שיינקייט און אַ זעלטן קלוגער און פעיִקער מענטש. איר שיינקייט, גראַציעזער גאַנג, עלעגאַנטע מאַניערן און די סטו־דענטישע קליידונג זענען געווען ווי אַ פאַנצער פאַר איר קאָנספּיראַטיווער אַרבעט.

יעדער איינער, וואָס איז געקומען מיט איר אין באַרירונג, איז געווען אין איר פאַרליבט. איך בין קיין אויסנאַם נישט געווען. זי האָט, פונקט ווי איר מוטער, געהאַט אַ האַרציק וואָרט און אַ ליבלעכן שמייכל און — דיסטאַנץ. קיינער האָט נישט געוואַגט אין איר בייזיין זיך צו באַנוצן מיט אַ צווייִדייטיק וואָרט, אָדער צו געבן איר אָנצוהערן וועגן זיינע פּערזענלעכע געפילן.

פאַר איר שוועסטער און אַפילו פאַר איר מוטער האָב איך נישט געמאַכט קיין סוד פון מיינע סימפּאַטיעס, און נישט איין מאָל בין איך פון זיי אויף דעם חשבון געקיבעצט געוואָרן: „רעוואָלוציעס צו מאַכן האָט איר נישט קיין מורא. אָבער אַ מיידל צו זאָגן, אַז מ'האָט זי ליב, איז מען אַ פּחדן".

מיט דער פאַמיליע בערלעווי האָב איך נישט איין מאָל אַרומגערעדט די איראָניע פונעם פאַקט, אַז איך, וואָס האָב אין מיין יוגנט פאַרשאַפט דער בערלעווי־פאַמיליע אַזוי פיל עגמת־נפש, געפין זיך עטלעכע יאָר שפּעטער מיט איר אין אַזעלכע פריינד־לעכע באַציִונגען.

אַ מאָל אין אַ שפּאַס און אַ מאָל גאַנץ ערנסט האָבן די שוועסטער בערלעווי מיך גערופן „קוואַטער״. איך זאָל האָבן געווען דער קוואַטער פון זייער ווידערשפּעניקייט אין זייער פּאַטריציער־הויז. מיין אָוואַנטורע אין זייער וווינונג בשעת דעם סיום אין יאָר 1907 איז אַ סך מאָל געוואָרן דערמאָנט דורך זייערע עלטערן און אין פאַרשידענע וואַריאַנטן דערציילט געוואָרן. די פאַסצינירנדיקע געשיכטע מיט מיין אָוואַנטורע איז ביי זיי געווען דער ערשטער ראָמאַנטיש־רעוואָלוציאָנערער ברענ־שטאָף פאַר זייער רעוואָלט קעגן זייער פּאָטער.

דער באַלעבאָס פון דער תּלמוד־תּורה אויף קראַכמאַלנע 31 אין וואַרשע איז געווען די ייִדישע גמינע. דער שׂכר־לימוד איז געווען אַ סימבאָלישער, אָבער אויך דעם מינימאַלן אָפּצאָל האָט זעלטן ווער באַצאָלט. די מלמדים האָבן זייערע שׂכירות געקריגן פון דער ייִדישער קהילה.

ר׳ שמואל דודס כּיתּה, אין וועלכער איך האָב געלערנט, איז געשטאַנען אונטער דער דירעקטער אויפזיכט פון די צוויי וויכטיקסטע אַפּוטרופּסים פון דער תּלמוד־תּורה — ר׳ יואל וועגמייסטער און ר׳ אַהרון ראָזענשטראַוך — ביידע, רייכע ייִדן און געריכטע חסידים. דער ערשטער איז געווען אַ דאָזאָר און אָפיציעלער שתּדלן, דער צווייטער האָט געהאַט דעם הורטאָווע טאַבאַק־מאָנאָפּאָל אין וואַרשע.

די ייִנגלעך פון ר׳ שמואל דודס כּיתּה האָבן יעדן שבת נאָך מיטאָג געמוזט גיין צו איינעם פון די אַפּוטרופּסים צו פאַרהער. זיי פלעגן קריגן שבת־אויפּס און בלייבן מיט אַנדערע חסידים צו שלוש־סעודות.

אַ פרויען־קאָמיטעט פון די פּלוטאָקראַטיש־אַסימילירטע און פון די רייכע חסי־דישע קרייזן האָט געהאַט די אויפזיכט איבער דער באַקליידונג פון די עטלעכע הונדערט תּלמוד־תּורה־ייִנגלעך. אַ ספּעציעלע גרופּע פון פרויען האָט זיך פאַרנומען מיטן באַקליידן די תּלמידים פון ר׳ שמואל דודס כּיתּה.

די פּראָצעדור פון מלבוש־ערומים־קאָמיטעט איז געווען אַזאַ: עטלעכע טעג נאָך סוכּות זענען די מיטגלידער פונעם פרויען־קאָמיטעט געקומען אין די פאַרשיי־דענע קלאַסן פון דער תּלמוד־תּורה, האָבן קאָנטראָלירט און פאַרצייכנט די באַדער־פענישן פון די ייִנגלעך און מיטגענומען מיט זיך די פאַרשריבענע ליסטע. אין עטלעכע וואָכן שפּעטער, אַרום חנוכּה־צייט, זענען די זעלבע אָדער אַנדערע מיט־גלידער פונעם פרויען־קאָמיטעט געקומען אין דער תּלמוד־תּורה און געבראַכט די מלבושים צום פאַרטיילן. פאַרטיילט זענען געוואָרן שטיוועלעך, פּאַלטנס און הויזן, מיינסטנס נייע, טאַנדעטנע, און אויך שוין געטראָגענע, אָבער אין אַ גוטן צושטאַנד. די ייִנגלעך האָבן בעסער געוואָלט קריגן די געטראָגענע, ווייל זיי זענען אין די מערסטע פאַלן געווען פון אַ גוטער קוואַליטעט און שענער און לענגער זיך געטראָגן.

נאָך סוכּות פון זמן 1907–8 איז די דערמאָנטע פּראָצעדור, ווי אַלע מאָל אין דער צייט, פאָרגעקומען אין ר׳ שמואל דודס כּיתּה. אין קלאַס זענען אַריינגעקומען

עטלעכע אויסגעפּיאַקעוועטע ווייבער און רעגיסטרירט דעם באַדאַרף פון די תּלמידים. ביי דער רעגיסטראַציע זענען עטלעכע פון די צום מיינסטן נויטבאַדערפטיקסטע באַעוולט געוואָרן און גראָד די נישט אַזוי נויטבאַדערפטיקע זענען געוואָרן פאַוואָריזירט.

איך בין גראָד נישט געווען צווישן די באַעוולטע. מיט אַ יאָר פריִער האָב איך געקריגן אַ געטראָגענעם מאַנטל, אָבער אַ גוטן, מיט אַ פוטערנעם קאָלנער, און אויך דאָס מאָל בין איך געווען פאַרשריבן פאַר אַ פּאָר שטיוול, וואָס איך האָב טאַקע געדאַרפט.

מיך האָט אָבער אויפגעבראַכט דאָס באַעוולען די נויטבאַדערפטיקע, און ספּעציעל אַהרן משהן, וועמען מ׳האָט גערופן אַרעלע, מיין נאָענטסטער שכן אויף דער לערנבאַנק. איך האָב זיך נישט געפוילט און הויך אַ פרעג געטאָן: „וואָס וועט זיין מיט אַרעלען? זיינע שטיוול זענען דאָך אין גאַנצן צעריסן". אויף מיין פראַגע האָב איך געקריגן אַ פרעכן ענטפער פון איינער פון די באַרמהאַרציקע ווייבער: „וואָס איז, ייִנגל, דיין באָבעס עסק"?

איך האָב אַראָפּגעשלעפּט מיינע שטיוול און געהייסן אויך אַרעלען, ער זאָל אַראָפּנעמען זיינע שטיוול. מיר האָבן ביידע פּאָר שטיוול געגעבן אַ טראָג אונטער דער ייִדענע אונטער דער נאָז און הויך צו איר אַ זאָג געטאָן: „אייערע ייִנגלעך גייען אויך אין אַזעלכע שטיוול? נעמט זיי, גיט עס אייערע קינדער, וועלן זיי אויך וויסן דעם טעם פון צעריסענע שטיוול".

די ייִדענע, אַ פולבוזעמדיקע און אַ ברייטהינטנדיקע, איז געוואָרן רויט פאַר כּעס און אַ געשריי געטאָן: „דו שנאָרער, אַרויס פון דאַנען! מער וועט דיין וואָניע זיך דאָ נישט געפינען". איך האָב צוריקגעשריגן: „נאַרט נישט אָפּ די פּורמאַנעס מיט די דראָשקאַזשעס אויף דער וואָג, וועלן אייערע קינדער אויך גיין אין אַזעלכע שטיוועלעך".

דאָס מאָל איז ר׳ שמואל דודן נישט געלונגען מיך צו באַרויִקן. געווען איז דאָס אפשר דאָס איינציקע מאָל אין זיין קאַריערע פון אַ מלמד, ווען אַ תּלמיד האָט אים בפרהסיא נישט געוואָלט פאָלגן. ער איז אַוועק פון מיר אַ שווייגנדיקער און באַמיט זיך צו באַרויִקן די ייִדענע פונעם מלבוש־ערומים־קאָמיטעט. אויך דאָס איז אים נישט געלונגען.

ס׳איז געווען שוין איין מאָל אַ ספּעקטאַקל.

די ייִדענע האָט זיך געפילט מעשׂה־תּקיף. ערשטנס, אַ גבירטע, צווייטנס, ס׳איז שוין געווען דער אָנהייב פון יאָר 1908, די צייט פון דער צוהוליעטער צאַרישער רעאַקציע. אין די ייִדיש־בירגערלעכע קרייזן האָט מען דעמאָלט מיט חדווה געזונגען דאָס לידל: „שׂישׂו ושׂמחה בשׂמחת תּורה, מען האָט שוין פאַר קיין שטרייקערס נישט קיין מורא". זי האָט מיך אומאויפהערלעך געזידלט. איז בין שוין געווען אַ יונג פון אַן עלף יאָר און האָב איר צוריקגעשריגן: „איר ווינט דאָך לעבן אונדז, אויף

פּלאַץ וויטקאָווסקי נומער 2, און יעדער איינער ווייסט, אַז איר און אייער מאַן גאַרן אַפּ און איר גיט אַ פאַלשע וואָג. וויפל מאָל האָבן איך און אייער מאַן די פורמאַנעס און די דראַשקאַזשעס געוואָלט שלאָגן״?

דער דיאַלאָג האָט געדויערט אַ היפּשע צייט. דער סוף איז געווען, אַז די ייִדענע האָט געכאַפּט איר מאַנטל און איז אַנטלאָפן פון חדר. די איבערגעבליבענע פּרויען האָבן פאַרצייכנט אַרעלען און נאָך עטלעכע ייִנגלעך צו קריגן זייערע נייטיקע מלבושים.

אַהיימגייענדיק האָבן מיך די חדר־חברים אַרומגערינגלט און ס׳איז אָנגעגאַנגען אַ הייסע דיסקוסיע וועגן דעם, צי איך האָב גוט אָדער שלעכט געהאַנדלט. די מערסטע האָבן געהאַלטן, אַז כ׳האָב גוט געטאָן. געווען אָבער אויך עטלעכע, וואָס האָבן געטענהט, אַז כ׳האָב נישט געטאָרט אַזוי רעדן צו אַ גבירטע, וועלכע העלפט די ייִנגלעך מיט באַקליידונג, די איינשטימיקע מיינונג איז געווען, אַז כ׳דאַרף דעם רבין איבערבעטן. דער רבי איז אַ קראַנקער מענטש און ער וועט זיכער דאָס אַלץ איבערקרענקען.

צו מאָרגנס אין דער פרי, ווען דער רבי ר׳ שמואל דוד איז אַריינגעקומען אין קלאַס און די ייִנגלעך האָבן זיך אויפגעשטעלט, ווי ס׳איז געווען דער מנהג אין דער תּלמוד־תּורה, האָב איך שטייענדיקערהייט, אין דער אָנוועזנהייט פון אַלע איבעריקע תּלמידים, דעם רבין איבערגעבעטן און אים געזאָגט, אַז איך האָב חרטה פאַר וואָס איך האָב אים נעכטן נישט געפאָלגט. דעם רבינס פּנים האָט זיך אַ ביסל אויסגעלייטערט, ער האָט געגעבן אַ מאַך מיט דער האַנט, מיר זאָלן זיך זעצן, און אָנגעגאַנגען מיטן רוטינעם סדר־היום.

מייז אַרויסטריט קעגן דער מיטגלידערין פונעם באַקליידונג־קאָמיטעט האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט אין דער תּלמוד־תּורה, און די פאַרוואַלטונג מיט די משגיחים האָבן מורא געהאַט פאַר קאָנסעקווענצן. ס׳איז טאַקע שוין געווען דאָס יאָר 1908 און די צאַרישע רעאַקציע האָט געבושעוועט מיט דער פולער פאַרע. ס׳איז אָבער פאָרט נאָך פריש געווען די השפּעה פון די יאָרן 1905–6 און פון די שטרייקן אין די תּלמוד־תּורות, און קיין אומצופרידנקייט צווישן די קינדער אין דער תּלמוד־תּורה אויף קראָכמאַלנע 31 האָט אויך נישט געפעלט. ס׳זענען אָנגעגאַנגען כּסדר־דיקע קאָנפערענצן צווישן די משגיחים מיטן רבין. מאחורי הפּרגוד האָבן די ייִנגלעך געוווּסט, אַז די משגיחים און געוויסע מלמדים פאַרלאַנגען פון ר׳ שמואל דודן, ער זאָל מיך אַהיימשיקן, אָבער ער וויל עס נישט טאָן.

אין איינעם אַ נאָכמיטאָג איז אין חדר אַריינגעקומען ר׳ יואל וועגמייסטער און מיט דעם רבין לאַנג געשמועסט, אָבער קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס זיי האָבן צווישן זיך גערעדט און וואָס עס וועלן זיין די קאָנסעקווענצן פונעם דאָזיקן שמועס.

אין דער תּלמוד־תּורה האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער פּרויען־קאָמיטעט

וועט ווי אַ שטראָף פאַר מיין חוצפּהדיקן אַרויסטריט דאָס יאָר נישט פאַרטיילן קיין מלבושים.

די שטימונג קעגן מיר איז געוואָרן אַ נישט פריינדלעכע. אַפילו עטלעכע פון מיין כּיתּה, וועלכע האָבן פריִער געהאַלטן, אַז כ׳האָב דייער גוט געטאָן, האָבן מיר אָנגעהויבן צו מאַכן שווערע פאַרווורפן, אָבער אַנדערע פון מיין כּיתּה און אויך פון אַנדערע קלאַסן האָבן מיך פאַרטיידיקט. די לופט אַרום מיר איז געוואָרן אַ געדיכטע און איך האָב נישט געוווּסט מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן.

אין שטוב איז מען געוואויר געוואָרן וועגן דער געשיכטע אין חדר. די שוועסטער האָבן מיך פאַרטיידיקט, די מאַמע האָט לאַמענטירט, געשריגן, אַז צוליב מיר וועט זי יונגערהייט גיין פון דער וועלט, געפרעגט מיך פון וואַנען ס׳קומט צו מיר אַזאַ בייז בלוט און געסטראַשעט, אַז זי וועט זיך נאָך צוליב מיר אַ מעשׂה אָנטאָן. דער טאַטע, ווי זיין שטייגער, האָט געשוויגן און ענדלעך געלאָזט פאַלן אַ פּאָר ווערטער: „אַ נייעס, אַז ער איז אַן עזות־פּנימניק. שוין צייט מען זאָל אים שיקן קיין לאָמזשע אין דער ישיבה״.

דער זיידע איז געווען פאַרפאַרעט מיטן צוגרייטן זיך אין וועג אַריין אין די ווייטע וועלדער פון צענטראַל־רוסלאַנד, ער האָט אָבער געפונען צייט אָפּצושטאָטן אַ וויזיט ר׳ שמואל דודן און ר׳ אַהרן ראָזענשטראַוכן. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז עפּעס גרייט זיך פאַר מיר.

אין איינעם אַ נאָכמיטאָג רופט זיך אָן צו מיר מיין רבי: „וועסט מיטגיין מיט מיר אַהיים אויף מיטאָג״. דעם רבינס וווינונג איז געווען נישט ווייט, אויף קראַכ־מאַלנע 16, ווו זיין פרוי און אַ טאָכטער האָבן אין דעם זעלבן הויז געהאַלטן אַ שפּייז־געוועלב. צום מיטאָג איז אויך געקומען ר׳ שמואל דודס זון, ר׳ פּנחסל. ביים עסן רופט זיך אָן צו מיר ר׳ פּנחסל: „זאָג מיר, פאַר וואָס האָסטו אויסגעטאָן די שטיוול און פאַר וואָס האָסטו דער מאַדאַם פאַרגעוואָרפן, אַז זי און איר מאַן נאַרן אָפּ די פורמאַנעס אויף דער וואָג? דו ווייסט דאָך אַז איר מאַן איז אַ באַקאַנטער אַלעק־סאַנדערער חסיד״.

איך האָב ר׳ פּנחסלען געענטפערט: „פאַר וואָס ס׳איז מיר איינגעפאַלן אויס־צוטאָן מיינע שטיוול און אויך הייסן אַרעלען אויסטאָן זיינע — ווייס איך נישט, אָבער אַז זי און איר מאַן גיבן פאַלשע וואָגן ווייסט יעדער איינער אויף דער גאַס, און נישט איין מאָל בין איך געווען אַן עדות, ווי אין זייער סקלאַד פון האָבער, שעטשקע, היי און אַנדערע סחורות פאַר פערד און וועגן האָבן די פורמאַנעס און דראָשקאָזשעס געמאַכט געוואַלדן, אַז מען האָט זיי באַגנבעט אויף דער וואָג, און נישט איין מאָל זענען אויך פאַרגעקומען צוליב דעם געשלעגן אין זייער סקלאַד״.

דער ענטפער פון ר׳ פּנחסלען איז געווען אַ קורצער: „מען טאָר נישט באַשול־דיקן אַ ייִד אין גנבֿה און אין שווינדל, אויב מען האָט נישט אַליין די געהעריקע באַווייזן אָדער באַגלויבטע עדות. פאַר אַזעלכעס, וואָס דו האָסט געטאָן אין חדר,

וואָלטסטו ביי די סאָלדאַטן געקראָגן צום וויניקסטנס דריי יאָר אַרעסטאַנטסקע ראָטע. דו וועסט דאַרפן דער מאַדאַם איבערבעטן״.

ס׳איז מיר געוואָרן ביטער אין מויל. דער לעפל איז געבליבן ליגן אין דער גע־דיכטעניש פון טעלער. כ׳האָב געוווּסט, אַז דער גזר איז געחתמעט. כ׳האָב אָבער ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז וואָס ס׳זאָל נישט זיין, וועל איך דער גראָבער חזירטע נישט איבערבעטן.

אין איינעם אַן אָוונט איז אין חדר אַריין אַ גרופּע אויסגעפּוצטע ווייבער און אויך די ייִדענע פון סקלאַד, וועמען כ׳האָב געהאַט באַליידיקט. איך שטעל זיך פאָר, אַז זי האָט מסתמא דערוואָרט, כ׳זאָל איר פאַלן צו די פיס און בעטן מחילה. געקומען איז אויך ר׳ פּנחסל. ער איז צוגעקומען צו מיר און מיך געהייסן זי איבערבעטן. איך האָב נישט געענטפערט. ער האָט נאָך אַ מאָל זיך צו מיר געווענדט, איך זאָל די פרוי איבערבעטן. איך בין געשטאַנען מיט פאַרהאַקטע ציין און נישט געענטפערט מיט קיין וואָרט, נאָר די אויגן זענען מיר פייכט געווען. איך האָב אויך נישט רעאַ־גירט אויף די נייע געוואַלדן און באַליידיקונגען פון דער גראָבער ייִדענע.

די סצענע האָט אָוודאי געדויערט אַ לענגערע צייט. כ׳האָב כמעט נישט געפילט, ווי ר׳ פּנחסל האָט מיך אָנגענומען פאַר אַ האַנט און מיך אַריינגעפירט אין אַן אַנדער צימער. דאָרט האָב איך געטראָפן זיצן אַן עלעגאַנט געקליידעטע פרוי, איינע פון דער מיטגעקומענער גרופּע פרויען. מיט אַ האַנט האָט זי אָנגעוויזן ר׳ פּנחסלען און מיר די ליידיקע בענקלעך צום זיצן און געזאָגט צו אים עפּעס אין רוסיש. ר׳ פּנחסל האָט מיך געהייסן אַלץ דערציילן, נישט שרעקן זיך און דערציילן פון אָנהייב אָן. די איידעלע באַנעמונג פון דער דאַמע האָט מיך ווייכער געמאַכט און כ׳האָב אַלץ דערציילט, און ספּעציעל ביטער באַטאָנט דאָס רופן מיך „שנאָרער״. ר׳ פּנחסל האָט איר מיין דערציילונג איבערגעזעצט אין רוסיש. די דאַמע האָט וואָרשיינלעך נישט געקענט קיין ייִדיש אָדער שוואַך פאַרשטאַנען. ביים פאַרלאָזן דאָס צימער האָט די דאַמע מיר געהייסן זאָגן, אַז איך דאַרף זיך פאַר גאָרנישט נישט שרעקן, ס׳וועט מיר גאָרנישט געשען, אַז מען וועט מיך נישט אַוועקשיקן פון דער תּלמוד־תּורה, און געגעבן מיר אירס אַן אַדרעס און מיר אָנגעזאָגט, אַז אין יעדן פאַל קען איך זיך צו איר ווענדן.

ביז היינט ווייס איך נישט ווער די דאַמע איז געווען. איבערלייענען דעם אַדרעס האָב איך נישט געקענט. ווען די מאַמע האָט דעם אַדרעס איבערגעלייענט, האָט זי אים גלייך צעריסן אויף פּיץ־פּיצלעך, באַגלייט מיט אַ זידלוואָרט אויפן חשבון פון דער דאַמע: „ס׳פעלט איר משומדים אין איר משפּחה״...

איך ווייס נישט, וואָס עס האָבן די משגיחים און די אַפּוטרופּסים פון דער תּלמוד־תּורה בדעה געהאַט מיט מיר צו טאָן. פאַר מיר איז די געשיכטע געווען געענדיקט. כ׳האָב באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די תּלמוד־תּורה און פאַרן קיין לאָמזשע אין דער ישיבה.

יענע וואָך האָב איך נאָך געלערנט. פּרייטיק נאָך מיטאָג ביים אַהיימגיין האָב איך מיין רבין געזאָגט, אַז מער וועל איך נישט צוריקקומען. ר׳ שמואל דוד האָט עס נישט גענומען ערנסט און מיר געענטפערט, כ׳זאָל נישט רעדן קיין נאַרישקייטן.

דעם שבת־נאָכמיטאָג בין איך מער נישט געגאַנגען צו ר׳ יואל וועגמייסטער צום פאַרהער. אין שטוב האָב איך קליפּ־און־קלאָר געזאָגט, אַז איך וועל מער אין דער תלמוד־תורה נישט גיין. „דו מעגסט טאָן וואָס דו ווילסט, אַפילו מיך אַרויס־וואַרפן פון שטוב, אָבער צוריקגיין לערנען אין דער תלמוד־תורה וועל איך נישט מער״ — האָב איך געזאָגט דער מאַמען.

עטלעכע טעג האָב איך זיך געשלאָגן איבער די גאַסן פון וואַרשע. אין שטוב איז געוואָרן אַ בהלה. „דער יונג וויל טאָקע אויספירן ס׳זייניקע״ — האָט די מאַמע געליאַרעמט. קיין לאָמזשע האָט מען מיך נישט געקענט שיקן: ס׳איז קיין געלט נישט געווען און ס׳איז געווען אין מיטן זמן. די פראַגע איז געווען: וואָס טוט מען מיט מיר? דער זיידע איז מיט מיר אָוועק אין גראָדזשיסקער חסידים־שטיבל אויף טוואַרדע נומער 2 און געפּועלט ביי די לערנערס, מערסטנס גבירישע חתן־בחורים, זיי זאָלן אויף מיר אַכטונג געבן און העלפן מיטן לערנען ביזן נייעם זמן.

מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט די „בוראַנינע״, ווי די מאַמע מיינע האָט עס אָנגערופן, וואָס כ׳האָב אָנגעמאַכט אין דער העכסטער כיתה פון דער תלמוד־תורה אויף קראָכמאַלנע 31 אין וואַרשע, ביים רבין ר׳ שמואל דוד.

קיין לאָמזשע בין איך נישט געפאָרן. פאַרפאָרן בין איך אויף דער לער צו אַ געוויסן מענדל לאַטאָוויטש אין זיין מעטאַל־טאָקער־וואַרשטאַט אויף פאַנסקע־גאַס אין וואַרשע.

## צווייטער טייל

# אין דער אַרבעטער־מחנה

## אויף דער לער ביי אַ מעטאַל־טאָקער

אין די ערשטע חדשים פון יאָר 1909, אין פּרוּען עלטער פון 12 יאָר, בין איך אַוועק זיך לערנען די מלאכה פון אַ מעטאַל־טאָקער.

אין פאַרלויף פון וואָכן און חדשים פלעג איך יעדן טאָג פאַרבייגיין אַ טאָקער־ווערקשטעל, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ פראָנטגעוועלב אויף פאַנסקע־גאַס אין וואַרשע, און זיך צוגעקוקט, ווי ס׳ווערן געטאָקט מעשענע געוויכטער. איך האָב הנאה געהאַט צו קוקן ווי דאָס ווערט געמאַכט, באַוווּנדערט דעם ריטעם און די מאַניפּולאַציעס מיט די ווערקצייג, צו זען, ווי די פּיצינקע מעשענע שפּאַנשטויבלעך צעלויפן זיך האַסטיק און צעפאַלן זיך אונטער די ווערקצייג, מיט וועלכע דער טאָקער האָט אָפּערירט.

דער געדאַנק צו ווערן אַ מעטאַל־טאָקער האָט מיך כּסדר גערעגט. דאָס לערנען האָט מיר מער נישט געשמעקט. אין קיין חדר בין איך שוין נישט געגאַנגען. כ׳האָב געלערנט „פאַר זיך" אין גראָדזשיסקער חסידים־שטיבל, און די בחורים, וואָס האָבן געלערנט אין שטיבל, האָבן געדאַרפט, אויף דער בקשה פון מיין זיידן, האַלטן אויף מיר אַן אויג און מיר העלפן אין לערנען. איך האָב די דאָזיקע בחורים נישט צו פיל ליב געהאַט, מעגלעך דערפאַר, ווייל זיי האָבן זיך מיט מיר צו פיל געשאַפן.

אין שטוב האָט יענעם ווינטער פון 1908—1909 דער דלות זיך פעסט איינגע־פונדעוועט און געפּיפּן פון אַלע ווינקעלעך. נישט איין מאָל האָט געפעלט אַ פּשוט שטיקל טרוקן ברויט, און נישט איין פרייטיק־צו־נאַכטס האָט דער טאַטע געמאַכט קידוש איבער אַ קליין ברייטל און די שבתדיקע סעודה איז באַשטאַנען פון אַ שטיקל ברויט מיט אַ ביסל קראַצבאַרשט. („קראַצבאַרשט" האָט מען גערופן אַ מין הערינג־סאַלאַט פון געהאַקטע הערינג מיט ציבעלע און ווייך ברויט מיט עסיק. דאָס מאכל איז געווען דאָס קבצנותדיקסטע פון אַלע מאכלים).

דאָס חסידים־שטיבל, אין וועלכן איך האָב געלערנט, האָט זיך געפונען אויף טוואַרדע־גאַס נומער 2, אַ טיר אין אַ טיר מיט דער גרויסער בעקעריי פון דעם חסידישן ייִדן ריישער. אין דער בעקעריי האָט מען געבאַקן אויסשליסלעך צוקער־

געבעקס און חלות. דער ריח פון דעם געבעקס האָט נישט איין מאָל דערפירט מיין הונגעריקן און האַלב־הונגעריקן מאָגן צו קאָנווולסיע. דאָס זעען די פולע בלעכן מיט געבעקס, וואָס די בעקער־יונגען האָבן געטראָגן פון דער בעקעריי צו ריישערס צוקערניע אין פראָגט פון דער געבידע, האָט נישט איין מאָל פייכט געמאַכט מיינע אויגן און דערפירט מיין אויסגעדאַרט גופל צו האַלב־חלשות. איך האָב געוווּסט, אַז פרי׳ער צי שפּעטער וועל איך מוזן ווערן אַ בעל־מלאכה.

געהאַט האָב איך אַן אינסטינקטיוו ווידערגעפיל צו די אידעלע מלאכות, וואָס פרומע עלטערן פלעגן איינשאַפן זייערע יינגלעך: אַ קאַמאַשן־מאַכער, זייגער־מאַכער אדג״ל. איך געדענק גאַנץ גענוי, אַז אין די לעצטע וואָכן אידער איך האָב זיך פאַרדונגען אויף דער לער, פלעג איך מיט זיך איינטענהן: די מאַמע וועט דאָך דיך צו קיין ברודיקער אַרבעט אויף דער לער נישט אָנדינגען. זי זשע נישט קיין שעמעוודיקער און דינג זיך אַליין אָן.

איין מאָל האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און בין אַריין אין געוועלבל ווו דער טאָקער־ווערקשטעל האָט זיך געפונען און צוגעגאַנגען צום באַלעבאָס, וועמען כ׳האָב געקענט פון חדשים־לאַנגער אָבסערוואַציע. איך האָב צו אים דרייסט אַ זאָג געטאָן: „נעמט מיך צו אויף דער לער. יאָך וויל ווערן אַ טאָקאַזש״. דער באַלעבאָס מיט די צוויי אַרבעטער, וועלכע זענען געשטאַנען ביי זייערע טאָקאַרניעס, האָבן זיך צעלאַכט און געחוזקט פון מיר. אַ האָגל פון שפּאַטישע פראַגן האָבן זיך אַ שאָט געטאָן: „לערנסט שוין חומש, יינגעלע? שלאָפסט נאָך מיט דער מאַמעשי אָדער מיט אַ שוועסטער? גייסט שוין האַלבע הויזן״? און דער אייגנטימער פון ווערקשטעל האָט מיט אַ כּלומרשט ערנסטער מינע אַ פרעג געטאָן: „זאָג מיר דעם אמת, יינגעלע, פּישט שוין מיט אַ שאָמל״? איך האָב דעמאָלט, נאַטירלעך, נישט פאַרשטאַנען דעם מיין פון דער פראַגע און אים טראַציק געענטפערט: „אַוודאי פּ׳ש איך, ווי אַלע מענטשן פּישן״. נאָך אַ לענגערן אָפּחוזקן און דרייען מיך פון אַלע זייטן, האָט דער באַלעבאָס מיך אַ פרעג געטאָן: „פאַר וואָס ביסטו נישט געקומען מיטן טאַטן״? „מיין טאַטע מישט זיך נישט אין אַזעלכע זאַכן״ — איז געווען מיין ענטפער. „פאַר וואָס ביסטו נישט געקומען מיט דער מאַמען״? — „ווייל מיין מאַמע וועט מיך נישט לאָזן ווערן קיין סמאַלוד, און איך וויל נישט ווערן קיין קאַמאַשן־מאַכער, קיין פידעלע־מאַכער, און אַפילו נישט קיין גאָלדשמיד״ — האָב איך אויף אַן אַנטשלאָ־סענעם אופן געענטפערט.

מיין ענטפער איז דעם באַלעבאָס פון דעם טאָקער־ווערקשטאָטל, ווייזט אויס געפעלן. ער האָט מיט מיר אָנגעהויבן ערנסטער צו רעדן; מיך אויסגעפרעגט ווו איך לערן און וואָס איך לערן, וועגן די פאַרהעלטענישן פון דער שטוב, און צום סוף מיך געהייסן קומען דעם קומענדיקן מאָנטיק — „דעמאָלט וועלן מיר זען וואָס מיט דיר צו טאָן״.

דעם קומענדיקן מאָנטיק, אַנשטאָט צו גיין אין שטיבל אַריין לערנען, בין איך

אַוועק אין טאָקער־ווערקשטעל. דאָס מאָל האָט מיך דער באַלעבאָס אויספּירלעך אויסגעפרעגט וועגן פאַרשיידענע זאַכן און צום סוף מיך צוגענומען אויף אַ חודש פּראָבע. „אויב דו וועסט זיך אויסטויגן, וועסטו דאַרפן גיין דריי יאָר אויף דער לער. דו וועסט ביי מיר עסן מיטאָגן. דאָס ערשטע יאָר וועסטו יעדן פרייטיק קריגן אַ פאַרציקער (20 קאָפּיקעס) אויף שבת־אויפּס. שפּעטער וועלן מיר ווייטער זען. קום אַריין מאָרגן 8 אַ זייגער אין דער פרי. דינסטיק איז אַ מזלדיקער טאָג אָנצוהייבן. דו ביסט, זע איך, אַ קליג שמעקל". פון דעמאָלט אָן, ביז איך האָב מיט עטלעכע חדשים שפּעטער פאַרלאָזט דעם דאָזיקן וואַרשטאַט, האָב איך ביי מיין ערשטן לערן־מייסטער, וועמענס נאָמען ס'איז געווען מענדל לאַטאָוויטש, נישט געהאַט קיין אַנדערן נאָמען ווי „קליג שמעקל".

פון דעם טאָג, וואָס איך האָב אָנגעהויבן מיין לער פון אַ מעטאַל־טאָקער, האָט זיך דער לויף פון מיין לעבן ראַדיקאַל געענדערט.

דאָס ערשטע, וואָס מיט מיר איז געשען, איז געווען אַ סוף צו מיין הונגער. כ'האָב זיך מער נישט געפונען אין אַ הונגעריקן אָדער אין אַ האַלב־הונגעריקן צושטאַנד. יעדן טאָג האָב איך געגעסן אַ זאַטן און געשמאַקן מיטאָג. צו מיין אָרעמען פרישטיק, וואָס די מאַמע מיינע האָט מיר מיטגעגעבן: צוויי שטיקלעך ברויט, באַ־הויכט מיט פוטער אָדער פּאָווידלע, טייל מאָל אויך אַ שטיקל הערינג פאַר אַ צולאָג, האָט די מייסטעראָווע מיר צוגעגעבן אַ גרויס טעפּל הייסע און זיס־געצוקערטע קאַווע. אָפט מאָל איז מיט דער קאַווע מיטגעגאַנגען אַן אָרנטלעכע פּאָרציע פון איר אייגן געבאַקענעם צוקער־געבעקס.

אויך מיין לערן־מייסטער האָט אין מיר נישט פאַרגעסן. יעדעס מאָל, וואָס כ'בין מיט אים געגאַנגען אָדער געפאָרן אויפן גזשיבאָוו צו די הורטאָווע סוחרים מיט פאַרטיקער אַרבעט, און דער מייסטער איז אַוועק מיטן סוחר אָדער מיטן געשעפט־פירער אין אַ רעסטאָראַציע אָדער אין אַ צוקערניע איבערכאַפּן ס'האַרץ, האָט מען אויך אין מיר נישט פאַרגעסן.

אויך איך אַליין בין שוין אומשטאַנד געווען זיך עפּעס צו קויפן פאַר אייגן געלט, פאַר דעם געלט, וואָס כ'פלעג קריגן פון די סוחרים נאָכן ברענגען פאַרטיקע אַרבעט, וואָס מען האָט גערופן „בירגעלט" אָדער „פאָרן וועג" און איז באַשטאַנען פון צוויי, דריי, און אַ מאָל אַפילו פון גאַנצע פינף קאָפּיקעס.

מיין עסן צו דער זעט האָט געהאַט אַ גוטע ווירקונג אויף מיין פיזישן צושטאַנד. איך בין פיזיש שטאַרקער געוואָרן. צוזאַמען מיט מיין שטאַרקער ווערן זענען, מיטן גאַנג פון דער אַרבעט, אויך מיינע הענטלעך וואָס אַ מאָל מער פאַרהאַרטעוועט געוואָרן. די פייל האָט אין מיינע הענט אויפגעהערט צו טאַנצן אַ קאָזאַצקע, די חוצפּהדיקע פייל האָט אויפגעהערט מיט מיר צו קאָמאַנדעווען, און מיינע הענטלעך האָבן זי ביסלעכווייז דיסציפּלינירט.

איך האָב אָנגעהויבן צו קריגן דאָס גליקלעכע געפיל פון זעלבסטווערט.

אויך מיין באַקליידונג האָט זיך געביטן צום גוטן. אַ צייט פאַר פסח פון 1909 האָט מיין ערשטער לערן־מייסטער גענומען אַ שטיקל סחורה, וואָס ס'איז אים איבערגעבליבן פון זיינע נישט לאַנג געמאַכטע חתונה־מלבושים, אַריינגעפירט מיך צו אַ שכן אַ שניידער און געלאָזט אויפנייען פאַר מיר אַ געהאַקט קאַפּאָטקעלע. אויך די מאַמע מיינע האָט מיר אין יענעם פאַר־פסח געקויפט אויף דער וואָלאָווע־גאַס אַ פּאָר נייע קאַמאַשן — קאַמאַשן און נישט קיין שטיוועלעך. דאָס איז געווען אַ גרויסער איבערבראַך אין די טראַדיציאָנעלע געוווינהייטן פון מיין מאַמען. די קאַמאַשן זענען טאַקע נישט געווען קיין שיך מיט לעכלעך צו פאַרבינדן מיט שנוראַוואַדלערס אָדער צו פאַרקנעפּלען מיט קנעפּלעך, און אַוודאי נישט קיין פּאַצעטישע האַלבע שיך, וואָס מ'האָט גערופן לאַטשן, נאָר בלויז מיט צווי שטיקלעך גומע ביי די זייטן צו קענען זיי אָנטאָן, און זיי זענען שוין צו יענער צייט געווען אָנגעמלעך פאַר אַ טייל פרומע יידן צו טראָגן זיי אין דער וואָכן, ס'איז אָבער פאָרט שוין נישט געווען קיין שטיוועלעך — די ערשטע פאָר שיך אין מיין יונגלישן לעבן.

פון וואַנען די מאַמע האָט נאָך אַזאַ ביטערן און הונגעריקן ווינטער געהאַט געלט מיר צו קויפן אַ פּאָר נייע קאַמאַשן, אָנצוגרייטן אַ באַלעבאַטישן פסח און אויך צו עפענען אַ גאַנץ לייטיש פאַבריקל פון סאָדע־וואַסער אויף דער צענטראַלער זשעלאַזנע־גאַס מיט אַ פאַרהעלטנישמעסיק הויכן דירה־געלט — איז געווען דעמאָלט פאַר מיר אַ רעטעניש. ערשט מיט יאָרן שפּעטער בין איך געוווּיר געוואָרן דעם סוד — דאָס געלט איז געקומען פון זיידן.

דער זיידע איז אויף פסח צוריקגעקומען פון די וועלדער ערגעץ פון ווייטן סיביר, ווו ער האָט געאַרבעט ווי אַ וואַלד־בראַקער און אַ נאמן, ד"ה אַ מבין און אַן אויפזעער, און אָפּגענומען ביים פּוילישן כראַבע בראַניצקי עטלעכע הונדערט רובל שכירות.

די שטוב אונדזערע איז נישט געווען קיין זאַטע אַפילו נאָך דעם ווי מיינע עלטערן האָבן זיך געעפנט דאָס פאַבריקל פון סאָדע־וואַסער. אויך אין די שפּעטערע יאָרן, דער עיקר אין ווינטערצייט, האָט נישט איין מאָל אויסגעפעלט אויף דעם סאַמע נייטיקסטן, אָבער ס'איז פאָרט נישט געווען מער אַזאַ דלות און אַזאַ הונגער אין אונדזער הויז, ווי אין דעם ווינטער פון 1908—1909. דעם זיידנס געלט האָט יענעם ערב־פסח אַ ביסל אויפגעריכט די מערכה פון מיינע עלטערן און אויך מיך באַגליקט מיט אַ פּאָר נייע שיך.

פאַר מיין אייגן געלט האָב איך זיך אויך אין יענעם פאַר־פסח געקויפט אַ ניי טוכן היטל.

דעם פסח פון 1909 האָב איך דערוואַרט צו באַגעגענען אַ זאַטער און אַ באַקליידטער.

היינט איז מיר גישט אומבאַקאַנט די ראַלע וואָס צופאַלן, פאַרפאַלן און אומדער־וואַרטע געשעעענישן שפּילן אין לעבן — אין לעבן פון אַ יחיד און אין לעבן פון כּלל, אין פערזענלעכן, פּאָליטישן און אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, אין רויִקע צייטן און אין צייטן פון שטורעם־און־דראַנג, אין רעוואָלוציעס און אין קאָנטער־רעוואָלוציעס, צום גוטן אָדער צום שלעכטן; אַז ס׳פּאַסירט אַ סך מאָל אין לעבן אַן „עפּעס״, וואָס שאַפט אַ סיטואַציע, וואָס דער גרעסטער שונדמייסטער קען נישט אויסטראַכטן; און אַז מיט מיר גופא האָט נישט איין מאָל געטראָפן אַן „עפּעס״, וואָס האָט געבררענגט פרייד, האָפענונג, אָדער גאָר צער און ווייטיק.

היינט, פאַרשטייט זיך, וווּנדערט מיך מער נישט, וואָס אינעם סאַמע־טאַמע באַגין פון מיין לעבנסוועג ווי אַן אַרבעטער האָט מיט מיר געקענט טרעפן אַן „עפּעס״, וואָס האָט אַ טרייסל געטאָן די גאַנצע „פּאַסטרויקע״ אַרום מיר און געדראָט אַ סוף צו מאַכן צו דעם אַלעם גוטן, וואָס איך האָב זיך דערשלאָגן אין די וואָכן פון מיין אַרבעט ווי אַ לערן־יינגל. דער „עפּעס״ איז געווען אַ רובל, אַ זילבערנער רובל.

געשען איז אָט וואָס:

10–12 טעג פאַר פּסח האָב איך אָפּגעפּירט אַ פול געפּאַקטע דראָשקע מיט געשטעמפּלטע געוויכטער אין דער גרויסער וואָגפאַבריק פון די ברידער פינקעל־שטיין אויף כלאָדנע 8. יעדעס מאָל, ווען כ׳פלעג דאַרפן ברענגען פאַרטיקע אַרבעט, האָט די אַרבעט ביי מיר אָפּגענומען אַ משרת, פאַרשריבן די גרויס און די צאָל, און מיר געגעבן אַ קאָפּיע פון אַ קוויטאַנציע. איך פלעג אין פינקעלשטיינס וואָג־פאַבריק קיין מאָל נישט קריגן קיין גראָשן „פאַרן וועג״. דאָס מאָל האָט די אַרבעט ביי מיר צוגענומען דער משרת מיט נאָך איינעם, פאַר מיר דעמאָלט אַן אומבאַקאַנטן מענטשן, ווען דער משרת האָט גערופן גאָספּאָדין פינקעלשטיין.

דער נעמלעכער גאָספּאָדין פינקעלשטיין האָט גענוי באַטראַכט די געבראַכטע אַרבעט און איז משמעות געבליבן צופרידן. נאָכן איבערקוקן די אַרבעט האָט דער גאָספּאָדין פינקעלשטיין פאַרפירט מיט מיר אַ שמועס: ווער איך בין, ווי אַלט איך בין, וואָס און ווו איך האָב געלערנט, צי איך קען לייענען און שרייבן רוסיש אָדער פּויליש, צי כ׳קען רעכענען, ווי לאַנג איך אַרבעט שוין פאַר אַ לערן־יינגל און פאַר וואָס די עלטערן האָבן מיך געלאָזט גיין צו דער אַרבעט איידער כ׳בין געוואָרן בר־מצווה — און נאָך אַ ריי אַנדערע פראַגן. איך האָב אים געענטפערט, וואָס איך האָב געענטפערט, און צום סוף פון געשפּרעך האָט ער אַרויסגענומען אַ שיינענדיקן זילבערנעם רובל און מיר אים דערלאַנגט און צוגעגעבן אַ ווינטשעוואַניע אויף יום־טוב.

ווען איך בין צוריקגעקומען מיט די ליידיקע קעסטלעך און מיט אַ באַדייטנדיקער סומע געלט, וואָס כ׳האָב אין פינקעלשטיינס פאַבריק געקראָגן פאַר מיין לערן־מייסטער, האָב איך מיין לערן־מייסטער נישט דערציילט וועגן דעם רובל, וואָס כ׳האָב געקריגן פון פינקעלשטיינען.

אין אָוונט האָב איך מיין מוטער אָפּגעגעבן דעם רובל. די מאַמע האָט אויף מיר אַ ביסטרע קוק געטאָן און שאַרף געפרעגט: „ווו און ביי וועמען האָסטו געגנבעט דאָס געלט? אַ סמאַליוּק ביסטו שוין, אָבער קיין גנב וועסטו ביי מיר נישט ווערן" — און דערלאַנגט מיר אַן אָרנטלעכן פּראַסק אין פּנים. אַלע מיינע רייד זענען געפאַלן אויף טויבע אויערן. די מאַמע האָט געהאַלטן אין איין איבערחזרן: „זאָג מיר, ווו און ביי וועמען האָסטו געגנבעט דאָס געלט" — און גאַנץ שפּעט אין אָוונט מיך אויף כּוח אָוועקגעפירט צו מיין לערן־מייסטער.

מיין לערן־מייסטער איז געווען איבערראַשט און שאַקירט זעענדיק דעם גלאַנציקן רובל. אויך ער איז געווען זיכער, אַז איך האָב דעם רובל געלקחנט, און אַז געגנבעט האָב איך אים טאַקע ביי אים, אַז כ'האָב דערשנאַפּט איינע פון די ערטער ווו ער באַהאַלט געלט און פון דאָרטן גענומען דעם רובל. צוליב מיין און מיין מוטערס ביידיין האָט ער אָבער נישט געקענט גלייך קאָנטראָלירן די געלטער אויף די ערטער ווו ער פלעגט זיי באַהאַלטן.

צו מיר האָט מיין לערן־מייסטער געהאַלטן אין איין אַריינרעדן, כ'זאָל אים זאָגן דעם אמת פון וואַנען כ'האָב דעם רובל. „דו ביסט דאָך נישט קיין נאַריש יינגל און דו באַנוצט זיך מיט אַזאַ נאַרישן און גראָבן ליגן. אַדרבא, זאָג מיר, האָסט שוין אַ מאָל געהערט, אַז אין פינקעלשטיינס פאַבריק זאָל ווער קריגן אַ קאָפּיקע פאַרן וועג? דו אַליין ביסט דאָך שוין געווען דאָרטן אַ סך מאָל מיט פאַרטיקער אַרבעט. האָסטו ווען געקריגן אַ גראָשן"?

ווען אויף אַלע זיינע טענות האָט מיין לערן־מייסטער געקריגן איינעם און דעם זעלבן ענטפער: „כ'האָב געקריגן דעם רובל פון גאָספּאָדין פינקעלשטיין" — און אָפּגעמאָלט דעם אויסזען פונעם געבער, האָט מיין לערן־מייסטער רעזיגנירט אַ מאַך געגעבן מיט דער האַנט און מיך געהייסן נישט אַריינקומען פריער צו דער אַרבעט ביז ער וועט מיך רופן.

מיין מאַמעס געפילן, אַהיימגייענדיק יענעם אָוונט פון מיין לערן־מייסטערס שטוב, זענען געווען צווייִקע: זי איז געווען זיכער, אַז כ'האָב דעם רובל געגנבעט און טאַקע ביי מיין לערן־מייסטער. זי איז געווען פאַרביטערט און צעוויייטיקט, וואָס איר זון גייט אויף שלעכטע וועגן, אויף דעם וועג פון אַ גנב. אָבער אויך צופרידן, וואָס כ'וועל מער נישט צוריקגיין צו קיין סמאָלוכעוואַטער אַרבעט, און נישט מענדל לאַטאָוויטש וועט זיין מיין ווייטערדיקער מורה־דרך. אויפן וועג אַהיים האָט די מאַמע מיינע צו מיר געזאָגט: מירצעשעם נאָך פסח וועל איך דיך שוין באַשטאַטן מיט אַ לייטישער אַרבעט און מיט אַן אָרנטלעכן מייסטער.

איך אָבער בין פון דער שטוב פון מיין לערן־מייסטער אַהיימגעגאַנגען אַ געקרענקטער און אַ צעוויייטיקטער. אין מיר איז אָנגעגאַנגען אַ ביטער געוויין. איך האָב זיך געהאַלטן אין איין פרעגן: פאַר וואָס קומט מיר דאָס? און די דאָזיקע פראַגע האָב איך אומאויפהערלעך איבערגעחזרט פאַר דער מאַמען. געזען האָב איך

מיין וויטערדיקן גורל אין די שוואַרצסטע פאַרבן. „אויס! אויס מיטן געהאַקטן קאַפּאָטקעלע אויף יום־טוב, מיט די גוטע מיטאָגן און מיט די אַלע גוטע זאַכן, וואָס כ׳האָב ביז איצט געהאַט, אויס מיט די אַלע גוטע זאַכן״ — האָב איך צו זיך גערעדט און געוויינט. צו מאָרגנס אין דער פרי האָב איך צום ערשטן מאָל אויף שנעל אָפּגעכאַפּט דאָס דאַוונען און אָן אָנבייסן זיך געלאָזט וואַנדערן איבער די גאַסן פון וואַרשע. איך בין אַריין אין גראָדזשיסקער חסידים־שטיבל. די עלטערע עטלעכע לערנערס, מיינסטנס שוין חתן־בחורים, האָבן מיך אויפגענומען מיט אַ „ס׳קאָצל קומט״. כ׳האָב געעפנט אַ גמרא און זיך באַמיט צו לערנען, אָבער אָן אַ טאָלק, און ווידער גענומען זיך שלאָנדערן איבער די גאַסן.

פאַר נאַכט בין איך אַריין דאַוונען מנחה־מעריב אין אַהרן סאַרדינערס שול אויף טוואַרדע 4. צווישן מנחה און מעריב האָט דער מגיד פון שול געהאַלטן אַ דרשה. גערעדט האָט ער וועגן דער מצווה פון מעות חיטים. דאָס מאָל האָט דער מגיד געדרשנט פון אַ באַלעמער און אָן אַ טלית, און פון זיין מויל האָבן, ווי תמיד, זיך געשאָטן פערלדיקע רייד און ווערטער ווי הייסע פייערקנוילן.

נאָכן אַרויסגיין פון שול האָט מיין יונגער מוח אויף אַ זייער קלאָרן אופן אָפּגעשאַצט די לאַגע און אָנגעוויזן דעם געהעריקן אויסוועג: דו שטייסט אונטער דעם חשד פון גנבה. די מאַמע באַשולדיקט דיך אָפן. דער לערן־מייסטער איז דיר אויך אָפן חושד. צוריקגיין צו מענדל לאַטאָוויטש אַרבעטן איז שוין נישט מעגלעך, נישט ער וועט דיך צוריקרופן און נישט דו וועסט צו אים צוריקגיין. די מאַמע וועט אָבער אויך נישט אויספירן. כ׳וועל צו קיין אַנדער אַרבעט נישט גיין, כ׳וועל בלייבן אַ טאַקאַזש. און כּדי נישט צו בלייבן מיטן שטעמפּל פון אַ גנב, וועל איך מאָרגן אַוועקגיין צום גאָספּאָדין פינקעלשטיין, דערציילן, אַז צוליב זיין רובל באַשולדיקט מיך מיין לערן־מייסטער אין גנבה, און אים בעטן מיר צו געבן אַ כּתב אַז ער האָט מיר געגעבן דעם רובל. ווען איך וועל האָבן דעם כּתב, וועל איך גיין אין גראָדזשיסקער חסידים־שטיבל, דערציילן די בחורים די גאַנצע מעשׂה און בעטן זיי זאָלן רופן מענדל לאַטאָוויטשן צום רב. פון מאָרגן אָן וועל איך אויך אָנהייבן זוכן אַרבעט ביי אַן אַנדערן מעטאַל־טאָקער.

פאַר וואָס מאָרגן? פאַר וואָס שוין נישט גלייך? — האָב איך צו זיך גערעדט. און אומר ועושׂה, געזאָגט און געטאָן. כ׳בין אַריבערגעגאַנגען די טוואַרדע־גאַס, זיך פאַרקערעוועט לינקס, אין קליינעם מאַריאַנסקע־געסל, און אַריין אין איינעם פון די וואַרשטאַטן, וואָס האָבן זיך נישט לאַנג געעפנט. אין די וואָכן, וואָס כ׳האָב געאַרבעט ביי מענדל לאַטאָוויטשן האָב איך שוין געהאַט אַ שטיקל באַגריף וועגן צושטאַנד פון פאַך און געוווּסט, אַז פון די צוויי אייגנטימערס פון די ניי געעפנטע וואַרשטאַטן, זרח און משה, איז זרח דער בעסערער בעל־מלאכה.

אַריינקומענדיק צו זרחן האָט מיך זיין טאָקער־וואַרשטאַט ממש פאַרכאַפּט: צוויי בלאַנקנייע מאָדערנע טאָקאַרניעס, וואָס מ׳האָט גערופן מיטן פּוילישן נאָמען

„פּאַציאַנגאָווע טאַקאַרניעס", וועגן וועלכע כ'האָב שוין געהאַט געהערט, אָבער נאָך קיין מאָל פריִער נישט געזען. איינע פון די טאָקאַרניעס איז געווען אַ דריַיפּערטל־מעטערדיקע און די צווייטע — אַ גאָר גרויסע, פון צוויי מעטער די לענג. חוץ דעם האָבן זיך געפונען דריי געוויינטלעכע טאָקאַרניעס, אָבער אין אַ סך אַ בעסערן צושטאַנד ווי ביי מענדל לאַטאָוויטשן. אויסער די טאָקאַרניעס האָט זיך אויך געפונען עפּעס אַ נייע מאַשין פון אַ גאַנץ אַנדערן סאָרט, וועמענס נאָמען און באַדייטונג איך בין ערשט שפּעטער געוואָר געוואָרן. דאָס איז געווען אַ הובל־מאַשין, פאַכמעניש גערופן „הובליאַרקע", און אויך אַ נייער און אַ גרויסער טיש מיט צוויי שרובשטאָקן. געשטאַנען בין איך, געגאַפט און צו זיך געמורמלט: „דאָס איז שוין איין מאָל אַ פאַבריק, כ'זאָל נאָר קענען דאָ אָנקומען אויף דער לער".

ביי די בייזנַיקע האָב איך זיך נאָכגעפרעגט ווער ס'איז דער באַלעבאָס. מ'האָט מיר אָנגעוויזן אויף איינעם, וואָס איז געשטאַנען ביי דער קלענערער „פּאַציאַנגאָווע" און געאַרבעט. כ'האָב צו אים מיט קוראַזש אַ זאָג געטאָן: „פּאַניע זרח, כ'וויל אָנקו־מען צו אייך אויף דער לער. כ'אַרבעט שוין אַ שיינע פּאָר וואָכן ביי מענדל לאַטאַ־וויטש אויף דער לער. כ'וויל אָבער פון אים נאָך פּסח אַוועקגיין, ווייל ער מאַכט בלויז געוויכטער, און איך וועל זיך ביי אים גאָרנישט אויסלערנען". זרח האָט אָפּגעשטעלט די טראַנסמיסיע, מיך גוט באַטראַכט, געפרעגט ווי אַלט איך בין און געענטפערט: „גיין, דו טויגסט נישט פאַר מיר". אויף מיין פראַגע פאַר וואָס איך טויג נישט פאַר אים, האָט מיר זרח געגעבן אַ קלאָרן ענטפער: „ביסט צו יונג, צו קליין און צו שוואַך". אויף מיינע לאַנגע און הייסע קעגן־אַרגומענטן האָט ער מיר ענדלעך געענטפערט: „קום אַריין חול־המועד, אויב כ'וועל נישט קריגן קיין בעסערן, וועל איך דיך אפשר צונעמען".

אַהיים בין איך געגאַנגען אַ האַפערדיקער. כ'האָב געגלויבט, אַז פינקעלשטיין וועט זיכער געבן אַ כתב און אַז זרח וועט מיך צונעמען אויף דער לער, און אויב ס'וועט ניט זיין זרח, וועט זיך שוין געפינען אַן אַנדער מייסטער: אַ טאַקאַזש וועל איך שוין סיי ווי סיי בלייבן.

אין שטוב האָט מיך דערוואַרט אַ סורפּריז. כ'האָב נישט באַוויזן צו עפענען די טיר און אַן עלטערע שוועסטער איז מיר אַקעגנגעלאָפן מיט אַ גדולה: „מאָרגן גייסטו צוריק צו דער אַרבעט אויף דיין אַלטן אָרט. אַלץ, וואָס דו האָסט געזאָגט איז געווען אמת". אויך די מאַמע מיינע האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן, אָבער מיט אַ קנאַפן ענטוזיאַזם: „מאָרגן גייסטו צוריק צו דיין מענדעלען אַרבעטן". איך האָב זיך אַ ביסל געבריקעט, געשריגן, אַז כ'וועל מער נישט צוריקגיין צו מענדל לאַטאָוויטשן אַרבעטן, אַז נאָך פּסח האָב איך שוין ווו צו גיין אויף אַן אַנדער אָרט אויף דער לער. אָבער נאָך אַ לענגערן אריינרעדן אין מיר מצד דער עלטערער שוועסטער, און בעיקר פון דער גאָר עלטסטער חתונה־געהאַטער שוועסטער חנה, וועמענס אַרגו־מענטן ס'זענען געווען אויך אַזעלכע ווי: „ס'איז אַ שאָד דאָס קאַפּאָטקעלע, און נאָך

פּסח וועלן מיר ווייטער זען”, — האָב איך סוף־כּל־סוף מסכּים געווען אויף צו מאָרגנס צוריקצוגיין צו דער אַרבעט צו מיין ערשטן לערן־מייסטער.

ווי איך בין שפּעטער געוואָר געוואָרן איז דער פאַרלויף פון די לעצטע 24 שעה געווען אומגעפער אַזאַ:

נאָך מיין און מיין מוטערס אַוועקגיין פון מיין ערשטן לערן־מייסטערס שטוב, האָט מענדל לאַטאָוויטש, געמאַכט אַ געניויעם איבערבליק איבער די געלטער, וואָס זענען געלעגן אין די באַהעלטענישן און נישט געפונען קיין סליאַד, אַז עמעצער האָט געהאַט אַ צוטריט צו וועלכן ס׳איז פון די באַהעלטענישן און ס׳זאָל האָבן עפּעס געפעלט פון די געלטער. אָבער טראָץ דעם איז ער אַלץ געווען זיכער ביי זיך, אַז דער רובל איז זיינער און אַז דאָס איז נישט דאָס ערשטע געלט, וואָס איך לקחן ביי אים.

כּדי צו זיין אין גאַנצן זיכער אין זיין מיינונג וועגן מיר, אַז איך האָב ביי אים דאָס געלט געגנבעט, איז ער צו מאָרגנס אַוועק צו די פינקעלשטיינס אין פאַבריק. זיך דערוווּסט וועגן פון די ברידער פינקעלשטיין ס׳האָט נעכטן אָפּגענומען די אַרבעט, האָט ער מיט אים זיך פונאַנדערגעשמועסט און אויסגעפונען, אַז ס׳איז אמת, אַז כ׳האָב דעם רובל געקריגן פון פינקעלשטיינען. אויף דער פראַגע פון מיין לערן־מייסטער פאַר וואָס ער האָט מיר געגעבן אויף „בירגעלט” אַזאַ גרויסע סומע, האָט אים פינקעלשטיין געענטפערט, אַז כ׳בין אים געפעלן, און פון מיינע רייד האָט ער זיך דערוווּסט, אַז צו מיין בייער גאַרדעראָבע אויף פּסח פעלט מיר אַ פּאָר הויזן, האָט ער מיר געגעבן צושטייער, כ׳זאָל זיך קענען קויפן אַ פּאָר נייע הייזלעך. פינקעלשטיין האָט מיין ערשטן לערן־מייסטער אויך געראָטן מיך נישט צו פיל צו מוטשען ביי דער אַרבעט: אַ קליין, דאַר און יונג יינגל, נאָך אַפילו נישט קיין בר־מצווה, אָבער אַ גאַנץ קלוגער און רעדט ווי אַ פאַלנער מענטש.

אַהיימקומענדיק איז מיין ערשטער לערן־מייסטער אַריין צו מיין שוועסטער חנה אין איר סאָדע־וואַסער־געוועלבל, וואָס האָט זיך געפונען בשכנות מיט זיין וואַר־שטאַט, איר דערציילט די געשיכטע מיטן רובל, צוריקגעגעבן דער שוועסטער דעם רובל, וואָס ער האָט מיט אַן אָוונט פריער גענומען פון מיין מאַמען און געהייסן דער שוועסטער אַרויפגיין צו מיינע עלטערן אָפּגעבן דאָס געלט און זאָגן כ׳זאָל מאָרגן אין דער פרי קומען צו דער אַרבעט.

די עלטסטע שוועסטער מיינע איז אין אָוונט געקומען אין מיינע עלטערנס וווינונג, איבערדערציילט דער מאַמען און מיינע אַנדערע שוועסטער, וואָס מענדל לאַטאָוויטש האָט איר דערציילט, און צוזאַמען מיט די אַנדערע שוועסטער געדריקט אויף דער מאַמען, זי זאָל מיך צוריקשיקן צו דער אַרבעט.

ווען איך בין צוריקגעקומען צו דער אַרבעט האָבן מיך די געזעלן און דער לערן־מייסטער גופא אויפגענומען, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען. כ׳בין אַוועק צום טיש, איינגעשפּאַנט אַ געוויכט אין שרובשטיק און מיט אַ מין באַלמעלאָכישער

בראַוורע האַסטיק אַרומגעפּילט דאָס געוויכט, ווי כ׳וואָלט מיך כּעס אויסגעלאָזן צו דער פּייל, מיט וועלכער איך האָב אָפּעריִרט.

פּאַר נאַכט בין איך מיטן מייסטער אַוועק מיט אַ פּאַרטיע פּאַרטיקער אַרבעט אין גראַפּס גרויסן געשעפט, וואָס האָט זיך געפונען אויפן ראָג גזשיבאָוו און גזשי־באָווסקע. נאָכן דערליידיקן זיינע חשבונות איז מענדל לאַטאָוויטש צוזאַמען מיטן געשעפטס־פירער, לעווענטאַל, אַריין אין ריישערס צוקערניע אויף אַ קאַווע. מיין לערן־מייסטער, אַ מענטש מיט אַ מויל וואָס מוז שטענדיק רעדן, האָט דערציילט לעווענטאַלן — אַ קליין זשוואַוועו ייִדל, אַ ליטוואַק, אַ קורץ־געקליידטער מיט אַ האַרטן קאַפּעליוש אויפן קליינעם קעפּל — וועגן דער געשיכטע מיטן רובל. לעווענ־טאַל האָט אים אויסגערעדט זיין האַלטונג, געגעבן אים אַ לעקציע מאָראַל און גע־רעכטיקייט. ער איז צוגעגאַנגען צו מיר און מיר דערלאַנגט 10 קאָפּיקעס אויף ניס אויף פּסח. דער לערן־מייסטער פון זיין זייט, וועלנדיק מיך מפייס זיין, האָט מיך געהייסן נעמען צוויי פּאַרציעס קעזקוכן מיט קאַווע.

די עטלעכע טעג פאַר פּסח זענען שנעל אַריבער. דער אינצידענט מיטן רובל האָט אָנגעהויבן מטושטש צו ווערן. שוין אַ טאָג פאַר פּסח האָט מען אין וואַרשטאַט נישט געאַרבעט. די צוויי געזעלן זענען זיך צעפאָרן אין זייערע שטעטלעך אויף יום־טוב. אַ טאָג פאַר ערב פּסח, נאָך מיטאָג, איז מיין לערן־מייסטער מיט מיר אַוועק מיט פּאַרטיקער אַרבעט צו קאָרענטייער אין געשעפט, ראָג גזשיבאָוו און קרו־לעווסקע. נאָכן דערליידיקן זיינע ענינים, אָן אַ וואָרט צו רעדן, האָט ער זיך געלאָזט מיט מיר איבערן גזשיבאָוו און באַגנע, פאַרקערעוועט אין דער שוויענטע־קזשיסקע, איז אַריין אין אַ גרויס געשעפט פון פּאַרטיקע קליידער, געהייסן זיך ווייזן אַ פּאָר הויזן פון מיין מאָס, און נאָך מיין אויסקלויב געלאָזן זיי פאַרריכטן לויט מיין מאָס און לענג, באַצאָלט צוויי און אַ האַלב קערבל און פאַרפאַקטערהייט זיי מיטגענומען מיט זיך. אין אָוונט פאַרן אַהיימגיין האָט מענדל לאַטאָוויטש געהייסן מיך אָנטאָן די הויזן מיטן געהאַקטן קאַפּאָטקעלע, וואָס דער שניידער האָט געהאַט געבראַכט און איז געהאָנגען אין קליידערשאַנק. ער האָט גערופן די מייסטעראָווע מיך באַשויען אין מיינע נייע קליידער, פאַרפּאַקט אין פּאַפּיר די אַלטע לאַכעס, און מיר אָנגעזאָגט מאָרגן ערב פּסח נישט צו פאַרגעסן אַריינצוקומען.

ווען כ׳בין ערב פּסח געקומען צו מיין לערן־מייסטער אין שטוב, האָט מיך די מייסטעראָווע מכבד געווען מיט גוטע פּסחדיקע מאכלים און מיטגעגעבן אַ שפּאָרע פּאַרציע פּסחדיק נאַשוואַרג. מיין לערן־מייסטער האָט מיר געגעבן אַ זילבערנעם „פּאַרציקער" שכירות און אַ זילבערנעם האַלבן רובל פאַר מיר, אָנזאָגנדיק, אַז דעם האַלבן רובל זאָל איך נישט געבן דער מאַמען, נאָר אַליין אים פאַרנוצן.

אַזוי האָט זיך צום גוטן פאַרענדיקט דער אינצידענט מיטן רובל — מיין ערשטע גרויסע אַנטוישונג אויף מיין וועג פון אַן אַרבעטער.

אויסערלעך איז דער אינצידענט מיטן רובל געווען דערליידיקט, אָבער אין מיין געמיט האָט ער איבערגעלאָזט אַ שראַם. כ׳האָב נישט געקענט מוחל זיין דער מאַמען און נישט מיין ערשטן לערן־מייסטער די גרויסע עוולה, וואָס זיי זענען לגבי מיר באַגאַנגען. ווען כ׳האָב מיט עטלעכע חדשים שפּעטער געשלאָגן כּפּרות מיט מיין ערשטן לערן־מייסטער און בין אַוועק אויף דער לער צו אַן אַנדערן מעטאַל־טאָקער, צו ר׳ שמשון זילבערבערג, האָט דער אינצידענט מיטן רובל געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע אין מיין דעציזיע צו פאַרלאָזן דאָס אָרט ווו איך האָב זיך אין די ערשטע חדשים פון מיין לערנצייט דערוואָרבן אַ מאַטעריעלע פאַרבעסערונג.

דער פּסח פון 1909 איז געווען דער יום־טובדיקסטער פון אַלע מיינע ביז דעמאָלטדיקע יום־טובים. זאָט, באַקליידט מיט אַ פולשטענדיקער נייער גאַרדעראָבע, אַפילו מיט אַ נייעם טלית־קטן, וואָס דער זיידע האָט מיר געקויפט אײדער ער איז געפאָרן אויף פּסח צום רבין, און מיט אַ שיינע פּאָר גילדן אין קעשענע — האָב איך געבלאָזן פון זיך ווי אַ פּאַווע.

איך האָב פאַראַדירט מיט מיינע נייע בגדימלעך, מאַניפעסטירט מיינע אַנגעמאַזאַליעטע הענטלעך ווי אַ זיגרייכער גענעראַל מיט זיינע גאָלדענע מעדאַלן, און געטאָן אַ טובה די שכנותדיקע ייִנגלעך אַז כ׳האָב געשפּילט מיט זיי אין ניס, אַרומגעריסן זיך מיט די יחסנותדיקע און גבירישע ייִנגלעך פון קאַלושינער חסידים־שטיבל, אין וועלכן כ׳האָב מיטן טאַטן געדאַוונט, געווען זיי גראָבע קעפּ, געחוזקט פון זיי, אַז זיי קענען נישט דעם שיעור גמרא, וואָס דער רבי האָט מיט זיי געלערנט. זיי האָבן אויך מיך נישט געשוינט, גערופן מיך סמאָלוך און מיך געיאַדעט, אַז כ׳וועל פאַרגעסן דאָס לערנען און ווערן אַ גוי גמור.

איך אָבער האָב זיך געפילט וואַזשנע און געהאַלטן זיך מעשׂה דערוואַקסענער מענטש.

## וואַגשאַלן און וואָגן

אַ צייט לאַנג פאַר פּסח פון יאָר 1909 האָט מענדל לאַטאָוויטש, מיין ערשטער לערן־מייסטער, זיך געפּאָרעט אַרום צווי נייע אונטערנעמונגען: רעגולירן וואָגשאָלן און לאָזן זיי שטעמפּלען אין דער רוסישער פּאַלאַטע פון וואָגן, מאָסן און געוויכטער, און רעפערירן און לאָזן איבערשטעמפּלען אַלטע וואָגן.

די דאָזיקע אונטערנעמונגען, נאָך זייער רעאַליזירן, האָבן פאַר מיין ערשטן לערן־מייסטער זיך פאַרוואַנדלט אין אַ רעגן פון גאָלד. טראָפּנס פון דעם דאָזיקן גאָלד־רעגן האָבן אויך אַריינגעקאַפּיעט אין מיינע קעשענעס.

די וואַגשאָלן צו אַ הענגלוואַג זענען געקומען פון דער ווייטער רוסישער שטאָט טולע. זיי זענען געקומען רעגולירטע, אָפגעשטעמפּלטע און יעדע פּאָר — געפּאַקט באַזונדער.

אַ הורטאָווער סוחר פון פּלאָץ גזשיבאָווסקי אין וואַרשע האָט פאַרטראַכט אַ פּלאַן צו ברענגען פון טולע בלויז די מעשענע טעלערס, לאָזן פאַבריצירן אין פּוילן די אייזן־געמעשטע קייטלעך, אַליין זיי רעגולירן און אין וואַרשע שטעמפּלען די רעגולירטע וואַגשאָלן. לויט דעם דאָזיקן פּלאַן האָט אַזאַ פּאָר וואַגשאָלן געדאַרפן קאָסטן אַ סך ביליקער.

די סוחרישע זייט איז אַוועק כּשורה, אָבער געהעריק רעגולירן די וואַגשאָלן האָט זיך דעם סוחר נישט איינגעגעבן, און די אינספּעקטאָרן פון דער פּאַלאַטע האָבן זיי אומברחמנותדיק געפּסלט. אויך די אַרבעט פון די בעלי־מלאכות, וועמען דער סוחר האָט געגעבן צו רעגולירן זיינע וואַגשאָלן, איז נישט געווען אין הסכּם מיט די רעגולאַציעס פון דער פּאַלאַטע און זיי זענען געפּסלט געוואָרן.

מענדל לאַטאָוויטש האָט עקספּערימענטירט און איז דערגאַנגען צו אַ מעטאָד, אַז די אַרבעט פון רעגולירן אַ פּאָר וואַגשאָלן איז געווען די צווייטע קונץ פון פּעדערן־שלייסן. זיינע רעגולירטע וואַגשאָלן זענען אָן שוועריקייטן געשטעמפּלט געוואָרן.

דער סוחר האָט לאַטאָוויטשן פאַרגעלייגט איבערצונעמען די אַרבעט. פאַר־שטייענדיק די סיטואַציע, האָט ער זיך געהייסן צאָלן אַ גוזאַלצענעם פּרייז און ער האָט דעם געפאָדערטן פּרייז באַקומען.

דער פּלאַן פון דעם דערמאָנטן סוחר איז נישט געבליבן קיין סוד פאַר די אַנדערע סוחרים אויפן גזשיבאָוו און אויך אַנדערע האָבן די אַרבעט געגעבן מיין לערן־מייסטער.

איך האָב זיך שנעל צוגעאייגנט די תּורה, און די רעגולירטע וואַגשאָלן זענען ביי מיר געפלויגן ווי ביי אַ געניטן מצה־רעדלער די מצות פאַר פּסח אין אַ מצה־בעקעריי.

מיין ערשטן לערן־מייסטערס אונטערנעמונג צו רעגולירן וואַגשאָלן איז פאַר מיר געוואָרן אַ קוואַל פון הכנסה. היפּשע זילבערנע מטבעות האָבן אָנגעפילט מיינע טאַשן ווי מתּנות פון די סוחרים, כ׳זאָל זען, אַז זייער פּאַרטיע אַרבעט זאָל וואָס שנעלער רעגולירט און געשטעמפּלט ווערן.

צווישן די, וואָס האָבן געגעבן וואַגשאָלן צו רעגולירן איז אויך געווען דאָס גרויסע הורטאָווע געשעפט פון די ברידער וואַלפער אויף גזשיבאָוו 12.

די ברידער וואַלפער זענען געווען קורצזוויקסיקע מיט פעטלעכע גראָבע פינגער און זיי זענען באַקאַנט געווען פאַר קאַרגע מענטשן. אָבער אויך זיי האָבן מיר געמוזט געבן בירגעלט, כּדי זייער אַרבעט זאָל וואָס שנעלער געמאַכט ווערן.

דער אופן פון זייער געבן איז געווען אַ גאַנץ אַנדערער, ווי פון די אַנדערע

סוחרים. ווען עמעצער פון די וואַלפּערס איז געצוווּנגען געווען מיר צו געבן „פּאַרן וועג", האָט ער אַרויסגענומען און געעפנט זיין גרויסן בייטל, אַריינגעשטעקט אין דעם בייטל צווי פון זיינע פעטלעכע פינגער און גענומען נישטערן צווישן די מטבעות, שלאָגן זיך מיט דער דעה, וואָס פאַר אַ מטבע מיר צו געבן, מאַכן העוויות, ווי מען וואָלט אים אַ צאָן אַרויסגעריסן און דערלאַנגט די מטבע מיט צוויי שפּיצן פינגער, ווי ער וואָלט אַוועקגעשענקט אַ טייער שטיקל ירושה־צירונג, פון וועלכן ס'איז שווער זיך צו שיידן.

די פּראָצעדור פון די וואַלפּערס צו געבן מיר „פּאַרן וועג" האָט מיך אַמוזירט, אָבער אויך נישט איין מאָל אויפגערעגט און באַליידיקט. ס'פלעגן זיין פאַלן, ווען איך האָב איבערגעלאָזן די מטבע אין אַ וואַלפּערס שפּיץ פינגער אָדער זי אים צוריקגעוואָרפן און אַנטלאָפן פון געשעפט. כ'האָב די אַרבעט פון די ברידער וואַלפּער אָפן סאַבאָטירט.

פאַר מענדל לאַטאַוויטשן איז דאָס נישט געווען קיין סוד. ווען די וואַלפּערס פלעגן זיך פאַר אים באַקלאָגן, אַז זייער אַרבעט ווערט צו לאַנג אויפגעהאַלטן, האָט ער זיי אויף אַ ציניִשן אופן געענטפערט: „איר זענט דאָך עפּעס ליטוואַקעס, צלם־קעפּ, און איר ווייסט נישט, אַז רעדער דאַרף מען שמירן? מיין לערן־יינגל איז טאַקע נישט קיין ליטוואַק, אָבער קיין ש... איז ער אויך נישט. שמירט אים גוט אונטער, וועלן אייערע שאַלן זיך שנעלער אַריינגליטשן אין אייער געשעפט אַריין".

איין מאָל אין אַ זונטיק אין דער פרי האָבן מענדל לאַטאַוויטש און איך אָפּגע־פירט אויף אַ פּלאַטפאָרמע אויסגעפּאַרטיקטע אַרבעט אין די געשעפטן אויפן גזשי־באָוו. דער לעצטער, צו וועמען איך האָב אַריינגעפירט די אַרבעט, איז געווען וואַל־פּערס געשעפט.

די ברידער וואַלפּער און די אָנגעשטעלטע האָבן מיך דאָס מאָל אויפגענומען זייער העפלעך און איינער פון די ברידער וואַלפּער האָט מיר דערלאַנגט אַ שיינעם „פּאַרן וועג". איך האָב, פאַרשטייט זיך, נישט געוווּסט, אַז ס'איז צוגעגרייט געוואָרן פאַר מיר אַ פּאַסטקע.

נאָכן אָפּציילן און קוויטירן די געבראַכטע אַרבעט האָבן די וואַלפּערס און זייערע אָנגעשטעלטע פאַרפירט מיט מיר אַ געשפּרעך וועגן דער געבראַכטער אַרבעט. אויף אַ פראַגע ווער רעגולירט עס אַזוי גוט די וואַגשאַלן האָב איך באַרימע־ריש געענטפערט: „מיין מייסטער און איך". וואַלפּער מיט זיינע מענטשן האָבן פאַרלאַנגט פון מיר כ'זאָל זיי ווייזן ווי אַזוי איך רעגוליר וואַגשאַלן. כ'האָב אָנגעהויבן פילן, אַז עפּעס איז נישט גלאַטיק מיט זייער פאַרלאַנג און געענטפערט: „פון חדר זאָגט מען נישט אויס". דער דרוק איז געוואָרן שטאַרקער, פריִער מיט גוטן און מיט געלטפאַרשלאָגן, און ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָבן אָנגעהויבן פאַלן בייזע ווערטער און סטראַשונקעס. און ווען דאָס האָט אַלץ נישט געהאָלפן און כ'האָב נישט געוואָלט ווייזן, ווי אַזוי די וואַגשאַלן ווערן רעגולירט, האָט איינער פון די וואַלפּערס

ברידער מיר דערלאַנגט מיט זיין קורץ און שמאַלציק הענטל אַ פּראַסק אין פּנים, אַז כ׳האָב דערזען די עלטער־באָבע און בלוט האָט מיר אָנגעהויבן לויפן פון דער נאָז.

מיט מיין גאַנצן כּוח האָב איך אַ שטופּ געטאָן איינעם פון די אָנגעשטעלטע, געמאַכט פריי דעם וועג און בין אַנטלאָפן פון וואָלפּערס געשעפט, אַריין אין געשעפט ווו מיין ערשטער לערן־מייסטער האָט זיך געפונען און האָב יאָמערדיק דערציילט די געשיכטע פאַר וואָס כ׳האָב געקראָגן געשלאָגן.

מענדל לאַטאָוויטש מיט עטלעכע אָנגעשטעלטע זענען אַוועק צו די וואָלפּערס אין געשעפט און געמאַכט דאָרט שוואַרץ־שבת. אַהיימקומענדיק האָט ער געמאַכט אַ חורבן אין וואָלפּערס אַרבעט, צעקלאַפּט און צעקנאָדערט די מעשענע טעלערס, צונויפגעמישט די געמאַכטע און נישט געמאַכטע אַרבעט און ווי שמעלץ דאָס אַלץ אַריינגעוואָרפן אין אַ קאַסטן. מיט אַ געזעלן האָט ער אָפּגעשיקט דעם קאַסטן שמעלץ צו די וואָלפּערס אין געשעפט.

בײדע צדדים האָבן קעגנזייטיק געפאָדערט אַנטשעדיקונג. די וואָלפּערס האָבן געפאָדערט לאַטאָוויטש זאָל זיי באַצאָלן פאַרן שאָדן און לאַטאָוויטש האָט געפאָדערט די וואָלפּערס זאָלן באַצאָלן פאַר דער אַרבעט וואָס ער האָט צוריקגעשיקט, טענהנדיק, אַז נישט ער האָט געמאַכט דעם שאָדן, נאָר די געזעלן אויס נקמה פאַרן שלאָגן דאָס לערן־יינגל. ער האָט געפאָדערט, אַז די וואָלפּערס זאָלן מיך באַפרידיקן פאַר די קלעפּ און פאַר דעם בלוט, וואָס זיי האָבן מיר פאַרגאָסן און געמאָנט אויך פאַר זיך אַנטשעדיקונג מיט דער טענה, אַז צוליב די קלעפּ בין איך אַ צייט לאַנג נישט פּעיק געווען צו דער אַרבעט.

דער תּקיף איז געווען מיין ערשטער לערן־מייסטער: ער האָט זיך אין די וואָלפּערס נישט גענייטיקט, אָבער זיי אָן אים האָבן זיך נישט געקענט באַגיין. ס׳איז דערגאַנגען צו אַ סוחרישער דין־תּורה.

די דין־תּורה איז פאָרגעקומען אין אַ זונטיק־פאַרמיטאָג אין דער רעסטאָראַציע אויפן גזשיבאָוו נומער 6. איך בין געווען דער הויפּט־עדות. די בוררים האָבן גע־פּסקנט, אַז די שולדיקע זענען די וואָלפּערס. זיי דאַרפן באַצאָלן אַ סומע קנס און אויך די קאָסטן פון דעם פּרעס און זויף אין דער רעסטאָראַציע. לאַטאָוויטש אָבער איז מחויב צו נעמען אַרבעט ביי די וואָלפּערס.

איינער פון די ברידער וואָלפּער האָט אויפן אָרט געסילוקט די צוגעפּסקנטע סומע. מענדל לאַטאָוויטש האָט אין אַלעמענס בייזיין אַראָפּגענומען פון דער סומע צוויי אימפּעריאַלן (אַן אימפּעריאַל איז געווען אַ רוסישער גאָלדענער צענער רובל) און פינף איינצלנע רובלדיקע באַנקנאָטן און זיי מיר דערלאַנגט, און אויפן קול האָט ער צו מיר אַ זאָג געטאָן: „נעם צו, קליג שמעקל, די פּאָר קערבלעך, דו האָסט זיי היינט כּשר פאַרדינט".

אַהיימגייענדיק רופט זיך צו מיר אָפּ מיין ערשטער לערן־מייסטער: „ס׳איז גלייכער איך אַליין זאָל אַריינטראָגן די פּאָר קערבלעך צו דיין שוועסטער און זי זאָל

זיי אָפּגעבן דיין מאַמען. דיין מאַמע קער דיר נאָך ווידער אָפּשפּילן אַ חתונה, ווי מיטן רובל פון פינקלשטיינען".

די מאַמע מיינע האָט פאַר די 25 רובל, וואָס מענדל לאַטאָוויטש האָט געגעבן מיין עלטסטער שוועסטער חנה, געקויפט עטלעכע קופּערנע באַלאַנען און עטלעכע קעסטלעך גלעזערנע סיפאָנען.

אָבער אויך די גרויסע סומע, וואָס ס'איז דער מוטער מיינער זייער גוט צו נוץ געקומען, האָט נישט געקענט ענדערן די באַציִונג פון מיין מאַמען צו מיין ווערן אַ „סמאָלוך" און צו דעם, וואָס מיין מורה־דרך איז מענדעלע באַכניאַזש.

לויט דעם רוסישן געזעץ האָבן וואָגן, מאָסן און געוויכטער געדאַרפט גע־שטעמפּלט ווערן יעדע דריי יאָר. עטלעכע יאָר איז די פּאַלאַטע געווען נאָכלעסיק אין איר קאָנטראָל־טעטיקייט, דערפאַר האָט זי אין 1909 זיך ענערגיש געוואָרפן אין דער אַרבעט און אירע קאָנטראָלערן האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די סוחרים.

מענדל לאַטאָוויטש האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס פאַרריכטן און איבערשטעמפּלען אַלטע וואָגן קען ווערן אַ גוט געשעפט, און זיין נייע אונטערנעמונג פון פאַרריכטן און איבערשטעמפּלען אַלטע וואָגן איז פאַר אים געוואָרן אַ קוואַל פון הכנסה. אויך איך האָב פון דער דאָזיקער אונטערנעמונג אָפּגעלעקט אַ ביינדל.

כּדי צו זיכערן אַ פעסטן באָדן דער נייער אונטערנעמונג, האָט מיין ערשטער לערן־מייסטער געשלאָסן אַ שותּפות מיט אַ ייִדישן מעכאַניק פון ניימאַשינען. ביידע צדדים זענען געווען צופרידן פונעם שותּפות. דער מעכאַניק, אַ גוטער פאַכמאַן אויף דעם געביט פון פאַרריכטן ניימאַשינען, איז געווען זיכער, אַז ער וועט גראָב פאַרדינען, און לאַטאָוויטש איז געווען זיכער, אַז דער מעכאַניק וועט זיך לייכט ספּראַווען מיט דער אַרבעט פון פאַרריכטן און רעגולירן אַלטע וואָגן.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט איז אין מיין לערן־מייסטערס וווינונג אַריינגעקומען אַ פּוילישער אַרבעטער פון שפּערלינגס וואָגפאַבריק. פון דער ווייטנס האָט זיין פאַכ־מעניש אויג אויפגעכאַפּט די מאַניפּולאַציעס פונעם מעכאַניק ביים רעגולירן אַ וואָג. דער פּוילישער אַרבעטער, וועמענס נאָמען ס'איז געווען ווינצענטי פּיעטקעוויטש, האָט עקשנותדיק אָבסערווירט די אַרבעט פון דעם מעכאַניק און אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער, וואָס האָט געקענט אויפוועקן אַ פּולק טויטע סאָלדאַטן. ווען ער האָט זיך באַרויִקט איז ער אַריין אין וואַרשטאַט, האָט מיט רוגזה אַוועקגעשטופּט דעם מעכאַניק, געהייסן זיך דערלאַנגען אַ פּירקאַנטיקע פּלאַטע, גענומען די ערשטע בעסטע וואָג און אַוועקגעשטעלט זי אויף דער פּלאַטע, מיט אַ לייכטן האַמער און מיט אַ דינער שליכטפּייל האָט ער געמאַכט אַ ריי אָפּעראַציעס און די וואָג איז אין עטלעכע מינוט געווען פּערפעקט רעגולירט. און אַזוי איז געשען מיט אַ סך אַנדערע וואָגן. איינע פון די וואָגן האָט זיך פאַרעקשנט און נישט געוואָלט נאָכגעבן די מאַני־פּולאַציעס. פּיעטקעוויטש האָט געהייסן מאַכן פייער אין קיך, אָנגעגליט אַ געוויסן

טייל פון דער וואָג, געגעבן עטלעכע קלעפּלעך אויף אַ געוויסן אָרט, דערנאָך ווידער דורכגעפירט זיינע רוטינע מאַניפּולאַציעס — און דאָס עקשנות פון דער וואָג איז געווען געבראָכן. דאָס צינגל פון דער וואָג האָט זיך אָפּגעשטעלט גענוי אין דער מיט.

עטלעכע שעה האָט דער פּוילישער אַרבעטער געאַרבעט אַרום די וואָגן. ווען ער האָט פאַרענדיקט, האָט מענדל לאַטאָוויטש אים מכבד געווען מיט אַ גוטן צובייס און מיט נאָך אַ בעסערן טרונק, אַריינגעשטופּט אים אין וועסטל־קעשענע אַ פינף־רובלדיקן באַנקנאָט און געגומען זיין פּריוואַטן אַדרעס.

ווען איך האָב אַוועקגעטראָגן אין דער פּאַלאַטע די דורך דעם פּוילישן אַרבעטער רעגולירטע וואָגן, האָב איך אויך מיטגענומען צוויי וואָגן פונעם ייִדישן מעכאַניק. דער אינספּעקטאָר האָט זיך אָבער בישט געלאָזט נאַרן. אַלע רעפּערירטע דורך דעם פּוילישן אַרבעטער זענען געשטעמפּלט געוואָרן און דעם מעכאַניקס האָט ער אויס־בראַקירט.

דאָס שותפות איז, פאַרשטייט זיך, אָפּגעבראָכן געוואָרן. דער פּוילישער אַרבע־טער פלעגט קומען אַרבעטן אין די אָוונטן, שבת נאָך מיטאָג און אויך אין די זונטיקס. עטלעכע וואָכן שפּעטער איז ער אין גאַנצן אַוועק פון שפּערלינגס פאַבריק און געאַרבעט אויסשליסלעך פאַר לאַטאָוויטשן.

די אונטערנעמונג פון רעפּערירן און איבערשטעמפּלען אַלטע וואָגן איז אַוועק אַ גאַנג. אין טאָקער־ווערקשטאָט פון מיין ערשטן לערן־מייסטער זענען רעפּערירט און רעגולירט געוואָרן אַלע מינים וואָגן: פון אַ וואָג, אויף וועלכער עס איז געוויגן געוואָרן אויפן פוד, ביז אַ קליין אַפּטייקער־וואָגל, אויף וועלכן מ׳האָט געוויגן מעדיקאַמענטן אָדער גאָלד. די פירמע לאַטאָוויטש האָט געקריגן אַ גוטן נאָמען.

איין מאָל האָט די דירעקציע פון דער ווינער באַן אין וואַרשע פאַרגעלייגט מענדל לאַטאָוויטשן צו רעפּערירן און לאָזן איבערשטעמפּלען אַ וואָג, אויף וועלכער ס׳זענען געוויגן געוואָרן פּראַכטוואַגאָנען. מיט דער דאָזיקער וואָג האָבן זיך שוין געהאַט באַשעפטיקט די אָנגעזעענסטע פאַכמענער פון די גרויסע וואָגפאַבריקן און גאָרנישט געקענט אויפטאָן. ווינצענטי פּיעטקעוויטש האָט באַטראַכט די וואָג און דערקלערט, אַז ער נעמט זיך אונטער די וואָג צו פאַרריכטן. מענדל לאַטאָוויטש האָט געהאַט די דרייסטקייט צו פאַרלאַנגען די לעגענדאַרע סומע פון דריי הונדערט רובל — און די פאַרלאַנגטע סומע געקריגן. אינעם קאָנטראַקט האָט זיך געזאָגט, אַז די באַלוינונג וועט לאַטאָוויטש קריגן נאָר אין פאַל ווען די וואָג וועט ווערן דורך דער פּאַלאַטע איבערגעשטעמפּלט, אין קעגנפאַל קריגט ער נישט קיין איין גראָשן. אין פאַרלויף פון פיר טעג האָט פּיעטקאָוויטש מיט דער הילף פון לאַטאָוויטשן און פון מיר געענדיקט פאַרריכטן די וואָג. אין צוויי טעג שפּעטער, אינעם בייזיין פון הויכע באַן־באַאַמטע, האָבן דריי אינספּעקטאָרן מיט דעם הויפּט־אינספּעקטאָר פון דער פּאַלאַטע בראָש, עקזאַמינירט די וואָג און זי איבערגעשטעמפּלט.

די געשיכטע מיט דער פּראַכטוואָג איז שטאַרק פּובליצירט געוואָרן דורך דער

פוילישער פרעסע און די פירמע לאַטאָוויטש איז געוואָרן גוט באַקאַנט אין די האַנדלס־פלעצער. אומעטום, ווו מיר האָבן זיך באַוויזן, זענען מיר אַרומגערינגלט געוואָרן פון סוחרים און פאַרוואָרפן געוואָרן מיט אַרבעט. אין דער ערשטער צייט זענען מיר געגאַנגען אין צווייען, שפעטער בין איך געגאַנגען אַליין און זיך נישט שלעכט געספּראַוועט מיט דער געשעפטלעכער זייט ביים אָננעמען און ביים אָפּטראָגן די וואָגן.

הויפנס פון זילבערנע מטבעות האָבן זיך גענומען שיטן אין מיינע טאַשן. די סוחרים פון די געשעפטן אויף גנוינע, פטאַשע, פון פאַרן אייזערנעם טויער, אין די האַלעס, באַזאַרן און אין אַנדערע האַנדלס־פלעצער פלעגן מיך פאַרוואַרפן מיט זילבערנע מטבעות, כ׳זאָל זען, אַז זייערע וואָגן זאָלן וואָס שנעלער צוריקגעבראַנגט ווערן. פון די סוחרים האָב איך אָפט מאָל געקריגן פאַרציעס פון פאַרשיידענע באַקאַליעס. פון די יוסטע ברייטהאַרציקע פישערקעס און קצבטעס אין די האַלעס און אין די באַזאַרן פלעג איך אָפט קריגן פלייש און געפליגל פאַר צוגאָב־מתנות.

מיטן געלט פלעג איך זיך טיילן מיט דער מאַמען. די פּראָדוקטן און די פיש האָב איך צעטיילט צווישן מיין מוטער און דער מייסטעראָווע. פון די פלייש־פּראָדוקטן, וועלכע זענען צוליב חשד פון כשרות נישט גענוצט געוואָרן פון מיין מוטער און פון דער מייסטעראָווע, האָט געגעסן פּיעטקעוויטש און דער סטרוזש פון לאַטאָוויטשעס ווינונג.

די קאָלאָניאַל־קראָם פון דער פירמע פראַנט איז געווען איינע פון די גרעסטע צושטעלערס פון וואָגן צו פאַרריכטן. דאָס איז געווען אַ ריזיק געשעפט, הורטאָווע און דעטאַיל, פון כל המינים באַקאַליע־סחורות: פון די סאַמע ביליקסטע ביז די גאָר טייערסטע, געבראַכטע פון די פאַרשיידענע קלימאַטן פון דער דעמאָלטדיקער גרויסער רוסישער אימפּעריע און פון אַנדערע וועלט־טיילן. אין דעם דאָזיקן געשעפט האָבן זיך געפונען געווירצן, געפרעסטע פרוכטן, סאַרדינען, בוימלען און איילן און אַנדערע דעליקאַטעסן פון דעם בעסטן און טייערסטן סאָרט.

לאָקירט איז דאָס דאָזיקע געשעפט געווען אין דער לעצטער געביידע אויפן גנוינע־געסל. די ברייטע טירן פון געשעפט האָבן זיך אויפגעפּראַלט ביים סאַמע צוגאַנג פון די נאָר וואָס אויפגעבויטע גרויסע און שיינע האַנדל־האַלעס. אין דעם געשעפט זענען געווען באַשעפטיקט עטלעכע צענדלינג אָנגעשטעלטע.

געפונען האָבן זיך אין דער דאָזיקער קראָם צענדלינגער וואָגן, גרויסע און גאָר גרויסע, אויף וועלכע מ׳האָט געוויגן פודיקע משׂא, און קליינטשיקע טיש־ און הענגל־וואָגן, אויף וועלכע מ׳האָט געוויגן פּראָדוקטן אויף דער דאָליאַ, וואָגן פון דעם זעלבן סאָרט, אויף וועלכע עס ווערן געוויגן מעדיקאַמענטן אָדער גאָלד.

דער ראָש פון דער פראַנט־פירמע, דער סאַמע גלאַוונער אָנפירער פון דעם ריזיקן געשעפט, איז געווען מאַדאַם פראַנט.

מאַדאַם פּראַנט איז אין געשעפט אַרומגעגאַנגען אין טייערע קליידער, ווידענע און סאַמעטענע, באַהאַנגען מיט צירונג און מיט אַ געקאַרבט טונקל בלאָנד שייטל אויפן קאָפּ. אין אירע טייערע קליידער האָט זי זיך געפונען אין אַלע ענגע לעכער פון געשעפט און פונעם שפּייכלער. קיין שום זאַך איז פאַר אירע אויגן נישט געווען פאַרבאָרגן. אירע באַפעלן און אָנווייזונגען זענען דורכגעפירט געוואָרן מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט.

אין געשעפט פון דער פירמע פּראַנט פלעג איך אין פאַרלויף פון וואָכן רעגולער אַריינקומען יעדן דאָנערשטיק, געבומען אָדער געבערענגט עטלעכע וואָגן, און יעדעס מאָל האָב איך פון מאַדאַם פּראַנט געקריגן אַ שיינעם „פאָרן ווּעג". חוץ אַ גרעסערע זילבערנע מטבע האָב איך פון איר אויך געקריגן אַ פולן שקאַרמעץ מיט פאַרשיידענע באַקאַליעס.

פון צייט צו צייט פלעגט מאַדאַם פּראַנט פאַרפירן מיט מיר קירצערע און לענגערע שמועסן. איין מאָל האָט זי מיך אַריינגערופן אינעם דיטיקן שטיבל, אין וועלכן ס'זענען געזעסן די שרייבערס. אָוועקזעצנדיק זיך קעגן איבער מיר האָט זי מיך אַ פרעג געטאָן — „יונגער־מאַן, אפשר ווילסטו זיין ביי אונדז באַשעפטיקט? די ערשטע דריי יאָר וועסטו קריגן עסן, קליידונג און טאַשן־געלט, שלאָפן וועסטו אין דער היים. נאָך די דריי יאָר וועסטו ווערן אַ „סטאָלער מענטש" און קריגן אַ געהעריקע זשאַלאָוואַניע" — און צוגעגעבן: — „דו געפעלסט מיר און איך גלייב, אַז דו וועסט זיך אויסטויגן אין געשעפט. כ'וועל צונעמען צו דיר אַ לערער, אָדער מיינע קינדער וועלן מיט דיר לערנען, און דערנאָך וועל איך דיך שיקן אין דער „האַנדלוווקע" („האַנדלוווקע" האָבן וואַרשעווער יידן גערופן די האַנדל־שולע, וואָס האָט זיך געפונען אויף די גאַסן פּראָסטע און וואַליצאָוו).

איך האָב דעם אָנבאָט פון דער מאַדאַם פּראַנט נישט אָנגענומען. כ'האָב דער מוטער מיינער דערציילט וועגן דעם פאַרשלאָג, וואָס מאַדאַם פּראַנט האָט מיר געמאַכט. די מאַמע האָט מיך מעלאַנכאָליש אָנגעקוקט און מיט אַ תּחינה־ניגון צו מיר אַ זאָג געטאָן: „דו האָסט, מיין קינד, געהאַט דאָס מזל אין דיינע הענט, און דו האָסט דייך מזל מיט דיינע אייגענע הענט דערוואָרגן". און מיט דער האַנטפלאַך האָט זי אָפּגעווישט די טרערן, וואָס זענען גערונען אויף אירע באַקן.

אַ סך מאָל האָט די מוטער מיינע מיר פאַרגעוואָרפן דעם פעלער, וואָס כ'בין באַגאַנגען נישט אָננעמענדיק דעם אָנבאָט פון דער מאַדאַם פּראַנט, און יעדעס מאָל האָט זי איבערגעחזרט די זעלבע ווערטער מיט דעם זעלבן תּחינה־ניגון.

דאָס לעצטע מאָל, וואָס די מוטער מיינע האָט מיר געמאַכט דעם דאָזיקן פאַר־וווּרף, איז געווען אין זומער 1927, נאָך מיין באַפרייונג פון תּפיסה, ווו איך האָב פאַרבראַכט פינף יאָר. אַרויפקומענדיק צו דער מאַמען אין שטוב, — די מאַמע איז שוין געווען מסוכן קראַנק, — האָט זי מיך געפרעגט, וואָס כ'האָב בדעה ווייטער צו טאָן. כ'האָב דער מאַמען געענטפערט, אַז איך זעץ פאָר מיין פּאָליטיש־געזעל־

שאַפּטלעכע טעטיקייט ווי אַ פּראָפעסיאָנעלער רעוואָלוציאָנער. אַנשטאָט צו פֿאַרפירן מיט מיר אַ דיסקוסיע און פּרווון מיך אָפּצורעדן דורכצופירן מיין באַשלוס, האָט זי איבערגעחזרט דעם דערמאָנטן פאַרוואורף, פֿאַר וואָס איך האָב בשעתו נישט אָנגענומען דעם אָנבאָט פון מאַדאַם פראַנט, און צוגעגעבן: ווען דו פֿאָלגסט דעמאָלט דער מאַדאַם פראַנט, וואָלט דיין מזל, און אפשר אויך מיין מזל, אַנדערש געווען.

איבער פופציק יאָר זענען אַריבער זינט מאַדאַם פראַנט האָט מיר געמאַכט דעם פֿאָרשלאָג צו ווערן באַשעפטיקט אין איר געשעפט. אין די אַלע יאָרן און אין אַלע פאַזעס פון מיין פאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן און פערזענלעכן לעבן האָב איך נישט פאַרגעסן די פערזאָן פון דער מאַדאַם פראַנט.

די דאָזיקע פרוי האָט זיך טיף איינגעקריצט אין מיין געמיט און אין מיין געדעכעניש. זי איז ביי מיר און אין מיר פאַרקערפּערט געוואָרן ווי אַ טיפּ פון אַ מאָדערנער יידישער אשת־חיל. ווען איך פלעג אויף מיין געזעלשאַפטלעכן און פערזענלעכן לעבנסוועג אָנטרעפן אויף אַ פעיקער פרוי, האָב איך זי אין מיין געדאַנק פאַרגליכן מיט דער מאַדאַם פראַנט, און כ׳בין צופרידן געווען, ווען כ׳האָב זיך געקענט זאָגן, אַז די פרוי פאַרמאָגט די פעיקייטן, חכמה, אינטעליגענץ און אַרבעטזאַמקייט פון מאַדאַם פראַנט; אַז זי איז, פונקט ווי מאַדאַם פראַנט, פעיק צו שטיין בראַש, אָנצופירן און צו זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַ גרויסער אונטערנעמונג.

אַן אַלטער יידישער פייטן האָט געזונגען: „אשת חיל מי ימצא?״ וואָלט ער געקענט די מאַדאַם פראַנט, וואָלט ער זיכער געזונגען דאָס ליד פון דער יידישער סוחרטע, פון דער אשת־חיל, וועמען מען האָט גערופן „מאַדאַם פראַנט״.

אין די זומער־חדשים פון יאָר 1909 האָב איך געלעבט אַ יום־טובדיק לעבן. מיינע הכנסות זענען אָן גוזמא געווען גרעסערע ווי פון אַ קוואַליפיצירטן אַרבעטער אין די דעמאָלט ספּעציפיש יידישע פאַכן: פוּדעלע־מאַכערס, פּאַסקע־מאַכערס, בייטל־מאַכערס אד״גל. מיינע טאַשן זענען געווען אָנגעשטאָפּט מיט זילבערגעלט און געלעבט האָב איך ווי אַ פריץ.

ס׳איז נישט געווען דעמאָלט קיין צו טייערע זאַך, כ׳זאָל זיך נישט קענען פאַרגינען. כ׳האָב זיך אויסגעקליידט אין האָניק און אין עסיק, כ׳בין געלאָפן אין די יידישע טעאַטערס „עליזעום״ און אין מוראַנאָווער. הויפּטזעכלעך אין „עליזעום״ ווו ס׳האָבן זיך געפונען מיינע פאַוואָריטן־אַקטיאָרן מיט דעם קאָמיקער ווינער בראַש.

איך בין געוואָרן אַ ווילטוער פאַר דער כאַפּטע חברימלעך, מיט וועלכע כ׳האָב זיך קאָלעגירט און צווישן וועלכע כ׳בין געווען דער יינגסטער. איך האָב געפונדעוועט קאַווע מיט טשאַסטעס אָדער לאָדעס אין קאָטליצקיס צוקערניע פאַרן אייזערנעם טויער, ביים אַריינגאַנג אין זאַקסישן גאָרטן, און מיט קנאה־שנאה געקוקט

איוף די טויערן פון זאַקסישן גאָרטן, וואָס זענען פאַרשפּאַרט געווען פאַר די ייִדישע טראַדיציאָנעל געקליידטע ייִנגלעך.

איך האָב געלאָזט זיך ווילגיין „ביים טערק" אויף ראָג מאַרשאַלקאָווסקע און כמיעלנע, געגעסן דאָרט טונקעלע ראָזשינקע־ברויטלעך און פאַרטרונקען מיט פלעש־לעך מילך — דאָס איינציקע אָרט אין דעמאָלטדיקן וואַרשע, ווו מ׳האָט געקריגן פּאַסטעריזירטע מילך אין אַ פאַרמאַכט פלעשל.

איך האָב מיטגענומען די חברים מיינע אין באַגאַטעלע־גאַרטל, אין דער וויטער און רייכער אַלעע אויאַזדאָווסקע, אין וועלכן ס׳זענען זיך שבת צו נאַכטס צונויפגע־קומען מיינסטנס די לאַנג־געקליידטע חתנים מיט זייערע כּלות און געגעסן קאַרטאָפל מיט זויערמילך אונטער די קלאַנגען פון מוזיק.

ס׳איז געווען חי־געלעבט!

## אין פּראָפיל מענדל לאַטעק — מענדל לאַטאָוויטש

מיין ערשטן לערן־מייסטער, מענדל לאַטאָוויטש, האָט מען אין פּאַך גערופן „מענדל לאַטעק". די שכנים אין גאַס האָבן אים גערופן „מענדעלע באַכניאַזש". מענדל לאַטאָוויטש האָט כּשר פאַרדינט די דאָזיקע נעמען. ער איז געווען אַ לאַטעק און אַ באַכניאַזש.

ווען איך וואָלט געצוווּנגען געווען צו געבן אַ סאָציאָלאָגישע דעפיניציע פון דעם סוביעקט „לאַטעק", וואָלט איך עס וואָרשיינלעך אַזוי דערקלערט: אַ לאַטעק איז איינער, וואָס וויל זיך אָפּרייסן פון דער לעגיטימער געזעלשאַפט און וויל לאַנדן אויפן באָדן פון דער אונטערוועלט. ער קען זיך אָבער נישט אָפּרייסן פון דער לעגיטימער געזעלשאַפט און איז אויך נישט בכּוח צו אַנקערן אויפן באָדן פון דער אונטערוועלט. די לעגיטימע געזעלשאַפט פאַראַכט דעם לאַטעק, אין בעסטן פאַל האָט זי צו אים אַ ווידערווילן, און אויך די אונטערוועלט פאַראַכט אים און לאָזט אים נישט צו צו זיך.

אין טאָגטעגלעכן לעבן האָט מען ווי אַ לאַטעק באַצייכנט אַ גנב, וואָס גנבעט זאַכן, צו וועלכע אַ פּראָפעסיאָנעלער גנב וואָלט זיך געמיאוסט צוצורירן; ער גנבעט ביי מענטשן, פאַר וועמען די אונטערוועלט האָט אַ געוויסן רעספּעקט: רבנים, לע־רערס, שרייבערס, אַקטיאָרן אד״גל, אָדער גנבעט ביי קבצנים אין די קעלערשטובן.

פאַר אַ לאַטעק איז באַטראַכט געוואָרן איינער, וואָס באַנוצט זיך מיט ניבול־פּה און מיט דעם לשון פון דער אונטערוועלט, טוט אָפּ קליינע מיאוסע זאַכן, און בכלל איינער, וואָס פירט זיך נישט אויף אין דעם אַנגענומענעם ציוויליזירטן שטייגער.

מענדל לאַטאָוויטש איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער טיפּ פון אַ לאַטעק. זיין

מויל — צעווערעמט פון ניבול־פה, זיין שפּראַך — די אָרדינערסטע. גערעדט האָט ער אַזוי צו יעדן איינעם, מיט וועמען ער איז געקומען אין קאָנטאַקט, צו די געזעלן און אַפילו צו די סוחרים, מיט וועלכע ער האָט געהאַנדלט. אַפילו דער פרוי זיינער, אַ יונג צניעותדיק ווייבל פון אַ קליין שטעטל, האָט זיין מויל נישט געשוינט. אויך צו איר האָט ער גערעדט מיט אַן אויסגעלאַסענער שפּראַך, און נישט איין מאָל אַפילו די האַנט אויף איר אויפגעהויבן.

געווען איז מענדל לאַטאָוויטש אַ ווייבערניק. ער האָט נישט דורכגעלאָזט קיין פרוי, אַ יונגע צי אַן אַלטע, ער זאָל זי נישט גראָב פאַרטשעפּען.

ער איז אויך געווען אַ ליידנשאַפטלעכער קאָרטן־שפּילער. געשפּילט האָט ער דער עיקר אין האַזאַרד־שפּילן: 21, שטאָס און אין ביינדלעך. אין די לעצטע צוויי שפּילן קען מען פאַרשפּילן אַ פאַרמעגן.

מיט איין וואָרט: אַן אמתער לאַטעך.

מיין ערשטער לערן־מייסטער איז געווען אויך אַ באַכניאַזש.

„באַכניאַזש״ איז גערופן געוואָרן איינער, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט קויפן געגנבעטע מעטאַלן: קופּער, מעש, צין, צינק, בליי, ניקל, שטאָל און אַנדערע האַרטע מעטאַלן, אָבער נישט קיין גאָלד און זילבער.

דער אונטערשייד צווישן אַ „פּאַסער״ און אַ „באַכניאַזש״ איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אַ פּאַסער האָט געקויפט אַלע סאָרטן גנבות, וואָס זענען צוגעגנבעט געוואָרן דורך גנבים; אַ באַכניאַזש דאַקעגן האָט געקויפט נאָר מעטאַלן, וואָס אַרבעטער האָבן צוגענומען אין זייערע פאַבריקן און וואַרשטאַטן.

אויך געזעלשאַפטלעך איז געווען אַ גרויסער אונטערשייד צווישן אַ פּאַסער און אַ באַכניאַזש.

אַ פּאַסער איז געווען אַ באַשטאַנדטייל פון דער אונטערוועלט. די מערסטע פּאַסערס זענען אַליין פריִער געווען פּראָפעסיאָנעלע אונטערוועלט־מענטשן, און די, וועלכע זענען דאָס נישט געווען, זענען דורך זייערע געשעפטן געווען פאַרבונדן מיט גנבים, פּראָסטיטוטקעס אד״גל.

די אונטערוועלט האָט דעם פּאַסער באַטראַכט פאַר אַן אייגענעם, אויף דער פרייַ און אין תּפיסה. איינער פון די אימפּעראַטיווסטע עטיק־כּללים פון דעם גנבים־פאַך איז געווען, אַז אַ גנב טאָר נישט פאַרשיטן דעם פּאַסער, ווען ער שטעקט אָפּ די גנבה.

אין דער שול אויפן ייִדישן בית־עולם אין וואַרשע, אין וועלכער ס׳האָט זיך יום־כּיפּור צו כּל־נדרי פאַרזאַמלט די גאַנצע אונטערוועלט, האָבן אין דעם דאָזיקן געזינדל זיך אויך געפונען פּאַסערס.

אַ פּאַסער אין דער משפּחה איז געווען דאָס זעלבע, ווי צו האָבן אַ משומד, אַ גנב, אַ זונה אד״גל. אויף וויפל איך געדענק דאָס רעליגיעזע ייִדישע לעבן אין וואַרשע,

איז מיר נישט באַקאַנט, אַז אַ פּאַסער זאָל זיך געפינען צווישן די מתפללים אין די חסידים־שטיבלעך. אַ פּאַסער, ווי יעדער אַנדער טייל פון דער אונטערוועלט, איז געווען מחוץ דער לעגיטימער ייִדישער געזעלשאַפט אין וואַרשע.

אַנדערש איז אָבער געווען די באַציִונג מצד דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט צום באַכניאַזש. אַ באַכניאַזש פאַר אַן אײדעם וואָלט דער געראַר רבי זיכער נישט גענומען, אָבער אין געראַר שטיבל און אין אַנדערע חסידים־שטיבלעך האָבן באַכ־ניאַזשעס יאָ געדאַוונט. אויך אין קאָלושינער חסידים־שטיבל, אין וועלכן מיין פאָטער האָט געדאַוונט, האָבן געדאַוונט צוויי באַכניאַזשעס. קיין גרויסער יחוס אָבער איז דער באַכניאַזש נישט געווען.

עס דערמאָנט זיך מיר אַ סצענע אין אַ יום כּיפּור־טאָג אין קאָלושינער חסידים־שטיבל: אַן עלטערער יחוסדיקער חסיד, נישט קיין גרויסער גביר, האָט געהאַט חזקה אויף מפטיר יונה. אַ באַכניאַזש, אַ גביר, האָט דווקא געוואָלט קויפן די פּעטע עליה פאַר זיין נישט לאַנג איינגעהאַנדלטן אײדעם און כּסדר געהעכערט דעם פּרייז. דער אַלטער חסיד האָט נישט געוואָלט פאַרלירן די חזקה און מיט אַ וויינענדיקן טאָן געהעכערט דעם באַכניאַזשס פּרייז מיט עטלעכע קאָפּיקעס. דער פּרייז איז שוין געווען זייער הויך, און ס'איז געווען קלאָר, אַז דער אַלטע חסיד פאַרשפּילט זיין חזקה.

די חסידים זענען געווען אויפגעבראַכט פון דעם באַכניאַזשס חוצפּה, און ווען די לאַגע איז שוין געוואָרן גאָר קריטיש, איז אַן אַלטער גרייזגרויער חסיד אַרויף אויפן בעלעמער און אַ געשריי געטאָן: „אַ סוף זאָל עס נעמען! מיר וועלן נישט דערלאָזן, אַז רב... (איך געדענק נישט דעם נאָמען פון דעם בעל־חזקה) זאָל פאַרלירן זיין חזקה"! דער באַכניאַזש האָט זיך מיט חרפּה צוריקגעצויגן פון דער ליציטאַציע און ער מיטן אײדעם זענען מער נישט געקומען אין קאָלושינער חסידים־שטיבל דאַוונען.

די באַכניאַזשעס האָבן געהאַט געוועלבער, טייל אַפילו גאָר גרויסע געוועלבער פון אייזנוואַרג אין דער געגנט פון די גרויסע מעטאַל־פאַבריקן, און געקויפט די מעטאַלן פון נישט קיין פּראָפעסיאָנעלע גנבים, נאָר פון די אַרבעטער פון די פאַבריקן. אין געוויסע פאַלן אַפילו פון די מייסטערס פון די פאַבריקן.

דאָס אַרויסטראָגן שטיקלעך מעטאַל פון די פאַבריקן און וואַרשטאַטן איז יאָ און נישט באַטראַכט געוואָרן פאַר קיין גנבה. פּונקט ווי די אַמאָליקע ייִדישע שניי־דערס אין פּוילן האָבן יאָ און נישט באַטראַכט יתור פאַר קיין גנבה. ווען אַן אַרבעטער איז געכאַפּט געוואָרן ביים אַרויסטראָגן מעטאַלשטיקער, איז ער נישט איבערגעגעבן געוואָרן דער פּאָליציי ווי אַ גנב און נישט געמישפּט געוואָרן פאַר גנבה. אַן אויסנאַם זענען געווען די אַרבעטער ביי טעלעפאָן און טעלעגראַף.

נאָך דער חתונה האָט מענדל לאַטאָוויטש געעפנט אַ טאָקער־וואַרשטאַט אויף דער פּאַנסקע גאַס, אין אַ געגנט, אין וועלכער עס האָבן זיך געפונען אַ באַדייטנדיקע

צאָל גרויסע און קלענערע מעטאַל־פֿאַבריקן און וואַרשטאַטן און איז ביסלעכווייז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם מסחר פֿון באַכניע. צוגעשפּילט האָט אים די לאָקאַציע פֿון וואַרשטאַט און דירה, וועלכע האָבן געהאַט עטלעכע אַריינגענג און אַרויסגענג דורך פֿאַרשיידענע הייף — אַן אידעאַלער מקום פֿאַר אַזאַ סאָרט מסחר. אין אַ קורצער צייט איז מענדל לאַטאָוויטש געוואָרן איינער פֿון די גרעסטע באַכניאַזשעס אין זיין געגנט.

„כ'האָב פֿאַר קיינעם נישט קיין מורא״ — פֿלעגט מענדל לאַטאָוויטש, מיין ערשטער לערן־מייסטער זיך באַרימען ביי יעדער געלעגנהייט.

אַליין אַ דאַרער, אַ שוואַכער, אויפֿן שוועל פֿון טובערקולאָז, איז ער תּמיד געווען אַרויסרופֿעריש און חוצפּהדיק. בעת אַ סיכסוך פֿלעגט ערביילן זיינע פֿויסטן און שטעלן זיך אין אַ פּאָזע גרייט צום שלאָגן. בלויז פֿאַר איין מענטשן האָט ער מורא געהאַט — פֿאַר זיין פֿאָטער. איז דער פֿאָטער זיינער געקומען צו אים אויף אַ באַזוך, האָט ער אַרומגעפּלאָנטערט אַרום טאַטן און געטאָן אַלץ מעגלעכע דעם פֿאָטער צופֿרידנצושטעלן. מענדל לאַטאָוויטש האָט פֿאַר זיין טאַטן מורא געהאַט אימת־מוות.

איין מאָל איז דער פֿאָטער זיינער געקומען אומגעריכט און געטראָפֿן דעם זון עסן אין בלויזן קאָפּ. אָן אַ וואָרט צו רעדן האָט דער פֿאָטער אים דערלאַנגט צוויי פּעטש, אַזש פֿונקען זענען געפֿלויגן, און פֿאַרלאָזט די ווינונג.

דער אַלטער לאַטאָוויטש (זיין נאָמען געדענק איך נישט) איז געווען אַ ייִד אַ קפּדן. מיטלוויוקסיק, אין די פֿופֿציקער, מיט אַ געזונט פּנים אַרומגערעמט מיט אַ ברייטער און ווייסער באָרד, מיט ברייטע פּלייצעס און מיט פֿעסטע האַמערדיקע הענט — האָט פֿון זיין געשטעל און פֿון יעדער באַוועגונג זיינער געשלאָגן מיט גבורה און מיט בייזקייט.

געווען איז דער אַלטער לאַטאָוויטש אַ מלמד אין אַ העכערער כּיתּה אין דער תּלמוד־תּורה אויף קראַכמאַלנע־גאַס אין וואַרשע. געהאַט אַ נאָמען פֿון אַ גרויסן למדן און אַ שם פֿון אַ מלמד, ביי וועמען ס'געפֿינען זיך נישט קיין תּלמידים, וועלכע קענען נישט דעם שיעור גמרא, וואָס ער האָט מיט זיי געלערנט. זיין דעוויז איז געווען: אַ ייִנגל, וואָס וויל נישט לערנען אָדער קען נישט תּופֿס זיין דאָס לערנען, דאַרף מען אים דאָס לערנען אַריינהאַקן. און דער פֿינף־רימענדיקער קאַנטשיק מיטן ביינערנעם הענטל, זיינע האַנטפֿלאַכן און זיינע פֿויסטן האָבן אים געהאָלפֿן אַריינקלאַפּן די תּורה אין די קעפּ פֿון זיינע תּלמידים.

די תּלמידים פֿון דעם אַלטן לאַטאָוויטש האָבן זייער רבין פֿיינט געהאַט ווי די פּעסט. מאַכנע פֿלעגן אַפֿילו אין מיטן לערן־סעזאָן אַנטלויפֿן פֿון דער כּיתּה און פֿון דער תּלמוד־תּורה.

צו מיר האָט דער דאָזיקער בייזער ייִד גראָד געהאַט אַ גוטמוטיקע באַציִונג. יעדעס מאָל ווען ער האָט באַזוכט זיין זון, איז ער צו מיר צוגעגאַנגען, האָט אָבסערווירט, ווי אַזוי כ'אַרבעט, אַ מאָל אַפֿילו באַטראַכט מיין אַרבעט, און ביים אַוועקגיין

איבערגעחזרט אין אין דעם זעלבן פּיזמון: „וואָס טוסטו דאָ? ווערסט זיך ביי מיין מענדלען די מלאכה נישט אויסלערנען, און זיינע שמדשטיק איז בעסער דו זאָלסט די נישט קענען. זוך דיר אָפּ אַן אַנדערן מייסטער״. דער פּיזמון איז מיר אַריין אין דער נאָז, און ווען כ׳האָב באַשלאָסן צו שלאָגן כּפּרות מיט מענדל לאַטאָוויטשן, האָט זיין פּאָטערס פּיזמון געשפּילט אַ געוויסע ראָלע אין מיין באַשלוס.

דעם אַלטן לאַטאָוויטש האָב איך פיינט געהאַט בתּכלית שׂנאה און נישט געקענט פאַרשטיין פאַר וואָס מיין לערן־מייסטער, דער סטאָוויאַק און הוראַק, וואָס באַרימט זיך אַז ער האָט פאַר קיינעם נישט קיין מורא, ציטערט אַזוי פאַר זיין פאָטער. כ׳האָב לאַטאָוויטשן נישט געקענט מוחל זיין זיין שוואַכקייט און פּחדנות פאַר זיין טאַטן.

דאָס מיאוסע איז אָבער געווען נאָר איין זייט פון מיין לערן־מייסטערס כאַראַקטער. די צווייטע איז געווען: אַ גאָלדן האַרץ, אַן אָפענע האַנט און אַ חוש, אַ ליבע פאַר ליטעראַטור, טעאַטער, מוזיק, ספּאָרט און קונסט.

די שכנים פון גאַס האָבן געוווּסט, אַז אין פאַל פון אַ צרה, פון אַ נויט, וועט מען ביי מענדל באַכניאַזש קריגן די געהעריקע הילף. זיינס אַ וואָרט, מ׳זאָל פאַר אים אויסלייגן אַזאַ און אַזאַ סומע, איז קוראַנטער, ווי אין אַ באַנק.

אין אַ באַזונדערער זייט פון ספרים־שענקל האָבן זיך געפונען אַ שפּאַר ביסל ביכער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור און צייטשריפטן און מיין ערשטער לערן־מייסטער האָט זיי געשמאַק געלייענט. דער צייטונג־פאַרקויפער האָט יעדן טאָג געבראַכט אַלע יידישע טאָגצייטונגען און אויך פאַרשיידענע פּעריאָדישע צייטשריפטן. ער איז געווען גוט באַקאַנט מיט די וועלט־געשעענישן, אַלגעמיינע און יידישע, און גאַנץ אינטעליגענט דיסקוטירט מיט באַקאַנטע און שכנים.

מענדל לאַטאָוויטש איז געווען אַן אָפּטער טעאַטער־גייער, אין יידישן און אויך אין פּוילישן טעאַטער, אַ באַזוכער פון אָפּערע און קאָנצערטן, האָט בייגעוווינט אַטלעטישע רינגקאַמפן, וואָס איז צו יענער צייט געווען אין וואַרשע דער איינציקער ספּאָרט, צוטריטלעך פאַרן ברייטערן עולם. פון פוטבאָל, בייזבאָל, האָקי און ענלעכע ספּאָרטן האָט מען נאָך דעמאָלט אין וואַרשע נישט געוווּסט. אייזגליטשערײַ און פּאָלאָנט־פּילקע איז געווען אַ שפּיל פאַר קליינע קינדער און פאַר שטודירנדיקער יוגנט. טעניס און קראָקעט איז געווען אַ ספּאָרט פאַר די פּוילישע גבירישע ליידיק־גייערס און פאַר אַ קליינער צאָל פון דער יידישער פּלוטאָקראַטיע. די אַטלעטישע רינגקאַמפן זענען געווען די איינציקע ספּאָרטשפּיל, מיט וועלכע די ברייטע מאַסן האָבן זיך ספּאָרטיש אויסגעלעבט. און — ווי אומגלייבלעך דאָס זאָל נישט קלינגען — איז מענדעלע באַכניאַזש געווען אויך אַן אָפּטער באַזוכער פון דער וואַרשעווער קונסט־גאַלעריע, די אַ״ג „זאַכענטאַ שטוק פּיענקניך״.

אין די חדשים, וואָס איך האָב געאַרבעט ביי מענדל לאַטאָוויטשן ווי אַ לערן־יינגל, האָבן זיך פאַרמירט די גרונטשטריכן פון מיין כאַראַקטער, די פּאָזיטיווע ווי די נעגאַטיווע. אייניקע נעגאַטיווע שטריכן האָב איך אין שפּעטערע יאָרן גובר

געװען. אַנדערע, משמעות אָרגאַנישע, זענען מיר געבליבן אין אַ פֿאַרשאַרפֿטער פֿאָרעם, װי למשל, מײַן טאַקטלאָזיקײט, נישט נײטיקע עקשנות אד״גל. פֿון די פֿאָרמירטע פּאָזיטיװע שטריכן באַטראַכט איך מײַן דראַנג צו קענען דאָס מענטש־לעכע לעבן, די נטיה צו הערן און צו זען און דאָס גריבלען זיך אין דעם געזעענעם און געהערטן, און אויך מײַן גיריקײט צו לײענען.

אַ דאַנק מענדל לאַטאָװיטשן, זײַן דירעקטער און אומדירעקטער הילף, האָב איך שױן אין די ערשטע חדשים אויף מײַן לעבנסװעג װי אַן אַרבעטער געמאַכט װיכטיקע שריט אויפֿן װעג פֿון מײַן גײַסטיקער אַנטװיקלונג.

עס לוינט זיך װעגן דעם עפּעס צו דערצײלן.

צװישן די ביכער אינעם ספֿרים־שענקל פֿון מײַן ערשטן לערן־מײַסטערס שטוב האָבן זיך געפֿונען די װערק פֿון פּרץ, אַש, רײזען, װײַסענבערג און אַנדערע פּראָזע־און פּאָעזיע־ביכער. איך האָב זיך צוגעכאַפּט צו די ביכער װי צו אַ גוט געבראָטנס און זײ געשלונגען װי הײסע לאַקשן.

פֿאַרשטענדלעך, אַז כ׳האָב דעמאָלט נישט פֿאַרשטאַנען נישט דעם ליטעראַרישן װערט און נישט דעם תּוכן פֿון די דערצײלונגען און פֿון די לידער, נאָר געלײענט זײ װי מעשׂה־ביכלעך. מײַנע שרײַבערס־פֿאַװאָריטן זענען דעמאָלט געװען רײזען און װײַסענבערג. װײַסענבערגס „אַ שטעטל מיט בנים״ און „דבֿורהלע״ האָבן איך גע־לײענט עטלעכע מאָל. די געלײענטע ביכער זענען געװען די זאָמען פֿאַר ליבשאַפֿט צו שײנער ליטעראַטור.

באַנוצנדיק אַ מליצה־לשון, װאָלט ריכטיק געװען צו זאָגן: די געלײענטע ביכער פֿון מענדל לאַטאָװיטשס ספֿרים־שענקל איז געװען די פֿורטקע, װאָס האָט מיך אַרײַנגעפֿירט אין דעם באַבױמטן, באַגראָזטן און באַבלימלטן גאָרטן פֿון דער שײנער ליטעראַטור, ייִדישער און נישט ייִדישער, די סטעזשקע, װאָס האָט מיך אַרויסגע־פֿירט אויפֿן ברײטן שליאַך פֿון װיסן, קענען און פֿאַרשטײן די פּאָליטישע און געזעל־שאַפֿטלעכע ענינים און פּראָבלעמען אין די פֿאַרשײדענע װעלטטײלן און פֿונעם ייִדישן לעבן.

אין פּסח פֿון 1909 בין איך מיט מײַן לערן־מײַסטער צום ערשטן מאָל געגאַנגען אין ייִדישן טעאַטער און בײגעװױנט די פֿאָרשטעלונג „הערצעלע מיוחס״, אין װעלכער דער אַקטיאָר יצחק לאַטאָװיטש האָט געשפּילט די קאָמישע ראָלע פֿון חיים־יואל דעם משרת.

דעם דאָזיקן פּסח, גענױער דעם שבת חול־המועד פֿון 1909, האָב איך אין מײַן לעבן קײן מאָל נישט פֿאַרגעסן. מיט דער דאָזיקער פֿאָרשטעלונג, װעלכע איז פֿאָר־געקומען אין אַ גרױסער הילצערנער שאָפּע אין מאָקאָטאָװ, „באַגאַטעלאַ־טעאַטער״, האָט זיך אָנגעהױבן מײַן ליבע צו טעאַטער, די גרױסע פֿרײדיקע איבערלעבונגען,

וואָס טעאַטער־פאָרשטעלונגען פלעגן מיר געבן אין לויף פון מיין לעבן אין פאַר־שיידענע לענדער אין גאָר דער וועלט.

די ערשטע טעאַטער־פאָרשטעלונג, וואָס איך האָב אַ דאַנק מענדל לאַטאָוויטשן געזען שבת חול־המועד פסח פון יאָר 1909, איז אָן שום ספק געווען אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין מיין גייסטיקער אַנטוויקלונג.

אַרום די פסח־טעג פון יאָר 1909 איז מיר באַשערט געווען איבערצולעבן אַן אַנדער געשעעניש, וואָס האָט געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע אין מיין אַנטוויקלונג, און, ווי מיר דאַכט זיך, אויך אין דער פאָרמירונג פון מיין כאַראַקטער — איך האָב צום ערשטן מאָל באַזוכט אַ צירק־פאָרשטעלונג און אַ רינגגעפעכט פון אַטלעטן. („וואַלקי" אין פויליש — „רעסטלינג" אין ענגליש).

געשען איז עס אַ טאָג צי צוויי נאָך פסח. דער וואָרשטאָט איז געשטאַנען שטיל, די גע‌זעלן זענען נאָך נישט געהאַט צוריקגעקומען פון זייערע שטעטלעך, וווּ זיי האָבן פאַרבראַכט דעם יום־טוב. איך בין נאָך געווען אָנגעטאָן אין מיינע יום־טוב־קליידער, כ'האָב זיך אָבער שוין אַ גאַנצן טאָג געפונען אין וואָרשטאָט. פאַרן אַהיימ־גיין רופט זיך אָן צו מיר מיין ערשטער לערן־מייסטער: „ווילסט מיטגיין אין צירק אַריין"? מיין ענטפער איז, נאַטירלעך, געווען אַ פאָזיטיווער. נאָך וועטשערע זענען מיר אַוועק צום צירק.

דער ציניזעלי־צירק אין וואַרשע איז ביז צום אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען איינער פון די בעסטע צירקן אין אייראָפּע און האָט זיך געפונען אין אַ קליין געסל מיטן נאָמען אָרדינאַצקע. אויפן וועג צום צירק האָב איך צום ערשטן מאָל באַטראַכטן מיר אומבאַקאַנטע גאַסן און זיך אַנטציקט מיט דער שיינקייט פון די הייזער און מיט דער רייכקייט און פילפאַרביקייט פון די וויטרינעס.

דאָס אָרדינאַצקע־געסל, אין וועלכן דער צירק האָט זיך געפונען, האָט געברויזט, ווי אַ צעשטורעמטער וואַלד. פון די קאַטשן, גומקעס און דראָשקעס זענען אַרויס רייך־געקליידטע דאַמען און הערן, אָפיצירן פון כל־ערליי ראַנגען און צוזאַמען מיט די פּוסגייערס זיך געשפּאַרט צו די אַריינגענג פונעם צירק. דער גרויסער צאָל רייטער־ און פוס־פּאָליציי האָט קוים זיך איינגעגעבן צו באַהערשן און צו רעגולירן דעם מענטשן־שטראָם.

די קאַסע־פענצטערלעך זענען געווען געשלאָסן, אָבער אויף דער גאַס איז אָנגעגאַנגען אַ לעבעדיקער האַנדל מיט בילעטן. מיין לערן־מייסטער האָט ביי אַן אויפ־קויפער געקויפט פאַר אַ גע‌זאַלצענעם פּרייז צוויי בילעטן און מיט מי האָט זיך אונדז איינגעגעבן אַריינצוקומען אין דער געביידע פון צירק.

די פּלעצער אונדזערע זענען געווען אין איינער פון די טייערסטע לאָזשעס אין פּאַרטער. ביים אַריינגאַנג אין דער לאָזשע האָבן מיר אַראָפּגענומען די טוכענע יידישע היטעלעך — דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב באַוווּסט־זיניק עובר געווען נישט צו גיין בגילוי ראש.

אַריינקומענדיק אין דער לאָזשע זענען מיר פון די אַנוועזנדיקע, מערסטנס רוסישע אָפיצירן און זייערע דאַמען, אויפגענומען געוואָרן מיט שפּאַס און מיט ניבול־פּהדיקע זידלערייען, און אין פאַרשיידענע וואַריאַציעס האָט זיך איבערגעחזרט דער עפּיטעט „זשיד". מענדל לאַטאָוויטש האָט צו מיר אַ שעפּטשע געטאָן: „האָסט זיי אין דער ערד, די אָפיצערסקע קורוועס מיט זייערע אָפיצערסקע אַלפאָנסן".

דאָס ערשטע, וואָס האָט זיך אין צירק מיר געוואָרפן אין די אויגן, איז געווען אַ וואַלד פון קעפּ. און ווען די פאָרשטעלונג האָט זיך אָנגעהויבן, בין איך פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַלעם, וואָס ס'איז פאָרגעקומען אויף דער אַרענע פון צירק.

ביז דעם הייַנטיקן טאָג קען איך נישט פאַרגעסן דעם איינדרוק, וואָס ס'האָבן אויף מיר געמאַכט צוויי עלעמענטן פון דער פאָרשטעלונג: די ליכטעפעקטן און די גראַציעזקייט פון די באַטייליקטע פּרויען אין דער פאָרשטעלונג.

די פאַנטאַסטישקייט פון די ליכטעפעקטן האָבן מיך אַזוי באַאיינדרוקט, אַז יעדעס מאָל ווען כ'געפין זיך אויף אַ טעאַטער־אימפּרעזע אינטערעסירן מיך נישט בלויז די פּיעסע און די אויפפירונג, נאָר אויך די ליכטעפעקטן. דעם גרעסטן געניוס, וואָס ליכטעפעקטן האָבן ווען ס'איז מיר געגעבן, איז געווען אין 1940 בעת אַ פאָר־שטעלונג אין דער אָפּערע אין קאַטאַראַזוקאַ אין יאַפּאַן.

די קערפּערלעכע גראַציעזקייט פון די אַקראָבאַטינס און פערד־רייטערינס, וואָס כ'האָב צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן געזען, האָבן מיך, דעם דרייצן־יעריקן יינגל, ממש באַצויבערט. איך שעם זיך נישט מודה צו זיין, אַז פיגורעלע שיינקייט און גראַציעזקייט, לעבעדיקע און אין דער קונסט, האָט אין אַלע מיינע יאָרן פאַרנומען אַ חשוב אָרט אין מיין פילן.

אין דער גאַנצע צייט פון דער צירק־פאָרשטעלונג בין איך געזעסן אַ פאַרבליפ־טער און געגאַפט. כ'בין געווען זיכער, אַז אַפילו אין גן־עדן איז נישטאָ קיין שענערע און פראַכטפולערע זאַך ווי ס'איז די צירק־פאָרשטעלונג.

פון דעמאָלט אָן בין איך געוואָרן אַן אָפטער באַזוכער פון צירק — אין וואַרשע, בערלין, מאָסקווע און אין אַנדערע שטעט. איך האָב אָבער קיין מאָל נישט פאַרטראָגן קיין צירקיאַדע אויף דער לעגיטימער טעאַטראַלער בינע. אין 1922, ווען איך האָב מיט מיינע חברים איזאַק גרינבערג־זשאַן און שכנא קאַראַלסקי באַזוכט אין מאָסקווע דאָס טאַיראָוו־טעאַטער און געזען בשעת דער פאָרשטעלונג דעם קעניג־אַרלעקין פאַיאַצעווען אויף דער בינע, האָב איך, צו דער אומצופרידנקייט פון מיינע מיטבאַ־זוכער, הויך אויסגעדריקט מיין פאַרדרוס מיטן פאַרוואַנדלען טעאַטער אין צירק און דאָס צונויפפּאָרן די צוויי גאַנץ באַזונדערע געביטן.

דער פּילטויזנט־קעפּיקער עולם, וואָס האָט אָנגעפילט דעם צירק בשעת מיין ערשטן צירקבאַזוך, איז נישט געקומען דער עיקר זען די צירק־פאָרשטעלונג, נאָר דעם אַטלעטן־קאַמף אויף דער אַרענע פון צירק. די אַטראַקציע איז געווען די „אַנטשיידענע שלאַכט" פאַר די פּרייזן און די טשעמפּיאָן־טיטלען.

דאָס איז אויך געווען די אַטראַקציע, פאַר וועלכער מיין ערשטער לערן־מייסטער האָט געקויפט די טייערע לאָזשע־בילעטן און האָט דעם אויפקויפער פאַר זיי באַצאָלט אַ געפּעפּערטן פּרייז.

דער וואַרשעווער צירק פלעגט עטלעכע וואָכן פאַרן פאַרענדיקן דעם ווינטער־סעזאָן אַראַנזשירן אַטלעטישע געפעכטן מיט באַקאַנטע און רענאָמירטע אַטלעטן פון אַלע וועלט־טיילן. די אַטלעטן־קאַמפן האָבן צוגעצויגן גרויסע מאַסן צושויער און אַ סך רוסישע מיליטער־לייט. אין יענעם אָוונט האָט געזאָלט געחתמעט ווערן דער גורל פאַר די טיטלען און פון פינף פּרייזן.

איך געדענק גענוי דעם פאַרלויף פון צוויי קאָנטעסטן: פאַר דעם ערשטן פּרייז און טשעמפּיאָן־טיטול, לויטן גריכיש־פראַנצייזישן סטיל, צווישן דעם פּויליש־אַמעריקאַנער זבישקאָ ציגאַניעוויטש און דעם לעטיש־רוסישן אולריך; און פאַר דעם פּרייז און טיטל, לויטן פרייען אַמעריקאַנער סטיל, צווישן דעם פּאָליאַק ציקלאָפּ ביענקאָווסקי און דעם אַמעריקאַנער דייטש שמידט־וועסטערגאַרד. און כאָטש אַלע האָבן געוווסט, אַז די זיגער וועלן בײדע זיין אַמעריקאַנער, האָבן דאָך די טויזנטער צושויערס מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט נאָכגעפאָלגט יעדן שריט און יעדן באַוועג פון די אַטלעטן אויף דער אַרענע און אויך אויסגעדריקט זייער צופרידנקייט אָדער אומצופרידנקייט, און געיובלט ווען זייערע פאַוואָריטן האָבן געזיגט.

מיך האָט דער דאָזיקער אַטלעטן־קאַמף שטאַרק באַאיינדרוקט. בשעת דער דאָזיקער אימפּרעזע האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט דעם פּראָטעסט פון אַ פיל־טויזנטקעפּיקן עולם קעגן אומרעכט, דעם מאַסן־געשריי פאַר יושר און דעם שאַל פון טריומף. איך בין זיך מודה ומתוודה: דער מאַסן־געשריי פאַר יושר און דער טריומף־שאַל פון אַ מאַסע רופט ביי מיר אַרויס מער עמאָציאָנעלע אויפרודערונג און אינערלעכע באַגייסטערונג, ווי די שענסטע מוזיקאַלישע סאָנאַטע, אויסגעפירט דורכן בעסטן סימפאָנישן אָרקעסטער, און איך גלייב, אַז די ערשטע אימפּולסן פון מיין באַציִונג צו מאַסן־רעאַקציע איז געבוירן געוואָרן ביי מיין ערשטן צירק־באַזוך, בשעת דעם פינאַל פונעם אַטלעטן־קאַמף אויף דער וואַרשעווער צירק־אַרענע.

מען קען זיך באַציִען ווי מען וויל צו דעם קינסטלערישן ווערט פון אַ צירק־פאָרשטעלונג און צו דעם ספּאָרטיוון ווערט פון די אַטלעטישע געפעכטקאַמפן. אין מיין לעבן האָבן סיי דער צירק און סיי דער אַטלעטן־קאַמף געשפּילט אַ פּאָזיטיווע ראָלע. אין מאָמענטן פון נערוועזער שפּאַנונג, בעיקר בשעת מיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, האָט אָפט מאָל אַ צירק־פאָרשטעלונג אָדער אַן אַטלעטן־געפעכט מיר געהאָלפן אויסלאָדן מיין שפּאַנונג און העלפן נאָרמאַליזירן מיין עמאָציאָנעלע גלייכ־געוויכט.

מיין באַציִונג צום צירק, און נאָך מער צו די אַטלעטן־קאַמפן, קען פאַר געוויסע פיינשמעקער אויסזען נישט סימפּאַטיש, נישט אינטעליגענט און אַפילו ווי אַ באַווייז פון מאַנגל אין מיין גייסטיקער אַנטוויקלונג. פאַר מיר זענען צירק־פאָרשטעלונגען

און אַטלעטן־קאַמפּן אַלע מאָל געווען און זענען נאָך עד־היום רעאַלע נויטווענדי־קייטן און לויט מיין איבערצייגונג — אַ גוטער טייל פון גייסטיקן איך.

אין איינעם אַ פּריוואַט־פּאַרנאַכט רופט זיך אָן צו מיר מיין ערשטער לערן־מייסטער: „מיטן שווענצל אין די הויזן ביסטו נאָכגעלאָפן די ווויסקע קאַמאַנדע"? איך האָב אים אָנגעקוקט און נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער וויל און וואָס ער מיינט. מענדל לאַטאַוויטש האָט מיך נישט געלאָזט לאַנג וואַרטן און אויף זיין פּערלדיקער שפּראַך מיר אויפגעקלערט וואָס ער מיינט. און געמיינט האָט ער, צי כ'האָב אין מיינע קינדערישע יאָרן ליב געהאַט נאָכצולויפן די מיליטערישע קאַפּעליעס.

מיין ענטפער איז געווען אַז יאָ, אַז כ'האָב זייער ליב געהאַט נאָכצולויפן און צו הערן שפּילן די מיליטערישע אָרקעסטערס און צו זען ווי דער פּאַרויסגייער אַרבעט מיטן שטעקן. איך האָב פון מיין ערשטן לערן־מייסטער געקריגן אַ גוטברודערישן קלאַפּ איבער דער פּלייצע און אַ צוזאָג אַז מאָרגן, שבת נאָך מיטאָג, וועט ער מיר ווייזן דעם אמתן אָנפירער און די אמתע קאַפּעליע.

און מענדל לאַטאַוויטש האָט געהאַלטן וואָרט. צו מאָרגנס שבת נאָך מיטאָג האָב איך צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן בייגעווינט אַ סימפאָנישן קאָנצערט.

אין זכרון איז זייער ווייניק פאַרבליבן וועגן דעם דאָזיקן קאָנצערט. איך בין נישט אומשטאַנד צו זאָגן אַפילו אין וואָס פאַר אַ זאַל ער איז פאָרגעקומען. איך געדענק בלויז, אַז אין פּראָגראַם איז געווען וואַגנער און אַז די בראַזגערײַ פון וואַג־נערס מוזיק איז מיר נישט געפעלן; צוריקוועגס פון קאָנצערט האָב איך לאַטאַוויטשן געזאָגט, אַז די ווויסקאָווע אָרקעסטערס געפעלן מיר בעסער. זיין רעאַקציע אויף מיין קריטיק האָב איך לאַנגע יאָרן גוט געדענקט: „וועסט עלטער ווערן, וועסטו וועגן די זאַכן אַנדערש רעדן".

אין עטלעכע טעג שפּעטער האָט מיך מענדל לאַטאַוויטש מיטגענומען אין דער אָפּערע. דאָס איז געווען איינע פון די לעצטע פאַרשטעלונגען פאַרן שליסן דעם סעזאָן. די פּלעצער זענען געווען אין איינער פון די מיטעלע גאַלעריעס. געשפּילט האָט מען „אַידאַ", מיט דיגאַס און קאַראַלעוויטש־ווערדאַ אין די הויפּטראָלן.

שוין ביים אַריינגאַנג אין טעאַטער וויעלקי בין איך געבליבן שטיין אַ פאַר־גאַפטער. דער וועסטיבול, די פראַנט־טרעפּ און דער בופעטזאַל אויפן ערשטן שטאָק האָבן מיר אויסגעזען ווי אַ טייל פון איינעם פון די פּאַלאַצן, וועגן וועלכע כ'האָב געלייענט אין די מעשׂה־ביכלעך אין מיינע קינדיש־ייִנגלשע יאָרן. ווען איך האָב זיך אַרומגעקוקט אויף מיין זיצפּלאַץ איז מיין איבערראַשונג און אַנטציקונג געשטיגן מיט יעדער מינוט. דער האַלב־רונדער טעאַטער־זאַל מיט זיין פּאַרטער און לאָזשעס, דער אַמפיטעאַטער, די פולע שטאָקן־גאַלעריעס, די מאַלערייען און שניצערייען, די באַגילדעטע אָרנאַמענטן און די פּלישענע מיט גאָלד־געשטיקטע קורטינע — דאָס אַלץ האָט מיך ממש פאַרשמעליעט מיט זייער שיינקייט.

פון דער ערשטער מינוט, וואָס די פאָרשטעלונג האָט זיך אָנגעהויבן, בין איך געזעסן אַ באַרוישטער, ווי אַ כּישוף וואָלט מיר ווער אָנגעטאָן. איך האָב נישט געקענט אָפּרייסן די אויגן פון דער בינע. דער אָרקעסטער, די אַקטיאָרן—זינגערס, דער כאָר, באַלעט און די אויסשטאַטונג האָבן קאָנקורירט איינער מיטן אַנדערן מיר צו געפעלן. דער לירישער טייל פון דער מוזיק האָט מיך צענומען. די סצענע ווען די געליבטע ווערן פאַרמויערט האָט ביי מיר אַרויסגערופן הייסע טרערן. בשעת די אַנטראַקטן און אַהיימגייענדיק בין איך געווען שיכּור פון באַגייסטערונג.

אויפן וועג אַהיים האָט מיך מענדל לאַטאָוויטש גאַנץ ערנסט געפרעגט ווי ס׳איז מיר געפעלן. איך האָב זיך צעכליפּעט און וויינענדיק כּסדר איבערגעחזרט: „אוי, ווי שיין דאָס אַלץ איז געווען״!

דאָס מאָל האָט מענדל לאַטאָוויטש עפּעס פאַרלוירן זיין לאַבוסעוואַט לשון און צו מיר ערנסט אַ זאָג געטאָן: „זע, קליינער, צו ווערן אַ לייט און נישט קיין האַלי־סראַקע. אַ סך שיינע און גוטע זאַכן געפינען זיך אויף דער וועלט״.

אין מיינע שפּעטערע יאָרן, אין די לאַנגע תּפיסה־נעכט, ווען כ׳האָב געטראַכט פאַרשיידענע טראַכטענישן, האָב איך נישט איין מאָל אויך געטראַכט וועגן מיין ערשטן לערן־מייסטער. די ווערטער, וואָס ער האָט צו מיר געזאָגט נאָך מיין ערשטן באַזוך אין דער אָפּערע, האָבן מיר געדינט ווי אַ שליסל־פּונקט צו קענען פאַרשטיין די פּערזאָן, אָדער ווי מען וואָלט היינט געזאָגט: „די געשפּאָלטענע פּערזענלעכקייט״ פון מענדל לאַטאָוויטש.

און אַחרון, אַחרון: איך האָב אַ דאַנק מענדל לאַטאָוויטשן צום ערשטן מאָל באַזוכט דעם טעמפּל פון קונסט אין וואַרשע, די „זאַכענטאַ שטוק פּיענקניך״.

געווען איז עס אין אַ יומא דפּגרא. כ׳געדענק נאָר נישט, צי דאָס איז געווען ל״ג־בעומר, ווען אין אַ גרויסן טייל יידישע וואַרשטאַטן אין וואַרשע האָט מען געאַרבעט בלויז אַ האַלבן טאָג, צי עפּעס אַ פּוילישע חגא, צי אַ רוסישע גאַלוווקע. ביים מיטאָג־עסן גיט צו מיר מיין ערשטער לערן־מייסטער אַ זאָג: „נאָכן עסן וועסטו גיין מיט מיר זען ,אַבראַזן׳״.

נאָכן עסן איז לאַטאָוויטש אַריין צו אַ שכן, מיטגעבראַכט פון דאָרט אַ רעקל און אַ וועלאַסיפּעד־היטל פונעם שכנס יינגל און געהייסן מיך אָנטאָן דאָס רעקל מיטן היטל. אַליין האָט ער פון העגגער אַראָפּגענומען אַ געזעלס רעקל מיט אַ היטל און אָנגעטאָן אויף זיך.

צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן בין איך געווען אָנגעטאָן נישט אין יידיש־טראַדיציאָנעלע קליידער. דאָס רעקל האָט געבריט מיינע פּלייצעס. אַ שרעק האָט מיך באַנומען ביים געדאַנק, אַז די מאַמע קען מיך נאָך חלילה טרעפן אינעם דאָזיקן הילוך.

מיין נייע קליידונג האָט אַרויסגערופן אַ פּוראָר. אויף מיין חשבון זענען געפאַלן שפּאָטישע אויסרופן. די מייסטעראָווע האָט אַ הויכן געשריי געטאָן: „אוי ווי, ער

זעט דאָך אויס ווי אַן אמתער פּורים־שפּילער״! אַ געזעל האָט געחוזקט, אַז כ׳זע אויס פּונקט ווי יאַנטעלע מאַרעוויכער. (אין וואַרשע האָט דעמאָלט גראַסירט אַ יונג און זייער פֿעיִק קעשענע־גנבֿ, וועמען מען האָט גערופֿן יאַנטעלע מאַרעוויכער). אויך מענדל לאַטאַוויטש איז נישט אָפּגעשטאַנען און מיך באַצייכנט מיט נישט קיין שיינע נעמען.

דער מאַסקאַראַד מיט די קליידער איז, ווייזט אויס, געווען אַ נויטווענדיקייט. אין זאַקסישן גאָרטן האָט מען נאָך דעמאָלט נישט אַריינגעלאָזט קיין יידן אין זייער טראַדיציאָנעלער קליידונג, און משמעות, אַז אויך אין דער „זאַכענטע״ האָט מען דעמאָלט נישט אַריינגעלאָזט אין יידיש־טראַדיציאָנעלע בגדים.

אין דער קונסט־גאַלעריע איז מיין ערשטער לערן־מייסטער ווי איבערגע־אַנדערשט געוואָרן, געגאַנגען שטיל, ווי ער וואָלט די ערד נישט אָנגערירט, שפּאַ־צירט פֿון איין צימער צום אַנדערן, באַטראַכט די בילדער און סקולפּטורן און זיך אָפּגעשטעלט אַ לענגערע ווײַלע ביי פֿאַרשיידענע בילדער און סקולפּטורן, אַ גלעט געטאָן מיט דער האַנטפֿלאַך עטלעכע סקולפּטורן. צו מיר האָט ער גערעדט שעפּ־טשעדיק און איידל. כ׳האָב געשטוינט קוקנדיק אויף דער מעטאַמאָרפֿאָזע פֿון מענדל לאַטאַוויטשן און נישט געקענט פֿאַרשטיין זיין ענדערונג.

אַהיימגייענדיק האָב איך צוריק געהאַט פֿאַר זיך דעם לאַבוסעוואַטן מענדל לאַטאַוויטש מיט זיין מיאוסער שפּראַך אין מויל און געמוזט אויסהערן זיינע אינטער־פּרעטאַציעס וועגן פֿאַרשיידענע פֿאַרטרעטן און אַקטגעמעלן.

ליידער איז מיר נישט געבליבן אין זכּרון קיין סך איינדרוקן פֿון מיין ערשטן באַזוך אין דעם היכל פֿון קונסט. אויף וויפֿל איך געדענק, זענען מיר געפֿעלן באַטאַ־ליסטישע געמעלן און פּייזאַזשן.

פֿאַר מיר איז דער דאָזיקער באַזוך אין „זאַכענטאַ שטוק פּיענקניך״, מיין ערש־טער באַזוך אין אַ קונסטמוזיי, געווען אַ סטימול זיך צו פֿאַראינטערעסירן מיט מאָלערישער און סקולפּטורישער קונסט און צו ווערן אַן אָפּטער באַזוכער אין די קונסט־גאַלעריעס און מוזייען פֿון פֿאַרשיידענע שטעט און לענדער.

בסך־הכּל אין געציילטע וואָכן, פֿון פּסח ביז אַרום שבֿועות, האָב איך געמאַכט מיין ערשטע עקספּעדיציע צו די טעמפּל־טויערן פֿון די פֿאַרשיידענע קונסטגעביטן: באַזוכט אַ טעאַטער־פֿאָרשטעלונג און אַ פֿאָרשטעלונג אין צירק, אָנוועזנדיק געווען ביי אַ גרויסן ספּעקטאַקל פֿון אַ רינגקאַמף פֿון אַטלעטן, געהערט אַ סימפֿאָנישן קאָנ־צערט, געזען אַ פֿאָרשטעלונג אין דער אָפּערע און באַזוכט דעם וואַרשעווער קונסט־מוזיי.

די טויערן פֿון די קונסט־טעמפּלען זענען פֿאַר מיר געוואָרן געעפֿנט און איך האָב אין לויף פֿון מיין לעבן, אין פֿאַרשיידענע צייטן, אין פֿאַרשיידענע שטעט און אין פֿאַרשיידענע לענדער, גענאָסן אין דער פֿולער מאָס פֿון די כּלערליי קונסטגעביטן.

די טויערן צו די קונסט־טעמפּלען האָט פֿאַר מיר דער ערשטער געעפֿנט מענדל לאַטאָוויטש.

## איך פֿאַרלאָז מיין ערשטן אַרבעטספּלאַץ

נישט געקוקט אויף דעם שווילטאָג, מאַטעריעלן און גייסטיקן, וואָס איך האָב געגנאָסן ווי אַ לערן־יינגל ביי מענדל לאַטאָוויטשן, האָב איך אָנגעהויבן טראַכטן פֿון אַוועקגיין און זוכן אַן אַנדערן לערן־מייסטער.

די סיבות און מאָטיוון, וואָס האָבן מיך באַוויגן צו טראַכטן און ענדלעך צו פֿאַרלאָזן מיין ערשטן לערן־מייסטער, זענען געווען פֿאַרשיידנאַרטיקע און יעדער מאָטיוו האָט געשפּילט אַ געוויסע ראָלע.

דער הויפּטמאָטיוו איז געווען: תּכלית. ווי יונג איך בין געווען און ווי צעבאַ־לעוועט כ׳בין געוואָרן אין דער צייט, וואָס כ׳האָב געאַרבעט ביי מענדל לאַטאָוויטש, האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז קיין תּכלית איז דאָס נישט. די מלאכה וועל איך ביי מענדל לאַטעק נישט אויסלערנען. און אַ מעטאַל־טאָקער האָב איך דווקא געוואָלט זיין.

אַ צווייטער מאָטיוו איז געווען, אַז מיט יעדן טאָג איז מיר מענדל לאַטאָוויטש מיאוסער געוואָרן. כ׳האָב נישט געקענט הערן זיין שפּראַך און נישט געקענט פֿאַר־טראָגן זיין אויפֿפירונג.

נאָך אַ מאָטיוו איז געווען: די מאַמע. זי האָט שוין שלום געמאַכט מיטן פֿאַקט, אַז כ׳וועל בלייבן אַ „סמאַלוך״, אָבער נישט שלום געמאַכט, אַז מענדעלע באַכניאַזש זאָל זיין מיין מורה־דרך. טראָץ די גרויסע איינקונפֿטן, וואָס די מאַמע האָט פֿון מיר געהאַט, היפּשלעך גרעסערע ווי ס׳זענען געווען מיינע שפּעטערדיקע פֿאַרדינסטן פֿון אַן אויסגעלערנטן געזעל, האָט די מוטער מיינע ביי יעדער געלעגנהייט געפּאַ־דערט לאַטאָוויטשן צו פֿאַרלאָזן: „זוך דיר אויס אַ לייטישן מייסטער און מאַך ביי אים די לער״ — האָט די מאַמע כּסדר צו מיר גערעדט.

אַ ראָלע האָט אויך געשפּילט די באַציִונג פֿון לאַטאָוויטשן צו זיין פֿרוי — צו דעם יונגן, איידעלן, צניעותדיקן פּראָווינצער ווייבל. איך פֿלעג אויפֿשוידערן ווען ער האָט זיין פֿרוי געזידלט און באַליידיקט, און כ׳פֿלעג רויט ווערן פֿאַר כּעס ווען ער האָט אין מיין אַנוועזנהייט אויף איר אויפֿגעהויבן אַ האַנט. איך גלייב, אַז אַ געפֿיל פֿאַר יושר און אַ ווידערווילן צו כאַמסטווע איז געווען דער פֿונדאַמענט פֿון מיין אומוויליקייט צו די שטיק, ניבול־פּה און די נישט שיינע האַנדלונגען פֿון מיין ערשטן לערן־מייסטער.

מיין דעציזיע צו פֿאַרלאָזן מיין ערשטן אַרבעטספּלאַץ האָט געחתמעט דער אומגליקפֿאַל מיטן מפּלען פֿון דער מייסטעראָווע.

אין איינעם אַ פרימאָרגן בין איך, ווי געוויינטלעך אַרום 8 אין דער פרי, געקומען אין וואַרשטאַט. מענדל לאַטאָוויטש איז אין וואַרשטאַט געזעסן אַן אָנגעכמורעטער, געטרונקען זיין פרימאָרגן־קאַווע און געלייענט אַ צייטונג. אַזעלכע פרימאָרגנס זענען ביי מיר נישט געווען קיין נאָווינע. פון דערפאַרונג האָב איך געוווּסט, אַז פאַר מיין קומען איז פאָרגעקומען אַ קריגעריי מיט דער פרוי — אויב נישט עפּעס ערגערס.

דאָס מאָל האָט פון דער וווינונג זיך געהערט אַ האַליש געוויין. כ׳בין אַריין אין דער וווינונג און געטראָפן די מייסטעראָווע ליגן אויף דער ערד קרעכצנדיק און וויינענדיק פון ווייטיק. מענדל לאַטאָוויטש האָט איר אַ קלאַפּ אָדער אַ שטופּ געטאָן און זי איז אומגעפאַלן. ווען כ׳האָב איר געוואָלט העלפן אויפשטיין, האָב איך דערזען אַ קאַלוזשע בלוט. אַ דערשראָקענער האָב איך געשריגן הילף. לאַטאָוויטש האָט צו מיר אַ געשריי געטאָן: „גיי אַריבער צום דאָקטער און ברענג אים מיט זיך״!

איך בין שנעל אַריבער צום דאָקטערס וווינונג, מיט אַלע כּוחות געקלונגען און געקלאַפּט אין דער טיר און געשריגן אין מיין כינעזישן פּויליש: „דאָקטער, קרעוו, קרעוו, מיינסטעראָווא״. דער דאָקטער האָט געעפנט די טיר אַ האַלב אָנגעטועטער און ער איז אָן אַ קראַגן און אָן דער מאַרינאַרקע אַריבער די גאַס אין לאַטאָוויטשס וווינונג. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער מייסטעראָווע און אַ געשריי געטאָן: „ברענגט גלייך די אַקושערקע״! ווען כ׳בין צוריקגעקומען מיט דער אַקושערקע, איז די מייסטעראָווע שוין געווען אין בעט און דער דאָקטער האָט זיך אַרום איר געפּאָרעט.

די מייסטעראָווע האָט געמפּלט. דאָס נפלע איז געווען אַ יינגל. עטלעכע שעה שפּעטער איז געקומען אַ בית־הקברות־מאַן מיט אַ שוואַרץ קעסטל און צוגענומען דאָס מפּלונג. מענדל לאַטאָוויטש און איך זענען נאָכגעגאַנגען דעם בית־הקברות־מאַן פוסטריט ביז צום וואַרשעווער גענשער בית־עולם. צוריקגייענדיק פון בית־עולם האָט מענדל לאַטאָוויטש געוויינט מיט ביטערע טרערן און איך האָב שוין אויף זיכער געוווּסט, אַז מיין זיין ביי לאַטאָוויטשן איז ענדגילטיק געענדיקט, אַז אין די נאָענטסטע טעג, העכסטנס וואָכן, וועל איך מענדל לאַטעקן פאַרלאָזן.

חול־המועד־סוכּות 1909 האָב איך מענדל לאַטאָוויטשן, מיין ערשטן לערן־מייסטער, געמאָלדן, אַז איך קום נישט מער צו דער אַרבעט. אַ טאָג נאָך סוכּות בין איך שוין געשטאַנען און געאַרבעט אויף אַן אַנדער פּלאַץ, ביי ר׳ שמשון זילבער־בערג־אויף דער בראַצקע־גאַס נומער 12.

אַן ערך 9 חדשים האָב איך געאַרבעט פאַר אַ לערן־יינגל ביים מעטאַל־טאָקער מענדל לאַטאָוויטש. געווען זענען דאָס חדשים פון מאַטעריעלן וווילטאָג, אָבער לחלוטין פאַרלוירענע פאַרן דערלערנען די מלאכה פון אַ מעטאַל־טאָקער. נאָך ער־גער: שאָדנדיקע, מחמת די ערשטע חדשים פון לערנען אַ פאַך זענען אין די מערסטע

פּאַלן די וויכטיקסטע, זיי לייגן דעם שטעמפּל פון דער שפּעטערדיקער גוטער אָדער שלעכטער פּאַכמענישער קוואַליפיקאַציע. אין דעם פּרט האָבן די חדשים, וואָס כ׳האָב פאַרבראַכט ביי מענדל לאַטאָוויטשן אין זיין וואַרשטאַט, געקענט ווערן פאַר מיר פאַטאַלע. מיין גליק איז געווען, וואָס מיין ריכטיקע לער ווי אַ מעטאַל־טאָקער האָב איך דורכגעמאַכט אין משך פון צוויי און אַ האַלב יאָר ביי ר׳ שמשון זילבערבערג, דעם גוטן פאַכמאַן און פיינעם מענטש.

די צייט, וואָס כ׳האָב פאַרבראַכט ביי מענדל לאַטאָוויטשן ווי אַ לערן־יינגל, האָט געהאַט אויך אַ פּאָזיטיוון ווערט: דאָס שענקל מיט יידישע ביכער, די טעגלעכע יידישע פּרעסע, דאָס באַזוכן די טעמפּלען פון די פאַרשיידנאַרטיקע קונסטן און דאָס מאַטעריעלע ווילזיין — זענען געווען פונדאַמענט־שטיינער אין דעם בנין פון מיין פיזישער און גייסטיקער אַנטוויקלונג. אין די חדשים, וואָס כ׳האָב געאַרבעט ביי מענדל לאַטאָוויטשן, האָבן זיך פאַרמירט די גרונטשטריכן פון מיין כאַראַקטער.

## אויף דער לער ביי ר׳ שמשון זילבערבערג

מיין לערן־מייסטער
דעם מעטאַל־טאָקער ר׳ שמשון זילבערבערג,
דעם פיינעם מענטש און אויסגעצייכנטן פאַכמאַן,
אומגעבראַכט דורך די נאַצישע רוצחים —
מיט דאַנקבאַרקייט און פאַרערונג.

ה. מ.

אין אַ נאָכמיטאָג, אין איינעם פון די טעג צווישן יום־כּיפּור און סוכּות פון יאָר 1909, האָב איך זיך געלאָזט דורך די רייכע פּוילישע גאַסן אויפצוזוכן דעם מעטאַל־טאָקער־וואַרשטאַט פון ר׳ שמשון זילבערבערג אויף בראַצקע נומער 12.

די בראַצקע־גאַס אין וואַרשע האָט זיך אָנגעהויבן ביי דער אַריסטאָקראַטישער אַלעע יעראָזאָלימסקע און פאַרענדיקט ביי דעם פּלאַץ אַלעקסאַנדער, דורך די פּאַליאַקן גערופן: דער פּלאַץ פון די דריי קרייצן. די גאַס איז געווען נישט קיין גרויסע, נישט מער ווי פון אַ צוויי צענדלינג הייזער, אָבער אַ ברייטע, שיינע און ריינע גאַס, פון ביידע זייטן געדיכט באַזעצט מיט ביימער און באַוווינט בעיקר דורך פּוילישע בירגערלעכע פאַמיליעס און באַאַמטע.

ווען כ׳בין געקומען אויף בראַצקע 12 און געזען די שיין־אויסגעפּוצטע וויס־טאַוועס פון די קראָמען און דעם געפלאַסטערטן הויף מיט דעם געפלעגטן גאָרטנדל

אין מיטן הויף, האָב איך נישט געגלויבט, אַז אין אַזאַ רייכער גויִישער גאַס און אין אַזאַ רייכן הויף זאָל זיך געפינען אַ ייִדישער טאָקער־וואַרשטאַט מיט זיין געווינט־לעכן טומל. דער הויזוועכטער האָט מיך אָנגעהויבן פאַרדעכטיקן זעענדיק מיין אָב־סערווירן דאָס הויז. ס'איז אָבער צו מיר דערגאַנגען דער מיר גוט באַקאַנטער זשום פון מעש־טאָקערײַ און כ'האָב זיך געלאָזט צום לעצטן אַרייַנגאַנג אין דער רעכטער אָפיצינע.

אין וואַרשטאַט האָבן זיך געפונען פיר טאָקאַרניעס, פאַרהעלטנישמעסיק נייע מיט סופּאָרטן, אָבער נישט קיין איינציקע פּאָציאָנגאָווע. ביי די טאָקאַרניעס זענען געשטאַנען דריי מענטשן און געאַרבעט און זיך אויף מיר אַפילו נישט אומגעקוקט. ביים טיש איז געשטאַנען דער באַלעבאָס און געאַרבעט מיט אַ פּייל.

אויף זיין פראַגע וואָס איך וויל, האָב איך געזאָגט דעם צוועק פון מיין באַזוך, און צוגעגעבן, אַז כ'האָב געהערט, אַז אין דעם וואַרשטאַט מאַכט מען גוטע אַרבעט, און כ'וויל דעריבער זיך דאָ שטעלן אויף דער לער.

דער ענטפער פון ר' שמשון זילבערבערג איז געווען: „איך נעם נישט אָן קיין ייִנגלעך אויף דער לער, אויב זיי האָבן פריִער געאַרבעט ביי אַן אַנדערן. ביי מיר דאַרף אַ ייִנגל אָנהייבן און ענדיקן". אַלע מיינע טענות און אַרגומענטן האָבן גאָרנישט געהאָלפן. ווען כ'בין אַוועק צום אַרויסגאַנג האָט מיך ר' שמשון צוריק־גערופן, געהייסן מיך צוגיין צום טיש און ווייזן וואָס כ'קען.

געוויזן האָט מיר ר' שמשון זילבערבערג אַ קעגנשטאַנד אין דער פאָרעם פון אַ דרייַעק, געטאָקט פון אַלע דרייַ זייטן און אויך אינווייניק. די ווינקלען פון דרייַעק האָבן געדאַרפט אַרומגעפיילט ווערן אויף אַ פּרעציזן אופן און קאָנטראָלירט לויט אַ שטאָלענעם שאַבלאָן. ער האָט מיר אויך געוויזן, ווי אַזוי ס'דאַרף געמאַכט ווערן. און וווּנדער איבער וווּנדער — איך האָב די אויפגאַבע דערפילט אויף הונדערט פּראָצענט. ר' שמשון האָט פאַרוווּנדערט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און מיר געהייסן אַרומפיילן נאָך אַ דרייַעק. און אויך דאָס צווייטע איז אַרויסגעקומען גוט און אין אַ פאַרהעלטנישמעסיק אַנטשפּרעכנדיקער צייט. ער האָט מיר געהייסן מאַכן נאָך עטלעכע און אויך זיי זענען גוט געווען, גענוי לויטן שאַבלאָן.

ר' שמשון האָט מיך צוגעפירט צו דער פערטער טאָקאַרניע, איינגעשפּאַנט אַ שפּינדל פון אַ קראַן, געגעבן מיר די צוויי ערשטע גרונטיקע שטיקלעך געצייג: אַ גרובשטיק און אַ פלאַכשטיק, און געהייסן מיך טאָקן.

שוין דאָס נעמען אין דער האַנט אַריין דעם גרובשטיק האָט ביי די אַרבעטער אַרויסגערופן אַ הילכיק געלעכטער. כ'האָב די שטיקלעך געצייג געשטופּט אויפן שפּינדל ווי אַ בלינדער שטופּט זיין שטעקן. מיין פּראָבע ביי דער טאָקאַרניע איז געווען אַ מיאוסער דורכפאַל.

נישט געקוקט אויפן דאָזיקן דורכפאַל, האָט ר' שמשון זילבערבערג מיך אַריינ־גענומען אין אַ צווייטן צימער, אויסגעפרעגט מיך בפרטות וועגן מיין אַרבעט ביי

מענדל לאַטעק און צום סוף מיר געזאָגט, אַז ער איז גרייט מיך צוצונעמען אויף דער לער.

די באַדינגונגען: צוויי און אַ האַלב יאָר לערנצייט. דאָס ערשטע יאָר 75 קאָפּיקעס אַ וואָך. ווען כ׳וועל זיך אויסלערנען אַ ביסל אַרבעטן ביי דער טאָקאַרניע, וועל איך קריגן אויסצופירן קליינע רעפּעראַציעס און דאָס געלט פאַר די פון מיר געמאַכטע רעפּעראַטורן וועט געהערן צו מיר. נאָכן יאָר וועט מען ווייטער זען. אַ טאָג נאָך סוכּות קען איך זיך שטעלן צו דער אַרבעט.

פון ר׳ שמשון זילבערבערגס וואַרשטאַט בין איך אַוועק אַ גליקלעכער און אַ האָפּערדיקער. איין קלייניקייט: איך וועל מאַכן מיין לער ביי דעם באַרימטן פאַכמאַן.

שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען די סיבה, פאַר וואָס מיין נייער לערן־מייסטער האָט געבראָכן זיין פּרינציפּ נישט אָנצונעמען קיין יינגל אויף דער לער, אויב ער האָט פריִער געאַרבעט ביי אַן אַנדערן. די סיבה איז געווען אַ פּשוטע: כ׳בין ביכולת געווען צו מאַכן די פּיילאַרבעט פון די דריַיעקן.

די דריַיעקן זענען געווען אַ נייער קעגנשטאַנד אין דער באַנוצונג פון דער עלעקטריציטעט־אינדוסטריע: די באַשטעלונגען זענען געקומען פון דער אינזשע־נירן־פירמע דזשעוויעצקי און דזשעווולסקי, און ר׳ שמעון זילבערבערג האָט ביי דעם קעגנשטאַנד אויסערגעוויינלעך גוט פאַרדינט. (די נעמען פון די דאָזיקע אינ־זשענירן וועט מיר נאָך אויסקומען צו דערמאָנען ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן).

די צרה איז געווען מיטן פּיילן. די טאָקער־געזעלן זענען שוין געווען אָפּגעוווינט ווי געהעריק און שנעל צו אָפּערירן מיט אַ פּייל, און דאָס אַרומפּיילן די דריַיעקן איז ביי זיי אַרויסגעקומען נישט צו גוט און זייער לאַנגזאַם. ר׳ שמשון האָט געמוזט אַליין שטיין אין דער שפּעטער נאַכט און טאָן די פּיילאַרבעט. מיין קומען און קענען מאַכן די פּיילאַרבעט איז פאַר אים געווען ווי אַ מלאך וואָלט אים אַראָפּגעפאַלן פון הימל.

און פאַר מיר איז ער געווען מיין מלאך־הגואל.

נאָך מיין אָנהייבן אַרבעטן ביי ר׳ שמשון זילבערבערג אויף דער לער, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַחוץ פּיילן די דריַיעקן, צו וועלכע ס׳איז נייטיק געווען אַ פאַכמע־ניש אָפּערירן מיט דער פּייל, האָב איך קיין אַנדערע זאַכן, אַפילו מיט דער פּייל, נישט געקענט ווי געהעריק מאַכן.

קיין צו פּעיִקער לערן־יינגל בין איך נישט געווען. מיט קיין באַזונדערן טאַלאַנט צו באַהערשן די מלאכה פון אַ מעטאַל־טאָקער האָב איך זיך נישט אויסגעצייכנט. דער קאָפּ האָט גאַנץ שנעל און ווי געהעריק באַנומען און פאַרשטאַנען, וואָס כ׳האָב געהאַט ביי דער אַרבעט צו טאָן, אָבער די הענט זענען געווען אַ ביסל שלאַבעריק ביים דורכפירן די אויפגאַבע. ווי האָט זיך וועגן מיר אויסגעדריקט איינער פון די

געזעלן? — „אַ קעפּל האָט ער אַ גוטס, נאָר פינגער — דרעקישע״. ר׳ שמשון האָט געדאַרפט מיט מיר אַ סך און שווער אַרבעטן ביז ער האָט מיך איבערגעבראַכן און דערפירט צו אַ מדרגה צו קענען באַהערשן די פּראָצעסן פון דער אַרבעט ביי דער דרייבאַנק און אַפילו ביים שרובשטיק.

צו מיין גליק איז ר׳ שמשון זילבערבערג געווען וויליק און געדולדיק מיך צו לערנען און אַ דאַנק אים האָב איך בהדרגה באַהערשט די פּראָצעסן פון דער אַרבעט. אָבער טראָץ די מי און שווערע אַרבעט, וואָס מיין לערן־מייסטער האָט אין מיר אַריינגעלייגט, האָב איך זיך מיט קיין צו גרויסע פאַך־קוואַליטעטן נישט געקענט באַרימען און פאַרענדיקט די לער מיט אַן אַטעסטאַט: דער ערגסטער לערניונג, וואָס ר׳ שמשון זילבערבערג האָט ווען עס איז פריער געהאַט.

היינט ווייס איך אַ ביסל די סיבות פאַר וואָס כ׳בין נישט געשטאַנען אויף קיין געהעריקער הויך ווי אַ לערן־יינגל און אויך שפּעטער ווי אַ פאַכמאַן, און פאַר וואָס אַפילו נאָך מיין אָפּאַרבעטן איבער צוויי און אַ האַלב יאָר אין אַ ריי דייטשישע פאַבריקן, ווי די „אוניאָן לוקסעמבורגישע געזעלשאַפט״ אין דאָרטמונד, די „אַנ־האַלטישע מאַשינען־ווערקע״ און די „אַלגעמיינע עלעקטריציטעט־געזעלשאַפט״ (א. ע. ג.) אין בערלין, און נאָכן קריגן אַ סך פאַכמענישע הילף פון מיינע אַרבעטס־קאָלעגן, פון די פאָראַרבעטער, פון די מייסטערס און פון דעם גלענצנדיקן אינזשע־ניר ליפּערט, זענען מיינע פאַכמענישע קוואַליפיקאַציעס ווי אַ מעטאַל־טאָקער געווען נישט מער ווי מיטלמעסיקע.

די סיבות זענען געווען:

1. איך בין געווען פיזיש צו שוואַך פאַר דער מלאכה פון אַ מעטאַל־טאָקער. די קאָנסטיטוציע פון מיין קערפּער האָט נישט אַנטשפּראָכן דעם פיזישן אָנשטרענג, וואָס איז נייטיק פאַר דער דאָזיקער מלאכה.

2. כ׳האָב געהאַט אַ דעפעקט אין די אויגן, וואָס איז מיר געקומען פון דער אויגן־קראַנקייט ווען כ׳בין געווען אַ קינד פון 2–3 יאָר. דער דעפעקט האָט גורם געווען שלעכט צו זען ציפערן אין ווערטיקאַל אויף גלאַנציקע זאַכן און אויף מיינע אַרבעטס־מכשירים. דאָס זען ציפערן האָריזאָנטאַל האָט אָפט מאָל דערפירט צו אַ טעות אין דעם ברוכצאָל פון אַ מילימעטער און געמאַכט נישט ריכטיק די אויס־מעסטונג פון אַ לענג, ברייט, טיף, אָדער דיק.

3. מיין דענק־אַפּאַראַט איז נישט געווען אין האַרמאָניע מיט מיינע פיזישע באַוועגונגען. דאָס דענקען איז געלאָפן שנעלער, ווי די הענט האָבן געקענט אָפּערירן.

4. מיין איפּעריק לייענען, דאָס געלייענטע און דאָס ווען פאַרשטיין דאָס געלייענטע, האָט נישט איין מאָל אָוועקגעשטופּט דעם געדאַנק פון אַ געגעבענער אַרבעטס־אָפּעראַציע און געשטערט דעם נאָרמאַלן גאַנג פון דער אַרבעט.

די, און מעגלעך אויך אַנדערע סיבות, האָבן גורם געווען, אַז כ׳בין נישט פעיִק געווען צו מאַכן קיין צו פּרעציזע טאָקער־אַרבעט, ווו ברוכצאָלן פון אַ מילימעטער

שפּילן אַ ראָלע, און דערפֿאַר האָב איך געמוזט זיין באַשעפּטיקט ביי אַרבעטן ווו אַ טעות אין אַ ברוכצאָל פֿון אַ מילימעטער שאַט נישט דעם קעגנשטאַנד. דאָס זענען אויך געווען די גורמים פֿאַר וואָס די פּראָצעסן פֿון דער אַרבעט פֿון מעטאַל־טאָקערײַ זענען מיר געפֿאַלן פֿיזיש שווער.

אין פֿאַך בין איך נישט פֿאַררעכנט געווען צו די פּני, אָבער אויך נישט פֿאַר קיין לאַ־יוצלח און פֿאַר קיין „דרערדליגער", ווי מען האָט אין פֿאַך גערופֿן אַ שלעכטן בעל־מלאכה. כ׳בין פֿאַררעכנט געווען פֿאַר אַ מיטלמעסיקן פֿאַכמאַן, אין קוואַליטעט און אַזוי אויך אין קוואַנטיטעט.

מיין לערן־מייסטער, ר׳ שמשון זילבערבערג, האָט נאַטירלעך נישט געוווּסט פֿון מיינע אָרגאַנישע חסרונות. ער פֿלעגט זיך ערגערן איבער מיינע שוועריקייטן ביים אויספֿירן די אַרבעט און פֿון די שאָדנס וואָס כ׳האָב ביי דער אַרבעט געמאַכט; ער האָט געמיינט, אַז ער איז דער שולדיקער, אַז ער לערנט מיך צו וויניק, און ער האָט זיך באַמיט מיט אַלע זיינע כּוחות און פֿעיִקייטן וואָס בעסער און וואָס שנעלער מיך אויסצולערנען אַלע פֿאַזעס פֿון דער מלאכה פֿון מעטאַל־טאָקערײַ.

נישט געקוקט אויף די שוועריקייטן, וואָס מיין לערן־מייסטער האָט געהאַט ביים לערנען מיך די מלאכה און די שאָדנס, וואָס כ׳האָב גאַנץ אָפֿט געמאַכט ביי דער אַרבעט, איז זיין באַציִונג צו מיר געווען זייער אַ פֿריינדלעכע. איך געדענק נישט קיין פֿאַל ער זאָל אויף מיר הויך שרייען, אָפּגערעדט פֿון זידלען אָדער אויפֿהייבן אַ האַנט.

אויך די מייסטעראָווע איז געווען צו מיר פֿריינדלעך. זי פֿלעגט פֿון צייט צו צייט מיר אונטעררוקן עפּעס פֿון אירע גוטע זאַכן און זיך נישט געמאַכט זען, ווען די דינסט האָט מיר אונטערגעשטופּט אַ גוטן ביסן אָדער אַ נאַש.

אַן ענלעכע באַציִונג איז צו מיר געווען מצד די געזעלן. אויך די אַרבעטער אין וואַרשטאַט האָבן זיך באַצויגן צו מיר פֿריינדלעך און זעלטן מיך אַפֿילו געשיקט אין געוועלבל עפּעס קויפֿן.

איך געדענק נאָר איין פֿאַל, ווען אַן אַרבעטער, דער עלטסטער געזעל, וועמען מ׳האָט גערופֿן „דער לאַנגער יאַנקל", האָט מיך ברוטאַל באַהאַנדלט, צו מיר אַ געשריי געטאָן „בענקאַרט" און דערלאַנגט אַן אָרנטלעכן קלאַפּ.

די אומשטענדן פֿון זיין ברוטאַלער האַנדלונג לגבי מיר זענען געווען פֿאָלגנדיקע: די טאָקאַרניעס זענען דעמאָלט נאָך נישט געווען געטריבן פֿון קיין עלעקטרישער קראַפֿט, נאָר מ׳האָט געטראָטן מיט אַ פֿוס אויף אַ פּעדאַל. ביי שווערערע אַרבעט האָט מען געדאַרפֿט צוהעלפֿן טרעטן דעם פּעדאַל. יאַנקל האָט געמאַכט אַ שטיקל אַרבעט, ביי וועלכן מ׳האָט געדאַרפֿט שניידן אַן אינעווייניקסטן לאַנגן און דיקן גווינט. איך האָב, משמעות, נישט צו שטאַרק געהאָלפֿן טרעטן דעם פּעדאַל און ער איז געשטאַנען פֿאַר אַ געפֿאַר, ס׳זאָלן זיך אָפּברעכן שפּיצלעך פֿונעם גווינט און אַן

עטלעכע־שעהדיקע שווערע און מיפּולע אַרבעט זאָל קאַליע ווערן. אויס אויפרעגונג און אינערלעכער שפּאַנונג האָט דער לאַנגער יאַנקל געמאַכט זיין ווערטערלעכן און פיזישן אָנגריף אויף מיר.

דאָס איז, ווי געזאָגט, געווען דער איינציקער פאַל פון אַן אומפריינדלעכער האַנדלונג לגבי מיר מצד די געזעלן פון ר׳ שמשון זילבערבערגס וואַרשטאַט אין פאַרלויף פון מיין לערצייט.

צו איין אייגנשאַפט מיינער האָבן די אַרבעטער זיך באַצויגן מיט אַן אָפענעם ווידערווילן און אַפילו מיט פיינטשאַפט — צו מיין אייפעריק לייענען.

שוין ביי מענדל לאַטאָוויטשן, ביי מיין ערשטן לערן־מייסטער, האָב איך געקריגן אַ גיריקייט צום לייענען. ביי אים האָב איך אויך געהאַט וואָס צו לייענען און אויך צייט צום לייענען. ביי ר׳ שמשון זילבערבערג האָב איך ביידע זאַכן נישט געהאַט. כ׳האָב דעריבער זיך געמוזט איינשאַפן לייען־מאַטעריאַל און אויסנוצן יעדע פרייע מינוט אַריינצוכאַפּן עפּעס צום לייענען.

געלייענט האָב איך אַלץ, וואָס ס׳איז מיר אונטערגעקומען אונטער דער האַנט. יעדעס שטיקל געדרוקט פּאַפּיר מיט יידישע אותיות איז פאַר מיר געווען אַ סחורה. די איינציקע סיסטעמאַטישע לעקטור איז געווען די טאָגצייטונג „היינט״. דאָס האָב איך געהאַט צו פאַרדאַנקען מיין מייסטעראָווע און... דעם רעדאַקטאָר פון „היינט״ ש. י. יאַצקאַן.

דער „היינט״ האָט צו יענער צייט געדרוקט פעטע זנות־ראָמאַנען און דער טיראַזש איז געווען זייער אַ גרויסער. מיין מייסטעראָווע האָט זיך פאַסמאַקעוועט און פאַרכאַפּט געווען פון די זנות־ראָמאַנען און נישט געקענט זיך דערוואַרטן אויף די פאָרזעצונגען, געשפּאַנט געווען צו וויסן וואָס ס׳איז געשען מיט די בערטעס און סאָניעס, און דעלעקטירט זיך מיט די באַשרייבונגען פון די לוקסוס־באָרדעלן. יעדן טאָג האָט די מייסטעראָווע מיר געגעבן 2 קאָפּיקעס צו קויפן פאַר איר אַ „היינט״ און אויפן וועג פון מיין שטוב צום וואַרשטאַט, אַ מהלך פון אַ 40 מינוט גאַנג, בין איך געגאַנגען און געלייענט דעם „היינט״. נישט קיין היץ און נישט קיין קעלט האָט מיך געקענט אָפּהאַלטן פון לייענען אויפן גאַס די צייטונג, סיידן אַ רעגן אָדער אַ שניי.

אין וואַרשטאַט פלעג איך איבערדערציילן וועגן זאַכן געלייענטע, און אַ מאָל אַפילו אויך הויך לייענען עפּעס אַ מעשׂה.

די אַרבעטער אין וואַרשטאַט האָבן נישט געקענט פאַרטראָגן מיין ליידנשאַפט צום לייענען, געחוזקט פון מיר, געראָטן כ׳זאָל פאַרלאָזן לאַנגע האָר, אָנטאָן אַ פאַלע־רינע און מיך גערופן מיט פאַרשיידענע צונעמען.

אַ צייט איז מיין צונאָמען געווען: „ראַבטשיק״. כ׳האָב געהאַט הויך געלייענט שלום־עליכמס דערציילונג וועגן דעם הינטל ראַבטשיק און די געזעלן האָבן מיך אַ צייט־לאַנג טיטולירט מיט דעם דאָזיקן נאָמען.

אָן אַנדערש מאָל האָט מען מיך גערופן פּראָים דרוטשאַזש. מיט יאָרן שפּעטער בין איך געוואָר געוואָרן, אַז אין די רעוואָלוציע־יאָרן פון 1905–6, האָט אין דער ייִדישער אַרבעטער־סביבה אין וואַרשע, פּאַראַדירנדיק ווי אַן אַרבעטער־טוער, גראַסירט אַ פּאַרשוין מיט דעם דאָזיקן נאָמען און פּאַרכאַפּט אַ גרויסע סומע אַרבע־טער־געלט. באַזונדערס פּאַרהאַסט איז דער נאָמען פּראָים דרוטשאַזש געווען ביי די וואַרשעווער געגריוועטע שוסטערס.

צו מיין גליק האָט קיין איינער פון די פּאַרשיידענע צונעמען, וואָס די אַרבע־טער פון וואַרשטאַט האָבן מיר געגעבן, זיך צו מיר נישט צוגעקלעפּט. ערשט אין זומער פון 1914, אַ געוויסע צייט נאָך מיין ווערן טעטיק אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט מיר ווער אַ נאָמען געגעבן „מעטאַלאָוויעץ", הערשל מעטאַלאָוויעץ, און דעם דאָזיקן צונאָמען טראָג איך מיט שטאָלץ שוין אַ 50 יאָר.

און נישט נאָר מיט ווערטער האָט זיך זייער שׂנאה צו מיין ליידנשאַפט פון לייענען אויסגעדריקט, נאָר אויך אין בייזוויליקע שפּיצלעך: ס׳פלעגט מיר פּאַרפאַלן ווערן מיין לייען־מאַטעריאַל, די פלעגן אונטערצינדן דאָס געלייענטע ווען כ׳בין געזעסן און געגעסן. איין מאָל איז צוליב אַזאַ שפּיצל שיִער נישט פּאָרגעקומען אַ שׂרפה: אייל איז געווען אויסגעגאָסן אויף דער פּלאַטפּאָרמע פון דער טאָקאַרניע און דער אייל האָט זיך אָנגעצונדן.

צו יענער צייט האָב איך נישט געקענט פּאַרשטיין פּאַר וואָס די אַרבעטער אין וואַרשטאַט זענען אַזוי פיינטלעך צו מיין חשק צום לייענען. ערשט מיט יאָרן שפּע־טער, ווען כ׳האָב אָנגעהויבן זיך צו אָריענטירן אין קעגנוואַרטיקע און אין פּאַרגאַנ־גענע עניינים און געשעענישן, זענען פּאַר מיר קלאָרער געוואָרן די סיבות און מאָטיוון פון דער דאָזיקער פיינטשאַפט — דאָס איז געווען אַ צושטייער פון די געגעבענע אַרבעטער צו דער רעאַקציע, וואָס האָט צו יענער צייט געבושעוועט אין לאַנד און אויך אין דער ייִדישער סביבה.

די יאָרן פון 1909–12, ביז צום אויסבראָך פון די בלוטיקע געשעענישן אין די לענער גאָלדגרובן, איז געווען די צייט פון אַ פינצטערער רעאַקציע אינעם אַמאָליקן צאַרישן רוסלאַנד.

די רעוואָלוציע איז געווען אַ פּאַרשפּילטע. די תּפיסות, קאַטאָרגעס און סיביר זענען געווען איבערגעפּאַקט מיט פּאָליטישע אַרעסטירטע. די צאַרישע סאַטראַפּיע האָט געבושעוועט מיט איר גאַנצער קראַפט. די סטאָליפּינישע קראַוואַטן (תּליות) זענען געווען אַן אָפּטע דערשיינונג.

די אינטעליגענץ (איך רעד וועגן דער ייִדישער סביבה), וועלכע האָט געשפּילט אַ חשובע און בכּבודיקע ראָלע אין דער רעוואָלוציע, האָט דעזערטירט. אַ טייל האָט זיך „סאַניניזירט", אַ טייל איז אַוועק אין פּריוואַטן לעבן — ווער רייך חתונה האָבן און ווער שטודירן. אַ קליינער טייל זענען געוואָרן אַנטיפּאָליטישע קולטוריסטן.

די געבליבענע אינטעליגענטן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָט מען געקענט ציילן אויף די פינגער.

אַן ענלעכע לאַגע איז געווען צווישן די געוועזענע אַרבעטער־אַקטיוויסטן. אַ גרויסע צאָל האָט זיך געפונען אין די תּפיסות, אַ סך האָבן עמיגרירט, אַ טייל זענען געוואָרן באַלעבאַטים פון אייגענע אונטערנעמונגען, אַנדערע, אויס מורא, זענען פאַרקראָכן אין די מויזן־לעכער פון זייער פּריוואַטן לעבן. מאַנכע זענען געוואָרן פרום און מאַנכע זענען אַפילו אַוועק צו דער אונטערוועלט.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן פּאַקטיש נישט עקזיסטירט, די סאָציאַליס־טישע באַוועגונג איז געווען פּאַראַליזירט. נאָר קליינע פלעמלעך פון אידעיִשקייט און סאָציאַליזם האָבן געפלעמלט אין די גרויסע אַרבעטער־צענטערס.

די יִדישע בירגערלעכע קרייזן האָבן געטאַנצט אַ שדים־טאַנץ אויף דער פּאַר־שפּילטער רעוואָלוציע.

אויף דער יִדישער גאַס אין וואַרשע האָבן זיך געשאַפן צאָלרייכע באַנדעס פון לאַבוסעס, גערופן „כּוח־גייערס" און „פּרעטענסיע־נעמערס", וועלכע האָבן טעראָ־ריזירט די געשעפטלעכע קרייזן און דעם דורכשניטלעכן יִדישן מענטש.

צווישן די אַרבעטער האָט זיך אויך אַריינגעכאַפּט די מגפה פון דער שענק. ס'איז געוואָרן אַ מין דין, אַז די אַרבעטער פון אַ פאַבריק אָדער פון אַ וואַרשטאַט זאָלן פרייטיק פאַר נאַכט, נאָכן באַקומען דעם וואָכנלוין, צוזאַמען גיין אין אַ שענק אויף אַ פּרעס און זויף און איבערלאָזן אַ גרויסן טייל פון זייערע שׂכירות אין די שענקען.

די אַרבעטער פון ר' שמשון זילבערבערגס וואַרשטאַט, אין דעם פּעריאָד פון מיין לערנצייט, 1909—1912, זענען געווען אַן אָרגאַנישער באַשטאַנדטייל פון זייער סביבה. די סאָציאַל־פּאָליטישע באַדינגונגען אין לאַנד און די פּאַרהעלטענישן אין זייער סביבה האָבן אויך זיי באַווירקט. און זיי האָבן יעדער אויף זיין אופן צוגעטראָגן אַ חלק צו דער כוואַליע פון רעאַקציע.

זייער ווידערווילן און פיינטשאַפט צו מיין חשק צום לייענען, איז געווען דער אָפענער אויסדרוק פון זייער סאָציאַל־פּאָליטישער דעמאָראַליזאַציע.

די צוויי און אַ האַלב יאָר פון מיין לער ביי ר' שמשון זילבערבערגן זענען געפלאָסן נאָרמאַל. מיטן אויסנאַם פון אַן איבעררייס אין סוף 1910, וועגן וואָס ס'וועט מיר נאָך אויסקומען צו דערציילן, איז מיין לערפּעריאָד געווען דער זעלבער, אָדער כּמעט דער זעלבער ווי פון יעדן לערן־ייִנגל אין מיין פאַך.

געאַרבעט האָב איך שווער און לאַנגע שעהען, צום וויניקסטנס פון 8 אַ זייגער אין דער פרי ביז 8 אין אָוונט. טייל מאָל אַפילו ביז 11—12 ביי נאַכט, אָפט מאָל אויך דאָנערשטיק אַ גאַנצע נאַכט און אין די שבתּע־נאַכטס. קיין מאַטעריעלן שווילטאָג האָב איך מער נישט געהאַט.

דער ווינטער פון 1909–1910 איז פאַר מיר געווען זייער אַ שווערער. די 75 קאָפּיקעס אַ וואָך שׂכירות האָב איך אָפּגעגעבן דער מאַמען, קיין זייטיקע פאַרדינסטן זענען נישט געווען. ביי ר׳ שמשון זילבערבערגס קלי׳ענטעלע, מערסטנס אַ פּוילישע, האָט מען זעלטן געקריגן עטלעכע קאָפּיקעס „בירגעלט״. קיין רעפּעראַציעס האָב איך נאָך נישט געקענט מאַכן. פון אַ געבער מיט אַ פרייער האַנט, וואָס כ׳בין ערשט מיט אַ קורצער צייט צוריק געווען, בין איך געוואָרן אַ נעמער, און ביי וועמען צו נעמען איז נישט געווען.

מיין מאַמעס קעסט האָט מיך נישט זאַט געמאַכט, און די לוסט צו זען טעאַטער־ און צירק־פאָרשטעלונגען און צו הערן מוזיק־קאָנצערטן האָט מיך נישט געלאָזט רוען. מיט דער מאַמעס קעסט האָב איך געמוזט שלום מאַכן. אַ ברירה האָב איך געהאַט? כ׳וועל דאָך נישט גיין עמעצן דערציילן, אַז כ׳בין נישט זאַט, אָבער מיט אַ פאַרלוסט פון פאָרשטעלונגען און קאָנצערטן האָב איך נישט געוואָלט און נישט געקענט שלום מאַכן.

צו מיין גליק האָט מיר אין דער היגזיכט אַ סך אַרויסגעהאָלפן די אינסטיטוציע וועמעס נאָמען ס׳איז געווען: „גאַפּע״.

גיין אויף „גאַפּע״ האָט געמיינט אַריינצוקריגן זיך אָן געלט אָדער געבן כאַבאַר די באַאַמטע, פאַרשטייט זיך, אַ סך ווייניקער ווי פון דעם נאָרמאַלן ביליקסטן בילעט, און אויף דעם אופן באַזוכן אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג, אַ קאָנצערט, אָדער דעם צירק.

דאָס גיין אויף „גאַפּע״ איז געווען אַן אַלטע איינגעפונדעוועטע אינסטיטוציע אין דער וואַרשעווער פאַרוויילונג־וועלט. געווען זענען מענטשן, מערסטנס מוזיק־ליבהאָבערס, צווישן זיי אַ סך טראַדיציאָנעל־געקליידטע חסידישע יונגע־לייט, וועלכע האָבן קיין מאָל נישט געוואָלט קויפן קיין נאָרמאַלן בילעט, נאָר גיין אויף „גאַפּע״. דאָס גיין אויף „גאַפּע״ און דאָס אויסהיטן זיך פונעם אויג פון אַ קאָנטראָלער און אויבער־קאָנטראָלער, האָט געפאָדערט קוראַזש, רוטין און איינפאַלערישקייט.

אין פאַרלויף פון ווינטער פון 1909–1910 בין איך געוואָרן אַ ספּעציאַליסט אַריינצוקריגן זיך אויף „גאַפּע״ אין די יידישע טעאַטערס, אין דער אָפּערע, אין די קאָנצערט־זאַלן און אין צירק. אַ מאָל איז דאָס גיין אויף „גאַפּע״ געווען פאַרבונדן מיט עטלעכע קאָפּיקעס, אָבער מיינסטנס פלעג איך זיך אַריינקריגן אָן אַ גראָשן געלט. נישט איין מאָל האָט מיך אַ קאָנטראָלער אַרויסגעפירט ביים אויער מיט פאַראַד, אָבער אין עטלעכע מינוט שפּעטער בין איך ווידער געווען אין זאַל.

פון דעם ווינטער פון 1909–10 זענען מיר געבליבן אין זכרון עטלעכע פאָרשטעלונגען: די אָפּערע „טאָסקאַ״ אין „טעאַטער וויעלקי״, מיט דעם דעמאָלט וועלטבאַרימטן איטאַליענישן זינגער באַטיסטיני; „שולמית״ אין יידישן טעאַטער, מיט דער נעראָסלאַווסקאַ אין שולמית און מישאַ פישזאָן אין צינגעטאַנג; שעקספּירס „אַ חלום אין אַ זומערנאַכט״ מיט דער פּוילישער אַקטריסע טעקלאַ טראַפּשאַ אין אַן אויסעראָרדענטלעכן טעאַטער־ספּעקטאַקל אויף דער גרויסער אָפּערע־בינע

אין „טעאַטער וויעלקי" אין אַ שבת נאָכמיטאָג און אַ צירק־פאַרשטעלונג מיטן אָנטייל פון אַ רוסישן קלאָון (זיין נאָמען איז, דוכט זיך מיר, געווען רודאָף), וועלכער האָט דורך זיין פאַיאַצעווען מיט דער הילף פון פאַרשיידענע לעבעדיקע באַשעפענישן: הינט, חזירים, אייזלען און אַנדערע בעלי־חיים געריסן פּאָסן פון די צאַרישע טשי־נאָווניקעס.

כאָטש די שפּראַך אויף דער פּוילישער בינע האָב איך קוים פאַרשטאַנען און אַזוי אויך דעם רוסיש פונעם קלאָון אין צירק, בין איך דאָך פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם גראַנדיעזן ספּעקטאַקל פון שעקספּירס „אַ חלום אין אַ זומערנאַכט" און מיט־געריסן געוואָרן מיט דעם ענטוזיאַזם פון דעם פּילטויזנט־קעפּיקן עולם אין צירק.

נאָך היינט קלינגען מיר אין די אויערן די טענער פון באַטיסטיניס זינגען, די סאַמעט־לאַשטשענדיקע שטימע פון טעקלאַ טראַפּשאַ, די קלאַנגען פון נעראָסלאַוור־סקאָס געזאַנג און דאָס הילכיק געלעכטער אין צירק.

געבליבן איז פון דעמאָלט אַן איינרעדעניש, אַז קיין גרעסערער און בעסערער זינגער ווי באַטיסטיני איז נישט געווען און וועט נישט זיין, אַז קיין פּראַכטפולערע פאַרשטעלונג ווי די, וואָס כ'האָב געזען אין „טעאַטער וויעלקי" קען גאָרנישט געמאָלט זיין, אַז קיין שענער זינגען און שפּילן שולמית ווי פון נעראָסלאַווסקאַ און מישאַ פישזאָנס צינגעטאַנג איז אויף דער יידישער בינע מער נישט מעגלעך און אַז קיין שום צירק־פאַרשטעלונג איז נישט מסוגל אַרויסצורופן אַזאַ האַרציק קוואַלע־דיק געלעכטער ווי די דערמאָנטע צירק־פאַרשטעלונג.

אַוודאי איז דאָס נישט מער ווי אַן איינרעדעניש, דאָס איז אָבער דער כוח פון יוגנטלעכער אויטאָסוגעסטיע, וואָס פאַרקריצט זיך אין זכרון אַ לעבן לאַנג.

און די אַלע דערמאָנטע אימפּרעזעס האָב איך בייגעוווינט אויף „גאַפּע".

זינט פּסח פון 1910 האָט מיין מאַטעריעלער מצב ווי אַ לערן־ייִנגל אָנגעהויבן זיך צו פאַרבעסערן.

ערב פּסח האָב איך פון מיין לערן־מייסטער געקריגן אַ רובל אויף יום־טוב און דאָס געלט דער מאַמען נישט אָפּגעגעבן. ערשטנס, איז שוין דער פּסח געווען אין שטוב. צווייטנס, קיין צדיק בין איך נישט געווען און געוואָלט אַריינכאַפּן אַ ביסל פאַרגעניגן נאָך דעם לאַנגן און שווערן ווינטער.

נאָך פּסח האָט מיר ר' שמשון דערלייגט 25 קאָפּיקעס אויף דער וואָך און ביס־לעכווייז האָב איך אויך אָנגעהויבן מאַכן קליינע רעפּעראַציעס, און ווען כ'בין דערגאַנגען צו דער שטופע פון האָבן פון די רעפּעראַטורן אַן איינקונפט פון 50—60 קאָפּיקעס אַ וואָך, האָב איך דער מאַמען געגעבן אויך די דערלייגטע 25 קאָפּיקעס.

מיין איינקונפט פלעג איך אויסגעבן אויף פאָלגנדיקן אופן: 15 קאָפּיקעס האָב איך זיך איבערגעלאָזן אויף שבת, עטלעכע קאָפּיקעס אויף צו קויפן ליטעראַטור: אַ צייטונג, אַ זשורנאַל, יעדן פרייטיק, און דאָס איבעריקע — אויסגעגעבן אויף עסן.

עטלעכע מאָל אַ וואָך בין איך מיטגעגאַנגען מיט די געזעלן אין שענק (אין וואַרשע־וועער ייִדיש האָט מען אַ שענק גערופן: פּיוויאַרניע) אויף דער האָזשע־גאַס נומער 7 און עסן האַלבע מיטאָגן, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ פּאַרשפּייזע מיט זופּ, אָדער זופּ מיט פלייש, און האָט געקאָסט 12 קאָפּיקעס. דאָס עסן מער נאָרמאַל און זעטיקער האָט מיך פיזיש געקרעפטיקט און ביסלעכווייז מיך באַפרייט פונעם וואָלפישן הונגער, פון וועלכן כ׳האָב פריִער געליטן.

אָך, וואָס פאַר אַ טעם־גן־עדן האָט דאָס עסן אין דער שענק אויף דער האָזשע־גאַס נומער 7 געהאַט! נאָך איצט באַלעקט זיך מיין צונג מיטן טעם פון די געדעמפּטע וועמפּלעך און פון דער זופּ פון פאַרפל מיט שוואָמען — מאַכלים, וואָס נאָר די ייִדישע רעסטאַראַטאָרן אין אַמאָליקן וואַרשע האָבן געקענט מאַכן.

פון פּסח 1910 ביז זומער 1911 האָב איך חוץ די שׂכירות פון אַ רובל אַ וואָך אויך געהאַט אַ הכנסה פון 50 קאָפּיקעס ביז אַ רובל אַ וואָך פון די רעפּעראַטורן. און פון זומער 1911 ביז מיין פאַרענדיקן די לער, פּסח 1912, זענען מיינע שׂכירות — צוליב אַ סיבה, וועגן וועלכער כ׳וועל נאָך דערציילן — באַשטאַנען פון גאַנצע 2 רובל אַ וואָך.

פאַר פּסח פון 1912 האָט מיר מיין לערן־מייסטער געלאָזט מאַכן אויף מיין מאָס אַ נייעם אָנצוג פאַר דעם הויכן פּרייז פון 15 רובל — די ערשטע אייראָפּעיִשע קליידונג אין מיין לעבן.

די סיבות פון דער ברייטהאַרציקייט פון מיין לערן־מייסטער זענען געווען: ערשטנס, ר׳ שמשון זילבערבערג האָט געהאַט אַ פּרינציפּ צו באַקליידן יעדן לערנ־ייִנגל, וואָס האָט ביי אים געענדיקט די לער, מיט אַ נייעם אָנצוג, ער זאָל אָנהייבן זיך ניי לעבן ווי אַ געזעל אין נייע מלבושים. דאָך, נישט פאַר אַזאַ טייערן פּרייז ווי 15 רובל.

צווייטנס, ווינטער 1912 האָט ר׳ שמשון אַריינגעקריגן אַ גרויסע באַשטעלונג פון די שוין דערמאָנטע דרײַעקן און זיי געדאַרפט צושטעלן צו אַ באַשטימטן טער־מין. איך בין עטלעכע וואָכן געשטאַנען אויסשליסלעך ביים שרובשטיק ביז שפּעט אין דער נאַכט, עטלעכע דאָנערשטיקס האָב איך געאַרבעט אַ גאַנצע נאַכט, מיט אַן איבעררייס בלויז פון אַ צוויי שעה אָפּרו, און אויך עטלעכע שבתע־נאַכטסן. אויך ר׳ שמשון איז געשטאַנען מיט מיר און געאַרבעט און מיר האָבן נאָך פאַר דעם טערמין צוגעשטעלט די גרויסע באַשטעלונג. דער טייערער 15־רובלדיקער אָנצוג איז געווען אַ קאָמפּענסאַטע פאַר מיין איבערגעגעבנקייט צו דער אַרבעט אין די לעצטע חדשים פון מיין לערנצייט.

פּסח פון יאָר 1912 האָב איך פאַרענדיקט מיין לערנצייט אין מעטאַל־טאָקער־וואַרשטאַט פון ר׳ שמשון זילבערבערג.

אין די צוויי און אַ האַלב יאָר פון מיין לערן־פּעריאָד אין טאָקער־וואַרשטאַט פון ר׳ שמשון זילבערבערג איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון מיין פאַך־

קענטעניש ווי אַ מעטאַל־טאָקער. מיין לערן־מייסטער, ר׳ שמשון זילבערבערגן, האָב איך צו פאַרדאַנקען, וואָס טראָץ די אָביעקטיווע און סוביעקטיווע שטערונגען ביים דערלערנען דאָס פאַך, איז דער פונדאַמענט פון מיין פאַך־קענטעניש געווען אַ סאָלידער.

דער טויש פון מענדל לאַטעק אויף ר׳ שמשון זילבערבערג פאַר לערן־מייסטער איז פאַר מיר געווען דאָס גרעסטע גליק, וואָס האָט מיך געקענט טרעפן אין דעם אָנהייב פון מיין לעבנסוועג ווי אַן אַרבעטער און ווי אַ מענטש.

## אין פּראָפיל — ר׳ שמשון זילבערבערג

מיין צווייטער לערן־מייסטער, ר׳ שמשון זילבערבערג, איז געווען אַ פולשטענדיקער היפּוך פון מיין ערשטן לערן־מייסטער, מענדל לאַטאָוויטש. אַ היפּוך אין יעדן פּרט: ווי אַ מענטש, אַ פאַמיליע־מאַן און ווי אַ פאַכמאַן.

אויך פיזיש איז ער געווען אַ פולשטענדיקער קאָנטראַסט.

שוין די נעמען האָבן געריידט פאַר זיך: מענדל לאַטעק אָדער מענדעלע באַכניאַוש און — ר׳ שמשון זילבערבערג.

רב שמשון, אַזוי האָבן אים גערופן די יידישע סוחרים, די מענטשן אין פאַך, געזעלן, און אַפילו איך, דער לערן־יונג, האָב אים זעלטן גערופן: מייסטער, נאָר ר׳ שמשון.

פאַר וואָס מיין לערן־מייסטער האָט געקריגן דעם דאָזיקן יחוסדיקן טיטל — ווייס איך נישט. קיין למדן איז ער נישט געווען, קיין חסיד אויך נישט. געקליידט איז ער געגאַנגען יידיש־טראַדיציאָנעל, אָבער סוחריש: אַן עטוואָס קירצערע קאַפּאָטע, אַ קאָלנער, אַ פאַרהעמדל, אַ קראַוואַט, מאַנקעטן און אין קאַמאַשן. די באָרד זיינע איז געווען צוגעגלייכט. געדאַוונט האָט ער יעדן אינדערפרי, און שבת אין אַ שול, אָבער אַ מנחה האָט מען „פאַרגעסן" אַ מאָל אָפּצודאַוונען. פאַר דעם אַלעם קריגט מען נישט דעם טיטל „רב".

דער ענטפער קען זיין, וואָס ר׳ שמשון איז געווען אַ זון פון אַ רב, פון איינעם פון די נישט עטאַטאָווע מורה־הוראות אין וואַרשע, און די אַרבעטער פון פאַך האָבן אים דעריבער געקרוינט מיטן דאָזיקן טיטל.

ביי געלעגנהייטן האָט ר׳ שמשון זילבערבערג גערן געהאַט צו דערציילן וועגן זיין פאַרגאַנגענהייט און פאַר וואָס דער פאָטער זיינער האָט אים נישט געוואָלט זען זינט ער איז אַוועק פון דער היים און געוואָרן אַ בעל־מלאכה. ער איז אַפילו נישט געקומען אויף זיין חתונה.

און דערציילט האָט ער דאָס אַזוי:

— דער פאָטער איז געווען אַ ווינקל־מורה־הוראה אין דער געגנט פון האָזשע־גאַס, וואָס איז געווען אַן אינדזל פון פאָלקסטימלעכע ייִדן, מיט זייער האַנדל, מלאכה און כּלי־קודש, געדיכט אַרומגערינגלט מיט גאַסן באַוווינטע פון פאַרמעגלעכע פּוילישע פאַמיליעס און פון אַ געוויסער צאָל רייכערע ייִדישע פאַמיליעס.

געווען איז שמשון דער עלטסטער זון — אַ געזונט און שטיפעריש יינגל, מיט נישט קיין איבעריקן חשק צום לערנען. ער האָט ליבער געהאַט אַרומצוברויען אין שטוב, אין חדר און אויף דער גאַס ווי צו זיצן אין חדר אָדער אין דער כמורנער בית־דין־שטוב און לערנען ביים טאַטן. מיט קלעפּ האָט אים דער פאָטער געוואָלט דיסציפּלינירן, געשלאָגן אים מכּות רצח און אויף דעם אופן געוואָלט אים צווינגען צו לערנען.

ס'האָט אָבער נישט געהאַט קיין פּעולה. נאָכן קריגן געשלאָגן, פלעגט ער אַנטלויפן פון שטוב. שלאָפן אויף די וועגענער אין באַזאַר אויף פּלאַץ אַלעקסאַנדער. ווינטער איז ער געשלאָפן אויף די שטיגן פון זיינע עלטערנס וווינונג, וואָס האָבן געפירט צום קעלער אָדער אין קעלער גופא. מיט אַ לאַנגן שטעקן, אין וועלכן ס'איז געווען אַריינגעקלאַפּט אַ טשוואָק, האָט ער געלקחנט עפּל, געבעקס און אַנדערע שפּייז־אַרטיקלען און אויף דעם אופן זיך דערנערט. יעדעס מאָל, ווען מ'האָט אים צוריקגעבראַכט אין שטוב, האָט אים דער פאָטער מקיים־פּסק געווען און די סצענעס פון אַנטלויפן האָבן זיך כּסדר איבערגעחזרט.

איין מאָל, נאָך דעם ווי דער פאָטער האָט אים געסילוקט דעם אמתן פּסק, איז ער אַנטלאָפן פון שטוב און מער זיך נישט אומגעקערט. ער איז אַוועק אין וואַרשטאַט פון מעש־אויסאַרבעטונגען, וואָס האָט געהערט צו אַבֿרהם דרייער אויף פּלאַץ גזשיבאָווסקי 14 (ייִדן האָבן דעם פּלאַץ גערופן: „גזשיבאָוו") און זיך פאַרדונגען אויף 5 יאָר אויף דער לער מיט עסן, שלאָפן און קליידונג.

געלערנט האָט ער זיך גלייכצייטיק ביידע טיילן פון פאַך, פון אַ גיסער און אַ טאָקער, און בריהשדיק זיך אויסגעטויגט צו ביידע טיילן פאַך. ווען ער האָט פאַרענדיקט די לער איז ער געווען איינער פון די געציילטע פאַכמענער, וואָס האָבן געקענט אַרבעטן אי ווי אַ קוואַליפיצירטער גיסער און אי ווי אַ קוואַליפיצירטער טאָקער. אויסגעקליבן האָט ער טאָקעריי ווי זיין באַרוף.

אין די 5 יאָר פון זיין לערצייט האָט ער קיין האָניק ניט געלעקט, געאַרבעט פון 5 אַ זייגער אין דער פרי ביז שפּעט ביי נאַכט, אין די דאָנערשטיקס אַ גאַנצע נאַכט, אין ווינטערצייט אויך אין די שבתע־נאַכטסן. קיין אָפּרוצייט איז נישט געווען, אַפילו נישט קיין עסצייט. מ'האָט גלייכצייטיק געגעסן און געאַרבעט. די איינציקע אָפּרוצייט איז געווען ביים דאַוונען. די געזעלן און די לערן־יונגען האָבן געדאַוונט בציבור אין דער פרי און מנחה־מעריב אין אַ ספּעציעלן צימער, אין וועלכן ס'איז געשטאַנען אַן אָרון־קודש מיט אַ ספר־תּורה און דאָס צימער האָט געדינט פאַר אַ שול צום דאַוונען. אַ סברה, אַז די ספר־תּורה איז אַלט געווען אַ צוויי הונדערט יאָר און

געשטאַמט פון דער צייט ווען קאַטלעריי, בלעכעריי און מעש־אויסאַרבעטונגען זענען געווען איין פאַך און דער גזשיבאָוו האָט פאַר די באַלמעלאָכעס פונעם דאָזיקן פאַך געדינט ווי אַ זאַמלפונקט און זיי האָבן געהאַט דאָרט זייערס אַ שול צום דאַווענען. אין די רעוואָלוציע־יאָרן פון 1905 האָט אַברהם דרייערס זון, איטשע דרייער, אַוועק־געגעבן די ספר־תורה אין אַהרן סאַרדינערס שול, וואָס האָט זיך געפונען בשכנות, און די ספר־תורה איז דאָרט אָפּגעהיטן געוואָרן ווי אַ רעליקוויע. אין די יאָרן 1914–1908, ווען דאָס פאַך פון גיסערס און מעטאַל־טאָקערס האָט געהאַט אַן אייגענע שול צום דאַוונען, האָבן די גבאים פון דער שול געוואָלט צוריקקריגן די ספר־תורה און זיך געלאָדן מיט די גבאים פון אַהרן סאַרדינערס שול.

מיטן עסן איז געווען נישקשה. די מייסטעראָווע האָט די לערן־ייִנגלעך געגעבן גענוג צו עסן, אָבער מיטן שלאָפן און מיט קליידונג איז געווען צרות. געשלאָפן איז מען אין דער גיסעריי און אין וואַרשטאַט. מ׳האָט אונטערגעלייגט אַ שמאַטע אין דעם ליימקאַסטן אין דער גיסעריי אָדער אַ מאָגערן שעניק אין וואַרשטאַט. אָנגעטאָן זענען די ייִנגלעך געווען קרוע־בלוע. ערשט דעם לעצטן יאָר פון דער לער האָט אַברהם דרייער זיך מרחם געווען און אויף דער וואָלוווקע אַ ביסל באַקליידט זיין לערן־ייִנגל.

זינט מיין לערן־מייסטער איז אַוועק פון שטוב, האָט אים דער פאָטער מער נישט געוואָלט אָנקוקן. אַלע פּרוּוון זיך איבערצובעטן האָבן קיין רעזולטאַטן נישט גע־בראַכט.

געווען איז ר׳ שמשון זילבערבערג אַ פּיזיש געזונטער מענטש, נידעריקער פון מיטלוווקס, אַ ברייטפּלייציקער מיט מוסקולירטע אָרעמס. פון אים האָט געשפּריצט געזונט און כּוח. ער איז געווען אַ קלוגער און אַן איידעלער מענטש, קלוג, אָבער נישט כיטרע. זיין פיינקייט, איידלקייט און חכמה איז געווען אַ געזעצטע, פון אַ מענטשן, וואָס ווייסט ווו איין און ווו אויס.

ווי פאַר אַ באַלמעלאָכע אין זיין צייט איז ער געווען אַ פאַרהעלטנישמעסיק געבילדעטער מענטש. ער האָט גערעדט און געלייענט פּויליש און רוסיש און נישט שלעכט געקענט רעכענען. צי ער האָט אויך געקענט שרייבן אין די שפּראַכן — בין איך נישט זיכער. די שרייבאַרבעט איז תּמיד געמאַכט געוואָרן דורך זיין פרוי.

זיין פאַמיליע־לעבן איז געווען אַ יוסט־באַלעבאַטיש, דער סטאַנדאַרט פון לעבן — אַ פאַרמעגלעך־בירגערלעכער אין וווינונג, עסן, באַקליידונג און דינערשאַפט. ר׳ שמשון האָט דער פרוי זיינער זייער ליב געהאַט.

אויך די פרוי זיינע איז געווען אַ פולשטענדיקער היפּוך פון מענדל לאַטאָווי־טשעס פרוי: אַ הויכע, אַן אָסאָבע, אין די „אייגענע האָר", אַ טאָכטער פון אַ בלעכער. זי האָט געקריגן אַ געוויסע שולבילדונג. גערעדט מיט די שוועסטער אירע מיינסטנס פּויליש. נישט קיין צו דעליקאַטע אין איר באַנעמונג צו מענטשן, האָט זי זיך נישט

געלאָזט שפּילן אין דער קאַשע, און ווען נייטיק, געקענט עפּענען אַ מויל, אָבער בטבע איז זי נישט געווען קיין שלעכטע.

די מוטער מיינע האָט באַלד נאָך מיין שטעלן זיך צו דער אַרבעט ביי ר׳ שמשון זילבערבערג אָפּגעשטאַט אַ וויזיט אין מיין נייעם אַרבעטספּלאַץ און זיך נענטער באַקאַנט מיט מיין לערן־מייסטער און מייסטעראָווע. זי איז פונעם וויזיט אַוועק אַ צופרידענע. אין שטוב האָט די מאַמע צו מיר אַ זאָג געטאָן: „דער אייבערשטער האָט מיך געשטראָפט מיין זון זאָל זיין אַ סמאַלוך, זאָל ער כאָטש זיין ווי ס׳איז זיין מייסטער, נאָר אַ ביסל פרימער, נישט פאַרגעסן דאָס לערנען, און ווען לערנען די הייליקע ספרים אין זיין פרייער צייט״.

אַ פאַכמאַן איז ר׳ שמשון זילבערבערג געווען אַן ערשטקלאַסיקער, און אַלע וואָס האָבן מיט אים געהאַט צו טאָן, אַפילו די פוילישע אינזשענירן האָבן פאַר אים געהאַט דעם גרעסטן דרך־ארץ.

זיין „האָבי״, זיין ליבלינג־אַרבעט, איז געווען צו מאַכן די מאָדעלער פאַר זיין פּראָדוקציע און די קאַסטנס פאַר קערנער, וועלכע ווערן אַריינגעלייגט אין די פאָרמען פאַרן גיסן אין די טיילן, וואָס זענען אינערלעך הויל.

דאָס מאַכן קערנער־קאַסטנס האָט געפאָדערט אַ סך מער קוואַליפיקאַציעס, ווי דאָס מאַכן מאָדעלער. ס׳איז נייטיק געווען אַ גענויע, ממש אַ מאַטעמאַטישע, פּינקט־לעכקייט פון דער דיק פון די ווענטלעך, אַז קיין אין אָרט זאָל נישט זיין אַפילו אויף קיין צענטל מילימעטער דינער און אַנטשפּרעכן דעם דרוק פון וואַסער, גאַז, אָדער עלעקטריציטעט. גלייכצייטיק זאָל די דיק פון די ווענטלעך אַנטשפּרעכן אַ קאָמערציעלע קאַלקולאַציע. דאָס מאַכן די קערנער־קאַסטנס איז געווען אַ פּרעציזע אַרבעט פאַר הויך־קוואַליפיצירטע און טעכניש־אויסגעבילדעטע מאָדעלירער. ר׳ שמשון זילבערבערג האָט ליב געהאַט און איז ביכולת געווען צו מאַכן דעם דאָזיקן וויכטיקן פּראָדוקציע־געצייג.

געהאַט האָט ר׳ שמשון זילבערבערג אַן אייגענעם צוגאַנג צו אַרבעט און צו אַרבעטער, באַשעפטיקט אויסשליסלעך קוואַליפיצירטע פאַכלייט און געצאָלט די בעסטע געהאַלטן.

איך דערמאָן זיך עטלעכע עפּיזאָדן:

— אַן אַרבעטער איז קראַנק געוואָרן און געמוזט אַוועק אויף אַן עטלעכע חדשימ־דיקע קוראַציע אין יידישן שפּיטאָל. מיין לערן־מייסטער האָט דרינגנדיק געדאַרפט אַן אַנדערן אויף זיין אָרט. דעם מעקלער האָט ער געהייסן זיך שיקן אַן אַרבעטער אין דעם פּרייז פון נישט ווייניקער פון 10 רובל אַ וואָך.

איך האָב זיך אַריינגעמישט אין זיין געשפּרעך מיטן מעקלער און זיך אָנגערופן: „ר׳ שמשון, וואָס טויג אייך אַן אַרבעטער פאַר 10 רובל? פאַר דער אַרבעט איז דאָך גענוג אַ מענטש פאַר 6, העכסטנס פאַר 7 רובל אַ וואָך״.

מיין לערן־מייסטער האָט מיר געענטפערט: „צו קיין גוטן אַרבעטער לייגט מען

קיין מאָל נישט צו״ — און געגעבן צו פאַרשטיין — „ביי אַ ביליקן אַרבעטער מוזסטו שטענדיק שטיין צו קאָפּנס, אַכטונג געבן, ווי אַזוי ער אַרבעט און וויפל ער מאַכט. בין איך נישטאָ אין וואַרשטאַט און די אַרבעט גייט אים נישט ווי געהעריק, אָדער אַ שטיקל געצייג ווערט אים צעבראָכן, שטייט אַזאַ געזעל מיט דער צונג אין דרויסן ביז איך קום צוריק, אָדער אַן אַנדערער אַרבעטער מוז אים אַרויסהעלפן. ווען כ׳בין אין גאַס דאַרף איך קלערן, צי די אַרבעט גייט ביי אים ווי ס׳דאַרף צו זיין און צי ער פוילט זיך אַ מאָל נישט אונטער. פון אַ גוטן פאַכמאַן בין איך פון די אַלע זאַכן פּטור. ער קריגט דעם רויען גאָס און ווייסט וואָס צו טאָן. צעברעכט זיך אים אַ שטיקל געצייג, גייט ער אַריין אין קיך און מאַכט זיך עס אַליין. אַ גוטער אַרבעטער, וועלכער קריגט אַ געהעריקן לוין, וועט דיך אויך נישט אָפּנאַרן און פאַרטאַכלעווען צייט. איצט פאַרשטייסטו שוין, פאַר וואָס כ׳וויל דווקא אַן אַרבעטער פאַר 10 רובל אַ וואָך״ ?

— אין אַ ווינטערדיקן פרייטיק אין דער פרי פאַראָרדנט מיין לערן־מייסטער, כ׳זאָל געבן דעם עלטסטן געזעל אַ שווער און קאָמפּליצירט שטיקל אַרבעט און נאָכן פאַרטיק ווערן זאָל איך עס אַוועקטראָגן אין אַ געוויסן פּלאַץ. געהאַט האָב איך חשק דאָס דאָזיקע שטיקל אַרבעט אַליין צו מאַכן און געענטפערט : „כ׳וועל עס שוין אַליין מאַכן״. „ניין, דו וועסט דאָס געבן יאַנקלען. דו וועסט עס קאַליע מאַכן״. איך האָב דערווידערט און געטענהט : „ר׳ שמשון, כ׳האָב דאָך שוין אַ מאָל געמאַכט אַזאַ שטיקל אַרבעט און ס׳איז גוט געווען״. זיין ענטפער איז געווען „אין דעם גייט עס. יאַנקל קען עס אַ מאָל קאַליע מאַכן און דו קענסט עס אַ מאָל גוט מאַכן״ — און צוגעגעבן אַ פּירוש : „ביי אַ גוטן באַלמעלאָכע קען אַ מאָל טרעפן ער זאָל אַ שטיקל אַרבעט קאַליע מאַכן. דאָס טרעפט, ס׳איז אָבער אַ זעלטענער פאַל. ביי אַ שלעכטן באַלמעלאָכע טרעפט אַ מאָל, אַז אַ גוט שטיקל אַרבעט זאָל אַרויסקומען ווי געהעריק, אָבער זיכער דערמיט איז מען קיין מאָל נישט. ס׳איז פרייטיק, און איך דאַרף עס נאָך היינט אַוועקשיקן, ווילסטו כ׳זאָל ריזיקירן״ ?

די לעקציעס פון מיין לערן־מייסטער האָב איך אין מיין לעבן גוט געדענקט. דער מוסר־השׂכל פון די לעקציעס האָט מיר אָפט מאָל געדינט פאַר אַ שטיצפּונקט און אַן אָנשפּאַר אין מיינע האַנדלונגען. ס׳איז פאַר מיר געוואָרן אַ כּלל נישט צו זוכן קיין מציאות, אַז ביליקייט איז נישט קיין סגולה פאַר קוואַליטעט. ווילסטו דורך וועמען עפּעס דערגרייכן, זאָרג דערפאַר, אַז דער געגעבענער מענטש זאָל אַנט־שפּרעכן די געגעבענע אויפגאַבע. דורך אַ געהעריק געשולטן איז פאַראַן די זיכער־קייט, אַז אַן אויפגאַבע וועט ווי געהעריק דורכגעפירט ווערן, סיידן אין אַן אומגליקס־פאַל אָדער צוליב אַ נישט פאָרויסגעזעענער סיבה.

וועגן צוויי פאַלן, ווען מיין לערן־מייסטערס לעקציעס און מוסר־השׂכּלס האָבן מיר געדינט ווי אַ וואָפן אין מיין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן קאַמף וועל איך איצט, אַגב־אורחא דערציילן.

— אין האַרבסט 1929, האָט די מינדערהייט־פראַקציע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן, אויף אַ פּלענום פון צענטראַל־קאָמיטעט, דורכגעפירט אַ פּוטש און פאַרכאַפּט די אָנפירונג פון דער קאָמ. פּאַרטיי. דאָס איז געמאַכט געוואָרן מיט דער דירעקטער הילף, כּוח, ליגן און פּערפידיע פון סטאַלינען.

אין דער קאָמ. פּאַרטיי פון פּוילן האָבן אָנגעהויבן גראַסירן משונהדיקע טעאָריעס און נאָך אַן ערגערע פּראַקטיק. איינע פון די טעאָריעס איז געווען: מיט אַ ריכטיקער ליניע וועט יעדער איינער, אומאָפּהענגיק פון זיינע פּערזענלעכע קוואַליפיקאַציעס און פאַרטייסטאַזש, בכּוח זיין דורכצופירן די רעוואָלוציאָנערע און פּאַרטייִשע אויפ־גאַבעס. דער פּועל־יוצא פון דער טעאָריע איז געווען, אַז די אָנפירנדיקע פּאַרטיי־פּאָסטנס, אין צענטער און אין די ראַיאָנען, זענען באַזעצט געוואָרן פון אומקאָמפּע־טענטע און אומדערפאַרענע טוערס.

איך האָב געהערט צו די געציילטע צענטראַלע טוערס, וואָס האָבן נישט שלום געמאַכט מיטן פּוטש, און אין די ראַמען פון פּאַרטיי־דיסציפּלין און פּאַרטיי־רעכט (אין יענער צייט זענען אין דער קאָמ. פּאַרטיי פון פּוילן נאָך געווען רעכטן פאַר פּאַרטיי־טוערס) געפירט אַ קאַמף קעגן דער אָנגעוואָרפענער פירערשאַפט, קעגן די ווילדע טעאָריעס און נאָך מער — קעגן דער קאָנקרעטער טאָג־טעגלעכער פּראַקטיק.

דעם קאַמף האָב איך געפירט הויפּטזעכלעך דורך בריוו, וואָס כ׳האָב פון צייט צו צייט אין שייכות מיט קאָנקרעטע אָנגעלעגנהייטן געשיקט צום צענטראַל־קאָמיטעט אָדער צום פּאָליט־ביוראָ פון ק.פּ.פּ. די אָ״ג „ליסטי הערשלאָווסקע״ (די הערשל־בריוו).

צו יענער צייט בין איך, חוץ אין אַנדערע אינסטאַנצן, אויך געווען אַ מיטגליד פון צענטראַלן פּראָפ. אָפּטייל ביים צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמ. פּאַרטיי פון פּוילן, און בין פון דער דאָזיקער אינסטאַנץ דעלעגירט געוואָרן קיין אויבער־שלעזיע אין צוזאַמענהאַנג מיט אַ שטרייק פון די קוילן־גרעבערס, וואָס דער ראַיאָן־קאָמיטעט פון דער ק.פּ.פּ. האָט געהאַלטן אין צוגרייטן.

פאַרן אָפּפאָרן פון וואַרשע בין איך דורכן סעקרעטאַר פון צענטראַלן פּראָפ. אָפּטייל, בוזשינסקי־בור, אינסטרויִרט געוואָרן כ׳זאָל פאַראייניהייטלעכן מיינע שטע־לונגען, מיינונגען און פאַרשלאָגן מיטן אַרטיקל „אבוואָדאָוויעץ״. אין פאַל פון ערנסטע מיינונג־פאַרשידנקייטן זאָל איך נישט אויסנוצן מיינע פאָרמעלע רעכט און פּרעראָ־גאַטיוון ווי העכסטער פּאַרטיי־באַאַמטער, וואָס כ׳בין לויט דעם פּאַרטיי־סטאַטוס געווען אין דעם פאַל, און נישט פאַרסירן מיין שטעלונג דורך די אָרטיקע פּאַרטיי־אינסטאַנצן, נאָר ברענגען די מיינונג־פאַרשידנקייטן צום צענטראַלן פּראָפ. אָפּטייל. אַן ענלעכע אינסטרוקציע האָב איך אויך געקריגן פון פּאַרטיי־סעקרעטאַריאַט, צו וועמענס דיספּאָזיציע כ׳בין דאַן געווען, ביים איבערגעבן מיר צענטראַלע פּאַרטיי־אויפגאַבן, וואָס כ׳האָב אין דעם אָבוווד געהאַט דורכצופירן.

(„אָבוווד״, האָט געהייסן אַ פאַראייניקונג פון עטלעכע ראַיאָנען. „אָבוואָדאָוו־

יעץ״, איז געווען דער נאָמען פון אַ פּאַרטיי־טוער, וועלכער איז געווען דער אָנפירער פון אַן אָבוווד. אין דעם קאָנקרעטן פאַל איז דער „אָבוווד״ באַשטאַנען פון די ראַיאָ־נען: זאַגלעמביע־דאָמבראָווסקע, אויבער־שלעזיע און טשענסטאָכאָוו־פּיעטריקאָוו, חוץ לאָדזש און לאָדזשער ראַיאָן — די וויכטיקסטע אינדוסטריעלע צענטערס אין פּוילן).

מיר האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געשמעקט די באַגרענעצונג פון מיין סוווערע־ניטעט. אָבער אַ ברירה האָב איך געהאַט? איך האָב נישט געהאַט דעם כּוח און נישט דעם חשק צו קעמפן מיט דער לענסקי־פירערשאַפט פון דער קאָמ. פּאַרטיי פון פּוילן פאַר פּרעסטיזש און אויטאָריטעט. אגב, איז דאָס געווען דער ערשטער און איינצי־קער פאַל, ווען כ'בין אינסטרויִרט געוואָרן נישט צו באַנוצן זיך מיט מיינע פאָרמעלע פּאַרטייִשע רעכטן אין דער צייט פון מיין צוזאַמענאַרבעט מיט דער לענסקי־אָנפירונג.

אין סאָסנאָוויעץ האָב איך אויף דעם טרעפפּונקט געטראָפן ווי אָבוואָדאָוויעץ שכנא קאַראָלסקין, אַן אַלטער באַקאַנטער, אַ פּערזענלעכער פריינד זינט אַ 15 יאָר און — אַ קעגנער: פריִער אַ פּאַרטיי־קעגנער און אין דער ק.פּ.פּ. — אַ פּאַרביסענער פראַקציע־קעגנער.

שכנא קאַראָלסקי, דער פּיאָנער פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס אין פּוילן, איז אָן שום ספק געווען אַ באַגאַבטער מענטש, אַ גלענצנדיקער רעדנער, אַ גוטער זשורנאַליסט און אַ רעוואָלוציאָנער אין אַלע זיינע רמ״ח־אבֿרים, אָבער אַ כראָניש קראַנקער אויף דער קינדער־קראַנקייט פון קאָמוניזם, אַ חולה־מסוכּן אויף לינקאַטשישקייט.

צווישן מיר און קאַראָלסקין איז, ווי געוויינטלעך, באַלד אויסגעבראָכן אַ היציקע מחלוקת. די שטעלונגען, וואָס מיר האָבן פאַרנומען אין כּמעט אַלע ענינים, ספּעציעל וועגן דעם פאַרשטייענדיקן שטרייק, איז נישט געווען מעגלעך צו פאַראייניִיטלעכן.

טראָץ די אינסטרוקציעס בין איך געצוווּנגען געווען אויף אַ זיצונג פון ראַיאָן־קאָמיטעט פון ק.פּ.פּ. פון אויבער־שלעזיע אַרויסצוטרעטן מיט אַ שאַרפער קריטיק קעגן די איינשטעלונגען פונעם אָבוואָדאָוויעץ און באַזונדערס אין די ענינים פון דעם שטרייק, קעגן די שטרייק־פאָדערונגען. 108, קאָנטראַ: 18 פּראָצענט; איינהייטלע־כער לוין פאַר פרויען מיט מענער, קאָנטראַ: נישט די צייט און נישט דאָס אָרט איז מסוגל פאַר אַזאַ ראַדיקאַלע פאָדערונג; דער שטרייק איז אַ פּאָליטישער, מאַס־קירט מיט עקאָנאָמישע פאָדערונגען, קאָנטראַ: דער שטרייק איז אַן עקאָנאָמישער, וועלכער קען אין גאַנג פון קאַמף האָבן פּאָליטישע אַספּעקטן. און וועגן דעם נישט פּאַסיקן צוזאַמענשטעל פון פראָוויזאָרישן שטרייק־קאָמיטעט: קאַראָלסקי האָט וועגן דעם לעצטן פּונקט מיט אַ סך רעדנערישער עלאָקווענץ אַרגומענטירט מיט דער טעאָריע: אַ ריכטיקע ליניע קען יעדער איינער דערפאָלגרייך דורכפירן.

אין מיינעם אַ בריוו צום צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ק.פּ.פּ. וועגן דעם ענין

פון פאַרשפּילטן שטרייק פון די קוילן־גרעבערס אין אויבער־שלעזיע האָב איך צווישן מיינע אַנדערע באַהויפּטונגען געשריבן: אַפילו מען זאָל אָננעמען, אַז די ליניע פון שטרייק איז געווען אַ ריכטיקע — וואָס זי איז נישט געווען — איז דער פּערסאָנאַלער צוזאַמענשטעל פון פּראָוויזאָרישן און פון פאָרמעלן שטרייק־קאָמיטעט געווען אַזעלכער, וואָס האָט לכתחילה געדראָט מיט אַן אָרגאַניזאַציאָנעלער מפּלה פון שטרייק. נאָך ווי אַ לערן־יינגל ביי אַ מעטאַל־טאָקער האָט מיך מיין לערן־מייסטער געלערנט: מיט קאָמפּעטענטע און קוואַליפיצירטע אַרבעטער האָסטו, ווייניקסטנס, אַ זיכערקייט, אַז די אַרבעט וועט געמאַכט ווערן ווי געהעריק; מיט אומקאָמפּעטענטע און אומפאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעטער קענסטו פאַרויס זיך ריכטן אויף כּלערליי צרות, און ביים געטרויען אַזעלכע אַרבעטער פאַראַנטוואָרטלעכע און קאָמפּליצירטע אַרבעטן, מעגסטו זיין זיכער, אַז זיי וועלן די אַרבעט באַגראָבן. דער דאָזיקער אמת האָט אויך אין דעם פאַל געווירקט מיט ממש אַ מאַטעמאַטישער פּינקטלעכקייט.

— בשעת אַ באַראַטונג פון דער קאָמ. פּאַרטיי פון פּוילן, סוף 1932 אָדער אָנהייב 1933, קאָנספּיראַטיוו אָפּגעהאַלטן אויסער די דעמאָלטדיקע גרענעצן פון פּוילן, בין איך געווען דעצידירט אַרויסצוטרעטן מיט דער שאַרפסטער קריטיק קעגן די טעאָרעטישע, פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע איינשטעלונגען פון דער אומגליקלעכער לענסקי־פּאַרטיי־אָנפירונג. די באַדינגונגען אין דער קאָמ. פּאַרטיי פון פּוילן און דאָס אָרט פון דער באַראַטונג זענען געווען אַזעלכע, אַז אַ פראָנטאַלער אָנגריף קעגן דער פּאַרטיי־אָנפירונג וואָלט מאָמענטאַל געקענט ברענגען מיט זיך נישט קיין געוווּנטשענע פאַר מיר קאָנסעקווענצן. כ׳האָב דעריבער געמוזט פירן אַ פלאַנקן־אַטאַקע, רעדן מיט אַן עזאָפּ־שפּראַך, אָפּערירן מיט משלים, אָפּאַריזמען און גלייכווערטלעך. און איינע פון מיינע שלאָג־אַרגומענטן איז געווען אַ טעאָריע פון מאַשין און מאַשיניסטן, וואָס כ׳האָב אין מיין לערנצייט געהערט פון מיין לערן־מייסטער, ר׳ שמשון זילבערבערג.

דער תּמצית פון דער טעאָריע איז געווען אַזאַ:

אַ גוטע און צוגעפּאַסטע מאַשין, באַדינט פון אַ קאָמפּעטענטן און פאַראַנטוואָרטלעכן מאַשיניסט, גיט די גאַראַנטיע, אַז דער פּראָדוצירטער אַרטיקל וועט געבן די געפאָדערטע קוואַליטעט און קוואַנטיטעט. אַ שלעכטע מאַשין און אַ קאָמפּעטענטער מאַשיניסט גיט אַ מעגלעכקייט, אַז דער אַרטיקל זאָל פּראָדוצירט ווערן, אָבער אָן אַ גאַראַנטיע פאַר געהעריקער קוואַליטעט אָדער קוואַנטיטעט. פון אַ גוטער מאַשין און אַ קאַליקע אַ מאַשיניסט איז נישט צו דערוואַרטן, אַז דער פּראָדוקט זאָל ווי געהעריק פּראָדוצירט ווערן און ס׳איז פאַראַן אַפילו די געפאַר, אַז דער מאַשיניסט זאָל די מאַשין קאַליע מאַכן. אַ שלעכטע מאַשין און אַ שלעכטער מאַשיניסט איז אַ קאַטאַסטראָפע פאַר דער פּראָדוצירונג פונעם אַרטיקל.

# געזעלן

די געזעלן פון מענדל לאַטאָוויטשס טאָקער־וואַרשטאַט זענען שפורלאָז פאַר־שוווּנדן פון מיין זכרון. נישט איך געדענק זייערע פיזיאָגנאָמיעס און נישט זייערע נעמען. וואָס כ׳געדענק איז, אַז זיי זענען געווען נישט קיין קוואַליפיצירטע באַל־מעלאָכעס און קנאַפּע פאַרדינערס. די שׂכירות פון איינעם איז געווען זעקס רובל אַ וואָך און פון דעם אַנדערן — פיר און אַ האַלבן רובל; אַז איינער איז קראַנק געוואָרן אויף גאַלאָפּ־שווינדזוכט און אין עטלעכע וואָכן שפּעטער געשטאָרבן אין יידישן שפּיטאָל. מענדל לאַטאָוויטש האָט אויף זיין אייגענעם קאָסט געלאָזט מאַכן פאַר אים אַ מצבה.

די ערשטע קוואַליפיצירטע אַרבעטער, וואָס כ׳האָב באַגעגנט און מיט וועלכע כ׳האָב געהויזט עטלעכע יאָר, זענען געווען די געזעלן פון ר׳ שמשון זילבערבערגס טאָקער־וואַרשטאַט. זיי זענען געווען פאַרשיידענע טיפּן מיט אייגענע פריידן און ליידן, און זיי בעטן זיך פאַרצייכנט צו ווערן.

די נעמען פון די דריי אַרבעטער זענען געווען: יאַנקל, מאיר, מאָריץ.

— יאַנקל, דער עלטסטער געזעל, איז געווען אַ הויכער און אַ מאָגערער, מיט אַ לענגלעך פּנים, עטוואָס איינגעפאַלענע באַקן, טינטשוואַרצע אויגן און אַ הויכן לומדישן שטערן. נישט קיין קראַסאַוועץ, אָבער אויך נישט קיין מיאוסער מאַנס־פאַרשוין. אין פאַך האָט מען אים גערופן „דער לאַנגער יאַנקל״.

אין די רעוואָלוציע־יאָרן איז דער לאַנגער יאַנקל געווען אַ באַיאָוויעץ. נאָך דער רעוואָלוציע האָט ער זיך פאַרליבט אין אַ סקלעפּאָווע פון אַ שיכגעשעפט אין די רייכערע פוילישע גאַסן און מיט איר געהייראַט.

אַ פאַרדינער איז דער לאַנגער יאַנקל געווען אַ גוטער. זיינע שׂכירות זענען געווען 12 רובל אַ וואָך — אַ וואָכנלוין, וואָס נאָר אַ גאָר דינער שיכט פון יידישע אַרבעטער האָבן צו יענער צייט פאַרדינט. נישט געקוקט אויף דעם שווערן צען און אַ האַלב שעהדיקן אַרבעטס־טאָג איז ער גרייט געווען צו אַרבעטן פייער־אָוונט וויפל ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט, כּדי צו כאַפּן אַן עקסטרע פאַר גילדן, אָבער טראָץ זיינע פאַרדינסטן, איז ער שטענדיק געווען פאַרבאָדן אין חובות איבערן קאָפּ.

דעם לאַנגן יאַנקלס באַליבטע טעמע אין די געשפּרעכן מיט די איבעריקע אַרבעטער בשעת דער אַרבעט איז געווען זיין פּרוי: וועגן איר שיינקייט, געשמאַק און עלעגאַנטער קליידונג. וואָס פאַר אַ גרויסער צוכט און באַלעבאָסטע זי איז — די וווינונג, אַ צימער מיט אַ קיך אין פאַרמעגלעכן טייל פון דער יידישער געגנט, אויף נאָוואָליפּקע, איז געווען, לויט זיין שילדערונג, אַן אמתע באָמבאָניערקע. היינט, וואָס פאַר אַ בריה זי איז ביים קאָכן, בראָטן און באַקן, און וואָס פאַר אַן

אויפטוערין זי איז אין בעט... ער פלעגט זיך פשוט באַלעקן, ווי אַ קאַץ נאָך אַ טאָפּ סמעטענע, ווען ער האָט גערעדט וועגן זיין פרוי.

געווען אָבער טעג ווען דער לאַנגער יאַנקל איז געשטאַנען ביי דער אַרבעט אַ פאַרכמורעטער, אַ פאַרצאָגטער, און פון זיין לענגלעך פּנים מיט די טינטשוואַרצע אויגן האָט געוויעט מיט צער און אומעט. אין אַזעלכע טעג האָט מען אין וואַרשטאַט געוווסט, אַז מען טאָר זיך מיט אים נישט פאַרטשעפּען און זיין אָפּגעהיטן מיט אַ וואָרט וועגן זיין פרוי, אין קעגנפאַל וועלן זיין צרות. פון זיין מויל, וואָס איז געוויינטלעך געווען אָפּגעהיטן פון ניבול־פה, האָבן זיך געשאָטן קאָזאַצקע ברכות און צענגאָרנדיקע מי־שברכס, און ער איז אויך קאַפּאַבל געווען זיך כאַפּן שלאָגן.

אין אַזעלכע טעג, ווען ער איז אַרויס אויף אַ ווײַלע, האָבן די איבעריקע אַרבע־טער פרייגעלאָזט זייערע צינגער מיט רכילות און לשון־הרע אויף זיין און אויף זיין פרויס חשבון. פאַר קיין גרויסע צנועה האָבן די אַרבעטער זי נישט געהאַלטן און פאַר קיין קאָנקורענטין אין צניעות מיט דער אַלטער וואָרקער רביצין איז זי נישט באַטראַכט געוואָרן.

אין אַ זומערדיקן פאַרמיטאָג האָט דעם לאַנגן יאַנקלס פרוי אָנגעשטאַט אַ וויזיט אין וואַרשטאַט און אים צוגענומען פון דער אַרבעט. אין די מינוטן, וואָס ער האָט זיך אַרומגעוואַשן, האָט זי פאַרבליצט מיט איר שיינקייט, פאַרבליפט מיט איר קליי־דונג און פאַרשמעקט מיט אירע פּאַרפומען — אַן אמתע גראַנד־דאַמע.

נאָך זייער אַוועקגיין האָבן די איבעריקע אַרבעטער זיי גענומען אויפן צימבל און דער געמיינזאַמער אויספיר איז געווען, אַז זי איז די אמתע מאַנקע־נאַפקע און דאָס אמתע שטיקעלע סחורה פאַר דער הויקערין.

די לעצטע ווערטער פאַרלאַנגען אַ פירוש:

אינעם לשון פון די אַרבעטער אין ר׳ שמשון זילבערבערגס וואַרשטאַט, האָט אַ מיידל פון לייכטער אויפפירונג, אָבער נישט קיין פּראָפעסיאָנעלע פּראָסטיטוטקע, געהייסן „אַ בלאַטע מויד״. דער נאָמען פאַר אַלע מינים פּראָסטיטוטקעס איז געווען „נאַפּקע״. זיי זענען קלאַסיפיצירט געוואָרן אין קאַטעגאָריעס, און יעדע קאַטעגאָריע האָט געהאַט איר נאָמען. אַן אָפּגעפּאַרענע און ביליקע, וואָס האָט זיך געדרייט אין די אָרעמערע גאַסן, האָט געהייסן „אַ שטשור״. פון אַ העכערער קאַטעגאָריע, וואָס האָט אַרומשפּאַצירט אין די רייכערע גאַסן, איז גערופן געוואָרן „אַ קאַטשקע״. אַ זונה אין די רייכע באָרדעלן, האָט געהייסן „אַ געבראָטן קורטשאַקל״. און איינע פון דעם הויכן קלאַס, וועלכע אָפּערירט אין די רייכע צוקערניעס, רייכע רעסטאָראַנען, נאַכט־קלובן, אין די רייכע האָטעלן, אָדער ווערט פאַרבעטן אין פּריוואַטע הייזער, איז גערופן געוואָרן: „אַ מאַנקע״, אָדער „אַ מאַנקע־נאַפּקע״.

די הויקערין איז געווען אַ שכנה, אַ טיר קעגן אַ טיר פון מיין לערן־מייסטערס וואַרשטאַט. אַ נידעריקע מיט אַ שיין פּנימל און מיט אַ שפּיציקן הויקער, נעט און באַשיידן געקליידט און פאַרקעמט, אין עלטער פון אַ יאָר 40 האָט זי פאַרנומען

אַן ענלעכע וווינונג ווי ר׳ שמשון: אַ פינף־צימערדיקע דירה — דריי צימערן און צוויי קיכן מיט צוויי באַזונדערע אַריינגענג. איר וווינונג איז געווען אַ לוקסוריעזער באַרדעל. פּראַקטיצירט האָבן אין דעם דאָזיקן שאַנדהויז צוויי יונגע פּוילישע מיידלעך, פּראַכטפולע שיינקייטן. די קאָנסומענטן זענען געווען גלחים, הויכע רוסישע אָפיצירן און באַאַמטע, מיטליאָריקע און עלטערע הערן, וועלכע פלעגן קומען צו פאָרן אין גומקעס און אין אייגענע קאָטשן. פון צייט צו צייט פלעגן אויך קומען דער פּריסטאַוו, דער געהילף פון פּריסטאַוו און דער רעוויראָווע. צי די הויקערין איז געווען די אייגנטימערין אָדער בלויז „אַ מומע״ פון שאַנדהויז, האָבן מיר נאַטירלעך נישט געוווּסט. די קלאַסיפיקאַציעס פון דעם לאַנגן יאַנקלס פּרוי זענען געווען גאַנץ קלאָרע און די אַרבעטער האָבן נישט פאַרפעלט אויך אים אָנצוטאָן אַ פאָר הערנער פאַר האָבן אַזאַ סאָרט פרוי.

אויך די מייסטעראָווע האָט נישט פאַרפעלט צוצולייגן אַ קנייטל אויפן חשבון פון דעם לאַנגן יאַנקלס פרוי און מיט שאַדנפרייד באַטאָנט, אַז איר גאַנג און איר קליידונג מסרן זי פאַר אַ מייל.

ווען איך האָב דער מייסטעראָווע געפרעגט, וואָס האָט איר אַזעלכעס געזען אין דעם גאַנג און אין דער קליידונג, האָב איך געקריגן אַן ענטפער: „היינט ווייסטו דאָס נישט פאַרשטיין, אָבער ווען דו ווייסט עלטער ווערן, וועט מען דיר אַזעלכע זאַכן נישט דאַרפן דערציילן״. די געזעלן האָבן אָבער נישט פאַרזוימט מיך באַוווּסטזיניק צו מאַכן וועגן דעם ספּעציעלן גאַנג און די סימנים פון דער קליידונג און פון די פאַרפומען פון אַ מאַנקע־נאַפּקע, און פאַר וואָס מ׳קאָן זיי דערקענען אין די עפנטלעכע ערטער.

צו מאָרגנס האָט זיך איינער פון די אַרבעטער נישט געקענט איינהאַלטן און נישט צו געהויבן זיך אויסגעדריקט וועגן דעם לאַנגן יאַנקלס פרוי. די סצענעס, וואָס האָבן זיך אין דעם טאָג אָפּגעשפּילט אין ר׳ שמשון זילבערבערגס מעטאַל־טאָקערוואַרשטאַט איז נישט פאַר מיין פעדער צו באַשרייבן.

נאָך מיין פאַרלאָזן ר׳ שמשון זילבערבערגס וואַרשטאַט, האַרבסט 1912, האָב איך דעם לאַנגן יאַנקל מער נישט באַגעגנט. איך האָב זיך מיט אים ווידער געטראָפן אויף דער קאָנספּיראַטיווער פאַרזאַמלונג פון די מעטאַל־טאָקערס און גיסערס פון מעש און בראָנדז, שבועות 1914. דאָרט איז געשאַפן געוואָרן דער אונטערערדישער קלאַסן־פאַראיין פונעם דאָזיקן פאַך. דאָרט בין איך געזעלשאַפטלעך געבוירן געוואָרן און מיט אַ מערהייט פון אַן איינציקער שטימע אַריין אין דער פאַרוואַלטונג פון געשאַפענעם פאַראיין.

דער לאַנגער יאַנקל איז נישט געוואָרן קיין טוער פונעם פאַכפאַראיין, ער האָט אָבער געהערט צו דעם טיפּ מיטגלידער, אויף וועמען אַן אָרגאַניזאַציע שטיצט זיך און שפּאַרט זיך אָן. פאַר מיר פלעגט ער זיך באַרימען, אַז ער איז דאָס געווען דער יעניקער, וואָס האָט מיט זיין שטים איבערגעוויגן מיין מערהייט.

נאָכן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דער לאַנגער יאַנקל ערגעץ פאַרשוווּנדן געוואָרן. איך האָב זיך מיט אים ווידער באַגעגנט אין בערלין, אין די יאָרן 1916–17–18.

דער לאַנגער יאַנקל האָט צו יענער צייט געאַרבעט אין איינער פון די בערלינער מעטאַל־פאַבריקן, איז געווען אַ מיטגליד אין י.ל. פרץ־פאַראיין און האָט געשטיצט די בונדישע פראַקציע אין פרץ־פאַראיין.

בעת מיינע ספּאָראַדישע שמועסן מיט אים אין בערלין, האָט ער מיר דערציילט, אַז נאָך פאַר דער מלחמה איז ער זיך צעגאַנגען מיט זיין פרוי. אויף מיינס אַ פראַגע, ווי קומט ער אין פרץ־פאַראיין — איך געדענק דאָך, וואָס פאַראַ צרות ער האָט מיר אָנגעטאָן פאַר מיין חשק צום לייענען בשעת מיין לערנצייט ביי ר׳ שמשון זילבערבערג, — האָב איך פון אים געקריגן אַן אויסמיידנדיקן ענטפער. ווידער האָב איך זיך מיטן לאַנגן יאַנקל געטראָפן מיט יאָרן שפּעטער, אין יאָר 1930 אין פּויזן.

געקומען בין איך קיין פּויזן אין שליחות פון די צענטראַלע אינסטאַנצן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן. נאָכן דערלייזדיקן די פּאַרטיי־ענינים האָב איך זיך געלאָזט באַזוכן די שטאָט. דאָס איז געווען מיין ערשטער באַזוך אין פּויזן. כ׳האָב עובר געווען אויף געוויסע כללים פון קאָנספּיראַציע און געלאָזט זיך שפּאַצירן איבער די גאַסן פון דער שיינער און אייגנאַרטיקער שטאָט.

אויף איינער פון די באַלעבטע גאַסן האָב איך זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ שיין דעקאָרירטער וויסטאַווע פון אַ שיכגעשעפט. אין פראָנט איז געשטאַנען אַ באַביכלטער מענטש, אויף וועמען כ׳האָב נישט געלייגט קיין באַזונדערן אַכט. אין מינוטן שפּעטער איז צו מיר דערגאַנגען אַ געשריי: „הערש לייבעלע״! דער באַביכלטער האָט זיך מיט מיר אַרומגעכאַפּט. דאָס איז געווען דער לאַנגער יאַנקל.

ער האָט מיך פאַרבעטן אין געשעפט, פאָרגעשטעלט פאַר אַ מיטליאָריקער פעטלעכער פרוי מיט סימנים פון אַמאָליקער שיינקייט, אין וועמען כ׳האָב גלייך דערקענט זיין פרוי — די אַמאָליקע גראַנד־דאַמע. ער האָט מיר אויך פאַרגעלייגט צו פאַרברענגען צוזאַמען דעם אָוונט.

אָבער מיט יעדער מינוט האָט זיין התלהבותדיקע פריינדשאַפט אָנגעהויבן קילער צו ווערן, און ראַפּטעם האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן אין אַ האַרטן טאָן: „ביסט נישט אַ מאָל פון דער חברה״? „פון וועלכער״? — האָב איך זיך געמאַכט נישט פאַרשטיין. „מאַך זיך נישט געפּגרט, דו ווייסט דאָך וואָס און וועמען איך מיין: פון די רויטע״. איך האָב געעפנט מיין פאָרטפעל און אים געוויזן, אַז כ׳בין אַ רייזנדיקער־אַגענט פון אַן אייזנוואַרג־פירמע. מיין לעגיטימירן זיך האָט מיר קנאַפּ געהאָלפן. „מ׳ווייסט שוין, מ׳קען זיך שוין אויף די זאַכן״ — האָט דער לאַנגער יאַנקל מיט כעס רעאַגירט אויף מיין מכלומרשטן לעגיטימירן זיך.

אַ קונה איז אַריינגעקומען אין געשעפט, כ׳האָב אויסגענוצט די געלעגנהייט און זיך אָפּגעטראָגן אָן אַ „זייַ־געזונט״.

דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס כ׳האָב זיך געטראָפן מיטן עלטסטן אַרבעטער פון מיין לערנצייט אין ר׳ שמשון זילבערבערגס מעטאַל־טאָקער־וואַר־שטאַט.

אַהיימפאָרנדיק פון פויזן האָב איך אַ סך געטראַכט וועגן דער צופעליקער באַגעגעניש און וועגן דעם לאַנגן־יאַנקל־טיפּ.

און אַ פראַזע האָט זיך כסדר געבאַמבלט אין מיין קאָפּ: ס׳זענען משמעות פאַראַן פייגל, וואָס זינגען לויט די סעזאָנען פון יאָר און פליִען אין דער ריכטונג ווו די ווינטן בלאָזן.

מאיר, דער צווייטער געזעל, איז געווען אַ מיטלוווקסיקער, אַ ברייטפּלייצי־קער, אַן אַטלעטיש־געבויטער, מיט אַ קיילעכדיק שמייכלדיק פּנים, גרוי־גרינע אויגן, אַ נידעריקן שטערן און גערדיכטע ברעמען, וואָס האָבן דעם שטערן נאָך קלענער געמאַכט; אַ האַמעטנער, אָבער אַ גוטמוטיקער און צוגעלאָזענער בחור.

די שכירות זיינע איז געווען צען און אַ האַלבן רובל אַ וואָך. אין פאַך האָט מען אים גערופן — מאַלפּע, „מאיר מאַלפּע״. פאַר וואָס דאָס פאַך האָט אים, דעם נישט שפּעטנעם בחור, מזכה געווען מיטן דאָזיקן נאָמען — ווייס איך נישט. מעגלעך דערפאַר, ווייל ווען מ׳האָט אויף מאירן געקוקט פון אַ זייט, האָט ער געהאַט עפּעס פונעם אַנבליק פון אַ שימפּאַנזע.

געווען איז מאיר אַן עראָטאָמאַן. זיין גענוס איז געווען סעקס, די טעמע פון זיינע געשפּרעכן — עראָטיק. וועגן וואָס ער אַליין אָדער אַנדערע זאָלן נישט האָבן גערעדט, האָט מאיר שטענדיק פאַרקערעוועט דעם געשפּרעך אויף געשלעכט־ענינים.

מיט אַ פינגער פלעגט ער אין דער לופט צייכענען אַקטפיגורן פון פרויען און מענער, אַקטן פון געשלעכטלעכע פאַרהעלטענישן, אין נאַרמאַלע און אין פּערווערזע פאָרמען. בשעת זיין צייכענען אין דער לופט, האָט מען וויזואַנעל געזען די געצייכנטע בילדער ווי לעבעדיק, ממש אַנצוטאַפּן זיי מיט דער האַנט. וואָלט מאיר געלערנט אין אַ קונסטשולע, וואָלט פון אים זיכער אַרויסגעקומען אַ גרויסער מאָלער אָדער אַ גראַפיקער.

די נעמען און די אַדרעסן פון די מיטלקלאַס־באָרדעלן אין אַלע שטאָטטיילן פון וואַרשע האָט מאיר געקענט פון אויסנווייניק. אין די פרייטיק־צו־נאַכטסן האָט ער דאָרט רעגלמעסיק פאַרבראַכט. זיין טרוים איז געווען צו האָבן די מאַטעריעלע מיטלען צו זיין אַ שטאַמגאַסט אין די דעמאָלט אין וואַרשע און אין גאַנץ רוסלאַנד באַרימטע לוקסוריעזע שאַנדהייזער אויף דער טאָוואַראָווע־גאַס.

נישט פאַרפעלט האָט אויך מאיר אָפּצושטאַטן אַ וויזיט ביי דער הויקערין. מ׳האָט אים דאָרט איידל אָבער קלאָר דערקלערט, אַז זיינס אַ חודשלעכע שכירות וועט נישט גענוג זיין צו דעקן די קאָסטן פון איין נאַכט ווין און וויב — און אים משלח געווען.

איין מאָל, אין אַ זונטיק אין דער פרי, איז מאיר געקומען מיט אַ גדולה, בם אײנע פון זײנע זונות־פּאַוואַריטקעס איז פון אים מעוברת געוואָרן און ער האָט זיך געפרייט, ווי דאָס גרעסטע גליק וואָלט אים געטראָפן. דאָס איז אָבער נישט געווען די פרייד פון פאָטערשאַפט, נאָר פון אַ צו־להכעיסניק, וואָס טוט אָפּ אַ מיאוס און אַ גראָטן שפּיצל.

דער סוף פון זײנע עסקאַפּאַדעס אין די שאַנדהייזער איז געווען אַ טרויעריקער: ער איז קראַנק געוואָרן אויף אײנער פון די שווערע ווענערישע קראַנקייטן און געמוזט אַוועק אויף אַן עטלעכע חדשימדיקער קוראַציע אין דער פערטער אָפּטיילונג פון יידישן שפּיטאָל — די אײנציקע אָפּטיילונג אין יידישן שפּיטאָל אויף טשיסטע אין וואַרשע, וואָס איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ הויכער מויער, ווי אַ שווערע טורמע, און אָפּגעשלאָסן פאַר באַזוכערס.

נאָך דער קוראַציע איז מאיר מער נישט צוריקגעקומען צו דער אַרבעט אין ר׳ שמשון זילבערבערגס וואַרשטאַט. אַ שמועה איז געווען, אַז ער איז אַוועק קיין אַרגענטינע. די קלאַנגען וועגן זײן אויפהאַלט אין אַרגענטינע זענען געווען פאַרשײי־דענע: אײנע, אַז ער איז דאָרט געוואָרן אַ פאַבריקאַנט פון מעש־אויסאַרבעטונגען; אַ צווייטע, אַז ער איז געוואָרן אײנער פון די חברה טמאים.

דער נישט שפּעטנער, געזונטער, גוטהאַרציקער און פּראַכטפולער צײכענער אין דער לופט, מאיר, דער צווייטער געזעל פון ר׳ שמשון זילבערבערגס מעטאַל־טאָקער־וואַרשטאַט, וועלכער האָט מיר מער ווי די אַנדערע צוויי געזעלן געהאָלפן דערלערנען דאָס פאַך פון מעטאַל־טאָקעריי, איז געבליבן טיף אײנגעקריצט אין מײן זכרון מיט זײנע חסרונות און מעלות.

מאַריץ, דער דריטער געזעל, איז געווען ר׳ שמשון זילבערבערגס אַ שוואָגער, דער מייסטערס אַ ברודער. אַ מיטלוווּקסיקער, אַ שלאַנקער, אַן אַקוט־ברונעטער, מיט אויגן בלויע — זייער אַ שײנער. ער האָט נישט שלעכט באַהערשט די פּוילישע און רוסישע שפּראַכן — דער ערשטער אַרבעטער און אײנער פון די געציילטע, וואָס כ׳האָב באַגעגנט אין דער פּראָפעסיע, וועלכע האָבן אין וואָרט און אין שריפט באַ־הערשט די דאָזיקע שפּראַכן. מאַריצס שׂכירות איז געווען ניין רובל אַ וואָך. אין פאַך האָט מען אים גערופן „באַלעטניק״.

דער נאָמען „באַלעטניק״ האָט אים גוט געפּאַסט. ער איז געווען אַ ליידנשאַפט־לעכער טענצער און אַ סיסטעמאַטישער באַזוכער אין די טאַנצזאַלן. אַזאַ טיפּ האָט מען אין וואַרשע דעמאָלט גערופן: „אַ יינגל פון לעקציע־טאַניעץ״. אויסגעמיטן האָט מאַריץ די טאַנצזאַלן אין דער יידישער אָדער אַרום דער יידישער געגנט און באַזוכט אַזעלכע לאָקאַלן אויסשליסלעך אין דעם רייכערן טייל פון די פּוילישע קוואַרטאַלן. זײנע באַקאַנטע מיידלעך זענען געווען מײנסטנס פּוילישע. די שוועסטער און די שוואָגערס זײנע זענען פון דעם געווען אומצופרידן. ר׳ שמשון פלעגט זיך מיט אים

צוליב דעם אָפּט אַרומקריגן, אים פאַרגעוואָרפן זיין לייכטזיניקע אויפפירונג און געוואָרנט, אַז ער וועט זיך נאָך שמדן צוליב אַ שיקסע.

חוץ דערליידנשאַפט פון טאַנצן האָט מאַריץ געהאַט נאָך אַ ליידנשאַפט: טייערע קליידונג. געגאַנגען איז ער אָנגעטאָן ווי אַ דענדי, קאַפּאַבל געווען צו באַצאָלן 40 רובל פאַר אַ צווייררייעקן גראַנאַטענעם אַנצוג, וואָס האָט געמיינט מער ווי פיר וואָכן שׂכירות. צוליב די טאַנצזאַלן, די מיידלעך און דער קליידונג איז ער געווען פאַרזונקען אין חובות.

טראָץ דעם וואָס מאַריץ איז געווען פאַרמעל דער געבילדעטסטער פון אַלע גע־זעלן, האָט באַזוכט אַ שולע און אויך עטלעכע יאָר די האַנטווערקער־שולע פון דער יידישער גמינע אויף דער סטאַוועקע־גאַס, איז ער אָבער אין היגזיכט פון אַנטוויקלונג געווען דער צוריקגעשטאַנענסטער פון די איבעריקע אַרבעטער. אַ בוך איז פאַר אים געווען טאַבו, און די נייעס פון דער וועלט אָדער פון יידישן לעבן האָבן אים לגמרי נישט אינטערעסירט.

געווען איז מאַריץ דער אומסימפּאַטישסטער אין כאַראַקטער. פאַר זיינס אַ גראָשן האָט מען זיך געקענט אויסציִען. אָפּגעבן אַ הלוואה, וואָס ער האָט געליִען ביי די אַנדערע געזעלן, האָט ער זיך געמאַכט נישט וויסנדיק. ווי אַ לערן־ייִנגל בין איך פון אים צום ערגסטן טראַקטירט געוואָרן. ער פלעגט מיר קיין מאָל נישט וועלן צוהעלפן אָדער צוווייזן ביים דערלערנען דאָס פאַך. זיין שׂנאה צו מיין חשק צום לייענען איז געווען אַ פיל גרעסערע, ווי פון די אַנדערע געזעלן.

נאָך מיין פאַרלאָזן דעם וואַרשטאַט פון ר׳ שמשון זילבערבערג, האָט מאַריץ, קעגן דעם ווילן פון זיין פאַמיליע, חתונה געהאַט מיט אַ „בלאָטער מויד״, וועלכע האָט צוזאַמען מיט איר מוטער געפירט אַ געשעפט פון אַלטוואַרג אין פּאַטשעיאָוו אויף דער באַגנע־גאַס אין וואַרשע.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה ביז צום אויסבראָך פון צווייטן וועלטקריג איז מיר אָפט מאָל אויסגעקומען דורכצוגיין דעם פּאַטשעיאָוו, און יעדעס מאָל ווען איך האָב זיך מיט מאַריצן באַגעגנט, האָט ער נישט פאַרפעלט צו חוזקן פון מיין תּכלית, אָבער גלייכצייטיק מיך פאַרבעטן אויף אַ קאַווע אָדער אַ בייס אין אַ וווּרשטן־געוועלב. איך פלעג אים אײדל אָבער קאַטעגאָריש אָפּזאָגן. ווען כ׳האָב אים אַ מאָל אַ פרעג געטאָן מיט וואָס כ׳זאָל זיך דערקלערן זיין ברייטהאַרציקייט, האָב איך פון אים געקריגן אַ כאַראַקטעריסטישן ענטפער: „היינט ביסטו דאָך עפּעס אַן אַנגע־זעענער מענטש״...

אין מיין זכּרון איז מאַריץ פאַרבליבן דער פאַרמעל געבילדעטסטער, אָבער דער אומסימפּאַטישסטער אַרבעטער, וואָס כ׳האָב באַגעגנט אין די פאַבריקן און וואַרשטאַטן אין מיין פראַפעסיע אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אין וואַרשע האָט זינט יאָרן עקזיסטירט אַ קרייז פון פּערזענלעכע פריינד. פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ, קאָמוניסטן און קאָמוניסטישע סימפּאַטיקערס פלעגן זיך צונויפקומען איין מאָל אַ וואָך אויף אַ גלעזל טיי אין איינער פון די פּריוואַטע דירות פון די קרייז־מיטגלידער, געמיטלעך פאַרברענגען צווישן זיך און שמועסן וועגן ערנסטע און לייכטערע ענינים.

מיט דעם אַ קרייז האָב איך געהאַט אַ נאָענטע פאַרבינדונג, פריער אַ פּאַרטיייִשע און נאָך מיין באַזייטיקונג פון דער קאָמ. פּאַרטיי פון פּוילן, אין די דרייסיקער יאָרן, אַן אינטים־פּערזענלעכע.

אויף איינעם פון די צוזאַמענקונפטן האָב איך די פריינד מיינע דערציילט די געשיכטע פון די דריי געזעלן פון ר׳ שמשון זילבערבערגס מעטאַל־טאָקער־וואַרשטאַט אין פעריאָד פון מיין לערנצייט.

מיין דערציילונג האָט זיי פאַראינטערעסירט און זי פאַרוואַנדלט אין אַ טעמע פאַר אַ קעגנזייטיקן מיינונג־אויסטויש. אַ ספּעציעלן אינטערעס האָט ביי זיי אַרויס־גערופן דער טיפּ פון לאַנגן יאַנקל.

ד״ר ליטאַוער, אַ מעדיצינערין, אַ געוועזענע אַסיסטענטין פון דעם אין פּוילן און אין אייראָפּע באַרימטן פּסיכיאַטאָר ד״ר פלאַטאַו, האָט די פון מיר געשילדערטע טיפּן אַנאַליזירט לויט די טעאָריעס פון פּסיכאָאַנאַליז, טעאָריעס, וואָס האָבן קיין מאָל צו מיר נישט אַפּעלירט און אַפּעלירן אויך היינט נישט — נישט אין מעדיצין און אַ פּשיטא אין פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע ענינים.

וויטעק ווידיסלאַווסקי, אַן אָפּשטאַמיקער פון דער אַ מאָל אין לאָדזש באַרימטער חסידיש־נגידישער ווידיסלאַווסקי־משפּחה, האָט פּרובירט דערקלערן די טיפּן מיט סאַרקאַסטיש־דיאַלעקטישע אַרגומענטן — מער פּלפּול און סאָפיסטיק ווי דיאַלעקטיק. פּראָפעסאָר רודניאַנסקי, אַ באַקאַנטע פיגור אין דער אינטעלעקטועלער וועלט אין פּוילן צווישןביידע וועלט־מלחמות, האָט אָנגעהויפט ראיות און טעאָריעס פון אַ פילאָסאָפישן און פּסיכאָלאָגישן כאַראַקטער, און אַזוי אויך אַנדערע, באַנוצנדיק זיך מיט וויסנשאַפטלעכע טערמינען און טעאָריעס.

מיך האָבן די אַרגומענטאַציעס און טעאָריעס פונעם דאָזיקן הויך־אינטעליגענטן קרייז מענטשן נישט באַפרידיקט און כ׳האָב נישט געמאַכט קיין סוד פון מיין נישט צופרידנקייט מיט די אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען און טעאָריעס. הלצהדיק האָב איך באַנוצט די אויבן־דערמאָנטע פראַזע וועגן די פייגל, וואָס זינגען לויט די סעזאָנען פון יאָר און פליִען לויט די ריכטונגען פונעם ווינט.

דאָס איז אויך געווען אַ קאַפּוליער אַנצוהערעניש וועגן די פייגל פון דעם פירנדיקן קאַדער און אַקטיוו, מיטגלידער און סימפּאַטיקער פון דער געוועזענער מערהייט־פראַקציע, פון דער וואַרסקי־קאָסטשעוואַ־ריכטונג, אין דער קאָמ. פּאַרטיי פון פּוילן, צווישן זיי אַ ריי אָנוועזנדיקע, וועלכע האָבן צו מאַרגנס נאָכן פּוטש פון דער געוועזענער מינדערהייט־פראַקציע, אויסגעדרייט דעם דישעל און בהלהדיק

נאָכגעלאָפן צו דערכאַפּן דעם וואָגן פון דער אומגליקלעכער לענסקי־אָנפירונג.

אַן אַנדער אַספּעקט אין דער דיסקוסיע איז געווען, צי האָבן די דריי פון מיר געשילדערטע אַרבעטער טיפן רעפּרעזענטירט די שטימונגען און די טענדענצן פון די אַרבעטער פון מיין פאַך, אָדער זיך געפונען אויפן ראַנד פון כּלל.

מיין ענטפער איז געווען: יאָ און ניין.

יאָ — מחמת די אַרבעטער זענען געווען פּאָליטיש און סאָציאַל דעמאָראַליזירט, און די שול צום דאַוונען, וואָס מיינע פּאַכלייט האָבן זיך געשאַפן אין יאָר 1908, מיט די אַלע אַקסעסאָריעס פון אַ רעליגיעזער שול, איז אויך געווען אַ באַווייז פון דער דאָזיקער דעמאָראַליזאַציע. צו דער שול האָבן געהערט אַפילו נאָטאָרישע אונטער־וועלט־פאַרשוינען, פאַר וועמען דאָס אַרבעטן אין פאַך איז געווען נישט מער ווי אַ דעקונג פאַר דער פּאָליציי פון זייערע מיאוסע מעשׂים — ווי אַ פוליע מאָטש, איינער פון דער טרויעריק־באַרימטער מאָטש־משפּחה אין וואַרשע (וועגן דער ראָלע פון אַ שׂמחה מאָטש אין דער קאַמף. באַוועגונג און פון די שׂמחה קורניקס אין בונד וועט מיר נאָך אויסקומען צו דערציילן), זיינוועלע פּשידופּניק, מאירל גאָז און אַנדערע באַקאַנטע אַלפאָנסן און מעסער־העלדן, וועלכע זענען אין שול אויפגענומען געוואָרן מיט כּבוד און געקריגן שיינע עליות.

ניין — מחמת טראָץ די שווערע פּאָליציייִשע באַדינגונגען, האָבן די אַרבעטער פון מיין פאַך באַמיט זיך אויפצוהאַלטן אַ געוויסע קאָלעקטיווע פאַרבינדונג, וואָס האָט באַקומען זיין אויסדרוק דורך שאַפן פאַר זיך אַ שול צום דאַוונען, ווי אַן ערזאַץ פון אַ סאָציאַלער פאַראייניקונג. דאָס נישט אָנגענומען קיין באַלעבאַטים ווי מיטגלידער און זיי נישט לאָזן אַפילו דאַוונען אין דער שול, איז אויך געווען אַ געוויסער סימן פון קלאַסן־באַוווסטזיניקייט און פון קלאַסן־סאָלידאַריטעט.

און למען געשיכטלעכן אמת דאַרף פאַרצייכנט ווערן, אַז דער „יאָ", האָט אין זיך געהאַט מער עלעמענטן פון דער ווירקלעכקייט ווי דער „ניין".

די דעמאָראַליזאַציע צווישן די אַרבעטער אין די יאָרן פון 1908 ביז 1912 איז געווען זייער אַ גרויסע, און די שטימונגען און אויפפירונג פון די געזעלן אין ר' שמשון זילבערבערגס מעטאַל־טאָקער־וואַרשטאַט, אין דער צייט פון מיין לערנען די מלאכה פון מעטאַל־טאָקעריי, זענען געווען אַ באַדייטנדיקע אָפּשפּיגלונג פון די שטימונגען און טענדענצן פון די אַרבעטער אין פאַך.

ערשט די בלוטיקע געשעענישן אין די לענער גאָלדגרובן אין סיביר אין 1912 האָבן ווי מיט אַ כירורגיש מעסער געעפנט די מכּה פון דער סאָציאַלער און פּאָלי־טישער דעמאָראַליזאַציע פונעם אַרבעטער־קלאַס אויפן שטח פון דער דעמאָלטדיקער רוסישער אימפּעריע און אַריינגעבלאָזן אַ נייעם מוט און אַ נייעם קלאַסן־כּוח אין די רייען פונעם רוסלענדער פּראָלעטאַריאַט.

און במילא אויך צווישן די אַרבעטער פון מיין פּראָפעסיע.

# זיך אויסגעגליטשט

איך האָב זיך אויסגעגליטשט. כ׳האָב באַגנבעט מיין לערן־מייסטער ר׳ שמשון זילבערבערג אויף אַ סומע פון 36 רובל מיט 64 קאָפּיקעס און מיטן געלט בין איך אַנטלאָפן קיין פּאַריז.

דאָס איז געווען אַ באַוווסטזיניקער און קאַלטבלוטיקער קרימינעלער אַקט.

שוין ביים מאַכן די ערשטע טריט אויפן וועג צו אַנטלויפן פון וואַרשע מיט די געגנבעטע געלטער, האָב איך גוט געוווסט וואָס איך טו און פאַר וואָס איך טו דאָס, און זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון פון מעגלעכע רעזולטאַטן אויב מיין פּלאַן צו אַנטלויפן פון וואַרשע וועט זיך נישט איינגעבן.

כ׳האָב געוווסט, אַז איך באַגיי אַ צווייפאַכן פאַרברעך: דעם פאַרברעך פון אַ גנבה און דעם נאָך גרעסערן פאַרברעך, וואָס איך באַגנבע מיין לערן־מייסטער, ר׳ שמשון זילבערבערג, וועמען איך פאַרער מיטן גאַנצן האַרצן, און וועלכער האָט אין משך פון דער צייט, וואָס כ׳בין ביי אים געווען באַשעפטיקט ווי אַ לערן־יינגל, מיר אַזוי פיל גוטס געטאָן, געלערנט מיך די מלאכה פון מעטאַל־טאָקעריי בעסער, ווי צען אַנדערע צוזאַמען וואָלטן עס געטאָן, און מיך אַזוי פיין און מענטשלעך באַהאַנדלט.

און געוווסט האָב איך אויך פאַר וואָס איך באַגיי די נישט ווערדיקע טאַט: דער צוועק און דער ציל פון דער גנבה איז געווען צו פאָרן קיין פּאַריז, צו מיינער אַ שוועסטער.

פּאַריז! דאָס איז געווען אַ מאַגיש וואָרט, וואָס האָט אין מיין עלטערנס הויז געבלענדט מיט אַלערליי קאָלירן און אויסגעזונגען געוואָרן אין פאַרשיידענע אינטאָ־נאַציעס.

די מאַמע האָט דאָס וואָרט „פּאַריז״ אַרויסגעזאָגט מיט אַ ניגון פון דער תחינה. דער גאַנצער פרום־מאַמישער ווייטיק איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין דעם וואָרט „פּאַריז״. פּאַריז איז געווען איר גרויס אומגליק. דאָס ערשטע קינד, אַ מיידל, וואָס האָט פאַרלאָזן דער מאַמעס הויז און איז געפאָרן אין דעם — ווי מ׳האָט איר אינפאָר־מירט — אויסגעלאַסענעם פּאַריז, ווו זי וועט זיכער לעבן מיט אַ יונג „נאַ וויאַרע״.

די שוועסטער האָבן דאָס וואָרט „פּאַריז״ אויסגעזונגען מיט די לירישסטע טענער, ווי זיי וואָלטן אַריינגעלייגט זייערע טרוימען און האָפענונגען אין דעם דאָזיקן וואָרט, ווי דאָס וואָרט „פּאַריז״ וואָלט געווען זייער געליבטער און אויסלייזער פון די שווערע באַדינגונגען, מאַטעריעלע און מיידלשע, אין וועלכע זיי געפינען זיך. צוויי פון מיינע שוועסטער האָבן מיט יאָרן שפּעטער פאַרווירקלעכט זייער טרוים און אַוועק קיין פּאַריז — און זיי זענען דאָרט אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים.

פאַר מיר האָט דאָס וואָרט „פּאַריז״ געקלונגען מיט אַלע צויבער־מעלאָדיעס פון דער וועלט. די שטאָט פּאַריז איז אין מיינע אויגן געווען אַ פאַנטאַסטישער

מיראַזש, וואָס בלענדט און ציט צו זיך. אין מיין פאַנטאַזיע האָב איך זיך געזען אין פאַריז פטור פון אַלע אומאַנגענעמלעכקייטן, מ׳האָט וואָס מען וויל און מ׳טוט וואָס מען וויל. אַך, פאַריז, פאַריז! — האָט עס אין מיר געזונגען יעדעס מאָל ווען כ׳האָב דאָס וואָרט געהערט.

ווען כ׳האָב געהאַט אין מיין טאַש מיין לערן־מייסטערס געלט, האָט דאָס וואָרט פאַריז געהאַלטן אין איין עקבערן: איצט איז געקומען די צייט. קיין אַנדערע בעסערע געלעגנהייט וועט דיר אַזוי שנעל נישט אונטערקומען. היידאַ קיין פאַריז — האָט עס אין מיר געשריגן.

ס׳איז אַ גנבה, דו באַגנבעסט דיין לערן־מייסטער — האָב איך צו זיך גערעדט. אַוודאי ווייס איך וועגן דעם. טאַ, איז וואָס — האָב איך מיט זיך איינגעטענהט — דער מייסטער וועט נישט אָרעמער ווערן, פאַר וואָס זאָל איך פאַרלירן די געלעגנהייט און נישט פאָרן קיין פאַריז? — און די סקרופולן זענען פאַרשוווּנדן.

געוווּסט האָב איך אויך וואָס עס דראָט מיך אין פאַל אויב מיין פלאַן פון אַנטלויפן מיטן געגנבעטן געלט זאָל דורכפאַלן, און די קאָנסעקווענצן וואָס קענען קומען פון אַזאַ דורכפאַל, אַז עס דערוואַרט מיך תּפיסה. אין בעסטן פאַל, וועל איך מער נישט קענען אָנקומען צו קיין אַנדערן מעטאַל־טאָקער אויף דער לער.

אָבער קיין שום זאַך האָט מיך נישט געקענט אָפּהאַלטן צוצונעמען דאָס געלט און אַנטלויפן. כ׳בין דעטערמינירט געווען דורכצופירן מיין פלאַן — און פאַר יעדן פרייז זיך צו דערשלאָגן קיין פאַריז.

געשען איז די גנבה אַן ערך צוויי אָדער דריי וואָכן נאָך סוכּות פון יאָר 1910. אין אַ קילן און אַ זוניקן פרימאָרגן, אין איינעם פון די גינגאָלדענע האַרבסטיקע טעג, וואָס זענען אַזוי פּראַכטפול אויף דער ערד פון פוילן, אין אַ יומא־דפגרא, ווען די גרויסע פאַבריקן אַרבעטן נישט און די גרויסע געשעפטן פון הערזע, יאַבלקאָווסקי, ברון און ענלעכע זענען געשלאָסן; די טירן פון די יידישע געשעפטן אויפן גזשיבאָוו, גענשע, נאַלעווקעס זענען בלויז צוגעלענט, אָפן און נישט־אָפן; די קלענערע וואַר־שטאַטן אַרבעטן יאָ און אַרבעטן נישט, ס׳ווענדט זיך אין די פּאָליציייִשע פאַרהעל־טענישן פון געגעבענעם אָרט, און אין ר׳ שמשון זילבערבערגס טאָקער־וואַרשטאַט זענען אין דעם טאָג די געזעלן נישט אַריינגעקומען — אין אַ פרימאָרגן פון אַזאַ טאָג האָט מיין לערן־מייסטער מיך געהייסן צוגיין אין איינעם פון די אינזשענירן־ביוראָען און אָפּנעמען אַ חוב, צוגעבנדיק, אַז אויב די ביוראָ וועט זיין פאַרמאַכט און כ׳וועל דאָס געלט נישט קריגן, בין איך פריי און קען גיין אַהיים.

אין דער אינזשענירן־ביוראָ האָב איך דעם חוב געקריגן — אַ סומע פון 36 רובל מיט 64 קאָפּיקעס, אָבער אַנשטאָט צוריקצוגיין אין וואַרשטאַט, בין איך אַוועק אין דער ריכטונג פון די עלטערנס וווינונג.

די מאַמע האָט מיך אויפגענומען מיט מיסטריעזן און געפרעגט: „וואָס טוסטו מיצקע־דרינען אין שטוב״? כ׳האָב איר געגעבן אַ צופרידנשטעלנדיקן ענטפער,

וואָס האָט גלייכצייטיק באַרעכטיקט מיין איבערטאָן זיך אין די שבת־יום־טובדיקע קליידער.

אָנגעטאָן האָב איך די בעסטע קליידער, וואָס כ׳האָב פאַרמאָגט נאָך פון דער ציט פון מיינע פעטע פאַרדינסטן ביי מענדל לאַטאָוויטש, דאָס געלט גוט פאַרשטעקט, און כּדי נישט אַרויסצורופן קיין פאַרדאַכט, האָב איך מיט זיך גאָרנישט מיטגענומען, חוץ די בעסערע קליידער, וואָס כ׳האָב אין שטוב אָנגעטאָן.

פון שטוב בין איך מיט אַ טראַמוויי געפאָרן אויף פּלאַץ מוראַנאָווסקי און פון דאָרטן אַוועק צו פוס צום נאַדווישלאַנסקי וואָקזאַל. דער ערשטער צוג איז געגאַנגען אין דער ריכטונג פון דער שטאָט ראַדאָם. כ׳האָב געקויפט אַ בילעט קיין ראַדאָם און אָפּגעפאָרן מיט דער דאַזיקער באַן.

די פערטע קלאַס איז געווען אָנגעפּראַפּט מיט מענטשן, הויפּטזעכלעך מיט ייִדן און ייִדישע פרויען. ס׳האָט לאַנג געדויערט און די ייִדישע פּאַסאַזשירן האָבן מיך באַמערקט און זיך מיט מיר פאַראינטערעסירט. מיין טראַדיציאָנעלע קליידונג און דער לייטישער צושטאַנד פון די קליידער האָט אַרויסגערופן צוטרוי. אויף די פראַגעס, ווו פאָרט אַ ייִנגל אַליין און ווו איז מיין באַגאַזש? — האָב איך געענטפערט, אַז איך פאָר קיין אָסטראָווצע אין דער ישיבה, און אַז מיין פּעקל מיט זאַכן האָב איך פאַרלוירן אויפן וואָקזאַל אָדער מ׳האָט עס מיר צוגעגנבעט. ס׳לוינט אָבער נישט צו מאַכן דערפון קיין וועזן, ווייל ס׳איז געווען אַ קליין פּעקל, און ווען כ׳וועל אָנקומען אין דער ישיבה, וועלן מיך די עלטערן שוין באַזאָרגן מיט אַלעם נייטיקן.

די ייִדישע מיטפאָרערס האָבן מיך נישט געלאָזט פאַרהונגערן. מ׳האָט מיך צוגעזען מיט עסן און טרינקען. ווען די באַן איז אָנגעקומען קיין ראַדאָם האָבן עטלעכע ייִדישע פּאַסאַזשירן מיך מיטגענומען מיט זיך אין אַן אַכסניה צום שלאָפן.

די אַכסניה האָט זיך געפונען אויפן ראָג לובלינער־גאַס און איז באַשטאַנען פון עטלעכע גרויסע שמוציקע צימערן. אין יעדן צימער האָבן זיך געפונען אַ 10–12 בעטלעך. איך האָב באַצאָלט 25 קאָפּיקעס און איבערגעשלאָפן די נאַכט. אין די שפּעטערדיקע יאָרן, בשעת מיין טעטיקייט אין בונד און אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פוילן, בין איך אין דער דאָזיקער אַכסניה געווען אַן אָפטער גאַסט. זי איז שוין אָבער געווען אין אַ פיל בעסערן מצב און אַ סך ריינער, ווי דאָס ערשטע מאָל ווען איך האָב איר געקענט.

צו מאָרגנס אין דער פרי האָב איך געבאָרגט ביי איינעם פון די שלאָף־שכנים אַ פּאָר תּפילין און נאָכן אָפּדאַווענען געגעסן אין דער אַכסניה פרישטיק און שפּעטער אויך מיטאָג.

מיין ציל איז געווען די שטאָט קאַליש. קאַליש איז געווען אַ גרענעצשטאָט, דורך וואַנען ס׳איז געגאַנגען אַ שטראָם פון עמיגראַנטן. געוווּסט האָב איך, אַז אין קאַליש געפינט זיך מיינע אַ קרובה, פון טאַטנס צד, און אַז איר מאַן איז געווען אַ סופר. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז כ׳וועל צו מיין קרובה זיך קענען דערפרעגן.

אין פאַרלויף פון טאָג בין איך אין ראַדאָם געוווירר געוואָרן, אַז קיין קאַליש מוז מען פאָרן דורך לאָדזש און אַז דער צוג קיין לאָדזש גייט אָפּ ביי נאַכט.

מיטן ביינאַכטיקן צוג בין איך געפאָרן קיין סקאַרזשיסקאָ, וואָס איז אַלע מאָל געווען אַ באַנקנופּ, און שפּעט ביי נאַכט אָפּגעפאָרן מיט אַ צוג קיין לאָדזש.

קיין לאָדזש בין איך אָנגעקומען אַרום 7 אַ זייגער אין דער פרי. די באַן פון לאָדזש קיין קאַליש האָט געדאַרפט אָפּגיין ערשט שפּעט ביי נאַכט. איך בין אַריין אין אַ טייהויז און געגעסן פרישטיק — דער ערשטער פרישטיק אַן אומגעדאַוונטער; זינט מיין בר־מצווה האָב איך צום ערשטן מאָל פאַרפעלט צו לייגן תפילין.

אַ גאַנצן טאָג האָב איך זיך אַרומגעשלאַנדערט איבער דער שטאָט לאָדזש. די שטאָט איז מיר נישט איבעריק געפעלן. אַ וואַרשעווער איינוווינער, יונג צי אַלט, קען נאָך וואַרשע קיין אַנדער שטאָט אין פוילן ניט געפעלן. ערשט אין די יאָרן פון מיין טעטיקייט אין דער קאָמ. פּאַרטיי פון פוילן איז מיר לאָדזש בעסער געפעלן ווי וואַרשע. נישט די שטאָט, נאָר דאָס אַרבעטער־פאָלק פון לאָדזש, דאָס פּוילישע און דאָס יידישע. די לאָדזשער אַרבעטער האָבן פאַרמאָגט אַ סך מער פּאָליטישע און רעוואָלוציאָנערע רייפקייט ווי די וואַרשעווער, בעת די וואַרשעווער אַרבעטער זענען געווען פּאָליטיש עמאָציאָנעל און בונטאַריש. בולטער איז די בונטאַרישקייט און פּאָליטישע עמאָציאָנעלקייט געקומען צום אויסדרוק ביי דער שטודירנדיקער יוגנט און ביי דעם יידישן פּאַרטיי־אָפּטייל אין מוראַנאָווער ראַיאָן. אולטראַ־לינקע לאָזונגען, קאָנצעפּציעס און טעאָריעס, זענען אין וואַרשע שנעל אויפגעכאַפּט געוואָרן, און די קינדער־קראַנקייט פון קאָמוניזם האָט ביי די וואַרשעווער אַרבעטער, און ספּעציעל ביי די יידישע אַרבעטער און שטודירנדיקער יוגנט, געהאַט אַ פריי און ברייט פעלד צו אָפּערירן.

שפּעט ביי נאַכט בין איך אָפּגעפאָרן פון לאָדזש קיין קאַליש. די פּאַסאַזשירן אין דעם צוג זענען געווען שווייגנדיקע. אין די וואַגאָנען פון די באַנען, וואָס זענען געגאַנגען פון וואַרשע קיין ראַדאָם און פון ראַדאָם קיין לאָדזש איז דער זשום און געפּילדער געווען אַ גרויסער און באַקאַנטשאַפטן זענען שנעל געשלאָסן געוואָרן. דאַקעגן אין די וואַגאָנען פון פערטן קלאַס אין לאָדזשער—קאַלישער צוג האָט געהערשט אַ שטילקייט. דאָס איז אפשר דערפאַר, וואָס קאַליש איז געווען אַ גרענעצשטאָט און די באַן־פּאַסאַזשירן האָבן געהאַט סיבות מורא צו האָבן פאַר די זשאַנדאַרמען און געהיים־אַגענטן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אַ גרויסער צאָל אין די וואַגאָנען פון דעם דאָזיקן צוג, און פאַר די אָפטע רעוויזיעס אין די וואַגאָנען.

ביים פאַרלאָזן דעם וואַגאָן האָט מיך אַ יידישע פרוי אָנגענומען ביי אַ האַנט און צו מיר אַ זאָג געטאָן: „קום, יינגל, מיט מיר וועט דיר גאָרנישט געשען". ביים אַריינגאַנג אין וואָקזאַל האָט די פרוי געוויזן דעם זשאַנדאַרם עפּעס אַ צעטל, משמעות, אַז זי איז אַ קאַלישער איינוווינער, און מיר זענען דאַן אומגעשטערט אַדורך דעם וואָקזאַל.

אין איר וווינונג האָט מיך די פרוי מכבד געווען מיט אַ הייס גלאָז באַוואַרקע און אַ טאָכטער האָט מיך צונויפגעפירט מיט מיין קרובה.

די שטוב פון דער קרובה איז געווען אַן אָרעמע, אַן ענלעכע צו מיינע עלטערנס הויז. אין אַ צימער איז געשטאַנען אַ וועבשטול און אַ זון איז געשטאַנען און געאַרבעט. דריי טעכטער און נאָך אַ זון האָבן געאַרבעט אין דער באַרימטער קאַלישער שפּיצן־פאַבריק.

די קרובה האָט מיך אויסגעפרעגט וועגן דער סיבה און ציל פון מיין קומען קיין קאַליש און וועגן די פאַרהעלטענישן אין דער משפּחה. כ'האָב אָפּגעבאַקן אַ ליגן, אַז דער טאַטע איז געשטאָרבן און איך פאָר קיין פאַריז צו אַ שוועסטער, און אַז דאָס פּעקל מיט זאַכן האָט מען מיר אין לאָדזש צוגעגנבעט. צי די קרובה האָט מיר געגלויבט צי נישט — ווייס איך נישט. זי האָט לאַקאָניש געענטפערט: „גוט, מ'וועט שוין זען".

אין אָוונט האָב איך מיט דער פאַמיליע געגעסן אַן אָרעם מאָלצייט. אין דער פרי, געווען איז עס אין אַ פרייטיק, איז די קרובה מיט מיר אַוועק אין אַ קראָם פון קליידער, געקויפט מיר אַ מאַרינאַרקע, אַ היטל וואָס מען טראָגט אויף דער דייטשישער זייט, צוויי העמדער, צוויי שטייענדיקע גומענע קראַגנס, אַ פאַרהעמדל, אַ קראַוואַטל פאַר די שטייענדיקע קראַגנס און אַ קליינעם שטרויענעם קיישל. זי האָט געהייסן מיר גלייך אָנטאָן די מאַרינאַרקע מיטן היטל, איבערלאָזן מיין קאַפּאָטקעלע, און נאָך אַ לאַנגער דינגעניש געהייסן מיך באַצאָלן דעם קרעמער אַ רובל מיט צוואַנציק קאָפּיקעס. דאָס צווייטע מאָל אין מיין לעבן בין איך געגאַנגען אָנגעטאָן אין נישט־טראַדיציאָנעלער יידישער קליידונג. דאָס ערשטע מאָל איז עס, ווי שוין דערציילט, געווען אויף אַ ווילע — מיטצוגיין מיט מענדל לאַטאָוויטשן אין דער קונסט־גאַלעריע „זאַכענטאַ" אין וואַרשע. דאָס מאָל האָט מיין גוייִשע קליידונג שוין געדאַרפט זיין מיין שטענדיקע הלבשה.

נאָכן אָפּעסן מיטאָג האָט די קרובה פאַרפּאַקט די געקויפטע זאַכן אין קיישל און אַריינגעלייגט אויך אַ פּעקל עסן. איך האָב איר פאַרגעלייגט צו באַצאָלן פאַרן עסן, זי האָט זיך אָבער קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו נעמען באַצאָלט.

אויף איינער פון די קאַלישער גאַסן האָט געוואַרט אויף מיר אַ דאָרפיש יינגל. די קרובה האָט אים געגעבן דאָס קיישל און געהייסן כ'זאָל דעם יינגל געבן איצט דריי רובל און די אַנדערע דריי רובל — נאָכן אַריבערגיין די גרענעץ.

אויפן וועג האָט דאָס יינגל מיטגענומען נאָך עטלעכע מענטשן און אונדז געהייסן אים נאָכגיין פון דער ווייטנס. אין אַ דאָרף האָט אונדז איבערגענומען אַן עלטערער פּויער, אַריינגעלאָזט די געקומענע אין אַ שייער און דעם שייער פאַרשלאָסן. אין שייער האָב איך געטראָפן אַ גרעסערע גרופּע עמיגראַנטן, יידישע און פּוילישע. נאָך דעם זעלבן אָוונט האָבן מיר געדאַרפט אַריבערגיין די גרענעץ.

שפּעט אין אָוונט האָט מען אונדז געלאָזט וויסן, אַז דאָס דורכגיין די גרענעץ

וועט פאַרקומען צו מאָרגנס, שבת ביי נאַכט. אין פאַרלויף פון מעת־לעת זענען אָנגעקומען נאָך מענטשן, און שבת נאָך האַלבער נאַכט האָב איך מיט אַ גרופּע פון אַ דריי צענדליגג מענטשן זיך געלאָזט צו דער גרענעץ, קיין דייטשלאַנד.

דאָס שוואַרצן די גרענעץ צווישן קאַליש און סקאַלמעזשיצע איז פאַרגעקומען ווי געווינטלעך.

דער שמוגל־מאָטיוו, דאָס שוואַרצן גרענעצן פון מענטשן און קאָנטראַבאַנדע פון סחורות, האָט אַ פעסטע פּאָזיציע אין דער ליטעראַטור. אויך אין דער יידישער שפּראַך פעלן נישט קיין דערציילונגען און שילדערונגען וועגן יידישע און נישט־יידישע עמיגראַנטן און אַנטלאָפענע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע האָבן אין די טויזנטער געשוואַרצט די גרענעצן צווישן דער אַמאָליקער רוסישער אימפּעריע און די אַמאָ־ליקע דייטשלאַנד און עסטרייך.

די נאַכטמאַרשן ביים שוואַרצן די גרענעץ זענען געווען פאַרבונדן מיט טראַ־געדיעס, צרות, פאַרלוסטן, און נישט זעלטן — אויך מיט קאָמישע פּאַסירונגען.

דער שטאַף און דער נוסח פון די מערסטע דערציילונגען און שילדערונגען זענען אַזאַ: די שוואַרצערס האָבן געפאָדערט פאַרויס דאָס גאַנצע געלט פאַרן אַרי־בערגיין די גרענעץ; געלאָזן שטיין די מענטשן אין מיטן פעלד אָדער וואַלד און די שוואַרצערס זענען נעלם געוואָרן; די שוואַרצערס גופא, אָדער אַנדערע באַנדעס, האָבן באַרויבט די מענטשן אויפן וועג צו דער גרענעץ; די רוסישע גרענעצוואַך איז פּלוצעם אָנגעקומען, קיין שום פאַרהאַנדלונגען האָבן נישט געהאָלפן, און די גרופּע, אָדער אַ טייל, איז אַרעסטירט געוואָרן; קינדער זענען פאַרלוירן געגאַנגען; געפּעק האָט געפעלט; די לעצטע פּאַזע פון דער גרענעץ איז געווען אַ בריקל אָדער אַ וואַסער, וואָס מ׳האָט געמוזט שנעל דורכלויפן אד״גל.

אויך מיין שוואַרצן די גרענעץ האָט געהאַט אַן ענלעכן פאַרלויף. אַ טייל איז אַרעסטירט געוואָרן, איך מיט די איבעריקע פון מיין גרופּע, מיט וועלכער כ׳האָב געשוואַרצט די גרענעץ, זענען אָנגעקומען אויף דער דייטשישער זייט פּיטש־נאַס, אויסגעווייקט פונעם טייכל, וואָס מיר זענען דורכגעלאָפן.

אין דער קרעטשמע אויף דער דייטשישער זייט האָט אונדז אויפגענומען די אייגנטימערין און אַ גרויסער הונט.

די אייגנטימערין, אַ קאָרפּולענטע, זויבערע און נישט מיאוסע דייטשקע אין די מיטעלע יאָרן, האָט פונאַנדערגעטיילט די מענער, און די פרויען מיט די קליינע קינדער, אין צוויי באַזונדערע זאַלן, געגעבן יעדן אַ האַנטעך, אַ לאַנג העמד, אַ כאַלאַט און אַ פּאָר שטעקשיך, און געהייסן יעדן איינעם לייגן באַזונדער זיין פּעקל אָנטועכטס, ווי די יידן פּריטיק אין מקווה. די אָקערשט געקומענע האָט זי טראַקטירט מיט הייסער קאַווע און היימיש געבאַקענעם קוכן.

ביים קאָנסומירן די קאַווע מיט קוכן, האָט מען גריילעך געקענט זען די רעלי־גיעזע דיפערענציאַציע צווישן די יידן: גאָר פרומע, פרומע און נישט קיין פרומע.

איניקע האָבן נישט טועם געווען אַפילו די קאַווע, אַנדערע האָבן די קאַווע יאָ געטרונקען, אָבער נישט געגעסן דאָס געבעקס, און אַנדערע האָבן קאָנסומירט ביידע זאַכן, די קאַווע און דעם קוכן.

אין דעם צימער, ווו כ׳האָב געדאַרפט איבערנעכטיקן, זענען געשטאַנען זעקס בעטלעך און דאָס איבערצוג האָט געבלאַנקט פון ווייסקייט. אַזאַ שניי־ווייס געוועש האָב איך געזען צום ערשטן מאָל אין לעבן. אַפילו דעם זיידנס העמדער פון דער פּראַלניע האָבן אין מיינע אויגן אויסגעזען קויטיק אין פאַרגלייך מיט דער בלאַנקנדיקער ווייסקייט פון דעם בעטאיבערצוג. נישט ווילנדיק האָט זיך געמאַכט אַ פאַרגלייך מיט דעם שמוציקן בעטצייג אין דער אַכסניה אין ראַדאָם.

אין דער פרי האָט יעדער אויף זיין בענקל, וואָס איז געשטאַנען ביים בעט, געהאַט ליגן זיינע קליידער אָפּגערייניקטע און אויסגעפּרעסטע, ווי פון דער נאָדל אַפּער, און צוגעשפיליעט מיט אַ צעטל צו באַצאָלן צוויי מאַרק פאַרן רייניקן די קליידער.

אויף פרישטיק איז סערווירט געוואָרן ברויט מיט פּוטער און אַ טעלער מיט געפּרעגלטן אויפשניט: ווורשט, שינקע און אַנדערע פליש־דעליקאַטעסן און אויף דעם — צוויי שפּיגל־אייער. די שפּיגל־אייער זענען פאַר מיר, און וואַרשיינלעך נישט בלויז פאַר מיר, געווען אַ סענסאַציע. צום ערשטן מאָל האָב איך געזען אייער צוגעגרייט אויף אַזאַ אופן צום עסן.

אַ היפּשע ווילע בין איך געזעסן איבערן טעלער, מעדיטירט און אַן ווערטער צו זיך גערעדט: „אַ גנב ביסטו, אומגעדאַוונט האָסטו שוין געגעסן, קיין תּפילין לייגסטו מער נישט, און איצט גייסטו אויך ווערן אַן אוכל־טריפה, עסן בשׂר־קוויטש? צו וואָס ווערסטו נאָך דערגיין"?! די שפּיגל־אייער האָבן אָבער פאַרפירעריש געוווּנקען מיט די צוויי גרויסע געלע אויגן, פון טעלער האָט דער ריח גערייצט דעם גומען און דער יצר־הרע האָט זיך אַריינגעמישט און געטענהט: „נו, מילא, אין גיהנום ווערסטו דאָך שוין סיי ווי זיין, דעם טלית־קטן אַפילו האָסטו שוין אויך היינט אין דער פרי נישט אָנגעטאָן, וועט זיין נאָך אַן עבירה, איז רייב, שמעיה, די סעודה — און געגעסן דעם פרישטיק"!

דער ערשטער ביסן איז מיר געבליבן שטעקן אין האַלדז, דערשטיקט צו ווערן. דער ביסן האָט זיך סוף־כּל־סוף אַראָפּגעגליטשט אין גומען און די איבעריקע ביסנס זענען שוין געגאַנגען ווי געשמירט. איך האָב זיך באַלעקט פון הנאה, וואָס דער נייער גוייִשער מאכל האָט מיר פאַרשאַפט.

דער ערשטער פרימאָרגן אויף דער דייטשישער ערד איז געווען אַ שיינער און אַ זוניקער. נאָכן פרישטיק האָבן די מענטשן אין דער קרעטשמע אָנגעהויבן אויף אַ נאַטירלעכן אופן צו גרופּירן זיך אין באַזונדערע גרופּעס און יעדער גרופּע האָט געמאַכט פּלענער פון דער ווייטערדיקער רייזע.

אויך איך האָב זיך צוגעלאָנטשעט צו איינער פון די גרופּעס. מיין גרופּע האָט באַשלאָסן נאָך מיטאָג זיך צו לאָזן צו אַ ווייטערדיקער קלענערער באַנסטאַציע, נעמען דאָרט בילעטן קיין בערלין און אין בערלין זיך אָפּשטעלן. כּמעט אַלע פון מיין גרופּע זענען געווען באַגרענעצט אין געלטמיטלען. די מערסטע האָבן געוווּסט, אַז אין בערלין וועט דער יידישער הילפספאַראיין זיי באַזאָרגן מיט מיטלען צו קענען פאָרן ווייטער: ווער קיין פּאַריז, ווער קיין לאָנדאָן און ווער אין די אַמעריקעס.

די פּלענער זענען זיך ראַפּטעם צעפאַלן.

פאַר מיטאָג זענען אין דער קרעטשמע אָנגעקומען צוויי הויכע, פעטע דייטשישע זשאַנדאַרמען אויף ראָווערן, באַגלייט פון צוויי גרויסע הינט. זיי האָבן געזאָגט אַ הויכן „גוטמאָרגן", געמאַכט אַ גוטן שנאַפּס און געהייסן אַלע אַנוועזנדיקע מיטגיין מיט זיי צו דער באַנסטאַציע. אויף איין וואָגן איז אַרויפגעלייגט געוואָרן דאָס געפּעק, אויף אַ צווייטן וואָגן האָט מען אַרויפגעזעצט די קינדער מיט זייערע מוטערס און די איבעריקע זענען געגאַנגען צו פוס צו דער באַנסטאַציע סקאַלמעזשיצע.

אויפן וואָקזאַל זענען די פאַרנומענע אַריינגעפּאַקט געוואָרן אין אַן איינצל-צימער און עטלעכע שעה שפּעטער אָפּטראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין אָסטראָ אין דער קאַראַנטין-שטעלע.

די קאַראַנטין-שטעלע אין אָסטראָ, איינע פון די צענדלינגער אויף דער ברייט פון די דייטשיש-רוסישע גרענעצן, איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ הויכער מויער און אויסגעזען ווי אַ טורמע פאַר שווערע פאַרברעכערס. יעדער נישט-דייטש, וועל-כער איז פאַרהאַלטן געוואָרן אויפן גרענעצפּאַס ביז נאָך אָסטראָ, איז פאַרשפּאַרט געוואָרן אין דער דאָרטיקער קאַראַנטין-שטעלע.

דער שטח פון דער קאַראַנטין-שטעלע איז געווען אַ גרויסער און אויפן דאָזיקן שטח האָבן זיך געפונען אַ באַדייטנדיקע צאָל געמויערטע באַראַקן, וואָס זענען קלאַ-סיפיצירט געוואָרן אין ערשטע, צווייטע און דריטע קאַטעגאָריעס.

אין די באַראַקן פון דער ערשטער קאַטעגאָריע „די לוקסוריעזע", מיט איינצלנע בעטלעך ווי אין אַ שפּיטאָל, זענען לאָקירט געוואָרן די יעניקע, וואָס האָבן געהאַט שיפסקאַרטן צו פאָרן דורך דייטשישע פּאָרטן: האַמבורג, ברעמען אד"גל, און אַזעל-כע, וואָס האָבן געהאַט באַרעס געלט צו קויפן אין דער קאַראַנטין-שטעלע דייטשישע שיפסקאַרטן. זיי האָבן נישט לאַנג דאָרט געהויזט און אָפּגעשיקט געוואָרן צו זייערע פּאָרטן.

אינעם צווייטן קלאַס באַראַקן, מיט איינצלנע בעטלעך און אויך מיט דאָפּלטע, איינס איבערן אַנדערן, זענען איינקוואַרטירט געוואָרן אַזעלכע, וועלכע האָבן געהאַט שיפסקאַרטן אין נישט-דייטשישע פּאָרטן: ראָטערדאַם, אַנטווערפּן, ליווערפּול. זיי זענען שוין פאַרהאַלטן געוואָרן לענגער און אויף זיי איז געמאַכט געוואָרן אַ דרוק צו בייטן זייערע שיפסקאַרטן אויף דייטשישע. ווען דאָס האָט זיך נישט איינגעגעבן, זענען זיי סוף-כּל-סוף אָפּגעשיקט געוואָרן צו זייערע פּאָרטן.

אין דער דריטער קאַטעגאָריע באַראַקן זענען די בעטלעך באַשטאַנען פון צוויי און אַפילו פון דריישטאָקיקע און אין די באַראַקן זענען איינקוואַרטירט געוואָרן די יעניקע, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין שיפסקאַרטן, נאָר געהאָפט זיי צו קריגן און בעיקר אַזעלכע, וואָס דער ציל פון זייער רייזע איז געווען אייראָפּע.

חוץ די באַראַקן צום שלאָפן זענען אויך געווען באַראַקן מיט ביוראָען פאַר דער אַדמיניסטראַציע און פון די דייטשישע שיפס־קאָמפּאַניעס און אויך באַראַקן צו פאַרברענגען די טעג און אָוונטן. אין איין באַראַק האָט זיך געפונען אַ קאַנטינע, אין וועלכער מ׳האָט געקריגן קאַלטע און הייסע שפּייזן, נאַשוואַרג, ציגאַרעטן, שפּיל־צייג פאַר קינדער און אַנדערע נייטיקע זאַכן.

די קאַראַנטין־שטעלע האָט קיינער נישט געקאָנט פאַרלאָזן סיידן מיט אַ ספּע־ציעלער דערלויבעניש, אַ „פּאַסירשיין". פאַר אַלץ האָט מען אין דער קאַראַנטין־שטעלע געדאַרפט באַצאָלן אַ פיל העכערן פונעם נאָרמאַלן פרייז אין שטאָט. פאַרן שלאָפן האָט מען געדאַרפט יעדן טאָג באַצאָלן אַ געוויסע סומע (איך געדענק נישט געגוי וויפל. מיר דאַכט זיך 60 פעניג אַ טאָג), און ווען ס׳איז ביי וועמען אויסגעגאַנגען דאָס געלט, איז ער תּיכּף צוריקגעשיקט געוואָרן צו דער רוסישער גרענעץ און איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון דער רוסישער זשאַנדאַרמעריע.

די קאַראַנטין־שטעלעס זענען געווען אַן אָפענע און לעגאַליזירטע רויבעריי פון די דייטשישע שיפס־קאָמפּאַניעס מיט דער הילף פון דער דייטשישער רעגירונג. זיי האָבן געדינט צו צווינגען די עמיגראַנטן צו פאָרן נאָר דורך דייטשישע פּאָרטן, און די וואָס האָבן געוואָלט פאָרן אין די אייראָפּעיִשע לענדער האָבן געהאַט די ברירה אָדער צו קויפן אַ דייטשישע שיפסקאַרטע אין וועלכן ס׳איז לאַנד און דערנאָך פאָרן וווּ זיי ווילן, אָדער צוריקגעשיקט ווערן צו דער רוסישער גרענעץ.

קיין טראַגעדיעס האָבן אין דער קאַראַנטין־שטעלע אין אָסטראָ נישט געפעלט. צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן בין איך געווען אַן עדות פון מענטשלעכע טראַ־געדיעס, צרות און ליידן, קעגן וועלכע אַפילו די הונגער־ליידן פון מיין משפחה זענען געווען נישטיק קליין.

אין דער קאַראַנטין־שטעלע אין אָסטראָ האָב איך געקריגן די ערשטע אויגנ־שיינלעכע לעקציע פון רויבעריי, גזילה און ברוטאַלקייט.

אין אָסטראָ האָב איך פאַרבראַכט פונקט צוויי וואָכן.

שוין דעם צווייטן טאָג פון מיין פאַרשפּאַרט ווערן האָב איך געוווּסט, אַז מיין גורל איז צוריקגעשיקט צו ווערן קיין וואַרשע. כ׳בין דעריבער נישט געווען שפּאָרזאַם אין מיינע הוצאות. ווען די אַדמיניסטראַציע האָט זיך דערוווּסט, אַז כ׳בין שמאָל מיט געלט, האָט זי מיך צוריקגעשיקט צו דער רוסישער גרענעץ.

אין אַ זונטיק־פאַרנאַכט האָבן דייטשישע זשאַנדאַרמען צונויפגענומען אַ גרע־סערע גרופּע פאַרהאַלטענע, מיך צווישן זיי, און אונדז אָפּגעפירט קיין סקאַלמעזשיצע אין טורמע.

און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן מיין עקזאָדוס קיין וואַרשע.

אין דער טורמע אין סקאַלמעזשיצע, אין וועלכער די זשאַנדאַרמען האָבן מיך געבראַכט פון דער קאַראַנטין־שטעלע אין אָסטראָ, בין איך אָנגעקומען שוין נאָכן נאַכטאַפּעל און אַריינגעלאָזט געוואָרן אין אַן איינצל־קאַמער.

געהערשט האָט אין דער תּפיסה אַ טויטע שטילקייט. די טורמע און די איינצל־קאַמער האָט אין מיר אַרויסגערופן אַ מוראדיקן פּחד. איך האָב זיך געפילט פאַראיינזאַמט און הילפלאָז. דער איינגעשטילטער פון אַמאָל הונגער־פיבער האָט זיך ווידער צעשפּילט. אויפן אַראָפּגעלאָזטן בעטל בין איך געזעסן איינגעקאַרטשעט אין דרייען פון הונגער און פון פּחד, פאַרזונקען אין קאָשמאַרן און אין האַלוציניאַציעס. אין מוח האָט געבויערט אַ פראַגע: „וואָס וועט ווייטער זיין״? געבויערט און געעגבערט אָן אויפהער.

ווי לאַנג כ׳בין אַזוי געזעסן, האָב איך, נאַטירלעך, נישט געוווּסט. אַ האַסטיק עפענען פון דעם שווערן טירשלאָס האָט מיך וואַך געמאַכט. איך בין אויפגעפּאָדערט געוואָרן צו פאַרלאָזן די קאַמער. אין קאָרידאָר זענען שוין געווען פאַרזאַמלט אַ גרויסע צאָל פאַרהאַלטענע, און כמעט אַלע די, מיט וועלכע כ׳בין צוזאַמען געקומען פון דער קאַראַנטין־שטעלע.

אַרום 11 אַ זייגער אין אָוונט איז דער טראַנספּאָרט אָנגעקומען אויפן קאַלישער וואָקזאַל, און נאָכן דערליידיקן די פאָרמאַליטעטן — איבערגענומען געוואָרן דורך דער רוסישער זשאַנדאַרמעריע. עטוואָס שפּעטער זענען מיר אונטער אַ שטאַרקער וואַך אָפּגעשיקט געוואָרן אין דער קאַלישער טורמע.

אין דער קאַלישער תּפיסה בין איך דורכגעגאַנגען אַ גרינטלעכע פּערזענלעכע רעוויזיע און דערנאָך אַריינגעוואָרפן געוואָרן — פּשוט, אַריינגעוואָרפן געוואָרן — אין אַן איינצל־קאַמער, אין וועלכער ס׳האָבן זיך געפונען 8 מענטשן. מ׳קען זיך פאָרשטעלן די ענגשאַפט און די לופט אין דער קאַמער. פאַר מיר אָבער איז אין יענער שעה די ענגשאַפט אין קאַמער געווען פּשוט אַ גן־עדן, איך בין מער נישט געווען אַליין, כ׳בין געווען צווישן מענטשן.

אַרום 4 אַ זייגער פאַר טאָג איז אין דער קאַלישער טורמע געוואָרן אַ גערודער. טירן האָבן זיך געעפנט און פאַרקלאַפּט. אויך די טיר פון מיין קאַמער האָט זיך געעפנט און עטלעכע נעמען זענען אויסגערופן געוואָרן צו פאַרלאָזן די קאַמער. אויך איך בין געווען איינער פון די אַרויסגערופענע.

אויפן טורמע־הויף האָבן זיך פאַרזאַמלט עטלעכע הונדערט אַרעסטאַנטן. ס׳האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט ביז דער טראַנספּאָרט האָט פאַרלאָזט די טויערן פון דער קאַלישער תּפיסה און אָפּמאַרשירט דורך די גאַסן פון קאַליש צום וואָקזאַל.

בראָש פונעם מאַרש איז געגאַנגען אַ גרויסע גרופּע פאַרמישפּטע קאַטאָרזשניקעס אין זייערע כאַראַקטעריסטישע קליידער, די הענט און פיס געקאָוועטע אין שווערע קלינגענדיקע קייטן. נאָך די קאַטאָרזשניקעס האָבן מאַרשירט פאַרשיידענע גרופּעס

אַרעסטאַנטן, מענער און פרויען, אין אַרעסטאַנטן־קליידער און אין ציווילע קליידער, 8 אין אַ ריי און געקייטלטע איינער צום אַנדערן. און צום סוף — אַ גרופּע אין ציווילע קליידער אָבער נישט געקייטלט. איך האָב געהערט צו דער לעצטער גרופּע.

אויפן קאַלישער באַנהויף זענען די אַרעסטאַנטן אַריינגעפּאַקט געוואָרן אין ספּעציעל־צוגעגרייטע אַרעסטאַנטסקע וואַגאָנען. אַרום 10 אַ זייגער אין דער פרי האָב איך אין וואַגאָן באַקומען מיין אַרעסטאַנטסקע פּאַיאָק: אַ פּייקע שוואַרץ ברויט מיט צוויי קאָסטקעס צוקער. די וואָס האָבן געהאַט כּלים פאַר וואַסער האָבן אויך געקריגן הייסן קיפּיאַטאָק. דאָס איז געווען מיין ערשטער איבערבייס אין פאַרלויף פון אַ מעת־לעת.

אין וואַגאָן האָבן די מיטפאַרנדיקע נישט פאַרפעלט מיך צו גראַטולירן מיט מיין מזל: מענטשן וואַרטן אין דער קאַלישער טורמע וואָכן־לאַנג אויף אַ דירעקטן עטאַפּ קיין וואַרשע, און דו האָסט נישט באַוויזן אַנצווואַרעמען די צעלע און ביסט גלייך אָפּגעטראַנספּאָרטירט געוואָרן.

אין דער פּערעסילנער טורמע אין פּראַגע בין איך אָנגעקומען שפּעט ביי נאַכט. די קאַמער איז געווען אָנגעפּראָפּט מיט אַרעסטאַנטן, ווי הערינג אין אַ פעסל. מ'איז געקראָכן איבער לעבעדיקע גופים צו קריגן אַ שטיקל פּלאַץ צום שטיין, און נאָר איינצלנע גליקלעכע האָבן זיך דערשלאָגן אַ שטיקל אָרט אויף דער ערד צום זיצן. איך האָב זיך אַריינגעקוועטשט צווישן איינעמס פיס און אָפּגעדרימלט אַ פּאָר שעה.

אין דער פרי האָב איך נישט געקריגן קיין פרישטיק. כ'בין נישט געווען, האָט מען מיר דערקלערט, פאַרשריבן אויף דער ליסטע צו קריגן פרישטיק.

אַרום 9 אַ זייגער אין דער פרי בין איך אין דער באַגלייטונג פון אַ פּאָליציאַנט אָפּגעשיקט געוואָרן אין דעם 6טן פּאָליציי־אוטשאַסטאָק אויף דער מיעדזשאַנע־גאַס.

אויך אין דעם פאַל האָט מיר צוגעשפּילט דאָס מזל. איך בין נישט אָפּגעשיקט געוואָרן פון דער פּערעסילנער טורמע צו דער קרימינאַל־פּאָליציי, נאָר גלייך אין דעם פּאָליציי־רעוויר, אין וועלכן מיינע עלטערן האָבן געוווינט.

פּאָר מיטאָג בין איך אַרויסגעלאָזט געוואָרן פון קאַמער, אין וועלכן כ'האָב זיך געפונען אין דעם פּאָליציי־רעוויר, און דערזען מיין מאַמע מיט מיין עלטסטע שוועסטער חנה. זיי האָבן באַשטעטיקט, אַז איך בין איך, מיט אַ „סיסטשיק״ (אַ געהיים־אַגענט) האָבן זיי אין דער שטיל עפּעס פאַרהאַנדלט, אַריינגעשטופּט אים אַ פּאַפּירל אין דער לאַפּע, אונטערגעשריבן זיך אויף אַ פּראָטאָקאָל — און איך בין באַפרייט געוואָרן.

מיין גיין מיטן עטאַפּ פון דער קאַראַנטין־שטעלע אין אָסטראָ, דייטשלאַנד, דורך דער דייטשישער טורמע אין סקאַלמעזשיצע, קאַלישער תּפיסה, פּערעסילנע אין וואַרשע—פּראַגע, ביז צו מיין פּאָליציי־רעוויר, האָט געדויערט נישט מער ווי צוויי טעג.

דער עטאַפּ־עקזאָדוס איז געווען געענדיקט, געענדיקט אויפן מזלדיקסטן אופן,

אויף אַן אופן, וואָס האָט אַן אַרעסטאַנט אין אַמאָליקן רוסלאַנד געקענט טרעפן איין מאָל אין אַ שמיטה.

איך בין ווידער געווען פריי.

אָבער אין מיין מוח האָט די פראַגע „וואָס וועט ווייטער זיין", נישט אויפגעהערט צו בויערן און צו ענטפערן.

נאָך מיין באַפרייונג פון פּאָליציי־צירקל, אויפן וועג אַהיים, זענען מיר — די מאַמע, די עלטסטע שוועסטער און איך — געגאַנגען שווייגנדיק. יעדער מיט זיינע רעיונות און מחשבות.

געטראַכט האָב איך, אַז איצט הייבט זיך ערשט אָן די אמתע חתונה. דער טאַטע מיט די שוועסטער וועלן טרייבערן די אָדערן מיט טענות, פראַגעס און שאלות: „פאַר וואָס האָסטו עס געטאָן? ווו איז דאָס געלט? ווו ביסטו געווען"? אויך ר' שמשון זילבערבערג וועט ערשט איצט זיך רעכט נעמען צו מיר. איך בין געגאַנגען מיד און שלאָבערדיק און נאָכגעגאַנגען דער מאַמען און דער שוועסטער ווי צו דער עקדה.

די מאַמע איז געגאַנגען און טרערן האָבן זיך געגאָסן פון אירע אויגן, זי האָט זיך נישט באַמיט אָפּילו זיי אָפּצווווישן פון פּנים. ווען מיר האָבן זיך, אויפן ראָג פּאַנסקע און זשעלאַזנע, פאַרנומען אויף לינקס, האָט די מאַמע ראַפּטעם זיך אַ דריי אויס געטאָן צו מיר און מיך באַטראַכט פון אויבן ביז אַראָפּ. דער אויסדרוק פון אירע גרין־גרויע אויגן האָט זיך סעקונדעוויז געביטן פון אַ מאַמיש־וויכן אויף אַ טיגער־ריש־פאַרצוקנדיקן, און פון איר מויל זענען אַרויסגעקומען ווערטער געווייקטע אין טרערן, ווייטיק און גאַל: „געלויבט דער אייבערשטער, מיין קדיש איז צוריקגעקומען לעבעדיק און גאַנץ". זי האָט האַסטיק זיך אָפּגעקערט פון מיר און מיט שנעל־לויפנדיקע טריט געלאָזט זיך צו דער וווינונג.

ווען כ'האָב אין שטוב אַראָפּגענומען פון זיך דעם מאַנטל און געבליבן שטיין אין דער אין קאָליש געקויפטער מאַרינאַרקע און היטל, האָט די מאַמע היסטעריש אַ געשריי געטאָן: „שוין זאָלסטו אויסטאָן דעם גויעץ"! זי איז צוגעשפּרונגען צו מיר, האָט מיט כּעס אַראָפּגעריסן דאָס היטל פון קאָפּ און גענומען אַראָפּשלעפּן פון מיר די מאַרינאַרקע. זי האָט אַ נעם געטאָן די צוויי שטיקלעך קליידער מיט צוויי פינגער־שפּיצן פון אירע הענט, ווי מ'האַלט אַ טמאדיקן געפגרטן שרץ, מיט צאָרן אַריינגעוואָרפן די זאַכן אין מיסטקעסטל און מיט אימפּעט אויפגעפּראַלט די טיר. ווי אַ וויכער איז זי אַראָפּגעלאָפן די צוויי שטאָק שטיגן און האָט אַריינגעוואָרפן די מאַרינאַרקע מיטן היטל, צוזאַמען מיטן מיסטקעסטל, אין ברייטן לאָך פונעם גרויסן מיסטקאַסטן פון הויף. אַרויפקומענדיק אין שטוב, האָט זי געוואַשן די הענט, ווי ייִדישע אבלים נאָך זייער אַהיימקומען פון אַ לוויה.

ווען די מאַמע האָט זיך אַ ביסל באַרויִקט, איז זי ווידער אַריין אין איר ראָלע

פון אַן אָנפירעריין פון דער פאַמיליע. זי האָט באַפוילן כ׳זאָל זיך אַרומוואַשן. דער שוועסטער האָט זי געהייסן אַרויסנעמען פון דער קליידערשאַנק אַ קאַפּאָטע מיט אַ היטל און געבן מיר אָנצוטאָן. פון ספרים־שענקל האָט זי אַרויסגענומען די תפילין מיט אַ סידור צום דאַווענען. זי האָט נישט פאַרפעלט צו באַמערקן מיינע מאַניפּולאַציעס ביים כלומרשטן קושן די ציצית בשעתן דאַווענען, פאַרשטאַנען, אַז כ׳גיי אָן אַ טלית־קטן, אָבער זיך נישט געמאַכט וויסן. זי האָט אַוועקגעשטעלט אויפן קיכטיש עסן: צוויי שטיקלעך ברויט מיט פּאַווידלע און אַ טעפּל ציקאָריע און געהייסן זיך וואַשן, זאָגן „שׂאו־ידיכם״ און אָפּעסן.

ווי הונגעריק איך בין געווען, נישט געהאַט קיין ביסן אין מיין מויל איבער אַ מעת־לעת — די אַרעסטאַנטסקע פּייקע ברויט האָב איך מיט אַ טאָג פריִער אויפגעגעסן מיט איין קנאַק — איז מיר דאָס עסן נישט געקראָכן אין האַלדז. דער האַלדז איז געווען פאַרקלעמט מיט אַ ספּאַזמאַטישן קורטש. מיט מי האָב איך אויפגעגעסן אַ פּענעץ ברויט און אויסגעטרונקען די ציקאָריע.

נאָכן עסן האָט די מאַמע פאַרפּאַקט אין אַ פּאַפּיר ריינע וועש, אַ ריינעם טלית־קטן און אַ פּאָר הויזן, געגעבן מיר אַ קופּערנעם זעקסער, באַפוילן נעמען דאָס פּעקל זאַכן און גיין אין שוויצבאָד אויף כמיעלנע־גאַס. זי האָט מיר אָנגעזאָגט נישט אָנצוטאָן גאָרנישט פון די זאַכן וואָס כ׳האָב אויף זיך, אַלץ צוריק פאַרפּאַקן אין פּאַפּיר און אַהיימברענגען אויסצוּוואַשן.

נאָך דער שוויצבאָד, אויפן וועג אַהיים, האָב איך געפונען אין די טאַשן עטלעכע קאָפּיקעס, אַריין צו אַ גרעק, געקויפט אַ טונקל ראַזשינקע־ברייטל מיט אַ פלאַש מילך און גיריק דאָס אויפגעגעסן.

נאָכן אַהיימקומען פון באָד האָט די מאַמע מיך ווידער געהייסן זיך וואַשן צום עסן און דערלאַנגט אַ טעלער גריץ מיט ברויט. דער קראַמף האָט ווידער פאַרפּרעסט מיין האַלדז און קוים מיט צרות האָב איך אַראָפּגעשלונגען עטלעכע לעפל גריץ. די מאַמע האָט פאַרשטאַנען מיין געמיט־צושטאַנד, באַפוילן אָפּצודאַוונען מנחה, אויסטאָן די אייבערשטע קליידער און די שיך און זיך צולייגן אויף איינעם פון די קיכבעטלעך, אין וועלכע די שוועסטער שלאָפן ביי נאַכט.

געשלאָפן בין איך אַ לאַנגן און אַ געשמאַקן שלאָף. ווען כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט, אָדער מ׳האָט מיך אויפגעוועקט, איז שוין געווען שפּעט ביי נאַכט. דער טאַטע און די שוועסטער זענען געווען אין שטוב און געזעסן אַרום טיש.

די ערשטע רעאַקציע פון מיינע שטובמענטשן לגבי מיר איז געווען אַ שווייגן. דער טאַטע האָט צו זיך אַ מורמל געטאָן: „האַ, דער תכשיט איז שוין דאָ צוריק״. די שוועסטער האָבן אויף מיר געקוקט מיט שפּיציקע און שפּיזיקע אויגן און פאַרשנורעוועט די ליפּעלעך. די מאַמע האָט איבערגעריסן די שטילקייט און געהייסן מיך גיין שלאָפן אויף מיין שטענדיקן געלעגער: אויף אַן אַוועקגעלייגטן שעניק אויף דער פּאָדלאָגע.

צו מאָרגנס אין דער פרי, נאָכן אָפּדאַוונען און אויפעסן דעם פרישטיק, וואָס די מאַמע האָט מיר דערלאַנגט, האָב איך זיך געלאָזט אין גאַס אַריין. פאַרן פאַרלאָזן די שטוב, האָט די מאַמע נישט פאַרפעלט מיר אָנצוזאָגן, כ׳זאָל קומען פרי אַהיים און נישט אָפּטאָן קיין נאַרישקייטן.

מוטלאָז און אָן ענערגיע בין איך געגאַנגען איבער די מיר באַקאַנטע און באַלעבטע גאַסן טוואַרדע און גזשיבאָוו, אַריבער אויף מאַרשאַלקאָווסקע, אָפּגעשטעלט זיך ביי דער גרויסער און פאַרפּוצטער וויסטאַווע פון פּרוזשינסקיס שאָקאָלאַדגעשעפט, געשטאַנען און געקוקט אויף די גוטע זאַכן, אויסגעלייגטע אין דער וויסטאַווע, און געטראַכט וועגן דער נישט לאַנגער פאַרגאַנגענהייט, ווען כ׳האָב געהאַט פולע טאַשן מיט געלט, וואָס כ׳האָב פאַרדינט ביי מענדל לאַטאָוויטש און געפּונדעוועט מיינע חברימלעך פּרוזשינסקיס אַקרוכעס. געטראַכט האָב איך אויך וועגן מיין קעגנוואָרטיקער לאַגע: אָן אַ גראָשן, פאַראַכט פון די שטובמענטשן און אָן אויסזיכט. כ׳בין ווייטער געגאַנגען איבער דער רייכער און פאַרפּוצטער מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס, אָבער זייער ווייניק זיך אינטערעסירט מיט דעם, וואָס ס׳קומט פאַר אַרום מיר.

אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס, לעבן דעם ווינער וואָקזאַל, איז מיר אַנטקעגנגעקומען אַ פרוי באַלאָדן מיט פּעקלעך. זי האָט מיך אָפּגעשטעלט און געפרעגט אויף פּויליש צי כ׳וויל איר העלפן. כ׳האָב איר געענטפערט מיט אַ שאָקל פונעם קאָפּ אויף „יאָ״, גענומען פון איר צוויי שווערע פּעקלעך און מיט איר געגאַנגען צו איר וווינונג נישט ווייט פון וואָקזאַל.

די פרוי האָט מיך באַלוינט מיט 5 קאָפּיקעס און צוגעגעבן אַ גרויס שטיק פלאָדן. דעם פלאָדן האָב איך גלייך אויף די שטיגן אויפגעגעסן און די אָקערשט־פאַרדינטע 5 קאָפּיקעס האָבן אין מיר אַרויסגערופן אַן אמתע איבערקערעניש. איך האָב צו זיך אַ זאָג געטאָן: „הייסט עס, אַז איך בין נאָך נישט קיין פאַרפאַלענער. ביז וואָס־ווען קען איך דאָך יעדן טאָג כאַפּן אַ פּאָר גראָשן״. מיינע חושים און אֵברים, וואָס זענען געווען פריִער ווי פאַרשטאַרט, האָבן אָנגעהויבן אויפצוהייטערן און אַ פרישער שטראָם פון מוט און ענערגיע האָט אָנגעהויבן פליסן אין מיינע אָדערן.

איך בין צוריק אַוועק נאָענט צום וואָקזאַל, און אַז כ׳האָב וועמען געזען טראָגן אַ גרעסערע צאָל פּעקלעך, האָב איך זיך אָנגעבאָטן צו העלפן. נישט גרינג איז מיר דאָס דאָזיקע „נייע פאַך״ אָנגעקומען, דאָך איז מיר אין פאַרלויף פון עטלעכע שעה געלונגען צו כאַפּן עטלעכע פּוקסן און ביז אַרום דריי אַ זייגער נאָך מיטאָג האָב איך פאַרדינט עטלעכע און דרייסיק קאָפּיקעס.

טויט־הונגעריק אָבער מוטיק בין איך אַוועק אין אולריכס באַזאַר, ראָג גזשיבאָוו און באַגנע, אַריין אין דער ביליקער גאָרקיך און פאַר 6 קאָפּיקעס געקריגן אַ טיף שיסעלע קרופּניק, אַ פערטל פון אַ צוויי פונטיק ברויט און אַ טעלער געדעמפּטע לונג־און־לעבער. כ׳האָב געקויפט אַ טאָגצייטונג, אַריין אין דעם נאָך פון פריִער

מיר באַקאַנטן אַהרן סאַרדינערס בית־מדרש אויף טוואַרדע נומער 4, וואָס איז אָפן טאָג און נאַכט. גענומען פון דער ספרים־שאַנק אַ גמרא, פאַררוקט זיך אין אַ ווינקל, אין דער גמרא אַריינגעלייגט די טאָגצייטונג און געשמאַק זי געלייענט אין דער וואַרעמקייט פון בית־מדרש.

אויף צו מאָרגנס האָט זיך איבערגעחזרט דאָס גיין פאַרדינען ביים טראָגן פעקלעך ביים ווינער וואָקזאַל. דעם אַנדערן טאָג האָב איך פאַרדינט מיט עטלעכע קאָפּיקעס מער. אין אָוונט האָב איך דערציילט דער מאַמען וועגן מיין אויפטו און אַוועקגעלייגט אויפן טיש 20 קאָפּיקעס.

די מאַמע האָט מיך געטנוי אויסגעפרעגט, ווי אַזוי כ׳מאַך מיין פאַרדינסט און ווי שווער ס׳איז די דאָזיקע אַרבעט, צוגענומען דאָס געלט און צו מיר אַ זאָג געטאָן: „קיין שלעכטן כאַראַקטער האָסטו נישט, אָבער קיין בייז בלוט פעלט דיר אויך נישט. אַ סמאַלוך ביסטו, אַ גנב ביסטו שוין אויך געווען, און איצט ביסטו געוואָרן אַ גאַסן־טרעגער. שיין נחת דערלעבט פון מיין אויסגעוויינטן זון״ — און אָפּגעווישט אַ טרער.

דער דריטער טאָג, פרייטיק, איז געווען זייער מזלדיק. ביז אַרום 2 אַ זייגער האָב איך געמאַכט איבער 60 קאָפּיקעס. די ביליקע גאַרקיך אין אולריכס באַזאַר איז פרייטיק איינס אַ זייגער געוואָרן פאַרמאַכט. בין איך אין מיין יידישן הולך אַריין אין דעם באַר „פּורשעט״, וואָס האָט זיך מיט אַ קורצער צייט צוריק געעפנט אויף דער סאַמעראַדנער פרינציפּאַלנער מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס און איז געווען אָפן כמעט 24 שעה אין מעת־לעת, און וועמענס ספּעציאַליטעטן ס׳זענען געווען יידישע מאכלים: געפילטע פיש, געקאַכטע קאַרפּן, יידישע וווּרשטלעך, געהאַקטע לעבער, געפּרוּוירענע פּיס און ענלעכע מאַכלים, און איז שטענדיק געווען פול, מערסטנס מיט פּוילישע קאָנסומענטן, וועלכע האָבן זיך באַלעקט און דעלעקטירט מיט די „ריבּי פּאָ זשידאָווסקו״, מיט די „זשידאָווסקע סערדעלקי״ און מיט די אַנדערע יידישע דעליקאַטעסן — און ביים בופעט האָב איך אויפגעגעסן אַ גרויסע פּאָרציע געפילטע פיש און אַן אָרנטלעכע פּאָרציע חלה, וואָס איז גראַטיס צוגעגעבן געוואָרן צו די פיש.

אויפן וועג אַהיים האָב איך געקויפט די צוויי יידישע טאָגצייטונגען וואָס זענען דעמאָלט אַרויס אין וואַרשע: „היינט״ און „דאָס נייע לעבן״. (אַזוי, דוכט זיך מיר, האָט געהייסן די צייטונג, וואָס איז רעדאַגירט געוואָרן פון מ. ספּעקטאָר).

אַהיים בין איך געגאַנגען אַ האָפּערדיקער. מיין פּסיכישער גלייכגעוויכט איז געווען צוריקגעשטעלט. מיין מוח האָט געאַרבעט קלאָרער און כ׳האָב באַשלאָסן, אַז מער וועל איך זיך נישט אַרומשלעפּן אין גאַס און פאַרנעמען מיט פּעקלעך־טרעגערייַ. דאָס איז נישט קיין תּכלית. כ׳האָב באַשלאָסן זונטיק גיין זוכן אַן אַנדער אָרט צו פאַרענדיקן מיין לער פון אַ מעטאַל־טאָקער.

כ׳האָב געהאַט אַפילו אַ פּלאַן: אַוועקצוגיין צום לאַנגן בער, וועלכער האָט ערשט נישט לאַנג געעפנט אַ פאַבריק אין מאָקאָטאָוו, אַ שטיק וועג הינטער וואַרשע, ווו ר׳ שמשון זילבערבערג און זיינע געזעלן וועלן מיך נישט קענען באַגעגענען. כ׳וועל

פאַרלייקענען, אַז כ'האָב ביז איצט געאַרבעט ביי ר' שמשון זילבערבערג, נאָר ביי מענדל לאַטעק, און כ'האָב געגלויבט, אַז דער פּלאַן וועט זיך מיר איינגעבן.

אין שטוב איז די שטימונג ווייטער געווען אַ שווערע. די באַציִונג פון טאַטן און פון די שוועסטער צו מיר איז געווען אַן אָפן פיינטלעכע. אין די דריי טעג האָט קיינער פון זיי נישט אַרויסגערעדט צו מיר קיין איין איינציק וואָרט.

די פרייטיק־צו־נאַכטס־סעודה איז דורכגעגאַנגען אין אַ נישט־שבתדיקער שטימונג. דאָס אָנגעכמורעטע פּנים פון טאַטן און די שפּיזיקע אויגן פון די שוועסטער האָבן צעווייטיקט מיין יעדן אֵבר. די טעמפּעראַטור פון מיין האָפערדיקייט איז כּסדר געזונקען. איך האָב די באַציִונג צו מיר שטאַרק איבערגעלעבט. ס'איז מיר געוואָרן איבלדיק אונטערן האַרצן. כ'בין אַוועק פון טיש און אין קיך־זלעוו געבראָכן מיט דער גרינער גאַל.

חוץ דער מאַמען איז מיר קיינער פון די שטובמענטשן נישט געקומען צו הילף. די מאַמע האָט געטאָן, וואָס זי האָט געקענט, מיר צו העלפן, און גלייכצייטיק מאָנאָלאָגירט: „דאָס טאַטעלע, דער קאַלטער גזלן... זיין שווייגן האָט אים דערהרגעט. די שוועסטערלעך, די טייערע שוועסטערלעך, האָבן אים מיט זייערע אויגן דורכגעשטאָכן זיין האַרץ און זיינע קישקעס. דער יונג זאָל נאָר חלילה נישט קראַנק ווערן. דאָס פעלט מיר נאָך איצט" — און זי איז געזעסן אין קיך ביז ס'איז מיר בעסער געוואָרן, שפּעטער אַריין אין דער גרויסער שטוב, וואָס האָט גלייכצייטיק געדינט פאַר אַ שלאָפצימער און עסצימער, און צעווערטלט זיך מיטן טאַטן און מיט די שוועסטער.

איך האָב זיך צום טיש מער נישט אומגעקערט. געזעסן אין קיך ביז צום שלאָפן גיין און שווייגנדיק זיך געלייגט אויף מיין אויסגעבעטן געלעגער אויף דער פּאָדלאָגע.

די גאָרקיך אין אולריכס באַזאַר, וואָס כ'האָב אויבן דערמאָנט, האָט זיך פאַרדינט מ'זאָל וועגן איר עפּעס דערציילן.

געפונען האָט זיך די גאָרקיך אין אולריכס באַזאַר אויפן ראָג גזשיבאָוו און באַגנע. גערופן האָט מען דעם דאָזיקן פּלאַץ מיט די נעמען: „פאַלקסקיך" און „ביליקע קיך". דער עסזאַל איז געווען איינפאַך מעבלירט: לאַנגע און ברייטע, נאַקעטע און שווערע, הילצערנע טישן, אַרומגעשטעלט פון ביידע זייטן מיט לאַנגע מאַסיווע בענק. באַדינט האָט דער זאַל עטלעכע הונדערט קאָנסומענטן אויף אַ מאָל. די כּלים און דאָס געשיר זענען געווען בלעכענע, בלויז די טעלער פאַר פליישׁ און די טייטעפּלעך זענען געווען עמאַלירטע.

ביים אַריינגאַנג האָט מען געדאַרפט קויפן די געהעריקע צאָל קופּאָנען און מיט די קופּאָנען און מיט די דערהאַלטענע כּלים האָט מען געדאַרפט צוגיין צו איינעם פון די פענצטערלעך, אַן ערך 10 אין צאָל, און אַליין מיטנעמען די כּלים מיט די באַקומענע מאַכלים.

ביי די פענצטערלעך האָט מען געקענט זען די ריזיקע קיך, אין וועלכער ס׳זענען געווען באַשעפטיקט אַ צוויי צענדלינג מענטשן, און די ריזיקע סאַגאַנעס, אין וועלכע ס׳האָבן זיך געקאָכט די עסנס.

פיר סאָרטן זופּן זענען אין דער דאָזיקער גאַרקיך געקאָכט געוואָרן: אַ קרופּניק פון גרויפּן און בעבלעך, אַ „גראַכוווקע״, אַ זופּ פון אַרבעס, באָבעלעך מיט קליסקע־לעך געריישטע, און אַ קאַפּושניאַק, אַ קרויטבאָרשט. אויך צוויי סאָרטן פלייש: געדעמפּטע לונג־און־לעבער און געדעמפּטע פליישקנוילן, געראָפּן קלאָפּסלעך.

אַ שיסעלע זופּ, צו וועלכער ס׳איז תמיד צוגעגאַנגען אַ פערטל פון אַ צווייפונטיק געבייטלט ברויט, האָט געקאָסט 3 קאָפּיקעס — אַ זעקסער. 3 קאָפּיקעס האָט אויך געקאָסט אַ פּאָרציע פלייש. צו די לונגלעך איז צוגעגעבן געוואָרן אַ קאָכלעפל שוואַר־צע קאַשע, און צו די קלאָפּסלעך אַזאַ לעפל געטריקנטע פּאַרפל מיט זויז. מ׳האָט אויך געקענט קריגן אַ טעפּל טיי מיט צוויי קאָסטקעס צוקער פאַר אַ קאָפּיקע.

די דאָזיקע קיך איז נישט געווען קיין עספּלאַץ פאַר פּראָפעסיאָנעלע שנאָרערס אָדער פאַר אָרעמע, וואָס קריגן אומזיסטע מיטאָגן. אין דער גאַרקיך האָט קיינער גאָרנישט געקריגן אומזיסט. די פּרייזן זענען געווען אייזערנע און אַפילו איין גראָשן האָט נישט געקענט פעלן צום פּרייז.

די קאָנסומענטן זענען געווען מענטשן הארעפּאַשניקעס: טרעגערס, קליינ־הענדלערס, קנאָפּ־באַצאָלטע אָנגעשטעלטע און אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך נישט געקענט פאַרגינען צו עסן אין רעסטאָראַנען אָדער אין אַנדערע עספּלעצער און סתם מענטשן, וואָס האָבן נישט פאַרמאָגט אָדער צייטווייליק נישט פאַרמאָגט גענוג געלט און געוואָלט פאַר אַ ביליקן פּרייז אָפּעסן צו דער זעט אַ גאַנץ געשמאַקן מיטאָג.

אַזעלכע קיכן זענען פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען אויך אין אַנדערע ערטער: אין יאַנושעס באַזאַר אויף קראַכמאַלנע, אין אַזשעכס באַזאַר אויף שוויענטע־יערסקע, אין באַזאַר אויף פּראַגע. אָבער זיי האָבן זיך נישט געקענט פאַרגלייכן מיט דער גאַרקיך אין אולריכס באַזאַר: נישט אין דער צאָל קאָנסומענטן, נישט אין דער ביליקייט פון פּרייז, און נישט אין דער געשמאַקפולקייט פון עסן.

צי די קיך אין אולריכס באַזאַר איז געווען אַ געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע אָדער אַ פּריוואַטע אונטערנעמונג — איז מיר אומבאַקאַנט. געהערט האָב איך, אַז די קיך איז געשאַפן געוואָרן דורכן אייגנטימער פון אולריכס באַזאַר און איז אויך פון אים אויסגעהאַלטן געוואָרן. אָבער צי דאָס איז טאַקע אַזוי געווען, וואָלט איך נישט קאָווירט.

צו יענער צייט, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט אין וואַרשע עקזיסטירט אויך אַן אַנדער קיך־אינסטיטוציע — דער „קעסל״.

אויף אַ וואָגן, געשפּאַנט אין אַ פערד, איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ קעסל מיט עסן. אַזעלכע וואָגנס מיט קעסלען עסן זענען אַרומגעפאָרן אין די אָרעמע קוואַרטאַלן און געטיילט גרויסע פּאָרציעס מיט געקאָכטע עסן פאַר אַ מינימאַלן פּרייז, און אויך

אַן געלט פאַר די, וואָס האָבן געהאַט קופּאָנגען פון געוויסע צדקה־געזעלשאַפטן. אַזאַ קעסל מיט כּשר עסן האָט אויך באַדינט דעם אָרעמען יידישן קוואַרטאַל. דאָס איז געווען אַ פילאַנטראָפּישע אונטערנעמונג. דאַקעגן די גאָרקיך אין אולריכס באַזאַר, האָט ווייניקסטנס אויסערלעך, נישט געהאַט אויף זיך דעם מינדסטן סימן פון פילאַנטראָפּיע און צדקה.

די פאָלקסקיך, אָדער ביליקע קיך אין אולריכס באַזאַר, האָט אָן שום ספק דערפילט אַ וויכטיקע סאָציאַלע פונקציע אינעם יידישן לעבן אין וואַרשע אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

נישט געקוקט אויף דער שלעכטער באַציִונג צו מיר פונעם טאַטן און פון די שוועסטער זינט מיין צוריקקומען מיטן עטאַפּ פון דייטשלאַנד קיין וואַרשע, באַכן אומגעלונגענעם פּרווו צו דערגרייכן פּאַריז מיט דער הילף פון די געלטער, וואָס כ׳האָב צוגענומען ביי מיין לערן־מייסטער ר׳ שמשון זילבערבערג, און די ביטערע איבערלעבונג פּרייטיק־צו־נאַכטס ביים עסן — האָב איך באַשלאָסן פון מיין זייט נישט צו פאַרשאַרפן די באַציִונגען מיט די שטובמענטשן.

שבת אין דער פרי האָב איך געוואַרט דער פאָטער מיינער זאָל מיר, ווי אַלע מאָל, געבן צו טראָגן דאָס טלית־זעקל מיטן טלית, און געווען גרייט מיטצוגיין מיטן טאַטן דאַוונען אין קאָלושינער חסידים־שטיבל.

דער עירוב אין וואַרשע איז אין דעם געגעבענעם שבת געווען קאַליע. דער טאַטע האָט זיין טלית מיט דער שווערער ברייטער זילבערנער עטרה אַנגעטאָן אויף זיין צעדריפּעטער אַטלעסענער קאַפּאָטע און דעם מאַנטל אויפן טלית, און געלאָזט זיך צו דער טיר. ביים עפענען די טיר, האָט ער צו מיר שטיל, אָבער אין אַ קאַטע־גאָרישן טאָן אַ זאָג געטאָן: „דו וועסט נישט מיטגיין מיט מיר״.

איך בין געבליבן שטיין, ווי אַ געשלאָגענער הונט. ווען איך האָב זיך עטוואָס באַרויִקט, האָב איך פעסט באַשלאָסן מער מיטן טאַטן נישט מיטצוגיין דאַוונען. זאָל זיין וואָס עס וויל, אָבער מיטן טאַטן דאַוונען וועל איך מער נישט מיטגיין.

די מאַמע האָט דערפילט דעם קריזיס, וואָס די האַנדלונג פון טאַטן האָט געשאַפן. זי האָט זיך באַמיט מיך צו באַרויִקן און צו פאַרגלעטן דעם אינצידענט: „וועסטו איין מאָל נישט מיטגיין מיטן טאַטן דאַוונען, ער איז אויפגערעגט. ער וועט זיך איינשטילן און ס׳וועט ווידער זיין ווי ס׳איז געווען, דו וועסט ווייטער מיטגיין מיטן טאַטן אין קאָלושינער חסידים־שטיבל. האָסט דאָך אין שטיבל אַלטע חברים. היינט גיי אַריין דאַוונען אין גערער שטיבל אָדער אין דער נייער שול״.

געענטפערט האָב איך, אַז כ׳וועל נישט גיין אין די דאָזיקע ערטער דאַוונען. ס׳איז צו נאָענט און מען קען מיך נאָך פרעגן פאַר וואָס כ׳בין אָן טאַטן. כ׳וועל בעסער גיין אין אַהרן סאַרדינערס שול.

צו דער טוואַרדע־גאַס נומער 4, ווו ס׳האָט זיך געפונען אַהרן סאַרדינערס שול

און בית־מדרש, בין איך נישט דערגאַנגען. כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף טוואַרדע 24 ביי די פענצטער פון אַ קאַוויאַרניע. די פראָנט־טירן זענען געווען פאַרמאַכט, די פענצטער פאַרהאָנגען מיט דיקע פאַרהאַנגען. כ׳בין דורך דער הויפּטיר אַריין אין דער קאַוויאַרניע.

די צוויי גרויסע צימערן פון דער קאַוויאַרניע זענען געווען איבערגעפּאַקט מיט באַזוכערס, מערסטנס בחורים און יונגע־לייט אין טראַדיציאָנעל־יידישער קליידונג. אַ טייל פון די יונגע־לייט — מיט זייערע טלית־זעקלעך, אַנדערע — אַפילו אין זיידענע קאַפּאָטעס מיט גאַרטלען אונטער די מאַנטלען. ביי אַ ריי טישלעך איז מען געזעסן און געשפּילט אין דאַמינע, דאַמקע, ביינדלעך און אויך אין שאַך. אַרום די טישלעך זענען געשטאַנען קיביצערס און געהאָלפן שפּילן.

אין דער דאָזיקער קאַוויאַרניע האָט מען נישט געשפּילט אין קיין געלט, נאָר אויף קאָנסום־אַרטיקלען: אויף קאַווע, טשאַסטעס, אָדער אויף ביידע זאַכן צוזאַמען. כ׳האָב באַמערקט אַ טישל מיט אַן אויסגעשטעלטער דאַמקע, ביי וועלכער אַ יונגער־מאַן אין קורצע קליידער איז געזעסן און געוואַרט אויף אַ פּאַרטנער צום שפּילן. כ׳בין צו צום טישל און געפרעגט דעם בייזיצער, צי כ׳קען מיט אים מאַכן אַ פּאַרטיע דאַמקע. דער יונגער־מאַן האָט מיך אָנגעקוקט מיט ביטול און מיט אַ חוזק־טאָן זיך אָנגערופן: „געלט האָסטו? איך שפּיל נאָר צוויי פאַר זיך״. אויפן לשון פון די קאַוויאַרניע־שפּילערס, האָט דאָס געמיינט: צוויי קאַוועס מיט צוויי טשאַסטעס, וואָס דער געווינער נעמט אויסשליסלעך פאַר זיך, נישט טיילנדיק זיך מיטן שפּיל־פּאַרטנער. איך האָב מסכים געווען און אַרויפגעלייגט אויפן טיש 20 קאָפּיקעס. דער פּאַרטנער האָט מיך געהייסן אַראָפּנעמען דאָס געלט פון טיש: „ס׳קען נאָך אַריינפאַלן אַ ,מליץ׳ און ס׳קענען נאָך זיין אומאָנגענעמלעכקייטן״. ער האָט צוגערופן דעם קעלנער און אים געזאָגט, אַז ס׳ווערט געשפּילט אויף „צוויי פאַר זיך״. יעדער פון אונדז האָט דעם קעלנער געגעבן צו 20 קאָפּיקעס און נאָכן פאַרענדיקן די שפּיל האָט דער קעלנער געדאַרפט צוריקגעבן דעם געווינער זיין געלט און צוויי קאַוועס און צוויי טשאַסטעס לויט דעם געווינערס אויסוואַל.

די פּאַרטיע דאַמקע האָט לאַנג נישט געדויערט: בלויז עטלעכע צוגן פון מיין זייט — און מיין שפּילשותף האָט די פּאַרטיע מיאוס פאַרשפּילט.

ברייטהאַרציק האָב איך געהייסן דעם קעלנער דערלאַנגען איין פּאַרציע קאַווע מיט אַ טשאַסטקע מיין שפּילפּאַרטנער.

דערשטוינט און בייז האָט מיר דער שפּיל־שותף פאַרגעלייגט צו שפּילן נאָך אַ פּאַרטיע דאַמקע „צוויי פאַר זיך״, אויף וואָס כ׳בין מסכים געווען. אויך די צווייטע פּאַרטיע האָב איך געוווּנען. ער האָט מיר פאַרגעלייגט מיטצוגיין אויף אַן אַנדער אָרט און שפּילן מיט אים אין געלט. איך האָב זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט און אויך זיך אָפּגעזאָגט צו שפּילן מיט אים אַ דריטע פּאַרטיע דאַמקע.

דאָס באַזוכן צום ערשטן מאָל די קאַוויאַרניע און דאָס געווינען ביי אַ

גוטן שפּילער צוויי פּאַרטיעס דאַמקע דורך אַנאַנד, האָט אַרויסגערופן אַן אינטערעס צו דעם נייעם יונגן גאַסט. טייל האָבן אַפילו הויך אויסגעדריקט אָנערקענונג פאַר דעם אופן פון מיין שפּילן און ס׳איז מיר פאָרגעשלאָגן געוואָרן צו שפּילן דאַמקע אָדער דאַמינע. איך האָב זיך אָפּגעזאָגט און פאַרזיכערט די פאָרשלאָג־מאַכערס דעם קומענדיקן שבת ווידער צו קומען און מיט זיי שפּילן.

דער זיג איבער מיין שפּילפּאַרטנער האָט מיר פּאָלוביעט. איך בין דאָרט געוואָרן אַ שטאַמגאַסט, און זינט דעם שבת, איינער פון די לעצטע שבתים פון יאָר 1910, האָב איך רעגלמעסיק באַזוכט דאָס דאַזיקע עס־טרינק־ און שפּילפּלאַץ.

אין משך פון איבער צוויי און אַ האַלב יאָר, פון סוף 1910 ביז נאָך שבועות 1914, מיט אַן איבעררייס פון 8–9 חדשים, פון זומער 1911 ביז ערב־פרילינג 1912, ווען כ׳האָב פאַרלאָזט מיינע עלטערנס הויז און געוווינט העט־ווייט אין אַנדערן עק פון שטאָט, איז די קאָוויאַרניע אויף טוואַרדע 24 געוואָרן מיין נייער „מקום־קדוש״, אין וועלכן כ׳האָב שבת און יום־טוב אין דער פרי געדאַוונט שחרית און מוסף, און מיינע סידורים און מחזורים, אין וועלכע כ׳האָב תּפילה געטאָן זענען געווען: דאַמקע, דאַמינע, אַ מאָל אויך די שפּיל אין ביינדלעך, און אין זעלטענע פאַלן אַ פּושערסקע —פון מיין זייט — פּאַרטיע שאָך.

און וואָס איז דאָ צו לייקענען? אין די דערמאָנטע יאָרן האָב איך נישט באַדויערט דעם אויסטויש פון קאָלושינער חסידים־שטיבל אויף דער קאָוויאַרניע. ס׳איז מיר אין די שבתים און יום־טובים ליבער געווען אָפּצוריכטן די פרימאָרגן־תּפילות דורך אַ שפּיל אין דאַמינע אָדער דאַמקע, ווי צו שטיין ביי דער זייט פון טאַטן און צו קריגן פון אים שטורכאַצעס צוליב מיין גאַפּיען זיך ביים דאַוונען אין קאָלושינער חסידים־שטיבל.

ביי אַ זייטיק טישל אין דער קאָוויאַרניע אויף טוואַרדע 24 בין איך געזעסן און קאָנסומירט מיינע געוויינטע פאַרציעס קאַווע און קעזקוכן. כ׳האָב פּרובירט לייענען די יידישע צייטונגען, וואָס כ׳האָב געקויפט אַ טאָג פריער, אָבער דאָס לייענען איז מיר נישט געקראָכן אין קאָפּ אַריין. איך בין געזעסן און מעדיטירט איבער מיין לאַגע. די פראַגעס „וואָס וועט ווייטער זיין? וואָס זאָל איך ווייטער טאָן?״, האָבן זיך ווידער און אָבער געשטעלט פאַר מיר אין זייער גאַנצער שאַרפקייט. ביסלעכווייז האָבן זיך געדאַנקען אָנגעהויבן פאַרמירן, און מיין מוח האָט אָנגעהויבן קלאָרער צו דענקען און צו מאַכן געהעריקע אויספירונגען.

איך האָב פעסט באַשלאָסן צו ענדיקן ביי עמעצן די לער, און אויב אין פאַרלויף פון אַ וואָך וועל איך נישט קריגן קיין פּלאַץ די לער צו ענדיקן — זוכן אַן אָרט ווו צו אַרבעטן אַלס שרובשטיק־אַרבעטער, ביי וואָס כ׳קען גלייך פאַרדינען אַ דריי רובל אַ וואָך. איך וועל אויפהערן זיך קימערן און איגנאָרירן די באַציִונג פונעם טאַטן מיט די שוועסטער צו מיר, און אויב כ׳וועל קענען, זאָל איך בכלל זיך אַרויסציִען פון שטוב.

אָט די באַשלוסן, און נישט וויניק אויך דער פאַקט פון מיין געווינען צווי פּאַרטיעס דאַמקע ביי אַ גוטן שפּילער, האָט מיר צוריקגעגעבן דעם גלויבן אין זיך. אָן איבערלעבע זיכערקייט, אַז כ׳וועל שוין ווי עס איז אַרויסקריכן פון מיינע צרות, האָט מיך באַהערשט.

אַהיים בין איך געגאַנגען אַן אויפגעהייטערטער און מיט דער פעסטקייט אָנטקעגנצושטעלן זיך דעם טאַטן און די שוועסטער מיט אַלע מיטלען, מיט וועלכע כ׳וועל נאָר זיין בכוח.

אַ באַזונדער מזל האָב איך געהאַט דעם ערשטן שבת נאָך מיין צוריקקער מיטן עטאַפּ פון דייטשלאַנד קיין וואַרשע. די הצלחה האָט מיר צוגעשפּילט אין יעדער הינזיכט. אַלע פּאַסירונגען אין דעם טאָג זענען געווען לטובת מיר.

אַפילו די מפּלה, וואָס כ׳האָב געקריגן פון טאַטן, זיך פאַרוואַנדלט מיר מיט אים מיטצוגיין דאַווענען אין קאַלושינער חסידים־שטיבל, און דאָס לאָזן מיך שטיין ביי דער טיר פון אונדזער שטוב, ווי אַ געשלאָגענעם הונט, איז געווען פאַר מיר אַ טובה: כ׳בין באַפרייט געוואָרן פון טאַטנס אַפּוטרופּסות און אין די שבתים און יום־טובים האָב איך געקענט גיין ווו כ׳וויל און טאָן וואָס כ׳וויל.

און אין דעם זעלבן שבת אין אָוונט איז מיר געשען אַ גליק, וואָס מיין ווילדסטע פאַנטאַזיע האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן: מיין לערן־מייסטער, ר׳ שמשון זילבערבערג, האָט מיך געהייסן אויף צו מאָרגנס אין דער פרי צוריקגיין אַרבעטן אין זיין וואַרשטאַט און פאַרענדיקן ביי אים די לער.

פון דער קאַוויאַרניע בין איך אַהיימגעגאַנגען אַ פריילעכער און אַ טענצלדיקער. אין שטוב בין איך אַריין אַ צופרידענער און אַ צעשמייכלטער. די מאַמע האָט נישט פאַרפעלט צו באַמערקן מיין געענדערטע שטימונג. און אויף מיין „גוט־שבת״, האָט זי מיך שאַרף אַ פרעג געטאָן: „וואָס איז די ,געדוילע׳ מיט דיר, ווו האָסטו געדאַוונט״?

איך האָב אויפן שטעל אָפּגעבאַקן אַ כפול־שמונהדיקן ליגן און שקאַצעוואַטע געענטפערט: „אַוודאי האָט מיך היינט אַ גדולה געטראָפן. כ׳האָב היינט געדאַוונט אין נאַזשיקס שול און געהערט אַ וואַזשנעם חזן. מיט אַזאַ חזן איז מער פאַרגעניגן צו דאַווענען ווי מיט דעם הייזעריקן בעל־תּפילה אין טאַטנס חסידים־שטיבל״.

כּדי אויסצומיידן פראַגעס ווי איך קום אין נאַזשיקס שול — דאַרט לאָזט מען דאָך נישט אַריין קיין פרעמדע, וואָס געהערן נישט צו די שטענדיקע שולדאַוונערס, בפרט אין טראַדיציאָנעלער קליידונג. די שמשים היטן די טירן, אַז קיין פרעמדער זאָל זיך נישט קענען אַריינכאַפּן — האָב איך דעריבער ווייטער געליגנערט: מיטגע־נומען האָט מיך מיין חבר אַברהם, וועלכער איז אַ משורר אין נאַזשיקס שול.

די מאַמע האָט מיך אויסגעהערט, געגלויבט צי נישט געגלויבט, און זיך אָנגע־רופן: „האָסטו דיר אַ פרישע צרה. ס׳געפעלט אים שוין נישט דאָס דאַווענען אין חסידים־שטיבל, נאָר דאָס בלעקערצן, ווי להבדיל ביי די גויים, אין דער דייטשישער

שול. אַוודאי, נישט בחינם זאָגן אונדזערע היילי‌קע ספרים: עבריה גוררת עבירה״.

ביים עסן איז די שטימונג געווען אַ ביסל לייכטער, ווי אין די פּרײַערדיקע טעג. מיין שוועסטער חיה, די עלטסטע דעמאָלט אין שטוב און די צווייטע לויט דער ריי פון דער מאַמעס קינדער, די גוטע נשמה, ווי מ׳האָט זי אין שטוב גערופן — און זי איז ווירקלעך געווען די בעסטע אין כאַראַקטער — האָט צו מיר אַ שמייכל געטאָן. איך בין איר נישט געבליבן שולדיק קיין דאַנק און הויך זיך אָפּגערופן: „אַ שאָד דער שמייכל. וואָלטסט אים בעסער באַהאַלטן פאַר אַ חתן. ער וואָלט דיר מער צו נוץ געקומען״. די שטימונג ביים עסן האָט זיך ווידער פאַרערגערט. מיך האָט דאָס אָבער מער נישט געאַרט.

דער טאַטע האָט נישט באַוויזן אָפּצובענטשן, און איך בין אַוועק פון שטוב. אויפן וועג האָב איך זיך פאַרנומען צו דער קאַראָווע גאַס, צום יידישן טעאַטער „עליזעום״.

אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס האָב איך זיך אָפּגעשטעלט ביי פּרוזשינסקיס שאָקאָלאַד־געשעפט, גוט זיך אַרומגעקוקט, צי ס׳גייט נישט עמעצער, וואָס איז אַ בעלן צו דערלאַנגען קלעפּ אַ חסידל וואָס קויפט אום שבת. כ׳בין אַריין אין געשעפט, מיט אַ טראַסק אַוועקגעלייגט די קופּערנע מטבע אויפן בופעט און אַ געשריי געטאָן „קרוכי״. די שיקסע הינטערן בופעט, די סקלעפּאָווע, האָט מיך אָנגעקוקט מיט רוגזה, זיך פאַרטראַכט צי זי זאָל מיר, דעם חוצפּהדיקן „כאַלאַטשאַזש״, יאָ געבן אָדער נישט געבן, און מיר אַ שמיץ געטאָן אַ שקאַרמעץ אָקרוכעס, (אָפּפאַלעכץ פון פאַרשיידענע שאָקאָלאַד און זיסוואַרג), ווי מען וואַרפט צו אַ פרעמדן הונט אַ ביין. כ׳האָב דעם שקאַרמעץ פאַרשטעקט אין אַ קעשענע און ערשט אויף דער שוויענטע־קזשיסקע־גאַס זיך אָפּגעשטעלט, געעפנט דאָס פּעקל אָקרוכעס און אַזש אַ שפּרונג געטאָן פאַר פרייד. דער שקאַרמעץ איז פול געווען מיט שטיקער שאָקאָלאַד, מיט געפילטע צוקערקעס, שטיקלעך מאַרמעלאַד און מיט שטיקלעך פון די בעסטע זיס־וואַרג, אָן אַ ברעקל געברענטן צוקער. אַזאַ שקאַרמעץ מיט אָקרוכעס קריגט מען אַ מאָל אין אַ יובל.

אויף דער קאַראָווע־גאַס, ביים „עליזעום״־טעאַטער, האָב איך זיך געטראָפן מיט אַלטע באַקאַנטע „גאַפּע״־גייערס און מיט מיינע טריקס אַריינבאַקומען זיך אָן געלט אין טעאַטער. ווען דער פאַרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן, בין איך שוין געשטאַנען אויף איינער פון די לעצטע בענק, וועלכע האָבן אין „עליזעום״־טעאַטער געדינט פאַר אַ גאַלעריע, און בייגעוווינט די נאָכמיטאָג־פאַרשטעלונג.

געשפּילט האָט מען „דודס פידעלע״ מיטן אַקטיאָר קליין אין דער הויפּטראָלע. דאָס איז געווען זיין קרוינראָלע און די גאַלעריע האָט אים נישט געזשאַלעוועט קיין אַפּלאָדיסמענטן, בראַוואָס און האַנט־פּאַטשערייען.

קליין איז געווען אַ שוואַכער אַקטיאָר. אַ קליינער, אַ מאָגערער. מיט זיין שוואַכער שטימע האָט ער זיך ווייניק אָנגעזען צווישן אַזעלכע אַקטיאָרן ווי ליבערט, דראָנאָוו,

אַבעלמאַן און אַנדערע. ער האָט אָבער ביי די „גאָפּע״־ און גאַלעריע־גייערס געהאַט אַ גרויסן זכות. אַ לעגענדע איז צווישן דער דאָזיקער חברה אַרומגעגאַנגען, אַז קליין איז פריִער געווען אַ פּוילישער אַקטיאָר און געשפּילט אין פּוילישן טעאַטער אויף קרולעווסקע 11. די פּוילישע אַקטיאָרן און אַקטריסעס האָבן אים אָבער פאַר־ביטערט דאָס לעבן, גערופן „זשיד״ און אים געצאַפּט זיין בלוט. ווי די לעגענדע האָט דערציילט, האָט קליין פון דער בינע אין מיטן פון אַ פאָרשטעלונג געהאַלטן אַ רעדע און דערציילט וואָס ער ליידט זיך אויס פון זיינע קאָלעגן, אַז ער פאַרלאָזט די פּוילישע בינע און גייט אַוועק שפּילן אין ייִדישן טעאַטער. מיר, די חברה „גאָפּע״־ און גאַלעריע־גייערס, ענטוזיאַסטן פון ייִדישן טעאַטער, האָבן געגלויבט די געשיכטע און נישט געזשאַלעוועט דעם שוואַכן אַקטיאָר קליין אונדזערע אַפּלאָדיסמענטן און בראַוואָס.

דערקעגן האָבן מיר זיך פיינטלעך באַצויגן צום באַגאַבטן און טאַלאַנטפולן אַקטיאָר מייערסאָן, ווייל וועגן ס׳האָט קורסירט אַ געשיכטע, אַז זייענדיק פריִער אַ רוסי־שער אַקטיאָר, האָט ער זיך געשמדט און ער איז נאָך אַלץ אַ משומד. זיינע אויפטריטן האָט די חברה „גאָפּע״־ און גאַלעריע־גייערס אויפגענומען מיט די הענט אין די קעשענעס. אַפילו זיין קרוינראָלע „דער ווילדער מענטש״ פלעגן נישט אַרויסרופן קיין אַפּלאָדיסמענטן און בראַוואָס.

וויפל אמת ס׳איז געווען אין די דאָזיקע לעגענדעס — זאָלן זיך דערמיט פאַר־נעמען די היסטאָריקערס פונעם ייִדישן טעאַטער אין אַמאָליקן פּוילן. פאַר אונדז, יונגע טעאַטער־גייערס, אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, פאַנאַ־טישע חסידים פון ייִדישן טעאַטער, זענען די לעגענדעס געווען פאַררעכנט פאַר זיכערע פאַקטן, און מיר האָבן דעם אַקטיאָר קליין צוגעטיילט אונדזערע וואַרעמסטע סימפּאַטיעס און דעם אַקטיאָר מייערסאָן — אונדזער פאַראַכטונג.

פון טעאַטער „עליזעום״ בין איך אַהיימגעגאַנגען אַ גאַר האָפערדיקער. די טעאַטער־פאָרשטעלונג האָט אין מיר אַרויסגערופן אַ שטראָם פון לעבנספרייד. דאָס לעצטע ביסל יאוש איז געוואָרן אויסגעוועפּט. די באַשלוסן צו מאַכן אַ סוף צו דער לאַגע, אין וועלכער כ׳האָב זיך געפונען, זענען געוואָרן באַקרעפטיקט. כ׳בין געוואָרן זיכער, אַז מיינע פּלענער צו ענדיקן ערגעץ אַנדערש די לער און אין ערגסטן פאַל גיין אַרבעטן אַלס שרובשטיק־אַרבעטער — וועלן זיך איינגעבן.

אַהיימגעקומען בין איך אין שטוב אַ שטיק נאָך הבדלה. די שוועסטער זענען נאָך נישט געהאַט צוריקגעקומען פון זייערע שפּאַצירן. דער טאַטע איז געזעסן און אַריינגעקוקט אין אַ ספר און נישט רעאַגירט אויף מיין צוריקקום. די מאַמע האָט זיך געפּאָרעט מיט גרייטן אַ הייסע מלווה־מלכה. געוווּסט האָב איך, אַז כ׳קען זיך אין שטוב נישט אַוועקזעצן און לייענען מיינע נישט דערענדיקטע ייִדישע צייטונגען. כ׳האָב גענומען דער מאַמעס טייטש־חומש און געלייענט די מעשיות און משלים, וועלכע געפינען זיך אין אַ היפּשע צאָל אין דאָזיקן חומש.

די מעשׂיות פונעם טייטש־חומש האָבן מיך פֿאַראינטריגירט. כ׳בין געזעסן און מיט נייגער געלייענט און נישט געהערט ווי די טיר פֿון שטוב האָט זיך געעפֿנט און ס׳איז ווער אַריינגעקומען. ווען איך האָב דערפֿילט בליקן אויף זיך און אויפֿגע־הויבן דעם קאָפּ, האָב איך דערזען מיין לערן־מייסטער שטיין אַנטקעגן מיר. ס׳איז מיר פֿינצטער געוואָרן אין די אויגן. ווען אַ גרוב עפֿנט זיך אונטער מיר, וואָלט דאָס מיר ליבער געווען, ווי צו האָבן פֿאַר זיך ר׳ שמשון זילבערבערגן. דער ערשטער געדאַנק איז געווען: איצט וועסטו גלייך געפֿירט ווערן אין צירקל אַריין, פֿון דאָרט אין דער קרימינאַלקע אויף דער דאַנילאָוויטשעווסקע־גאַס — און קריגן דיין גע־העריקן פּסק.

ר׳ שמשון איז געשטאַנען און געשמייכלט מיט אַ ברייטן שמייכל אויף זיין פֿול און קיילעכדיק פּנים. די ערשטע ווערטער זיינע זענען צו מיר דערגאַנגען ווי דורך אַ נעפּל, אָבער דערגאַנגען צו מיין באַוווסטזיין: „אָפּגעטאָן אַ נאַריש שטיקל, געכאַפּט די הויזן און אַנטלאָפֿן. פֿאַרפֿאַלן. דאָס אָפּגעטוענע קען מען נישט צוריקכאַפּן. קענסט צוריקקומען צו דער אַרבעט און פֿאַרענדיקן די לער. קום אַריין מאָרגן אין דער פֿרי. זאָלסט אָבער קיינעם נישט זאָגן וואָס ס׳איז געשען. אויב ס׳וועט דיך ווער פֿרעגן ווו דו ביסט געווען, זאָלסטו זאָגן, אַז ביסט געווען קראַנק״.

די מאַמע האָט אָפּגעווישט אַ בענקל און געבעטן מיין לערן־מייסטער זיך זעצן. ער האָט פֿאַרבראַכט אַ קורצע צייט און געשמייכלט מיט זיין ברייטן שמייכל. ביים אַוועקגיין האָט ער מיך געפֿרעגט: „דו קומסט מאָרגן אין דער פֿרי, אָדער זאָל איך צונעמען אַן אַנדערן אויף דיין אָרט״? איך האָב אים געענטפֿערט מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ אויף „יאָ״.

אין דער צייט פֿון מיין לערן־מייסטערס זיין ביי אונדז און אויך נאָך זיין אַוועק־גיין, האָבן פֿון מיינע אויגן געפֿלאָסן הייסע זודיקע טרערן. איך קען איצט נישט זאָגן, צי דאָס זענען געווען טרערן פֿון שאַנד אָדער טרערן פֿון פֿרייד, וואָס די אַוואַנ־טורע מיט דער גנבֿה האָט זיך אַזוי גליקלעך פֿאַרענדיקט.

צו מאָרגנס אין דער פֿרי בין איך אַוועק צו דער אַרבעט. קיינער האָט מיך נישט געפֿרעגט ווו איך בין געווען און וואָס איך האָב געטאָן אין די לעצטע וואָכן. עטלעכע טעג האָב איך זיך געמאַכט חולהוואַטע. מיטן גאַנג פֿון דער צייט האָב איך כּמעט פֿאַרגעסן אין דער געשיכטע פֿון דער גנבֿה.

און אין משך פֿון דער צייט, וואָס כ׳בין געווען באַשעפֿטיקט אין ר׳ שמשון זילבערבערגס וואַרשטאַט, האָט מיך קיינער, אַפֿילו נישט מיין לערן־מייסטער, אויכ דעם מינדסטן אופֿן נישט דערמאָנט די אַוואַנטורע מיט די געגנבֿעטע 36 רובל. מיין לערנצייט איז אָפּגעפֿלאָסן נאָרמאַל.

דאָס אויסגליטשן זיך, וואָס האָט געקענט זיך ענדיקן מיט אַ קאַטאַסטראָפֿע פֿאַר מיר, האָט — אַ דאַנק דער הילף פֿון מיין לערן־מייסטער ר׳ שמשון זילבערבערג — זיך געענדיקט בשלום.

# אַ שמועס מיט זיך

מיין טבע צו טראַכטן און איבערצוטראַכטן פאַרגאַנגענע געשעענישן און פּאַסירונגען, האָט מיך אויך באַוויגן צו פאַרטראַכטן זיך איבער מיין אויסגליטשן זיך אין דער לערצייט פאַר אַ מעטאַל־טאָקער.

ספּעציעל האָבן מיך פאַראינטערעסירט צוויי זאַכן: פאַר וואָס האָב איך קיין מאָל נישט געהאַט קיין חרטה פאַר דער באַגאַנגענער נבֿלה קעגן מיין לערן־מייסטער, ר׳ שמשון זילבערבערג? און פאַר וואָס ר׳ שמשון האָט אַזוי הומאַניטאַר געהאַנדלט און מיר אַזוי ברייטהאַרציק געהאָלפן אין דעם אויסערסט שווערן פאַל אין מיין יוגנטלעכן לעבן?

אַ פאַקט איז: איך האָב קיין מאָל נישט געהאַט קיין חרטה און קיין געוויסן־ביסן פאַר וואָס כ׳האָב באַגנבֿעט מיין לערן־מייסטער. אַפילו ביים באַשרייבן די געשיכטע מיטן צונעמען דאָס געלט, מיין אַנטלויפן קיין פאַריז, מיין צוריקקומען מיטן עטאַפּ פון דייטשלאַנד און מיינע פּעריפּעטיעס אין מיינע עלטערנס הויז, איבערלעבנדיק טיף די איינצלהייטן פון דער אַוואַנטורע, האָב איך וועגן דער באַגאַנגענער גנבֿה נישט געפילט קיין חרטה און קיין געוויסן־ביסן.

פאַר וואָס?

דער מאָטיוו, אַז אין מיר, אין מיין כאַראַקטער, איז מסתּמא פאַראַן אַ זשילקע פון אָרגאַנישער אומערלעכקייט אָדער אַ לוסט צו געלט — אַנטשפּרעכט נישט די פאַקטן פון מיין לעבן. נישט פריִער און נישט שפּעטער האָב איך געטאָן עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל באַוווסטזיניק קאָלידירן מיט ערלעכקייט.

ביי מענדל לאַטאַוויטש, מיין ערשטער לערן־מייסטער, האָב איך אָפּערירט מיט אומגעציילטע געלטער און קיין מאָל זיך נישט געקוואַפּעט אַנצורירן זיינס אַ גראַשן. מענדל לאַטאַוויטשס צוטרוי צו מיר, נאָך דער מעשׂה מיט פינקעלשטיינס רובל, איז געווען אומבאַגרענעצט. אַפילו ר׳ שמשון זילבערבערג, האָט מיך, נאָך דער געשיכטע מיט די 36 רובל, נישט איין מאָל געשיקט איינקאַסירן פיל גרעסערע סומעס און נישט מורא געהאַט ס׳זאָל זיך איבערחזרן אַ צווייטע גנבֿה.

געזעלשאַפטלעכע געלטער זענען ביי מיר געווען רעליקוויעס. איך האָב קרום און בייז געקוקט אויף דער אויפפירונג פון די בונדישע פירערס און טוערס ווען זיי פלעגן פאָרן צווייטע אָדער גאָר ערשטע קלאַס און איינשטיין אין טייערע האָטעלן. אַן אויסנאַם איז ביי מיר געווען וולאַדימיר מעדעם, וועמענס געזונט־צושטאַנד איך האָב גוט געקענט. דער איינציקער פון די בונדישע גדולים און פון העכערן בונדישן אַקטיוו וועמען איך פלעג אַלע מאָל טרעפן פאָרן אין דער דריטער באַנקלאַס איז געווען וויקטאָר אַלטער. דערפאַר האָט הענריק ערליך דעם דריטן קלאַס ממש באַיקאָטירט.

וואָס שייך מיין פּערזאָן, האָב איך בשעת מיין טעטיקייט אין בונד זיך נישט דערלויבט צו באַנוצן אַן אַנדער באַנקלאָס ווי די דריטע (קיין פערטע קלאַס איז אין פּוילן נישט געווען) און געשלאָפן ביי חברים. בלויז אין זעלטענע פאַלן האָב איך זיך באַנוצט מיט די אַכסניות אין ראַדאָם און אין פּלאָצק.

אַזאַ באַציִונג צו קהלישע געלטער האָב איך געהאַט — ביי אַנדערע אומשטענדן און ביי אַנדערע באַדינגונגען — זייענדיק טעטיק אין דער קאָמ. באַוועגונג.

בימי קאָמבונד, נאָך יחיאל ניימאַנס דעזערציע, בין איך געווען דער איינציקער, וואָס האָט דערהאַלטן די בודזשעט־געלטער אין עפעקטיווע דאָלאַרן און מערערע מאָל זיי געטוישט אויפן שוואַרצן מאַרק.

פון זומער 1928, נאָך מיין צוריקקום פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, ביז האַרבסט 1929, זענען דורך די הענט פון די פירנדיקע קאָמוניסטישע טוערס אַסטראָווסקי, אַבע פלוג, אָדער מיינע, דורכגעגאַנגען אַלע געלטער פון אויסלאַנד און פון לאַנד, וואָס די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון פּוילן האָט געקריגן פאַר איר טעטיקייט און אויך אַלע געלטער פאַר דער וואַרסקי־קאָסטשעוואַ־פראַקציע. אַפילו די לענסקי־אָנפירונג פון דער ק.פּ.פּ. האָט נישט איין מאָל מיך באַנוצט ביים דערליידיקן וויכטיקע געלט־אָפּעראַציעס.

מיין קעגנערשאַפט צו דעם אין האַרבסט 1929 דורך סטאַלינען געקרוינטן פירער פון דער קאָמ. פּאַרטיי פון פּוילן, יעזשי יוליאַן לעטשטשינסקי־לענסקי, איז נאַטירלעך געווען אַ פּאָליטישע, אָבער אַ געוויסע דאָזע פון ווידערווילן צו לענסקין האָט אויך אַרויסגערופן זיין סנאָביזם, זיין רייכער אופן פון קליידונג און זיינע רייזע־באַקוועמ־לעכקייטן אין ערטער, ווו דאָס איז נישט נייטיק געווען צוליב קאָנספּיראַציע: אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, דייטשלאַנד און אין אַנדערע ערטער אין אייראָפּע.

אמת, אויך איך האָב זיך טייל מאָל באַנוצט מיט לוקסוריעזע באַנצוגן, אָבער נאָר אין אַ נויטפאַל פון קאָנספּיראַציע און אין מאָמענטן פון סכנת־נפשות, זיך צו פאַרהיטן פון פּאָליציייִשער געפאַר. אַזעלכע פאַלן זענען אָבער געווען זעלטענע און מ׳וואָלט זיי געקענט איבערציילן אויף די פינגער און ס׳זאָל נאָך בלייבן אַ רעשט.

און ס׳איז איבעריק צו דערציילן, אַז כ׳האָב קיין מאָל נישט נהנה געווען פון קיין גראָשן פון געזעלשאַפטלעכע געלטער, חוץ די געהאַלטן וואָס איז מיר געקומען, און דאָס — וואָס שייך דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן — אויך זעלטן אין פולן באַטרעף.

נישט אין דעם קאָנטעקסט איז צו דערציילן די געשיכטע פון דעם אָנבאָט, וואָס ס׳איז מיר געמאַכט געוואָרן, נאָך מיין באַזיטיקט ווערן פון דער קאָמ. פּאַרטיי פון פּוילן אין די דרייסיקער יאָרן, איבערצונעמען אַ וויכטיקן אַמט ביים אָפּערירן מיט דער פינאַנציעלער זייט פון אַ געוויסער אינסטיטוציע, וועמענס געלט־אָפּעראַציעס זענען געווען גאָר גרויסע און אומקאָנטראָלירטע, און איך האָב דעם אָנבאָט אָפּגע־וואָרפן, אין אַ צייט ווען כ׳האָב פשוט געפּוכניעט פון הונגער.

אַזוי האָב איך אויך צו יענער צייט אָפּגעוואָרפן אַ פאָרשלאָג פון דעם פירער פון די לינקע פועלי־ציון אין פוילן, יצחק לעוו, אָנצונעמען אַן אַמט פון אַ סעקרעטאַר אין איינעם פון די גרעסערע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין וואַרשע, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער השפעה פון די לינקע פועלי־ציון. איך האָב דערקלערט, אַז איך האַנדל נישט מיט קיין איבערצייגונגען, אידעאָלאָגישע אָדער פּאָליטישע. די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען געפינען זיך אונטער דער פּאַקטישער אָנפירונג פון די פּאַרטייען, אַזוי אויך דער געגעבענער פאַראיין, און איך בין אַ קעגנער פון ציוניזם פון אַלע זיינע ריכטונגען און שאַטירונגען. אַלע קעגן־אַרגומענטן פון יצחק לעוון האָבן נישט געקענט ענדערן מיין באַשלוס נישט אָנצונעמען דעם פאַרגעלייגטן אַמט, טראָץ דעם, וואָס דאָס אָננעמען דעם פּאָסטן פון אַ פאַראיין־סעקרעטאַר אין וואַרשע וואָלט דאַן געווען אַ ישועה פאַר מיין ביטערער מאַטעריעלער לאַגע און דערביי אויך פאַרזיכערט אַ געוויסע פּאָזיציע אין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן.

עס דערמאָנט זיך מיר אַ באַגעגעניש מיט איינעם פון די בונדישע יונגערע טוערס און פערזענלעכע פריינד (איך געדענק נישט צי דאָס איז געווען פּנחס שוואַרץ אָדער ראָזען) נאָך מיין באַזייטיקונג פון דער קאָמ. פּאַרטיי פון פוילן. אויף זיין פראַגע צי בין איך נישט באַגאַנגען קיין פעלער געבנדיק דער דעמאָלטדיקער אָנפירונג פון דער ק.פּ.פּ. אַ גרונט מיך צו באַזייטיקן, און וואָס וועט זיין מיט מיין חיונה? האָב איך אים געענטפערט: איך בין אַ פּראָפעסיאָנעלער רעוואָלוציאָנער, קודם־כל אַ רעוואָלוציאָנער, און שפּעטער ערשט אַ פּראָפעסיאָנאַל. אין פאַל פון אַ קאָליזיע צווישן דעם רעוואָלוציאָנער און פּראָפעסיאָנאַל מוז דער פּראָפעסיאָנאַל אומקאָנדיציאָנעל אָפּטרעטן דאָס אָרט דעם רעוואָלוציאָנער.

פאַר וואָס שרייב איך דאָס אַזוי פיל וועגן זיך? זיכער נישט, כּדי זיך אויסצופּיינען פאַר וועמען, אָדער זיך צו געבן אַ קניפּ אין בעקל. איך טו דאָס, כּדי זיך גופא צו אַנאַליזירן און אויסגעפינען די סיבה פאַר וואָס איך, פּילעוודיק אין באַצוג צו רעוואָלוציאָנערער און פּשוט מענטשלעכער עטיק, בין אַזוי גלייכגילטיק און חרטהלאָז צו דעם קרימינעלן אַקט, וואָס כ׳בין אין מיין יוגנט באַגאַנגען און נאָך אַלע גריבלענישן געפין איך נישט קיין ענטפער פאַר וואָס ס׳פעלט מיר דאָס געפיל פון חרטה און געוויסן־ביסן גראָד אין אַ פאַל, וואָס האָט פאַר מיר געדאַרפט דינען ווי אַ מעמענטאָ פאַר מיין געוויסן.

דער פאַקט, אַז איך האָב קיין מאָל נישט געליטן פון געוויסן־ביסן באַגייענדיק דעם טאָפּלטן פאַרברעכן: דעם פאַרברעכן פון גנבה און דאָס באַגנבענען מיין לערן־מייסטער, ר׳ שמשון זילבערבערג, וועמען איך האָב פאַרערט פון דער ערשטער מינוט וואָס כ׳האָב אָנגעהויבן אַרבעטן ביי אים ווי אַ לערן־יינגל — האָט אַ סך מאָל אַבסאָרבירט און אַבסאָרבירט נאָך עד־היום מיין געדאַנק, און ביז איצט האָב איך אויף דער פראַגע, ליידער, קיין ענטפער נישט באַקומען.

גרינגער איז געווען די לייזונג פון דעם צווייטן אַספּעקט: פאַר וואָס מיין לערן־

מייסטער, ר׳ שמשון זילבערבערג, האָט אַזוי פיין און הומאַניטאַר געהאַנדלט לגבי מיר אין מיין נויטפאַל. אָבער אויך אין דעם אַספּעקט געפינט זיך אַן עלעמענט פון מיר נישט קיין געלייזטער.

ווי אַ היסטאָרישער מאַטעריאַליסט האָב איך אין מיין לערן־מייסטערס האַנדלונג געזוכט די מאַטעריעלע סיבה. דער מאַטעריעלער פאַקטאָר איז גראָד געלעגן אויבן אויף: דאָס זענען געווען די פון מיר פיל מאָל דערמאָנטע „דריי־עקן״. דער פאַקט, וואָס איך בין גראָד געווען אויסגאַמלעך גוט ביים פאַרטיק מאַכן דאָס דאָזיקע אַרטיקל, וואָס איז פּראָדוצירט געוואָרן אויסשליסלעך דורך ר׳ שמשון זילבערבערג, און ביי וועלכן ער האָט גראָב פאַרדינט, האָט געקענט גובר זיין אַלע סקרופּולן און באַוועגן מיין לערן־מייסטער מיך צוריקצונעמען צו דער אַרבעט נאָך דער געשיכטע מיט די 36 רובל.

דער ענטפער איז אַ פּשוטער און דוכט זיך אַ קלאָרער. צי איז דאָס אָבער אַ פולער ענטפער? — האָב איך אין געדאַנק זיך אָפט מאָל געפרעגט. צי וואָלט אַן אַנדערער אויך אַזוי געהאַנדלט, ווי ס׳האָט געהאַנדלט ר׳ שמשון? און צי וואָלט דער רעזולטאַט נישט געווען אַן אַנדערער?

טראַכטנדיק און גריבלענדיק זיך אין דעם ענין, בין איך געקומען צום אויספיר, אַז חוץ דעם עקאָנאָמישן פאַקטאָר, ווי אַן אָביעקטיווער באַזיס, האָבן אין דעם פאַל געשפּילט אַ ראָלע אויך סוביעקטיווע עלעמענטן: די פּערזאָן פון מיין לערן־מייסטער, זיין פּערזענלעכע פיינקייט, אייגנאַרטיקע איידלקייט און געזונטער שׂכל.

ווי אַ רעזולטאַט פון מיין טראַכטן וועגן דעם דערמאָנטן ענין, איז געקומען — ווי קינסטלעך די ווייטערדיקע ווערטער זאָלן נישט קלינגען, איז עס פאַרט אַ פאַקט — אַ שטויס זיך טיפער און ערנסטער צו פאַרטראַכטן וועגן דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פון דער היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישער געשיכטע־אויפפאַסונג און מיך נישט געלאָזט רוען ביז כ׳בין דערגאַנגען צו געוויסע אויספירן.

די אויספירן, וואָס כ׳האָב געמאַכט, זענען פאַר מיר געווען זייער וויכטיקע: איך האָב זיך, נעמלעך, באַפרייט פון דער פאָרמאַליסטישער אויפפאַסונג פון מאַרקסיזם (קאַרל קאַוטסקי) און פון עקאָנאָמישן סכעמאַטיזם (ראָזאַ לוקסעמבורג), נישט איגנאָרירט מער סוביעקטיווע עלעמענטן: נאַציאָנאַלע, עטנישע, פּסיכאָלאָגישע, און אַפילו צופאַלן — ווי מעגלעכע פאַקטאָרן ביים לייזן גרעסערע אָדער קלענערע געשיכטלעכע און אַקטועלע געשעענישן און פאַסירונגען.

נישט אין מיינע מעמואַרן איז דאָס אָרט זיך גענויער אָפּצושטעלן און צו באַהאַנדלען דעם טעאָרעטישן קאָמפּלעקס פון מיינע אויספירונגען.

געוואָלט האָב איך בלויז זאָגן, אַז מיינע טראַכטונגען און אויספירן וועגן מיין לערן־מייסטערס הומאַניטאַרער האַנדלונג לגבי מיר אין דעם אויסערסט שווערן פאַל פון מיין יוגנטלעכן לעבן איז געווען די סיבה, וואָס האָט מיך אַ שטויס געטאָן צו טראַכטן טיפער און צו מאַכן ערנסטע אויספירן אין דער באַזע פון מיין דענקען

אין טעאָרעטישע ענינים און אין פּראַקטישע האַנדלונגען אין מיין פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן.

## אַ קאָרטנשפּיל אום שבת

און ווידער האָב איך זיך אויסגעגליטשט.

אין אַ שבת־נאָכמיטאָג, זומער 1911, האָט מיך די מאַמע געטראָפן ביי אַ שכן שפּילן אין קאָרטן. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז איך האָב נאָך דעם זעלבן טאָג פאַרלאָזט מיינע עלטערנס הויז.

אין דעם קנאַפּן יאָר, וואָס כ׳בין געווען באַשעפטיקט ביי מיין ערשטן לערן־מייסטער, ביי מענדל לאַטאָוויטש, האָב איך זיך צוגעאייגנט אַ ריי שלעכטע אייגנשאַפטן, וועלכע איך האָב מיט אַ סך מי אין מיינע שפּעטערע יאָרן גובר געווען. איינע פון די אייגנשאַפטן איז געווען שפּילן אין קאָרטן און אין דאָמינע.

דאָס זיין אַן עדות און אַן אָבסערוואַטאָר פון די שפּילאָרגיעס אין מענדל לאַטאָוויטשעס שטוב, האָט גרינג געמאַכט דאָס אויסלערנען זיך די תורה פון קאָרטן־ און דאָמינע־שפּיל. מענדל לאַטאָוויטש איז געווען אַ קרענקלעך־ליידנשאַפטלעכער שפּילער. ווען ער האָט נישט געהאַט זיין חברה מיט וועמען צו שפּילן, האָט ער מיך גענומען פאַר אַ שפּיל־פּאַרטנער, געלערנט מיך די קונצן פון קאָרטן־ און דאָמינע־שפּיל און געשטעלט צען קעגן איינס. אין גאַנג פון מיין דערלערנען די שפּיל־תורה זענען זיינע סטאַוווקעס בהדרגה רעדוצירט געוואָרן דריי צו איינס.

אין מיין לערן־פּעריאָד ביי מענדל לאַטאָוויטש ווי אַ מעטאַל־טאָקער, האָב איך דאָס פאַך קיין סך נישט דערלערנט, דערפאַר אָבער בין איך געוואָרן אַ מומחה אין כּלערליי קאָרטנשפּיל און אין דאָמינע.

קיין ליידנשאַפטלעכער און האַזאַרד־שפּילער בין איך נישט געוואָרן, אָבער מאַכן אַ קערטל אָדער שפּילן אַ פּאַרטיע דאָמינע האָב איך געגרן געהאַט און זיך נישט אָפּגעזאָגט פון קיין געלעגנהייט אַ שפּיל צו טאָן.

אין איינעם פון די ערטער, ווו כ׳פלעג פון צייט צו צייט, דער עיקר אין שבת, מאַכן אַ קערטל אָדער שפּילן אַ דאָמינע, איז געווען מיט די זין פון שכן פון הויף.

אין דעם הויף, אין וועלכן מיינע עלטערן האָבן געוווינט, אויף לוצקע־גאַס נומער 8 אין וואַרשע, זענען געווען נישט מער ווי דריי ייִדישע לאָקאַטאָרן. די מאַמע מיינע האָט קיין מאָל נישט אַריבערגעטראָטן די שוועל פון די אַנדערע צוויי ייִדישע שכנים. דאַקעגן איך האָב ביי איינעם פון די שכנים, וועמען מ׳האָט גערופן „דער פּוטערייִד", זיך זייער גוט געפילט, געווען דאָרט אַן אָפטער גאַסט און די עלטערע צוויי זין און די עלטערע טאָכטער באַטראַכט פאַר מיינע פריינד און חברים. דער

באַזוך פון מיין מאַמע אין אַ שבת־נאָכמיטאָג ביים דאָזיקן שכן איז פאַר מיר געווען אַן איבעראַשונג. דאָס טרעפן מיך שפּילן אין קאָרטן, דערצו נאָך אין שבת, איז פאַר מיין מאַמע געווען ממש אַ קאַטאַסטראָפע.

די עבירה פון קאָרטנשפּיל, און אַפילו אום שבת, איז זיכער נישט פון אַזאַ מדרגה ווי די גנבה פון די 36 רובל, וואָס כ׳האָב צוגענומען ביי מיין לערן־מייסטער. פאַר מיין מוטער איז דאָס געווען אַ פיל גרעסערער פאַרברעכן. דאָס גנבענען געלט ביי ר׳ שמשון זילבערבערג, איז לויט איר מיינונג געווען אַ ספּאַראַדישער אַקט. אַ פאַרברעכן, וואָס דער זון אירער איז איין מאָל באַגאַנגען און אַזעלכעס וועט זיך ביי אים זיכער מער נישט איבערחזרן. זי האָט אַפילו געפונען אַ שטיקל זכות פאַר מיין אומוועדדיקן טאַט: דער יונג האָט געוואָלט פאָרן צו דער שוועסטער אין אויס־געלאָסענעם פּאַריז. דערקעגן דאָס שפּילן אין קאָרטן איז פאַר איר געווען אַ פאַר־ברעכן און אַן אומגליק — אַן אומגליק אויפן גאַנצן לעבן. די מאַמע האָט גוט געוווּסט וואָס אַ קאָרטן־שפּילער מיינט און צו וואָס קאָרטנשפּיל קען דערפירן. זי האָט געהאַט פאַר די אויגן מיין ערשטן לערן־מייסטער, מענדל לאַטאָוויטש — דאָס לעבן און די אויפפירונג פון מענדל לאַטעק, מענדעלע באַכניאַזש.

ווען איך בין עטוואָס שפּעטער אַרויפגעקומען אין שטוב, זענען מיינע עלטערן געלעגן אין די בעטן. דער טאַטע איז געשלאָפן. די מאַמע איז אָבער וואַך געווען. נאָך מיין אַריינקומען, האָט זי זיך אויפגעזעצט אין בעט און מיך באַגעגנט מיט אַ האָגל פון זידלערייַ און מיר אויפגעמישט מיין לאַנגן יחוס: מיין אויפפירונג אין די חדרים, מיין אַוואַנטורע ביים סיום אין יצחק בערלעוויס שטוב, און נישט פאַרפעלט צו דערמאָנען די גנבה.

איך געדענק נישט, וואָס כ׳האָב מיין מוטער געענטפערט. צו דעליקאַט בין איך זיכער מיט מיין ענטפער נישט געווען. די מאַמע האָט געכאַפּט דעם טאַטנס אַ שטיוול, וואָס איז געשטאַנען לעבן זיין בעט און איז געווען באַשלאָגן מיט אייזערנע קאָפּיט־לעך, כּדי די זוילן און אָפּצאַסן זאָלן זיך לענגער טראָגן, מיט כּעס אַ שליידער געטאָן אין מיין זייט און געשריגן: „שוין זאָלסטו אַרויס פון מיין שטוב. מער זאָל איך דיין פּנים נישט אָנקוקן, פּושע־ישׂראל״!

דער וואָרף פון שטיוול איז געווען אַ פאַטאַלער. ער האָט געטראָפן מיר אין פּנים און מיך צעבלוטיקט. אַ פאַרבלוטיקטער בין איך אַרויס פון שטוב, אַריין צום שכן און דעם שכנס קינדער האָבן זיך מיט מיר מתעסק געווען: פאַרהאַלטן דאָס בלוט און אַרומגעוואַשן די ווונדן. נאָכן באַרויִקן זיך האָב איך באַשלאָסן: מער גיי איך נישט צוריק אין שטוב, און געבעטן דעם שכנס קינדער מיר צו העלפן גלייך צו קריגן אַן אָרט צו וווינען.

דעם שכנס צוויי זין און די טאָכטער האָבן מיך אָוועקגעפירט צו זייערס אַ מומע, אויף דער צווייטער זייט שטאָט, אויף דער טשערניאַקאָווסקע גאַס. איך בין מושווה געוואָרן מיטן פּרייז: 75 קאָפּיקעס אַ וואָך פאַר שלאָפן און 50 קאָפּיקעס פאַר שבת.

באַצאָלט פאַרויס פאַר גאַנצע צוויי וואָכן — בין איך שוין געבליבן דאָרט נעכטיקן.

עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך אויסגענוצט אַ מאָמענט ווען די מאַמע איז נישט געווען אין שטוב, איינגעפּאַקט מיינע זאַכן אין קישל, וואָס כ׳האָב געקויפט אין קאַליש פאַרן אַריבערגיין די דייטשישע גרענעץ, מיטגענומען מיינע מלבושים — און זילך פון שטוב. ווי זאָגט אַ יידיש פאָלקסווערטל : אַן אַ קוש די מזוזה, אַוועק, ווי כ׳האָב געמיינט, אויף שטענדיק, פון שטוב.

נאָך מיין פאַרלאָזן מיינע עלטערנס הויז האָט זיך פאַר מיר געשטעלט דאָס פּראָבלעם פון קענען זיך מפרנס זיין. מיינע הכנסות זענען געווען אַרום 2 רובל אַ וואָך. אַ רובל מיט 25 קאָפּיקעס שׂכירות און אַן ערך אַ רובל פון רעפּעראַטורן. דאָס איז נישט גענוג געווען זיך צו קענען אויסהאַלטן. געבליבן איז מיר העכסטנס אַ רובל אַ וואָך אויף פרישטיק, וועטשערעס, וועש און אַנדערע נויטיקע אויסגאַבן. צו יענער צייט בין איך שוין געווען אַן אַבאָנענט אין ברעסלערס ליי־ביבליאָטעק און אויך אַ בעל־הוצאה אויף אַ 15 קאָפּיקעס אַ וואָך אויף לייען־מאַטעריאַל.

איך האָב אָנגעהויבן לעבן זייער שפּאָרזאַם, אויף פרישטיק געקויפט אַ פערטל ברויט פאַר 2 קאָפּיקעס און אַ שטיקל פּוטער אָדער אַ שטיקל הערינג פאַר אַ קאָפּיקע. ביי נאַכט, נאָך דער אַרבעט, בין איך אַריין צו אַ גרעק און געגעסן אַ ראָזשינקע־ברייטל מיט אַ פלעשל מילך פאַר 6 קאָפּיקעס. מיטאָג עסן בין איך געגאַנגען אין דער פאָלקסקיך אין אולריכס באַזאַר פאַר דריי קאָפּיקעס. צוזאַמען זענען מיינע אויסגאַבן געווען מינדעסטנס 12 קאָפּיקעס אַ טאָג. דער בודזשעט פון אַן ערך 2 רובל אַ וואָך איז געווען אַ דעפיציטער און נישט בכוח געווען אָנצוהאַלטן אַ לענגערע צייט.

אין וואַרשטאַט האָט מען אָנגעהויבן באַמערקן די ענדערונג פון מיין אויפפירונג און באַשפּייזונג. ס׳האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן, אַז כ׳האָב קנאַפּ צייט צו גיין עסן אין אולריכס באַזאַר. איך האָב באַשלאָסן זיך צו פאַרטרויען פאַר מיין לערן־מייסטער און אים דערציילן, אַז כ׳בין אַוועק פון שטוב, אָבער אים נישט זאָגן די אמתע סיבות. ווי אַ תּירוץ פאַר מיין פאַרלאָזן מיינע עלטערנס הויז וועל איך אים זאָגן, אַז איך האָב אין שטוב מער נישט געקענט אויסהאַלטן. די מאַמע האָט מיך אין דער פרייער צייט נישט געלאָזט אַרויס פון שטוב, רק געפאָדערט, כ׳זאָל זיצן איבער אַ גמרא אָדער איבער אַן אַנדער ספר, צעריסן די ביכער פון ברעסלערס ביבליאָטעק — וואָס איז, אגב, געווען אַ שטיק אמת.

אין אַן אָוונט ווען קיינער איז אין וואַרשטאַט נישט געווען חוץ מיר און מיין לערן־מייסטער, האָב איך ר׳ שמשונען דערציילט, וואָס ס׳איז מיט מיר געשען, אַז איך וווין איצט ביי אַ פיינער פאַמיליע אין טשערניאַקאָווער באַזאַר און ס׳איז מיר דאָרטן זייער באַקוועם. מיט די געלטער, וואָס כ׳פאַרדין, קען איך זיך נישט אויסהאַלטן. כ׳האָב אויפן אָרט געמאַכט אַ חשבון און געוויזן, אַז ס׳פעלט מיר נאָך אַן ערך אַ רובל אַ וואָך צו קענען דעקן מיינע נייטיקע הוצאות.

מיין לערן־מייסטער, ר׳ שמשון זילבערבערג, האָט מיך אויפמערקזאַם אויסגע־הערט, אויסגעפרעגט זיך געוויסע פרטים און מיר צוגעזאָגט גלייך צו דערלייגן 75 קאָפּיקעס אויף דער וואָך און צושאַנצן מער און בעסער באַצאָלטע רעפּעראַציעס.

און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער פּעריאָד אין מיין לעבן — אַ גוטער און אַ נוצלעכער.

אָן אַ שמץ פון מליצה קען איך זאָגן, אַז די צייט פון נישט זיין אין מיינע עלטערנס הויז איז געווען די צייט פון מיין רענעסאַנס. אין דעם פּעריאָד בין איך איבערגעענדערט געוואָרן, דאָס איז געווען אַ פּרוכטבאַרער צייטאָפּשניט פאַר מיין גייסטיקער אַנטוויקלונג.

איך בין געוואָרן פריי, פריי פון דער מאַמעס השגחה, פון חומרות און באַגרע־נעצונגען: דאָס מעגסטו און דאָס טאָרסטו נישט; פריי פון יעדן עול, וואָס די עלטערן און די שטוב האָבן אַרויפגעצוווּנגען, פריי צו זען, צו טאָן וואָס מ׳וויל און צו גיין ווו מ׳וויל. מיין געוווּנענע פרייהייט האָט מיך נישט געפירט לתרבות רעה, פאַרקערט, געוואָרן אַ באַזע און אַ סטימול פאַר דאָס גוטע און נוצלעכע אין מיין לעבן.

דער ערשטער געווינס פון מיין פרייהייט איז געווען — אַ סוף צום קאָרטנשפּיל. איך האָב אויפגעהערט שפּילן אין קאָרטן. די קאָרטנשפּיל האָט פאַרלוירן יעדן רייץ און רעגונג. פון דער שעה, וואָס כ׳האָב פאַרלאָזן מיינע עלטערנס הויז, אין יוני אָדער יולי 1911, ביז איצט, 1962, ווען כ׳שרייב די שורות, האָב איך נישט גענומען קיין קאָרט אין דער האַנט: נישט געהאַט קיין חשק און נישט געהאַט קיין באַדערפעניש. ווי אַ קאָרט וואָלט געווען מוקצה מחמת מיאוס. ווען איך זע מענטשן, באַזונדערס פרויען, פאַרקאַכט אין קאָרטנשפּיל און די שווייסטראָפּנס אָדער די שמינקע און דער פּודער רינט און צעקרימט זייערע געזיכטער, האָב איך דעם איינדרוק, אַז כ׳זע אומנאַרמאַלע קרעאַטורן, וואָס נישט קיין דאָקטער און נישט קיין טאַטער קען זיי העלפן, סיידן — זייער אייגענער ווילן.

אין דאָמינע פלעג איך יאָ פון צייט צו צייט שפּילן, אָבער אָן שפּילערישן ברען און מער קיין מאָל נישט אין געלט.

ווען כ׳בין צוריקגעקומען אין מיינע עלטערנס הויז און אין די שבתים און די יום־טובים געגאַנגען „דאַוונען" אין דער קאַוויאַרניע אויף טוואַרדע 24, פלעג איך מיינסטנס שפּילן אין אַ דאַמקע און נישט מער קיין „צווי פאַר זיך" נאָר „גלייך אויף גלייך", ד״ה אַז דער געווינער און דער פאַרשפּילער קריגן אַ גלייכע פּאָרציע קאַווע און קוכן, און מיין געווינס אָדער פאַרלוסט איז קיין מאָל נישט געווען מער ווי 10 קאָפּיקעס.

דאַמקע האָב איך גראָד יאָ ליב געהאַט צו שפּילן, און גאָר אַ סך געשפּילט אין די יאָרן פון מיין פאַרברענגען אין די תפיסות, און נישט שלעכט געשפּילט. זייער ליב האָב איך געהאַט זיך אַריינצוכאַפּן אין דער וווינונג פון מיין אַלטן חבר און אינטימען פריינד הענריק־סטאַך־זאַטאַרסקי — איינער פון די פינף שאַפערס פון דער

קאָמוניסטישער באַוועגונג אין דער יידישער סביבה אין פּוילן: שכנא קאַראַלסקי, סטאַך־זאַטאַרסקי, מאַרטאַ, משה מעזריטשער און טירמאַן — און שפּילן מיט סטאַכן עטלעכע פּאַרטיעס דאַמקע. איך פלעג אָבער פון אים יעדעס מאָל אָװעקגיין מיט חרפּה אַ פאַרשפּילטער. ס׳איז מיר ביי זאַטאַרסקין קיין מאָל נישט געלונגען צו געווי־נען אַ פּאַרטיע דאַמקע. דער זייער קלוגער אָבער עטוואָס צינישער סטאַך פלעגט מיך ביים אַרויסבאַגלייטן פון זיין שטוב מיט סאַרקאַזם אַ קיבעץ טאָן: „זיי נישט, הערשל, צו זיכער מיט זיך. ס׳קענען זיך געפינען פעיקערע און קליגערע פון דיר״. דאָס איז געווען אַ קאָפּוליער אָנצוהערעניש, כ׳זאָל נישט לאָזן מיין עגאָ געשוואָלן ווערן, אַ לעקציע נישט איבערצושאַצן די אייגענע כּוחות.

יאָ, אמת! אין די איבער 50 יאָר, וואָס כ׳האָב נישט גענומען קיין קאָרט אין דער האַנט, איז פון דעסטוועגן געווען אַ צייט ווען כ׳האָב אָפּט מאָל יאָ געשפּילט אין קאָרטן, אַפילו אויף גרעסערע סומעס. געשפּילט האָב איך אָבער בעל־כּורחו, גע־שטויסן דורך אומשטענדן.

דאָס איז געווען אין ווילנע, פון נאָוועמבער אָדער דעצעמבער 1939 ביז דע־צעמבער 1940, אין דער צייט ווען כ׳האָב זיך געפונען אין ווילנע ווי אַ פּליט. און די סיבה פון מיין קאָרטנשפּיל איז געווען פאָלגנדיקע:

אין יאָר 1921, אין מינסק, אויף דער ליקווידאַציע־קאָנפערענץ פון קאָמבונד אין רוסלאַנד, אין וועלכער איך האָב זיך באַטייליקט ווי אַ גאַסט פון פּוילן, האָב איך זיך באַקענט מיט איינעם פון די דעלעגאַטן מיטן נאָמען לובטשיק. לובטשיק איז געווען אַ ווילנער, ער האָט געהאַט אין ווילנע אַ ברודער אַ מאַנופאַקטור־סוחר אויף רודסקע־גאַס און אַ שוועסטער מיט גרויס יחוס — איינע פון די ערשטע איסקראָוועס. צוריקגעקומען איז לובטשיק קיין פּוילן אין 1922–23, באַזעצט זיך אין וואַרשע, געוואָרן אַ סוחר און אַ גביר, אַן אייגנטימער פון געשעפטן און הייזער און געבליבן אַ קאָמוניסטישער סימפּאַטיקער.

ביזן אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָב איך נישט געוווּסט, אַז לובטשיק געפינט זיך אין וואַרשע. ער, דערקענט, האָט וועגן מיר יאָ געוווּסט. ערשט אין ווילנע, אויף עמיגראַציע, האָבן מיר זיך ווידער באַגעגנט און זייער באַפריינדט.

לובטשיק איז אין ווילנע געוואָרן מיין מעצענאַט און האָט מיר געהאָלפן מאַטער־יעל. ער האָט מיך אויך אַריינגעפירט אין פאַרשיידענע ווילנער הייזער. איינע פון די הייזער איז געווען ביי די שוועסטער קופּערמאַן, מיט וועלכער איך האָב זיך זייער נאָענט באַפריינדט.

די יינגערע, אַ מיידל, איז געווען אַ קראַנקן־שוועסטער און אַ לערערין און זי איז נישט גלייכגילטיק געווען צו מיר. די עלטערע, אַ גרושה, איז געווען די געשעפט־פאַרוואַלטערין ביי אַן אַלטן מאַן, אַ פּוילישן דאָקטער, וועלכע האָט זיך נישט מער פאַרנומען מיט קיין פּראַקטיק, געהאַט אַ קינאָ אויף דער הויפּטגאַס אין ווילנע, אויף דער מיצקעוויטש־גאַס, און אַ פּאַלוואַרק אין ווילנער געגנט. געוווינט האָבן די צוויי

שוועסטער אין דער גרויסער דירה פונעם דאָקטער, צוזאַמען מיטן דאָקטער. די עלטערע קופּערמאַן האָט אויך געפירט דעם דאָקטערס הויזווירטשאַפט.

יעדן אָוונט האָט מען ביים דאָקטער אין שטוב געשפּילט אין קאָרטן. די שפּי־לערס זענען געווען ייִדן, פּאָליאַקן און ליטווינערס, מענער און פרויען. געשפּילט האָט מען אַ סך מאָל אין הויכע סטאַווקעס. אויך לובטשיק איז געווען אַן אָפטער גאַסט ביים קאָרטנטיש.

צו קענען זיין אַ שטענדיקער איינגייער ביים דאָקטער אין שטוב, האָט מען געמוזט מקיים זיין אַ געוויסן ריטואַל: מאַכן יעדן אָוונט וויניקסטנס איין כּוסע, טרינקען טיי מיט וואַרעניע און פון צייט צו צייט זיך באַטייליקן אין קאָרטנשפּיל, אָבליגאַטאָריש — ווען ס'האָט געפעלט אַ האַנט.

כּדי נישט צו פאַרלירן דעם רעגולערן צוטריט צו די קופּערמאַנס, וועמעס וווינונג ס'איז געוואָרן מיין מקום־מנוחה, האָב איך געמוזט מיטמאַכן דעם ריטואַל פון בראָנפן, טיי, און פון צייט צו צייט מאַכן אַ קערטל.

דער דאָקטער האָט אָבער נישט געטאָרט וויסן, אַז איך בין אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס און לובטשיק פלעגט מיר אונטעררוקן די נייטיקע געלטסומע צום שפּילן.

מיין קאָרטנשפּיל אין ווילנע איז צום גליק נישט געווען קיין רעצידיוו פון אַ קאָרטן־שפּילער. איך בין געווען אַ שלעכטער שפּילער. דער דאָקטער און זיין קאָמפּאַניע זענען צופרידן געווען מיך נישט צו האָבן פאַר קיין שפּילפּאַרטנער — און איך בין אַוודאי און אַוודאי געווען צופרידן.

אין דער צייט פון מיין אַוועקזיין פון מיינע עלטערנס הויז האָט מיין גייסטיקע אַנטוויקלונג געקריגן אַ באַדייטנדיקן שטויס פאָרויס. איך האָב געהאַט מער און בעסערע מעגלעכקייטן און באַדינגונגען צום לייענען.

צו יענער צייט האָט ברעסלער, דער אייגנטימער פון דער ברעסלער־ביבליאָטעק, געוואָרפן אויף מיר אַן אויג און מיך גענומען אונטער זיינע פליגל, געגעבן מיר אַנטשפּרעכנדיקע ליטעראַטור צום לייענען און באַזונדערס — פּאָפּולערע וויסנשאַפט.

די פאַמיליע, ביי וועלכער כ'האָב געוווינט, האָט פאַר מיר געזאָרגט און מיך באַדינט ווי כ'וואָלט געווען אַן אייגענער אין דער משפּחה.

די שבתים און די יום־טובים זענען אויסגעפּילט געוואָרן מיט זאַטע מאָלצייטן, מיט הילכיק שטוביק געלעכטער, מיט אַן אינטענסיוו לייענען, מיט טעאַטער־פאָר־שטעלונגען, קאָנצערטן און צירק־פאַרווײַלונגען, און אויך מיט באַזוכן, פון צייט צו צייט, שבת פאַר מנחה, אַהרון סאַרדינערס שול אויף טוואַרדע נומער 4 און הערן מיין באַליבטן מגיד. כ'בין געוואָרן פיזיש שטאַרקער, פּסיכיש געזעצטער און גייסטיק רייפער.

די צייט פון נישט וווינען אין מיינע עלטערנס הויז, אַן 8—9 מאָנאַטן, האָב איך געלעבט צופרידן, זאָרגלאָז און מיט אַ פּרוכטיק אינטענסיוו קולטור־לעבן.

אָבער צו דעם גליק איז געקומען אַ סוף.

ערב פּריילינג פון יאָר 1912 בין איך צוריק אַהיימגעגאַנגען ווינען אין מיינע עלטערנס הויז. די סיבה פון מיין צוריקקער איז געווען מיין שוועסטער חיה.

אין אַ קאַלטן און שנייִיקן שבת אין דער פרי איז מיין שוועסטער חיה אַריינ־געקומען אין מיין ווינונג אויף טשערניאַקאָווסקע־גאַס. מיט אַ פאַרשעמטן שמייכל האָט זי מיר געזאָגט, אַז זי האָט מיט מיר עפּעס צו רעדן און איך זאָל מיט איר אַרויסגיין אין דרויסן.

ווען כ׳בין מיט מיין שוועסטער אַרויס פון דער וואַרעמער ווינונג אין שנייִיקן דרויסן, האָט זי מיך געבעטן צוריקצוקומען אַהיים. וויינענדיק האָט זי מיר דערציילט וועגן די שוועריקייטן, וואָס זי האָט מיטן חתנס פאַמיליע ערב דער חתונה און אַז מיין אָפּזיין פון שטוב פאַרשטאַרקט די שוועריקייטן.

אויף מיין פראַגע, צי די מאַמע האָט זי געשיקט, האָט די שוועסטער געענטפערט, אַז דירעקט האָט די מאַמע זי נישט געשיקט, זי ווייסט אָבער פון איר גאַנג צו מיר און וואָלט צופרידן געווען ווען כ׳קום אַהיים.

איך האָב מיין שוועסטער געענטפערט מיט אַ קאַטעגאָרישן „ניין". איך וועל מער אין שטוב נישט צוריקגיין. אויב כ׳וועל געבעטן ווערן אויף דער חתונה, וועל איך קומען, אָבער אין שטוב גיי איך נישט מער צוריק.

די שוועסטער האָט געוויינט מיט ביטערע טרערן און מיך געבעטן, איך זאָל איר צוליב טאָן און אַהיימקומען, איך זאָל נישט פאַרשאַרפן די שוועריקייטן, וואָס זי האָט און איך זאָל נישט האָבן קיין חלק דעריין, אויב דער שידוך וועט ערב דער חתונה אָפּגיין.

די שטובמענטשן פון מיין ווינונג האָבן זיך צוגעקוקט צו דער סצענע אין דרויסן, פאַרשטאַנען, אַז ס׳האַנדלט זיך אין אַן ערנסטן און וויכטיקן ענין. די באַלע־באָסטע איז אַרויסגעקומען און פאַרבעטן די שוועסטער אַריינצוגיין אין שטוב: „ס׳איז קאַלט, ער גייט לייכט אָנגעטאָן, קען זיך פאַרקילן" — און אונדז אַריינגעפירט אין דער ווינונג. זי האָט פאַרלאַנגט, אַז מיין שוועסטער זאָל דערציילן וועגן וואָס ס׳גייט און מיט וואָס מ׳קען איר העלפן.

די שוועסטער האָט זיך געקווענקלט און ענדלעך דערציילט וועגן אירע שווע־ריקייטן און וועגן דער ראָלע, וואָס איך שפּיל אין די שוועריקייטן.

די שוועסטער חיה האָט דערציילט אָט וואָס:

— די משפחה פון מיין חתן, שׂמחה בינעם גרייצער, אַ מאַליאַזש, איז נישט צופרידן מיטן שידוך. נישט מיטן נדן, נישט מיט די חתן־מתנות, און אַפילו מיינע עלטערן שטעלן זיי נישט צופרידן. לויט זייער מיינונג פּאַסט דאָס נישט מיט זייער שטאַנד.

דעם חתנס ברידער זענען גרויסע סוחרים, אָבער פאַנאַטישע גערער חסידים. די מחותנתטע גייט אין אַ קופּקע און די ברידער — אין סאַמעטענע היטלען אַפילו

אין דער וואָכן. זיי האַלטן, אַז זייער ברודער, דער „וויסקראַבעק״, וואָס איז צו זייער אומגליק געוואָרן אַן אַרבעטאָרער, דאַרף אַריינקומען אין אַ סוחרישער שטוב, קריגן אַ גרויסן נדן און טייערע חתן־מתּנות און נישט קיין דריי הונדערט רובל געסילוקטע. זיי פאָדערן איצט דער נדן זאָל גלייך אויסגעצאָלט ווערן.

זיי האָבן געוואָרפן אויך אַן אומחן אויף מיר. עמעצער פון חתנס משפּחה האָט געזען מיין חתן אַרויסקומען אַ פאַרשלאָפענעם פון הינטערן ווענטל פון מיינע על־טערנס געוועלב פון סאָדע־וואַסער ווו איך בין די סקלעפּאָווע. הינטערן ווענטל שטייט אַ בעטל, אין וועלכן איך שלאָף אין די זומערנעכט נאָכן פאַרמאַכן די קראָם אַרום 2 אַ זייגער ביי נאַכט. מיין חתן, ווען ער קומט צו מיר אין אָוונט אַ מידער פון דער אַרבעט, לייגט ער זיך אָפּט מאָל אָפּרוען אויפן בעטל. די משפּחה זיינע האָט אויף מיר אויסגעטראַכט אַ בלבול, אַז איך האָב מיט אים געשעפטן הינטערן ווענטל.

מיין חתנס משפּחה איז אויך געוווּיר געוואָרן, אַז מיין ברודער איז אַוועק פון שטוב. דאָס גיט זיי אַ מעגלעכקייט אויסצורעדן אַל דאָס בייז אויף מיין משפּחה און אויף מיר. און ווי ס׳מאַכט זיך, וויל איך נישט, אַז מיין ברודער זאָל זיין פאַרמישט אין דער געשיכטע.

איך ווייס נישט מיט וואָס דאָס אַלץ וועט זיך ענדיקן. מיין חתן יאָגט מיט די צוגרייטונגען צו דער חתונה, אָבער ווער קען וויסן...

אַזוי האָט מיין שוועסטער חיה מעלאַנכאָליש פאַרענדיקט איר דערציילונג.

נאָך מיין שוועסטערס דערציילונג איז דער איינשטימיקער ווערדיקט פון דער פאַמיליע, ביי וועלכער איך האָב געוווינט, געווען, אַז כ׳מוז אַהיימגיין.

געוווּסט האָב איך, אַז קעגנשטעלן זיך זייער מיינונג, הייסט פאַרלירן די סימ־פּאַטיע, וואָס כ׳האָב ביי דער פאַמיליע געניאָסן און וואַרשיינלעך אויך די געלעגנהייט וויטער צו בלייבן וווינען. אויך דאָס בעטן און ווײנען פון מיין שוועסטער האָט נישט פאַרפעלט צו האָבן אויף מיר אַ ווירקונג. נישט וועלנדיק זיך גלייך אונטערגעבן, האָב איך דערקלערט, אַז כ׳וויל האָבן אַ וואָך צייט איבערצוטראַכטן און קומענדיקן שבת וועל איך געבן מיין ענדגילטיקן ענטפער. אַ וואָך שפּעטער בין איך צוריק אַהיימגעגאַנגען.

די פאַמיליע, ביי וועלכער איך האָב געוווינט אויף טשערניאַקאָווסקע־גאַס, האָב איך פאַרלאָזט מיט באַדויער און מיט דאַנקשאַפט, און איבערגעלאָזט דאָרט אַ שטיק האַרץ.

אין שטוב האָבן מיך די יינגערע ברידערלעך אויפגענומען מיט האַרציק־קינדע־רישער פרייד, די צוויי עלטערע שוועסטער — מיט אַ כיכיקען. דער טאַטע האָט אַ בורטשע געטאָן: „איז שוין הייסט עס דער תּכשיט ווידער דאָ״ און די מאַמע האָט מיך אויפגענומען מיט אַ פאַרלוירענעם שמייכל.

די שבת־סעודה איז דורכגעגאַנגען מער וואָכעדיק ווי שבתדיק. באַלד נאָכן

עסן בין איך אַוועק פון שטוב און אָנגעהויבן אָפּשטאַטן וויזיטן פריינד און באַקאַנטע, וועלכע כ׳האָב נישט געזען אין די לאַנגע חדשים פון מיין אַוועקזיין.

דער מאַמעס רעזשים אין שטוב איז נאָך מיין צווייטן צוריקקום אַהיים געוואָרן אַ ביסל לייכטער. שבת נאָכן עסן האָט זי מער נישט פאַרשלאָסן די טיר ביז איך האָב אָפּגעזאָגט פרק אין זומער און ברכי־נפשי אין ווינטער. זי האָט אַוועקגעקוקט פון די שנעלע אָפּעראַציעס מיט די תּפילין ביים פרימאָרגן־דאַוונען און זיך נישט וויסנדיק געמאַכט ווו כ׳פאַרברענג די פרימאָרגנס אין די שבתים און יום־טובים.

זי איז אָבער ווייטער געבליבן פאַרביסן וואָס שייך מיין לייענען ביכער און ווידער באַהאַלטן אָדער צעריסן די ביכער פון ברעסלערס ביבליאָטעק. אין די נעכט איז זי אַראָפּגעקראָכן פון בעט און אויסגעלאָשן דאָס נאַפּטלעמפּל אָדער דאָס ליכטל, ביי וועלכן כ׳האָב געלייענט. נישט ווייניקער פאַרביסן איז אויך געווען דער מאַמעס באַציִונג צו דער ענדערונג פון מיינע קליידער, צום איבערגיין פון דער טראַדיציאָנעלער יידישער הלבשה צו דער אייראָפּעיִשער. נישט איין מאָל האָב איך באַדויערט מיין צוריקגיין וווינען צו די עלטערן און געבענקט נאָך דער צייט ווען כ׳האָב געוווינט ביי דער פאַמיליע אויף טשערניאַקאָווסקע־גאַס, געווען פריי און אומגעשטערט אין מיין לייענען און אין מיינע האַנדלונגען.

דאָס פאַרלאָזן אין מיין יונגן עלטער מיינע עלטערנס הויז צוליב אַ קאָרטנשפּיל אום שבת האָט אין זיך געטראָגן די געפאַר, כ׳זאָל אַרויס לתּרבות רעה.

די וואַרעמקייט, וואָס כ׳האָב געגאָסן ביי דער פאַמיליע, ביי וועלכער איך האָב געוווינט אין באַזאַר אויף טשערניאַקאָווסקע־גאַס און די ממשותדיקע מאַטעריעלע הילף, וואָס כ׳האָב געקריגן פון מיין לערן־מייסטער, ר׳ שמשון זילבערבערג, האָבן גורם געווען, אַז די צייט פון מיין אַוועקזיין פון מיינע עלטערנס הויז זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין איינעם פון די שענערישסטע צייטאָפּשניטן אין מיין יוגנטלעכן לעבן, לאָזן קענטיקע שפּורן אויף מיין גייסטיקער אַנטוויקלונג און ווערן אַ געוויסער פאַקטאָר פאַר מיין שפּעטערדיקער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

## די פּראָפעסיע

מיט דער פּראָפעסיע פון מעטאַל־אויסאַרבעטונגען האָבן זיך יידן אין פּוילן פאַרנומען זינט הונדערטער יאָרן. דאָס פאַך פון מעטאַל־טאָקעריי און גיסעריי פון מעש און בראָנדז, פּאָפּולער גערופן „מאָשענדשניקעס", איז געווען אַ מלאכה, אַ שווערע מלאכה, ביי וועלכער יידישע בעל־מלאכות זענען זינט דורות געווען באַשעפטיקט.

מיט דער אַלגעמיינער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע און פון דער טעכניק

האָט אויך דאָס פֿאַך דורכגעמאַכט די נייטיקע און געהעריקע עוואָלוציע, איבערגע־גאַנגען פֿון מאַנופֿאַקטור צו קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע און פֿון פּרימיטיווע ווערקצייג צו מאָדערנע אַרבעט־מכשירים.

אין די יאָרן פֿון פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דאָס פֿאַך פֿון מעטאַל־טאָקערס און גיסערס פֿון מעש געציילט עטלעכע הונדערט יידישע אַרבעטער. אַ ריי פֿאַבריקן, אין וועלכע עס זענען געווען באַשעפֿטיקט צו עטלעכע צענדליק אַרבעטער, האָבן פּראָדוצירט אַלע נייטיקע אַרטיקלען פֿאַר דער אינדוסטריע. דער אָפּזאַצמאַרק פֿאַר דער פּראָדוקציע האָט דערגרייכט די ווייטסטע פּלעצער פֿון דער דעמאָלט גרויסער רוסישער אימפּעריע.

דאָס פֿאַך איז באַשטאַנען פֿון צוויי פּראָדוציר־עלעמענטן: פֿון גיסערס און פֿון טאָקערס. נישט דער גיסער האָט געקענט די מלאכה פֿון טאָקער און נישט דער טאָקער — די אַרבעט פֿון אַ גיסער. ס׳האָבן זיך אין דער פּראָפֿעסיע אין וואַרשע נישט געפֿונען קיין מנין פֿאַכלייט, וואָס זאָלן האָבן די פּראַקטישע קענטעניש פֿון ביידע טיילן פֿון דער מלאכה. די גיסערס זענען צאָלמעסיק געווען דער קלענערער טייל פֿון פֿאַך. אין ביידע טיילן פֿון דער מלאכה איז נייטיק געווען אַ לענגערע טרענירונג צו באַקומען די געהעריקע פֿאַכמענישע קוואַליפֿיקאַציעס.

געווען אויך אין פֿאַך אַ געוויסע צאָל געהילף־אַרבעטער, גערופֿן שרובשטיק־אַרבעטער, וועמענס איינציקער געצייג ס׳איז געווען די פֿייל. פֿאַר די דאָזיקע אַרבע־טער איז גענוג געווען עטלעכע חדשים פּראַקטיק, כּדי צו קענען אָנגיין מיט דער אַרבעט ביים שרובשטיק. דער לוין פֿאַר דער דאָזיקער קאַטעגאָריע אַרבעטער איז געווען אַ סך אַ קלענערער, ווי פֿון אַ גיסער אָדער אַ טאָקער.

די פּראָדוקציע האָט געהאַט פֿאַרשיידענע צווייגן: „גוטע אַרבעט", „געמיינע אַרבעט", און „שווערע אַרבעט". די גוטע אַרבעט איז באַשטאַנען פֿון פֿאַרשיידענע טיילן פֿאַר דער מאָדערנער וואַסער־לייטונג, גאַז, עלעקטריציטעט און מאַשינטיילן. די געמיינע אַרבעט האָט פּראָדוצירט אַרטיקלען פֿאַר דעם בויוועזן: קליאַמקעס, שרויפֿן, הענטלעך און אויך געוויכטער. די שווערע אַרבעט האָט פּראָדוצירט אַרטיק־לען פֿון אַ היימישן געברויך: מערזשערס, שטייסלעך, פּרעסאייזנס, לייכטערס. ס׳איז געווען אַ געוויסער אונטערשייד אין די פֿאַרדינסטן פֿון די אַרבעטער צווישן דער גוטער אַרבעט און די אַנדערע צוויי קאַטעגאָריעס.

אין די יאָרן פֿון פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען צווישן די יידישע מעטאַל־טאָקערס שוין געווען אַ באַדייטנדיקע צאָל, וועלכע זענען געווען באַשעפֿ־טיקט כּמעט אָדער אויסשליסלעך ביי אייזן און שטאָל, און ביי די צו יענער צייט מאָדערנערע טאָקאַרניעס, וואָס מען האָט גערופֿן מיטן פּוילישן נאָמען „פּאָציאָנ־גאָווע". געווען שוין אויך אַ ריי וואַרשטאַטן און פֿאַבריקן, וואָס האָבן זיך ספּעציאַ־ליזירט אויסשליסלעך אויף אַרטיקלען פֿון אייזן און שטאָל, מייגסטנס פֿון מאַשינ־טיילן, ביי וועלכער עס זענען נייטיק געווען די העכסטע פֿאַך־קוואַליפֿיקאַציעס.

די מעטאַל־טאָקערס און גיסערס האָבן תּמיד געהערט צו די בעסט־באַצאָלטע אַרבעטער אויפן וואַרשעווער יידישן אַרבעטמאַרק. אין די לעצטע יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דער לוין פון אַן אַרבעטער אין דעם פאַך זיך אָנגעהויבן פון 6 רובל אַ וואָך נאָכן פאַרענדיקן די לער און איז דערגאַנגען ביז 18 רובל אַ וואָך פאַר אַ קוואַליפיצירטן אַרבעטער. טייל גיסערס, וועלכע האָבן געאַרבעט פון פונט, האָבן אַפילו נאָך מער פאַרדינט.

די פּראָפעסיע איז געווען פריי פון דעם סעזאָנען־חולאת, אויף וועלכער ס׳האָבן געליטן די מערסטע פון די פאַכן, אין וועלכע יידישע אַרבעטער זענען צו יענער צייט אין וואַרשע געווען באַשעפטיקט און האָט זעלטן געוווּסט פון אַרבעטסלאָזיקייט און פון אַרבעטסלאָזע.

דאָס פאַך פון מעטאַל־טאָקערס און גיסערס האָט געהאַט אַ גוטע טראַדיציע פון אָרגאַניזאַציע און פון קאַמף פאַר די אינטערעסן פון די אַרבעטער פון פאַך.

אין דער פּראָפעסיע האָבן קורסירט געשיכטעס וועגן אייגענע שולן צום דאַוו־נען. שוין אין 17טן יאָרהונדערט האָט דאָס פאַך פאַרמאָגט אַן אייגענע שול אויף פּלאַץ גזשיבאָווסקע (גזשיבאָוו) נומער 2, אויף דעם הויף, אין וועלכן ס׳האָט זיך שפּעטער געפונען דער ריזיקער סקלאַד פון אייזנוואַרג פון ר׳ ישעיה פּריוועס. שולן צום דאַוונען האָט דאָס פאַך פאַרמאָגט אויך אין 18טן יאָרהונדערט און די שולן האָבן גלייכצייטיק געדינט פאַר אַרבעט־בערזעס, פאַר פּלעצער ווו באַלמעלאָכעס זענען זיך צונויפגעקומען אין זייער פרייער צייט.

ווי ס׳האָבן מיר דערציילט עלטערע פאַכלייט, און אויך מיין לערן־מייסטער, ר׳ שמשון זילבערבערג, האָבן די מעטאַל־טאָקערס און גיסערס פון מעש און בראָנדז שוין אין די זיבעציקער און אַכציקער יאָרן פונעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט געהאַט אַ גמילות־חסדים־קאַסע פאַר קעגנזייטיקער הילף.

אין די יאָרן פון פאַר און פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, 1904—7, איז דאָס פאַך געווען פּראָפעסיאָנעל גוט אָרגאַניזירט און זיך געפונען אונטער דער פּאָליטישער אָנפירונג פון דער ס.ס. (ציוניסטן־סאָציאַליסטן). דאָס איז, אַגב, געווען דער איינציקער און אַ וויכטיקער צווייג אין דער מעטאַל־בראַנזשע אין וואַרשע, ביי וועלכע יידישע אַרבעטער זענען געווען באַשעפטיקט, וואָס האָט זיך געפונען אונטער אַ ציוניסטישן אָדער פּראָ־ציוניסטישן איינפלוס. בראש פון דער פּאָליטישער און פּראָפּאַראַיינישער אָנפירונג זענען געשטאַנען די אינטעליגענטן, די ברידער יצחק און יוסף זאַקסענבערג, זין פון איינעם פון די גרעסטע פאַבריקאַנטן אין פאַך און אויך אַ צאָל פאַכלייט, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען די אויך שפּעטער אַקטיווע פאַכטוערס: ישראל הערמאַנשטאַט, זיסקינד ערליך, יאַנקל פּאַוואַנזקער, שאול און יאַנקל זעלנער. (די פאַמיליע־נעמען פון די לעצטע זענען מיר אומבאַקאַנט).

נאָך דער מפּלה פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט דאָס פאַך דורכגעמאַכט

דעם זעלבן גורל, וואָס די גאַנצע אַרבעטער־באַוועגונג צו יענער צייט: די אינטעלי־גענץ האָט דעזערטירט, אַ טייל אַרבעטער־טוערס זענען געזעסן אין די תפיסות אָדער געווען פאַרשיקט אין סיביר, אַנדערע האָבן עמיגרירט, עטלעכע זענען געוואָרן באַלעבאַטים פון אייגענע אונטערנעמונגען און די געבליבענע האָבן זיך אָפּגערוקט פון אַקטיווער טעטיקייט.

אין 1908 ווערט ווידער געשאַפן אַ שול צום דאַוונען פאַר די אַרבעטער פון פאַך. דער „קלאַסן־כאַראַקטער" פון דער דאָזיקער רעליגיעזער אינסטיטוציע קומט צום אויסדרוק אין איינער פון די תקנות, אַז אַ מיטגליד און אַ דאַוונער אין שול קען זיין נאָר אַזעלכער, וואָס איז באַשעפטיקט ווי אַ לוין־אַרבעטער אין דער פּראָפעסיע. קיין שום פאַבריקאַנט, אַ גרויסער צי אַ קליינער, טאָר נישט אַריבערטרעטן די שוועל פון דער שול.

לכתחילה האָט די שול זיך געפונען אין אַן ענג צימערל. נאָך אַ קורצער צייט פון עקזיסטענץ, ווערט זי אַריבערגעטראָגן אין אַ גרעסערן לאָקאַל אויף נאָוואָליפּיע. זי פאַרמאָגט אייגענע צוויי אויסגעצאָלטע ספרי־תורות און געהעריקע ווערטפולע ליטורגישע חפצים.

אין דער שול ווערט געפירט אויך אַ טעטיקייט פון אַ געזעלשאַפטלעכן כאַראַק־טער. ס'ווערן איינגעקויפט אויף אַ קאָאָפּעראַטיוון אופן די רעליגיעזע הצטרכותן פאַר די מיטגלידער. יעדן שבת און יום־טוב ווערן איינגעאָרדנט אַ קאָלעקטיווער קידוש, שלוש־סעודות, און מלווה־מלכה. ס'איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ קעגנזייטיקע הילפקאַסע אין פאַל פון אַ קראַנקייט, נויטפאַל אָדער אַ טויטפאַל.

כמעט אַלע אַרבעטער פון פאַך זענען מיטגלידער אין דער שול. אין די שבתים און יום־טובים איז דער שוללאָקאַל געפּאַקט געווען מיט אַרבעטער פון פאַך. בלויז איינצלנע פּאַכלייט זענען צוליב פאַרשיידענע סיבות נישט געווען קיין מיטגלידער און נישט באַזוכט די שול. צווישן די אויסנאַמען בין אויך איך געווען. צוויי סיבות האָבן מיך באַוויגן נישט צו ווערן קיין מיטגליד און נישט צו באַזוכן די שול. ערשטנס, וואָס יעדער רעליגיעזער חוב איז מיר געווען דערווידער. איך האָב זיך נאָר וואָס מיט גרויס מי און נאָך אַ שווערן קאַמף מיט די עלטערן באַפרייט פון די רעליגיעזע פליכטן. צווייטנס, ווייל כ'האָב, לײַדער, נישט פאַרשטאַנען, אַז אין די באַדינגונגען פון צאַרישן טעראָר קען אפילו אַ שול צום דאַוונען דינען פאַר אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן צוזאַמענבונד פון און פאַר די אַרבעטער.

אין 1912, נאָך די בלוטיקע געשעענישן אין די גאָלדגרובנס אין לענאַ, סיביר, וואָס האָבן אויפגערודערט די אַרבעטער־באַפעלקערונג איבערן גאַנצן שטח פון דער דעמאָלטדיקער רוסישער אימפּעריע און געוואָרן דער פאַקטאָר פאַר דער באַנייונג פון די רעוואָלוציאָנערע קאַמפן פונעם רוסלענדער פּראָלעטאַריאַט — זענען די מעטאַל־טאָקערס און גיסערס פון וואַרשע געווען איינע פון די סאַמע ערשטע אַרויס־צוטרעטן אין אַ שטרייק פאַר העכערע לוינען און פאַר בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען.

ווי ס׳האָט מיר דערציילט דער הויפּט־גבאי פון דער שול, ישראל הערמאַנשטאַט, איז דער שטרייק געפּלאַנעוועט און צוגעגרייט געוואָרן אין שול, בשעת דעם קידוש נאָכן דאַוונען, ביי די שלוש־סעודות און ספּעציעל איינגעאָרדנטע מלווה־מלכּהס, און אַז קיין שום פּאָליטישע פּאַרטיי איז נישט געווען פּאַרמישט אָדער געהאָלפן אין שטרייק. ווי ס׳האָט מיר אָבער איבערגעגעבן דער הויפּט־פונקציאָנער פון בונד אין וואַרשע אין 1912–13, העניעך בראַנזאָוויניק (נאָך דער מאַרץ־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד — אַ דעמאָסקירטער פּראָוואָקאַטאָר), איז דער בונד און ער פּערזענלעך געווען אַקטיוו ביים אָרגאַניזירן און אָנפירן מיטן דערמאָנטן שטרייק. ענלעכע אינ־פאָרמאַציעס וועגן דער ראָל פון בונד אין דעם געגעבענעם שטרייק האָב איך אויך געקריגן פון צוויי אַנדערע בונדישע טוערס פון די צאַרישע צייטן — אַלעקסאַנדער און סעמיאָן.

די שול האָט עקזיסטירט ביז צום אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין אָט דעם שוללאָקאַל איז דעם צווייטן טאָג שבועות 1914 פאָרגעקומען די קאָנ־ספּיראַטיווע פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער ס׳איז געגרינדעט געוואָרן דער אונטער־ערדישער פּראָפעסיאָנעלער קלאַסן־פאַראיין פון די מעטאַל־טאָקערס און גיסערס פון מעש און בראָנדז.

אין 1914 קומט פאָר אַ שווערער און פאַרצויגענער שטרייק, אָנגעפירט פון אונטערערדישן פּראָפעסיאָנעלן פאַכפאַראיין און ער פאַרענדיקט זיך מיט אַ נצחון.

נאָכן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען די געלט־רעסורסן פון פאַכפאַראיין די באַזע פון דער ווירטשאַפט־אַקציע פון בונד.

זומער 1915 זענען די מעטאַל־טאָקערס און גיסערס די איניציאַטאָרן ביים שאַפן דעם לעגאַלן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די יידישע מעטאַל־אַרבעטער אין וואַרשע. זינט דעמאָלט ביזן אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז דאָס פאַך דער אָרגאַניזאַציאָנעלער רוקנביין פון יידישן מעטאַל־פאַראיין. די פאַך־קאָמיסיע ביים מעטאַל־פאַראיין פירט דורך צענדליגער אַקציעס און שטרייקן לטובת די אַרבעטער פון פאַך.

פאַר דעם קומענדיקן פאָרשער פון דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמאָליקן פוילן וועט דאָס אָרגאַניזאַציאָנעלע לעבן און די קאַמפּן פון די מעטאַל־טאָקערס און גיסערס פון מעש און בראָנדז זיין איינע פון די וויכטיקסטע אָביעקטן פאַר פאָרשונג.

ווי אַ מעטאַל־טאָקער בין איך געווען באַשעפטיקט פון די ערשטע חדשים פון יאָר 1909 ביזן סוף פון יאָר 1918, ווען כ׳האָב אויסגעביטן די מלאכה אויף דער עבודה פון אַ פּראָפעסיאָנעלן רעוואָלוציאָנער. איך בין ווידער געווען אַ געוויסע צייט באַשעפטיקט ווי אַ מעטאַל־טאָקער אין יאָר 1941, נאָך מיין קומען קיין קאַנאַדע.

אין לויף פון מיין לעבן האָב איך זיך תּמיד געפילט פאַרבונדן מיט דער פּראָ־פעסיע פון די מעטאַל־טאָקערס, מיט דער פּראָפעסיע, דורך וועלכער כ׳האָב אָנגע־

הויבן מיין מאַרש אין לעבן — ווי אַן אַרבעטער, אַ מענטש און אַ פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער טוער.

# איך ווער אַ געזעל

פּסח 1912 האָב איך פאַרענדיקט מיין לערנצייט און געוואָרן אַ געזעל.

געפירט האָט זיך ר׳ שמשון זילבערבערג, אַז נאָכן פאַרענדיקן די לער האָט מען ביי אים געאַרבעט ווי אַ געזעל אַ זמן, אַ האַלב יאָר, העכסטנס אַ יאָר, און קיין מאָל האָט ער נישט איבערגעלאָזט זיינס אַ לערן־ייִנגל פאַר אַ סטאָלן אַרבעטער.

מיינע ערשטע שׂכירות נאָכן פאַרענדיקן די לער איז געווען 4 רובל אַ וואָך. ווען כ׳וואָלט געבליבן אַרבעטן נאָך אַ האַלב יאָר, וואָלט איך צוגעקריגן אַ העכערונג פון 50 קאָפּיקעס. דער שטרייק אין מיין פאַך זומער 1912, דער ערשטער שטרייק זינט די רעוואָלוציע־יאָרן פון 1905, האָט גורם געווען אַ הוספה פון 2 רובל אויף דער וואָך ווי אַ מינימום־לוין פאַר אַ טאָקער־געזעל. כ׳בין אָבער נאָך פאַרן סוף פונעם ערשטן האַלבן יאָר אָפּגעזאָגט געוואָרן פון דער אַרבעט, און צוזאַמען מיט מיר האָבן אויך אַלע אַנדערע געזעלן געמוזט פאַרלאָזן ר׳ שמשון זילבערבערגס וואַרשטאַט.

די סיבה פונעם אָפּזאָג איז געווען דער בויקאָט, וואָס די פוילישע רעאַקציאָנערע קרייזן האָבן אין 1912 פּראָקלאַמירט קעגן דער ייִדישער באַפעלקערונג אין פוילן.

דער בויקאָט, וואָס די רעאַקציאָנערע און אַנטיסעמיטישע פוילישע קרייזן האָבן פּראָקלאַמירט קעגן דער ייִדישער באַפעלקערונג אין פוילן, האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דער וואַל־קאַמפּאַניע צו דער פערטער רוסישער דומע.

די וואַל־אָרדינאַציע, וואָס דער צאַרישער רעזשים האָט צוגעשניטן פאַר דער פערטער דומע, האָט געהאַט פאַר אַ ציל נישט צו דערלאָזן די אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן דערווײלן זייערע אמתע פאַרשטייערס, באַגרענעצן זייער צאָל און צו שאַפן פאַר דעם צאַרישן רעזשים אַ רעאַקציאָנערע מערהייט אין דער דומע.

אין פוילן האָט אַ טייל פון דער פוילישער געזעלשאַפט, דער אַ״ג אומאָפּהענגי־קייט־לאַגער, בראָש מיטן רעכטן פליגל פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, גערופן פּ.פּ.ס.־רעוואָלוציאָנערע פראַקציע, אָנגעפירט פון יוזעף פּילסודסקי, בויקאָ־טירט די וואַלן צו די רוסישע דומעס. ס׳האָט זיך געשאַפן אַ סיטואַציע, אַז דאָס ייִדישע בירגערטום און די ייִדישע פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ האָט געקענט משפּיע זיין דעם אויסגאַנג פון די וואַלן אין די גרעסערע שטעט פון פוילן.

אין לאָדזש איז דערווײלט געוואָרן אַ ייִד, ד״ר באָמאַש, ווי דומע־דעפּוטאַט.

איך אין וואַרשע האָבן די ייִדיש־בירגערלעכע עלעקטאָרן געקענט דורכפירן אַ ייִד פאַר דעפּוטאַט. די איינשטימיקע מיינונג אין די ייִדישע בירגערלעכע קרייזן איז געווען, אַז דער רעפּרעזענטאַנט פון דער הויפּטשטאָט פון פּוילן דאַרף זיין אַ פּאָליאַק.

דריי קאַנדידאַטן האָבן פיגורירט: צוויי סאָציאַליסטישע און אַ בירגערלעכער.

איינער פון די סאָציאַליסטן האָט רעפּרעזענטירט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון קעניגרייך פּוילן און ליטע, גערופן ס.ד.ק.פּ.ל. אָדער עסדעקעס. דער צווייטער איז געווען דער געמיינזאַמער קאַנדידאַט פון דער פּוילישער סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי לינקע, גערופן פּ.פּ.ס.־לעוויצע, און פון אַלגעמיינעם ייִדישן אַרבע־טער־בונד פון ליטע, פּוילן און רוסלאַנד, פּאָפּולער גערופן דער בונד.

דער בירגערלעכער קאַנדידאַט איז געווען פּראָפעסאָר קוכאַזשעווסקי. געווען איז ער דער קאַנדידאַט פון אַ ריי רעכטע גרופּירונגען און איז געשטיצט געוואָרן פון דער גרעסטער צו יענער צייט פּוילישער פּאַרטיי, פון די רעאַקציאָנערע און אַנטיסעמיטישע נאַציאָנאַלע דעמאָקראַטן, פּאָפּולער גערופן ענדעקעס.

נאָרמאַל גענומען וואָלטן די ייִדישע עלעקטאָרן געדאַרפט שטימען פאַר דעם פּויליש־בירגערלעכן קאַנדידאַט, און זיי האָבן טאַקע געוואָלט אַזוי שטימען. די ראַדיקאַלע און נאַציאָנאַלע שטימונגען זענען שוין אָבער געווען שטאַרק אַנטוויקלט אויך צווישן אַ טייל פונעם ייִדישן בירגערטום, און דער דאָזיקער טייל האָט פאַר־לאַנגט פון פּראָפעסאָר קוכאַזשעווסקי ער זאָל מאַכן אַ דערקלערונג, אַז ער וועט אין דער דומע שטיצן די פאָדערונגען פאַר גלייכבאַרעכטיקונג און פאַר געוויסע נאַציאָנאַל־ייִדישע רעכטן.

פּראָפעסאָר קוכאַזשעווסקי האָט זיך אָפּגעזאָגט צו געבן וועלכע ס'איז דערקלע־רונגען לטובת ייִדישע פּאָסטולאַטן. די ענדעקעס און זייערע פאַרבינדעטע און אויך די אַ״ג ליבעראַלן האָבן געפאָדערט פון די ייִדישע עלעקטאָרן צו שטימען אָן פאַר־באַדינגונגען פאַר קוכאַזשעווסקין.

די פאָדערונגען פון די רעאַקציאָנערע פּוילישע קרייזן און דער אָפּזאָג פון קוכאַזשעווסקין צו מאַכן וועלכע ס'איז דערקלערונגען לטובת ייִדן האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם אין ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. די ייִדישע פּלוטאָקראַטיע, די אַסי־מילאַטאָרן און די אָרטאָדאָקסיע, וועלכע זענען געווען די מנהיגים פון דער ייִדישער גמינע אין וואַרשע, האָבן אָן באַדינגונגען געשטיצט די קאַנדידאַטור פון פּראָפעסאָר קוכאַזשעווסקי. די ראַדיקאַלע און נאַציאָנאַל־געשטימטע בירגערלעכע ייִדישע קרייזן, אָנגעפירט פון י. ל. פּרץ, נח פּרילוצקי, ד״ר דאַווידזאָן און אַנדערע, האָבן רעוואָלטירט קעגן צווינגען ייִדן צו שטימען פאַר אַן אַנטיסעמיטישן קאַנדידאַט און זיך אַרויס־געזאָגט צו שטימען, אין דעם געגעבענעם פאַל, פאַר אַ סאָציאַליסטישן קאַנדידאַט פון וואַרשע.

זיי האָבן אָבער נישט געקענט שטימען פאַרן קאַנדידאַט פון די עסדעקעס, ווייל די ס.ד.ק.פּ.ל. — אין תוך אַ רעוואָלוציאָנערע און אינטערנאַציאָנאַליסטישע פּאַרטיי

— האָט צו יענער צייט געהאַט אַן אויסגעשפּראָכן־אַסימילאַטאָרישן צוגאַנג צו ייִדישע פּראָבלעמען. דערקעגן האָט דער געמיינזאַמער קאַנדידאַט פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע און בונד, דער מעטאַל־טאָקער און סאָציאַליסט יאַגעלאָ, זיך אַרויסגעזאָגט לטובת ייִדישע פּאָסטולאַטן, און יאַגעלאָ איז מיט די שטימען פון די ייִדיש־בירגערלעכע ראַדיקאַלע און נאַציאָנאַל־געשטימטע עלעקטאָרן דערוויילט געוואָרן פאַר וואַרשע־ווער דעפּוטאַט צו דער פערטער רוסישער דומע.

דער דורכפאַל פונעם רעאַקציאָנערן פּראָפעסאָר קוכאַזשעווסקי און דער אויס־וואַל פונעם אַרבעטער און סאָציאַליסט יאַגעלאָ האָט אויפגעבראַכט דאָס פּויליש־רעאַקציאָנערע געזינדל. די ענדעקעס, אונטער דער אָנפירונג פון ראָמאַן דמאָווסקי, אַן אַלטער נאַטאָרישער רעאַקציאָנער און אַנטיסעמיט, האָבן אויפגעהויבן אַ שווי־דערלעכע העץ־קאַמפּאַניע קעגן די ייִדן אין פּוילן און פּראָקלאַמירט אַ טאָטאַלן בויקאָט קעגן די ייִדן. סעקונדירט זענען געוואָרן די ענדעקעס און זייערע שותּפים אויך פון אַ גרויסן טייל פון די אַ״ג ליבעראַלע און פּראָגרעסיווע גרופּעס. דער חילוק צווישן די ערשטע און די לעצטע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די ענדעקעס און זייערע פאַרבינדעטע האָבן געפּריידיקט אַ זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם און אָרגאַניזירט דעם טאָטאַלן בויקאָט, בעת די אַמאָליקע פאַנענטרעגער פון ראַדיקאַליזם אין פּוילן, מיט אַלעקסאַנדער שוויענטאָכאָווסקי און אַנדזשעי ניעמאָיעווסקי בראָש, האָבן גע־פּריידיקט אַ „פּראָגרעסיוון" אַנטיסעמיטיזם: צו פיל ייִדן אין פּוילן, ייִדן האָבן פאַרכאַפּט דעם האַנדל, צו פיל ייִדן אין פּוילישן קולטור־לעבן און אין די אינטע־ליגענטע פּראָפעסיעס. קיין פּאָגראָמען — טאָקע נישט, ווייל דאָס פּאַסט נישט פאַר דער פּוילישער ערע, אָבער אַ גוטן קוועטש טאָן די ייִדן אין האַנדל און אין די אינטעליגענטע פּראָפעסיעס — איז אַ מצווה.

די פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע לופט אין פּוילן אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געווען אַ פאַרסמטע. דער בויקאָט־לאָזונג „סוווי דאָ סוועגאָ" האָט אַראָפּגעשריגן פון די שפּאַלטן פון די מערסטע פּוילישע צייטונגען און פון די פּלאַקאַטן, וואָס זענען געדיכט באַקלעפּט געווען אויף די מויערן פון וואַרשע. די צייטונג „דווואַ גראָשע" האָט טאָג־איין טאָג־אויס געהעצט די פּוילישע כוליגאַנעריע און דאָס פּעבל צום בויקאָט און צו עקסצעסן קעגן ייִדן. דער עפּיטעט „יאַגעלאָ" און שפּעטער אויך „ביילים" זענען געוואָרן דאָס פּינצטערע ווערקצייג אין מויל פון דער פּוילישער שומאָווינע, גרויסע און קליינע, ביים טעראָריזירן די ייִדישע באַפעלקערונג.

די ווערדיקע שטעלונג פונעם טייל ייִדישן בירגערטום און אינטעליגענץ בשעת די וואַלן אין וואַרשע צו דער פערטער רוסישער דומע האָט געשפּילט אַ רעוואָ־לוציאָניזירנדיקע ראָלע אין דער ייִדישער סביבה אין פּוילן און גאָר באַזונדער — צווישן דער ייִדישער יוגנט.

פאַר מיר, דעם 15־יאָריקן בחור, איז דאָס געווען די ערשטע פּאָליטישע און

נאַציאָנאַלע אַקציע, פון וועלכער איך בין געווען אַן עדות, און צוזאַמען מיט טויזנטער פון דער יידישער יוגנט האָב איך איבערגעלעבט און געפיבערט מיט אַלע פּרטים, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט דער וואַל־קאַמפּאַניע אין וואַרשע צו דער פערטער רוסישער דומע און מיט די נאָכווייען פון דער וואַל־קאַמפּאַניע.

מיין באַטייליקונג אין די דעמאָנסטראַציעס פאַר דער ווינונג פון י. ל. פּרץ און פאַר דער געביידע פון דער יידישער קהילה קעגן דער גביראָקראַטיע, וועלכע האָט געוואָלט באַזייטיקן פּרצן פון זיין פּאָסטן אין דער גמינע ווי אַ שטראָף פאַר זיין אַקטיוון אָנטייל אין קאַמף קעגן דעם רעאַקציאָנער קוכאַזשעווסקי, און מיין אָנטייל אין די ספּאָנטאַנע גאַסן־אָוואַציעס פאַר די טוערס און עלעקטאָרן, וועלכע האָבן מיטגעהאָלפן און דערוויילט דעם סאָציאַליסט יאַגעלאָ — איז געווען מיין ערשטער אָנטייל אינעם קאַמף פאַר די פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע רעכט פון די יידישע פאָלקסמאַסן אין פּוילן.

דער בויקאָט, וואָס די פּוילישע רעאַקציאָנערע קרייזן האָבן פּראָקלאַמירט קעגן דער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן האָט שטאַרק אָנגעגריפן דעם אָרעמערן און דעם מיטעלן יידישן מיטלקלאַס און אויך געוויסע טיילן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. מיין געוועזענער לערן־מייסטער, ר׳ שמשון זילבערבערג, איז געווען איינער פון די ערשטע קרבנות פון בויקאָט.

די קליענטעלע פון ר׳ שמשון זילבערבערג איז געווען בעיקר אַ פּוילישע: פּוילישע אינזשענירן־ביוראָען און מעכאַנישע און שלאָסער־וואַרשטאַטן. די אינזשענירן־ביוראָען זענען געווען די אָפּנעמערס פון די פּראָדוקציע־אַרטיקלען און די מעכאַנישע און שלאָסער־וואַרשטאַטן האָבן געגעבן צו מאַכן פאַרשיידענע טאָקער־אַרבעטן פון מעש און אַנדערע מאַטעריאַלן, נייע טיילן און רעפּעראַטורן.

דער סאַמע וויכטיקסטער קליענט איז געווען דאָס ביוראָ פון די אינזשענירן דזשעוויעצקי און דזשעוואולסקי. זייער ביוראָ איז געווען איינע פון די ערשטע, וואָס האָט אָפּגעשטעלט אירע באַשטעלונגען ביי ר׳ שמשון זילבערבערג.

(אינזשעניר דזשעוויעצקי איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע פירערס פון די ענדעקעס און פון דער בויקאָט־באַוועגונג. אינזשעניר דזשעוואולסקי איז געווען אַ פירער פון אַ גרופּע, וואָס האָט זיך באַצייכנט ווי אַ „ליבעראַלע״).

עס איז דעריבער קיין וואונדער נישט, פאַר וואָס ר׳ שמשון זילבערבערג, וועלכער איז געווען איינער פון די ערשטע קרבנות פון דעם צעיושעטן פּוילישן שאָוויניזם, איז געצוווּנגען געווען אָפּצוזאָגן פון דער אַרבעט אַלע געזעלן, איבערלאָזנדיק אין זיין וואַרשטאַט בלויז אַ לערן־יינגל.

פאַרלאָזט האָב איך דעם וואַרשטאַט פון מיין געוועזענעם לערן־מייסטער, ר׳ שמשון זילבערבערג, אין וועלכן כ׳בין געווען באַשעפטיקט קנאַפּע דריי יאָר, מיט אַ סך האַרצווייטיק, אָבער אויך מיט טיפער דאַנקשאַפט און פאַרערונג פאַר דעם

מענטש, וועלכער האָט מיר אַזוי פיל גוטס געטאָן און געהאָלפן קערעווען מיין לעבן אויף גוטע און נוצלעכע וועגן.

## גייסטיקע אַנטוויקלונג

דאָס לערנען זיך די מלאכה פון אַ מעטאַל־טאָקער האָט אַ שטויס געטאָן מיין גייסטיקע אַנטוויקלונג. ס׳האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט אַ נייע וועלט, וואָס איז לגמרי אַנדערש, ווי די, אין וועלכער איך האָב פריִער געלעבט — פון שטוב, חדר און חסידים־שטיבל. כ׳האָב זיך באַגעגנט מיט גאָר אַנדערע מענטשן, מיט אַנדערע באַגריפן און אינטערעסן, מיט נייע געשעענישן, מיט דערוואַרטע און אומדערוואַרטע פּאַסירונגען.

יעדן טאָג האָבן מיינע אויגן געזען און מיינע אויערן האָבן אויפגעכאַפּט עפּעס נייעס, אַפילו די מיר גוט באַקאַנטע גאַסן און מענטשן האָב איך אָנגעהויבן צו זען דורך אַן אַנדערער פּריזמע.

דאָס קומען אין די גרויסע הורט־געשעפטן און אינזשענירן־ביוראָען, דאָס באַזוכן די גרויסע פּוילישע וואָגפאַבריקן פון וועבער און שפּערלינג, די גרויסע וואָגפאַבריק פון די ברידער פינקעלשטיין, אין וועלכער ס׳האָבן געאַרבעט צענדלינגער יידישע אַרבעטער, דאָס טרעפן זיך מיט פאַרשיידענע מענטשן און צוהערן זיך צו זייערע געשפּרעכן און צו די געשפּרעכן פון די אַרבעטער אין וואַרשטאַט, האָט סטימולירט מיין נטיה צו וועלן דערגיין דעם פאַרוואָס און דעם וויאַזוי, אָבער אויך, וואָס אַ מאָל מער געגעבן צו פילן דעם מאַנגל פון וועלטלעכער בילדונג, די קללה פון אַנאַלפאַבעטיזם, די צרה פון נישט באַזיצן די עלעמענטאַרע מיטלען צו באַהערשן דאָס לעבן, אין וועלכן כ׳בין אַזוי יונג אַריינגעשטויסן געוואָרן. וואָס מער כ׳האָב זיך איינגעבירגערט אין דער מלאכה פון אַ מעטאַל־טאָקער, און וואָס מער כ׳האָב זיך באַגעגנט מיטן רעאַלן לעבן — מיט פאַקטן און מיט מענטשן — אַלץ מער האָב איך געפילט דעם הויקער פון אומוויסן, וואָס האָט אויף מיר געהויערט.

מיט אַלע מיינע יונגע חושים האָב איך זיך געריסן צו ווערן אַ מענטש, צו קריגן דאָס נייטיקסטע וויסן, וואָס דאָס לעבן פאָדערט. מיינע השגות זענען געווען „גרויסע״: צו קענען לייענען און שרייבן, און צו קענען רעכענען אויף פּאַפּיר אַזוי ווי עס טוען אין די געשעפטן די משרתים, ווי אַנדערע פלעגן זיי רופן: „סוביעקטן״. אָבער ווי אַזוי דערגרייכט מען דאָס?

פון דער שטוב האָב איך נישט געקענט דערוואַרטן קיין הילף. דער זיידע, וועלכער האָט יאָ געקענט לייענען, שרייבן און רעכענען, געערעדט אַ נישט שלעכטן רוסיש און פּויליש, און צו וועמען יעדער אין אונדזער הויז האָט זיך געווענדט מיט זיינע פּראָבלעמען — איז זעלטן געווען אין שטוב.

די מאַמע האָט געקענט שרייבן אַ ייִדיש בריוול, רעדן אַ צעבראָכענעם פּויליש און אויך לייענען אַ ביסל פּויליש און רוסיש, אָבער נישט שרייבן. דערצו איז די מוטער מיינע געווען שטענדיק פאַרהאָרעוועט, אויף איר איז דאָך געלעגן דער עול פון דערציִען די קינדער און דער יאָך פון פּרנסה.

פון די צוויי עלטסטע שוועסטער, חנה און חיה, די „סקלעפּאָוועס”, וועלכע האָבן געערעדט און געלייענט פליסיק פּויליש, האָב איך נישט געקענט דערוואַרטן קיין הילף. די עלטסטע איז שוין געווען פאַרהייראַט, די צווייטע איז געשטאַנען אין דער קראָם ביז נאָך 12 אַ זייגער ביי נאַכט. די אַנדערע שוועסטער האָבן נישט פאַרמאָגט דאָס ביסל שפּראַך־קענטעניש, וואָס די צוויי עלטסטע שוועסטער האָבן געהאַט.

צום טאַטן וואָלט איך זיך אין קיין שום פאַל נישט געווען געווענדט, בפרט וועגן הילף אין לערנען וועלטלעך וויסן.

וועגן דער עקסיסטענץ פון אַן אָוונט־שולע פאַר עלעמענטאַרע לימודים האָב איך נישט געוווּסט. אויף וויפל מיר דוכט זיך נאָך הייַנט, איז אַזאַ אָוונט־שולע נישט געווען בנמצא אין דער ייִדישער געגנט אין די יאָרן פון מיין לערנצייט ווי אַ מעטאַל־טאָקער. געקענט האָב איך די האַנדל־שולע אויף די גאַסן פּראָסטע און וואַליצאָוו, אין וועלכער אוניפאָרמירטע שילער, יונגע און עלטערע, פלעגן גיין פון אין דער פרי ביז פאַר נאַכט. געוווּסט, אַז צווישן די שילערס איז פאַראַן אַ גרויסע צאָל ייִדישע, אַז אין אָוונט, פון 7 ביז 10, גייען אין דער האַנדל־שולע ציוויל־געקליידטע ייִנגלעך, דער־וואַקסענע בחורים און אויך עלטערע מענטשן, און אַז צווישן די אָוונט־שילערס זענען פאַראַן אַ סך טראַדיציאָנעל־ייִדיש געקליידטע. איך האָב אָבער אויך געוווּסט, אַז אַריינצוקומען אין דער דאָזיקער שולע דאַרף מען שוין פון פריִער קענען רוסיש, רעכענען און אַנדערע קענטשאַפטן.

אַך! וויפל מאָל האָב איך מקנא געווען די יונגע ייִדישע ייִנגלעך, וואָס זענען געגאַנגען אין דער האַנדל־שולע — מיט זייער אויסזעען, קליידונג און דעם ראַנציק אויף זייערע פּלייצעס. נישט איין ביטערע טרער האָט אין מיינע חדר־יאָרן באַנעצט מיין פּנים פאַרגלייכנדיק זייער מערכה מיט מיינער. מיין איינציקע טרייסט איז געווען, וואָס איך און נישט זיי קען לערנען גמרא מיט מפרשים.

אַפילו ווען איך וואָלט געוווּסט פון דער עקזיסטענץ פון אַן אָוונט־שולע פאַר עלעמענטאַרע לימודים, און אויך דעם אַדרעס ווו זי געפינט זיך, וואָלט איך אויך אַזאַ לערן־אַנשטאַלט נישט געקענט באַזוכן. אַ לערן־ייִנגל אין ייִדישע וואַרשטאַטן איז אין די יאָרן פון מיין לערנצייט, 1909—1912, געווען געבונדן מיט זיין אַרבעט־פּלאַץ פון 7 אין דער פרי ביז 8—9 אָוונט, און אַ מאָל נאָך שפּעטער.

ערשט מיט יאָרן שפּעטער האָב איך דערפאַרן, אַז די לערן־ייִנגלעך ביי די פּוילישע צעכאָווע מייסטערס, באַשעפטיקטע אין דער מעטאַל־אינדוסטריע און אויך אין אַנדערע אינדוסטריעס, זענען געווען, אין פאַרגלייך מיט זייערע ייִדישע קאָלעגן,

אין אַ גאָר גליקלעכער לאַגע. די מייסטערס זענען מחויב געווען צו שיקן זייערע לערן־יינגלעך עטלעכע מאָל אַ וואָך אין אַן אָוונט־שולע, אין וועלכער מ׳האָט געלערנט טעאָרעטישע פאַך־קענטענישן און לימודים מיט אַ מינימום פון אַ 4־קלאַסיקער פאָלקס־שולע.

איך האָב נישט געהאַט ווו און צו ווענדן זיך צו ווענדן נאָך הילף צו באַקומען דאָס עלעמענטאַרסטע און נייטיקסטע וועלטלעכע וויסן. כּדי צו דערגרייכן מיין ציל, האָב איך געמוזט זיך פאַרלאָזן בלויז אויף זיך גופא — אַליין זיך דורכברעכן אַ וועג.

און דאָס האָב איך געטאָן אויף אַן אייגענעם און אייגנאַרטיקן אופן: די גאַס איז געוואָרן מיין שולע. דאָס געדרוקטע וואָרט, מענטשן, און די שילדן אויף די געוועלבער זענען געוואָרן מיינע לערערס און מיינע שולע־מכשירים.

צוויי עלעמענטן האָבן געשפּילט די וויכטיקסטע ראָלע אין מיין גייסטיקער אַנטוויקלונג: אָבסערוואַציע און דאָס לייענען.

מיט אַ זשעדנער גיריקייט האָב איך זיך אָנגעהויבן צוקוקן צום לעבן און ריטעם פון די גאַסן, דורך וועלכע איך פלעג אָפט דורכגיין, אָנגעהויבן באַמערקן די ענדערונגען, וואָס קומען אויף זיי פאָר כּמעט יעדן טאָג. יעדע געשעעניש האָט געהאַט פאַר מיר אַן אינטערעס. כ׳האָב אָנגעהויבן פילן און פאַרשטיין, אַז אין די גאַסן, הייזער און קראָמען וויברירט און פולסירט צאַפּלדיק לעבן.

מיט אָנגעשפּיצטע אויערן האָב איך זיך אָנגעהויבן צוהערן צו דעם, וואָס מענטשן רעדן צווישן זיך. ווו צוויי, בין איך געווען אַ דריטער. אין יעדן געזעמל פון מענטשן האָב איך זיך אַריינגעדרייט. ס׳האָט מיך אינטערעסירט, וואָס מ׳רעדט און פאַר וואָס מ׳רעדט, און בהדרגה אויך — ווי אַזוי מ׳רעדט: דער וואָס, פאַר־וואָס און וויאַזוי.

ביסלעכווייז האָט דאָס צוקוקן און צוהערן אַנטוויקלט אַ חוש פאַר אָבסערוואַציע, כּדי קענען צו לערנען דעם ווערט אָדער אומווערט פון די אָבסערווירטע קעגנ־שטאַנדן, פון מענטשן און פון זייערע רייד.

מיט פאַסיע האָב איך זיך אָנגעהויבן צוקוקן צו די שילדן אויף די געוועלבער.

נאָך אין דער צייט פון מיין גיין אין חדר האָב איך ליב געהאַט זיך צו פאַרקוקן אויף דער פילפאַרביקייט פון די שילדן. דער שטח פון מיין וועג צום חדר איז אָבער געווען אַ באַגרענעצטער. אין מיין לערנצייט איז דער שטח געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער. לכתחילה האָט מיך אינטערעסירט די קאָלירטקייט און די פיגורן פון די שילדן, שפּעטער — אויך די בוכשטאַבן. בהדרגה האָבן זיך אָנגעהויבן אויסטיילן די אותיות און אויף דעם אופן האָב איך זיך אויסגעלערנט דעם פּוילישן און רוסישן אַלפאַבעט. דערנאָך האָב איך זיך אויסגעלערנט סילאַביזירן די אותיות, פאַר־וואַנדלען זיי אין ווערטער און כ׳בין דערגאַנגען צו דער מדרגה פון קענען איבער־לייענען און פאַרשטיין דעם אינהאַלט פון די שילדן.

דאָס אויסלערנען זיך פון די שילדן דעם לאַטיינישן אלף־בית און סילאַביזירן

די ווערטער איז געווען דער באַזיס פון מיין דערלערנען — אין די שפּעטערע יאָרן — אייראָפּעיִשע שפּראַכן, פריִער דייטש און שפּעטער פּויליש. דאָס אויסלערנען זיך פון די שילדן דעם רוסישן אַלפאַבעט האָט מיר געגעבן אַ צוטריט צו דערלערנען די רוסישע שפּראַך בעת מיינע לענגערע באַזוכן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

ביזן היינטיקן טאָג איז ביי מיר געבליבן די געוווינהייט זיך צוצוקוקן צו שילדן ווען כ׳געפין זיך אין אַן אַנדער לאַנד מיט אַן אַנדערער מיר אומבאַקאַנטער שפּראַך. מיינע ערשטע לעקציעס זענען די אותיות פון די שילדן.

אָבער דער סאַמע וויכטיקסטער עלעמענט אין מיין גייסטיקער אַנטוויקלונג איז געווען דאָס געדרוקטע וואָרט — דאָס לייענען.

נאָך ווי אַ חדר־ייִנגל האָב איך ליב געהאַט דאָס לייענען. פון די קאָפּיקעס, וואָס די מאַמע האָט מיר פון צייט צו צייט מיטגעגעבן אין חדר אַריין זיך צו קויפן עפּעס צום עסן, פלעג איך אָפּשפּאָרן אַ נייטיקע סומע צו קויפן זיך ייִדישע מעשׂה־ביכלעך, אָדער אַ העברעיִש מעשׂה־ביכל. זינט כ׳האָב זיך אָנגעהויבן לערנען די מלאכה פון אַ מעטאַל־טאָקער און אין די שפּעטערע יאָרן פון מיין באַלמעלאָכעשאַפט איז לייענען געוואָרן ביי מיר ממש אַ ליידנשאַפט.

כ׳האָב גיריק און מיט אייפער געלייענט אַלץ, וואָס ס׳איז מיר געקומען אונטער דער האַנט: צייטונגען, זשורנאַלן, ביכער. יעדעס שטיקל שיימע איז געווען אַ סחורה. כ׳האָב געלייענט אין יעדער פרייער מינוט און זיך אַפילו אויסגעזוכט צייט צום לייענען. כ׳האָב געלייענט אויף דער גאַס, גייענדיק צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט, ביים עסן, און אין די נעכט, אָפּט מאָל — ביז שפּעט אין דער נאַכט, און נישט איין מאָל, אין די פרייטיק־צו־נאַכטסן, אַפילו ביז אין גרויען פרימאָרגן.

פון דעם לייענען האָב איך אָנגעקליבן שטיקלעך און ברעקלעך ידיעות אויף פאַרשיידענע געביטן פון ליטעראַטור און וויסנשאַפט. דאָס לייענען כאַפּ־לאַפּ, אויף אַ נישט סיסטעמאַטישן אופן, וואָלט זיכער געברענגט מער שאָדן ווי נוצן. ס׳האָט זיך אָבער אַריינגעמישט אַ זייטיקער פאַקטאָר און געקירעוועט מיט אַ געניטער האַנט דאָס הויפּט־מאַטעריאַל פון מיין לייענען. געווען איז דאָס ברעסלער, דער אייגנטימער פון דער ליי־ביבליאָטעק.

דער דורשט צום לייענען האָט מיך געפירט צו ברעסלערס ליי־ביבליאָטעק, וואָס האָט זיך געפונען אויף נאַוואָליפּקע 7 און כ׳האָב דאָרט גענומען ביכער צום לייענען פאַר אַ מינימאַלן חודש־אָפּצאָל.

ברעסלערס ליי־ביבליאָטעק איז אין די יאָרן פון צאַרישן טעראָר־רעזשים 1907—1914, געווען אַ וויכטיקע קולטור־געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע אין וואַרשע. אין די שבת־פרימאָרגנס און אין די אָוונטן זענען די צימערן פון דער ביבליאָטעק געווען איבערגעפּאַקט מיט מענטשן, וואָס זענען געקומען טוישן ביכער אין די דעמאָלטדיקע לייען־שפּראַכן: ייִדיש, פּויליש, רוסיש און העברעיִש, אַנדערע —

אויך אין די שפּראַכן דייטש און פראַנצייזיש. אָבער די מערהייט, מ׳קען זאָגן, אַז אַן 80 פּראָצענט פון די לייענערס, האָבן געטוישט יידישע ביכער. געטראָפן האָט מען אין ברעסלערס ביבליאָטעק אַ פאַרשיידנאַרטיקן עולם, מענער און פרויען. די מערסטע פון די באַזוכערס זענען געווען יונגע מענטשן אין טראַדיציאָנעלער יידישער קליידונג.

אויב כ׳מאַך נישט קיין טעות, האָט דער יידישער שרייבער און זשורנאַליסט יוסטמאַן־יאושזאָן, מיט זיין טאַלאַנטפולער פעדער פאַראייביקט די דאָזיקע ביב־ליאָטעק אין איינעם פון זיינע ביכער — ווי מיר דוכט זיך, אין זיין בוך „אין רבינס הויף״ — און ליטעראַריש פאַרפיקסירט די ראָלע, וואָס די ברעסלער־ביבליאָטעק און ברעסלער גופא האָבן געשפּילט אויף זיין לעבנסוועג צו ווערן פון אַ חסידישן שטיבל־לערנער — אַ זשורנאַליסט און שרייבער.

ברעסלערס אַ טאָכטער איז געווען די הויפּט־אַרויסגעבערין פון די ביכער און געהאַט אַן אויג אויף די אַבאָנענטן. זי האָט משמעות באַמערקט דעם מעלאַנזש פון מיינע געלייענטע ביכער: שמר און שאָפּענהויער, אַז איך נעם יעדעס בוך, וואָס קומט מיר אונטער דער האַנט, און מסתמא דערציילט איר פאָטער וועגן מיין קוריאָזן אופן פון לייענען ביכער.

איין מאָל רופט מיך ברעסלער אַריין צו זיך אין זיין קאַנטאָרל און פאַרפירט מיט מיר אַ לענגערן שמועס. דער רעזולטאַט פונעם שמועס איז געווען: איך זאָל נעמען ביכער נאָר פון אים אַליין. ער וועט מיר שוין אויסקלייבן די ביכער צום לייענען.

כ׳האָב אויפגעהערט לייענען סיי ביכער אַלאַ שמר און סיי ביכער אַלאַ שאָפּענ־הויער. די לעקטור איז געוואָרן אַ מער סעלעקטיווע. לייכטערע זאַכן פון דער יידישער ליטעראַטור, דערנאָך מענדעלע, אַש, שלום־עליכם, נאָמבערג, פּרץ, און אויך איבערזעצונגען פון דער אייראָפּעישער ליטעראַטור. ברעסלער האָט פון צייט צו צייט געהאַט מיט מיר אַ שמועס וועגן די געלייענטע ביכער.

איך געדענק איינעם פון די שמועסן, אין וועלכן איך האָב ברעסלערן דער־קלערט פאַר וואָס איך האָב נישט ליב צו לייענען שלום־עליכמען, האַלטנדיק פאַר אַ צייטפאַרלוסט דאָס לייענען דעם קאָמישן שלום־עליכם; פאַר וואָס איך וויל בעסער לייענען אַנדערע ביכער, אַפילו פּרצן מיט זיינע שווערע פינטעלעך און פאַסיקלעך. ערשט אין מיינע שפּעטערע יאָרן, ווען ס׳האָט זיך ביי מיר אַנטוויקלט דער געשמאַק וועגן ליטעראַטור בכלל און יידישער ליטעראַטור בפרט, האָב איך דערפילט דעם פולן ווערט פון שלום־עליכמס שאַפונג.

וואָרשיינלעך איז ווי אַ רעזולטאַט פון ברעסלערס שמועסן מיט מיר געקומען אויך די ענדערונגען אין דער לעקטור, וואָס ער האָט מיר פון צייט צו צייט געגעבן צו לייענען: פּאָפּולערע ביכלעך אויף פאַרשיידענע וויסנשאַפט־געביטן, פריער פון אַ נאַטור־וויסנשאַפטלעכן אינהאַלט און דערנאָך אויך פון אַ סאָציאַלן כאַראַקטער.

ברעסלער האָט מסתמא געקריגן צו מיר אַ פּערזענלעכן צוטרוי. אין פאַרשייי־דענע ביכער האָב איך געפונען איינגעניטע אָדער איינגעקלעפּטע בלעטלעך פון דינעם ביבולע־פּאַפּיר מיט אַ סאָציאַל־פּאָליטישן אינהאַלט: די מעשׂה פון די פיר ברידער, מלאָטס „פון וואָס איינער לעבט״, „דער 8־שעהדיקער אַרבעטסטאָג״, שפּעטער אויך „דער ערפורטער פּראָגראַם״, באַגדאַנאָווס „פּאָליטישע עקאָנאָמיע״ און ענלעכע. פון צייט צו צייט פלעגט ברעסלער אויף אַ געשיקטן אופן מיר אַריינשטופן אַ נומער „צוקונפט״, „נייע וועלט״ און ענלעכע צייטשריפטן, וואָס האָבן אין רוסלאַנד נישט געהאַט קיין לעגאַלן דעביט, אָדער פּראָסט און פּשוט זאָגן, אַז ביי דעם און דעם ציטונג־פאַרקויפער וועל איך קריגן אַן עקזעמפּלאַר פון אַ געוויסער צייטשריפט. טראָץ ברעסלערס אויפזיכט איבער מיר איז מיין לעקטור נישט געווען פון קיין אויסגעשפּראָכן סיסטעמאַטישן כאַראַקטער. געלייענט האָב איך גלייכצייטיק הלל צייטלינס „בריוועלעך צו דער יוגנט״ און אַנדערע פון זיינע ווערק און באָקאַטשיאָס עראָטישע געשיכטעס, פּרצן און מאָפּאַסאַנען.

אָבער טראָץ באַדייטנדיקע אָפּווייכונגען אין דער סיסטעמאַטישקייט פון מיין לייענען, איז ברעסלערס ביבליאָטעק און די הילף, וואָס כ׳האָב געקריגן פון ברעסלערן גופא, געווען אַן אומגעהייער גרויסער ביטראָג אין מיין גייסטיקער אַנטוויקלונג.

אַ פאַקטאָר אין מיין גייסטיקער אַנטוויקלונג זענען געווען די געביטן פון קונסט, אין וועמענס היכל ס׳האָט מיך — ווי שוין דערציילט — אַריינגעפירט מיין ערשטער לערן־מייסטער, מענדל לאַטאָוויטש.

דאָס באַזוכן טעאַטער־פאָרשטעלונגען, קאָנצערטן, אָפּערע־ און צירק־פאָרשטעלונגען, איז פאַר מיר געוואָרן אַזוי נייטיק, ווי ס׳איז מיר נייטיק געווען די טעגלעכע שפּייז. כ׳בין געוואָרן פּשוט אַ זולל־וסובא אויף די דאָזיקע זאַכן, קאַפּאַבל געווען צו פאַרציכטן אויף אַ מאָלצייט און פאַר די פאַר גראָשן גיין צו אַ פאָרשטעלונג אָדער קאָנצערט.

זינט פּסח 1909, פון מיין ערשטן באַזוך אין יידישן טעאַטער, ביז ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָב איך נישט פאַרפעלט ביי־צווווינען קיין איין וויכטיקע טעאַטער־אימפּרעזע, ספּעציעל פון יידישן טעאַטער, פון קאָנצערטן און צירק־פאָרשטעלונגען.

ס׳איז איבעריק מאַריך צו זיין, וואָס ליבע פאַר טעאַטער און מוזיק האָט געמיינט פאַר דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון אַזאַ שטייגער יינגל, ווי איך בין געווען, פאַר אַ יינגל, וואָס האָט אין זיין פריערדיק לעבן, אין די יאָרן פון לערנען אין די חדרים, נישט געאָנט אַפילו וועגן די אַנטוויקלונג־מעגלעכקייטן, וואָס די קונסטגעביטן פאַרמאָגן.

אַ ראָלע אין מיין גייסטיקער אַנטוויקלונג האָט געשפּילט דער מגיד פון אַרעלע סאַרדינערס שול.

די שול און דאָס בית־מדרש אויף טוואַרדע־גאַס נומער 4 אין וואַרשע, גערופן אויף דעם נאָמען פון אַ געוויסן ר׳ אַרעלע סאַרדינער, איז געווען די ערשטע און איינציקע דעמאָקראַטיש־פּאָלקסטימלעכע אינסטיטוציע פון רעליגיעזן סעקטאָר אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין פּוילן, וואָס איך האָב אין מיין לעבן באַגעגנט. דער מגיד פון דער שול — דער ערשטער עפנטלעכער רעדנער, זיינע דרשות — די ערשטע קאָמענטאַציעס איבער ייִד, מענטש און וועלט און איבער פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע, יידישע און אַלגעמיינע, געשעענישן און פּאַסירונגען.

אויף דעם דאָזיקן עלעמענט אין מיין גייסטיקער אַנטוויקלונג לוינט זיך אָפּצושטעלן, ווייל ער קומט גראָד פון אַ רעליגיעזן און נישט פון אַ סעקולערן צד.

אַרעלע סאַרדינערס שול און בית־מדרש איז געווען אַ רשות־הרבים. ווער ס׳האָט געוואָלט און ווען מ׳האָט געוואָלט, איז מען אַריינגעגאַנגען און אַרויסגעגאַנגען. מנינים האָבן זיך געשטעלט מיטן שפּראָץ פון טאָג און זיך געענדיקט שפּעט אין אָוונט. ס׳זענען נישט געווען קיין באַשטימטע ערטער פאַר די דאַוונערס, קיין חזקה־פּלעצער און נישט קיין מיזרח־וואַנט — יעדער האָט געקענט פראַנק און פריי פאַרנעמען וועלכן ס׳איז פּלאַץ.

עליות זענען נישט פאַרקויפט געוואָרן, אַפילו נישט קיין מפטיר־יונה אום יום־כיפור. קיין שום עליות, אַפילו די פּעטסטע, זענען נישט צוגעטיילט געוואָרן צו באַשטימטע מיוחסים. איינער פון די צוויי שמשים האָט לויט זיין איינזען אָנגעוויזן אויף אַ דאַוונער און אים צוגערופן פאַרנעמען אַן אָרט אויפן באַלעמער. דער צוגערופענער האָט געדאַרפט דערקלערן אַז אין די לעצטע דריי חדשים האָט ער אין ערגעץ נישט געהאַט קיין עליה. נדרים זענען געסילוקט געוואָרן אין פּרוטות און אין קאָפּיקעס. קיין שולגעלט האָט קיינער נישט געצאָלט. ס׳איז געהאָנגען אַ פּושקע, און ווער ס׳האָט געוואָלט, האָט עפּעס אַריינגעוואָרפן. ערב יום־כיפור זענען געשטאַנען קערות. פון וואַנען די שול האָט זיך אויסגעהאַלטן — ווייס איך נישט.

געווען איז די שול זייער אַ שיינע. דער אינערלעכער געבוי אין אַ מאַוריטאַנישן מעטשעט־סטיל, כמעט קיילעכדיק, זייער הויך, און פאַרענדיקט מיט אַ סאָרט קופּאָל. דער סופיט און דער אייבערשטער טייל פון די ווענט זענען געווען באַמאָלן מיט פאַרשיידענע בילדער פון מזלות און מיט פסוקים, די פענצטער — בלויע און באַמאָלטע.

אין בית־מדרש איז געדאַוונט געוואָרן נוסח ספרד. די מתפללים זענען באַשטאַנען פון חסידים פון אַלע מינים רביים, וועלכע זענען געקומען דאַוונען אויף אַ קורצער צייט צוליב נישט קענען אָדער נישט וועלן, מחמת געוויסע סיבות, דאַוונען אין זייערע אייגענע חסידים־שטיבלעך. אויך דער פאָטער מיינער האָט מיט מיר געדאַוונט עטלעכע מאָל אין דאָזיקן בית־מדרש.

געווען איז דאָס בית־מדרש אָפן טאָג און נאַכט. פאַרשיידענע מענטשן זענען געזעסן און געלערנט — יונגע בחורים און אַלטע יידן. אַ סוחר האָט זיך אַריינגעכאַפּט

אָפּצולערנען אַ בלאַט גמרא אָדער אַ פּרק משניות אין אַ יאָרצייט־טאָג; אַ ליטוואַק האָט געלערנט שטייענדיק ביי אַ שטענדער. דאָס בית־מדרש איז שטענדיק געווען פול מיט באַזוכערס. פאַר די חדר־יינגלעך, וואָס האָבן נישט געוואָלט אָדער נישט געקענט גיין אַ געוויסע צייט אין חדר, איז דאָס בית־מדרש געווען אַ זאַמלפּלאַץ און אַ מקום־מקלט.

שבת און יום־טוב איז די שול און דאָס בית־מדרש געווען איבערגעפּאַקט. אַפילו דער גרויסער הויף איז געווען געפּאַקט מיט מתפּללים.

אַזוי האָב איך געקענט אָרעלע סאַרדינערס שול און בית־מדרש ביז צום אויס־בראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. פון יענער צייט האָב איך מער נישט געהאַט קיין שום פאַרבינדונג, קיין מאָל מער נישט באַזוכט די דאָזיקע פאָלקסטימלעכע אינסטיטוציע און כ׳ווייס גאָרנישט וועגן איר ווייטערדיקן גורל — צי זי האָט איינגעהאַלטן איר פאָלקסטימלעכן כאַראַקטער אָדער געהאַט אַנדערע גילגולים.

אין מיין זכרון איז אָרעלע סאַרדינערס שול און בית־מדרש פאַרבליבן ווי די ערשטע און איינציקע דעמאָקראַטיש־פאָלקסטימלעכע אינסטיטוציע אינעם רעלי־גיעזן סעקטאָר פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין וואַרשע.

דער מגיד אין אָרעלע סאַרדינערס שול איז געווען אַ פאָלקס־מגיד אין דעם פולסטן זין פון דעם וואָרט. די צוהערערס זענען באַשטאַנען פון האָרעפּאַשניקעס און קנאַפּע לומדים: טרעגערס, גאַסן־הענדלערס, קליינהענדלערס פון די אָרומיקע באַזאַרן און האַלעס, אַרבעטער און האַנטווערקער פון דער אָרעמקייט פון דער קראָכמאַלנע און די אָרומיקע גאַסן.

געדרשנט האָט דער מגיד אין די שבתים פאַר מנחה. גערופן האָט מען אים ר׳ משולם נאַשעלסקער. „נאַשעלסקער" איז געווען אַ ביינאָמען, אַ פּסעוודאָנים. ער האָט מסתמא געשטאַמט פון שטעטל נאַשעלסק און דער נאָמען פון שטעטל האָט געדינט ווי אַ פאַמיליע־נאָמען.

שוין זיין אויסערלעכער אויסזען האָט געמאַכט אַן איינדרוק: אַ מיטלוווקסיקער, אַ ברייטלעכער, אַ פול מילכוויס רונדיק פּנים, אַ הויכער שטערן, אַ לאַנגע און ברייטע קופּער־רויטע באָרד, וואָס האָט פון דער וויטן אויסגעזען ווי שעמערירנדיק גאָלד אָדער ווי ברענענדיק פייער.

געדרשנט האָט דער מגיד שטייענדיק ביי אַ שטענדער אויף דער העכערער פּלאַטפאָרמע, אויף וועלכער ס׳האָט זיך געפונען דער אָרון־קודש. אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַן אַטלעסענער קאַפּאָטע און אין אַ ברייט סאַמעטן קאַפּל. איינגעהילט אין אַ שווערן וואָלענעם טלית מיט צוויי זילבערנע עטרות, פון אויבן אַ ברייטע און אין מיטן אַ שמאָלע — האָט דער מגיד אין מיינע יונגע אויגן אויסגעזען ווי אַ פאַרצייטיקער נביא, וואָס לערנט, שטראָפט און מוסרט די יידן פאַר זייערע חטאים, אָדער ער טרייסט זיי אין אַן עת־צרה.

די טעמעס פון דעם מגידס דרשות זענען געווען באַזירט בעיקר אויף פאַקטן און געשעענישן אין יידישן און אין נישט־יידישן לעבן, וואָס האָבן געקריגן אַן אָפּקלאַנג צווישן דעם ברייטן יידישן עולם, און קאָנפראָנטירן און פאַרבינדן די געשעענישן און פּאַסירונגען פלעגט ער מיט דער סדרה פון דער וואָך.

מיט אַ גרויסן כּוח פון הסברה פלעגט ער אויסטייטשן און געבן צו פאַרשטיין די צוהערערס, וואָס עס מיינען די געשעענישן, ווי אַזוי מען דאַרף זיי פאַרשטיין און ווי אַזוי מען דאַרף לגבי זיי האַנדלען און רעאַגירן אין ליכט פון דער תּורה.

געגעבן צו פאַרשטיין און קאָמענטירט דאָס מאַטעריאַל פון זיין דרשה האָט דער מגיד מיט אַן אויסערגעוויינלעך קלאָרער שפּראַך. רויק, כּמעט באַוועגלאָז, פלעגט ער שטיין ביים שטענדער און בנעימות און זאַכלעך טייטשן, אויסטייטשן און פאַר־טייטשן פאַר דעם עולם דאָס באַהאַנדלטע מאַטעריאַל פון זיין דרשה.

זיין שטימע און זיין גאַנצע האַלטונג האָט זיך געביטן ווען ער פלעגט אַריבערגיין צו משל און נמשל. די שטים פלעגט ווערן אַ סאַמעט־לאַשטשענדיקע, דאָס פּנים — פול מיט אויסדרוק. די זשעסטיקולאַציעס און קערפּער־באַוועגונגען האָבן ריטמיש זיך אַריינגעפלאָכטן אין דער דערציילטער מעשׂה און אין דעם אויספיר פון דעם דערציילטן נמשל.

אין גאַנצן אַן אַנדערער איז דער מגיד געווען ווען ער האָט געמוסרט און געשטראָפט. דעמאָלט האָט מען פאַר זיך געהאַט דעם אמתן טיפּ פון אַ קנאי: די פּאָזע — אַ דראָענדיקע, די שטימע האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פייערפלאַם. ער פלעגט מוסרן און שטראָפן די גבירים, וואָס האָבן שטיינערנע הערצער און שלעפּן דעם רבונו של עולם ביי די פּאָלעס, די אַפּיקורסים, וואָס מיינען, אַז זיי ווייסן און פאַרשטייען גאָטס דרכים, די סאָציאַליסטן, וואָס ווייסן נישט אָדער ווילן נישט וויסן, אַז די אמתע גערעכטיקייט און דער אמתער יושר געפינט זיך אין גאָטס תּורה, אַז נאָר אין גאָטס וועגן, אין תּורה און אין מעשׂים־טובים קען דער יידישער אַרבעטס־מענטש און דער אָרעמער ייִד געפינען זיין גענעזונג.

מיט אַ זעלטענעם פּאַטאָס, אַ מאָל ליריש־פּאַטעטיש און אַ מאָל הייספלאַמיק, פלעגט דער מגיד דרשהנען וועגן כּביכולס גערעכטע דרכים, וועגן דער גרויסקייט פון דער תּורה און וועגן דער דערהויבנקייט פון צדקה, פון גמילות־חסדים און אַנדערע מעשׂים־טובים.

ממש פאַסצינירנדיק פלעגן זיין די קלימאַקסן פון זיינע דרשות. טייל מאָל פלעגן די סוף־אַקאָרדן אָפּקלינגען ווי צאַרטע פליוטן־טענער, און טייל מאָל — ווי אַ גלאָקנקלאַנג.

אָנגערעגט און באַוויגן צו ווערן אַ צוהערער פונעם מגיד אין אַרעלע סאַר־דינערס שול, האָט מיך מיין רבי ר׳ פּנחסל, דער פאַרטרעטנדיקער מלמד אין דער העכסטער כּיתּה אין דער תּלמוד־תּורה אויף קראָכמאַלנע 31.

אין איינעם פון זיינע פּאַרנאַכטיקע שמועסן האָט ר׳ פּנחסל דערציילט משלים פון פאַרשיידענע מגידים און אויך וועגן דער ראָלע, וואָס מגידים האָבן געשפּילט און שפּילן אויפצוהאַלטן דעם רעליגיעזן גייסט ביים פּראָסטן פאָלק. ווי אַביישפּיל האָט ער אָנגעוויזן אויף דעם מגיד ר׳ משולם נאַשעלסקער אין אַרעלע סאַרדינערס שול. מיט אַ סך פּיעטעט האָט ר׳ פּנחסל גערעדט וועגן דאָזיקן מגיד און אינספּירירט זיינע יונגע תּלמידים צו גיין אין די שבתים הערן די דרשות פון ר׳ משולם נאַשעלסקער: „ער איז אַ למדן און אַ חכם און איר וועט פון אים לערנען תּורה און חכמה״.

מיט נאָך עטלעכע ייִנגלעך בין איך אין אַ שבת פאַר מנחה אַוועק אין אַרעלע סאַרדינערס שול און געהערט דעם מגיד דרשהנען. אין משך פון אַן ערך צוויי אָדער דריי יאָר בין איך כּמעט יעדן שבת געגאַנגען הערן דעם מגידס דרשה און פון זיינע דרשות ממש פאַרכאַפּט געוואָרן.

אַפילו אין די שפּעטערע יאָרן, אין די יאָרן פון מיין באַלמעלאָכעשאַפט, ווען יעדע רעליגיעזע פאַרבינדונג איז מיר געוועזן דערווידער און כ׳בין אַנטלאָפן דערפון ווי אַ שד פאַר ווייררויך, פלעג איך פון דעסטוועגן פון צייט צו צייט זיך אַריינכאַפּן אין דער שול און הערן דעם מגידס אַ דרשה. דאָס איז געשען אַפילו אַזוי שפּעט ווי אין יאָר 1914. נישט איין מאָל האָט געטראָפן, אַז שבת פאַר מנחה זאָל איך באַזוכן אַרעלע סאַרדינערס שול און הערן דעם מגיד ר׳ משולם נאַשעלסקער און אין אָוונט — לויפן אין דער קולטור־געזעלשאַפט „הזמיר״ אויף אַ קעסטל־אָוונט.

איך בין גאַנץ באַוווסטזיניק וועגן די איינפלוסן (איינפלוסן און נישט נאָכאָמונג), אויפן אופן און פאָרעם פון מיינע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען, אויף מאַסן־פאַרזאַמלונגען און רעפעראַטן, און כ׳ווייס גאַנץ באַשטימט, אַז אַן איינפלוס האָט אויף מיין אופן פון רעדן געהאַט דער מגיד ר׳ משולם נאַשעלסקער, זיין זשעסט און זיין פּאַטאָס.

אין די יאָרן פון מיין פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, אין דער צייט פון מיין אַגרעסיוון קאַמף קעגן קלעריקאַליזם, קעגן דער השפּעה פון קלער אין דער ייִדישער סביבה, געפירט בשעת מיין טעטיקייט אין בונד און אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג פון פּוילן, האָב איך זיך נישט איין מאָל דערמאָנט אין יענעם מגיד און אין זיינע דרשות.

די געשטאַלט און די דרשות פונעם מגיד פון אַרעלע סאַרדינערס שול פלעגט זיך מאַטעריאַליזירן אין צוויי עלעמענטן: איינער האָט געשטויסן אין דער ריכטונג פון אַ קנאי — פון דער לינקער זייט; דער צווייטער האָט געברעמזט און טאַרמאָזירט דעם אַנטי־רעליגיעזן קאַמף קעגן די אויפריכטיק פרומע.

די שטימע פונעם קנאי האָט געטענהט: זע, וואָס פאַראַ שעדלעכע ווירקונג ס׳האָט געהאַט דער מגיד פון אַרעלע סאַרדינערס שול אויף די צוהערערס, פריידיקנדיק אָבסקוראַנטיזם און פּאָליטישע רעאַקציע. מ׳דאַרף דעריבער די דאָזיקע עלעמענטן מיט אַלע מיטלען עוקר מן השורש זיין פון עפנטלעכן לעבן.

אַ צווייטע שטימע האָט מיט מיר איינגעטענהט: די פרומקייט פון זיידן, פון טאַטן און ענלעכע צו זיי איז דאָך געווען אַן אויפריכטיקע. צווישן די פרומע געפינען זיך אויך אַ סך האַרעפּאַשניקעס, טאָ פאַר וואָס רייצן זייערע געפילן?

נעם פאַר אַ ביישפּיל דעם מגיד ר׳ משולם נאַשעלסקער. וועגן זיין אויפריכטי־קער פרומקייט איז דאָך נישטאָ קיין ספק. און אַז זיין פלאַמיקער פּראָטעסט קעגן די גבירים, וואָס באַוועלן דעם אָרעמען מענטשן איז געווען אַן אויפריכטיקע, איז אויך אויסער ספק. פון אים און זיינע דרשות האָסטו אין דיינע יוגנטלעכע יאָרן צום ערשטן מאָל אין דער יידישער סביבה געהערט אַן עפנטלעכן רוף פאַר יושר — טאָ ווי קען מען קעגן אַזעלכע עלעמענטן פירן אַ קאַמף נישט איבערקלייבנדיק אין די מיטלען?

אַזוי האָבן זיך אונטערן איינפלוס פון דערמאָנטן מגידס דרשות געקרייצט מיינונגען און געדאַנקען וועגן דעם אופן און די מיטלען פונעם אַנטי־קלעריקאַלן קאַמף.

יאָרן זענען געלאָפן. אַן ערך פופציק יאָר זענען פאַרביי זינט איך האָב צום לעצטן מאָל געזען דעם מגיד פון אַרעלע סאָרדינערס שול און געהערט זיינע דרשות. אין משך פון דער צייט האָבן זיך וועלטן איבערגעקערט. כ׳בין געווען אַן עדות פון אַ סך גרויסע געשעענישן, הונדערטער זאַכן זענען פאַרלוירן געגאַנגען פונעם געדע־כעניש. צענדליגער און צענדליגער נעמען זענען אָפּגעווישט געוואָרן פון זכרון, אָבער די געשטאַלט פונעם מגיד איז געבליבן איינגענעסט אין מיין געדעכעניש. די קלאַנגען פון זיין שטימע, זיינע זשעסטן, זיין אופן פון רעדן, האָבן טיף זיך איינ־געקריצט אין מיין זכרון און אין מיין געמיט.

אַ גוטן ביישטייער צו מיין גייסטיקער אַנטוויקלונג האָט געמאַכט די יידישע קולטור־געזעלשאַפט „הזמיר" אין וואַרשע.

אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיך אין און אַרום „הזמיר" גרופּירט די עלעמענטן פון דער יידישער אינטעליגענץ און פון דער באַוווסטזיניקער יידישער אַרבעטערשאַפט, פאַר וועמען יידיש איז געווען „די" אָדער „אַ" נאַציאָנאַלע שפּראַך.

דער פּרעזעס פון „הזמיר" איז געווען ד"ר גרשון לעווין — איינער פון די אָנגעזעענסטע געזעלשאַפטלעכע טוערס און איינער פון די פּאָפּולערסטע און בעסטע מעדיצין־דאָקטוירים אין וואַרשע. אָבער דער רוח־החיים און די נשמה־יתרה פון „הזמיר" איז געווען י.ל. פּרץ.

די הויפּט־אַטראַקציע אין דער „הזמיר"־טעטיקייט זענען געווען די קעסטל־אָונטן. די צוהערערס פלעגן אָנשרייבן זייערע פראַגעס און דאָס אָנגעשריבענע אַריינלייגן אין אַ פאַרמאַכט קעסטל. אויף די קעסטל־אָונטן זענען די סעגרעגירטע פראַגעס און פּראָבלעמען עפנטלעך באַהאַנדלט געוואָרן דורך רעפערענטן, וואָס דער

„הזמיר" האָט צוגעשטעלט, און פון דיסקוטאַנטן פון צווישן די באַזוכערס. גאַנץ אָפט זענען די באַהאַנדלטע ענינים געווען גאַנץ קיצלדיקע: אַ מאָל פון שטאַנדפונקט פון דער פּראָבלעמאַטיק, און אַ מאָל פון שטאַנדפונקט פון צאַרישן רעזשים.

די מערסטע רעפערענטן זענען געווען יידישע שרייבערס: נאָמבערג, טשעמע־רינסקי (ר' מרדכילע) און אַנדערע — און י. ל. פּרץ גופא. די באַזוכערס פלעגן אָבער מיט אומגעדולד וואַרטן אויף אַן אַרויסטריט פון לאַזאַר עפּשטיין, וועמען י. ל. פּרץ האָט גערופן „דער קלענסטער אָבער בריליאַנטנסטער אָפּאָנענט" און זיך צו אים באַצויגן מיט אַ סך רעספּעקט.

לאַזאַר עפּשטיין, אַ נידעריק־וווקסיקער, אַ פּיזיש־דעפאָרמירטער, איז אויפן פּאָרום פון „הזמיר" געווען די שטימע און דאָס געוויסן פון דער ראַדיקאַל־געשטימטער וואַרשעווער יידישער יוגנט אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

זיין שטימע האָט געהאַט אַ זעלטן פיינעם קלאַנג, די שפּראַך איז געווען אַ שפּרודל־דיקע, דער אופן און די פאָרעם פון רעדן אַ גלענצנדיקע, די אַרגומענטאַציע אַ טיפע און דער אינהאַלט — אָנגעפּיקעוועט מיט אַ סאָציאַלן אינהאַלט. זיינס אַן אַרויסטריט איז דורך דער מערהייט צוהערערס אויפגענומען געוואָרן מיט דער גרעסטער באַגייסטערונג. מ'האָט ליבער געהאַט צו הערן לאַזאַר עפּשטיינען ווי אַפילו י. ל. פּרצן.

ווען כ'האָב אָנגעהויבן באַזוכן די אימפּרעזעס פון „הזמיר" איז שוין געווען נאָך די לענער געשעענישן. די יידישע אַרבעטער־גאַס איז געווען שוין אויפגע־אַקערט און אָנגעפּילט מיט רעוואָלוציאָנערער זריעה. לאַזאַר עפּשטיין איז מיט דעם אינהאַלט פון זיינע אַרויסטרעטונגען, פּלוס מיט זיין וווּנדערבאַרן רעדנער־טאַלאַנט, געווען אויפן פּאָרום פון „הזמיר" דער אָביעקטיווער שליח און וואָרטזאָגער פונעם אויפגעוואַכטן קלאַסן־ און רעוואָלוציאָנערן באַוווּסטזיין פון די יידישע אַרבעטער, פון די נויטן פון די יידישע פאָלקסמאַסן און פון דער שטימונג פון די נייע קאַדרען פון דער ראַדיקאַל־געשטימטער יידישער אינטעליגענץ.

נאָך איצט קלינגט אין מיינע אויערן אַן אַקאָרד פון לאַזאַר עפּשטיינס אַ רעדע: „נייע ציטן — אַלטע לידער, נייע מענטשן — אַלטע קאַמף־טראַדיציעס".

מיינע אָפטע באַזוכן פון די „הזמיר"־אימפּרעזעס, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן אַן ערך אָנהייב 1913, זענען געווען אַ ברכה פאַר מיין גייסטיקער אַנטוויקלונג. דאָס גערעדטע וואָרט איז געוואָרן אַ דערגאַנצונג צום געדרוקטן. דער אינהאַלט פון די רעפעראַטן, פאָרווערטער און די דיסקוסיעס זענען פאַר מיר געווען אַן אוצר פון ידיעות און אינפאָרמאַציע וועגן ענינים פון ליטעראַטור און קונסט און, דער עיקר, וועגן סאָציאַלע ענינים. די אַרויסטרעטונגען פון טשעמערינסקי און, הויפּטזעכלעך, פון לאַזאַר עפּשטיין, האָבן סטימולירט אַ סאָציאַליסטיש פילן און דענקען און אומ־דירעקט אידעיש געפירט צום סאָציאַליסטישן לאַגער.

מיינע האָריזאָנטן האָבן אָנגעהויבן ברייטער ווערן, דאָס געלייענטע מאַטעריאַל

— פֿאַרשטענדלעכער און אינהאַלטספולער. דאָס געדרוקטע און דאָס גערעדטע וואָרט האָט מיך געשטויסן ערנסטער זיך צו פֿאַרטראַכטן וועגן זיך ווי אַ יחיד און וועגן מיין פֿערזאָן ווי אַ טייל פֿונעם כּלל, — קלאַס און פֿאָלק, — און בעסער צו פֿאַרשטיין און צו באַנעמען די פּראָבלעמען פֿון יחיד און כּלל, פֿון וועלט און צייט.

**י. ל. פּרץ!**

דאָס לייענען די ווערק, די לויפֿנדיקע צייטונג־אַרטיקלען, און דאָס הערן אין „הזמיר״ רעדעס פֿון י. ל. פּרץ האָט נישט פֿאַרפֿעלט צו האָבן איר ווירקונג אויף מיין גייסטיקער אַנטוויקלונג.

דער דעוויז פֿון פּרצן: זיי אַ מענטש און אַ ייִד און אַ ייִד און אַ מענטש, און טייל נישט אָפּ איינס פֿון ס׳אַנדערע, איז אַריין אין מיינע רמ״ח־אברים. זיין געזעלשאַפֿטלעכער ראַדיקאַליזם און נאַציאָנאַל־ייִדישע זעלבדערקענטעניש איז געוואָרן דער „אני־מאמין״ פֿון מיין געזעלשאַפֿטלעך און פּערזענלעך לעבן.

געווען בין איך דאָך אַ לעגיטים קינד פֿון דער פּרץ־תּקופֿה, פֿון די דורות, וואָס זענען דערצויגן און אויפֿגעהאָדעוועט געוואָרן אונטער פּרצס איינפֿלוס. וואָס פֿאַראַ פּאָליטיש געזעלשאַפֿטלעכן וועג אַ ראַדיקאַל געשטימטער ייִדישער יונגערמאַן אין די יאָרן פֿון 1907—1914 זאָל זיך נישט האָבן אויסגעקליבן, האָט אים דער תּוך פֿון פּרציזם באַגלייט אויף זיין לעבנסוועג.

דער דאָזיקער איינפֿלוס איז אַריינגעדרונגען אַפֿילו אין די רייען פֿון דער ס.ד.ק.פּ.ל., פֿון דער אולטראַ אַסימילאַטאָרישער סאָציאַליסטישער ריכטונג, וואָס האָט געהאַט אַ געוויסע, אמת אַ קנאַפּע, ווירקונג אין דער ייִדישער אַרבעטער־סביבה אין פּוילן, און באַווירקט דעם ייִנגערן דור ייִדישע מיטגלידער. ווי אַ ביישפּיל קאָנען דינען דער שרייבער און טעאַטראַל וואַסערמאַן, דער זשורנאַליסט דוד ריכטער, דער פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכער טוער, דער טשענסטאָכאָווער לעדער־אַרבעטער שלמה אַנקערמאַן.

אַוודאי זענען געווען מיינונג־פֿאַרשידנקייטן און אַפֿילו שטרייטן צווישן דער ראַדיקאַל־געשטימטער יוגנט און פּרצן, וואָס האָט דערפֿירט צום באַקאַנטן אינציִדענט מיטן דערלאַנגען פּרצן אַ מחזורל בעת זיינס אַ שפּאַציר אין זאַקסישן גאָרטן. דאָס זענען אָבער געווען רייסערייען און ווידעראַנאַנדן ווי צווישן אַן אינטעליגענטן קלוגן פֿאָטער און זיינע פֿעיִקע אינטעליגענטע און קלוגע קינדער.

מיך און הונדערטער אַנדערע ווי איך, האָט די י.ל. פּרץ־השפּעה אומדירעקט געפֿירט צום בונד. און ווען כ׳האָב אָנגעהויבן לייענען די לעגאַלע בונדישע וואָכנשריפֿט „די צייט״ בין איך שוין אָרגאַניש פֿעיִק געווען צו באַנעמען דעם אינהאַלט און דעם געדאַנקען־גאַנג פֿון דער וואָכנשריפֿט — דער פּרציזם האָט מיך דערצו צוגעגרייט.

ס׳איז דעריבער נישט קיין ווונדער, וואָס אין דער צייט פון מיין עפנטלעכער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין די יאָרן פון 1915—1922 איז איינער פון מיינע רעפעראַטן געווען: „די ראָלע פון י. ל. פּרץ אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן״. מיין פּיעטעט פאַר פּרצן איז געווען די סיבה, אַז די פּרץ־טעמע זאָל זיין איינע פון מיינע באַליבסטע טעמעס און זאָל גוט און וואַרעם אויפגענומען ווערן פון די צוהערערס, אין וואַרשע און אויף דער פּראָווינץ.

י. ל. פּרצס ראָלע אין מיין גייסטיקער אַנטוויקלונג קען נישט געשריבן ווערן ווי אַ פּריוואַטער ענין. דאָס איז פאַרבונדן מיט פּרצס ראָלע ווי אַ דערציִער פון דער ראַדיקאַל־געשטימטער יידישער יוגנט און מיט זיין ראָלע אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. דאָס איז אָבער אַ טעמע פאַר אַן אָפּהאַנדלונג און נישט אין דעם קאָנטעקסט פון מיינע מעמואַרן. אַזאַ אַרבעט איז אויך נישט פאַר מיינע מעגלעכקייטן און פאַר מיין פעדער.

אויף די דאָזיקע טעמעס איז ביז איצט — אויף וויפל איך ווייס — קנאַפּ געשריבן געוואָרן. דאָס וואַרט אויפן פּרצאַלאַג און אויף דעם געשיכטע־שרייבער פון יידישן לעבן אינעם אַמאָליקן פּוילן.

געווען בין איך נישט נאָר אַ קינד פון דער פּרץ־תּקופה, נאָר אויך פון דער צייט און די אומשטענדן. די צייט פון מיין גייסטיקער אַנטוויקלונג זענען געווען יאָרן פון רעאַקציע. דער יידישער קיבוץ אין וואַרשע איז נישט באַשטאַנען בלויז פון ליכטיקע פּונקטן, ער האָט געהאַט אויך זיין שאָטנדיקע זייט: אַ זומפּ, אַן אונטערוועלט מיט אירע סעקטאָרן, הערשטן און לאַפּיטוטנס.

נאָך דער מפּלה פון דער רעוואָלוציע פון 1905, אין די יאָרן פון בלוטיקן צאַרישן טעראָר־רעזשים, האָבן זיך אין דער וואַרשעווער יידישער סביבה אָנגעפּלאָדיעט באַנדעס פון לאָבוסעס און קאָמבינאַטאָרן.

חוץ די עלעמענטן פון דער „נאַרמאַלער״ אונטערוועלט: כּלעריי גנבים, ווייסער שקלאַפן־האַנדל, פּאַסערס אד״גל, האָבן אויף אַ חוצפּהדיקן אופן גראַסירט צוויי קאַטעגאָריעס חברה־לייט: כּוח־גייערס און פּרעטענסיע־נעמערס, וועלכע האָבן באַרויבט און טעראָריזירט די יידישע באַפעלקערונג און געוואָרן די שרעק פון דער וואַרשעווער יידישער גאַס.

געהאָדעוועט אין די גאַסן, באַוווינטע פון דער פּוילישער און יידישער אָרעמקייט — האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף די זומפּ־עלעמענטן און מאַנכע פון זיי זענען מיר געווען אַפילו פערזענלעך גוט באַקאַנט. מיין פאַרשאַרפטע נטיה זיך צוצוקוקן צו אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אַרום מיר, האָט מיך אויך באַוויגן זיך צו אינטערעסירן מיט דעם, וואָס ס׳קומט פאָר אין דעם דאָזיקן וועלטל, צו זיין אַ צושויער פון די עקלהאַפטע מעשׂים פון די פּרעטענסיע־נעמערס און די אָפּעראַציעס פון די כּוח־גייערס. איך האָב אויך געזען דעם קאַמף, וואָס איז קעגן די דאָזיקע עלעמענטן

געפירט געוואָרן אין די יאָרן 1914—1913, געוווּסט פון זייער „גלאָריע" און געווען אַן עדות פון זייער אונטערגאַנג.

אָבער נישט געקוקט, וואָס איך בין געווען אַן אָפּטער אַריינגייער אין די נעסטן פון די דאָזיקע באַנדעס, בין איך, צום גליק, פון דער דאָזיקער חברה נישט באַאייַנפלוסט געוואָרן און צו מיר האָט זיך נישט צוגעקלעפּט קיין שמץ פון זייער שמוץ. אַ געוויסער אויסנאַם איז געווען מיין קליידונג, וואָס איז געווען ענלעך צו דער קליידונג פון די בלאַטנע יינגלעך: זומער — אַ צווייריייִק גראַנאַטענער אַנצוג, לאַקירטע אָדער געלע לאַטשן מיט דריי קנעפּלעך אין דער זייט, אַ שטרויענער קאַפּעליוש און אין דער האַנט אַ שפּיצרוט פון אַ זילבער־קאָליר און אַ יאַ־יאַ; ווינטער — געמזענע שטיוועלעך מיט לאַקירטע פעסלעך־כאָלעווס, אַ מאַנטל מיט אַ שאַליאָוון פוטערנעם קאָלנער און מיט אַ גרוי באַראַנקאָווע היטל. די דאָזיקע קליידונג איז געווען מער אַ צולהכעיס דער מאַמעס פוריטאַניזם ווי אַ רעזולטאַט פונעם איינפלוס פון די דעק־עלעמענטן. די דאָזיקע קליידונג האָט מיר אָבער נישט געשטערט צו באַזוכן אַרעלע סאָרדינערס שול און הערן דעם מגידס ר' משולם נאַשעלסקערס אַ דרשה, צו באַזוכן די אימפּרעזעס פון „הזמיר" און צו מאַכן מיין אַריינטריט ווי אַן אַקטיוויסט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

דאָס אָבסערווירן דאָס לעבן פון דער אונטערוועלט — זייערע מנהגים, זיטן, מאָראַל און פירונגען — איז מיר גוט צו נוץ געקומען אין מיין שפּעטערדיקן לעבן, אין מיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און אין דער צייט פון מיין פאַרברענגען אין די תפיסות ווי אַ פּאָליטישער אַרעסטאַנט.

און ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט קלינגען, באַטראַכט איך מיין אָבסערווירן די זומפּ פון יידישן קיבוץ אין וואַרשע פאַר אַ בייטראַג אין מיין גייסטיקער אַנטוויקלונג.

אין די פינף יאָר, פון 1909 ביז 1914, האָט מיין גייסטיקע אַנטוויקלונג דורכגעמאַכט אַ שווערן וועג — און מיט אַ געוויסן דערפּאָלג.

כאָטש רעדן, לייענען און שרייבן איראָפּעיִשע שפּראַכן, שרייבן יידיש און רעכענען אויף פּאַפּיר — האָב איך נאָך אַלץ נישט געקענט, און אין דער הינזיכט בין איך ווייטער געבליבן כמעט אַן אַנאַלפאַבעט, האָב איך פון דעסטוועגן אין פאַרלויף פון די פינף יאָר זיך דערשלאָגן באַדייטנדיקע גייסטיקע רעסורסן.

מיין אַנטוויקלונג און מיינע קענטענישן, ספּעציעל אויפן געביט פון דער יידישער ליטעראַטור, טעאַטער און מוזיק, און פון די וויסנשאַפטן וואָס האָבן געהאַט אַ תיקון אין דער יידישער שפּראַך — איז געווען אַ גאַנץ קענטיקע. קיין וואָזשנער למדן בין איך נישט געווען, אָבער פאַר קיין איגנאָראַנט וואָלט מען מיך שוין אויך נישט געקענט באַטראַכטן.

פאַרשיידענע פאַקטאָרן, און אויך מענטשן, האָבן געווירקט און באַווירקט דעם גאַנג פון מיין גייסטיקער אַנטוויקלונג זינט דעם טאָג ווען כ'בין געוואָרן אַ לערן־

ייִנגל ביי אַ מעטאַל־טאָקער ביז מיינע ערשטע שריט פון אַ געזעלשאַפטלעכן טוער. אָבער דער וויכטיקסטער פון אַלע פאַקטאָרן איז געווען, און איז נאָך עד־היום, דאָס וואָרט: דאָס געדרוקטע און דאָס גערעדטע וואָרט.

נישט גרינג איז מיר אָנגעקומען דורכצומאַכן די ערשטע פאַזע פון מיין גייסטיקער אַנטוויקלונג. שווער איז געווען דער פּראָצעס — אָבער אייגנאַרטיק.

## אויף אייגענע פיס

נאָך מיין פאַרלאָזן דעם וואַרשטאַט פון ר׳ שמשון זילבערבערג האָב איך ווי אַ פאַכמאַן געמוזט זיך שטעלן אויף אייגענע פיס, אַליין פאַרשטיין און אויספירן די אַרבעט, וואָס איז מיר געגעבן געוואָרן און נישט רעכענען אויף עמעצענס הילף.

די לער און אַרבעט ביי ר׳ שמשון זילבערבערג איז געווען אַ נישט געשריבענער אַטעסטאַט און געעפנט פאַר מיר די טיר פון יעדער מעטאַל־טאָקער־פאַבריק. די פאַרלאַנגטע פון מיר 7 רובל אַ וואָך האָב איך אָן שוועריקייטן געקריגן. דאָס האָט אָבער געהאַט אויך אַ נעגאַטיווע זייט: מ׳האָט פון מיר דערוואַרט מער ווי איך האָב געקענט באַווייזן, אין קוואַליטעט אָדער אין קוואַנטיטעט.

איך האָב אָנגעהויבן וואַנדערן איבער די וואַרשטאַטן. טייל זענען מיר נישט געפעלן; מ׳האָט נאָך געאַרבעט אויף דעם אַלטן שטייגער, מיט אַ פּעדאַל געטראָטן מיט אַ פוס, וואָס ס׳איז מיר פיזיש שוין געפאַלן שווער. ביי ר׳ שמשון זילבערבערג זענען די טראַנסמיסיעס שוין מער ווי אַ האַלב יאָר געלאָפן מיט דער קראַפט פון עלעקטריציטעט. אַנדערע האָבן זיך געפונען אין נישט באַקוועמע לאָקאַלן, אין קעלערס, אָדער אַרויסגעגעבן זייער אַ ביליקע אַרבעט. געווען אויך וואַרשטאַטן, ווו די באַלעבאַטים זענען נישט געווען פון מיר צופרידן: מאַנגל פון קוואַליטעט, צו הויכער פּרייז, אָדער אַ נישט גענוגנדיקע צאָל אַרויסגעגעבענע אַרבעט. גע־שטרעבט האָב איך צו קריגן אַן אַרבעטפּלאַץ אין איינער פון די גרויסע און רענאָ־מירטע פאַבריקן.

אין צוויי ערטער האָב איך בדעה געהאַט צו בלייבן אַ לענגערע צייט. אויך די באַלעבאַטים זענען געווען פון מיר צופרידן. ס׳זענען אָבער געשען פאַרפאַלן, וואָס האָבן מיך נישט דערלאָזט דאָרט צו לאַנג צו פאַרבלייבן.

דער וואַרשטאַט אויף דער עלעקטאָראַלנע־גאַס נומער 14 אין וואַרשע האָט געהערט צו אַ געוויסן פיינשטיין, אַ ברודער פון דעם דעמאָלט באַקאַנטן אַקטיאָר און זינגער פיינשטיין. דער אייגנטימער איז געווען אַן אינזשעניר, אַן אַסימילירטער ייִד, וואָס האָט גערעדט אַ צעבראָכענעם ייִדיש. דער וואַרשטאַט איז געווען זיינע

אַ ירושה־זאַך און פּראָדוצירט אַן איינציק אַרטיקל: וואַסער־וואַנטילן. געווען איז דאָס אַ גרעסער פֿאַבריקל פֿון אַ 15 אַרבעטער און באַשטאַנען פֿון בײדע פֿאַכטײלן — פֿון אַ טאָקער־ווערקשטעל און אַ גיסערײ.

דער וואַרשטאַט איז אָנגעפֿירט געוואָרן פֿון פֿײנשטײנס אַ שוואָגער מיטן נאָמען איגנאַץ, אַ געענדיקטער פֿון וואַוועלבערגס טעכנישער שולע — אַ גוטער פֿאַכמאַן פֿון בײדע פֿאַכטײלן און אײנער פֿון די קוואַליפֿיצירטסטע גיסערס.

די וואַנטילן האָבן געהאַט הוילקײטן. אַ פּראָדוקט, וואָס האָט געהאַט הוילקײטן, האָט מען פֿאַרן גיסן געדאַרפֿט אין די פֿאָרמען אַרײנלײגן אַן אַנטשפּרעכנדיקן קעגנ־שטאַנד, וואָס מ׳האָט אין פֿאַך־לשון גערופֿן „קערנער״. די קערנער זענען געמאַכט געוואָרן פֿון אַ געמיש פֿון ליים, וואָס מען נוצט צו די פֿאָרמען און פֿון אָפּפֿאַל פֿון אַ קו.

אײן מאָל גיט מיר איגנאַץ אַ באַפֿעל כ׳זאָל נעמען אַ שעפּל, גײן אין אַ דער־נעבנדיקן קושטאַל ברענגען אַ שעפּל מיט קואָפּפֿאַל. איך האָב זיך אָפּגעזאָגט צו גײן, באַטראַכטנדיק זײן פֿאַרלאַנג ווי אַ פּחיתת־הכּבֿוד פֿאַר אַ טאָקער־געזעלן. איג־נאַץ איז צוגעשטאַנען צו מיר און געפֿאָדערט כ׳זאָל תּיכּף גײן און ברענגען דאָס קומיסט. די אַרבעטער האָבן אים געגעבן גערעכט און געטענהט צו מיר: איגנאַץ און די אַנדערע גיסערס האַלטן אין מיטן גיסן און יעדער אײנער, צו וועמען ער וואָלט זיך איצט געווענדט, וואָלט געמוזט איבעררײַסן די אַרבעט און זאָלבסט גענעמען דאָס שעפּל און געבראַכט דאָס נײטיקע מאַטעריאַל.

אין פֿײנשטײנס וואַרשטאַט האָט זיך צווישן די אַרבעטער געפֿונען אײנער פֿון די „מיוחסדיקע״ פֿאַרטרעטערס פֿון דער אונטערוועלט, פּוליע מאַטש, אײנער פֿון די ברידער פֿון דער אונטערוועלט־דינאַסטיע, וואָס מ׳האָט גערופֿן די מאַטשעס.

פּוליע מאַטש איז געווען אַ הויכער, שײנער, גאַנץ אינטעליגענטער, עלעגאַנט געקלײדטער און גוטמוטיקער בחור, אָבער אויך אַ פּראָפֿעסיאָנעלער אַלפֿאָנס און אַ באַרימטער מעסער־שטעכער. ער איז געווען אַ גוטער בעל־מלאכה, געקומען און אָוועקגעגאַנגען פֿון דער אַרבעט ווען ער האָט געוואָלט, געאַרבעט האָט ער בײַ פֿײנשטײנען, כּדי צו מאַסקירן זיך פֿאַר דער פּאָליצײ.

אויך פּוליע מאַטש האָט מיך געהײסן גײן ברענגען דאָס קומיסט. איך האָב ווידער קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. פּוליע מאַטש איז צו מיר צוגעגאַנגען, דערלאַנגט עטלעכע אָרנטלעכע שטורכאַצעס, אַרויסגעוואָרפֿן מיך פֿון וואַרשטאַט, מיר נאָכגע־וואָרפֿן דאָס קאַפּעטל, אַלײן גענומען דאָס שעפּל און אַוועק ברענגען דאָס קומיסט.

אין מײַנע שפּעטערע יאָרן האָט דער דאָזיקער פֿאַרפֿאַל מיר געדינט פֿאַר אַ גוטע לעקציע ווי ווײַט ס׳מעג און ס׳קען גײן בײַ אַ מענטשן זײַן גדלות און פּחיתת־הכּבֿוד.

דער וואַרשטאַט פֿון לאַנגן בער האָט זיך געפֿונען הינטער דער שטאָט וואַרשע, אין מאָקאָטאָוו, און האָט אַנטשפּראָכן מײַנע דעמאָלטדיקע קוואַליפֿיקאַציעס און אַרבעט־באַדינגונגען.

דאָס איז געווען אַ מאָדערן־איינגעאָרדנטער טאָקער־וואַרשטאַט און גיסעריי אין באַקוועמע לאָקאַלן און אין צוויי באַזונדערע אָפּיצינעס אין דעם זעלבן הויז.

דער באַלעבאָס, דער לאַנגער בער, איז געווען אַ גוט־קוואַליפיצירטער טאָקער, די פּראָדוקציע — פון אַ געהעריקער קוואַליטעט. געווען איז אָבער דער לאַנגער בער אַ טובערקולאָז־קראַנקער, מיט אָפּטע בלוטשטורצן. געהאַלטן האָט ער אַנט־שפּרעכנדיקע מענטשן און געצאָלט גוטע שׂכירות. די פרוי האָט אים געהאָלפן געשעפטלעך פירן די אונטערנעמונג.

דער אָנפירער פון דער גיסעריי איז געווען אַ יונגער צוואַנציק־יאָריקער אַרבע־טער, אַ הויך־קוואַליפיצירטער באַלמעלאָכע, איינער פון די געציילטע ייִדישע גיסערס, וואָס האָט געקענט פאָרמעווען די קינסטלערישסטע פיגורן און די אויסגע־הוילטסטע קעגנשטאַנדן, און אויך שטעלן פאַרן טיגל די פיגור פון יעדן מין גאָס. ער איז, פאַרשטייט זיך, געווען אויך אַ גוטער פאַרדינער. זיין נאָמען איז אויך געווען פוליע, אין פאַך האָט מען אים גערופן „פוליע ממזר”. געווען איז ער אַ זון פון איינעם פון די עלטסטע פאַכלייט, וועמען מ׳האָט אין דער פּראָפעסיע גערופן יאַנקל פּופּקע. פוליע איז צו זיינע צוואַנציק יאָר געווען פאַרהייראַט און שוין געהאַט אַ קינד. דאָס איז צו יענער צייט אין וואַרשע געווען אַ זעלטנקייט צווישן באַלמעלאָכעס אין זיין עלטער.

מיט אַ מאָל זענען אין טאָקער־ווערקשטעל דערגאַנגען גרויליקע געשרייען. טראָץ דער סעפּאַראַציע פון דער גיסעריי, דעם גערויש פון די טראַנסמיסיעס און פונעם טאַקן, האָט זיך דאָס געשריי אַריינגעריסן דורך די פאַרמאַכטע פענצטער. די אַרבע־טער פונעם טאָקער־ווערקשטעל און דער לאַנגער בער האָבן געלאָזט לויפן די טראַנסמיסיעס און אַוועק אין דער גיסעריי זען, וואָס עס איז געשען, און דערזען האָבן זיי דאָרט אַ שוידערלעך בילד: פוליע איז געלעגן אַן אָפּגעקאָכטער פונעם פליסיקן גאָס, וואָס דער טיגל האָט אויף אים אַרויפגעגאָסן. אויך די אַנדערע אַרבע־טער זענען געווען פאַרוווּנדיקט. ווען די גיכע הילף איז געקומען, האָט דער דאָקטער שוין געפונען פוליען אַ טויטן און אים אַוועקגעפירט אין פּראָסעקטאָריום.

דער אומגליקפאַל האָט אויף די אַנוועזנדיקע געמאַכט אַ שרעקלעכן איינדרוק, און טעג זענען פאַרגאַנגען איידער מען איז מסוגל געווען זיך צוריק צו נעמען צו דער אַרבעט. פאַר דעם לאַנגן בער איז דער אומגליקפאַל געווען פאַטאַל. קורץ נאָך דעם פאַרפאַל האָט ער באַקומען אַ בלוטשטורץ און איז געשטאָרבן.

פוליעס לוויה איז געווען איינע פון די גרעסטע אין דער געשיכטע פון דער פּראָפעסיע. די פאַבריקן און וואַרשטאַטן זענען אין טאָג פון דער לוויה געווען געשלאָסן. די אַרבעטער פון פאַך זענען מאַסנווייז געקומען באַגלייטן דעם מת צום בית־עולם. געקומען זענען אויך אַ גרויסע צאָל באַלעבאַטים פון די פאַבריקן און וואַרשטאַטן.

ביי די אַרבעטער פון פאַך האָט דאָס אומגליק מיט פוליע ממזר אַרויסגערופן

ממש אַ מיסטעריעזע שרעק. נישט אַזוי דער פּאַרפּאַל גופא, נאָר די, לויט זייער מיינונג, סיבה פון אומגליק. די אַרבעטער זענען געווען זיכער, אַז דאָס אומגליק איז געשען צוליב זיין מוטערס אַ קללה, צוליב דעם, וואָס די מוטער זיינע האָט אים פאַרשאָלטן. און פאַרשאָלטן זאָל די מוטער אים האָבן דערפאַר, ווייל ער האָט קעגן איר ווילן חתונה געהאַט מיט אַ מיידל מיטן נאָמען פערל, ווי זיין מאַמע האָט געהייסן.

צווישן יידישן עולם, און באַזונדערס צווישן יידישע ווייבער, האָט געהערשט דער אַבערגלויבן, אַז די שוויגער און די שנור טאָרן נישט האָבן דעם זעלבן נאָמען, אין קעגנפאַל וועט איינע פון זיי שטאַרבן, די שוויגער אָדער די שנור. בשעת אַ קריגעריי זאָל פוליעס מוטער האָבן אים געשאָלטן און פאַרשאָלטן. די קללה, האָבן די אַרבעטער אין פאַך געגלויבט, האָט זיך אָנגענומען און דער גזר־דין איז אויסגעפירט געוואָרן אויף אַ גרויזאַמען אופן.

אין די יאָרן פון מיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט האָבן דער טראַגישער אומגליקפאַל מיט דעם גיסער פוליע, און דער טויט פון מיין יונגן חבר איסר, אַן עלעקטראָ־מעכאַניק, וועלכער איז געהרגעט געוואָרן דורך אַן עלעקטרישן שאָק אויפן דאַך פון אַ פאַבריק פון דער „אוניאָן לוקסעמבורגישע געזעלשאַפט" אין דאָרט־מונד, דייטשלאַנד, וועסטפאַליען, אין 1916, און כ'האָב אים געזען אַ טויטן אין פּראָ־סעקטאָריום אין דאָרטמונד — געדינט ווי לעבעדיקע ביישפילן פאַר דער נויטווענ־דיקייט צו פירן אַ קאַמף פאַר אַרבעטשוץ, פאַרזיכערונג פון אַרבעט־פאַרפאַלן, קאָמ־פענסאַציע פאַר אַרבעט־אינוואַלידן און פאַר זייערע פאַמיליעס.

פאַר פסח פון יאָר 1913 האָב איך זיך געשטעלט אַרבעטן אין אַ קליינעם וואַר־שטאַט אויף מוראַנאָווסקע 34 און געאַרבעט דאָרט ביז פאַר ראָש־השנה.

באַשעפטיקט אין דעם וואַרשטאַט זענען געווען נישט מער ווי צוויי מענטשן — דער אייגנטימער און זיינס אַ ברודער, ביידע חסידישע יידן. פאַבריצירט האָט מען דאָרט אויסשליסלעך טיילן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו דער סאָדע־וואַסער־פאַבריקאַציע. ווינטער פלעגן די צוויי ברידער צוגרייטן אַ זאַפּאַס פון טיילן פאַר די סאָדע־וואַסער־מאַשינען און אויך מעשענע קעפּלעך פאַר די קופּערנע באַלאָנען און גלעזערנע סיפאָנען. אויפן זומער־סעזאָן איז צוגענומען געוואָרן נאָך אַן אַרבעטער.

אין דעם דאָזיקן וואַרשטאַט האָב איך אַ סך געזען, מאַטעריעל און פאַכמעניש.

חוץ די זיבן און אַ האַלבן רובל אַ וואָך שכירות פאַר אַ 52 שעהדיקער אַרבעט־וואָך האָב איך אויך געאַרבעט אַ סך איבערשעהען, פאַר וועלכע מ'האָט געצאָלט מער מיט 25 פּראָצענט, און געקריגן אויך היפּשע „בירגעלטער" פון די אייגנטימערס פון די סאָדע־וואַסער־פאַבריקלעך פאַר רעפּערירן זייערע קאַליע־געוואָרענע מאַשינ־טיילן.

אין די פאַר חדשים האָב איך זיך לייטיש אויסגעקליידט, גוט דערנערט, געגעבן דער מאַמען דריי און אַ האַלבן רובל אַ וואָך פאַר שלאָפן, וועש און שבתים, געהאַט

גענוג געלט זיך צו פֿאַרווײַלן און ס'איז מיר נאָך געבליבן אַ פּאָר קערבלעך אויף אַ נויטפֿאַל.

אויך פֿאַכמעניש האָב איך אין די פּאָר חדשים אַ סך געוואונען. דאָס אַרבעטן מערסטנטייל ביי רעפּאַראַטורן פֿון ביז דאַן מיר אומבאַקאַנטע טיילן פֿון מאַשינען, טייל מיט קאָמפּליצירטער טאָקער־אַרבעט, האָט אויסגעברייטערט מיין פֿאַכמענישע פּראַקטיק. די אָנווייזונגען אין דער אַרבעט פֿון דעם עלטערן אַרבעטער, וואָס זענען מיר געגעבן געוואָרן מיט אַ ברייט האַרץ און מיט פֿאַכמענערישער קענטעניש, האָט מיר דערוואָרבן אַ סך באַלמעלאָכיש וויסן.

פֿאַרלאָזן האָב איך דעם דאָזיקן וואַרשטאַט מיט באַדויער. מיט רעספּעקט פֿאַר דעם עלטערן אַרבעטער און מיט דאַנקבאַרקייט פֿאַר דעם אייגנטימער און זיין פֿאַמיליע.

פֿאַר ראָש־השנה 1913 האָב איך זיך געשטעלט אַרבעטן אין זאַקסענבערגס פֿאַבריק אויף באָניפֿראַטן־גאַס נומער 41.

זאַקסענבערגס פֿאַבריק האָט זיך גערעכנט פֿאַר איינער פֿון די גרעסטע, עלטסטע און סאָלידסטע. אַן אַרבעטער פֿלעגט דאָרט אַרבעטן אַ סך יאָרן. פֿאַבריצירט זענען געוואָרן אַלערליי מעשענע טיילן צו וואַסער־לייטונג און צו גאַז. די קוואַליטעט פֿון דער אַרבעט איז געווען אַ מיטלמעסיקע. כאָטש דער אַרבעטס־פּראָצעס איז שוין געווען היפּשלעך ראַציאָנאַליזירט, איז די אַרבעט נישט געווען מאָנאָטאָן. פֿאַכמעניש האָב איך זיך אין דעם אַרבעטפּלאַץ גוט איינגעפּאַסט און די אַרבעט־באַדינגונגען זענען געווען דערטרעגלעכע.

דער אָנפֿירער פֿון דער פֿאַבריק איז געווען זאַקסענבערגס ייִנגסטער זון, קאָפּל, אַ געענדיקטער פֿון וואַוועלבערגס טעכנישער שולע. אַליין האָט ער נישט געאַרבעט, אָבער פֿאַכמעניש באַהערשט ביידע פֿאַכטיילן, פֿון דער טאָקעריי און פֿון דער גי־סעריי. פֿון צייט צו צייט פֿלעגט ער באַטראַכטן די אָפּגעטוענע אַרבעט, אַ מאָל זיך אויך צוקוקן צו דעם אופֿן ווי דער באַלמעלאָכע טוט זיין אַרבעט און אַ מאָל אויך זאָגן זיין מיינונג וועגן דעם אופֿן פֿון יענעמס אַרבעט, געבן אַן עצה אָדער אַן אָנווייזונג.

קאָפּל איז געווען אַ הויכער, אַ שיינער, נישט קיין נאַר, אָבער פֿון די קלוגע וועמען ס'פֿעלט אַ טראָפּן זאַלץ אין דער חכמה. ער איז געווען סאָציאַליסטיש גע־שטימט. מיט קאָפּלען האָב איך נישט געהאַט ביי דער אַרבעט קיין שוועריקייטן און כ'בין גאַנץ גוט מיט אים אויסגעקומען.

אין זאַקסענבערגס פֿאַבריק האָט זיך פֿאַר מיר געעפֿנט אַ ברייט פֿעלד פֿאַר אָבסערוואַציע פֿון טיפּן און מענטשלעכע כאַראַקטערן, אַ קוואַל פֿון ידיעות און אינפֿאָרמאַציעס וועגן לעבן פֿון די אַרבעטער אין דער פֿאַבריק, אין דער פּראָפֿעסיע, אין לאַנד און אין דער גאַרער וועלט.

דער אַלטער זאַקסענבערג, דער באַלעבאָס פון דער פאַבריק, איז געווען פּאַראַ־ליזירט אויף איין זייט און איז באַזייטיקט געווען פון דער אָנפירונג. יעדן טאָג אין דער פרי איז ער געזעסן אין קאָנטאָר־שטיבל און זיך צוגעקוקט ווען די אַרבע־טער קומען צו דער אַרבעט. האָט ווער, חלילה, פאַרשפּעטיקט, פלעגט ער מאַכן געוואַלדן, קלאַפּן מיטן שטעקן און אַפילו נישט אַריינלאָזן. ער פלעגט אויך פרייטיק יעדן אַרבעטער אויסצאָלן די שׂכירות און מאַרודזשען, אַז די אַרבעטער באַרויבן אים. פון צייט צו צייט פלעגט ער זיך אַרויפשלעפּן אין טאָקער־וואַרשטאַט, בלייבן שטיין אַ ווײַלע ביי איינער פון די טאָקאַרניעס, אָנהייבן קלאַפּן מיטן שטעקן אין דער פּאָדלאָגע און שרייען: „דרערדליגער, אַ בעל־מלאכה ביסטו? אַ דרערדליגער ביסטו! קיין צוויי רובל אַ וואָך ביסטו נישט ווערט". ער פלעגט אָוועקטרייבן דעם אַרבעטער פון דער טאָקאַרניע, און אַ מאָל אַפילו — מיטן שטעקן אַרויסיאָגן פון דער פאַבריק. די אַרבעטער האָבן אים געקענט און זיך נישט געמאַכט וויסנדיק פון זיינע געשרייען און זידלערייען. האָט ער וועמען אַרויסגעטריבן, פלעגט דער אַרבעטער אַהיימגיין, צו מאָרגנס צוריקקומען, און דער אַלטער האָט נישט געדענקט, וואָס ס'איז מיט אַ טאָג פריִער פאָרגעקומען. דער אַרבעטער האָט נישט היזק געהאַט, און געקריגן באַצאָלט פאַר דער פאַרלוירענער צייט.

זאַקסענבערגס צוויי עלטסטע זין, יצחק און יוסף, האָבן זיך נישט געטאָרט ווייזן אין דער פאַבריק. זיי זענען אין דער רעוואָלוציע־צייט פון 1905 געווען אַקטיוו אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און אָנגעפירט שטרייקן אין פאַך און אויך ביי זייער פאָטער. דער אַלטער זאַקסענבערג האָט אַ מאָל געטראָפן זיין זון יוספן אין פאַבריק און אים אַזוי מכבד געווען מיטן שטעקן, אַז די גיכע הילף האָט זיך געמוזט מיט אים באַשעפטיקן.

איינער פון זאַקסענבערגס זין איז געווען אַ גייסטיק־קראַנקער און זיך געפונען אין דעם משוגעים־אַנשטאַלט אויף דער זעלבער באַניפראַטן־גאַס. ווען ער פלעגט אַהיימקומען, האָט מען אין אים נישט געקאָנט באַמערקן וועלכע ס'איז גייסטיקע צערודערונג. ער פלעגט אַרויפקומען אין טאָקער־וואַרשטאַט, מיינסטנס מיט אַ בוך אונטערן אָרעם, אַ רוסישן, פּוילישן אָדער דייטשישן, פאַרפירן מיט די אַרבעטער שמועסן אויף פאַרשיידענע טעמעס און געבן אָנווייזונגען ווי גרינגער צו אַרבעטן, אַ מאָל אויך ווי אַזוי צו ענדערן דעם פּראָצעס פון דער אַרבעט. ער האָט גערעדט לאָגישע, קלוגע און אינטעליגענטע רייד. מיט אַ מאָל פלעגן זיך פון זאַקסענבערגס וווינונג דערהערן ווילדע געשרייען. דער גייסטיק־קראַנקער זון האָט געקריגן אַן אָנפאַל פון משוגעת און מען האָט אים געמוזט צוריקפירן אינעם אַנשטאַלט פאַר משוגעים.

די אַלטע זאַקסענבערג איז געווען אַ „שאַפּענפעלערין" — אַ גנבטע אין די קראָמען און אויף די מערק. מ'האָט זי אין שטאָט גוט געקענט. אַן אַ שיעור מעשׂיות האָט מען אין דער פאַבריק וועגן איר זיך אָנדערציילט, ווי אַזוי מ'פלעגט זי פאַקן

גנבענען אין די קראָמען, ווי די פישערקעס פלעגן זי פּאַטשן מיט די געגנבעטע פיש, וועגן אירע אַרעסטן און ענלעכע מעשׂיות. די אַרבעטער האָבן דער אַלטער זאַקסענבערג נישט באַטיטלט מיט דעם מעדיציניש צי יורידישן נאָמען „קלעפּטאָמאַנקע", נאָר פּשוט „די גנבטע".

דעם אַלטן זאַקסענבערגס איינציקע טאָכטער איז געווען אַ פּראָפעסיאָנעלע פּראָסטיטוטקע, אַ נאַפקע פון אַ הויכן קלאַס. זי האָט אָפּערירט אין די אויסלענדישע גרויסע שטעט, אויף דער ריוויערע, אין מאָנטע־קאַרלאָ א״אַ. אַ צוויי־דריי מאָל אין יאָר פלעגט זי צוריקקומען צו די עלטערן און מיטברענגען מיט זיך יעדעס מאָל אַן אַנדער מאַנספּאַרשוין, צי דאָס איז געווען אַ געליבטער אָדער אירס אַן אַלפאָנס — האָבן די אַרבעטער אין פאַבריק נישט געוווּסט. זי איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע שיינהייט. ווען זי פלעגט זיך באַווייזן אין הויף פון דער פאַבריק, זענען די אַרבעטער אַוועק פון די טאָקאַרניעס און שרובשטיקן און צוגעקלעפּט זיך צו די פענצטער זי אָנצוקוקן.

בשעת איר אַהיימקומען איז זאַקסענבערגס איינציקע טאָכטער געוואָרן די טעמע פון די געשפּרעכן אין דער פאַבריק און איך האָב געגאַשט אַ היפּש ביסל ידיעות וועגן דעם לעבן אין די גרויסע שטעט און אין די רייכע רעסאָרט־פּלעצער.

די אַרבעטער פון זאַקסענבערגס פאַבריק זענען פאַר מיר געווען אַ גוט מאַטעריאַל פאַר אָבסערוואַציע און אַ קוואַל פון ידיעות און אינפאָרמאַציע. צום ערשטן מאָל האָב איך זיך געפונען אין אַ סביבה פון אַ גרעסערער צאָל אַרבעטער, איבער 20 אין צאָל, מיט וועלכע כ'האָב צוזאַמען געהויזט וואָכן און חדשים, פון 9 ביז 11 שעה אַ טאָג און געקענט יעדן אָבסערווירן, בכּיסו, בכּוסו ובכעסו: ווי דער סכום שׂכירות ווירקט אויף זיין כאַראַקטער און האַנדלונג, זיין פאַרהאַלטן זיך אין דער רעסטאָראַציע ביים פּרעס און זויף אין די פרייטיק־פאַרנאַכטן און בשעת די קאָנפליקטן צווישן זיך.

דער עלטערער געזעל, שאול, האָט געאַרבעט ביי דער „פּאַציאַנגאָווע" דרייבאַנק, און געקריגן 15—16 רובל אַ וואָך שׂכירות. ער איז געווען אַ באַיאָוויעץ אין די רעוואָלוציע־יאָרן 1905, אַ גבאי אין דער שול, וואָס האָט געהערט צום פאַך, האָט געהאַט פּרעטענסיעס אויף ליטעראַטור־קענטעניש און ליטעראַטור־מבינות און געבלאָזן פון זיך ווי אַן אינדיק. זיין באַציִונג צו די אַנדערע אַרבעטער איז געווען אַ פאַרריסענע.

אַ בעלמלאָכע איז שאול געווען אַ גוטער, אָבער ווייט נישט פון אַזאַ קאַליבער ווי ר׳ שמשון זילבערבערג, זרח און זייערס גלייכן. פון זיין ליטעראַטור־קענטעניש און מבינות האָב איך קנאַפּ געהאַלטן. ווי יונג איך בין דעמאָלט נישט געווען, האָב איך געהאַט די חוצפּה זיך איינצורעדן, אַז כ'קען מער פון אים און ווייס בעסער פון אים.

שאול האָט ליב געהאַט צו דערציילן וועגן זיינע אויפטוען פון אַ קעמפער און איך האָב זיך גערן צוגעהערט צו זיינע דערציילונגען.

יאַנקל, „יאַנקל פויער", ווי מ'האָט אים גערופן — דער צווייטער אין דער גרויס פון שׂכירות, 11—12 רובל אַ וואָך — איז געווען אַ פּראָסטער חי־וקיים. מ'האָט אים קיין מאָל נישט געזען מיט קיין געדרוקט וואָרט אין האַנט און איך ווייס נישט צי ער האָט יאָ אָדער נישט געקענט לייענען וועלכע ס'איז שפּראַך, אַפילו יידיש. זיין גרויסקייט און בריהשאַפט האָט ער אַרויסגעוויזן אין די פּרייטיק־פאַרנאַכטן אין די רעסטאָראַנען. נאָך דער גרויסער פּאָרציע פיש פלעגט ער אַריינרוקן אַ האַלב גענדזל, פאַרטרונקען מיט עטלעכע קופלעס ביר און אויפנאַשן אַ טיפן טעלער מיט אַרבעס. דער גרעסטער טייל פון זיין פאַרדינסט איז אַוועק אין די פרעסאַרניעס. דאָס מערקווערדיקע איז געווען, אַז טראָץ זיין אֲכילה איז ער געווען אַ מאָגערער. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער געאַרבעט אין דייטשישע מעטאַל־פאַבריקן און איז צוריקגעקומען קיין וואַרשע אַ בריליאַנטענער באַלמע־לאָכע, ער איז אָבער שנעל פאַרשווונדן פון וואַרשעווער האָריזאָנט.

איינער פון די אַרבעטער איז געווען אַ ליטוואַק. געגויער אַ ליטוואַקל, אַ קליינס און אַ דאַרס, האָט געקאַרגט זיך דעם ביסן אין מויל. פאַרדינט האָט ער 9 רובל אַ וואָך, געטשילעט אַ גראָשן צו אַ גראָשן. געזאָגט האָט ער, אַז ער שפּאָרט, כּדי צו קענען אַוועקפאָרן קיין אויסלאַנד לערנען אויף אינזשעניר. דער ליטוואַק איז געווען אַ געבילדעטער מענטש. ווו ער האָט זיך אויסגעלערנט די מלאכה פון מעטאַל־טאָקעריי — ווייס איך נישט.

צווישן דעם ליטוואַק און דעם עלטסטן געזעלן איז געווען אַ נישט געשריבענער אָפּמאַך: שאול זאָל אים לאָזן עקספּערימענטירן אויף דער „פּאָציאָנגאָווע" און ער וועט אים געבן לעקציעס אין אַריטמעטיק.

די פּאָציאָנגאָווע טאָקאַרניעס זענען אין וואַרשע צו יענער צייט נאָך נישט געווען קיין אויטאָמאַטיזירטע. כּדי צו קענען שניידן אַ געוויסן גווינט האָט מען געמוזט צופּאַסן דריי אָדער פיר טריבן. דאָס האָט געפאָדערט אַ מאַטעמאַטישע אויסרעכענונג, טייל מאָל אַפילו אַ קאָמפּליצירטן חשבון, און איינע פון די קוואַלי־פיקאַציעס פון אַ מעטאַל־טאָקער ביי אַ פּאָציאָנגאָווער דרייבאַנק איז געווען דאָס קענען מאַניפּולירן מיט די טריבן, בפרט ווען זיי זענען געווען אין אַ קליינער צאָל. ביים ליטוואַקל איז דאָס מאַכן דעם נייטיקן חשבון געווען אַ שפּילכל, ביי שאולן איז דאָס אָבער געווען אַ מוח־ברעכערישע אימפּרעזע, אָפט מאָל אַפילו אַן אויפגאַבע נישט צום לייזן. שאול האָט דעם ליטוואַק ווייניק געקענט פון זיך געבן. די עקספּע־רימענטן, וואָס דער ליטוואַק האָט געמאַכט אָדער געוואָלט מאַכן, זענען מערסטנס פאַר דעם עלטסטן געזעלן געווען סתרי־תּורה. דערקעגן די לעקציעס פון מאַטעמאַ־טיק, וואָס שאול האָט פון דעם ליטוואַק געקריגן, זענען אים גוט צו נוץ געקומען.

איך האָב דעם ליטוואַק נישט גערן געהאַט, פיזיש נישט פאַרטראָגן זיין אויסזען. זיין פּנים, ענלעך צו אַ שטשור, איז מיר געווען אָפּשטויסנדיק. מיך האָט דאָס ליטוואַקל גראָד יאָ גערן געהאַט און אָפט פראָבירט פאַרפירן מיט מיר אַ שמועס,

אָבער טראָץ דעם, וואָס כ'האָב געוווּסט, אַז כ'קען פון אים פּראָפיטירן, בין איך נישט אומשטאַנד געווען צו שטיין אָדער צו זיצן מיט אים פּנים אל־פּנים אַ לענגערע צייט.

מיט יאָרן שפּעטער האָב איך איבערגעלעבט אַן ענלעך געפיל. צווישן מיינע נאָענטע חברים איז געווען איינער מיט אַזאַ פיגור און שטשורעוואַטע פּנים, ווי דער דערמאָנטער ליטוואַק.

מיין חבר איז געווען אַן אינטעליגענטער און פעיִקער מענטש. אַ זייער באַגאַבטער זשורנאַליסט, ווען ער פלעגט שרייבן... וועמען וולאַדימיר מעדעם האָט נאָך אין 1919—1920 געגעבן סמיכה אויף זשורנאַליסטישער פעיִקייט. ער איז געווען איינער פון די הויפּטשאַפערס פון קאָמבונד אין פּוילן, שפּעטער אַ טוער און אַ שרייבער אין דער קאָמ. פּאַרטיי פון פּוילן. ער האָט געהאַט און האָט נאָך היינט אין פּוילן אַ נאָמען פון אַ פעיִקן מענטש און אויסגעצייכנטן זשורנאַליסט, אַ קענער פון שפּראַכן און פון אַ גוטן איבערזעצער. מיר איז אָבער פיזיש שווער געווען זיך צו געפינען אַ לאַנגע צייט אין זיין געזעלשאַפט. איך האָב נישט געקענט פאַרשטיין פאַר וואָס זיין פרוי, אַן אינטעליגענטע און פעיִקע — אַ ריי יאָרן האָט זי געאַרבעט אין דער פּוילישער דעלעגאַציע ביים פאַרבאַנד פון די פאַראייניקטע פעלקער — און אַ באמת שיינע, האָט דעם חבר מיינעם אויסגעקליבן פאַר איר לעבנס־באַגלייטער, איז געווען און איז — ווי איך בין אינפאָרמירט — נאָך היינט פאַרליבט אין איר מאַן. ווען כ'פלעג זיי טרעפן צוזאַמען אין בעט האָב איך געפילט ווי ס'וואָלט מיר ווער געגעבן מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ, און געהאַט דאָס געפיל, ווי כ'וואָלט בייגעוווינט אַן אומהיימלעכע מאַקאַברישע סצענע. נאָך היינט קען איך זיך נישט אָפּגעבן קיין חשבון פון מיין פיזישן ווידערווילן סיי צו דעם ליטוואַק אין זאַקסענבערגס פאַבריק און סיי צו מיין אַמאָליקן חבר און פריינד, פאַר וואָס איך האָב זיך אַזוי שלעכט געפילט ווען כ'פלעג טרעפן מיין דערמאָנטן חבר אין דער געזעלשאַפט פון זיין שיינער פרוי.

אויך צווישן די שרובשטאָק־אַרבעטער, די קנאַפּערע פאַרדינערס, זענען געווען מערקווערדיקע און טשיקאַווע טיפּן. איינער פון זיי איז געווען דער „זשלאָב".

דער זשלאָב איז געווען אַ הויכער, ברייטפּלייציקער געזונטער בחור, אין וועמענס הענט די גרעבסטע פייל האָט געטרעשטשעט. ער האָט דווקא געוואָלט ווערן אַ מעטאַל־טאָקער, אָפּט צוגעגאַנגען צו די טאָקערס און געבעטן מען זאָל אים לערנען די מלאכה פון טאָקעריי. איך פלעג אים גערן געבן אַ געלעגנהייט. ערשטנס, פאַר וואָס נישט? מיר האָט מען געמעגט ווייזן און לערנען, און אַנדערע זאָל איך זשאַלעווען? צווייטנס, זענען עס געווען פריילעכע מינוטן, ווען דער זשלאָב איז געשטאַנען ביי דער טאָקאַרניע. דאָס קוריאָזע איז געווען, אַז דער פיזיש געזונטער בחור מיט די פעסטע ידיים האָט אין זיינע הענט געהאַלטן דאָס שטיקל האַנטגעצייג, ווי די פינגער זיינע וואָלטן געווען פון וואַטע. פלעגט ער פּראָבירן אַרבעטן מיט די הענטלעך פון סופּאָרט, זענען די הענטלעך ביי אים געפלויגן אַ מייל אַ מינוט. בשום אופן האָט מען אים נישט געקענט אויסלערנען פעסט האַלטן דאָס שטיקל

האַנטגעצייג אין זיינע הענט אָדער לאַנגזאַם דרייען די קאַלבעס פון סופּאָרט. איך פלעג צו אים שרייען: „זשלאָב, גיב אַ קוק, מיינע הענט זענען דאָך קינדערישע אין פאַרגלייך מיט דיינע, איז פאַר וואָס זשע האַלט איך פעסט דאָס שטיקל געצייג אין מיינע הענט, און אין דיינע לאָפּעס טאַנצט עס אַ מאַזורקע, אַהין און אַהער, אַרויף און אַראָפּ"? נאָך ערגער פלעגט דער דערמאָנטער אַרבעטער אָפּשניידן ביי די אַנדערע געזעלן. ער פלעגט אַוועקגיין פון זיינע לעקציעס אַ פאַרשעמטער און אויס־לאָזן זיין כּעס צו דער פייל, מיט וועלכע ער האָט אָפּערירט.

אַ צווייטער שרובשטאָק־אַרבעטער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ סאָציאַליסט און מאַניפעסטירט זיין רעוואָלוציאָניזם ווען מען האָט יאָ און ווען מען האָט נישט געדאַרפט. וואַרשיינלעך איז ער צו יענער צייט געווען אַ שטיקל אַקטיוויסט אין בונד אין וואַרשע. קיין גרויסער חכם איז ער נישט געווען, אָבער אָראַגאַנץ האָט ער פאַרמאָגט פאַר צען און מיט יעדן זיך אַרומגעריסן. די אַרבעטער האָבן אים פיינט געהאַט. קיין בעסער מזל האָט ער אויך נישט געהאַט ביי מיר. זיין פּאָזיטיווע טאַט איז געווען דאָס פאַרשפּרייטן „די צייט", דעם לעגאַלן אָרגאַן פון בונד, וואָס איז צו יענער צייט אַרויס וואָכנטלעך אין פּעטערבורג. פון אים האָב איך געקריגן דעם ערשטן עקזעמפּלאַר פון „די צייט" און געוואָרן אַ שטענדיקער לייענער פון דער וואָכנשריפט און שפּעטער אויך אירס אַ פאַרשפּרייטער.

בעת אַ צונויפגעשטויס צווישן דעם דערמאָנטן שרובשטאָק־אַרבעטער מיטן עלטסטן געזעלן, צוליב אַ שלעכטער צוגרייטונג פון אַן אָביעקט צום טאָקן, האָט שאול אים אומגערן געגעבן אַ קלאַפּ. דער אינצידענט איז אין פאַבריק אויסגעגלייכט געוואָרן און שאול האָט זיך פאַר אים אַנטשולדיקט.

וואָכן שפּעטער איז אין „די צייט" אָפּגעדרוקט געוואָרן אַ קאָרעספּאָנדענץ, אין וועלכער דער אינצידענט איז באַשריבן געוואָרן, ווי ס'וואָלט מיט אים געשען עפּעס אַ גרויס אומגליק דעם אַרבעטער־קלאַס, פול מיט גוזמאות און צעדרייטע פאַקטן. כאָטש ס'איז נישט אָנגעגעבן געוואָרן ספּעציפיש דאָס אָרט און דאָס פּאָך פונעם אינצידענט, האָבן די אַרבעטער אין זאַקסענבערגס פאַבריק געוווּסט וואָס און וועמען מען מיינט. ס'איז אויסגעבראָכן אַ שטורעם קעגן דעם שרובשטאָק־אַרבעטער און קעגן דער צייטשריפט. איך האָב אים אַ שמיץ געטאָן אין פּנים אַריין אַן עקזעמפּלאַר פון „די צייט" און צו אים אַ זאָג געטאָן: „אויב דיין צייטונג זאָגט וועגן דער פאַבריק און וועגן שאולן אַזוי פיל ליגנס, וויל איך זי מער נישט אָנקוקן".

ווען ס'האָט זיך אַ ביסל באַרויִקט, האָט דער ליטוואַק געטוישט זיין פּלאַץ, פאַרנומען אַן אָרט ביי אַ טאָקאַרניע לעבן מיר, אָנגעהויבן מיט מיר שמועסן וועגן מיין האַנדלונג לגבי דער צייטונג און געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מיין האַנדלונג איז נישט קיין ריכטיקע. אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג האָט ער מיט מיר גערעדט אויף דער טעמע, ווי אַזוי מען דאַרף לייענען צייטשריפטן, וועגן אמת און נישט־אמת אין געדרוקטן וואָרט, וועגן קריטישער באַציִונג צום געלייענטן, וועגן האָבן אַן

איגענע מיינונג וועגן אַלץ וואָס מען זעט און מען לייענט, און פֿאַר וואָס מ׳קען „די צייט״ נישט באַשולדיקן און מאַכן פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דער געגעבענער אָדער פֿאַר וועלכע ס׳איז אַנדערע קאָרעספּאָנדענציעס.

נאָך דעם שמועס האָב איך „די צייט״ ווידער אָנגעהויבן צו קויפֿן און צו לייענען. די לעקציע, וואָס דער ליטוואַק האָט אין פֿאַרלויף פֿון עטלעכע טעג פֿאַר מיר געהאַלטן, האָב איך קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן און זי איז געוואָרן אַ באַזע אין מיין אופֿן פֿון לייענען און אויפֿנעמען ליטעראַטור פֿון אַ סאָציאַלן און געזעלשאַפֿטלעכן כאַראַקטער.

איך ווייס נישט, צי דער ליטוואַק איז געווען אַ בונדיסט אָדער אַ בונדישער סימפּאַטיקער, וואַרשיינלעך איז ער געווען אַ סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער אָדער אַ סימפּאַטיקער פֿון די ס.ר., ער האָט אָבער נישט פּאָזירט מיט קיין רעוואָלוציאָניזם.

אין מיין שפּעטערדיקער פּאָליטישער און געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט האָב איך זיך נישט איין מאָל דערמאָנט אין דעם ליטוואַק און אין דעם דערמאָנטן שרובשטאַק־אַרבעטער, קאָנפֿראָנטירט זייער אופֿן פֿון רעדן און זייער אופֿן פֿון האַנדלונג — און געמאַכט פֿאַר זיך די געהעריקע אויספֿירן.

אין זאַקסענבערגס פֿאַבריק זענען די קעגנזייטיקע באַציִונגען צווישן מיר און די איבעריקע אַרבעטער געווען קאָלעגיאַלע, אָבער לעבלעכע.

דערפֿילט האָב איך מיינע התחייבותן צום אַרבעטער־קאָלעקטיוו, ווי צו יעדן אַרבעטער באַזונדער, אָנטיילגענומען אין די פּריוואַטיק־פֿאַרנאַכטן אין די ליבאַציעס אין די רעסטאָראַנען און באַצאָלט אַ גלייכן חלק אין דער פּוליע, כאָטש כ׳בין נישט געווען קיין גרויסער עסער און נאָך אַ קלענערער טרינקער. בשעת אַ געלטזאַמלונג פֿאַר וועלכן ס׳איז צוועק האָב איך צוגעטראָגן אַ געהעריקן ביישטייער און געגעבן בתשואות־חן, אָבער קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט יעדע ווענדונג און פֿאַרלאַנג צו ווערן אַ מיטגליד פֿון דער שול און קומען אין שול אַריין דאַוונען אָדער צום קידוש אין די שבתים און אין די יום־טובים.

געהאַט האָב איך אָפֿענע אויגן צו זען, וואָס ס׳קומט פֿאַר אַרום מיר און אָנגעשפּיצט די אויערן פֿאַר יעדן שטיקל נייעס, וואָס האָט אין פֿאַבריק צירקולירט, אָבער ווייניק זיך געמישט אין דעם לעבן און אין די אָמפּערייען צווישן די אַרבעטער. מיין באַציִונג צו די אַרבעטער איז געווען אַ קאָלעגיאַלע, אָבער אַ רעזערווירטע — אַ מידה, וואָס כ׳האָב אין יענער צייט איבערגענומען פֿון מיין טאַטן, אָבער, ליידער, נישט דערהאַדעוועט זי פֿאַר און בעת מיין פּאָליטישער און געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט.

די באַציִונג מצד די אַרבעטער צו מיר איז געווען אַ געמיש פֿון גרינגשאַץ צו אַ יִינגל און דעם געוויינטלעכן מינימאַלן רעספּעקט פֿאַר אַ פּאַך־קאָלעגע. אויסגעזען האָב איך אַ סך יִינגער פֿון מיינע 17 יאָר און בין געווען דער קלענסטער

פֿאַרדינער צווישן די טאָקערס. אָנגעהויבן האָב איך מיט זיבן און אַ האַלבן רובל אַ וואָך און פּסח 1914 צוגעקריגן 50 קאָפּיקעס אַ הוספה. קיין אויפֿטוער ביי דער אַרבעט בין איך נישט געווען, כ׳האָב געטאָן מיין אַרבעט בשלימות אָבער אָן איני־ציאַטיוו. קיין גיבור בין איך נישט געווען. מ׳האָט גריילעך געקענט זען, אַז די אַרבעט פֿאַלט אויף מיר פֿיזיש שווער. דאָס אַלץ האָט נישט אַרויסגערופֿן צו מיין פּערזאָן צו פֿיל רעספּעקט. איך בין אָבער אויך נישט איגנאָרירט אָדער באַליידיקט געוואָרן. ווען כ׳האָב זיך ביי דער אַרבעט גענייטיקט אין הילף, אַן עצה אָדער אַן אָנווייז, איז עס מיר געגעבן געוואָרן אויפֿן בעסטן אופֿן. אין געוויסע פֿאַלן איז מען אַפֿילו געקומען פֿרעגן ביי מיר אַ מיינונג אין אַ פֿאַבריק־ענין. די באַציִונג פֿון די אַרבעטער צו מיר איז בדרך־כּלל געווען אַ קאָרעקטע, אָבער אַ לעבלעכע, נישט צו הייס און נישט צו קאַלט.

אַן אויסנאַם איז געווען די קעגנזייטיקע באַציִונג צווישן מיר און איינעם פֿון די אַרבעטער, וועלכער האָט אין דעם פּראָדוקציע־פּראָצעס אין זאַקסענבערגס פֿאַבריק פֿאַרנומען דאָס סאַמע לעצטע אָרט, ביי אומקוואַליפֿיצירטער אַרבעט.

צו דעם דאָזיקן אַרבעטער, וועמענס נאָמען איך קען זיך צום באַדויערן בשום אופֿן נישט דערמאָנען, האָב איך זיך ביסלעכווייז צוגעקלעפּט און ער איז מיט דער צייט געוואָרן מיינס אַן עלטערער פֿריינד און אַ לערער, צו וועמען כ׳פֿלעג זיך ווענדן מיט קשיות און שאלות וועגן פֿאַרשיידענע ענינים.

געווען איז דער דאָזיקער אַרבעטער, אין עלטער פֿון אַרום 50 יאָר — אַן אַלזייטיק געבילדעטער מענטש. מ׳קען זאָגן אַן ערודיט אויף אַ סך געביטן און זיכער געהאַט הינטער זיך אַקאַדעמישע, אַ פֿולע צי טיילווייזע, בילדונג. ער האָט באַהערשט עטלעכע שפּראַכן אין וואָרט און אין שריפֿט, אַ סך געוואַנדערט אין זיין לעבן, געלעבט אָדער פֿאַרבראַכט אַ צייט אין דייטשלאַנד, עסטרייך־אונגאַרן, פֿראַנקרייך, שווייץ, ענגלאַנד, פֿאַראייניקטע שטאַטן, דרום־אַמעריקאַנער לענדער און אויך אין ווייטן מיזרח, אַנטלויפֿנדיק פֿון דער צאַרישער אַרמיי אין דער צייט פֿון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה. צי ער האָט אין וואַרשע געלעבט אויף זיין אייגענעם אָדער אויף אַ פֿרעמדן נאָמען, ווייס איך נישט.

ווען כ׳בין אָנגעקומען אַרבעטן אין זאַקסענבערגס פֿאַבריק, איז דער דערמאָנטער אַרבעטער שוין געהאַט געווען באַשעפֿטיקט אַ געוויסע צייט. געאַרבעט האָט ער ביי די שמערגל־שטיינער. קאַפּל זאַקסענבערג איז געווען דער ערשטער אין דער פּראָ־פֿעסיע, וואָס האָט איינגעפֿירט שמערגל־שטיינער ווי אַ טייל פֿון דער פּראָדוקציע. זיי האָבן פֿאַרטראָטן די פֿייל ביים אָוועקנעמען די צויטן פֿון די געגאָסענע קעגנ־שטאַנדן, וואָס מ׳האָט פֿאַכמעניש גערופֿן „באַשטויסן". מען פֿלעגט אָוועקשלייפֿן אָנשטאָט פֿיילן און אויך אַראָפּשלייפֿן די גראָבע הויט פֿון די געגאָסענע אַרטיקלען. די אַרבעט איז געווען אַ לייכטערע ווי מיט דער פֿייל און האָט אויך ווייניקער גע־קאָסט.

געווען איז דער אַרבעטער אַ קאַליקע, אַ געליימטער אויף בײדע פיס, געקומען און אַוועקגעפאָרן פון דער אַרבעט אין אַ וועגעלע. מ׳האָט אים געמוזט אַרויפנעמען און אַראָפּטראָגן פון טאָקער־וואַרשטאַט און אויך אַרײנפירן דערלײדיקן זײנע פיזיאָ־לאָגישע באַדערפעניש. פאַרדינט האָט ער 6 רובל אַ וואָך. פאַר אַזאַ מין אַרבעט — אַ געהעריקער פרײז, אָבער אַ הונגערלוין פאַר אַ מאַן מיט אַ פאַמיליע. וואַרשײנלעך איז ער געווען אַ קרוב פון די זאַקסענבערגס. קאַפּל האָט געמאַכט שקרות און אים צוגעשריבן כּלומרשטע איבערשעהען. די אַרבעטער האָבן זיך צו אים באַצויגן מיט גרינגשאַץ און מיט רחמנות.

ווען כ׳האָב זיך אַ ביסל אײנגעבירגערט אין זאַקסענבערגס פאַבריק, האָב איך באַמערקט, אַז דער אַרבעטער, דער קאַליקע, וואָס אַרבעט בײ די שלײפשטײנער, טײלט זיך אויס פון די אַנדערע אַרבעטער מיט זײן אופן פון רעדן און באַנעמען. כ׳האָב זיך אָנגעהויבן מיט אים צו פאַראינטערעסירן און, ווי געזאָגט, צוגעקלעפּט געוואָרן צו אים. איך פלעג מקריב זײן דאָס גײן אויף מיטאָג, האָב מיטגענומען מיט זיך זעמל מיט אויפשניט און אַ פלעשל ביר און פאַרברענגט מיט אים די מיטאָג־שעהען. קאַטעגאָריש פלעגט ער זיך אָפּזאָגן פון מײנע דעליקאַטעסן, אָבער גערן געטײלט מיט מיר דאָס פלעשל ביר.

מיט נײגער און אינטערעס פלעג איך אויסהערן זײנע מעשׂיות וועגן די פאַר־שײדענע לענדער, וועגן די מנהגים און לעבנס־שטײגער, וועגן מצב פון דער באַ־פעלקערונג און פון די אַרבעטער. ער האָט געהאַט אַן עקספּרעסיוון אופן פון רעדן. טײל מאָל האָבן זײנע דערצײלונגען געקלונגען ווי טויזנט און אײן נאַכט, אַן אַנדער מאָל — ווי אַ פּראָפעסאָרישע לעקציע, אָבער אַלע מאָל פאַסצינירנדיק און אינטע־רעסאַנט, און איך פלעג ממש פאַרכאַפּט ווערן פון זײנע מעשׂיות, שילדערונגען און געדאַנקען.

אָבער נישט נאָר הערן פלעג איך, נאָר אויך זיך קעגנשטעלן און אַמפּערן.

נאָך איצט, בשעת כ׳שרײב די שורות, פיל איך דעם זיסן טעם פון דער היציקער דיסקוסיע, וואָס איך האָב מיט דעם דאָזיקן אַרבעטער געפירט וועגן די צוויי דער־צײלונגען: ל. שאַפּיראָס „דער צלם" און שלום אַשס „מערי", געדרוקטע אין דער אַמעריקאַנער צײטשריפט „דאָס נײע לעבן", וואָס איז צו מיר צופעליק דערגאַנגען (די צירקולאַציע פון „דאָס נײע לעבן", „צוקונפט" און ענלעכע אויסגאַבעס איז אין צאַרישן רוסלאַנד געווען פאַרבאָטן). ער, האַלטנדיק מיט אַשס צוגאַנג צו מערי, און איך, פאַרטײדיקנדיק די אײנשטעלונג פון ל. שאַפּיראָ אין „דער צלם", אַ דיסקוסיע, וואָס איז, אַגב, געווען מײן ערשטער נישט אָפיציעלער דעביוט אויפן שלאַכטפעלד פון פאָלעמיק.

אַן אמת גליק איז פאַר מיר געווען, וואָס כ׳האָב זיך אין מײן 17־יאָריקן עלטער באַגעגנט מיט דעם דאָזיקן אינטעליגענטן, קלוגן, געבילדעטן און אינטערעסאַנטן מענטשן, וועלכער האָט מיך באַרײכערט מיט אַ שלל פון ידיעות און אינפאָרמאַציעס

וועגן וועלט און מענטש, און דירעקט און אומדירעקט אויסגעאיבט אויף מיר אַן איינפלוס.

און פאַר אַ גליק באַטראַכט איך אויך דאָס, וואָס שוין צו יענער צייט האָב איך פאַרמאָגט דעם כּוח און דעם מוט גייסטיק נישט צו ווערן קיינעמס סאַטעליט, זעלב־שטענדיק פאַרמירן מיינע געדאַנקען און מאַכן מיינע אויספירן — און געהאַט די דרייסטקייט זיך קעגנצושטעלן מיין עלטערן פריינד און ווען כ׳האָב געהאַלטן פאַר נישט ריכטיק זיינס אַ מיינונג אָדער אַן עצה — צו האַנדלען אַנדערש ווי ער האָט מיך געראָטן.

אַזוי למשל, האָט זיין קריטיק וועגן מיין יונגלשער און אָרגאַנטער האַנדלונג לגבי דער בונדישער וואָכנשריפט „די צייט", וועגן וואָס כ׳האָב שוין פריִער דער־ציילט, און זיין עצה ווידער נעמען לייענען די דאָזיקע צייטשריפט — געהאַט אויף מיר אַ מער דירעקטע ווירקונג ווי דעם ליטוואַקס לעקציע.

פאַר אַ פּאָזיטיוו פאַר מיר באַטראַכט איך דאָס נעגירן און אַנטקעגנשטעלן זיך זיין אינדאָקטרינאַציע מיט ציוניסטישע און סאָציאַליסטיש־ציוניסטישע אידעען, פּראָ ס.ס. און פּועלי־ציון, ווי אַ לייזונג פון די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען פון די ייִדישע אַרבעטער און פאָלקסמאַסן צו יענער צייט.

דערקעגן פאַר אַ פעלער פון מיין זייט האַלט איך דאָס נישט פאָלגן זיין עצה אָוועקצולייגן אין אַ זייט דאָס איפּעריקע לייענען און דאָס אָפּטע באַזוכן פון טעאַטער און אין משך פון אַ צייט קאָנצענטרירן זיך אויף לערנען די פּוילישע און רוסישע שפּראַכן, אַ געוויסן סכום פון מאַטעמאַטיק און עקזאַקטע וויסנשאַפטן.

פון דער אומגעהייערער צאָל מענטשן, מיט וועלכע איך האָב זיך באַגעגנט אין משך פון מיין פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, און פון די צענדליקער, מיט וועלכע כ׳בין פּריוואַט געווען נאָענט, האָבן בלויז פיר מענטשן, בשעת זייערע פּרי־וואַטע געשפּרעכן מיט מיר, איבערגעלאָזט אויף מיר אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק מיט זייער פּערזענלעכער באַנעמונג, אינהאַלט, טיפן געדאַנק און פאַסצינירנדיקער פאָרעם און אופן פון רעדן: וויעראַ קאָסטשעוואַ און אַדאָלף וואַרסקי, די ווונדערלעכע סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע פירערס פונעם אַרבעטער־פאָלק פון פּוילן, וועמען סטאַלינס גיליאָטינע האָט אויף אַ שענדלעכן אופן אָפּגעהאַקט די קעפּ, דער פירער פון בונד וולאַדימיר מעדעם — און דער דערמאָנטער אַרבעטער אין זאַקסענ־בערגס פאַבריק.

אין זאַקסענבערגס פאַבריק בין איך „נתגלה" געוואָרן ווי אַ געזעלשאַפטלעכער טוער. פון שבועות 1914 דאַטירט זיך מיין פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע קאַר־יערע. די קוואַטערס מיינע זענען געווען די אַרבעטער אין זאַקסענבערגס פאַבריק.

בשעת מיין אַרבעטן אין דער דאָזיקער פאַבריק, זומער 1914, האָב איך אויך געמאַכט מיין ערשטן דעביוט ווי אַ פּראָפעסיאָנעלער רעוואָלוציאָנער.

# חברים

פון דער כאַפּטע חברים, מיט וועלכע כ'בין געווען אַרומגערינגלט אין מיינע יוגנטלעכע יאָרן זענען מיר דריי געבליבן אין זכרון: משה, אַברהם און מאירל.

משה איז געווען דער עלטסטער, ווייניקסטנס מיט אַ צוויי יאָר עלטער פון מיר. אַ הויבער, אַ ברייטפּלייציקער, אַ מאַסיווער קאָפּ, מיט געדיכטע שוואַרצע האָר — האָט ער אויסגעזען אַ סך עלטער פון זיינע יאָרן.

פון פאַך אַ קאַמאַשן־מאַכער, דער פאָטער אַ סטאָלער, אין הויז אַ שטיפמאַמע. אין פאָטערס שטוב איז קיין פרנסה נישט געווען. דאָרט זענען געווען „מיינע", „דיינע" און „אונדזערע" קינדער. געהאַט האָט משה אַ ייִנגערן ברודער נחום, מיט וועמען ער האָט זיך אין זיין פרייער צייט קיין מאָל נישט געשיידט.

פון זיינע ייִנגסטע יאָרן איז משה געווען אַ שרייבער. ער האָט פאַרפאַסט טעאַטער־שטיק פון דריי, פיר און מער אַקטן פון יעדן זשאַנער: דראַמעס, טראַ־געדיעס, קאָמעדיעס און פאַרסן. מיט די מאַנוסקריפטן איז ער געלאָפן צו די טעאַטער־אונטערנעמערס עפּלבערג, ראַפּעל, קאָמפּאַניעיעץ און צו די אַקטיאָרן. אייניקע מאָל בין איך מיט משהן מיטגעגאַנגען אין עפּלבערגס טעאַטער־ביוראָ און צוגעקוקט זיך ווי ער וויינט און בעט מ'זאָל אים אָפּגעבן די מאַנוסקריפּטן און די אַנוועזנדיקע מאַכן פון אים ס'גרעסטע געלעכטער.

איין מאָל בין איך מיט מיין חבר משה מיטגעגאַנגען אינעם האָטעל, ווו ס'האָט געוווינט דער אַקטיאָר מייערסאָן און בייגעוווינט אַ סצענע, וואָס דער אַקטיאָר האָט פאַר אונדז אָפּגעשפּילט. צוריקגעבנדיק מיין חבר דעם גראָבן מאַנוסקריפּט, מיט אַ זייער שיינער האַנטשריפט געשריבן, האָט מייערסאָן פאַר אונדז אָפּדעקלאַמירט אַ טיראַדע אין אַ קאַנגרעס־דייטש מיט אומגעפער אַזאַ אינהאַלט: „זי זינד אַ גאָט־געבענטשטער טאַלאַנטפולער דראַמאַטורג, און אין אינענס אָדערן פליסט דראַמאַ־טורגיש בלוט. זי ווערדן נאָך אַ צווייטער שעקספּיר ביי יודן זיין". ביז היינט ווייס איך נישט, צי מייערסאָן האָט דאָס געמיינט ערנסט אָדער געשפּילט אַ קאָמעדיע פון דעם אָרעמען ייִנגל. מ'קען זיך פאָרשטעלן, ווי מיין עלטערער חבר, וועלכער האָט מייערסאָנס ווערטער גענומען טויט־ערנסט, האָט זיך דעמאָלט געפילט.

משהן — זיין פאַמיליע נאָמען געדענק איך נישט — האָב איך ווי אַ חבר פאַר־לוירן אַרום 1913. געזען האָב איך אים פיל מאָל אין זאַקסישן גאָרטן אין דער ליטעראַרישער אַלייע, צווישן די לאַנגהאָריקע מיט די ברייטע אויסגעבונדענע שלייפן — די פרעטענדענטן אויף ליטעראַטן.

אין 1918, נאָך מיין צוריקקומען פון דייטשלאַנד קיין וואַרשע, האָב איך משהן געטראָפן אין לאָקאַל פון פראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די ייִדישע לעדער־אַרבעטער אויף נאַוואָליפּקע 7. זיין באַגריסונג מיט מיר איז געווען אַ צוריקגעהאַלטענע. בשעת דעם שמועס האָט ער נישט פאַרפעלט מיך אַ שטאָך צו טאָן: „דו ביסט געוואָרן

אַ גאַנצער יאַ טעביע דאָס, און איך מוז, ווי אַן אַרבעטסלאָזער קאָמאַשן־מאַכער עסן קרופּניק אין דער בונדישער קיך". פון זיינע רייד האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער איז אַ פּועלי־ציוניסט, אָדער פּ.צ.קיש געשטימט. דערציילט האָט ער מיר, אַז דער יינגערער ברודער און דער פאָטער זענען אין דער צייט פון דער מלחמה געשטאָרבן פון טיפוס און אַז ער קלייבט זיך צו פאָרן קיין אַמעריקע. אויף מיינס אַ פראַגע, וואָס איז מיט זיין שרייבן, האָב איך פון אים געקריגן אַן ענטפער, וואָס איז כאַראַק־טעריסטיש פאַר יעדן שרייבער, אַ טאַלאַנטירטן אָדער אַ גראַפאָמאַן: „ווי קען מען לעבן אַז מען שרייבט נישט"?

מער האָב איך מיין יוגנט־חבר נישט געזען. אויב ער האָט זיך דערשלאָגן צו די ברעגעס פון אַמעריקע, גלייב איך, אַז ער האָט געדאַרפט זיין צווישן די יידישע שרייבערס — ווי אַ שרייבער אָדער ווי אַ שרייבערישע ביילאַגע, מחמת שרייבעריי איז זיכער געלעגן אין זיין בלוט.

אַך, ווי מקנא בין איך, אַ 13—15־יאָריקער יינגל, געווען מיין חבר משה — זיין שיינע האַנטשריפט, זיין פּראָטעקציע ביי די אַקטיאָרן, ספּעציעל ביי נאַדיע דראַנאָוו, וועלכע נעמען אים אַריין הינטער די קוליסן פון טעאַטער. אָפט מאָל דוכט זיך מיר, אַז עפּעס פון דער דעמאָלטדיקער קנאה איז געבליבן אין מיר שטעקן און מיך באַוויגן, אין מיינע שפּעטערדיקע יאָרן, צו פּרווון מזל מיט דער פעדער, נישט אויפן געביט פון דראַמאַטורגיע, בעלעטריסטיק אָדער פּאָעזיע, נאָר ווי אַ פּאַר־טייישער פּראָקלאַמאַציע־שרייבער (איך שרייב די ווערטער „פּראָקלאַמאַציע־שריי־בער" מיט סאַטיספאַקציע און ליבע), און פון צייט צו צייט אויך עפּעס פּובליציסטיק, אָדער פּובליציסטישע רעפּאָרטאַזשן.

אין דמיון זע איך די געשטאַלט פון מיין יוגנט־חבר משה אין זיין פולער גרייס. איך הער אויך זיינע דורך די ציין דורכגעזייעטע ווערטער: „ווי קען מען לעבן אַז מען שרייבט נישט"? ס'טוליכט אויף דאָס בילד פון דעם האָטעל־צימער אויף דלוגע־גאַס און איך זע און הער דעם גרויסן אַקטיאָר מייערסאָן, ווי ער שטייט אין זיין פּאָזע און דעקלאַמירט זיינע ערנסטע אָדער קאָמעדיע־ווערטער און איך טראַכט זיך:

האָט דיין שרייבן די „פראַגמענטן פון אַן אויטאָביאָגראַפיע" עפּעס אַ ווערט? אַ געזעלשאַפטלעכן ווערט? ווייל דאָס איז דאָך דער ציל פון שרייבן דיינע מעמואַרן. וועל איך נישט אַ מאָל ביייווינען אַן ענלעכע מייערסאָן־סצענע? אַ רעדנער וועט עפנטלעך אָדער אין אַן ענגערן קרייז פּאַטעטיש דעקלאַמירן וועגן דעם פּאַקטועלן און אפשר אויך וועגן דעם ליטעראַרישן ווערט פון מיינע געלייענטע אָדער אָפּגע־דרוקטע זכרונות און איך, און אפשר אויך דער עולם, וועלן גאַפן און נישט וויסן, צי דער רעדנער מיינט ערנסט וואָס ער זאָגט אָדער ער חוזקט?

תיקו...

אַ צווייטער חבר מיינער איז געווען אַברהמל דער קופּקעס.

אַברהמלס פאָטער האָט נישט געלעבט. די מוטער האָט געהאַט אַ שפּייזגעוועלבל אויף לוצקע גאַס קעגן איבער מיינע עלטערנס וווינונג און זי האָט געטראָגן אַ קופּקע. די שכנים האָבן די קינדער אירע, אַ ייִנגל און אַ מיידל, גערופן: דער קופּקעס.

געלערנט האָט זיך אַברהמל פּאַר אַן אָקריטשע־שניידער, זיין סטיכיע איז אָבער געווען מוזיק. ער איז געווען אַ משורר אין נאַזשיקס שול און ממש פאַרגעטערט זיין מוזיק־לערער, דעם דיריגענט פון דער שול דאַווידאָוויטש.

אַ סך מאָל האָט מיך אַברהמל מיטגענומען אין נאַזשיקס שול, מיך באַקענט מיט די עלעמענטן, כּללים און שיינקייטן פון מוזיק בכלל און ליטורגישע מוזיק בפרט. ער איז געווען מיין אינספּיראַטאָר פאַר ליבע צו מוזיק.

מיט דעם דאָזיקן חבר האָב איך זיך צום לענגסטן געחברט און צום מיינסטן פאַרבראַכט. ער איז געווען מיין שטענדיקער קאָמפּאַניאָן אין די טעאַטערס, אויף קאָנצערטן, אין צירק און אין אַנדערע פאַרווייַלונג־ערטער.

נאָך מיין אַריינטריט אין פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, זומער 1914, האָב איך קיין צייט נישט געהאַט פאַר פּערזענלעכער פריינדשאַפט און אַברהמל איז מיר פאַרלוירן געגאַנגען. פאַרשיידענע קלאַנגען האָב איך וועגן אים געהערט: חתונה געהאַט און אַוועק פון וואַרשע; אומגעקומען אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אַ בענקשאַפט באַהערשט מיין געמיט נאָך יענע יוגנטלעכע יאָרן ווען כ׳בין מיט אַברהמלען געזעסן אין די זומערנעכט אויף די ברעטער פון דער סטאָלאַרסקער שאַפּע אויף לוצקע 8 אין וואַרשע און אַברהמל האָט געזונגען חזנישע רעטשיטאַטיוון, קופּלעטן פון ייִדישן טעאַטער, אַריעס פון אָפּערעס — און אויפן קול געחלומט וועגן דער קאַריערע, וואָס אים דערוואַרט ווי אַ צווייטער באַטיסטיני, וויניקסטנס פון אַ דיגאַס, אָדער גאָר פון אַ חזן אַלאַ סיראָטע אָדער הערשמאַן, און איך האָב אויפן קול געטרוימט וועגן רייזעס אין דער וועלט — איבער ימען, בערג און טאָלן.

מיין לעבן האָט מיך געפירט דורך די ברייטע פליינען פון פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן קאַמף. מיינע שטרעבונגען, האָפענונגען און אַמביציעס זענען געוואָרן גאַנץ אַנדערע ווי דאָס אַרומרייזן די וועלט. דערפאָלגן און נאָך מער מיסדערפאָלגן האָבן מיך באַגלייט אויף די וועגן פון אַ רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליסט און פּראָפעס־יאָנעלן רעוואָלוציאָנער. אָבער גראָד מיינע יונג־יוגנטלעכע טרוימען וועגן זען אַ וועלט זענען אין אַ גרויסער מאָס מקוים געוואָרן. אייגנוויליק און קעגן מיין ווילן האָב איך באַזוכט אַ גרויסע צאָל שטעט און לענדער אין אייראָפּע און אין אַזיע, אין נאָענטן און אין וויַיטן מיזרח.

האָט דער גורל, אָדער דאָס מזל אויך צוגעשפּילט מיין יוגנט־חבר אַברהמל? זענען זיינע חלומות פון אַ מוזיק־קאַריערע אויף וועלכן ס׳איז אופן מקוים געוואָרן?

מיין חבר מאירל, ווי ס׳האָט אים גערופֿן זיין פֿאָטער, אָדער מאָניעק, ווי די שוועסטער און די חברים זיינע האָבן אים גערופֿן, איז געווען אַ שיין ייִנגל. צו זיינע 15–16 יאָר זענען אים די פּוילישע מיידלעך פֿון אונדזער גאַס נאָכגעלאָפֿן. דער דאָזיקער חבר האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכּרון צוליב דער ראָלע, וואָס זיין פֿאָטער און זיינע שוועסטער, ווי אויך זיין שטוב, האָבן געשפּילט אין מיין יוגנטלעכן לעבן.

די פֿאַמיליע און די שטוב פֿון מיין חבר מאירל איז געווען אַ גאַנץ אַנדערע ווי מיינע און פֿון מיינע אַנדערע חברים. זייער וווינונג האָט זיך אויך געפֿונען אויף דער גוייִשער און אָרעמער לוצקע־גאַס, נומער 6, דאָס צווייטע הויז פֿון מיינע עלטערנס וווינונג און איז באַשטאַנען פֿון צוויי צימערן, אַ פֿינצטערע אַלקאָווע און אַ קיך. דאָס דירה־געלט איז געווען 8 רובל אַ חודש, אָבער מעבלירט איז די וווינונג געווען מיט מאַסיווע און רייכע מעבלשטיק, מיט טעפּעכער, בילדער אויף די ווענט, אַ סך זילבער און גלאָזוואַרג אין די קרעדענצן, און מיט אַ בלאַנקנדיק־שוואַרצן קלאַוויר. די אויסמעבלירונג איז געווען אַן אויסנאַם אין דעם קרייז פֿון מיינע חברים און באַקאַנטע. די איינציקע שטוב אין וועלכער איך האָב געזען אַזאַ רייכע אויסמעבלירונג איז געווען מיין מומע שיפֿרהס, די אייגנטימערין פֿון אַ גרויסער סאָדע־וואַסער־פֿאַבריק און אַ געוועלב פֿון דיסטריבוציע אויפֿן ראָג פֿון די גאַסן סמאָטשע און גענשע. מיין חבר מאירל־מאָניעקס פֿאַמיליע האָט געשטאַמט פֿון דער שטאָט זאַ־מאָשטש און איז וואַרשיינלעך געווען אַ מאָל רייך און פֿון זייער אַמאָליק פֿאַרמעגן איז געבליבן דאָס רייכע מעבל און די טייערע חפֿצים.

אויך די אויפֿפֿירונג פֿון מיין חברס משפּחה־מענטשן איז געווען אַן אַנדערע. אין זייער שטוב איז מען אַרומגעגאַנגען אין שטובלאַטשן, גערעדט האָט מען צווישן זיך פּויליש און נישט הויך. אַפֿילו מאירל־מאָניעק, דער געזונטער, לעבעדיקער און פֿריילעכער בחור, האָט זיך אין שטוב אויפֿגעפֿירט צירלעך־מאַנירלעך און גערעדט מיט די שטובמענטשן שטיל און איידל.

באַשטאַנען איז די פֿאַמיליע פֿון פֿיר מענטשן: דער פֿאָטער, צוויי שוועסטער און מיין חבר. די מוטער האָט נישט געלעבט. נאָך אַ שוועסטער זיינע איז געווען פֿאַרהייראַט. איר מאַן איז געווען אַן אייגנטימער פֿון אַ גרויסער דאַמען־מאַנטל־פֿאַבריק. מיינעביידע חברים, אַברהמל און מאירל, האָבן זיך ביי אים געלערנט די מלאָכה פֿון „אָקריטשע״־שניידעריי.

איינע פֿון די שוועסטער איז געווען אַן עקספּעדיענטקע אין אַ גרויס געשעפֿט אויף מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס און געאַרבעט אום שבת. מען דאַרף אין אַכט נעמען די צייט, די יאָרן פֿון פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און דעם שטייגער לעבן ביי ייִדן אין וואַרשע, כּדי צו פֿאַרשטיין וואָס עס מיינט, אַז אַ ייִדיש מיידל פֿון אַן אָרעמער פֿאַמיליע אַרבעט אום שבת.

די צווייטע שוועסטער איז געווען אַ הינקענדיקע. זי האָט געפֿירט די שטוב־

ווירטשאַפט און געהאָפטן האַנטאַרבעט אויף באַשטעלונג. די איינציקע פון מיין משפּחה, חוץ מיר, וואָס פלעגט פון צייט צו צייט אַרויפקומען צו מיין חבר מאירל אין שטוב, איז געווען מיין שוועסטער שׂרה, די וועש־נייטאָרין. יעדעס מאָל פלעגט זי אַהיימקומען אַן אַנטציקטע פון דער מייסטערשאַפט פון דער שטיקעריי פון מיין חבר מאירלס הינקענדיקער שוועסטער. די הינקענדיקע האָט אויך אָפט געשפּילט אויפן קלאַוויר. זומערצייט פלעגן אויף דער גאַס זיך צונויפזאַמלען געזעמלעך מענטשן און זיך צוהערן צו איר שפּילן די צאַרטע און לירישע לידער.

מאירלס פאָטער איז געווען אַ טרעגער, אַ פּשוטער טרעגער אין אַ גרויס הורטאָווע מעלגעשעפט אויף טוואַרדע נומער 15. געווען איז ער אַרום די פופציקער, אַ מיטלוווקסיקער און אַ קרעמפּער, אַ גיבור. מיין חבר פלעגט זיך באַרימען, אַז זיין פאָטער קען נעמען אַ שטיק אייזן און עס בייגן ווי ער וויל; ער קען צווישן די פינגער צעבייגן אַ קופּערנעם צענער.

געאַרבעט האָט מאירלס פאָטער פון אין דער פרי ביז שפּעט אין אָוונט, אויסגעלאָדן פון גרויסע פלאַטפאָרמעס און אָנגעלאָדן אויף פלאַטפאָרמעס און פראַווינצער וועגענער זעק מיט מעל. אָפט מאָל פלעג איך שטיין און צוקוקן ווי דער עלטערער ייִד אַרבעט און באַוווּנדערן זיין כּוח ביים אויסלאָדן און אָנלאָדן די שווערע פודיקע זעק מעל.

די שכנים פון גאַס האָבן די פאַמיליע פון מיין חבר מאירל גערופן: „די אַריסטאָקראַטן”. זיי האָבן דעם דאָזיקן נאָמען כּשר פאַרדינט. אָנגעטאָן זענען די מיידלעך געווען נישט אין קיין סטראָיען, אָבער מיט געשמאַק און מיט אַ געוויסער עלעגאַנץ. אויך זייער גאַנג און באַנעמונג מיט מענטשן האָט זיך אונטערגעשיידט און אויסגעטיילט פון די שכנישע מיידלעך.

אַזוי אויך דער פאָטער. ווען מ'האָט מיין חבר מאירלס פאָטער געזען גיין אין גאַס שבת און יום־טוב, האָט מען נישט געגלייבט, אַז דער ייִד איז אַ טרעגער. דאַוונען אין שול איז ער געגאַנגען אָנגעטאָן ווי די רייכע לייט — אין דער דייטשישער שול אויף טלאָמאַצקע און אַ טייל דאַוונערס פון נאָזשיקס שול: זומער אין אַ שלוסראָק מיט אַ צילינדער, ווינטער — אין אַ פוטערל און מיט אַ פוטערנעם היטל אָדער דאָס פוטערל מיטן צילינדער־הוט. זיין גאַנג איז געווען ווי פון אַ פּאַמיעשטשיק.

פאַרן פאָטער האָבן מאירל און זיינע שוועסטער געהאַט גרויס דרך־ארץ, נישט געטאָן קיין זאַך אָן זיין וויסן. די קאָלעזשאַנקעס פון זיינע שוועסטער און זיינע חברים האָבן געדאַרפט פון פאָטער באַשטעטיקט ווערן. אין שטוב האָבן געמעגט אַרויפקומען נאָר יענע, וועמען דער פאָטער האָט אַפּראָבירט.

אין מיין חבר מאירלס שטוב האָב איך אַ סך מאָל געהערט שמועסן וועגן אַ „טשאָטשע רוזשע”. גערעדט האָט מען וועגן דער „טשאָטשע רוזשע” ווי פון עפּעס אַ געהיימנישפול וועזן, איינגעהילט אין הונדערט שלייערן. יאָרן שפּעטער האָב איך געהאַט דאָס גרויסע גליק און די זכיה צוויי מאָל צו באַגעגענען ראָזאַ לוקסעמ־

בורג אין דעם סאַלאָן פון די ליכטענבוימס אין בערלין, ווו איך בין בשעתו אַריינ־געפירט געוואָרן דורך מיינע דעמאָלטדיקע עלטערע חברים און פריינד איזידאָר לאָוב און אַלעקסאַנדער שטיין (וועגן דעם דאָזיקן סאַלאָן וועט מיר נאָך אויסקומען צו דערציילן). ווען איך האָב צום ערשטן מאָל געזען די וווּנדערלעכע פערזענלעכקייט פון ראָזאַ לוקסעמבורג, האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן איר ענלעכקייט מיט דער הינקענדיקער שוועסטער פון מיין חבר מאירל. צי דאָס איז געווען די געהיימע־נישפולע „טשאַטשע רוזשע״, בין איך נאַטירלעך נישט אומשטאַנד צו זאָגן. דאָס איינציקע, וואָס כ׳וויס איז, אַז סיי ראָזאַ לוקסעמבורג און סיי די פאַמיליע פון מיין מאירל־מאַגיעק האָבן געשטאַמט פון דער מיר גוט באַקאַנטער שטאָט זאַמאָשטש.

אין שטוב פון מיין חבר מאירל־מאַגיעק בין איך דורכגעגאַנגען אַן אמתן חיבוט־הקבר. דער פאָטער און די שוועסטער, דער עיקר די שוועסטער, האָבן רק געוואָלט מיך אויסמענטשלען, מיך ציוויליזירן און אַרויסטרייבן פון מיר דאָס „חסידל־צלאָפּ״, מיך אָפּגעוווינען פון די חסידישע העוויות, איך זאָל צוימען מיינע באַוועגונגען, רעדן געלאַסן און נישט מיט די הענט, אָפּווישן גוט די שיך אײדער כ׳גיי אַריין צו זיי אין שטוב און אַזוי טאָן אויך ווען כ׳גיי אַריין אין וועלכער ס׳איז וווינונג, נישט האַלטן דאָס טייגלאָז אין בײדע הענט, נישט זופּן די טיי ווי האַרמאַטן וואָלטן געשאָסן, טרינקען לאַנגזאַם און שטיל, ווי געהעריק האַלטן לעפל, גאָפּל, מעסער בשעת דעם עסן, רעדן אידעלע רייד, זיך פאַרהאַלטן אַרטיק און טאַקטפול צו מענטשן, און ווערן — ווי זיי האָבן זיך אויסגעדריקט — אַ ציוויליזירטער מענטש.

פאַר וואָס מיין חבר מאירלס פאַמיליע האָט זיך אויף מיר פאַרלייגט און מיך דוקא געוואָלט אויסמענטשלען, און פאַר וואָס זיין פאָטער האָט בכלל דערלויבט זיין איינציקן זון מיט מיר זיך צו חברן און מיך לאָזן צו יעדער צייט אַרויפקומען אין זיין שטוב — ווייס איך נישט.

משער בין איך זיך, אַז צוויי סיבות האָבן דערביי געשפּילט אַ ראָלע: צווישן דער קליינער צאָל ייִדישע שכנים, וואָס האָבן געוווינט אויפן לוצקע־געסל, איז מיין פאַמיליע באַטראַכט געוואָרן פאַר שטילע און אידעלע מענטשן און איז פון די שכנים, ייִדישע און נישט־ייִדישע, רעספּעקטירט געוואָרן. מעגלעך איז אויך, אַז מאירלס פאָטער האָט אין מיין משפחה געזען אַן ענלעכקייט צו זיינער — געוועזענע גבירים, יורדים, וואָס מוזן זוכן פּרנסה נישט לויט זייער שטאַנד. אפשר אויך דאָס, וואָס מאירלס פאַמיליע האָט זיך דערקענט אויף מיין איפער צום לייענען, און כאָטש געלייענט האָב איך „זשאַרגאָן״ און נישט געקענט אַ וואָרט פּויליש, איז דער עצם פאַקט פון מיין גיריק לייענען און פון צייט צו צייט שמועסן מיטן פאָטער וועגן זיין לאַנדסמאַן י. ל. פּרץ און וועגן דעם שעברעשינער משׂכּיל און אַפּיקורס רייפמאַן, פאַר זיי געווען אַ סטימול זיך צו פאַרנעמען מיט מיר און וועלן מיך אויסמענטשלען. ס׳האָט שוין געהאַלטן אַפילו דערביי, אַז דאָס הינקענדיקע מיידל זאָל אָנהייבן מיט מיר לערנען פּויליש.

נישט גרינג איז מיין חבר מאירלס פאַמיליע אָנגעקומען דאָס אויסמענטשלען מיך. קיין סך, ליידער, האָבן זיי נישט דערגרייכט, אָבער עפּעס איז פאַרט פון זייער האָרעוואַניע געבליבן.

און אויב איך פאַרמאָג אַ געוויסן סכום פון שטייגער־קולטור, האָב איך עס אין אַ גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען מיין חבר מאירל־מאַניקעס פאָטער און זיינע שוועסטער.

סוף 1913 האָט מאירל, צוזאַמען מיט זיין משפּחה, פאַרלאָזן אונדזער גאַס.

## די גלאָריע פון בונד

אין די לעצטע יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען דער פּרעס־טיזש און דער איינפלוס פון בונד אין פּוילן, באַזונדערס אין וואַרשע, געווען זייער גרויס אין דער יידישער אַרבעטער־מחנה און אין די פאַרשיידענע קרייזן פון דער יידישער געזעלשאַפט.

חוץ די עיקרדיקע אייגנשאַפטן פון בונד צו יענער צייט — רעוואָלוציאָנערער קאַמף קעגן צאַריזם, סאָציאַליסטישער און נאַציאָנאַלער פּראָגראַם — האָט דער בונד אין די יאָרן 1914—1903 דורכגעפירט דריי אַקציעס, וועלכע האָבן אים באַליבט און באַרימט געמאַכט ביי אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג און צוגעצויגן צו זיך די יידישע אַרבעטער.

די דריי אַקציעס זענען געווען: דער שטרייק בשעת דעם ביילים־פּראָצעס, דאָס ליקווידירן דעם מנהג פון פאַרברענגען אין די קנייפּעס פּריוויטיק פאַר נאַכט נאָך דער „וויפּלאַטע" און דער קאַמף קעגן די קאָמבינאַטאָרן אין דער יידישער סביבה.

דער שטרייק, וואָס דער בונד האָט פּראָקלאַמירט בשעת דעם ביילים־פּראָצעס, האָט געמאַכט אַ רושם אין אַלע קרייזן פון דער יידישער געזעלשאַפט.

אין דער פאַבריק, אין וועלכער איך האָב געאַרבעט, איז דער רוף צום שטרייק אויפגענומען געוואָרן מיט באַגייסטערונג. דאָס איבעררייסן די אַרבעט האָט מצד די באַלעבאַטים נישט באַגעגנט קיין ווידערשטאַנד. אַדרבא, זיי האָבן אַפילו דעם שטרייק באַגריסט. דער אַרעסט פונעם בונדישן שטרייק־קאָמיטעט אין דער רע־דאַקציע פון „מאָמענט" האָט אַרויסגערופן צאָרן קעגן די אייגנטימערס און קעגן דעם „מאָמענט" ווי אַ צייטונג. די געלט־זאַמלונג אין דער פאַבריק פאַר די אַרעס־טירטע איז דורכגעגאַנגען מיט אַן אומדערוואַרטן דערפאָלג. אַ לאַנגע צייט נאָכן שטרייק איז די שטרייק־טעמע געווען דאָס געשפּרעך פון די אַרבעטער אין פאַבריק

און איז לעבהאַפּט דיסקוטירט געוואָרן. אַזוי איז דאָס אויך געווען אין די זאַמל־פּלעצער ווו ייִדן זענען זיך צונויפגעקומען און אין די גוזעמלעך אין זאַקסישן גאָרטן.

די צוויי אַספּעקטן פון שטרייק, דער פּאָליטישער און נאַציאָנאַלער; דאָס, וואָס דער שטרייק איז געווען דער ערשטער פּאָליטישער שטרייק זינט דער מפּלה פון דער רעוואָלוציע פון 1905 און געצילט דירעקט קעגן צאַרישן רעזשים; און דאָס, וואָס דער שטרייק האָט געהאַט אויך דעם ציל צו פאַרטיידיקן דעם כּבוד פונעם ייִדישן פאָלק — האָט דינאַמיש געווירקט אויף די ייִדישע אַרבעטער און פאָלקסמאַסן, סטימולירט זייער פּאָליטישן און רעוואָלוציאָנערן באַוווסטזיין און געקרעפטיקט זייערע נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס.

ס׳דערמאָנט זיך מיר אַ קעסטל־אָוונט אין „הזמיר״. אַ רעדנער, איינער פון די צוהערערס, אַ גאַנץ קנאַפּער אָראַטאָר, האָט גערעדט וועגן דעם פאָרגעקומענעם שטרייק, און די רעדע איז פון די צוהערערס אויפגענומען געוואָרן מיט אַזאַ ענטוזיאַזם, בראַוואָס און אַפּלאָדיסמענטן, וואָס אַפילו די גרויסע אָראַטאָרן פון „הזמיר״, י. ל. פּרץ און לאַזאַר עפּשטיין, האָבן צו אַזעלכער נישט זוכה געווען.

מיט דעם דערמאָנטן רעדנער האָב איך זיך, אַגב, שפּעטער נאָענט באַקאַנט. גערופן האָט מען אים יוזשעק בראָנזאָוויק. אין 1914, ווען כ׳בין אַריין אין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן, איז יוזשעק בראָנזאָוויק געווען איינער פון די אַקטיוועטוערס און אַן אָנגעזעענער מיטגליד פון וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד.

פאַר מיר האָט דער שטרייק בשעת דעם בייליס־פּראָצעס געהאַט אַ גרויסן באַטייט. צוזאַמען מיט דער וואַל־קאַמפּאַניע צו דער פערטער דומע, בשעת וועלכער כ׳האָב זיך פאַרנומען מיט פאַרשפּרייטן אויפרופן און פלוגבלעטער, זענען די צוויי געשעענישן אין ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן געווען סטימולן צו ווערן געזעלשאַפטלעך רייפער.

אויך אין מיינע שפּעטערדיקע יאָרן, אין דער צייט פון מיין זיין טעטיק אין דער קאָמ. באַוועגונג, האָט דער שטרייק, וואָס דער בונד האָט פּראָקלאַמירט אין דער צייט פון בייליס־פּראָצעס, געשפּילט אַ ראָלע אין מיין טראַכטן און אין מיין האַנדלען.

אַזוי, למשל, האָב איך אויף איינער פון די זיצונגען פון אַן אָנפירנדיקער אינסטאַנץ פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן, ווען ס׳איז באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע ווי זאָל זיך ק.פּ.פּ. באַציִען צו דער קאַטאָליזאַציע, וואָס די פּוילישע רעאַקציאָנערע רעגירונגען פירן דורך אין די יוניטאַרע און אין די פּראַוואָסלאַוונע קירכעס אויף די קרעסן, זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַן אָפענעם און דרייסטן קאַמף קעגן דער קאַטאָליזאַציע און ביי געהעריקע באַדינגונגען — אַפילו פּראָקלאַמירן אַן אַלגעמיינעם פּראָטעסטשטרייק. אַרגומענטירט האָב איך מיט דער ראָלע, וואָס דער שטרייק, וועלכן דער בונד האָט פּראָקלאַמירט אין שייכות מיטן בייליס־פּראָצעס, האָט געשפּילט קעגן צאַרישן רעזשים.

אַבסאָרבירט האָט מיך אויך די פראַגע פאַר וואָס האָבן פּ.פּ.ס.־לעוויצע און

ס.ד.ק.פ.ל. נישט אַנטייל גענומען אין אַ געמיינזאַמען שטרייק מיטן בונד, אָדער אַליין פּראָקלאַמירט שטרייקן. דער ענין איז אָפט מאָל געווען אַ טעמע אין מײַנע פּריוואַטע שמועסן מיט די פירערס פון דער קאַמ. פּאַרטיי פון פּוילן, געוועזענע פירערס פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע און ס.ד.ק.פ.ל. די ענטפערס זענען געווען פאַרשיידענע און ווייט נישט קיין צופרידנשטעלנדיקע.

פּאַר זאַשקע אונשליכט, אַ פּרעכטיקע רעוואָלוציאָנערין אָבער אַ פאַנאַטישע אַסימילאַנטין, איז דאָס בלויזע אויפקשטעלן אַזאַ מין פראַגע געווען, ווי מ'וואָלט אויפגעשטעלט אַ צלם לעבן דער אָפענער גמרא, ביי וועלכער אַ פרומער ייד זיצט און לערנט.

וואַלעצקי (ד״ר האָרוויץ), אַ פּאָליטיקער פון אַ גאָר הויכן קאַליבער און אַ קאַפּיטשקע אַ ציניקער, האָט דעם ענין אָפּגעפּטרט מיט אַ פּעפּערדיקן יידישן וויץ.

גושעך (קאָוואַלסקי), איינער פון די טאַלאַנטירטסטע פירער פון דער רעוואָ־לוציאָנערער באַוועגונג אין פּוילן און געוועזענער אָנפירער מיטן יידישן סעקטאָר פון דער פּ.פּ.ס.־לעוויצע, אַ פּאָליאַק, וואָס האָט געקענט יידישע פּראָבלעמען אַ סך בעסער ווי געוויסע מיטגלידער פון די צענטראַל־קאָמיטעטן פון בונד — האָט געענטפערט מיט קאַזויסטישע פּאָליטישע דריידלעך.

פּאַר אַדאָלף וואַרסקי, דעם רענאָמירטן פירער פון ס.ד.ק.פ.ל. און פון ק.פּ.פּ. איז דאָס באַרירן די ביילים־טעמע געווען אַ פּיינלעכע דערינערונג פון זיין נישט ריכטיקער שטעלונג צו די ענינים פון יידישן אַרבעטער־לעבן אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. זיין ענטפער איז געווען: „מען דאַרף דעם ענין נישט נעמען אָפּגעריסן, נאָר אין פאַרבינדונג מיט מיין שטעלונג און מיט דער שטעלונג פון ס.ד.ק.פ.ל. צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע בכלל און צו דער יידן־פראַגע בפרט״.

פּרוכניאַק (סעווער־וועבער), אַ בריליאַנטענער טיפּ פון אַן אַרבעטער־פירער, האָט מיר תמימותדיק געענטפערט: „איך ווייס גאָרנישט וועגן דעם ענין״, און ווי מיר דוכט זיך, האָט ער זיך אין דער צייט פון ביילים־פּראָצעס געפונען אין טורמע.

דער איינציקער, גענויער די איינציקע, וואָס האָט געענטפערט מיט דער פול־סטער אויפריכטיקייט און צום פּונקט — איז געווען קאָסטשעוואַ (מאַריאַ קאָשוטס־קאַ), די געוועזענע פירערין פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע און די גאונישע פירערין פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג פון פּוילן. איר ענטפער איז געווען: „די שטעלונג, וואָס פּ.פּ.ס.־לעוויצע האָט פאַרנומען לגבי דעם ביילים־פּראָצעס און צום שטרייק, וואָס בונד האָט פּראָקלאַמירט, געהערט צו דער קאַטעגאָריע פּאָליטישע נאַרישקייטן, וואָס גרענעצן זיך מיט פּאָליטישע פאַרברעכנס״.

באַנוצנדיק זיך מיט אַ מליצה־לשון, וואָלט איך וועגן דעם פּראָקלאַמירטן שטרייק פון בונד אין צוזאַמענהאַנג מיטן ביילים־פּראָצעס געזאָגט אָט וואָס:

דער שטרייק איז געווען אַ שלאַקסרעגן, וואָס האָט אַראָפּגעשווענקט די סקאָרופּע

פֿונעם פּאָליטישן אינדיפערענטיזם אין דער יידישער געזעלשאַפֿט אין פּוילן, ווי אַ רעזולטאַט פֿון די צאַרישע יאָרן פֿון רעאַקציע נאָך דער פֿאַרשפּילטער רעוואָלוציע פֿון 1905. ער האָט באַפּרוכפּערט די רעוואָלוציאָנערע זאָמען, וואָס די לענאַ־געשעע־נישן האָבן פֿאַרטראָגן אין דער יידישער סביבה און רייפֿער געמאַכט דעם באָדן פֿאַרן שפּעטערדיקן אויפֿשטייג פֿון דער מאַסן־באַוועגונג פֿונעם יידישן אַרבעטער־קלאַס אין פּוילן.

איינע פֿון די אָנשיקענישן אין דער יידישער אַרבעטער־סביבה אין וואַרשע, אין די יאָרן צווישן דער פֿאַרשפּילטער רעוואָלוציע פֿון 1905 ביז ערב דעם אויסברוך פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז געווען דאָס פֿאַרברענגען פֿון די אַרבעטער אין די פּרייטיק־פֿאַרנאַכטן אין רעסטאָראַנען.

פּרייטיק, נאָכן באַקומען די שׂכירות, פֿלעגן די אַרבעטער פֿון פֿאַרשיידענע פֿאַכוואַרשטאַטן, און די מענער־אַרבעטער פֿון די אונטערנעמונגען, אין וועלכע ס׳זענען באַשעפֿטיקט געווען אויך פֿרויען, גרעמיאַל זיך לאָזן צו די שענקען און רעסטאָראַנען און מקיים זיין די מצווה פֿון עס־און־טרינק. אויף איינעם, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט מיטצומאַכן די ליבאַציע, האָט מען געקוקט ווי אויף אַן אָפּטריניקן, וואָס פֿאַרשוועכט דעם הייליקן מינהג פֿון אָפּריכטן דעם קולט פֿון פֿרעס־און־זויף. אַזאַ איינער איז באַדראָט געווען שיקאַנירט צו ווערן פֿון זיינע קאָלעגן אַרבעטער, און אין פֿיל פֿאַלן — אַפֿילו צו פֿאַרלירן דעם אַרבעטפּלאַץ. דעריבער האָט זעלטן געטראָפֿן, אַז ס׳זאָל ווער זיך אָפּזאָגן מיטצוגיין מיט די איבעריקע אַרבעטער אין די קנייפּעס.

דער מאַטעריעלער שאָדן פֿון די פּרייטיק־פֿאַרנאַכט־„פֿאַרגעניגנס" איז געווען אַ גרויסער. די מינימאַלע קאָנסומציע — אַ פּאָרציע געפֿילטע פֿיש, צוויי שנעפּסלעך, אַ פֿערטל געבראָטן גענדזנס און אַ קופּל ביר — האָט צוגענומען אַ גרויסן חלק פֿון די וואָכנטלעכע פֿאַרדינסטן, און נישט איין מאָל האָט עס באַטראָפֿן אַ פֿערטל און אַפֿילו אַ דריטל פֿון אַן אַרבעטערס שׂכירות.

די מאָראַלישע פֿאַרלוסטן זענען געווען נאָך גרעסערע. די פּרייטיק־פֿאַרנאַכטן האָבן דעמאָראַליזירט די אַרבעטער. דער מאַן אָדער דער זון פֿלעגט אַהיימקומען אַן אָפּגעגעסענער און אַן אָנגעטרונקענער, אַ מאָל אויך בגילופֿין, און אַנשטאָט זיך אָפּצוואַשן און אַוועקזעצן זיך ביים פֿאַמיליע־טיש ביי דער פּרייטיק־צו־נאַכטס־סעודה, האָט ער, אַ ברודיקער און אין די אַרבעט־קליידער, זיך אַ וואַליע געטאָן אויפֿן בעט אָדער זיך געקריגט מיט דער פֿאַמיליע. נישט איין טראַגעדיע האָט אין די יידישע אַרבעטער־היימען זיך אָפּגעשפּילט צוליב די פּרייטיק־פֿאַרנאַכטיקע ליבאַציעס אין די שענקען און אין די רעסטאָראַנען.

נאָכן ווידערגעבורט פֿון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס איז געקומען נאָך די לענאַ־געשעענישן, האָט זיך אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס

אין וואַרשע אַנטוויקלט אַ קאַמפּאַניע קעגן דעם פאַרברענגען אין די רעסטאָראַנען אין די פּרייטיק־פאַרנאַכטן. בראָש פון דער דאָזיקער קאַמפּאַניע האָט זיך געפונען דער בונד.

איך ווייס גישט ווי אַזוי די קאַמפּאַניע האָט זיך אָנגעהויבן און ווער ס׳איז געווען דער איניציאַטאָר, וואָס איך ווייס, איז נעמלעך, אַז אין די יאָרן 1913–1914 האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף אַ העפטיקער פּראָפּאַגאַנדע מצד דעם בונד קעגן דעם דאָזיקן מינהג, און אַז דער בונד האָט אויסגענוצט יעדע מעגלעכקייט און געלעגנהייט צו אַגיטירן די יידישע אַרבעטער אין וואַרשע דערצו אַ סוף צו מאַכן.

אויך אויף דער קאָנספּיראַטיווער פאַרזאַמלונג פון מיין פאַך, שבועות 1914, האָט דער פאָרזיצער, דער רעפּרעזענטאַנט פון בונד, מאַריק מעטאַלאָוויעץ, אַ סך צייט און רייד געווידמעט דעם מאַטעריעלן און מאָראַלישן שאָדן, וואָס די פּרייטיק־פאַרנאַכטיקע ליבאַציעס ברענגען די אַרבעטער. איינע פון די רעזאָלוציעס איז געווען געווידמעט דעם דאָזיקן ענין. אויך איינע פון די ערשטע אַקטיוויטעטן פון דער דערוויילטער פאַרוואַלטונג פון פּראָפעסיאָנעלן פאַכפאַראיין איז געווען פאַרבונדן מיט דער אַקציע צו ליקווידירן די פּלאָג אין די רייען פון מיין פאַך.

אויך די אַנדערע פאַך־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון בונד, האָבן זיך ענערגיש באַטייליקט אין דער אַקציע צו באַזייטיקן דעם מינהג אין די רייען פון די יידישע אַרבעטער. זומער 1914 האָט שוין זעלטן פּאַסירט אַז אַ וואַרשטאַט זאָל אָנהאַלטן די „טראַדיציע״ גרעמיאַל צו גיין אין אַ שענק נאָכן באַקומען די שׂכירות.

די דאָזיקע אַקציע איז ערב דעם אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען דערפאָלגרייך פאַרענדיקט.

די אַקציע קעגן די ליבאַציעס אין די פּרייטיק־פאַרנאַכטן, האָט פאַרן בונד געוווּנען אַ סך פּרעסטיזש און סימפּאַטיע אין די יידישע אַרבעטער־הייזער — ביי די פאַמיליעס פון די אַרבעטער.

די אַרבעטער־פאַמיליעס האָבן אין בונד געזען דעם מלאך הגואל, וועלכער האָט זיי אויסגעלייזט פון אַן אומגליק און דער בונד האָט געוווּנען אַן עלעמענט אין דער יידישער אַרבעטער־סביבה — פרוי, מוטער, כּלה, שוועסטער — וועלכע זענען אין די יאָרן פון רעאַקציע און צאַרישן טעראָר־רעזשים געווען נישט פריינדלעך געשטימט פאַר סאָציאַליסטישער טעטיקייט.

דאָס געווינען די סימפּאַטיע פון דער אַרבעטער־פאַמיליע האָט דעם בונד זייער אַ סך געהאָלפן אין זיין טאָג־טעגלעכער טעטיקייט. ס׳איז לייכטער געוואָרן צו קריגן אַ דירה פאַר קאָנספּיראַטיווע זיצונגען און פאַרזאַמלונגען און אַ באַהעלטעניש פאַר אומלעגאַלער ליטעראַטור.

און ס׳איז מיין איבערצייגונג, אַז דער פּרעסטיזש און סימפּאַטיע, וואָס דער בונד האָט זיך דערוואָרבן ביי דעם פרויען־עלעמענט אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס,

אין די יאָרן 1913—1914, האָט אַ סך מיטגעהאָלפֿן דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן אויפשוווּנג פון בונד נאָכן אַריינקום, זומער 1915, פון די דייטשן קיין וואַרשע.

נאָך דער מפּלה פון דער רעוואָלוציע פון 1905, האָבן אין דער יידישער סביבה אין וואַרשע זיך אָנגעפלאָדיעט באַנדעס פון לאָבוסעס און קאָמבינאַטאָרן, די אַזוי־גערופענע „כּוח־גייערס" און „פּרעטענסיע־נעמערס".

די דאָזיקע באַנדעס, וואָס זענען אַפילו פון דער אָפיציעלער אונטערוועלט פאַראַכט געוואָרן, האָבן זיך רעקרוטירט פון אַן עלעמענט לומפּן־פּראָלעטאַריער און דעמאָראַליזירטע אַרבעטער.

די כּוח־גייערס זענען געווען אַ חברה פיזיש שטאַרקע יונגען, פעסטע מיט דער פויסט און פלינקע מיטן מעסער. צווישן די הערשטן פון דער דאָזיקער באַנדע האָבן זיך געפונען אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן אין רעוואָלוציע־יאָר פון 1905 אָפּערירט ווי קעמפערס אין די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען און געהאַט אָרגאַניזאַציאָנעלע פעיקייטן און דערפאַרונג און אַפילו אַ געוויסע אינטעליגענץ.

אָרגאַניזירט זענען די כּוח־גייערס געווען אויף אַ צענטראַלן אופן. די שטאָט איז צעטיילט געווען אין ראַיאָנען און אין סובראַיאָנען. אין יעדן ראַיאָן האָט גע־קיניגט אַ הערשער מיט מאַכט און איינפלוס, אַרומגערינגלט מיט געהילפן. די געהילפן האָבן דעם הערשער זייערן געמוזט אומקאָנדיציאָנעל דינען און העלפן. די כּוח־גייערס האָבן געאַרבעט אין שותּפות מיט דער פּאָליציי און אונטער פּאָליציישער פּראָ־טעקציע.

דאָס אָפּעריר־געביט פון די כּוח־גייערס זענען געווען די יידישע סוחרים, פון וועמען זיי האָבן געפאָדערט אַ רעגלמעסיקן אָפּצאָל. די סוחרים, אויס מורא פאַר זייער לעבן און פאַרמעגן, האָבן געצאָלט די קאָנטריבוציע, וואָס איז אויף זיי אַרויפגעלייגט געוואָרן.

נאָך מיאוסער און נאָך עקלהאַפטער זענען געווען די באַנדעס און די טאַטן פון די פּרעטענסיע־גייערס. באַשטאַנען זענען זיי פונעם סאַמע אָפּפאַל פון דער אונטער־וועלט, פונעם ערגסטן עלעמענט לומפּן־פּראָלעטאַריער און פון די דעמאָראַליזירטסטע אַרבעטער. זייער אָפּעריר־פעלד איז געווען די גאַס: דאָס באַפאַלן און דאָס שאַנטאַ־זשירן יונגע פּאָרלעך אויף די גאַסן מיט דער „פּרעטענסיע", אַז דאָס מיידל איז אַ „כּלה" פון איינעם פון זייער חברה, און אויב ער אָדער זי וועט נישט געבן דעם „חתן" קיין אָפּטרעטגעלט, וועט מען שוין וויסן וואָס צו טאָן. און געמיינט האָט דאָס: שלאָגן, שטעכן, שרייבן בריוו צו די מחותּנים און ענלעכע טעראָר־ און שאַנטאַזש־מיטלען.

די פּרעטענסיע־נעמערס זענען געווען אַ פּעסט אין דעם יידישן וואַרשע. זייער טעראָר און שאַנטאַזש איז דערגאַנגען צו אַ מדרגה, אַז פאַרלעך האָבן מורא געהאַט זיך צו ווייזן אויף די גאַסן כּדי נישט באַפאַלן צו ווערן פון די פּרעטענסיע־נעמערס.

אויב די כּוח־גייערס זענען געווען אַן אומגליק פאַר דער יידישער געזעלשאַפט, איז דאָס אומגליק פאַרט געווען אַ לאָקאַליזירטער, און געטראָפן בלויז דעם פאַר־מעגלעכן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג. און געהאַט האָט מען צו טאָן מיט אַן עלעמענט, וואָס האָט פאַרמאָגט געוויסע אָרגאַניזאַציע־פאָרמען, אַן אינערלעכע דיסציפּלין און אַ באַשטימטע „עטיק" אין זייערע האַנדלונגען. דער סוחר האָט געצאָלט צו אַ הערשט אָדער אַ גרופּע, און קיין אַנדערע האָבן אים נישט באַלעסטיקט. אין טייל פאַלן האָבן די כּוח־גייערס אַפילו פּאַראַדירט ווי אַרבעטער־פריינד און אַריינגענומען אין שותּפות אַ געוויסן עלעמענט פון די טרעגערס, אָדער אַרויסגע־שטעלט די טרעגערס ווי אַ פראָנט.

די פּרעטענסיע־נעמערס זענען אָבער אין יעדער הינזיכט געווען אַפּפאַל און זייערע קרבנות זענען געקומען פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג: פון די אַרבעטער, בירגערלעכע און פאַרמעגלעכע קרייזן, פון די פרומע און נישט־פרומע, און ווען אַ קרבן האָט זיך שוין געהאַט אויסגעקויפט פון איין באַנדע, איז ער נישט זיכער געווען, אַז ער וועט נישט זיין קיין קרבן פון אַ צווייטער באַנדע.

דער קאַמף קעגן די אַנגעפלאַדיעטע באַנדעס איז געוואָרן אַ קאַטעגאָרישע נויטווענדיקייט.

אין די יאָרן 1913—1914 ביז צום סאַמע אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דער בונד געפירט אַ שווערן און קרבנותפולן קאַמף אויסצוראָטן דאָס דאַזיקע אומצוכט פון דער יידישער גאַס אין וואַרשע.

דאָס איינפאַרהויז פאַר פּראָווינצער פורן אויף גזשיבאָווסקע נומער 36 אין וואַרשע האָט מען גערופן „דער זאַיאַזד".

דער זאַיאַזד איז געווען אַ צווישטאַקיקע געבידע. געהאַט אַ ריזיקן פּלאַץ, וואָס האָט געקענט אַריינגעמען עטלעכע הונדערט פורן, גערופן „בוידן", געקומענע פון פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך פון דער פּראָווינץ, אַ רעסטאָראַן־אַכסניה און די פּריוואַטע וווינונג פונעם אייגנטימער פון זאַיאַזד.

אין זאַיאַזד האָט געהערשט אַ באַוועגונג 24 שעה אין טאָג. ס'זענען געקומען און אָפּגעפאָרן בוידן מיט פּאַסאַזשירן, געמישטע — פּאַסאַזשירן און פראַכט, און ספּעציעלע פראַכט־בוידן. פראַכט איז אויסגעלאָדן און אָנגעלאָדן געוואָרן. הונדער־טער מענטשן זענען יעדן טאָג דורכגעגאַנגען דעם זאַיאַזד: פּאַסאַזשירן, באַלעגאָלעס און זייערע געהילפן, מעקלערס, קאָמי־וואָיאַזשאָרן, סוחרים. דער רעסטאָראַן מיט זיינע פילצאָליקע צימערן איז שטענדיק פול געווען מיט מענטשן און געזשום.

אין די שבתים און אין די יום־טובים זענען די טירן און די פענצטער פאַרמאַכט געווען פון דרויסן, אָבער אינעווייניק איז דער רעסטאָראַן אָנגעגאַנגען מיט זיין טעטיקייט, מיט דער הילף פון פּוילישע אַרבעטער, וועלכע האָבן באַדינט, איינקאַ־סירט דאָס געלט, אָדער פאַרשריבן אויף דעם קאָנסומענטס קאָנטע.

דער אייגנטימער פון זאַיאַזד איז געווען איציקל פרענקל. אַ גערער חסיד און אַ שטיקל משׂכּיל, אַ מאָדערנער חסיד. געקליידט אין ד׳ער וואָכן איז ער געווען האַלב דייטש: אין אַ סורדוט, אַ מין קורצע געהאַקטע קאַפּאָטע, אַ געפּרעסטן קאָלנער מיט מאַנקעטן און אַ שניפּסל. שבת איז ער געווען אַגעטאָן אין אַ זיידענער, און נישט אין קיין אַטלעסענער קאַפּאָטע, אין אַ טוכן היטל מיט אַ דענקע, ווי ס׳האָט געטראָגן דער אייזן־פּאַטענטאַט און גערער חסיד ר׳ ישעיה פּריוועס. פרענקלס דריי מיידלעך זענען געשיקט געוואָרן אין גימנאַזיעס, די יינגלעך — אין אָרטאָדאָקסישע חדרים, און אין שטוב האָט מען געהאַלטן אַ לערער פאַר די לימודי־חול.

איציקל פרענקל האָט זיך ווייניק געמישט אין די געשעפטן פון זיין זאַיאַזד און פון זיין רעסטאָראַן. די געשעפטס־פירערין איז געווען די פרוי זיינע, מלכּה פרענקל, אַ ייִדענע אַ כוואַט, מיט אַ פעסטער האַנט און מיט אַ גראָדן שׂכל. איר אַליין האָט מען געקענט אָפט טרעפן זיצן אין אַ ווינקל אַ פאַרטיפטן אין לייענען אַ „הצפי־רה״, אָדער אַ יידישע בלאַטצייטונג.

צו דער פאַרצווייגטער זאַיאַזד־אונטערנעמונג האָט די פרענקל־פאַמיליע געהאַט אַ נישט־געבעטענעם שותּף: קלמן דזשאַבאַק, דעם הערשט פון די כּוח־גייערס אויפן שטח פון זאַיאַזד. קלמן דזשאַבאַק האָט אין זאַיאַזד זיך געפילט פאַר אַ גרעסערן באַלעבאָס ווי די פרענקל־פאַמיליע.

געפירט האָט קלמן דזשאַבאַק זיין ממשלה פון איינעם פון די זייטיקע רעסטאָראַן־צימערן, וואָס ער האָט געשאַפן „דאָס קאָנטאָרל״. ער האָט געפאָדערט און געקריגן אַ באַשטימטן אָפּצאָל פון יעדער בויד, וואָס איז אַריין און אַרויסגעפאָרן פון זאַיאַזד: פון די באַלעגאָלעס, פון די מעקלערס, פון די קאָמי־וואָיאַזשאָרן און פון די סוחרים, וואָס האָבן געליפערט אָדער אָפּגענומען די סחורות פון די פּראָווינצער פורן. וואָלט ווער זיך אָפּגעזאָגט צו צאָלן זיין קאָנטריבוציע, וואָלט געווען אָך־און־ווי צו אים. ביי אַ באַלעגאָלע וואָלטן די פערד נישט דערלעבט אַרויסצוגיין פון זאַיאַזד, און אַ סוחר, אָדער אַ קאָמיוואָיאַזשאָר וואָלט זיינע סחורות מער נישט געזען פאַר זיינע אויגן: זיי וואָלטן צעראַבירט, צעגנבעט, צעפּלינדערט אָדער פאַרפאַלן געוואָרן, און דעם זיך קעגנשטעלנדיקן וואָלט די גיכע־הילף, וואָס מען האָט אין וואַרשע גערופן „פּאַגאָטאָוויע״ און ייִדן האָבן זי גערופן „דאָס קעטשל״, געדאַרפט אָוועקפירן אַ טויטן אָדער אַ פאַרוווּנדעטן.

צווישן דער פאַמיליע פרענקל און קלמן דזשאַבאַק האָט זיך איינגעשטעלט אַ מין מאָדוס־וויווענדי: די פרענקל־פאַמיליע האָט זיך נישט געמישט אין די ענינים פון די כּוח־גייערס און קלמן דזשאַבאַק און זיינע לאַפּיטוטנס זענען נישט אַריינגע־קומען אין רעסטאָראַן און אין די רעסטאָראַן־צימערן; דאָס עסן און טרינקען פלעגט פאַר זיי געבראַכט ווערן אין „קאָנטאָרל״.

אָן אויסנאָם איז געווען ווען פּוילישע קוילער־יונגען, פערדהענדלערס, אָדער פּאַסאַזשירן פלעגן זיך אָנשיכּורן און מאַכן אַוואַנטורעס. דעמאָלט האָט זיך באַוויזן

קלמן דזשאַבאַק אַליין אָדער מיט זיינע געהילפֿן, געלערנט בלק מיט די אַוואַנטור־ריסטן און געוויזן וואָס פֿאַר אַ קינסטלער אַ שלעגער ער איז, ווי ער קען זיך ספּראַווען מיט דעם שטאַרקסטן. נישט איין מאָל האָט אויך אַ בלאַנק געטאָן דאָס שפּרינגמעסער און גיך זיך אָפּגעפּטערט מיטן קעגנער.

דער מאָדוס־וויוועגדי, דער נישט־געשריבענער קעגנזייטיקער אָפּמאַך נישט צו מישן זיך אין דעם אַנדערנס געשעפֿטן, האָט אָנגעהאַלטן לאַנגע יאָרן. אַן אויסנאַם זענען געווען די טעג פֿון די יום־טובֿים און געוויסע שבתים.

אין די יום־טובֿ־טעג, און אַ מאָל אויך אין אַ שבת, האָט קלמן דזשאַבאַק אָקו־פּירט די צימערן פֿון רעסטאָראַן און איינגעאָרדנט בעלער און פֿאַרוויילונגען פֿאַר זיינע געהילפֿן מיט זייערע כּלות און פֿאַרבעטענע געסט. געווען צווישן דער בלאַטער חבֿרה אויסגעצייכנטע טענצערס, זינגערס, קאָמיקערס און אַקראָבאַטן. אויך פּראָ־פֿעסיאָנעלע אַקטיאָרן זענען פֿון צייט צו צייט פֿאַרבעטן געוואָרן. אין די מערסטע פֿאַלן זענען דאָס געווען די אַקטיאָרן ווינער, ראָטשטיין און מיכאל קליין. מ׳האָט געהוליעט אויף וואָס די וועלט שטייט. דעם רעכענונג פֿלעגן די פֿרענקלס צושטעלן קלמן דזשאַבאַקן, און ער פֿלעגט שוין דערליידיקן דעם חשבון.

די פֿרענקל־פֿאַמיליע, מיטן אויסנאַם פֿון איציקל פֿרענקל, האָבן ליב געהאַט זיך צוצוקוקן צו די פֿאַרוויילונגען און באַוווּנדערן די מייסטערשאַפֿט פֿון קלמן דזשאַבאַקס טאַנצן.

געווען איז קלמן דזשאַבאַק אַן אייגנאַרטיקער טיפּ: מיטלוווּקסיק, אַ מאָגערער, נישט קיין וואַזשנער פֿאַרשוין, אָפּט אונטערגעהוסט, מיט אַ געשטופּלט פּנים פֿון פּאָקן און מיט אויסגעקרימטע פֿיס. זיין ממשלה האָט ער געפֿירט מיט אַן אייזערנער האַנט.

ער איז נישט געווען קיין בורילע, וואָס קען בלויז זיך גוט שלאָגן און אָפּערירן מיטן מעסער. ער איז געווען אַ גאַנץ קלוגער און מ׳קען אַפֿילו זאָגן — אינטעלי־גענטער מענטש. מ׳האָט אים אין „קאָנטאָרל" און זומער בעתן וואַרעמען זיך אויף דער זון, געטראָפֿן מיט אַ יידישער אָדער רוסישער צייטונג, און אַ מאָל אויך מיט אַ בוך אין האַנט. דערציילט האָט מען, אַז אין די רעוואָלוציע־יאָרן פֿון 1905 איז ער געווען אַן אָנפֿירער פֿון אַ „באָיעוואָי־אָטריאַד" פֿון דער פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט". די פֿרוי זיינע האָט זיך אין זאַיאַזד קיין מאָל נישט באַוויזן. דערציילט האָט מען אויך, אַז זי איז אַ פֿיינע און אַן אינטעליגענטע פֿרוי, און וווינט אין די פֿאַרמעגלעכע גויִישע גאַסן. זי דערציט זיינע דריי קינדער אויפֿן בעסטן אופֿן און היט זיי, אַז זיי זאָלן נישט געוווּיר ווערן וועגן דעם פֿאָטערס באַשעפֿטיקונג.

געווען בין איך אַן אָפֿטער גאַסט אין זאַיאַזד. פֿרענקלס אַ ייִנגל איז געווען מיינער אַ חדר־חבֿר און כ׳בין אָפֿט געווען זיינער אַ גאַסט. מיטן דאָזיקן חבֿרל מיינעם האָב איך אָנגעהאַלטן פֿריינדשאַפֿט אויך נאָך דעם, ווי מיר זענען מער נישט געווען קיין חדר־חבֿרים און כ׳האָב אים אָפֿט באַזוכט. אין מיינע עטוואָס עלטערע יאָרן איז די

סיבה פון מיינע אָפּטע באַזוכן דעם זאַיאַזד געווען מיין חברס אַ ייִנגערע שוועסטער, עדזשע, אַ שילערין פון קאַלעצקאַס גימנאַזיע, מיין דולצינעאַ, צו וועמען כ׳האָב געשיקט די אַכצן און זיפּצן פון מיינע יוגנטלעכע ליבעווייען און זי האָט מיך געהאַט אין דער אדמה. און וואָס איז דאָ צו פאַרלייקענען? איך האָב קלמן דזשאַבאַקן גערן געהאַט, ליב געהאַט צו זען זיינע בריהשאַפטן ביים שלאָגן זיך איינער קעגן אַ סך און קעגן פּיזיש־שטאַרקערע פון אים, ליב געהאַט צו זען אים טאַנצן און אָנפירן מיט די פאַרווײלונגען אין זאַיאַזד.

אין פאַרלויף פון יאָרן האָב איך קלמן דזשאַבאַקן, דעם קעניג פון די כּוח־גייערס אין זאַיאַזד, געזען אין זיין גדולה, זיך צוגעקוקט צו זיינע מעשׂים, אויפפירונ־גען און מינהגים. און געווען בין איך אויך אַן עדות, געזען און זיך צוגעקוקט צו זיין וויסטער מפּלה.

געשען איז עס אַרום פּורים־צייט אין יאָר 1914. אַהיימגייענדיק פון דער אַרבעט, האָב איך פון געוווינהייט זיך אָפּגעשטעלט אויפן ראָג טשעפּלע און גזשיבאָווסקע אַ טראַכט צו טאָן דורך וועלכן וועג צו גיין צו מיין היים אויף לוצקע 8: צי דורך דער גזשיבאָווסקע און זשעלאַזנע, אַריינכאַפּן זיך אין זאַיאַזד זען מיין דולצינעאַ, אָדער גיין ווייטער מיט דער טשעפּלע און זשעלאַזנע.

געווען איז עס אין אַ מאָנטיק אויף דער נאַכט. איך האָב באַשלאָסן אָפּצוטרעטן ביי די פרענקלס. ביים זאַיאַזד האָב איך אָנגעטראָפן אויף אַ בלוטיק געשלעג. דער רעסטאָראַן איז געווען דעמאָלירט. קיינער פון די פרענקלס איז אין רעסטאָראַן נישט געווען. כ׳האָב נישט באַוויזן זיך רעכט אַרומצוקוקן, ווי די גאַס איז אָפּגעליידיקט געוואָרן פון מענטשן. אויפן טראָטואַר זענען געלעגן עטלעכע פאַרווּנדיקטע, קלמן דזשאַבאַק איז געלעגן אַ צעהרגעטער. לעבן אים איז אין אַן עטלעכן מצב געלעגן איינער פון זיינע אַדיוטאַנטן. עטלעכע מינוט שפּעטער זענען אָנגעקומען עטלעכע אַמבולאַנסן פון דער גיכער הילף, באַנדאַזשירט אויפן אָרט די לייכט־פאַרווּנדיקטע און די שווער־פאַרווּנדיקטע אַוועקגעפירט מיט זיך.

דאָס איז געווען דער סוף פון קלמן דזשאַבאַקס ממשלה אין זאַיאַזד, דער סוף צום גראַסירן פון דער באַנדע כּוח־גייערס אויפן שטח פון זאַיאַזד אויף גזשי־באָווסקע 36.

ווי די פרענקלס האָבן מיר דערציילט, האָבן זיך די געשעענישן אַנטוויקלט אויף אַזאַ אופן:

זינט אַ לענגערער צייט האָבן די באַלעגאָלעס פון די פּראָווינצער בוידן אָנגע־הויבן זיך בונטעווען קעגן דער קאָנטריבוציע, וואָס קלמן דזשאַבאַק און זיין באַנדע לייגן אויף זיי אַרויף. זיי זענען אונטערגעהעצט געוואָרן פון בונד. מ׳האָט אָנגעהויבן באַמערקן, אַז די באַלעגאָלעס און זייערע משרתים שושקען זיך מיט פרעמדע מענטשן.

אַ צוויי וואָכן פאַרן געשלעג האָבן די באַלעגאָלעס געמאַכט אַ „זאַבאַסטאָווקע" און נישט געוואָלט מער געבן קיין אָפּצאָל. דזשאַבאַק האָט פּרובירט מיטן גוטן,

ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן, זענען עטלעכע פערד געסמט געוואָרן. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן קליינע געשלעגן.

דעם לעצטן דאָנערשטיק זענען די באַלעגאָלעס נישט אַרויסגעפאָרן אין זייערע שטעטלעך און געבליבן אין זאַיאַזד, זיי האָבן געגעכטיקט אין די בוידן און אין דער אַכסניה, און אָנגעהויבן ענטפערן מיט קלעפּ.

די גרויסע שלאַכט האָט זיך אָנגעהויבן פרייטיק ביי נאַכט. אַ שמייסער איז צעשלאָגן געוואָרן און די פּאָגאָטאָוויע האָט אים אָוועקגעפירט אין שפּיטאָל אַריין. די באַלעגאָלעס און די שמייסערס האָבן אַטאַקירט די חברה, זיך געשלאָגן מיט דרענגער און מיט קלאָניצעס, די כּוח־גייערס — מיט זייערע מעסערס. די פּאָגאָ־טאָוויע איז עטלעכע מאָל געקומען, באַנדאַזשירט די צעשלאָגענע און אייניקע מיט־גענומען אין שפּיטאָל אַריין. דזשאָבאַק מיט זיין חברה איז אָפּגעטראָטן פון זאַיאַזד.

זונטיק איז שטיל געווען. מאָנטיק נאָך מיטאָג איז דזשאָבאַק צוריקגעקומען מיט אַ גרויסער באַנדע שטאַרקע, זיי האָבן אָבער שוין גאָרנישט געקענט אויפטאָן. די באַלעגאָלעס און די שמייסערס זענען געווען אויפגעהעצט פון מענטשן, וואָס מ'האָט געזאָגט, אַז זיי זענען געווען בונדאָווצעס, וועלכע זענען געקומען זונטיק אין זאַיאַזד. די באַלעגאָלעס און שמייסערס האָבן זיך געשלאָגן ווי די לייבן. דעם אויסגאַנג פון געשלעג האָב איך געזען. דזשאָבאַקן האָט די פּאָגאָטאָוויע אָוועקגעפירט אַ צעממיתטן.

טראָץ דעם גרויסן שאָדן, וואָס דער רעסטאָראַן האָט געליטן, האָבן די מיטגלי־דער פון דער פרענקל־משפחה גערעדט מיט אַ סך פרייד וועגן דזשאָבאַקס מפּלה. צום אויפגעהייטערסטן איז געווען די יינגסטע טאָכטער, עדזשע, די 16–15 יאָריקע שילערין פון קאָלעצקאָס גימנאַזיע. אין איר קלינגענדיקן פּויליש האָט זי אויסגע־זונגען לויבווערטער פאַר דער בראַוקייט פון די באַלעגאָלעס און זייערע געהילפן, געפרייט זיך מיט דער מפּלה פונעם פאַרשיוון דזשאָבאַק און פאַרכלינעט זיך פון התפּעלות פאַרן בונד, וועלכער האָט אָרגאַניזירט דעם אויפשטאַנד קעגן דעם דזשאָ־באַק מיט זיין באַנדע. נאָר די עלטסטע טאָכטער, טאָלע, דאָס כּלה־מיידל, האָט געהאָט אַ זיפץ און אַ וואָרעם וואָרט פאַרן געוועזענעם קעניג פון די כּוח־גייערס אין זאַיאַזד.

ווען כ'האָב חול־המועד־פּסח פון 1914 אָפּגעשטאַט אַ וויזיט ביי דער פרענקל־פאַמיליע, האָב איך דעם זאַיאַזד נישט דערקענט. דער שאָדן איז געווען באַזייטיקט, דער רעסטאָראַן און די רעסטאָראַן־צימערן — איבערגעפאַרבט. די פּנימער פון די מיטגלידער פון דער פרענקל־משפחה האָבן געלויכטן מיט אַ פרייד, ווי זיי וואָלטן געוווּנען דאָס גרעסטע געווינס. איציקל פרענקל איז געווען ווי איבערגעאַנדערשט — געוואָרן רירעוודיקער און זיך מער אינטערעסירט מיטן לעבן פון געשעפט. דער נאָמען בונד איז אָפט דערמאָנט געוואָרן אין די שמועסן מיט מיר און גערעדט האָט מען וועגן בונד אין אַ געהיימניש־פולן טאָן און מיט אַ סך רעספּעקט.

אָפילו צו מיר איז עדזשע געווען פריינדלעכער געשטימט, געשענקט אַ שמייכל,

געקוקט מיט ליבלעכערע אויגן און מיך כסדר געפרעגט פאַר וואָס כ׳בין נישט קיין סאָציאַליסט. „דו ביסט דאָך שוין אַ דערוואַקסענער מענטש, אַן אַרבעטער, פאַר וואָס זאָלסטו נישט זיין קיין סאָציאַליסט״ ?

צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן האָב איך באַגעגנט אַ בירגערלעכע און פאַר־מעגלעכע פאַמיליע, מיט אַ חסידישן הינטערגרונט, וואָס האָט מיט דאַנקבאַרקייט און רעספּעקט גערעדט וועגן בונד.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז דער קרבנותפולער קאַמף פון בונד קעגן די באַנדעס פון די פּרעטענסיע־נעמערס.

אין דער געגנט פון גזשיבאָוו און פון נייעם גזשיבאָוו (פּלאַץ וויטקאָווסקעגאָ) מיט איר געדיכטער יידישער באַפעלקערונג, אין דער געגנט, אין וועלכער מיינע עלטערן האָבן געוווינט, האָבן גראַסירט עטלעכע באַנדעס פּרעטענסיע־נעמערס. די גרעסטע איז אָנגעפירט געוואָרן פון אַ פאַרשוין, וועמען מ׳האָט גערופן משהלע מאַלאַזש.

געווען איז דער דאָזיקער „העלד״ אַ קליינוווקסיקער, אַ דאַרער, אַן ציין, בלויז מיט צוויי גרויסע אַרויסשטאַרצנדיקע אייבערשטע פּראָנטציין; אַ שוואַרצער און אַ פּיזיש־מיאוסער שרץ, אָבער אַן ערשטקלאַסיקער מעסער־שטעכער. מיט אָט דער „קונסט״ זיינער האָט ער טעראָריזירט די געגנט און געפּראַוועט זיינע עקלהאַפטע שטיק. גערופן האָט זיך משהלע מאַלאַזש „דער קייסער פון פּאַטשעיאָוו״ און געהאַט זיין „רעזידענץ״ אין „קליינעם פּאַטשעיאָוו״, אויף גזשיבאָווסקע־גאַס נומער 77.

די הייזער אויף לוצקע־גאַס, פון דער זייט פון מיינע עלטערנס וווינונג, האָבן מיט זייערע רוקנס זיך אָנגעשפּאַרט אויף די רוקנס פון די הייזער פון גזשיבאָווסקע־גאַס און געהאַט אַ סך דורכגאַנגווענ. אויך צום קליינעם פּאַטשעיאָוו איז געווען אַ דירעקטער דורכגאַנג. די יינגלעך פון מיין גאַס זענען אין קליינעם פּאַטשעיאָוו געווען אָפטע געסט; געלאָקערט האָט זיי די אַנדערשקייט. אויך איך בין פון מיין פריסטער יוגנט געווען דאָרט אַן אָפטער באַזוכער, פריער דורך דעם דורכגאַנג און שפּעטער פון דער פּראָנטזייט, און זיך זשעדנע צוגעקוקט צו אַלעם, וואָס דאָרט קומט פאָר, און במילא אויך צו די שאַנדטאַטן פון משהלע מאַלאַזש. נישט איין מאָל האָב איך בייגעוווינט אַ סצענע, ווי דער „קייסער פון פּאַטשעיאָוו״ האָט מיט זיין באַנדע אויף די אַרומיקע גאַסן אָפּגעשטעלט אַ יונג פּאָרל און געפאָדערט פּרעטענסיע־געלט.

אין מיין זכרון איז געבליבן פריש דער רושם, וואָס משהלע מאַלאַזשס אַ נבלה האָט אַרויסגערופן אין דער געגנט, אין וועלכער מיינע עלטערן האָבן געוווינט.

געשען איז אָט וואָס:

אויף דער פּאַנסקע־גאַס האָט זיך געפונען אַ קליין נאַפּטגעוועלבל, וועמענס אייגנטימער ס׳איז געווען אַ חסידישער ייד. געהאַט האָט ער אַ טאָכטער, וואָס האָט

אים געהאָלפן אין געוועלב — נישט קיין איבעריקע יפת־תּואר, אָבער באַליבט ביי די קונים.

דאָס מיידל איז אַ כּלה געוואָרן פאַר אַ פּראָווינצער בחור, אויך פון אַ חסידישער פאַמיליע. דער חתן מיט זיינע עלטערן זענען געקומען קיין וואַרשע, און שבת פאַר נאַכט זענען חתן־כּלה געגאַנגען אויף אַ שפּאַציר. די צייטן נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905 זענען שוין געווען אַזעלכע, אַז אַפילו פרומע עלטערן האָבן נישט געשטערט חתן־כּלה זאָלן זיך נענטער באַקענען און גיין אַ מאָל צוזאַמען שפּאַצירן.

אויף דער גאַס איז דאָס פּאָרל אָפּגעשטעלט געוואָרן דורך משהלע מאַלאַזש און זיין באַנדע און דער „קייסער" האָט געפאָדערט פּרעטענסיע־געלט. ער האָט אָנגעגעבן אַ סומע און אַ טערמין, וויפל און ווו דאָס פּרעטענסיע־געלט צו ברענגען. ווי זייער שטייגער איז געווען, האָבן זיי דאָס פּאָרל קודם־כּל מכבד געווען מיט אַ פּאָר פעסטע קלעפּ. דער סוף פון דער געשיכטע איז געווען, אַז דער חתן האָט צוריק־געשיקט די תּנאָים און דאָס מיידל איז געוואָרן גייסטיק צערודערט.

אַ צייט לאַנג האָט זיך אין מיין געגנט געקאָכט מיט דער געשיכטע. די ייִדן אין די חסידים־שטיבלעך און אין די שולן האָבן געליאַרעמט, אַז מ'דאַרף עפּעס טאָן קעגן דער הפקר־חבֿרה — און ביים ליאַרעמען זענען זיי געבליבן.

אָבער אַ טאָג איז געקומען — און דער „קייסער פון פּאַטשעיאָוו" איז דעטראָ־ניזירט געוואָרן און געקריגן זיין פאַרדינטן פּסק.

געשען איז דאָס אין אַ שבת פאַר פּסח, וואָס פרומע ייִדן רופן „שבת הגדול", און מקיים־פּסק געווען האָבן אים די „אָקריטשע"־שניידערס, און איך בין געווען אַן עדות פון זיין וויסטער מפּלה.

די געשיכטע פון משהלע מאַלאַזשס מפּלה, ווי איך קען זי, איז געווען אַזאַ:

אויף דער כמיעלנע־גאַס האָט געוווינט אַ שניידער, וואָס האָט געהאַט אַ טאָכטער מיטן נאָמען כאַנטשע, אַ נייערין ביי דאַמען־מאַנטלען, וואָס מ'האָט אין וואַרשע גערופן „אָקריטשע". דאָס מיידל, אַ גאַנץ שיינע, האָט אין מיין געגנט נישט געשמט פאַר קיין גרויסע צנועה. זי איז געווען אַ „כּלה" פון איינעם פון משהלע מאַלאַזשס חבֿרה און איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט. צי זי איז געווען אַ קרבן פון אומ־שטענדן אָדער נישט, איז נישט פאַר מיר צו פּסקנען. דער עיקר איז, אַז זי האָט זיך פאַרליבט אין אַן „אָקריטשע"־שניידער, אָדער ער אין איר, איבערגעריסן מיט דער הפקר־חבֿרה און זיך געקליבן חתונה צו האָבן.

משהלען מיט זיין באַנדע האָט דער עסק נישט געשמעקט. ערשטנס, ווי דערלאָזט מען, מיר־נישט־דיר־נישט, אַז אַ „וויטישער" יאָלד זאָל צונעמען אַן אייגן מיידל? צווייטנס, איז עס דאָך אַ שאַנדע פאַר די אַנדערע באַנדעס און אויך דער אָנזען און אינטערעס פונעם „קייסער פון פּאַטשעיאָוו" און פון זיין באַנדע קען ליידן פון אַזאַ פאַל. און משהלע מיט זיינע מיטהעלפערס האָבן אָנגעהויבן פאַרפאָלגן דאָס מיידל, געשלאָגן זי און באַדראָט איר לעבן.

איך ווייס באַטירלעך נישט, ווי אַזוי ס'איז צוגעגאַנגען דאָס באַשליסן, דאָס פּלאַנירן, דאָס אָפּרעכענען זיך מיט משהלע מאַלאַזש און אַ סוף צו מאַכן צו דער הפקרות פון אים און פון זיין באַנדע, כ'בין אָבער געווען אַן עדות פון דער אָפּרע־כענונג.

אין דער פרי פון שבת פאַר פסח אין יאָר 1914 וואַרט מיך אָפּ ביים טויער פון מיינע עלטערנס וווינונג מיין חבר אַבּרהמל דער קופּקעס, דעמאָלט שוין אַ געזעל אין „אָקריטשע"־פאַך, און לייגט מיר פאָר נישט אַוועקצוגיין אין ערגעץ, נאָר בלייבן מיט אים און ביייווינען אַ שיינע חתונה, אָבער גישט פרעגן קיין קשיות, נאָר קוקן און שווייגן. זיין פאַרהאַלטן זיך און זיין געהיימעניש־פולער אופן פון רעדן האָבן מיך אינטריגירט. איך האָב נישט געפרעגט קיין שאלות ווען ער האָט מיט מיר אינספּעק־טירט די דורכגאַנגען צווישן די הייזער פון די גאַסן לוצקע און גזשיבאָווסקע. אַרום עלף אַ זייגער אין דער פרי זענען אויף לוצקע גאַס אָנגעקומען אַ מאַן 20 „אָקריטשע"־שניידערס און מיין חבר האָט זיי לאָקירט אין די הייף מיט די דורכגאַנגען צו דער גזשיבאָווסקע־גאַס, דערנאָך איז ער אַוועק מיט מיר אויף דער זשעלאַזנע אין דער ריכטונג צו דער גזשיבאָווסקע. אויפן וועג האָב איך באַמערקט אַ צאָל מיר אומבאַ־קאַנטע מענטשן, פאַרשטעקטע אין די טויערן, אָדער קונים אין די סאָדע־וואַסער־געוועלבלעך און אין די שענקען און קאַוויאַרניעס, וואָס האָבן זיך געפונען אויף דעם אָפּשניט פון דער גאַס.

ווי נאָר משהלע מיט זיין באַנדע זענען אַריבער די גאַס און קוים באַוויזן מיט נאָך עטלעכע באַגלייטערס אַריינצוגיין אין רעסטאָראַן, זענען זיי אַטאַקירט געוואָרן פון אַלע פיר זייטן מיט שטעקנס און אייזנס. אַ טייל פון די אַטאַקירערס זענען אַריין אין רעסטאָראַן גופא און דאָרט מקיים־פּסק געווען משהלען מיט זיינע באַגלייטערס.

די מפּלה פון דער באַנדע איז געווען אַ צעשמעטערנדיקע. משהלע מאַלאַזשן האָט זיך איינגעגעבן דורכצורייסן און אַריינצולויפן אינעם „קליינעם פּאַטשעיאָוו", ווו ער האָט גערעכנט צו קריגן הילף. קיינער האָט אים אָבער נישט געהאָלפן. ס'איז שוין געווען דאָס יאָר 1914. די אַטאַקירערס זענען אַריין אין „קליינעם פּאַטשעיאָוו" פון ביידע זייטן, פון פראָנט און פון דעם דורכגאַנג פון לוצקע־גאַס, און אין משהלעס רעזידענץ מיט אים אָרנטלעך זיך אָפּגערעכנט; די גיכע הילף האָט אים אַ צעממיתטן אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל אַריין.

דאָס איז געווען דער סוף פון די באַנדעס פּרעטענסיע־נעמערס אין דער געגנט פון אַלטן און נייעם גזשיבאָוו. די יידישע איינוווינערס האָבן נאָך דעם יאָרן־לאַנגן טעראָר פרייער אָפּגעאָטעמט. דער נאָמען בונד, בונדאָווצעס, איז געוואָרן אַ סינאָנים פון קוראַזש, פון קרבנותפולער טעטיקייט לטובת הכּלל.

צו באַשרייבן די שׂמחה פון די יידישע שכנים, די „לחיימס" אין די שולן און אין די חסידים־שטיבלעך אין דער דערמאָנטער געגנט, וואָלט מען געדאַרפט האָבן דעם טאַלאַנט פון אַ בעלעטריסט.

געווען בין איך אויך אַן עדות פון „דער לעצטער און אַנטשיידענער שלאַכט״, וואָס דער בונד, מיט דער באַטייליקונג פון דער אַנאַרכיסטישער גרופּע ביי די געגריוועטע שוסטערס, האָט געפירט קעגן די באַנדעס כּוח־גייערס און פּרעטענסיע־נעמערס.

געשען איז עס אין אַ שבת, 3 אָדער 4 וואָכן פאַר דעם אויסבראָך פון דער ערש־טער וועלט־מלחמה. כ׳בין דעמאָלט געווען שוין אַקטיוו אין דער אַרבעטער־באַוועגונג און אַ מיטגליד פון בונד. אויף דער בונדישער בערזע איז געקומען צו לויפן אַ שטאָפּעט מיט אַ מעלדונג, אַז די בעקערס און די געגריוועטע שוסטערס שלאָגן זיך מיט די קאָמבינאַטאָרן ביי דער רעסטאָראַציע אויף ראָג דזשיקע און קופּיעצקע, און די סיטואַציע איז אַ שלעכטע. מאָמענטאַל האָבן די בערזע־באַזוכערס זיך אַ לאָז געטאָן צום קאַמפּפּלאַץ. אויפן וועג האָבן די מיטגלידער פון בונד באַגעגנט גרעסערע גרופּעס אַרבעטער פון פאַרשיידענע פאַכן איילנדיקע צום קאַמפּפּלאַץ, און די, וואָס זענען דערגאַנגען, האָבן תּיכּף זיך אַריינגעוואָרפן אין שלאַכט.

ווען כ׳בין צוגעקומען נאָענט צום אָרט פון געשלעג, איז דער קאַמף געווען אין פולן ברען, מ׳האָט אָבער שוין געקענט זען, אַז דער זיג גייט מיט יעדער מינוט איבער אויף דער זייט פון די אַרבעטער.

אויסגעטיילט האָט זיך שמאי בעקער. אַ צעבלוטיקטער, דאָס העמד צעפליקט אין פאַסן, האָט שמאי בעקער זיך געשלאָגן מיט אַן אומגעצוימטער פוריע, לויט אַלע כּללים און מעטאָדן פון אַ פּראָפעסיאָנעלן רינג־אַטלעט.

דערמאָנט האָט מיך שמאי בעקער מיט זיין פאַכמענישן אופן פון שלאָגן אין דער בריהשאָפט ביים שלאָגן זיך פון קלמן דזשאַבאַק, אָבער וויפל „להבדילס״ דאַרף מען מאַכן צו פאַרגלייכן דעם באַוווסטזיניקן סאָציאַליסט און רעוואָלוציאָנער, דעם דע־מאָלטדיקן בונדיסט און מיטגליד פון וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד, דעם שפּע־טערדיקן קאָמוניסט, און אין די צוואַנציקער יאָרן — אָנפירער פון „געזערד״ אין אָדעסער ראַיאָן, און איינער פון די ערשטע סטאַלין־קרבנות אין די דרייסיקער יאָרן; אַ בעקער־אַרבעטער, וועלכער האָט געקענט זיך גוט און פאַכמעניש שלאָגן, און ווען נייטיק טאַקע זיך געשלאָגן און גלייכצייטיק בכּוח זיין צו האַלטן אַ רעפעראַט אויף אַ פילאָסאָפישער טעמע אין יידיש, רוסיש, און נאָך זיין באַפרייונג פון דער דייטשישער מיליטערישער געפאַנגענשאַפט — אויך אין דייטש; צו רעפערירן וועגן דער היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישער געשיכטע־אויפפאַסונג, וועגן פלעכאַנאָווס מאַ־ניזם, וועגן ענגעלס „אַנטי־דירינג״ און אויף ענלעכע טעמעס; זיין היימיש אין דער ליטעראַטור אין די דריי שפּראַכן און ציטירן פון אויסנווייניק שטיקער פּאָעזיע פון יידישע, רוסישע און דייטשישע פּאָעטן — ווי קען מען פאַרגלייכן דעם דאָזיקן פּראַכטפולן בעקער־אַרבעטער מיט אַזאַ נפש ווי אַ קלמן דזשאַבאַק?!

איך האָף צו האָבן די זכיה צו שטעלן אַ שריפטלעכן דענקמאָל אין דער פאָרעם פון אַ פענפאָרטרעט פאַר דעם דאָזיקן אַרבעטער און רעוואָלוציאָנער, איינעם פון די

„אָריגינאַלן”, וואָס איך האָב באַגעגנט אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, וועמען איך פאַררעכן פאַר איינעם פון מיינע אַמאָליקע קאַמף־חברים און פערזענלעכע פריינד.

דער רעזולטאַט פונעם קאַמף אויף דער דזשיקע־גאַס איז געווען די פולשטענ־דיקע צעשמעטערונג פון דעם „פאַראייניקטן כוח” פון די רעשטן פון די כוח־גייערס און פרעטענסיע־נעמערס. דאָס געזינדל, וואָס האָט אין פאַרלויף פון יאָרן טעראָרי־זירט און באַרויבט די יידישע באַפעלקערונג, איז עוקר מן השורש געוואָרן פון דער יידישער גאַס פון וואַרשע.

אַ דאַנק דעם קאַמף, וואָס דער בונד האָט געפירט קעגן די פרעטענסיע־נעמערס און די פאָזיטיווע רעזולטאַטן פון דעם דאָזיקן קאַמף, איז דער נאָמען בונד אַריינ־געדרונגען אַפילו אין קרייזן סאָציאַל פרעמדע פאַרן בונד, אַריינגעדרונגען און גע־וווּנען פרעסטיזש און סימפּאַטיע אויך ביי בירגערלעכע און פאַרמעגלעכע יידישע פאַמיליעס.

ווי אַזוי די קאַמפן קעגן די כוח־גייערס און פרעטענסיע־נעמערס האָבן זיך אָנגעהויבן — ווייס איך נישט.

ווי ס׳האָבן מיר דערציילט חברים פון בונד, זענען די ערשטע, וועלכע זענען אַרויס אין קאַמף קעגן די כוח־גייערס געווען די אָנגעשטעלטע אין די לעדער־געשעפטן אויף דער פראַנצישקאַנער גאַס, און דערנאָך האָבן די קאַמפן זיך אַריבער־געטראָגן אויף דער שוויענטאָ־יערסקע־גאַס.

לײַדער געדענק איך נישט די דירעקטע סיבות, וואָס האָבן באַוויגן די אָנגע־שטעלטע פון די לעדער־געשעפטן אויף פראַנצישקאַנער און די אָנגעשטעלטע פון די מענער־קליידער־געשעפטן אויף שוויענטאָ־יערסקע אַרויסצוטרעטן אין אַ נישט גלייכן קאַמף מיט די כוח־גייערס.

די קאַמף־סיטואַציע איז פאַר די צעבונטעוועטע געווען זייער אַ קריטישע און געקאָסט קרבנות. ערשט ווען דער בונד האָט איבערגענומען די פירערשאַפט, מאָבי־ליזירט און אַריינגעוואָרפן אין קאַמף אַ באַדייטנדיקע צאָל אַרבעטער, האָט דער קאַמף קעגן די כוח־גייערס אָנגענומען אַ גינסטיקע ווענדונג און דערפירט צו אַ נצחון.

און ווי ס׳האָט מיר דערציילט מרדכי שוסטער (מ׳האָט אים אויך גערופן דער שוואַרצער מרדכי), דער פירער פון דער גרופּע אַנאַרכיסטן ביי די געגריוועטע שוסטערס — איינער פון די אינטעליגענטסטע יידישע אַרבעטער, וואָס כ׳האָב געטראָפן אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג: אַ מענטש אַ קלוגער, אַ לאָגישער און מיט אַ סך פערזענלעכן מוט — זענען די געגריוועטע שוסטערס, אָנגעפירט פון די אַנאַרכיסטן, געווען די ערשטע אַרויסצוטרעטן קעגן די פרעטענסיע־נעמערס.

די דירעקטע סיבות זענען געווען דאָס טעראָריזירן און באַלעסטיקן אַ ריי פאַ־מיליעס און די קינדער פון די געגריוועטע שוסטערס. די טעראָריזירטע אַרבעטער

האָבן זיך געווענדט צו זייער פאַך־אָנפירונג נאָך הילף, און די פאַך־אָנפירונג, וואָס איז באַשטאַנען מערסטנס פון אַנאַרכיסטן, האָט דעם קאַמף אויפגעהויבן.

וויסנדיק, אַז אַליין זענען די אַנאַרכיסטן, אַפילו מיט דער הילף פון גרויסע טיילן פון די אַרבעטער פון פאַך, צו שוואַך אָנצופירן מיט אַ לאַנגדויערנדיקן קאַמף און אויסקעמפן אַ זיג, האָבן זיך די אַנאַרכיסטן געווענדט צו אַ צווייטער סעקציע פון פאַך געגריוועטע שוסטערס, וואָס מ׳האָט גערופן „די קליינע" (קינדער־שיכלעך), אַז די אַרבעטער פון דער סעקציע און די פּ.פּ.ס.־לעוויצע, וואָס האָט געהאַט די פּאָליטישע השפּעה אויף דער סעקציע, זאָלן העלפן אין דעם קאַמף. די רעזולטאַטן זענען נישט געווען קיין ממשותדיקע. די אַנאַרכיסטן האָבן דאַן זיך געווענדט צום בונד, ער זאָל איבערנעמען די אָנפירערשאַפט פונעם קאַמף קעגן די פּרעטענסיע־נעמערס און די אַנאַרכיסטן וועלן דעם בונד העלפן מיט אַלע זייערע כּוחות.

נאָכן איבערנעמען דורכן בונד די אָנפירונג, איז דער קאַמף געוואָרן אינטענסיווער און די אַנאַרכיסטישע גרופּע, די געגריוועטע שוסטערס, און אויך אַ גרויסע צאָל אַרבעטער פון דער סעקציע „קליינע", האָבן געגעבן אַ גוטן צושטייער אין דעם קאַמף, מיט מענטשן און קרבנות, און געהאָלפן דעם בונד דערפירן דעם קאַמף צו אַ נצחון.

אָבער ווי גרויס און ווי וויכטיק ס׳זאָל נישט האָבן געווען דער צושטייער פון אַנדערע גרופּן מחוץ דעם בונד אין דעם קאַמף קעגן די פּרעטענסיע־נעמערס, איז אַ פאַקט, אַז דער בונד איז געשטאַנען בראש פון דעם דאָזיקן קאַמף און דערפירט צו דער פולשטענדיקער ליקווידאַציע פון די באַנדעס פּרעטענסיע־נעמערס.

און דער בונד האָט, מיט רעכט, איינקאַסירט אויף זיין חשבון דעם פּאָליטישן געווינס פונעם קאַמף און פון דערפירטן נצחון.

צירקאַ 50 יאָר איז אַריבער זינט דער בונד האָט דורכגעפירט די דריי אַקציעס: דער שטרייק בשעת דעם ביילים־פּראָצעס, די אַקציע קעגן דעם פאַרברענגען פון די אַרבעטער פרייטיק נאָך דער „וויפּלאַטע" אין די קנייפּעס און דער קאַמף קעגן די אָנגעפּלאָדיעטע באַנדעס פון די כּוח־גייערס און פּרעטענסיע־נעמערס — אַקציעס, פון וועלכע כ׳בין בשעתו געווען נישט מער ווי אַ זייטיקער צושויער, און דאָך שטייען מיר די דאָזיקע אַקציעס לעבעדיק פאַר די אויגן און פילן אָן מיט פרייד מיין געמיט, ווי זיי וואָלטן נעכטן געשען.

און כאָטש איך קען די טריומף־יאָרן פון בונד אין פוילן, די יאָרן 1915—1921, און האָב אַפילו פּרעטענסיעס, אַז מיט מיין מי און טעטיקייט האָב איך אַ חלק אין די טריומפן פון בונד אין פוילן אין די דאָזיקע יאָרן — דאָך האָט פאַר מיר דער אָרעאָל פון בונד קיין מאָל נישט אַזוי געלויכטן ווי אין די יאָרן 1913—1914.

און הגם מיינע באַציִונגען מיטן בונד פון פוילן זענען לחלוטין איבערגעריסן געוואָרן בעת דער שפּאַלטונג פון בונד, אין האַרבסט פון יאָר 1921, און זינט דאַן

בין איך געווען אַן אויסגעשפּראָכענער קעגנער פֿון בונד אין פּוילן — און היינט נאָך בין איך אַ שאַרפֿער קעגנער פֿונעם עפּיגאָניזם פֿון בונד און פֿון בונדיזם, אַ קטיגור און אַן אָפּפּרעגער פֿון דער לעגענדע פֿון דער גרויסקײַט און איינפֿלוס־רייכקייט פֿון בונד אין דער ייִדישער אַרבעטער־סביבה אין פֿאַרמלחמהדיקן פּוילן; און כאָטש איך ווייס, אַז דאָס קאַפּיטל פֿון מיינע מעמואַרן קען פֿאַר געוויסע אויסזען ווי אַן אַפּאָלאָגיע פֿונעם פֿאַרמלחמהדיקן בונד אין פּוילן — קען דאָס אַלץ נישט זיין פֿאַר מיר קיין מניעה איבערצוגעבן אַזוי אָביעקטיוו און אויפֿריכטיק, ווי נאָר מעג־לעך, מיין זען און פֿילן די העראָישע ראָלע פֿון בונד, זיין השפּעה אין דער ייִדישער אַרבעטער־סביבה און דעם פּרעסטיזש און סימפּאַטיע, וואָס דער בונד האָט גענאָסן אַפֿילו אין די נישט־אַרבעטער־קרייזן — אין די יאָרן פֿון ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין די יאָרן פֿון 1913–1914.

דאָס קאַפּיטל זכרונות איז נישט קיין נאָסטאַלגיע נאָך געשעענישן און פּאַסי־רונגען פֿון מיין יוגנט, כאָטש אַן און פֿאַר זיך וואָלט אין אַזאַ מין נאָסטאַלגיע קיין בייז נישט געווען, נאָר אַ ניכטערע אָפּשאַצונג פֿון דער אַמאָליקערווירקלעכקייט.

און איך געפֿין נישט קיין פּאַסיקערע און קיין אַנטשפּרעכנדיקערע באַצייכענונג פֿון דעם קאַפּיטל זכרונות ווי „די גלאָריע פֿון בונד".

## ערב פּרילינג

אין דער ערשטער העלפֿט פֿון יאָר 1914 בין איך אַרומגעגאַנגען אַ שטאָלצער און אַ האָפֿערדיקער.

אין פֿאַרלויף פֿון די חדשים האָב איך אַ וואָקס געטאָן, פֿון אַ ייִנגל — געוואָרן אַ בחור מיט אַ געהעריקער הייך, געהאַט אַ סטאַבילן אַרבעטפּלאַץ מיט אַ נישקשה־דיקן וואָכנלוין. אין פֿאַבריק, וווּ איך האָב געאַרבעט, האָט מען זיך אָנגעהויבן באַציִען צו מיר ווי צו אַ גלייכבאַרעכטיקטן אין דער פֿאַך־משפּחה.

מיין אַנטוויקלונג און מיינע קענטענישן, ספּעציעל אויפֿן געביט פֿון דער ייִדי־שער ליטעראַטור, טעאַטער און מוזיק, זענען געווען נישקשהדיקע. קיין וואָזשנער למדן בין איך טאַקע נישט געווען, אָבער פֿאַר קיין איגנאָראַנט וואָלט מען מיך שוין אויך נישט געקענט באַטראַכטן. פֿון די שילדן האָב איך שוין ווי געהעריק אַראָפּ־געלייענט די ווערטער און פֿאַרשטאַנען זייער אינהאַלט. מיט אַלע מיינע חושים האָב איך געפֿילט, אַז ס'קומען אָן פֿאַר מיר גרויסע ענדערונגען, אָבער נישט געוווּסט, אין וואָס זיי וועלן באַשטיין.

געהויערט אויף מיר האָט נאָך אַלץ דער הויקער פֿון מיין אַנאַלפֿאַבעטיזם, דאָס נישט קענען ווי געהעריק לייענען קיין אַנדערע שפּראַכן חוץ ייִדיש און אַ ביסל

העברעיִש, און די פולשטענדיקע איגנאָראַנץ אין באַהערשן וועלכע ס'איז שפּראַך, אויך ייִדיש, אין שריפט.

צוויי אויפגאַבעס האָב איך געשטעלט פאַר זיך אין דער ערשטער העלפט פון יאָר 1914: צו פאַרלאָזן וואַרשע און צו פאָרן קיין פּאַריז, און זיך אויסלערנען שרייבן און רעכענען אויף פּאַפּיר. דאָס פּראָבלעם איז געווען וועלכע פון די אויפגאַבעס פריִער צו רעאַליזירן.

אין מיינע מחשבות האָב איך געגעבן פאָרצוג דאָס לערנען זיך שרייבן. דער חשבון איז געווען אַ פּשוטער: ווו איך זאָל נישט זיך, וועט דאָס קענען שרייבן מיר צו נוץ קומען. דערביי איז צוגעקומען נאָך אַ סיבה, וואָס האָט מיך באַוויגן וואָס שנעלער אָנצוהייבן לערנען זיך שרייבן: מיין מפּלה אויפן פראָנט פון ליבע.

כאָטש קיין קראַסאַוועץ בין איך נישט געווען, האָבן זיך מיידלעך צו מיר געקלעפּט. אָבער גראָד די מיידלעך, וואָס איך האָב געגאַרט, האָבן מיך נישט געוואָלט קענען. געווען זענען דאָס מיינע ערשטע „שטערבלעכע" ליבעס, ביידע מיידלעך — שילערינס פון אַ גימנאַזיע, און ביידע האָבן מיך נישט געוואָלט אָנקוקן צוליב מיין נישט קענען רעדן קיין פּויליש. חוץ דעם האָב איך געקוקט מיט קנאה אויף יענע, וועלכע האָבן יאָ פאַרמאָגט שול-בילדונג. מיין אידעאַל און אַמביציע איז געוואָרן צו דערשלאָגן זיך אַ שטופּע פון בילדונג פון אַ 4 קלאַסן גימנאַזיע.

געהאַט האָב איך די טעכנישע מעגלעכקייטן מיין אידעאַל צו פאַרווירקלעכן — פאַרדינט האָב איך גענוג זיך צו קענען לערנען. געאַרבעט האָב איך נישט מער ווי 9 שעה אַ טאָג. מיין פריינד אין זאַקסענבערגס פאַבריק, וועגן וועמען כ'האָב געשריבן אין פאָריקן קאַפּיטל, און זיין פרוי און טאָכטער, זענען גרייט געווען מיט מיר צו לערנען. מיין באַשלוס איז געווען באַלד נאָך פּסח זיך נעמען צו דער עבודה.

דער גורל האָט אַנדערש געוואָלט. מיין לערנען זיך אייראָפּעיִשע שפּראַכן און ספּעציעל — דאָס לערנען זיך שרייבן, איז אָפּגעשטופּט געוואָרן אויף קנאַפּע צוויי יאָר. פון נאָך פּסח 1914 בין איך אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ פּראָיעקט צו שאַפן אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די מעטאַל-טאָקערס און גיסערס פון מעש און בראָנדז. שבועות פון דעם יאָר בין איך געווילט געוואָרן אין דער פאַרוואַלטונג פונעם געשאַפענעם פאַראיין.

דער צווייטער טאָג שבועות פון יאָר 1914 האָט פאַרענדיקט צוויי פּעריאָדן אין מיין לעבן: מיינע יונגע יאָרן און מיין וועג ווי אַ בעל-מלאכה. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע תקופה אין מיין לעבן — דאָס לעבן פון אַ פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן טוער, פון אַ רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליסט און פון אַ פּראָפעסיאָנעלן רעוואָלוציאָנער.

יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן —
דעם יונג־פאַרשטאַרבענעם, אינטעליגענטן,
באַגאַבטן, רעוואָלוציאָנערן דרוקער־אַרבעטער;
פירער פון בונד אין וואַרשע אין די יאָרן 1912–1919;
עלטערער חבר, לערער און אינטימער פריינד —
מיט ליבע און פאַרערונג.

ה. ש.

## דריטער טייל

# מיטן פנים צום בונד

*

איז מיין אַריינטריט אין בונד, זומער 1914, אין עלטער פון זיבעצן יאָר, געווען אידעיִש און פּאָליטיש באַרעכטיקט? איז דאָס נישט געווען קיין צופאַל, טעות אָדער אַ פעלער?

מיין ענטפער איז אַ קאַטעגאָרישער: באַרעכטיקט! דאָס איז נישט געווען קיין צופאַל, נישט קיין טעות, און נישט קיין פעלער! דער וועג פון דעם ייִדישן אַרבעטער איז אין יענער צייט געווען אין בונד — און נאָר אין בונד.

די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג איז אין די לעצטע יאָרן, ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, געשטאַנען אונטערן צייכן פון צוויי גרויסע געשעענישן: פון דער שנעלער אויפוואַכונג פונעם קלאַסן־באַוווסטזיין און פון דער קאַמפסגרייטקייט פון דעם אַרבעטער־קלאַס אויפן גאַנצן שטח פון דער דעמאָלטדיקער צאַרישער אימ־פּעריע, ספּעציעל אין קאָנגרעס־פּוילן, און גאָר באַזונדערס אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס, וואָס איז געקומען ווי אַ פּועל יוצא פון די בלוטיקע געשעענישן אין די גאָלדגרובן אין לענאַ, און פון דער האַסטיקער אויפוואַכונג פונעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין ביי די ברייטסטע ייִדישע פאָלקסמאַסן.

ווי, למשל, האָט אַ ייִדישער אַרבעטער, סאָציאַליסטיש און רעוואָלוציאָנער גע־שטימט, וואָס איז אויסגעוואַקסן און אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אונטער דער השפעה פון י. ל. פּרץ, פון זיין געזעלשאַפטלעכן ראַדיקאַליזם און נאַציאָנאַל־ייִדישער זעלבסטדערקענטעניש — ווי האָט אַזאַ ייִדישער אַרבעטער געדאַרפט גיין, אויב

נישט אין בונד? איז דען זיין וועג געווען צו פּ.פּ.ס.־לעוויצע (פּוילישע סאָציאַליס־טישע פּאַרטיי־לינקע) מיט איר פּאָליטישן אָפּאָרטוניזם אין באַצוג צום פאַרשאַרפטן נאַציאָנאַלן פּראָבלעם פונעם פּוילישן פאָלק, און מיט איר פּראָגראַמלאָזיקייט און פּרינציפּנלאָזיקייט לגבי דעם נאַציאָנאַלן ייִדישן פּראָבלעם — איז דאָס דעמאָלט געווען דער וועג פונעם ייִדישן אַרבעטער?

אָדער איז אפשר זיין וועג געווען צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון קעניגרייך פּוילן און ליטע (ס.ד.ק.פּ.ל.), וואָס האָט אויף איר פּאָן אויפגעשריבן אַסימילאַציע ווי אַ לייזונג צו אַלע ייִדישע צרות פונעם נאַציאָנאַלן ייִדישן פּראָבלעם? אַ פּראָ־גראַם, וואָס איז געווען ענלעך, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער, צום פּראָגראַם פון דעם פּלוטאָקראַטישסטן שיכט פונעם ייִדישן ישוב אין פּוילן, פון די באַנקירן און גרויס־אינדוסטריעלערס: פון די נאַטאַנזאָנס, בערגמאַנס, אייגערס און זייערס גלייכן, אַ פּראָגראַם, וואָס איז פאַרהאַסט געווען פון אַלע שיכטן פון דער ייִדישער באַפעלקע־רונג, און די נעמען פון די בורזשואַזע אַסימילאַציע־אידעאָלאָגן זענען פון יעדן ייִדישן פאָלקס־מענטש דערמאָנט געוואָרן מיט דער גרעסטער פאַראַכטונג — איז דאָס געווען דער וועג?

איז טאָקע דער וועג פון אַ סאָציאַליסטיש, רעוואָלוציאָנער־געשטימטן און נאַציאָנאַל־באַוווסטזיניקן ייִדישן אַרבעטער, געווען דער וועג צו ס.ד.ק.פּ.ל. מיט איר ניהיליסטישער באַציִונג צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע בכלל און צו דער נאַציאָנאַלער רעכטלאָזיקייט פון די ייִדישע פאָלקסמאַסן בפרט, מיט איר „נייטראַליזם" צום כוליגאַנישן און בויקאָט־אַנטיסעמיטיזם פון די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטן און צום „פּראָגרעסיוון" אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז געפּריידיקט געוואָרן פון די געוועזענע ראַדיקאַלן אַלעקסאַנדער שוויענטאָכאָווסקי און אַנדזשעי נעמאָיעווסקי — איז דאָס געווען דער וועג?

די ייִדישע אַרבעטערשאַפט האָט צו יענער צייט געגעבן אַ גאַנץ קלאָרן און אַ גאַנץ קאַטעגאָרישן ענטפער: ניין!

דער פּאָליטישער און אָרגאַניזאַציע־שטראָם פונעם ייִדישן אַרבעטער־קלאַס, פּאַרטייִיש און פּראָפּפאַראייניש, איז צו יענער צייט האָסטיק געפלאָסן אין אַ ראַדי־קאַל קעגנזעצלעכער ריכטונג פון יעדער מין אַסימילאַטאָרישע אידעאָלאָגיע, גע־פלאָסן אין דער ריכטונג צום בונד און אין בונד.

און דער מענשעוויזם פון בונד?

איז דער מענשעוויזם, פון וועלכן ס'איז באַהערשט געווען די צענטראַלע אָנפי־רונג פון „אַלגעמיינעם ייִדישן אַרבעטער־בונד פון ליטע, פּוילן און רוסלאַנד" אויך געווען אַן אַטראַקציע, וואָס האָט געדאַרפט צוציִען דעם רעוואָלוציאָנער־געשטימטן ייִדישן אַרבעטער?

דער ענטפער איז פאָלגנדיקער: הגם דער מענשעוויזם, בפרט זיין רעכטער

פליגל, וואָס מ׳האָט מיט פאַראַכטונג גערופן „ליקווידאַטאָרן״, איז פאַר אַ רעוואָ־לוציאָנערן סאָציאַליסט געווען פּאָליטיש מוקצה, און אַפילו מוקצה מחמת מיאוס, האָט ער אָבער אין יענע פאַרהעלטענישן, אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, אויפן שטח פון פוילן, נישט געקענט האָבן קיין באַדייטנדיקן איינפלוס אָפּצוהאַלטן די יידישע אַרבעטער צו זיין פאַרבונדן דווקא מיטן בונד.

די סיבות זענען געווען פאָלגנדיקע:

1. מיטן מענשעוויזם איז געווען אָנגעשטעקט אַ מערהייט פון דער צענטראַלער אָנפירונג פון בונד און נישט די מערסטע פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין פוילן: וואַרשע, שעדלעץ, מעזריטש, לוקאָוו, לאָשיץ און אַנדערע. איך גאָטיר נאָר די אָרגאַ־ניזאַציעס וועגן וועלכע כ׳האָב נאָך מיין אַריינטריט אין בונד געהאַט גענויערע ידיעות.

2. הגם פאָרמעל איז דער בונד געווען אַ צענטראַליזירטע פאַרטיי, האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד, צוליב די אומלעגאַלע און אונטערערדישע באַדינ־גונגען פון זיין טעטיקייט, געהאַט אַ קנאַפּן כוח אַרויפצוצווינגען אויף די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס און אויף די פּאַרטיי־מיטגלידער זיין ווילן און זיינע באַשלוסן פון אַ מענשעוויסטישן כאַראַקטער.

3. דער בונד האָט צו יענער צייט נישט געהאַט קיין אַנטי־מענשעוויסטישן קאָנקורענט אויפן שטח פון פוילן. פּ.פּ.ס.־לעוויצע איז געווען אויסגעשפּראָכן מענ־שעוויסטיש. ביי ס.ד.ק.פּ.ל. איז פאָרגעקומען אַ ויתרוצצו צווישן מענשעוויזם און באָלשעוויזם און אַזאַ ויתרוצצו איז אויך פאָרגעקומען אין בונד, אַפילו אין דער אָנפירנדיקער צענטראַלער גרופּע.

דער פאַקטאָר פון באָלשעוויזם קאָנטראַ מענשעוויזם האָט דעריבער אין דער יידישער אַרבעטער־סביבה אין פוילן נישט געקענט שפּילן די ראָלע, וואָס ער האָט געשפּילט אין דער רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג.

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט דעם „אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד פון ליטע, פוילן און רוסלאַנד״ צעשניטן אויף באַזונדערע שטיקער, און יעדער פון די טיילן האָט געהאַט איר באַזונדערן גורל און געפירט איר טעטיקייט אויפן אייגענעם חשבון.

די אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט ראַדיקאַל געענדערט די באַציונג צום בונד מצד די יידישע אַרבעטער און פאָלקסמאַסן.

אין רוסלאַנד האָט דער שטראָם פון דער רעוואָלוציאָנערער ענערגיע אין דער יידישער אַרבעטער־סביבה האַסטיק זיך אַ קערעוועט געטאָן פון בונד און געפלאָסן שטראָמענווייז אין דער ריכטונג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

אין פוילן איז זינט דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע דער פּראָצעס פאָרגעקומען אויף אַן אַנדער אופן און עטוואָס שפּעטער.

מיין טעטיקייט אין בונד אין פוילן איז פאַרבונדן סיי מיט דעם פּעריאָד פון

בונדס שוווּנג און גלאָריע און סיי מיט די פּראָצעסן, וואָס זענען פֿאָרגעקומען אין בונד, און אויך מיטן פּראָצעס פֿון אָפּלענקען פֿון בונד די רעוואָלוציאָנערע ענערגיע פֿון די יידישע אַרבעטער און פֿאָלקסמאַסן און לאָזן דעם שטראָם פֿליסן אין דער ריכטונג פֿון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג.

# ערשטע שריט

לייזערל,
דעם קוואַטער פֿון מיין
פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכער קאַריערע —
אַ מתנה.

ה. מ.

חול־המועד פּסח 1914 האָט זיך ביי די אַרבעטער אין זאַקסענבערגס פֿאַבריק פֿון אַרמאַטור־אויסאַרבעטונגען, אין וועלכער איך בין געווען באַשעפֿטיקט, געלאָזט באַמערקן אַן אויפֿברויז און אַן אומצופֿרידנקייט. מ׳האָט זיך געסודעט און געשושקעט, שטאָפּעטן זענען געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ, פֿונעם טאָקער־וואַרשטאַט אין דער גיסעריי און פֿון דער גיסעריי אין טאָקער־וואַרשטאַט. פֿאַר מיר און פֿאַר נאָך אַ געזעלן, וועמען מ׳האָט גערופֿן „דאָס ליטוואַקל״, האָבן די אַרבעטער זיך געהיטן, מיר זאָלן חלילה נישט געוווּיר ווערן וועגן וואָס מען סודעט זיך. פֿון די ווערטער, וואָס זענען צו אונדז דערגאַנגען האָבן מיר פֿאַרשטאַנען, אַז ס׳האַנדלט זיך וועגן דער שול צום דאַוונען, וואָס דאָס פֿאַך פֿאַרמאָגט, און אַז ס׳זענען דאָרט געשען נישט קיין פֿיינע זאַכן.

נאָך פּסח האָט דער אויפֿברויז זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ שטורעם. די אַרבעטער האָבן הויך און שאַרף קריטיקירט און באַשולדיקט די גבאים פֿון דער שול אין שווינדל און אין גנבה ביים אָפּערירן מיט די קאָאָפּעראַטיוו־געקויפֿטע אַרטיקלען פֿאַר די שול־מיטגלידער. זיי האָבן אויך שאַרף פֿאַראורטיילט דעם הויפּט־טאָקער־געזעל, שאול, וועלכער איז געווען איינער פֿון די גבאים. אָבער קיין דירעקטע באַשולדיקונגען קעגן אים פּערזענלעך זענען נישט געמאַכט געוואָרן. די טענות און באַשולדיקונגען זענען געווען געווענדט בעיקר קעגן דעם הויפּט־גבאי, ישׂראל האַלבערשטאַט, וועמען מ׳האָט אין פֿאַך גערופֿן „סרול קילע״.

בשעת די קריגערייען האָב איך נישט פֿאַרפֿעלט אַריינצוּוואַרפֿן מיינע נישט געבעטענע דריי גראָשן אין דער מחלוקה, און אונטערגעצונדן אַ קנייטל, זאָגנדיק

עפּעס אויפן חשבון פון דער שול, פון וועלכער כ׳בין נישט געווען קיין מיטגליד, און אויפן חשבון פון דעם עלטסטן טאָקער־געזעל.

מיין אַריינמישן זיך און מיין אופן פון רעדן האָט משמעות גוט פאַרדראָסן דעם עלטסטן טאָקער און ער האָט מיך נישט געשאַנעוועט אין זיין ענטפער, אין וועלכן ס׳האָבן נישט געפעלט די עפּיטעטן „יינגל״, „סמאַרק״, און ענלעכע. אָבער צום סוף האָט ער זיך ערנסט געווענדט צו מיר מיט די ווערטער: „אין אייערע יאָרן בין איך אַרומגעגאַנגען מיט אַ שפּייער אין קעשענע און כ׳האָב עפּעס געטאָן פאַרן פאַך. און איר, וואָס? קיין מיטגליד פון דער שול זענט איר נישט. קיין פאַראיין שאַפט איר נישט. וואָס האָט איר געוואָלט? איך זאָל פאַר אייך אפשר שאַפן אַ פאַראיין? איך האָב אַ פרוי מיט קינדער! אדרבא, שאַפט אַ פאַראיין, און אויב כ׳וועל נישט ווערן קיין מיטגליד, וועט איר דעמאָלט האָבן צו מיר אַ פּרעטענסיע״. שאול האָט אויך אָפּגעלייקנט די באַשולדיקונגען קעגן די גבאים און קעגן דעם הויפּט־גבאי.

בשעת דער עלטסטער געזעל האָט מיר אָפּגעענטפערט, איז ביי זיין טאָקאַרניע געשטאַנען איינער פון די גיסערס פון זאַקסענבערגס פאַבריק, וועמען מען האָט גערופן לייזערל, און זיך צוגעהערט צו די קעגזייטיקע רעפּליקעס צווישן דעם הויפּט־טאָקער און מיר.

אַהיימגייענדיק האָט מיך לייזערל אָפּגעשטעלט און פאַרגעלייגט אַריינצוגיין אין דער קאָוויאַרניע אויף פראַנציסקאַנער 5, אין וועלכער מיר פלעגן אָפּט פרישטיקן און עסן מיטאָג, און זיך אַדורכשמועסן וועגן געוויסע זאַכן. איך האָב מסכים געווען.

מיט אונדז איז אויך מיטגעגאַנגען לייזערלס אַ געהילף, אַ בחור אין מיינע יאָרן, מיטן נאָמען משה.

אין דער קאָוויאַרניע האָט לייזערל מיך אַגיטירט וועגן דער נויטווענדיקייט פון אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין און פאָרגעלייגט, אַז צוזאַמען מיט אים און מיט משהן זאָלן מיר נעמען די איניציאַטיוו צו שאַפן אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַכפאַראיין. איך האָב לייזערלען געענטפערט, אַז אין פאַל אויב אַ פאַראיין וועט געשאַפן ווערן, וועל איך ווערן אַ מיטגליד, אָבער מיטהעלפן אין שאַפן אַ פאַראיין האָב איך נישט קיין חשק. איך האָב אויך אָנגעוויזן, אַז נישט איך און נישט משה זענען מסוגל עפּעס קאָנקרעטס צו טאָן, אַז קיינער פון די פאַכלייט וועט מיך, צוליב מיין יונגן עלטער און צוליב מיין נישט הויכער שטופע אין פאַך, נישט נעמען ערנסט ווען איך וועל מיט זיי רעדן וועגן שאַפן אַ פאַראיין. לייזערל האָט מיט מיר לאַנג און הייס איינגע־טענהט ביז כ׳האָב אים צוגעזאָגט מיטצוהעלפן.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז צו די דריי יונגע חברה (לייזערל איז מסתמא אַלט געווען אַ יאָר 20–21, איך און משה — צו 17 יאָר), צוגעקומען נאָך איינער, אַברהם, אַ טאָקער, משהס אַ ברודער.

אַלע פיר זענען מיר אַוועק צו איינעם פון די עלטסטע אַרבעטער אין פאַך, אַ גיסער, אַ געוועזענער באַיאָוויעץ פון 1905, וועמען מען האָט אין פאַך גערופן:

אַברהמל פּאָוואָנזקער. נאָכן דורכרעדן זיך מיט אים האָט ער מסכּים געווען צוצו־שטיין צו דער גרופּע און מיטהעלפן שאַפן אַ פאַראיין. געוווּנען האָבן מיר אויך נאָך אַן עלטערן גיסער־אַרבעטער מיטן נאָמען יהושע ריכטער, וועמען מען האָט גערופן דער קליינער שיִעלע. צוגעטראָטן צו דער גרופּע איז נאָך אַן עלטערער גיסער מיטן נאָמען זיסקינד ערליך, וועלכער איז ערשט נישט לאַנג געקומען צוריקגעקומען פון מיליטער.

די איניציאַטיוו־גרופּע, אין וועלכער ס'האָבן זיך געפונען עטלעכע עלטערע און אין פאַך גוט־באַקאַנטע אַרבעטער, איז פּראַקטיש אין שטאַנד געווען צו רעאַ־ליזירן די אידעע פון שאַפן אַ פאַראיין. אין אָנהייב האָב איך זיך געפילט, ווי אַ פינפטער ראָד צום וואָגן און געהאַט אַ קנאַפּן אינטערעס אין דער גאַנצער געשיכטע. אָבער אין גאַנג פון דער אַקציע צו שאַפן דעם פאַכפאַראיין האָט מיך דער ענין אָנגעהויבן צו פאַראינטערעסירן און אינטריגירן.

צוויי קאָנקרעטע אויפגאַבן האָבן זיך פאַר דער איניציאַטיוו־גרופּע געשטעלט: ווען און ווו זאָל צונויפגערופן ווערן אַן אַלגעמיינע פאַך־פאַרזאַמלונג, און מיט וואָס פאַר אַ פּאַרטיי מ'זאָל זיך פאַרבינדן.

אין די יאָרן פון דער רעוואָלוציע פון 1905 איז דאָס פאַך געווען פאַרבונדן מיט ס.ס. (סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן), אָבער זומער 1914 האָט ס.ס. אין וואַרשע נישט אַרויסגעוויזן קיין סימנים פון אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן לעבן. לייזערל און אַברהם זענען געווען בונדיסטיש געשטימט און פאַרגעלייגט זיך פאַרבינדן מיטן בונד. דער קליינער שיִעלע האָט פאָרגעלייגט די פּועלי־ציון. באַשלאָסן איז געוואָרן, מ'זאָל זיך דורכרעדן מיט ביידע פּאַרטייען און דערנאָך באַשליסן מיט וועמען זיך צו פאַרבינדן.

אין אַ שבת־אינדערפרי זענען פיר מיטגלידער פון דער איניציאַטיוו־גרופּע: אַברהמל פּאָוואָנזקער, דער קליינער שיִעלע, לייזערל און איך, אַוועק זיך זען מיטן פאָרשטייער פון פּועלי־ציון. דער טרעפפּונקט איז געווען אין לאָקאַל פונעם קעלנער־פאַראיין.

דער קעלנער־פאַראיין איז געווען איינער פון די צוויי לעגאַלע עקזיסטירנדיקע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין וואַרשע (די צווייטע, די עלטערע, איז געווען די געזעלשאַפט פון ביוראָ־ און האַנדלס־אָנגעשטעלטע). דער לאָקאַל האָט זיך געפונען אויף טוואַרדע־גאַס נומער 7. דאָרט האָט זיך אויך געפונען אַ שול צום דאַוונען פאַר די פאַראיין־מיטגלידער און אויך זאַלן, ווו עס זענען סערווירט געוואָרן מיטאָגן פאַר קאָנסומענטן.

אין קעלנער־פאַראיין האָט מען זיך געריכט אויף דער דעלעגאַציע און אין דער קאַנצעלאַריע האָבן מיר זיך באַגעגנט מיטן פאָרשטייער פון פּועלי־ציון. געווען איז עס יצחק לעוו. שיִעלע האָט פאַר לעוון רעפערירט דעם ציל און צוועק פון אונדזער קומען. לעוו האָט צוגעזאָגט דאָס טעלערל פון הימל, אויב דאָס פאַך וועט זיך

פאַרבינדן מיט פּועלי־ציון און געבראַכט ווי אַ ביישפּיל דעם קעלנער־פאַראיין.

בשעת די פאַרהאַנדלונגען האָב איך זיך אויך אַריינגעמישט און כ׳האָב זיך מיט לעוון צעוווערטלט.

דאָס איז געווען מיין ערשטע באַגעגעניש מיט יצחק לעוו. דער גורל האָט געוואָלט, מיר זאָלן זיך זינט דעם אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ביז צום אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, באַגעגענען אין אומצאָליקע שטרייטן: אויף מאַסן־מיטינגען, פאַרזאַמלונגען, קאָנפערענצן, באַראַטונגען. און... ווערן פערזענלעכע פריינד. — יצחק לעוו איז געווען דער איינציקער פירער פון פּועלי־ציון אין וואַרשע, מיט וועמען כ׳האָב זינט זומער 1918 אָנגעהאַלטן די סאַמע נאָענטסטע פערזענלעכע פריינדשאַפט־באַציִונגען.

ווער ס׳האָט זיך באַגעגנט און ווי אַזוי ס׳זענען פאָרגעקומען די פאַרהאַנדלונגען מיט די פאָרשטייערס פון בונד — געדענק איך נישט. די איניציאַטיוו־גרופּע האָט פריערהאַפּט צוגעגרייט די פאַך־פאַרזאַמלונג און באַשלאָסן דאָס פאַך צו פאַרבינדן מיטן בונד.

דאָס העלפן צוגרייטן די פאַרזאַמלונג מיטן ציל צו שאַפן אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די מעטאַל־טאָקערס און גיסערס פון מעש און בראָנדז איז געווען מיין ערשטער שריט אויפן שווערן און מיפולן וועג פון מיין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן.

## די קאָנספּיראַטיווע פאַרזאַמלונג

נאָך מיטאָג דעם צווייטן טאָג שבועות פון יאָר 1914, איז אין וואַרשע, נאָוואָליפּיע 32, צווייטער הויף, לינקס, לעצטער אַריינגאַנג, אין אַ שולכל צום דאַוונען, אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ קאָנספּיראַטיווע פאַרזאַמלונג פון די מעטאַל־טאָקער און גיסער פון מעש און בראָנדז מיטן צוועק צו שאַפן אַן אומלעגאַלן פּראָפעסיאָנעלן קלאַסן־פאַראיין.

געקומען זענען צו דער פאַרזאַמלונג כמעט אַלע פאַכמענער אין אַ צאָל פון אַ פיר הונדערט. געפעלט האָבן בלויז איינצלנע, וועלכע זענען צוליב יום־טוב אַהיימגעפאָרן אין זייערע שטעטלעך. געפעלט האָט אויך דער הויפּט־גבאי פון שול, ישׂראל האַלבערשטאַט, וועלכער איז געווען קעגן דעם שאַפן פון אַ פאַראיין, האַלטנדיק, אַז די שול פאַרטרעט בעסער די אינטערעסן פון די אַרבעטער אין פאַך, ווי דאָס וועט, אָדער קען טאָן אַן אומלעגאַלער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין.

צו דער פאַרזאַמלונג איז אויך געקומען אַ גרויסע פאַרטרעטערשאַפט פון בונד. צוליב קאָנספּיראַציע־טעמים זענען אויף דער פאַרזאַמלונג געבליבן בלויז צווי

בונדישע רעפּרעזענטאַנטן, מאָריץ מעטאַלאָוויעץ (משה וויינבערג) און בערנאַרד גאָלדשטיין.

איינשטימיק איז מאָריץ מעטאַלאָוויעץ דערווײלט געוואָרן ווי דער פאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג און ער האָט געפירט די פאַרזאַמלונג מיט אַ סך רוטין און טאַקט. בערנאַרד גאָלדשטיין איז געווען דער רעדנער.

דער פאַרלויף פון דער פאַרזאַמלונג איז אין אַלגעמיין געווען אַ רויִקער. עטלעכע שטורמישע מאָמענטן זענען געווען ווען אַרבעטער האָבן אין זייערע רעדעס געמאַכט באַשולדיקונגען קעגן די גבאים.

אַ שטאַרקן איינדרוק האָט אויף אַלעמען געמאַכט די רעדע פון אַן עלטערן אַרבעטער. געזאָגט האָט ער אָט וואָס:

„איך ווין אין וואָליע. דאָרטן קען איך אין שול נישט ווייט פון מיין וווינונג. כ׳בין אָבער געגאַנגען אַזאַ שטיק וועג צו פוס אין אונדזער שול אַריין דאַוונען, ווייל איך האָב זיך געוואָלט געפינען צוזאַמען מיט מיינע פאַכלייט. די צייטן האָבן זיך געביטן. אַרבעטער גרינדן היינט פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און מיר טאָרן נישט זיין היכנטערשטעליק. ווער ס׳וויל, קען ווייטער זיין אַ מיטגליד פון דער שול, אָבער אין פאַראיין מוזן געהערן אַלע פאַכלייט, פרומע און נישט פרומע״.

די רעדע פון דעם עלטערן פרומען אַרבעטער איז געווען דער הויכפּונקט פון דער פאַרזאַמלונג. און ווען ס׳איז געשטעלט געוואָרן די רעזאָלוציע וועגן שאַפן אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַכפאַראיין, האָט קיינער נישט דערווידערט און די רעזאָלוציע איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן.

איינשטימיק זענען אויך אָנגענומען געוואָרן אַ רייע פאָרשלאָגן פון אַ פּראָפעס־יאָנעלן און פאַך־כאַראַקטער, און אויך אייניקע פאָרשלאָגן פון אַ פּאָליטישן כאַראַק־טער: שטיצן די בונדישע פּרעסע, שטיצן דעם בונדישן רויטן קרייץ, וואָס העלפט די פּאָליטישע אַרעסטירטע און זייערע פאַמיליעס.

אַ גרויסן אינטערעס האָט אויף דער פאַרזאַמלונג אַרויסגערופן דער צוזאַמענ־שטעל פון דער פאַרוואַלטונג און ווער עס זאָל אין איר אַריין. באַשלאָסן איז געוואָרן, אַז די פאַרוואַלטונג זאָל באַשטיין פון 9 מיטגלידער: 4 גיסערס, 4 טאָקערס און 1 געהילף־אַרבעטער, וואָס מ׳האָט אין פאַך גערופן „שרובשטאָק״־אַרבעטער. ס׳איז אויך באַשלאָסן געוואָרן, אַז וועגן יעדן קאַנדידאַט וועט איינער רעדן קעגן און איינער פאַר. אויב ס׳וועט נישט זיין קיין קעגנער, וועט מען אויך נישט רעדן פאַר. און פאַר יעדן קאַנדידאַט, אַ טאָקער, אַ גיסער צי אַ שרובשטאָק־אַרבעטער, וועלן שטימען אַלע פאַרזאַמלטע.

די פיר גיסער־קאַנדידאַטן זענען געווען די זעלבע, וואָס אין דער איניציאַטיוו־גרופּע: אַברהמל פּאָוואַנזקער, זיסקינד ערליך, דער קליינער שיִעלע און לייזערל. קיינער האָט נישט גערעדט קעגן זיי און די זענען איינשטימיק אויסגעווײלט געוואָרן. איינשטימיק איז אויך דערווײלט געוואָרן דער אייניציקער קאַנדידאַט, וואָס האָט

געדאַרפֿט רעפּרעזענטירן די געהילף־אַרבעטער, זיין נאָמען איז געווען גאָלדבערג.

דאַקעגן זענען קאַנדידאַטן־טאָקערס געווען אַ גרעסערע צאָל, אויך איך בין געווען איינער פֿון די קאַנדידאַטן, און מ׳האָט גערעדט פֿאַר און קעגן יעדן קאַנדידאַט.

די ערשטע דריי דערוויילטע טאָקערס צו דער פֿאַרזאַמלונג זענען געווען: שאול, דער הויפּט־טאָקער אין דער פֿאַבריק, אין וועלכער כ׳האָב געאַרבעט, אַברהם, פֿון דער איניציאַטיוו־גרופּע, און נאָך אַ טאָקער, וועמענס נאָמען איך געדענק נישט. אַ טאָקער, וועמען מען האָט גערופֿן יאַנקל זעלנער, און איך, האָבן געהאַט אַ גלייכע צאָל שטימען. און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ געפּעכט ווער פֿון אונדז, יאַנקל זעלנער אָדער איך, זאָל אַריין אין דער פֿאַרוואַלטונג.

געהאַט האָב איך אַ שאַרפֿע אָפּאָזיציע קעגן מיר. די רעדנערס קעגן מיר האָבן געטענהט, אַז כ׳בין נאָך אַ יונגל און פֿאַרשטיי גאָרנישט אין די ענינים פֿון פֿאַך. און בכלל, ווי קען מען מיך פֿאַרגלייכן מיט יאַנקל זעלנער, דעם אַלטן פֿאַכמאַן.

די רעדנערס, וועלכע האָבן גערעדט פֿאַר מיין דערוויילונג — אַרבעטער פֿון מיין פֿאַבריק — האָבן אַרגומענטירט, אַז מיין עלטער דאַרף נישט זיין קיין מניעה. איך וועל דאָך ווערן עלטער און נישט יינגער. כ׳בין אַ באַלעזענער בחור און נישט קיין נאַר, און מיט דער צייט, מיט דער הילף פֿון די אַנדערע מיטגלידער פֿון דער פֿאַרוואַלטונג, וועל איך זיך אויסאַרבעטן און ווערן אַ גוטער טוער פֿאַרן פֿאַך. די רעדנערס, וואָס האָבן גערעדט לטובת מיר, האָבן זיך באַנוצט מיט אַ שטאַרקן פֿאַך־אַרגומענט: אין דער פֿאַרוואַלטונג זענען שוין דערוויילט געוואָרן צוויי טאָקערס פֿון דער „געמיינער״ אַרבעט און בלויז איינער פֿון די „גוטע״. ס׳איז דעריבער נייטיק, אַז דער פֿערטער טאָקער אין דער פֿאַרוואַלטונג זאָל זיין נאָך איינער פֿון דער „גוטער״ אַרבעט, און נישט דריי פֿון דער „געמיינער״ און בלויז איינער פֿון דער „גוטער״.

די אַרבעטער פֿון מיין פֿאַבריק, די גרעסטע לויט דער צאָל אַרבעטער אין פֿאַך, זענען פֿאַר מיר געשטאַנען שטאָל־און־אייזן און געקעמפֿט מיט אַלע כּוחות, כ׳זאָל דערוויילט ווערן.

דריי מאָל האָט מען גערעדט און געשטימט איבער די קאַנדידאַטורן פֿון יאַנקל זעלנער און מיינע. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז כ׳בין דערוויילט געוואָרן פֿאַר מיטגליד פֿון דער פֿאַרוואַלטונג מיט אַ מערהייט פֿון איין שטימע.

פֿאַר מיר איז די פֿאַך־פֿאַרזאַמלונג דעם צווייטן טאָג שבועות פֿון יאָר 1914 געווען אַ גרויס געשעעניש. צום ערשטן מאָל האָב איך בייגעוווינט, מיטגעלעבט און מיטגעפֿיבערט דעם פֿאַרלויף פֿון אַ קאָנספּיראַטיווער פֿאַרזאַמלונג. איך האָב אויך געמאַכט מיינע אָפּשאַצונגען פֿון די צוויי פֿאַרשטייערס פֿון בונד.

וואָס לענגער מאַריץ מעטאַלאָוויטש האָט געפֿירט דעם פֿאַרזיץ, אַלץ מער איז ער מיר געפֿעלן. דאַקעגן איז מיר דער רעדנער, בערנאַרד גאָלדשטיין, לגמרי נישט

געפּעלן און איך האָב געהאַט טענות צו לייזערל און אַברהמען, פאַר וואָס זיי האָבן נישט באַשטעלט קיין גוטן רעדנער פון בונד, אַזאַ ווי דער פון „הזמיר" (לאַזאַר עפּשטיין), פאַר וואָס דער בונד האָט געשיקט אַ שטומע לאַליע, וואָס פאַרהיקעט און באַגאַוועט זיך ביים רעדן און מען קען נישט פאַרשטיין וואָס ער רעדט.

מיט מיין אָנטייל אין דער קאָנספּיראַטיווער פאַך־פאַרזאַמלונג, דעם צווייטן טאָג שבועות פון יאָר 1914, און מיט מיין דערוויילט ווערן מיט אַ מערהייט פון אַן איינ־ציקער שטים ווי אַ מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פונעם אומלעגאַלן פּראָפעסיאָ־נעלן פאַכפאַראיין פון די מעטאַל־טאָקערס און גיסערס פון מעש און בראָנדז, איז געשטעמפּלט געוואָרן מיין גורל. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע ערע אין מיין לעבן: אַ לעבן פון אַ פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן טוער.

## איך ווער אַן אַקטיוויסט און אַ מיטגליד פון בונד

דעם ערשטן שבת נאָך דער אַלגעמיינער פאַך־פאַרזאַמלונג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן די ערשטע פאָרמעלע זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג. באַטייליקט אין דער זיצונג האָבן זיך אַלע דערוויילטע מיטגלידער און אויך דריי פאָרשטייער פון בונד: די שוין דערמאָנטע מאָריץ מעטאַלאָוויעץ און בערנאַרד גאָלדשטיין, און אַ דריטער, וועמען די חברים זיינע האָבן גערופן פּלטיאל. געווען איז דאָס יאַנקל לעווין, דער הויפּט־פונקציאָנאַר און פאָרטרעטער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין וואַרשע.

דער בונד האָט באַטראַכט דאָס געווינען די מעטאַל־טאָקערס און גיסערס, וואָס האָבן אין די יאָרן פון דער רעוואָלוציע פון 1905 זיך געפונען אונטערן איינפלוס פון ס. ס., פאַר אַ זייער וויכטיקער פּאַרטיי־געשעעניש, און געלייגט גרויסע האָפע־נונגען, פּאַרטייאישע און פּראָפּאַראיינישע, אויף אָט דער געוווּנענער פּאָזיציע. מאָריץ מעטאַלאָוויעץ איז געוואָרן ענג פאַרבונדן מיט די אַקטיוויטעטן פון פאַראיין און יאַנקל לעווין איז געווען אַן אָפטער גאַסט אויף די זיצונגען פון דער פאַך־אָנפירונג.

אויף דער דערמאָנטער זיצונג פון דער פאַראיינס־פאַרוואַלטונג איז מיר איבער־געגעבן געוואָרן די פונקציע פון אַ קאַלפאַרטער פון די בונדישע אויסגאַבן, לעגאַלע און אומלעגאַלע, און דאָס זאַמלען די בונדישע פּאַרטייפאָנדן פאַר דער פּרעסע און פאַרן רויטן קרייז.

באַלד נאָך מיין ווערן אַקטיוו אויף די געביטן פון פּראָפעסיאָנעלן פאַכפאַראיין ביים פאַרשפּרייטן די בונדישע ליטעראַטור און זאַמלען די פאָנדן, האָט בערנאַרד גאָלדשטיין אויף זיין פּרימיטיוו־פּאַמפּעזן אופן מיטגעטיילט, אַז דער וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד האָט מיך אָנגענומען פאַר אַ מיטגליד פון דער בונדישער פּאַרטיי.

איך וועל דאַרפן רעגלמעסיק באַזוכן די פּאַרטיי־בערזע, באַטייליקן זיך אין די פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען און דערפילן די אויפגאַבעס, וואָס די פּאַרטיי וועט אויף מיר אַרויפלייגן.

די בונדישע פּאַרטיי־בערזע האָט זיך געפונען אויף נאַלעוווקעס, צווישן די נומערן 5 און 17. דער צונויפקום איז פאָרגעקומען יעדן שבת נאָך מיטאָג פון אַ זייגער צוויי ביז פיר. דער זאַמלפּלאַץ אויף נאַלעוווקעס האָט געהאַט די מעלה, וואָס ער האָט געהאַט עטלעכע דורכגאַנגהייף, און אין פאַל פון אַ פּאָליציייִשער אַבלאַווע האָט מען דורך זיי זיך געקענט ראַטעווען.

אויף דער בונדישער פּאַרטיי־בערזע האָב איך זיך באַגעגנט מיט פרישע מענטשן און ביסלעכווייז בין איך דאָרט געוואָרן אַ היימישער. מיט מאַנכע פון די באַגעגנטע אויף דער פּאַרטיי־בערזע איז מיר שפּעטער אויסגעקומען נאָענט מיט־צואַרבעטן און זיי וועלן דערמאָנט ווערן אין מיינע זכרונות. מיט אַנדערע בין איך געוואָרן פערזענלעך באַקאַנט, און מיט געוויסע — אַפילו פערזענלעך באַפריינדט. פון די צענדלינגער באַזוכערס פון דער בונדישער פּאַרטיי־בערזע זומער 1914, ווייס איך בלויז וועגן צוויי, וועלכע געפינען זיך צווישן די לעבעדיקע: לוטשע און מאַניע עליאַש. ביידע זענען דעמאָלט געווען שניידערינס. לוטשע, אַ פּראַכטפולע אָריענטאַלישע שיינקייט, איז געוואָרן בערנאַרד גאָלדשטיינס פרוי און געפינט זיך אין אויסטראַליע. מאַניע עליאַש איז שפּעטער געווען טעטיק אין נאָדל־פאַראיין אין וואַרשע און געפינט זיך אין ניו־יאָרק.

מיינע טעטיקייטן האָבן משמעות באַפרידיקט די פירנדיקע בונדישע טוערס און זיי האָבן אַרויסגעוויזן צו מיר אַן אינטערעס, מיך מקרב געווען, פּראָטעזשירט און געזאָרגט מען זאָל מיך נישט פאַרזען. אַזוי, למשל, בין איך געווען איינער פון די דריי דעלעגאַטן — אַברהמל פּאַוואָנזקער, לייזערל און איך — צו אַ קאָנפערענץ וועגן שאַפן אַ לעגאַלן מעטאַל־פאַראיין אין וואַרשע, און צום ערשטן מאָל האָב איך זיך באַגעגנט מיט דער פירערין פון בונד, ראָזאַ לעוויט (ראָניע, פרידע).

יאַנקל לעווין און מאַריץ מעטאַלאָוויטש פלעגן אויף די זיצונגען פון דער פאַראיין־פאַרוואַלטונג מיט מיר אַ סך קנעלן, געגעבן צו פאַרשטיין פּראָפ. ענינים און געלערנט ווי אַזוי לייזן און דערליידיקן לויפנדיקע ענינים. מאַריץ מעטאַלאָוויטש איז מיר געוואָרן ווי אַן עלטערער ברודער. ער האָט געפירט מיט מיר אָפטע און לאַנגע שמועסן אויף פאַרשיידענע טעמעס, טעאָרעטישע און פּראַקטישע.

בערנאַרד גאָלדשטיין און מאַריץ מעטאַלאָוויטש פלעגן מיך אויך אַריינפירן אין די רעגיאָנען פון בונדישן פּאָליטישן און אינערלעכן פּאַרטיי־לעבן. בערנאַרד פלעגט מיך אויך אָפט מיטנעמען ווען ער פלעגט דאַרפן דערפילן געוויסע פּאַרטיי־שליחותן. אַ דאַנק אים בין איך באַקאַנט געוואָרן מיט דער בערזע פונעם ייִדישן סעקטאָר פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע, וואָס האָט זיך געפונען אויף נאָוואָליפּקע־גאַס, לעבן קאַשטשאַל, און מיט די טוערס, צווישן וועלכע דער שפּעטער באַרימט געוואָרענער קאַראָלסקי, דער

פּיאָנער פון קאָמוניזם אין דער יידישער סביבה אין פּוילן, האָט שוין דאַן פאַרנומען אַ פירנדיק אָרט.

איין מאָל איז צווישן מיר און איינעם פון די פירנדיקע טוערס פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע, אַ סטודענט פון וואַרשעווער פּאָליטעכניקום, דערגאַנגען צו אַ שאַרפן ווערטער־אויסטויש ווען ער האָט באַרעכטיקט דאָס שמדן זיך פון יידישע סטודענטן, כדי אויף דעם אופן אָנגענומען צו ווערן אין די הויכשולן.

(נאָכן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דער דערמאָנטער פירער פון דער פּ.פּ.ס.־לעוויצע צווישן די יידישע אַרבעטער אין וואַרשע פאַרשוואונדן פון וואַרשעווער האָריזאָנט. זיין נאָמען אָדער פּאַרטיי־פּסעוודאָנים קען איך זיך נישט דערמאָנען).

מאָריץ מעטאַלאָוויעץ און בערנאַרד גאָלדשטיין זענען אויך געווען די יעניקע, וועלכע האָבן מיך אַריינגעפירט אין דער וווינונג פון דער שניידערין ברוכטשע, אויף דזשיקע 21, וואָס איז געווען אַ מין קלוב פאַר פרעדיסטינירטע בונדיסטן, און דאָרט האָב איך צום ערשטן מאָל זיך באַגעגנט מיט אַ רייע בונדישע טוערס, מיט וועלכע כ׳בין שפּעטער געוואָרן נאָענט באַפריינדט: יוסף באָסאַק, יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, שמאי בעקער, חנינא קראַמאַרסקי, יחיאל ניימאַן און אַנדערע.

אין משך פון די וואָכן — שבועות 1914 ביז צום אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — בין איך וואָס אַ מאָל מער אַריינגעצויגן געוואָרן אינעם קרייז פון די אַקטיווע בונדישע טוערס.

און ווען די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָב איך זיך שוין געפונען אין די פאָדערשטע רייען פונעם אַרבעטער־אַקטיוו, בין געווען אַן אייגענער צווישן די בונדישע אַקטיוויסטן און באַקאַנט פאַר אַ גרויסן טייל פונעם קאָדער בונדישע פירנדיקע טוערס אין וואַרשע.

אַ געפיל, וואָס לאָזט זיך נישט קאָנקרעטיזירן, באַוועגט מיך צו פאַרצייכענען דעם גורל פון דער גרופּע מענטשן, וועלכע זענען אין יאָר 1914 געווען די עדות פון די ערשטע שריט פון מיין פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

דער טאָקער, מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג, וועמענס נאָמען איך געדענק נישט, האָט נישט באַוויזן אַנצוואַרעמען זיין זיצפּלאַץ און איז ערגעץ נעלם געוואָרן. זיין אָרט האָט פאַרנומען יאַנקל זעלנער.

אַברהם און זיין יינגערער ברודער משה זענען נאָכן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַרשוואונדן. געהערט האָב איך, אַז אין 1919 זאָלן זיי האָבן עמיגרירט קיין בראַזיל.

אַלע איבעריקע מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג זענען געוואָרן בונדיסטן. אַפילו דער קליינער שיעלע, וועלכער האָט געהאַט ציוניסטישע סימפּאַטיעס בעת דעם שאַפן פון פאַראיין. ער איז אַקטיוו געווען ביים שאַפן דעם לעגאַלן יידישן

מעטאַל־פֿאַראיין נאָכן אַריינקומען פֿון די דייטשן קיין וואַרשע זומער 1915 און פֿאַרוואַנדלט דעם פֿאַך פֿון מעטאַל־טאָקערס און גיסערס פֿאַרן רוקנביין פֿון יידישן מעטאַל־פֿאַראיין. אין מעטאַל־פֿאַראיין איז ער געווען טעטיק אין דער פֿאַך־קאָמיסיע.

בשעת דער שפּאַלטונג פֿון בונד, האַרבסט 1921, זענען די געוועזענע מיטגלידער פֿון דער פֿאַרוואַלטונג פֿונעם פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַכפֿאַראיין — צו מיין ווייטיק און חרפּה — געבליבן מיט בונד. לייזערל איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט פֿאַרלאָזט דעם בונד און אַוועק מיטן קאָמבונד, און מיטן קאָמבונד — אין דער קאָמ. פּאַרטיי פֿון פּוילן. אין די צוואַנציקער יאָרן האָט לייזערל עמיגרירט פֿון פּוילן. אַברהמל פּאָוואָנזקער האָט פֿאַרלאָזט דעם בונד עטלעכע יאָר נאָך דער שפּאַלטונג און געוואָרן אַ סימפּאַטיקער פֿון דער ק.פּ.פּ., אַלע אַנדערע זענען געבליבן בונדיסטן.

נישט געקוקט אויף די חילוקי־דעות בעת און נאָך דער שפּאַלטונג פֿון בונד, זענען מיר געבליבן פּערזענלעכע פֿריינד. נאָך מיין באַפֿרייונג פֿון אַ פֿינפֿיאָריקן טורמע־טערמין, זומער 1927, האָבן די געוועזענע מיטגלידער פֿון דער פֿאַרוואַלטונג פֿון פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַכפֿאַראיין, צוזאַמען מיט די אַנדערע מיטגלידער פֿון דער פֿאַך־קאָמיסיע, מיך די ערשטע אויפֿגענומען מיט כּבֿוד און מיט כּיבוד, מיט מאַטעריעלער און מאָראַלישער הילף.

דער איינציקער, וואָס איך ווייס, אַז ער לעבט און געפֿינט זיך אין אַרגענטינע, איז לייזערל. די אַנדערע, זענען אין וואַרשע אומגעקומען דורך די נאַצישע רוצחים.

זאָל די פֿאַרצייכענונג וועגן דעם גורל פֿון די מיטגלידער פֿון דער פֿאַרוואַלטונג פֿון אומלעגאַלן פּראָפֿעסיאָנעלן קלאַסן־פֿאַראיין פֿון די מעטאַל־טאָקערס און גיסערס פֿון מעש און בראָנז, געשאַפֿן אין 1914 אין וואַרשע, אין דער צייט פֿונעם צאַרישן טעראָר־רעזשים — זיין אַ וואָרט פֿון פֿריינדשאַפֿט פֿאַר לייזערל, דעם גיסער־אַרבעטער, דעם איינציקן לעבן געבליבענעם, ווען איך באַטראַכט פֿאַר דעם קוואַטער פֿון מיין פּאָליטישער און געזעלשאַפֿטלעכער קאַריערע, און אַ ווערטערקראַנץ פֿאַר די דורך די נאַציס דערמאָרדעטע פֿאַכלייט, עלטערע חברים און פֿריינד, פֿון וועמענס דערפֿאַרונג איך האָב אַ סך געלערנט, און פֿון וועמעס חברשאַפֿט און פֿריינדשאַפֿט איך האָב גענאָסן.

## מיינע ערשטע שריט פֿון אַ רעוואָלוציאָנער

איינע פֿון די דרינגנדיקסטע אויפֿגאַבעס, וואָס די דערווייילטע פֿאַרוואַלטונג פֿון פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַכפֿאַראיין האָט געהאַט צו לייזן, איז געווען דאָס אויסגלייכן די לוינען פֿון די אַרבעטער אין די פּראָדוקציע־צווייגן אינעם פֿאַך.

אין דער בראַנזשע זענען פּראָדוצירט געוואָרן דריי מינים פּראָדוקציע: 1 —

אַרטיקלען פאַר אַלע באַדערפענישן פון וואַסער־לייטונג, גאַז, עלעקטריציטעט און טיילן צו מאַשינען, דאָס האָט מען גערופן: די „גוטע" אַרבעט; 2 — אַרטיקלען פאַרן בויוועזן — קליאַמקעס, שילדלעך, שרויפן און אַנדערע טיילן — גערופן: די „געמיינע" אַרבעט; 3 — אַרטיקלען פאַרן היימישן געברויך — פרעסאייזנס, מערזשערס, שטייסלעך, לייכטערס — גערופן: די „שווערע" אַרבעט.

בשעת דעם שטרייק, זומער 1912, איינער פון די ערשטע שטרייקן אין וואַרשע נאָך די לענאַ־געשעענישן, זענען די לוינען פון די אַרבעטער ביי דער „געמיינער" און שווערער אַרבעט געבליבן הינטערשטעליק אין פאַרגלייך מיט די לוינען פון די אַרבעטער ביי דער „גוטער" אַרבעט. דאָס אויסגלייכן די לוינען איז געוואָרן אַן אימפּעראַטיוו פאַר די אינטערעסן פון אַלע אַרבעטער אין פאַך און אויך פאַר דער איינהייטלעכקייט און טעטיקייט פון דעם אָקערשט־געשאַפענעם פּראָפעסיאָנעלן קלאַסן־פאַראיין.

נאָך אַ רייע באַראַטונגען פון דער פאַרוואַלטונג און פאַרזאַמלונגען פון די אַרבעטער, פון די דירעקט־פאַראינטערעסירטע, און אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, איז באַשלאָסן געוואָרן צו דערקלערן אַ שטרייק פון די אַרבעטער ביי דער „געמיינער" און „שווערער" אַרבעט, און די אַרבעטער פון דער „גוטער" אַרבעט זאָלן שטיצן די שטרייקנדיקע מיט וויניקסטנס אַ טאָג לוין פון זייערע פאַרדינסטן.

ווען דער שטרייק איז פּראָקלאַמירט געוואָרן זענען אַלע אַרבעטער אַרויס אין שטרייק. אויך דער הויפּט־גבאי פון דער שול, ישראל האַלבערשטאַט איז אַראָפּ פון דער אַרבעט. ס'איז נישט געווען קיין איין דירעקטער אָדער אומדירעקטער שטרייק־ברעכער. די שטימונג פון די שטרייקנדיקע איז געווען אַ האָפערדיקע. די מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג און אויך אַלע אַרבעטער פונעם פאַך זענען געווען זיכער, אַז דער שטרייק וועט זיין אַ קורץ־דויערנדיקער, העכסטנס, וועט ער דויערן אַ וואָך צייט.

די פאַרטרעטערס פון בונד, מאַריץ מעטאַלאָוויעץ און יאַנקל לעווין, זענען נישט געווען אַזוי האָפערדיק. זיי האָבן געוואָרנט די פאַרוואַלטונג און די אַרבעטער צו זיין גרייט אויף אַ מעגלעכקייט פון אַ פאַרצויגענעם שטרייק. מאָטיווירט האָבן דאָס די פאַרטרעטערס פון בונד מיט דער געענדערטער שטרייק־סיטואַציע אין לאַנד און אויך אויף דער יידישער גאַס: אַז די פאַבריקאַנטן זענען אין 1914 געקומען צו זיך פונעם שאָק וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט פון דער סטיכישער כוואַליע פון שטרייקן, וואָס זענען זומער 1912 און אין יאָר 1913 אויסגעבראָכן אין גאַנצן לאַנד און אויך אויף דער יידישער גאַס; אַז די פאַבריקאַנטן האָבן אָנגעהויבן אַנטקעגנשטעלן זיך די שטרייקנדיקע מיט אַלע מיטלען, פּאָליציישע אַריינגערעכנט, און דערגאַנגען אַפילו צו דער חוצפּה פון לאָקאַוטן. ווי אַ ביישפּיל האָבן די פאַרטרעטערס פון בונד אָנגעוויזן אויף דער לאַגע אין דער מעטאַל־בראַנזשע אויף דער יידישער גאַס אין וואַרשע: דער פאַרצויגענער שטרייק פון די אַרבעטער אין דער בעטן־פאַבריק פון

אַראַנאָוויטש, אויף דער סמאָטשעס־גאַס, אין וועלכער ס׳אַרבעטן אַ פּאָר צענדליגג יידישע אַרבעטער; דער פאַרצויגענער און קרבנותפולער שטרייק אין דער פאַבריק פון מעטאַל־גאַלאַנטעריע אויף באַניפּראַטן־גאַס (צום באַדויערן פאַרגעסן דעם נאָמען פון דער פאַבריק), אין וועלכער ס׳זענען באַשעפטיקט געווען אַ 200 אַרבעטער, ס׳רוב פּרויען; אויפן נאָר וואָס פאַרענדיקטן לאַנגדויערנדיקן שטרייק פון די וואָגן־מאַכערס ביי די ברידער פּינקעלשטיין אויף כלאָדנע 8 און אויפן לאָקאַוט פון די באַלעבאַטים פון אַרענדאַזשס גרעסטער קנאָפּפאַבריק אין פּוילן, אין וועלכן עס זענען פאַרוויקלט אַ 150 אַרבעטער.

די וואָרענונגען פון די פאַרטרעטערס פון בונד פאַר מעגלעכע שטרייק־שווערי־קייטן האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר רעאַלע. די פאַבריקאַנטן פון דער „געמיינער" און „שווערער" אַרבעט האָבן זיך פאַראייניקט, אָפּגעוואָרפן די פאָדערונגען און איבערגעריסן די פאַרהאַנדלונגען. בראָש פון די פאַראייניקטע באַלעבאַטים האָט זיך געשטעלט דער גרעסטער און רייכסטער אייגנטימער פון צוויי גרויסע פאַבריקן פון דער „שווערער" און „געמיינער" אַרבעט. גערופן האָט מען דעם דאָזיקן פאַבריקאַנט לאָזער פויער. דער גייסטיקער אָנפירער און פירשפּרעכער פון די פאַראייניקטע פאַבריקאַנטן איז געווען יוסף זאַקסענבערג, איינער פון די פירערס פונעם פאַך און פון דער פאַרטיי ס.ס. אין די רעוואָלוציע־יאָרן פון 1905.

מיטן פאַרציִען זיך פון שטרייק איז די שטימונג פון די שטרייקנדיקע געפאַלן. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן באַוויזן דעפּעטיסטישע שטימונגען, שטימען פון אומגעדולד. עס זענען געווען גערעכטע און אומגערעכטע טענות צו דער אָנפירונג פון פאַראיין, צום שטרייק־קאָמיטעט און צו די אונטערהענדלערס מיט די באַלעבאַטים.

אין אַ זונטיק פון דער דריטער וואָך פון שטרייק בין איך נישט אַוועק צו מיין אַרבעטפּלאַץ, נאָר אויף דער בערזע פון די שטרייקנדיקע אויף וואָלינסקע־גאַס. נאָך אַ רייע באַראַטונגען מיט די שטרייקנדיקע זענען געשאַפן געוואָרן אַ צענדליגג קאָמיסיעס צו גיין איבער די פאַבריקן פון דער „גוטער" אַרבעט און איינקאַסירן די געלטער פון צוויי טעג לוין פאַר די שטרייקנדיקע. אַ היפּשע סומע איז איינקאַסירט געוואָרן. די שטרייקנדיקע האָבן געקריגן אַ ביסל אונטערשטיצונג און די שטרייק־שטימונג איז געוואָרן אַ בעסערע. און אַזוי בין איך יעדן טאָג געקומען אויף דער שטרייק־בערזע ביז דער שטרייק איז געוואָרן פאַרענדיקט.

אין די צוויי וואָכן, וואָס איך האָב פאַרבראַכט מיט די שטרייקערס האָב איך זיך נענטער באַקענט מיטן הויפּט־גבאי פון דער שול, ישׂראל האַלבערשטאַט, און מיר האָבן זיך באַפריינדט. איך האָב פאַר זיך געהאַט איינעם פון די לאַיאַלסטע און איבער־געגעבנסטע שטרייקערס און שטרייק־טוערס — אַ מענטש אַ קלוגן, אַ באַזאַכטן און מיט אַ סך דערפאַרונג אין אַרבעטער־ענינים. ער איז נישט געווען קיין צבועק, וועלכער איז פון אַ באַיאָוויעץ אין די רעוואָלוציע־יאָרן געוואָרן אַ פרומאַק, נאָר אַ רעליגיעזער ייִד, וועמענס פרומקייט ס׳איז געווען אַן אויפריכטיקע. פון די

שמועסן מיט אים וועגן גאַנג פון שטרייק האָב איך אַ סך געלערנט. אויך ישׂראל האַלבערשטאַט פון זיין זייט האָט מיר אָנגעהויבן אַרויסווייזן אַ פריינדלעכע באַציִונג. פון דעם שפּאַטישן עפּיטעט „דער קליינער מיטן גערגעלע״ איז געוואָרן אַ לייטישער „חבר הערשל״. אין פאַרלויף פונעם שטרייק האָבן מיר זיך נאָענט באַפריינדט און געבליבן האַרציקע פריינד ביז די צווייטע וועלט־מלחמה האָט אונדז צעשיידט.

בשעת דער שטרייק איז אויסגעבראָכן און די פאַרוואַלטונג האָט אויסגעטיילט די קאָמיסיע צום פאַרהאַנדלען: אַברהמל פּאַוואָנזקער, דער קליינע שיִעלע, אַברהם, יאַנקל זעלנער און גאָלדבערג — איז פאַר קיינעם נישט געווען קיין פראַגע, און פאַר מיר אַליין אויך נישט, וועגן אַרויסרוקן מיין קאַנדידאַטור ווי איינעם פון די פאַרהאַנדלערס. מ׳וועט דאָך נישט שיקן קיין 17־יאָריק יינגל אין אַזאַ שליחות. ערשט אין גאַנג פון פאַרצויגענעם שטרייק און די דורכפאַלן פון די פאַרהאַנדלונגען, האָבן די שטרייקנדיקע געפאָדערט אַן ענדערונג אין צוזאַמענשטעל, און אַרויסגערוקט מיין קאַנדידאַטור ווי איינעם פון די פאַרהאַנדלערס, און איינער פון די הויפּט־פאָדערערס איז געווען ישׂראל האַלבערשטאַט. מיין קאַנדידאַטור איז אָנגענומען געוואָרן.

לכתּחילה האָב איך זיך אָפּגעזאָגט אַריינצוגיין אינעם פרישן צוזאַמענשטעל פון די פאַרהאַנדלערס, און זוען אויך דער נייער צוזאַמענשטעל איז נישט געווען דער־פאָלגרייך, האָב איך פאַרגעלייגט אַ קאָמיסיע פון אַ גרעסערער צאָל מענטשן, צווישן וועלכע ס׳זאָלן זיך געפינען עטלעכע אָנגעזעענע אַרבעטער פון דער „גוטער״ אַרבעט, און אויך מאַריץ מעטאַלאָוויעץ און ישׂראל האַלבערשטאַט.

ביים סוף פון דער פערטער וואָך פון שטרייק איז אַ גרויסע דעלעגאַציע פון די שטרייקנדיקע, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען מאַריץ מעטאַלאָוויעץ, ישׂראל האַלבערשטאַט און אויך איך, צוגעטראָטן פאַרהאַנדלען מיטן קאָמיטעט פון די באַלע־באַטים, וועלכער איז אויך באַשטאַנען פון אַ גרעסערער צאָל פאַבריקאַנטן, מיט יוסף זאַקסענבערג און לאָזער פויער בראש. די פאַרהאַנדלונגען האָבן געדויערט פון שבת נאָך הבדלה ביז זונטיק פאַר טאָג און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די הויפּט־פאָדערונג וועגן גלייכע לוינען און אויך אַ רייע אַנדערע פאָדערונגען זענען געווונען געוואָרן.

דאָס פאָך, די שטרייקנדיקע און נישט שטרייקנדיקע, און אויך די וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פון בונד, האָבן אויפגענומען דעם אויסגאַנג פון שטרייק מיט אַ סך צופרידנקייט. מיין סיטואַציע ווי אַן אַקטיוויסט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג איז געוואָרן אַ פעסטע.

מיינע אַקציעס ווי אַ פאַקטויער זענען געשטיגן סיי ביי די אַרבעטער פון פאַך, סיי ביי די פאַבריקאַנטן, און אויך אויף דער בונדישער בערזע. און ווען כ׳בין דעם ערשטן שבת נאָכן פאַרענדיקטן שטרייק געקומען אין שול אַריין, ווי געוויינטלעך האָרט פאַרן פאַרענדיקן דאָס דאַווענען, צו דערליידיקן מיינע פּאַרטייִש־בונדישע

אויפגאַבעס — פאַרשפּרייטן די בונדישע וואָכנשריפט „די צייט״, איינקאַסירן געל־טער פאַר דער צייטונג און רויטן קרייץ — האָט מען מיר נאָכן דאַווענען געמאַכט אַ גרויסע אָוואַציע. ישׂראל האַלבערשטאַט, נאָך אָנגעטאָן אין טלית, איז מיר אַנט־קעגנגעגאַנגען, אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו אַ באַגריסונג און פייערלעך דער־קלערט, אַז אויך ער ווערט אַ מיטגליד פון פּראָפעסיאָנעלן פאַכפאַראיין. צו מיינע 17 יאָר בין איך אָנערקענט געוואָרן ווי אַן אָנפירנדיקער טוער פון מיין פאַך.

און ווען די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן, בין איך דורך אַלעמען, דורך די אַרבעטער פון מיין פאַך, פון די אַרבעטער פון אַנדערע פאַכן, און פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע, באַטראַכט געוואָרן ווי דער ערשטער לעגי־טימער פאַרטרעטער פון מיין פאַך, און ווי אַזעלכן האָט מען מיך צוגעצויגן צו נאָענטער און אַקטיווער מיטאַרבעט צו אַלע פּראָיעקטן און אַקציעס, וואָס די יידישע אַרבעטער אין וואַרשע האָבן געשאַפן און דורכגעפירט נאָך דעם אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

*

אין פאַרלויף פון יאָרן האָב איך זיך געגריבלט און באַמיט זיך צו קריגן אַן ענטפער אויף די פראַגעס:

פאַר וואָס האָב איך פאַרלאָזן די פאַבריק, אין וועלכער כ׳האָב אייגנטלעך גוט פאַרדינט, מיין ערשטן סטאַבילן אַרבעטפּלאַץ זינט כ׳בין אַראָפּ פון דער לער, און אַוועק צו די שטרייקנדיקע זיך אָפּגעבן מיט זייערע אינטערעסן, אַוועק פרייוויליק און געוואָרן מיט די שטרייקערס ביז דער שטרייק איז פאַרענדיקט געוואָרן?

פאַר וואָס האָב איך עס געטאָן? און פאַר וואָס האָבן דאָס נישט געטאָן אַנדערע, מער אָנגעזעענע מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג, וועלכע האָבן דאָך געדאַרפט טראָגן מער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם אויסגאַנג פון שטרייק?

און פאַר וואָס בין איך עולה לגדולה געוואָרן נאָך מיין באַטייליקן זיך אין די אונטערהאַנדלונגען ביים פאַרענדיקן דעם 4־וואָכיקן שטרייק, צו ווערן, טראָץ מיין יונגן עלטער, דער אָנפירנדיקער טוער פון מיין פאַך, דער אומקוועסטיאָנירטער פאַרשטייער פון מיין פאַך אין אַלע פאַלן ווען דאָס פאַך האָט געדאַרפט זיין רעפּרע־זענטירט?

די ענטפערס, וואָס כ׳האָב זיך געגעבן: ס׳מוז מסתמא אין דיר זיין עפּעס פונעם שטאָף, וואָס פּרעדיסטינירט אַ מענטשן צו ווערן אַ פּראָפעסיאָנעלער רעוואָלוציאָנער. עפּעס האָט אין דיין רעדן אָדער האַנדלען בשעת די פאַרהאַנדלונגען געמוזט זיין אַזעלכעס, וואָס האָט אַרויסגערופן רעספּעקט. די דאָזיקע ענטפערס האָבן מיך נישט באַפרידיקט. זיי זענען געווען צו מעטאַפיזיש.

אין וואָס, האָב איך זיך געפרעגט, באַשטייט דאָס דער „שטאָף״, וואָס איז גורם אַז דער געגעבענער מענטש זאָל ווערן אַ פּראָפעסיאָנעלער רעוואָלוציאָנער? איז

דאָס אַ ביאָלאָגישער עלעמענט, אָדער אַ סאָציאַלער אימפּעראַטיוו? קיין ריכטיקן ענטפער האָב איך אויף דער פראַגע קיין מאָל נישט געקריגן, נישט פון זיך און נישט פון אַנדערע.

קיין ענטפער האָב איך אויך נישט געקריגן אויף דער זיך געשטעלטער פראַגע: פאַר וואָס בין איך דאָס געווען דער יעניקער, וואָס האָט איינקאַסירט אויף זיין חשבון דעם דערפאָלג פון די פאַרהאַנדלונגען?

געוווּסט האָב איך דאָך, אַז די אַרכיטעקטן ביים אויפבויען און פאַרענדיקן די לעצטע פאַרהאַנדלונגען זענען געווען: מאָריץ מעטאַלאָוויעץ און ישׂראל האַלבער־שטאַט. זיי זענען דאָך געווען די יעניקע, וועלכע האָבן אין קריטישע מאָמענטן מיט זייער טאַקטיק נישט דערלאָזט די באַלעבאַטים איבערצוריייסן די פאַרהאַנדלונגען, און געהאָלפן דער דעלעגאַציע געפינען פאָרמאַליסטישע און פאַר די אינטערעסן פון די אַרבעטער נישט וויכטיקע פשרות. טאָ פאַר וואָס איז דער זיג צוגעשריבן געוואָרן אויסשליסלעך מיר, צו מיין פּערזאָן? און ווידער מוז איך זיך מודה זיין: כ׳האָב אויף דער פראַגע קיין מאָל נישט געקריגן קיין צופרידנשטעלנדיקן ענטפער.

דאָס זענען נישט געווען קיין סתּם רעטאָרישע פראַגעס. ענלעכע פראַגעס זענען בעת מיין אַקטיווען פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אַרויפגעשווומען אין אַ מולטי־פּליצירטער פאָרעם און געשטעלט זיך פאַר מיר ווי רעטעניש.

פאַר וואָס, האָב איך זיך נישט איין מאָל געפרעגט, האָט מען דעם־און־דעם אָנגעטאָן די קרוין פון אַ פירער, פון אַ מנהיג, ווען אין מיינע אויגן, און לויט מיין אָפּשאַצונג, איז דער יעניקער אין קיין שום הינזיכט נישט דערוואַקסן געווען צו אַזאַ ראָלע? און פאַר וואָס שרייבט מען עמעצן צו געוויסע פאַרדינסטן, ווען פאַקטיש האָבן אַנדערע געדאַרפט קריגן דעם פאַרדינסט און אויף די קעפּ פון די אַנדערע האָט געדאַרפט זיך געפינען דער לאָרבערקראַנץ?

און איך בין זיך מודה ומתוודה, אַז קיין געהעריקן ענטפער האָב איך זיך נישט געקענט געבן, און אויך אַנדערע האָבן מיר נישט געקענט געבן דעם ענטפער.

אָבער אַבסאָרבירט האָבן מיך אַזעלכע ענינים, אַבסאָרבירט זינט דעם דער־מאָנטן שטרייק, און זיי אַבסאָרבירן מיך נאָך עד־היום.

מיט רעכט צי אָן רעכט האָב איך, ווי שוין דערציילט, איינקאַסירט דעם לויב פאַר דעם געווונענעם שטרייק פון די אַרבעטער פון מיין פאַך, וועלכע זענען באַ־שעפטיקט געווען ביי דער אַ״ג „געמיינער״ און „שווערער״ אַרבעט.

און אַזוי אַרום האָב איך בעת דעם שטרייק זומער 1914 געמאַכט די ערשטע שריט פון אַ פּראָפעסיאָנעלן רעוואָלוציאָנער.

# הערשל מעטאַלאָוויעץ

בערך אין דער צייט פון דעם אין פאַריקן קאַפּיטל דערמאָנטן שטרייק, בין איך משנה־שם געוואָרן, איך האָב געקראָגן אַ צונאָמען: „מעטאַלאָוויעץ״. די נעמען: הערשל און מעטאַלאָוויעץ זענען געוואָרן ווי נישט אָפּצוטיילן איינער פון אַנדערן. מיטן דאָזיקן נאָמען און צונאָמען, הערשל מעטאַלאָוויעץ, האָט מען זיך אָנגעהויבן ווענדן צו מיר, גערעדט פון מיר און וועגן מיר.

ווער עס האָט מיך משנה־שם געווען — ווייס איך נישט. אויך אַנדערע, וועמען איך האָב וועגן דעם געפרעגט, האָבן מיר נישט געקענט געבן קיין געהעריקן ענטפער. משנה־שם געווען האָט מיך דאָס פאָלק, די יידישע אַרבעטער־סביבה, אין וועלכער כ׳האָב זיך געפונען זומער 1914.

געוווּסט האָב איך, אַז דער צונאָמען איז אַ פּראָמאָציע פון מיין פּאָזיציע אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, אַז כ׳בין געעאַדלט געוואָרן. דער צונאָמען „מעטאַלאָוויעץ״ איז אַן ערנהערב, אַז מיטן דאָזיקן הערב בין איך געוואָרן איינער פונעם שיכט, וואָס מען רופט: פאַראַנטוואָרטלעכע טוערס פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

און געוווּסט האָב איך אויך, אַז דער צונאָמען און הערב „מעטאַלאָוויעץ״ איז מחייב צו מעשׂים, צו איבערגעגעבנקייט און קרבנות־גרייטקייט פאַר דער אַרבעטער־זאַך, פאַר די אידעאַלן פון סאָציאַליזם, פון באַפרייונג פון אַרבעטער־קלאַס, וועמענס אַ גליד איך בין, פאַר דער פּאָליטישער און נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידישע אַרבעטער און פאָלקסמאַסן, פון וועמענס אינגעווייד איך קום; און אַז דער הערב טאָר נישט באַשמוצט און פאַרפלעקט ווערן מיט נישט קיין עטישע מעשׂים, וועלכע קענען שאַדן ברענגען מיין קלאַס און מיין פאָלק.

זינט זומער 1914 איז פאַרשוווּנדן מיין נאָמען הערש לייב. חוץ דער מאַמען און מיין געוועזענעם לערן־מייסטער, ר׳ שמשון זילבערבערג, האָט מיך קיינער מער מיטן דאָזיקן נאָמען נישט אָנגערופן. אַוועק איז פּאַקטיש אויך דער נאָמען הערשל. מיטן דאָזיקן נאָמען האָבן מיך גערופן די מיטגלידער פון מיין פאַמיליע און די סאַמע נאָענטסטע חברים און פריינד. דער נאָמען הערשל מעטאַלאָוויעץ איז באַקאַנט געוואָרן פאַר הונדערטער, מ׳קען דרייסט זאָגן, פאַר טויזנטער מענטשן. הייַנט נאָך זענען פאַראַן אַ גרויסע צאָל מענטשן אין פאַרשיידענע לענדער, וועלכע וויסן נישט דעם פאַמיליע־נאָמען, וואָס כ׳האָב געירשנט פון מיין פאָטער: בעקערקונץ; זיי קענען מיך אויסשליסלעך ווי הערשל מעטאַלאָוויעץ.

דער נאָמען הערשל מעטאַלאָוויעץ האָט זיך איינגעבירגערט אין פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פוילן — אין בונד און אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, אין געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס מחוץ פוילן, און אויך אין קרייזן פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

קיין שום אַנדער צונאָמען אָדער פסעוודאָנים האָט זיך צו מיר נישט צוגעקלעפּט. נישט דער נאָמען שטוק, מיט וועלכן איך האָב זיך באַנוצט ווי אַ גאַסט־אַנטיילנעמער אויף דער ליקווידאַציע־קאָנפערענץ פונעם קאָמבונד אין מינסק אין 1921, נישט דער נאָמען הערמאַן קינסלער, אונטער וועלכן איך האָב פיגורירט ווי פאַרטרעטער פונעם קאָמבונד פון פוילן אויפן פלענום פון קאָמינטערן מיי—יוני 1922, נישט דער פאַרקאָנספּירירטער נאָמען אין קאָמינטערן און אין דער ק.פ.פ. העינריק טאָקאַרסקי, נישט דער נאָמען זאַסלאַווסקי, מיט וועלכן איך האָב זיך באַנוצט אין די חדשים פון מיין געפינען זיך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, יאַנואַר—יוני 1928 (ווי מיר דוכט זיך, האָב איך זיך מיט דעם נאָמען זאַסלאַווסקי אויך באַנוצט ווי דעלעגאַט צום פערטן קאָנגרעס פון פּראָפינטערן און ווי אָבסערוואַטאָר פונעם פלענום פון קאָמינטערן אין 1928), אויך נישט דער נאָמען וואַרשאַווסקי, מיט וועלכן כ׳בין ווי פאַרטרעטער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי פון פוילן אַרויסגעטראָטן אויפן צווייטן אַלסאָוועטישן יידישן קולטור־קאָנגרעס אין כאַרקאָוו, אין אַפּריל 1928, און נישט קיין איינער פון יתרוס נעמען, מיט וועלכע כ׳האָב זיך באַנוצט אין פאַרשיידענע פאַלן און אויף פאַרשיידענע ערטער בעת מיין אונטערערדישער רעוואָלוציאָנערער־סאָציאַליסטישער טעטיקייט.

צוגעאייגנט האָב איך זיך דעם צונאָמען מעטאַלאָוויעץ און אים געטראָגן מיט ליבע, פרייד און שטאָלץ. נישטאָ וואָס צו באַהאַלטן: נישט איין מאָל האָט דאָס האַרץ אַ פלאַטער געטאָן פאַר פרייד ווען כ׳האָב געהערט אַרבעטער אָנרופן דעם נאָמען הערשל מעטאַלאָוויעץ. און הנאה האָב איך געהאַט, ווען דער נאָמען הערשל מעטאַלאָוויעץ האָט זיך געפונען אין צענטער פון אַ קאָנטראָווערסיע. דער נאָמען הערשל מעטאַלאָוויעץ און מיין איך זענען געוואָרן אָרגאַניש באַהאָפטן, נישט אָפּצוטיילן איינס פון אַנדערן.

בלויז אין צוויי פאַלן, איינער אַ קורצער און איינער אַ לאַנגדויערנדיקער, אין פוילן און אין קאַנאַדע, האָב איך זיך דערלויבט מוותר זיין אויף דעם נאָמען הערשל מעטאַלאָוויעץ.

אין פוילן איז עס געשען ביי פאָלגנדיקע אומשטענדן:

נאָך דער אַנטשטייונג פון אומאָפּהענגיקן פוילן בין איך אַנגאַזשירט געוואָרן ווי אַ פונקציאָנאַר פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד.

בעת איינער פון די רוטינע געשעפט־שמועסן, האָט דער אַדמיניסטראַטאָר פון צענטראַל־קאָמיטעט, יוזעף (י. פאַרטנאָי) סוגערירט כ׳זאָל אויפהערן זיך באַנוצן מיטן נאָמען הערשל מעטאַלאָוויעץ, נאָר נוצן מיין נאָמען און פאַמיליע־נאָמען.

זיינע הויפּט־אַרגומענטן זענען געווען, אַז מיר אַרבעטן איצט אין פאַרהעלטעענישמעסיק לעגאַלע באַדינגונגען. דער צונאָמען און פסעוודאָנים האָט אויפגעהערט צו שפּילן די ראָלע, וואָס זיי האָבן געשפּילט אין די צאַרישע צייטן און אַפילו אין די צייטן פון דער דייטשישער אָקופּאַציע. פאַר עפנטלעכע אונטערנעמונגען דאַרף

אָנגעגעבן ווערן דער נאָמען פון רעדנער אָדער רעפערענט, און אויף דער פּראָווינץ זענען שוין פאַראַן, אָדער עס קענען זיין שטערונגען אויב אַ פּאָליציי־באַאַמטער וועט קאָנטראָלירן, צי דער נאָמען פונעם רעדנער איז אידענטיש מיטן נאָמען פון זיינע פּערזענלעכע דאָקומענטן.

איך האָב זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט מוותר צו זיין אויף מיין צונאָמען „מע־טאַלאָוויעץ״; אונטער קיין שום אומשטענדן וועט מיך קיינער נישט קענען צווינגען זיך נישט צו באַנוצן מיטן נאָמען הערשל מעטאַלאָוויעץ.

נאָך אַ לאַנגן איינטענהן מיט מיר איז געבליבן, אַז אין אַלע מיינע פּאַרטיי־ און מחוץ פּאַרטיי־אַקטיוויטעטן בלייב איך ביים נאָמען הערשל מעטאַלאָוויעץ. בלויז אין די פאַלן פון מיינע אַרויסטריטן אין די קלענערע פּראָווינצשטעט זאָל איך זיך באַנוצן מיטן פאַמיליע־נאָמען. אויף די שפּאַלטן פון די „לעבנס־פראַגען״ האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אַנאָנסן פון מיינע אַרויסטריטן אויך מיטן נאָמען הערשל בעקער־קונץ. אַזעלכע אַנאָנסן האָבן זיך פּעריאָדיש באַוויזן ביז מיין אַרויסטריט פון בונד, אין האַרבסט 1921. פון דעמאָלט אָן איז דער נאָמען הערשל בעקערקונץ לחלוטין פאַרשווּנדן פון פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פּוילן.

אין קאַנאַדע האָב איך פאַרטוישט דעם אולטראַ־פּראָלעטאַרישן „מעטאַלאָוויעץ״ אויף אַ בירגערלעכן „מעטאַלאָוויטש״: הערשל מעטאַלאָוויטש, און זעלטן ווער קען מיך אין מיין ווינשטאָט מאָנטרעאָל אונטער מיין אמתן פאַמיליע־נאָמען בעקער־קונץ.

די סיבה, אָדער סיבות, פאַר וואָס כ׳האָב פאַרביטן דעם „מעטאַלאָוויעץ״ אויף „מעטאַלאָוויטש״ איז פאַרבינדן מיט דער פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער לאַגע און פון די מלחמה־אומשטענדן, אין וועלכער כ׳האָב זיך געפונען בעת מיין אָנקומען קיין קאַנאַדע.

אין די לעצטע יאָרן האָב איך באַשלאָסן אומצוקערן זיך צום נאָמען הערשל מעטאַלאָוויעץ. די מעמואַרן ווערן געשריבן אונטער דעם דאָזיקן נאָמען. און אויך מיינס אַן אַרטיקל, געדרוקט אין „קאַנאַדער אָדלער״, יוני 1963, וועגן דער דערוויי־לונג פון זלמן רובאַשאָוו ווי פּרעזידענט פון מדינת ישראל — דאָס ערשטע פאַר־עפנטלעכטע אַרטיקל זינט כ׳האָב אין 1957 אויפגעהערט זיך צו דרוקן ספּאָראַדיש אין „פראַגרעסיוון״ „וואָכנבלאַט״ אין טאָראָנטאָ — איז שוין געצייכנט געווען מיטן נאָמען הערשל מעטאַלאָוויעץ.

אין דער געשיכטע פון מיין פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן איז געווען בלויז איין מין אינסטיטוציע: די פּאָליטישע פּאָליציי׳שע געהיים־אַגענטורן פון די מלוכה־אָרגאַנען, אין דער רוסישער זשאַנדאַרמערסקער „אָכראַנע״, אין פּאָליציי־פּרעזידיום אין בערלין און אין די פּוילישע „דעפענסיוועס״, ווו איך האָב פאַרווערט מיך צו רופן אָדער צו באַצייכענען ווי הערשל מעטאַלאָוויעץ, נאָר דווקא און אויס־שליסלעך ווי הערש לייב בעקערקונץ. נישט איין מאָל איז מיר אין די דאָזיקע

„אינסטיטוציעס״ אויסגעקומען העפטיק צו פּראָטעסטירן און אַפילו צו ליאַרעמען, ווען מ׳האָט מיך דאָרט געוואָלט מכבד זיין מיטן נאָמען הערשל מעטאַלאָוויעץ.

זינט דער מפּלה פון דער רעוואָלוציע פון 1905 ביז די ערשטע חדשים פון יאָר 1915 זענען אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן געווען נישט מער ווי צוויי אַקטיוויסטן, וועלכע זענען גערופן געוואָרן מיטן צונאָמען „מעטאַלאָוויעץ״.

געווען זענען עס משה וויינבערג, אַן אַפּשטאַמיקער פונעם פּראָלעטאַרישן שטעטל מעזריטש, אַן אַרבעטער ביי שווערע אייזן־אויסאַרבעטונגען: באַלקאַנען, אייזערנע טויערן און אַנדערע אייזן־אָרנאַמענטן — אַן אינטעליגענטער, באַלעזענער אַרבעטער מיט אַ געזונטן שׂכל הישר, וועמען מ׳האָט גערופן מאָריץ מעטאַלאָוויעץ, און איך, דער יונגער מעטאַל־טאָקער, בין געווען דער צווייטער. פון יאָר 1915 ביז צום אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה בין איך געווען — אויב איך מאַך נישט קיין טעות — דער איינציקער טוער אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס אין פּוילן, וואָס האָט געהאַט דעם צונאָמען „מעטאַלאָוויעץ״: הערשל מעטאַלאָוויעץ.

געוויינטלעך פלעגן יידישע אַקטיוויסטן אין דער אונטערערדישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג קריגן דריי סאָרטן צונעמען: אייגנטימלעכע אייגנשאַפטן, שטעטל־דיקער אַפּשטאַם, און נעמען פון פאַך, אין וועלכע זיי זענען געווען פּראָפעסיאָנעל באַשעפטיקט.

עטלעכע ביישפּילן וועלן אילוסטרירן:

שמאי קרומקאָפּ, חיימל פּראָפעסאָר, שוואַרצער און ווייסער אַבע, יצחקל דזשאַבאַק, דער קליינער שימעלע, דער לאַמער יוסף, משה מעזריטשער, אשר גאָלדשמיד, אַווראַמל שטריקער, חנינא קאַמאַשן־מאַכער, אַברהמל פּשיסוחע־בייגער, יוזעק בראָנזאָווניק, מרדכי שניידער, אַברהמל זייגער־מאַכער, פּיניע מאַלאַזש, מרדכי שוסטער, שמאי בעקער, חיל לעכל־שלייפער, לאָזער סטאָליאַר און אַנדערע מיט ענלעכע נעמען.

(כ׳האָב אויסגערעכנט נאָר אַזעלכע, מיט וועלכע כ׳בין געווען פּערזענלעך באַקאַנט. אַן אויסנאַם זענען די בונדיסטן: שמאי קרומקאָפּ און אשר גאָלדשמיד, און דער פּועלי־ציוניסט לאָזער סטאָליאַר).

אין אומאָפּהענגיקן פּוילן האָבן אַ רייע טוערס מוותר געווען אויף די אָדאָפּטירטע צונעמען און איבערגעגאַנגען צו זייערע פאַמיליע־נעמען: חנינא קראַמאַרסקי, אַברהם ראַטשפּאַן, שאַיע זאַמבראָווסקי, יחיאל ניימאַן א״אַ.

דער צונאָמען „מעטאַלאָוויעץ״ האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַן אויסנאַמלעכקייט און אַן אויסערגעוויינטלעכקייט, מיט וועלכן, ווי געזאָגט, בלויז צוויי אַקטיוויסטן זענען ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה באַצייכנט געוואָרן.

דאָס געבן משה וויינבערגן דעם צונאָמען מאָריץ מעטאַלאָוויעץ איז מיר געווען פאַרשטענדלעך. ער האָט געאַרבעט ביי אַזאַ צווייג אין דער מעטאַל־בראַנזשע, וואָס האָט נישט געהאַט קיין קאָנקרעטן נאָמען. אָבער פאַר וואָס איז מיר געקומען דער

דאָזיקער צונאָמען? פאַר וואָס האָט מען מיר נישט געגעבן קיין צונאָמען, וואָס זאָל זיין אייגנטימלעך מיט מיין פּערזאָן אָדער מיט מיין באַשעפטיקונג: „הערשל מאָ־שאַנזשניק" אָדער „הערשל טאָקאַזש"? אָנגענומען, אַז די וואָס האָבן מיך משנה־שם געווען האָבן מיך נישט געוואָלט רופן „מאַשאַנזשניק", ווייל אינעם יידישן פאָלקלאָר איז דער נאָמען „מאַשאַנזשניק" פאַרבונדן מיט אַ נעגאַטיוון שטריך: „יידל מאָ־שאַנזשניק רירט זיך נישט". אָבער פאַר וואָס נישט „הערשל טאָקאַזש", נאָר גראָד „מעטאַלאָוויעץ"?

דער דאָזיקער ענין האָט מיך לאַנגע יאָרן אַבסאָרבירט און איז געווען נישט איין מאָל אַ טעמע פאַר מיינע טראַכטונגען אין די שלאָפלאָזע נעכט אין די תּפיסה־קאַמערן. מיינער אַן ענטפער אויף דער פראַגע און דאָס דערציילן וועגן די אויספירן, וואָס כ'פלעג מאַכן פון מיינע טראַכטענישן, וואָלט געמיינט מאַלן מיין אויטאָפּאָר־טרעט, אָדער שרייבן אַן אַקאַדעמישע דיסערטאַציע אויף דער טעמע: פאַר וואָס האָט דער יונגער מעטאַל־טאָקער, הערש לייב בעקערקונץ, געקריגן די ערן־באַצײ־כענונג „מעטאַלאָוויעץ". דאָס איז נישט פאַר מיינע כּוחות און נישט איך בין באַרופן די דאָזיקע פראַגע צו פאַרענטפערן.

פאַר וואָס די יידישע אַרבעטער־סביבה האָט מיר שוין אין באַגינען פון מיין פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער קאַריערע, אין עלטער פון 17 יאָר, אין יאָר 1914, מזכּה געווען מיטן אויסעראָרדנטלעכן צונאָמען „מעטאַלאָוויעץ" און מיך געאָדלט מיטן דאָזיקן אייגנאַרטיקן הערב — אויף דעם קען איך ענטפערן בלויז: תּיקו.

## די פּאָליטישע טאָפּאָגראַפיע

אין די לעצטע יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן אויף דער פּאָלי־טישער מאַפּע פיגורירט אַ צאָל ריכטונגען, וואָס האָבן געווירקט, אָדער געהאַט פּרעטענסיעס צו ווירקן, אין דער יידישער אַרבעטער־סביבה אין געוועזענעם קאָנ־גרעס־פּוילן.

די פּאָליטישע ריכטונגען זענען געווען: בונד, ס.ס., פּועלי־ציון, פּ.פּ.ס.־לעוויצע, ס.ד.ק.פּ.ל. און די אַנאַרכיסטן.

### ס.ס.

ס.ס. איז געווען נישט מער ווי אַ נאָמען, אָן וועלכן ס'איז פּאָליטישן און געזעל־שאַפטלעכן אָנהאַלט צווישן די יידישע אַרבעטער אין פּוילן.

געשמועסט האָט מען, אַז אין טשענסטאָכאָוו, וואָס איז נישט געווען קיין גרויסער

און נישט קיין ספּעציפישער יידישער אַרבעטער־צענטער, האָבן די ס.ס. אַ געוויסע השפּעה צווישן יידישע אַרבעטער.

אין וואַרשע זענען מאַנכע פערזאָנען באַצייכנט געוואָרן ווי ס.ס.אָווצעס: דער שרייבער טשעמערינסקי (ר׳ מרדכילע), דער קולטור־טוער מייזל (אָדער מייזלער), דער אייגנטימער פון אַ ציטונגס־ביוראָ (זיין נאָמען, ליידער, פאַרגעסן), דער אייגנ־טימער פון אַ מעטאַל־טאָקער־וואַרשטאַט יצחק זאַקסענבערג. אָבער אין פּאָליטישן, געזעלשאַפטלעכן און אָרגאַניזאַציאָנעלן לעבן צווישן יידישע אַרבעטער אין וואַרשע איז ס.ס. צו יענער צייט נישט געווען בנמצא.

**פּועלי־ציון**

פּועלי־ציון האָבן אין וואַרשע געהאַט אַ קנאַפּע השפּעה. זייער פאַרמעג איז געווען דער קעלנער־פאַראיין, וואָס האָט זיך געפונען אונטער פּועלי־ציוניסטישן איינפלוס זינט זיין גרינדונג ביז צום אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אונטער פּועלי־ציוניסטישער השפּעה האָט זיך אויך געפונען דאָס פאַך פון די בערשטל־מאַכערס. געציילט האָט דאָס פאַך נישט מער ווי עטלעכע צענדליגג אַרבעט־טער. דאָס כאַראַקטעריסטישע אין דעם פאַל איז דאָס, וואָס דאָס צאָלרייכע בערש־טערפאַך אין פּוילן און אין ליטע האָט זיך געפונען אונטערן אויסשליסלעכן איינפלוס פון בונד, און דאָס קליינע בערשטערפאַך אין וואַרשע — אונטער דער השפּעה פון פּועלי־ציון.

דער אָנפירער פון די בערשטל־מאַכערס אין וואַרשע איז געווען אַ קליינער, אַ הויקער, אַ רירעוודיקער און אַ טומלדיקער. שטענדיק נעט, מ׳קען אַפילו זאָגן עלעגאַנט געקליידט, און אין גאָלדענע ברילן. פּועלי־ציון האָט זיך מיט אים שטאַרק געייחוסט. נאָך דעם אַריינקום פון די דייטשן קיין וואַרשע האָט ער ביי פּועלי־ציון געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע. נאָך דער מאַרץ־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד איז דאָס פאַרשווינדל געווען איינער פון די ערשטע דעמאָסקירט צו ווערן ווי אַ פּראָוואָקאַטאָר (זיין נאָמען געדענק איך נישט).

געשמועסט האָט מען, אַז פאַרן אַרעסט פון לאָזער סטאָליאַר, האָט פּועלי־ציון זיך איינגעגעבן אַריינצורייסן אין דעם גרויסן און וויכטיקן פאַך פון די בוי־סטאָליאַ־רעס. אָבער אין דער צייט פון מיין אַריינטריט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, זומער 1914, איז אין בויפאַך נישט געווען קיין סימן פון אַ פּועלי־ציוניסטישן איינפלוס.

די פּועלי־ציוניסטישע בערזע האָט זיך געפונען אויף דער דזשעלנע־גאַס, פון ראָג דזשיקע ביז קאַרמעליצקע.

פאַר די וויכטיקסטע פירערס פון פּועלי־ציון אין וואַרשע זענען באַקאַנט געווען: ישראל רייכמאַן (ישראל וועשער) און יצחק לעוו.

**אַנאַרכיסטן**

די אַנאַרכיסטן זענען געווען אַ קליינע גרופּע פון אַ 12–15 פּערזאָן, און זיי זענען באַקאַנט געווען נאָר אינעם פּאַך פון די געגריוועטע שוסטערס, אין וועלכן זיי האָבן פאַרנומען דעם וויכטיקסטן אָרט אין דער פאַך־אָנפירונג.

אין מיינע דעריגנערונגען פון די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה קען איך זיך נישט דערמאָנען וועלכן ס׳איז אויפטו מצד די אַנאַרכיסטן — אין טאַט אָדער אין שריפט, חוץ זייער אַקטיוון אָנטייל אין דעם קאַמף קעגן די באַנדעס קאָמבינאַטאָרן אויף דער יידישער גאַס.

די אַנאַרכיסטן ביי די געגריוועטע שוסטערס האָבן זיך מיינסטנס געטוליעט צום בונד, אָנערקענט דעם בונדישן פּרינציפּ פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע, ווי זיי האָבן דאָס דערקלערט, ווי אַ פּאַקטאָר קעגן מלוכישער צענטראַליזאַציע.

נאָכן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט די אַנאַרכיסטישע גרופּע ביי די געגריוועטע שוסטערס געשטיצט מיט אַלע זייערע מעגלעכקייטן די בונדישע ווירטשאַפט־אַקציע. איינער פון דער גרופּע, משה דזשאַבאַק, איז נישט אָפיציעל געווען פאַרטראָטן אין דער פאַרוואַלטונג פון דער בונדישער קיך.

קיין גרויסע תלמידי חכמים און קיין איבעריק פעיִקע מענטשן זענען ביי די אַנאַרכיסטן נישט געווען. אַן אויסנאַם איז געווען זייער פירער, מרדכי שוסטער: אַ הויך־אינטעליגענטער אַרבעטער, אַ גוטער פּאַכטוער, און אין דער לעגאַלער פּראַפּ. באַוועגונג אַ גוטער און אַן אַקטיווער טוער אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די לעדער־אַרבעטער. אין דורכשניט זענען די מיטגלידער פון דער אַנאַרכיסטישער גרופּע ביי די געגריוועטע שוסטערס געווען היפּשלעך הינטערשטעליק אין פאַרגלייך מיט די פּאָליטיש־אָרגאַניזירטע אַרבעטער אין בונד.

אין די אַנדערע פּאַכן איז פאַר אַן אַנאַרכיסט באַצייכנט געוואָרן אַן אַרבעטער אין אַרענדאַזשס קאָנאָפּפאַבריק. מ׳האָט דעם דאָזיקן אַרבעטער אָפט געזען אַרומשמייען אויף די פאַרשיידענע אַרבעטער־בערזעס. פיזיש אַ קרעאַטור, אַ ליליפּוט אין וווּקס, מיט אַ גרויסן קאָפּ און ברייטע פּלייצעס — האָט ער אין זיין נישט איבעריק ציכטיקן הילוך, מיטן גרויסן מעלאָניק־הוט אויפן קאָפּ, אויסגעזען, ווי ער וואָלט אַנטלאָפן פון אַ צירק־בודע און געקומען פאַרוויילן די אַרבעטער אויף די בערזעס. געזאָגט האָט מען וועגן אים, אַז ער איז אַ גייענדיקע ענציקלאָפּעדיע. מיר איז ער געווען אָפּשטויסנדיק און כ׳האָב אויסגעמיטן צו האָבן מיט אים וועלכן ס׳איז קאָנטאַקט. נאָכן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער ערגעץ פאַרשוווּנדן. נאָך דער מאַרץ־רעוואָלוציע איז אויך די קרעאַטור דעמאַסקירט געוואָרן ווי אַ פּראָוואָקאַטאָר (זיין נאָמען געדענק איך נישט).

פאַר אַן אַנאַרכיסט איז אויך באַצייכנט געוואָרן אַן אַרבעטער ביי פּרויען־בייטלען. געווען איז ער אַ געלער, און אַ שטאַרק קורצזיכטיקער, אָבער זייער אַ סימפּאַטישער אין דער באַציִונג מיט אַנדערע. לויטן אויסזען און העוויות — אַ

טיפּישער ישיבה־בחור. שטענדיק באַלאָדן מיט ביכער פון דער ייִדישער ליטעראַטור אָדער מיט וויסנשאַפטלעכע ביכער אין רוסיש. געזען האָט מען אים אָפט אין דער געזעלשאַפט פון דער שיינער און פעיִקער, ליידער יונג פאַרשטאָרבענער, פּועלי־ציוניסטישער טועריך, פאַלאַ בער. ער פלעגט אָבער פאַרמוטשען און פאַרנודיען אַ צוהערער מיט זיינע אַנטי־מאַרקסיסטישע חקירות. מיר איז געווען דערווידער זיין ישיבה־בחורישער אופן פון רעדן און אַרגומענטירן, אָבער פערזענלעך איז ער מיר געווען זייער סימפּאַטיש. ביז מיין פאַליציייִש געצוווּנגענעם פאַרלאָזן וואַרשע אין דעצעמבער 1915, האָב איך אים געטראָפן אין דער בונדישער קיך ווי אַ שטענדיקן קאָנסומענט, און געהאַט מיט אים אָפטע געשפּרעכן אויף פאַרשיידענע טעמעס. נאָך מיין צוריקקער קיין וואַרשע זומער 1918, האָב איך אים מער נישט באַגעגנט. חברים און קיך־אָנגעשטעלטע האָבן מיר דערציילט, אַז זינט דעם טויט פון פאַלאַ בער האָט מען אים מער אין קיך נישט געזען.

ליידער האָב איך פאַרגעסן דעם נאָמען פון דעם דאָזיקן איידעלן, אינטעליגענטן און אייגנאַרטיקן אַרבעטער־טיפּ.

**בונד**

דעם גרעסטן איינפלוס צווישן די ייִדישע אַרבעטער אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט געהאַט דער בונד.

אין וואַרשע איז דער בונד געווען ממש אַ הערשער אויף דער ייִדישער אַרבע־טער־גאַס. אונטער דעם בונדס איינפלוס האָט זיך געפונען דאָס צאָלרייכע שניידער־פאַך מיט אַלע זיינע אָפּצווייגן, מיט אָקריטשע־שניידערס בראש (אַן אויסנאַם זענען געווען בלויז צוויי פאַכן: די קירזשנערס און די קינדער־קאָנפעקציע), אַלע פאַכן און פאַבריקן פון דער מעטאַל־בראַנזשע, די בעקערס, דאָס צאָלרייכע פאַך פון שטעקן־מאַכערס, די בוי־סטאָליאַרעס, און אַ רייע אַנדערע פאַכן.

אין דער לעדער־בראַנזשע — דאָס גרויסע פאַך פון קאַמאַשן־מאַכערס, די וואַלקערס, די באָסאַק־מאַכערס, די פּאַסעק־מאַכערס, די רימאַרעס, די לעדערנע בייטל־מאַכערס, און די פאַרשיידענע אַנדערע פאַכן פון דער לעדער־בראַנזשע. אויך צו די געגריוועטע שוסטערס האָט דער בונד געהאַט אַ פרייען צוטריט מיט זיין וואָרט און שריפט.

אונטערן איינפלוס פון בונד האָבן זיך אויך געפונען די אַרבעטער פון פאַליאַ־קעוויטשעס פּאַפּיראָסן־פאַבריק, די איינציקע גרויסע פאַבריק אין פוילן, אין וועלכער ס׳זענען געווען באַשעפטיקט עטלעכע הונדערט ייִדישע אַרבעטער.

אונטערן בונדישן איינפלוס האָבן זיך געפונען אַ רייע וויכטיקע אַרבעט־צענטערס אויף דער פּראָווינץ. דירעקט און אומדירעקט האָב איך אין 1914 געהאַט ידיעות וועגן דער ווירקונג פון בונד אין מעזריטש, שעדלעץ, לוקאָוו, לאָשיץ, קאַלושין. וועגן לאָדזש, ראַדאָם, לובלין און אַנדערע אַרבעטער־צענטערס, האָב איך זיך דערוווּסט

ערשט נאָכן אַריינקום פון די דייטשן קיין וואַרשע, אַז דער איינפלוס פון בונד אין די דאָזיקע ייִדישע אַרבעטער־צענטערס איז געווען דאָמינירנדיק אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

**פּ.פּ.ס.־לעוויצע**

פּ.פּ.ס.־לעוויצע האָט אין די יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געהאַט אַ באַדייטנדיקן איינפלוס צווישן די וואַרשעווער ייִדישע אַרבעטער.

אין די יאָרן פון פאַר און בעת דער רעוואָלוציע פון 1905, האָט, ווי באַוווּסט, פּ.פּ.ס. געהאַט אַ גרויסן איינפלוס צווישן די ייִדישע אַרבעטער אין פּוילן און פאַרמאָגט אַ גרויסן און אַ גוטן קאַדער פון טוערס, אינטעליגענץ און אַרבעטער אין דער ייִדישער אַרבעטער־סביבה.

נאָך דער שפּאַלטונג פון פּ.פּ.ס. אויף רעכטע און לינקע, האָבן די רעכטע, וועלכע זענען אָנגעפירט געוואָרן פון יוזעף פּילסודסקין, און גערופן געוואָרן „פראַקעס״, נישט געהאַט קיין שום אָנשפּאַר צווישן די ייִדישע אַרבעטער.

נאָכן אַריינקום פון די דייטשן קיין וואַרשע האָב איך זיך באַגעגנט מיט געוויסע ייִדישע אינטעליגענטן־פראַקעס, אָבער נישט אין דער צאַרישער צייט און נישט אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע האָב איך זיך געטראָפן מיט וועלכן עס איז פראַקישן ייִדישן אַרבעטער. צי די פראַקעס האָבן נישט געקענט אָדער נישט געוואָלט האָבן קיין איינפלוס אין דער ייִדישער אַרבעטער־סביבה — איז נישט אין מיינע מעמוּאַרן דאָס אָרט צו פּסקענען.

די לינקע, פּ.פּ.ס.־לעוויצע, ווי זיי זענען גערופן געוואָרן, האָט יאָ געהאַט אַ געוויסן איינפלוס צווישן די ייִדישע אַרבעטער. אונטער איר ווירקונג און אָנפירונג זענען געשטאַנען עטלעכע גאַנץ סאָלידע פאַכן און פאַראיינען: די שטובן־מאָליערס, קירזשנערס, די סעקציע קינדער־קאָנפעקציע ביי די שניידערס, די סעקציע „קליינע״ ביי די געגרייוועטע שוסטערס. אַן אַבסאָלוטן איינפלוס האָבן זיי אויך געהאַט צווישן די שילערס פוןביידע ייִדישע האַנטווערקער־שולן.

אין איר ייִדישן סעקטאָר האָט פּ.פּ.ס.־לעוויצע פאַרמאָגט אַ צאָל פעיִקע און אינטעליגענטע אַרבעטער־טוערס: פּיניע און משה מעזריטשער פון די מאָליערס, דער קליינער שימעלע פון די קירזשנערס, דער דזשאָבאַטער יצחקל פון די געגרייוועטע שוסטערס א״אַ. באַזונדערס האָט זיך אין יענער צייט אָנגעהויבן שנעל אַרויסצורוקן די פיגור פון קאַראָל — דער שפּעטער־באַקאַנטער קאַראַלסקי, דער פּיאָנער פון קאָמוניזם אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס אין פּוילן, וועלכער האָט שוין אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אַרויסגעוויזן אַ גרויסן רעדנער־טאַלאַנט און פאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט ווי אַ פירנדיקער טוער צווישן די וואַרשעווער ייִדישע אַרבעטער.

אָנגעפירט איז דער ייִדישער סעקטאָר געוואָרן פונעם באַגאַבטן און זייער פעיִקן

מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע, דעם פּאָליאַק גושעך־קאָוואַלסקי.

דער איינפלוס פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע אין דער ייִדישער אַרבעטער־סביבה איז אָבער געווען אַן אויסשליסלעך לאָקאַלער. חוץ אין וואַרשע האָט פּ.פּ.ס.־לעוויצע נישט געהאַט קיין שום ווירקונג אין וועלכן ס׳איז אַנדערן ייִדישן אַרבעטער־צענטער.

ס.ד.ק.פּ.ל.

ס.ד.ק.פּ.ל. האָט געהאַט אַ קנאַפּן איינפלוס צווישן די ייִדישע אַרבעטער אין פּוילן.

אין וואַרשע האָט ס.ד.ק.פּ.ל. געהאַט אַ השפּעה בלויז אויף אַן איינציק פאַך: די שפּילקאָווע שוסטערס, וועלכע זענען געווען באַשעפטיקט ביי מאַכן שיך צו דער מאַס פאַר פּריוואַטע מענטשן.

די אַרבעטער פון דעם דאָזיקן פאַך זענען אין דער ייִדישער אַרבעטער־סביבה אין וואַרשע באַטראַכט געוואָרן פאַר דעם סאַמע אָפּגעשטאַנענסטן אַרבעטער־עלע־מענט. די וואַרשטאַטן זענען געווען גאָר קליינע — אַ וואַרשטאַט פון 4 אַרבעטער האָט זיך גערעכנט פאַר אַ גרויסן. מייסטנס האָבן די שוסטער־באַלעבאַטים געאַר־בעט אַליין אָדער מיט דער הילף פון איין אָדער צוויי אַרבעטער. דער אַרבעטספּלאַץ האָט זיך געפונען צוזאַמען מיט דער וווינונג פונעם באַלעבאָס, אין אַ קעלערשטוב אָדער אין אַ געוועלבל, וווּ אונטן האָט זיך געפונען דער שוסטער־וואַרשטאַט, און איבער דעם — אַ גאַלעריע, אין וועלכער ס׳האָט געוווינט דער באַלעבאָס מיט זיין פאַמיליע, און נישט זעלטן אויך דער אַרבעטער.

די שפּילקאָווע שוסטערס האָבן נישט אַרויסגעגעבן פון זיך קיין אייגענע פאַכ־טוערס, ווי דאָס איז געווען אין אַלע אַנדערע פאַכן ביי די ייִדישע אַרבעטער אין וואַרשע, נאָר אָנגעפירט געוואָרן פון מענטשן, וועלכע זענען דעלעגירט געווען פון ס.ד.ק.פּ.ל.

ס.ד.ק.פּ.ל. האָט אין וואַרשע געהאַט אויך אַ ווירקונג אויף אַ טייל האַנדלס־ און ביוראָ־אַנגעשטעלטע, וועלכע האָבן זיך גרופּירט אין דער „געזעלשאַפט פון האַנדלס־ און ביוראָ־אַנגעשטעלטע", באַקאַנט ווי „סטאָוואַזשישעניע". די דאָזיקע אייגנאַרטיקע אָרגאַניזאַציע אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע פאַרדינט מ׳זאָל איר ווידמענען אַ באַזונדער קאַפּיטל.

געהאַט האָט ס.ד.ק.פּ.ל. אויך אַ געוויסן איינפלוס צווישן די ייִדישע אַרבעטער אין טשענסטאָכאָוו. אין אַ שטאָט, ווי שוין געזאָגט, וואָס איז גראָד נישט געווען קיין גרויסער ייִדישער אַרבעטער־צענטער. די קאָמוניסטישע באַוועגונג אויף דער ייִדי־שער גאַס אין פּוילן האָט פון דער טשענסטאָכאָווער ס.ד.ק.פּ.ל. געירשנט עטלעכע פעיִקע טוערס. ספּעציעל דאַרף דערמאָנט ווערן דער זייער טאַלאַנטירטער זשור־נאַליסט, דודל ריכטער.

ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ס.ד.ק.פּ.ל. געווען געשפּאָלטן אין צוויי באַזונדערע פּאַרטייען: אין אָנהענגערס און קעגנערס פון דער צענטראַלער פּאַרטיי־אָנפירונג. די ערשטע זענען גערופן געוואָרן „זאַזשאָנדאָווצעס”, די צווייטע — „ראָז־לאַמאָווצעס”. די ראָזלאַמאָווצעס האָבן אין וואַרשע באַהערשט די מערסטע ס.ד.ק.פּ.ל.־פּאָזיציעס, אָבער נישט געהאַט קיין שום איינפלוס צווישן די יידישע אַרבעטער, נאָר בלויז צווישן דער יידישער אינטעליגענץ. דער איינפלוס אויף די שפּילקאָווע שוסטערס אין וואַרשע און צווישן די יידישע אַרבעטער אין טשענסטאָכאָוו האָבן געהאַט די זאַזשאָנדאָווצעס. אין דער גלזעלשאַפט פון די האַנדלס־ און ביורא־אָנגע־שטעלטע איז דער איינפלוס פון די צוויי ריכטונגען אין ס.ד.ק.פּ.ל. געווען אַ כמעט גלייכער.

דאָס איז געווען דער גאַנצער פּאָליטישער און אָרגאַניזאַציאָנעלער פּאַרמעג, וואָס ס.ד.ק.פּ.ל. האָט פּאַרמאָגט אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס אין פּוילן פּאַרן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אַזוי האָט אויסגעזען די פּאָליטישע טאָפּאָגראַפיע און אַזאַ איז געווען דער איינ־פלוס פון די דערמאָנטע ריכטונגען אין דער יידישער אַרבעטער־סביבה אין פּוילן אין די יאָרן 1913–1914.

פּאַר וואָס די דערמאָנטע ריכטונגען, ספּעציעל פּ.פּ.ס.־לעוויצע און ס.ד.ק.פּ.ל. האָבן געהאַט אַן איינפלוס אויף די געגעבענע אָפּשניטן אויף דער יידישער אַרבע־טער־גאַס אין פּוילן, איז אַן ענין פּאַר אַ היסטאָריקער, סאָציאָלאָג און סאָציאַל־פּסיכאָלאָג.

איך האָב בלויז פּאַרצייכנט דעם אידעיִשן, פּאָליטישן און אָרגאַניזאַציאָנעלן מצב פון די ריכטונגען, וואָס האָבן געווירקט אָדער געוואָלט ווירקן אין דער יידישער אַרבעטער־סביבה אין אַמאָליקן קאָנגרעס־פּוילן אין די יאָרן פון פּאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה — אַזוי ווי איך האָב זיי דעמאָלט געקענט, און אַזוי ווי זיי זענען פּאַרבליבן אין מיין זכרון.

ה ע ר ש ל   מ ע ט א ל א ו ו י ע ץ

# די סטאָוואַזשישעניע

דעם וויכאָוואַנעק פון דער סטאָוואַזשישעניע —
זיגמונד אַקרענט
מיט חברשאַפט און פריינדשאַפט
דאָס קאַפּיטל זכרונות
א מתנה.

ה. מ.

די געזעלשאַפט פון האַנדלס־ און ביורא־אָנגעשטעלטע, הויפּטזעכלעך אָנגע־שטעלטע אין די ביוראָען, איז פון אירע מיטגלידער, ווי אויך פון דער גאַנצער יידישער אַרבעטערשאַפט אין וואַרשע, אָנגערופן געוואָרן מיט איר פּוילישן נאָמען: „סטאָוואַזשישעניע".

ווען איך האָב זיך, ערב און בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, נעענטער באַקאַנט מיט דעם לעבן און טעטיקייט פון דער סטאָוואַזשישעניע, האָט די דאָזיקע אָרגאַני־זאַציע שוין געהאַט הינטער זיך אַן עקסיסטענץ פון עטלעכע צענדליגג יאָר.

געגרינדעט איז די סטאָוואַזשישעניע געוואָרן נאָך אין פאָריקן יאָרהונדערט און געציילט האָט זי עטלעכע הונדערט מיטגלידער, וועלכע האָבן געהערט צו דער סמעטענע פון די אָנגעשטעלטע אין די ביוראָען און צו די מיוחסים פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע.

די סטאָוואַזשישעניע איז נישט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין אין דעם אייגנטלעכן זין פון וואָרט. יעדן פאַלס מיר איז נישט באַקאַנט, אַז אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה זאָל זי האָבן געפירט וועלכע ס'איז לוינאַקציעס אָדער שטרייקן.

געווען איז די סטאָוואַזשישעניע אַ געמיש פון אַ פּראָטערנאַלער אָרגאַניזאַציע און עקסקלוסיוון קלוב. זי האָט פאַרמאָגט אַן אייגענע גרויסע און שיינע געביידע אין אַ זייטיק שטיל און ריין געסל, אין אַ געגנט, וואָס איז נישט פאַררעכנט געוואָרן צו די יידישע קוואַרטאַלן. זי האָט געהאַט אַ רייכע ביבליאָטעק און געפירט אַ פאַר־צווייגטע קולטור־אַרבעט. אירע טעטיקייטן זענען געווען אויסשליסלעך אין דער פּוילישער שפּראַך, מיטן אויסנאַם — צוליב לעגאַליסטישע טעמים — פון געוויסע רוטינע אַרבעטן אין דער רוסישער שפּראַך. די יידישע שפּראַך האָט נישט געהאַט קיין דריסת הרגל און האָט נישט געטאָרט „מטמא זיין" די ווענט פון דער סטאָ־וואַזשישעניע.

אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט און אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע, האָט אין די יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אָפּגעהילכט דער

עכאַ פון דעם פּאַטש, וואָס אַן אָנגעזעענער מיטגליד פון דער סטאָוואַזשישעניע האָט געקריגן פון אַ קאָלעגין פאַר זיין חוצפה צו פּרווון רעדן יידיש אויף אַ סטאָ־וואַזשישעניע־פאַרזאַמלונג. אויף וויפל מיר דוכט זיך, איז דער געפּאַטשטער קרבן פון דעם איידעלן פרויען־הענטל געווען לאַזאַר עפשטיין — דער בריליאַנטענער, צו יענער צייט, יידיש־רעדנער אויף די אימפּרעזעס פון דער „הזמיר"־געזעלשאַפט.

די מיטגלידער, הויפּטזעכלעך די מיטגלידערינס פון דער סטאָוואַזשישעניע, זענען אין זייער רוב באַשטאַנען פון אַ פּויליש־אַסימילירטן, אָדער פּראָ־פּויליש־אַסימילירטן עלעמענט. די מיינסטע פון די מיטגלידער האָבן זיך באַצויגן מיט פאַר־אַכטונג צו די איטשע־מייערס — צו די טויזנטער יידישע אַנגעשטעלטע פון די נאַלעווקעס, גענשע, פראַנציסקאַנער, שוויענטע־יערסקע, עלעקטאָראַלנע, גזשיבאָוו, און פון דער שכנותדיקער שוויענטע־קזשיסקע. די טויערן פון דער סטאָוואַזשישעניע זענען פאַר דער דאָזיקער מאַסע האַנדלס־אַנגעשטעלטע געווען פאַרבאַריקאַדירט. דאָס האָט גורם געווען, אַז צום סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און נאָך דעם אַנטשטיין פון דער פּוילישער מלוכה זאָל די פּועלי־ציון זיך איינגעבן צו שאַפן אַ צאָלרייכן פאַראיין פון האַנדלס־אַנגעשטעלטע.

געווען איז די סטאָוואַזשישעניע אַ פעסטונג פון אַסימילאַציע אין דעם יידישן ישוב אין וואַרשע און דורך דער יידישער אַרבעטערשאַפט איז זי נישט באַטראַכט געוואָרן ווי אַן אינטעגראַלער טייל פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. צווישן די פאַראיינען און פאַכן, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער ווירקונג פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע און ס.ד.ק.פּ.ל. און די פאַראיינען, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער השפעה פון בונד, זענען פאָרגעקומען וויכּוחים און קאַמפן צוליב אידעאָלאָגישע, פּאָליטישע, אָדער אָרגאַניזאַציאָנעלע טעמים, אָבער קיינער פון די צדדים האָט קיינעם נישט מחרים געווען. אַלע צוזאַמען און יעדער פאַראיין און פאַך באַזונדער איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ באַשטאַנדטייל פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. דאָס איז אָבער נישט חל געווען לגבי דער סטאָוואַזשישעניע.

די פּאָליטישע השפעה אויף די מיטגלידער פון דער סטאָוואַזשישעניע האָט געהאַט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון קעניגרייך פּוילן און ליטע.

פּ.פּ.ס.־לעוויצע האָט אין דער סטאָוואַזשישעניע געהאַט אַ פיינע פּאַרטיי־גרופּע. די שפּעטערדיקע קאָמ. פּאַרטיי פון פּוילן האָט פון דער גרופּע געירשנט אַ גוטן קאַדער פון פירנדיקע פּאַרטיי־טוערס. ספּעציפיש דאַרף דערמאָנט ווערן יאַקוב דוטלינגער־דודעק. דער פּיקח, איינער פון די בעסטע טוערס אויפן געביט פון דער פּראָפ. באַוועגונג, וואָס די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון פּוילן האָט געהאַט אין אירע רייען.

אויך בונד האָט אין דער סטאָוואַזשישעניע געהאַט אַ פּאַרטיי־גרופּע, וואָס איז אָנגערופן געוואָרן „די גראָסער־גרופּע". אין דער בונדישער גרופּע האָבן זיך געפונען אַ צאָל אינטעליגענטע און באַגאַבטע מענטשן: לאַזאַר עפשטיין, זדזשיסלאַוו (זיגמונד)

מושקאַט, גרשון זיבערט און זיין יינגערער ברודער, בערטאַ גאַרפינקל, וואַלאַך — אַ קרוב פון דעם באַרימטן סאָוועטישן דיפּלאָמאַט ליטווינאָוו, נאַכעמזאָן (שפּעטער — אַ דעמאָסקירטער פּראָוואָקאַטאָר), חיים וואַסער, מיכעלזאָן, פעלדמאַן און אַנדערע. דאָס כאַראַקטעריסטישע פון דער בונדישער גראָסער־גרופּע איז דאָס, וואָס פון אירע רייען האָט די קאָמוניסטישע באַוועגונג פון פּוילן נישט געוווּנען קיין איין מיטגליד. דער איינציקער אויסנאַם איז געווען בערטאַ גאַרפינקל, וועלכע איז אַ צייט טעטיק געווען אין „מאָפּר".

אָבער די אַבסאָלוטע העגעמאָניע, די פּאָליטישע און די אָרגאַניזאַציאָנעלע, האָט אין דער סטאָוואַזשישעניע געהאַט ס.ד.ק.פּ.ל.

ס.ד.ק.פּ.ל. האָט פון דער סטאָוואַזשישעניע רעקרוטירט אַ סך פּאַרטיי־מיטגלידער און אַ גרויסן קאַדער פון פּאַרטיי־טוערס. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע, האָט דער לאָקאַל פון דער סטאָוואַזשישעניע געדינט ווי אַ מין הויפּטקוואַרטיר פאַר ס.ד.ק.פּ.ל. און אין דעם לאָקאַל האָט מען געקענט טרעפן אַ רייע פּאַרטיי־פּאַטענטאַטן: ראַטשטאַט־קראַסני, שטיין־קאַמיענסקי־דאַמסקי, זאַשקאַ אונשליכט, איגנאַצי ראַבע, פּיאָטר־זאַלבערג, אַגדזשעי א״אַ.

פאַר דער קאַמ. באַוועגונג אין פּוילן איז די אַמאָליקע סטאָוואַזשישעניע און איר יורש — דער קלאַסן־פּאַראיין פון די האַנדלס־ און ביוראָ־אָנגעשטעלטע, געווען אַן אמתער גאָלדגרוב, פון וואַנען זי האָט געשעפּט פּאַרטיי־רעזערוון און קאַדרען פון פירנדיקע פּאַרטיי־טוערס.

אויך אין די שטאָבן פון אַ רייע קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין איראָפּע — דייטשלאַנד, עסטרייך, טשעכאָסלאָוואַקיע — האָט מען געקענט טרעפן מענטשן, וועלכע זענען געווען פאַרבונדן מיט דער סטאָוואַזשישעניע: קראַסני, זאַשקאַ אונשליכט א״אַ.

אַפילו אין פאָלקס־דעמאָקראַטישן פּוילן, נאָכן קאַטאַקליזם, וואָס ס'האָט דורכגעמאַכט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פון פּוילן און אירע פירערשאַפטן, סיי אין פּוילן גופא דורך די נאַציס, און סיי בימי סטאַלין אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, קען מען געפינען מענטשן, וועלכע פאַרנעמען וויכטיקע פּאָזיציעס אין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן פון פּוילן, וועמענס אָריגינעלע געזעלשאַפטלעכע אָפּשטאַמונג איז געווען די סטאָוואַזשישעניע.

די יידישע אַרבעטערשאַפט האָט אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה באַטראַכט דעם פּאָליטישן שידוך צווישן ס.ד.ק.פּ.ל. מיט דער סטאָוואַזשישעניע פאַר אַ נאַטירלעכן זיווג. די פּאַרטיי, וואָס האָט פּראָקלאַמירט אַסימילאַציע פון יידן פאַר איר לייזונג פון דער יידן־פראַגע, האָט אויך אַ נאַטירלעכן אופן געקענט ווירקן צווישן די יידישע אַרבעטנדיקע, וואָס זענען געווען אַסימילירט אָדער געוואָלט ווערן אַסימילירט.

דער ראַשיקער אויפשוווּנג פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און די שנעלע אָרגאַניזירונג פון די יידישע אַרבעטער, סיי פּאָליטיש און סיי אויפן געביט פון דער

אונטערערדישער פראַפ. באַוועגונג, אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז געגאַנגען פּאַראַלעל מיט אַן אימפּעטיקער אַנטוויקלונג פון די פאַרשידנאַרטיקע יידישע קולטור־ווערטן, פון דער יידישער ליטעראַטור און פון דער נאַציאָנאַלער זעלבסטדערקענטעניש פון די יידישע פאָלקסמאַסן. דאָס האָט אויך נישט אויסגעמיטן די פעסטונג פון אַסימילאַציע אין דער יידישער סביבה אין וואַרשע.

אין די דיקע אַסימילאַציע־מויערן פון דער סטאָוואַזשישעניע האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן אַנטי־אַסימילאַטאָרישע שפּאַלטן. פּ.פּ.ס.־לעוויצע מיט איר צעקראָכנקייט און פּרינציפּלאָזיקייט לגבי דער יידישער נאַציאָנאַלער פראַגע איז אין די ראַמען פון דער סטאָוואַזשישעניע אָביעקטיוו געווען אַ פּאָזיטיווער פאַקטאָר קעגן דער אויסגעשפּראָכענער אַסימילאַציע־שטעלונג פון ס.ד.ק.פּ.ל. דער בונד האָט זיך אָפן אַנטקעגנגעשטעלט דער אידעאָלאָגיע פון אַסימילאַציע. אויך די איינצלנע פּועלי־ציון־מיטגלידער, מיט יצחק לעוו בראש, זענען געווען צווישן די, וועלכע האָבן זיך קעגנגעשטעלט די אַסימילאַטאָרישע איינשטעלונגען.

און כאָטש די סטאָוואַזשישעניע איז ווייטער האַטנעקיק געבליבן ביי אירע אַסימילאַטאָרישע איינשטעלונגען, איז זי אין די לעצטע יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געצוווּנגען געווען צו מאַכן קאָנצעסיעס און אויסנאַמסווייז דערלויבן זיך צו באַנוצן מיטן „זשאַרגאָן" אויף די סטאָוואַזשישעניע־פאַרזאַמלונגען.

ס'איז דעריבער קיין וווּנדער נישט, וואָס די יידישע אַרבעטער אין וואַרשע האָבן זיך באַצויגן מיט אַ ווידערווילן צו דער דאָזיקער — אין תּוך גענומען פּראַכט־פולער — אָרגאַניזאַציע, און נישט באַטראַכט די סטאָוואַזשישעניע פאַר קיין אינטעגראַלן טייל פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

די אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און די פאַרשאַרפטע און כסדר זיך ענדערנדיקע פּאָליטישע פאַרהעלטענישן אין פּוילן האָבן נישט פאַרפעלט צו האָבן זייער ווירקונג אויף די מיטגלידער פון דער סטאָוואַזשישעניע און אויף דער סטאָוואַזשישעניע גופא.

צום שבח פון דער סטאָוואַזשישעניע דאַרף געזאָגט ווערן, אַז זי איז נישט געבליבן קיין פאַרשטיינערטע מומיע. ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און אין די ערשטע יאָרן פון דער אַנטשטייונג פון דער פּוילישער מלוכה האָט זי דורכגעמאַכט אַ פּאָזיטיווע עוואָלוציע און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ רעוואָלוציאָנערן פּראָפעסיאָנעלן קלאַסן־פאַראיין פון האַנדלס־ און ביוראָ־אָנגעשטעלטע.

דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון האַנדלס־ און ביוראָ־אָנגעשטעלטע האָט ברייט צעעפנט זיינע טירן פאַר דער מאַסע יידישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע, וועלכע האָבן אין דער געביידע פון דער אַמאָליקער סטאָוואַזשישעניע געפונען זייער מקום־מנוחה.

דער דאָזיקער פאַראיין האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין קאָמפּעטענטקייט, מיט אַ רייע דורכגעפירטע לוינאַקציעס און שטרייקן און געפירט אַ פיינע און פאַרצווייגטע

קולטור־אַרבעט. די יידישע שפּראַך האָט אויפגעהערט צו זיין אַ ממזר אין די ווענט פון דער אַמאָליקער געביידע פון דער סטאַוואַזשישעניע.

אַוודאי זענען געבליבן אַסימילאַטאָרישע סטאַוואַזשישעניע־רודימענטן אינעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די האַנדלס־ און ביוראָ־אַנגעשטעלטע. זיי זענען גע־שטיגן און געפאַלן פּאַראַלעל מיט דער ריכטיקער אָדער ניט ריכטיקער שטעלונג פון דער קאַמ. באַוועגונג לגבי די פּראָבלעמען פונעם יידישן לעבן. פּרינציפּיעל איז די אַמאָליקע אַסימילאַטאָרישע אידעאָלאָגיע פון דער סטאַוואַזשישעניע געווען ליק־ווידירט. פּונקט אַזוי איז ליקווידירט געוואָרן דורך דער קאַמ. פּאַרטיי פון פּוילן די אַמאָליקע פּרינציפּיעלע אַסימילאַציע־אידעאָלאָגיע פון ס.ד.ק.פּ.ל.

די רעאַקציאָנערע רעגירונגען פון פּוילן האָבן נישט געזשאַלעוועט קיין רדיפות און קלעפּ אויפן פּראָפעסיאָנעלן קלאַסן־פאַראיין פון די האַנדלס־ און ביוראָ־אַנגע־שטעלטע, ווילנדיק אים דעזאָרגאַניזירן און דעמאָראַליזירן. דער פאַראיין האָט אויף די האַנדלונגען געענטפערט מיט ווערדע און עקשנות.

אין 1927 האָט די פּילסודסקי־רעגירונג צוגענומען ביים פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די האַנדלס־ און ביוראָ־אַנגעשטעלטע דאָס רעכט פון לעגאַלער עקזיסטענץ און צוגערויבט זיין פאַרמעגן, וואָס איז אָנגעזאַמלט געוואָרן אין משך פון צענדלינגער יאָרן, און אויך דעם פּראַכטפולן היכוּוערטיקן בנין. דער פאַראיין איז געצוווּנגען געוואָרן צו פירן זיין טעטיקייט אין אונטערערד.

דער לעצטער סעקרעטאַר פונעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די האַנדלס־ און ביוראָ־אַנגעשטעלטע, וואָס האָט אַמטירט אין דער געביידע פון דער אַמאָליקער סטאַוואַזשישעניע, איז געווען איזאַק גרינבערג־זשאַן, וועלכער האָט, צוליב פּאָלי־צייישע זיכערקייט־טעמים, פיגורירט אונטערן נאָמען יורסקי. זשאַן איז געווען אַן אינטעליגענטער, געבילדעטער און פעיקער טוער, מיט אַ סך דערפאַרונג אויפן געביט פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג — אַן איידעלער און אַ פיינער מענטש. אויף אים, ווי אַ סעקרעטאַר פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די האַנדלס־ און ביוראָ־אַנגעשטעלטע, איז געווען ווי אָפּגעמאָסטן דאָס ווערטל: „דער ריכטיקער מענטש אויפן ריכטיקן אָרט".

דער בונד האָט נישט פאַרפעלט אויסצונוצן די געלעגנהייט פון די רעפּרעסיעס פונעם סאַנאַציע־רעזשים קעגן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די האַנדלס־ און ביוראָ־אַנגעשטעלטע, און געשאַפן אויף אַ מערודערישן אופן אַ קאָנקורענץ־פאַראיין פון האַנדלס־אַנגעשטעלטע.

די יידישע אַרבעטער אין פּוילן, בעיקר אין וואַרשע, וועלכע זענען אין דער צייט ווען דער בונד האָט געשאַפן זיין קאָנקורענץ־פאַראיין געווען אין זייער אַבסאָלוטער מערהייט אויסגעשפּראָכן אַנטי־בונדיש, האָבן די גרינדונג פונעם בונדישן קאָנקורענץ־פאַראיין אויפגענומען מיט צאָרן און אויפרעגונג.

זינט דעם אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ביז מיין אַרעסט אין האַרבסט 1922, בין איך געווען אַן אָפטער גאַסט אין די לאָקאַלן פון דער געבײַדיע פון דער סטאָוואַזשישעניע. געפעלן זענען מיר דאָרטן אַ סך זאַכן, אָבער צום מייַנסטן איז מיר געפעלן די אינערלעכע אָרגאַניזאַציע און די העפלעכקייט.

געהאַט האָב איך אַלע מאָל אַ שוואַכקייט פאַר גוטער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע. בעת מיין פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט האָט מיך מער אימפּאָנירט דער גוטער אָרגאַניזאַטאָר ווי דער גוטער רעדנער. און די סטאָוואַזשישעניע איז געווען אַ גוט אַדמיניסטרירטע אָרגאַניזאַציע, באַזונדערס איר קולטור־סעקטאָר.

די קעגנזייטיקע העפלעכקייט פון די מיטגלידער האָט נישט געהאַט אין זיך דעם גאַליציאַנער סערוויליזם, דעם „כ׳קוש די האַנט״, נאָר די פיינקייט, וואָס מ׳טרעפט ביי מיטגלידער פון אַ גוט איינגעלעבטער צווישן זיך משפחה. אויך העפלעך, מ׳קען זאָגן: קאָרדיאַל, זענען די מיטגלידער פון דער סטאָוואַזשישעניע געווען בשעת די דיסקוסיעס צווישן זיך, אַפילו מיט די קעגנערס.

און כאָטש כ׳בין אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין מלך אביונס גיטער, און די נויט, חדר, און די גאַס זענען געווען מיינע דערציִערס, האָב איך פון מיינע פריסטע יאָרן געהאַט אַ כראָנישע אַלערגיע קעגן כאַמסטווע. די קעגנזייטיקע העפלעכקייט פון די מיטגלידער און די קאָרדיאַלקייט אַפילו צום קעגנער, וואָס כ׳האָב געטראָפן אין דער סטאָוואַזשישעניע, האָט נישט פאַרפעלט צו מאַכן דעם געהעריקן איינדרוק.

זאָל ביי דער געלעגנהייט דערציילט ווערן אַן עפּיזאָד, אין וועלכן איך האָב געשפּילט אַן אַדוואָקאַטישע ראָלע פאַר דער סטאָוואַזשישעניע:

בשעת די צווישנפּאַרטיייִשע פאַרהאַנדלונגען ביים שאַפן דעם אַרבעטער־ראַט אין וואַרשע אין האַרבסט 1918, איז צווישן די צדדים פאָרגעקומען אַ וויכוח וועגן יאָ אָדער נישט צולאָזן געוויסע גרופּעס אַרבעטנדיקע צום אַרבעטער־ראַט, ספּעציעל געדענק איך די באַהאַנדלונג וועגן די סטרוזשעס (הויזוועכטערס) און די האַנדלס־אָנגעשטעלטע.

דער פאַרטרעטער פון פּ.פּ.ס., יאַוואָראָווסקי, האָט זיך קעגנגעשטעלט דעם צולאָזן די צוויי גרופּעס. ביי די סטרוזשעס האָבן עקזיסטירט צוויי פאַראיינען. דער גרעסערער, אונטער דעם איינפלוס פון כ.ד., דער קלענערער — אונטער דעם איינפלוס פון פּ.פּ.ס. יאַוואָראָווסקי איז דעריבער נישט געווען צו שטרענג פאַרן נישט צולאָזן די סטרוזשעס אין אַרבעטער־ראַט. אָבער מיט זיין באַקאַנטער טעמפּער עקשנות האָט ער זיך קעגנגעשטעלט דאָס צולאָזן די האַנדלס־אָנגעשטעלטע.

יאַוואָראָווסקיס מאָטיוון זענען געווען קלאָר: די מאַסע האַנדלס־אָנגעשטעלטע וואָלט באַקומען אַ צאָל מאַנדאַטן און די דעלעגאַטן וואָלטן געהערט צום „לינקן בלאָק״ (דער לינקער בלאָק איז באַשטאַנען פון אַ פאַראייניקונג פון ס.ד.ק.פּ.ל. און פּ.פּ.ס.־לעוויצע. דאָס איז געווען פאַר דער אַנטשטייונג פון דער קאָמוניסטישער

אַרבעטער־פּאַרטיי פון פוילן) און אויך אַ פּאָר פּועלי־ציוניסטן, וועלכע וואָלטן, אין יענע באַדינגונגען, מיינסטנס געשטיצט די לינקע. יאַוואָראָווסקי האָט נישט געוואָלט דערלאָזן קיין צו גרויסע רעפּרעזענטאַנץ פון לינקן בלאָק.

דער ענין פון נישט צולאָזן די האַנדלס־אָנגעשטעלטע צום אַרבעטער־ראַט איז באַהאַנדלט געוואָרן אויף אַ זיצונג פון וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד. מאיר (מ׳האָט אים גערופן אויך חיים) וואָסער האָט געפּאָדערט, אַז דער בונד זאָל מיט אַלע מיטלען שטערן יאַוואָראָווסקין דורכצופירן זיין שטעלונג פון נישט צולאָזן די האַנדלס־אָנגעשטעלטע צום אַרבעטער־ראַט. איך בין געווען איינער פון וואָסערס וואַרעמסטע אונטערשטיצערס.

אין גאַנג פון דער דיסקוסיע האָט דער פאָרזיצער פון דער זיצונג, איינער פון די סאַמע וויכטיקסטע צענטראַלע פירערס פון בונד און אַ מיטגליד פון דער צווישנ־פּאַרטייִשער פאַרשטענדיקונג־קאָמיסיע, אַ געשעצטער פון אַלעמען פאַר זיין לאַנג־יאָריקער פּאָליטישער דערפאַרונג און פּערזענלעכע חכמה, אַ זאָג געטאָן: „וואָס צערייסט איר זיך, חברים, אַזוי דעם יאַשטשיק פאַר די סטאָוואַזשישעניע־מענטשן״?! קענענדיק מיין אויסגעשפּראָכענע נעגאַטיווע באַציִונג צו די אַסימילאַטאָרישע איינ־שטעלונגען פון ס.ד.ק.פּ.ל., האָט דער פאָרזיצער זיך געווענדט דירעקט צו מיר מיט די ווערטער: „מילא, דעם חבר מאיר וואָסער פאַרשטיי איך נאָך, אָן אַלטער מיטגליד פון דער סטאָוואַזשישעניע. אָבער וואָס גייט איך, חבר הערשל מעטאַ־לאָוויעץ, אַזוי אין לעבן צו האָבן נאָך אַ פּאָר ייִדישע אַסימילירטע פּ.ס.ד.קעס אין אַרבעטער־ראַט? ס׳וועט דעם בונד דערפון צוקומען אַ שטיק געזונט״?!

די דיסקוסיע איז צוליב דעם פאָרזיצערס באַמערקונגען געוואָרן אַ הייסע. די דעמאָלטדיקע לינקע אין קאָמיטעט פון בונד האָבן דעם ענין פון צולאָזן אָדער נישט צולאָזן געוויסע גרופּעס צום אַרבעטער־ראַט אָפּגעשטעלט אויף אַ פּרינציפּיעל־פּאָליטישער פּאָזיציע וועגן דעם כאַראַקטער און די ראָלע פון אַרבעטער־ראַט. זייער אויספיר איז געווען, אַז דער אַרבעטער־ראַט דאַרף האָבן אַ וואָס ברייטערן צוזאַמענ־שטעל, און קיין שום גרופּע פון אַרבעטנדיקע טאָר נישט אויסגעשלאָסן ווערן. דער רעזולטאַט פון דער דיסקוסיע, אין וועלכער די סטאָוואַזשישעניע האָט געשפּילט אַ פּראָמינענטע ראָלע, איז געווען דער באַשלוס, אַז די פּאַרטרעטער פון בונד אין דער צווישנפּאַרטייִשער קאָמיסיע דאַרפן אָנווענדן אַלע מיטלען נישט צו דערלאָזן, אַז וועלכע ס׳איז אַרבעטנדיקע גרופּע זאָל עלימינירט ווערן פון אַרבעטער־ראַט.

דאָס לעצטע מאָל, ווען כ׳האָב באַזוכט דעם בנין פון דער אַמאָליקער סטאָוואַ־זשישעניע איז געווען אין האַרבסט 1922, ערב מיין אַרעסט.

נאָך מיין באַפרייונג פון תּפיסה, זומער 1927, האָב איך שוין מער דעם לאָקאַל פון דער סטאָוואַזשישעניע נישט געקענט באַזוכן. די געביידע איז צוגערויבט געוואָרן דורך פּילסודסקיס סאַנאַציע־רעזשים. מיין באַגעגעניש מיט מיין אַלטן חבר און פריינד, זשאַן, דעם לעצטן סעקרעטאַר פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די האַנדלס־

און ביוראָ־אָנגעשטעלטע אין דער געביידע פון דער סטאָוואַזשישעניע, און מיט דעם וויכאָוואַנעק פון דער סטאָוואַזשישעניע, זיגמונד אָקרענט, דעם טוער פון ס.ד.ק.פּ.ל., פון ק.פּ.פּ. און פונעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די האַנדלס־ און ביוראָ־אָנגעשטעל־טע, איז פאָרגעקומען אויף די הינטערשטע הויפשטיגן. דאָרט איז געווען דער פּלאַץ, ווו די דערמאָנטע חברים האָבן דערליידיקט זייערע פּראָפּ. ענינים. עטלעכע וואָכן שפּעטער האָבן זיי נישט געהאַט אַפילו ד י אַ מעגלעכקייטן פאַר זייער אַרבעט.

יאָרן זענען אַוועק און איך פיל נאָך אַלץ דעם גוטן טעם פון מיינע באַזוכן אין בנין פון דער סטאָוואַזשישעניע, פון דער אַטמאָספער פון דער „געזעלשאַפט פון האַנדלס־ און ביוראָ־אָנגעשטעלטע״, און זינט 1919 — פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די האַנדלס־ און ביוראָ־אָנגעשטעלטע.

כ׳האָף, אַז די אייגנאַרטיקע אָרגאַניזאַציע אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין וואַרשע וועט נאָך קריגן אַ תיקון, אַז אַ היסטאָריקער וועט זיך פאַרנעמען מיט דער טעמע „סטאָוואַזשישעניע״, און פאַרפיקסירן אין שריפט די ראָלע, וואָס די דאָזיקע פּראַכטפולע און אייגנאַרטיקע אָרגאַניזאַציע האָט געשפּילט אינעם פּראָגרע־סיוון לעבן פון פּוילן, די צאָל און די טיפן פונעם לעגיאָן פּאָליטישע און געזעלשאַפט־לעכע טוערס, וועמענס אָפּשטאַמונג ס׳איז געווען די סטאָוואַזשישעניע, און נישט פאַרפעלן צו באַהאַנדלען דעם ענין פאַר וואָס די סטאָוואַזשישעניע האָט געזינדיקט מיט אַסימילאַטאָרישע איינשטעלונגען לגבי די יידישע אַרבעטער און פאָלקסמאַסן.

ס׳איז מיין איבערצייגונג, אַז די געגרינדעטע אין פאַריקן יאָרהונדערט און עקזיסטירנדיקע אין משך פון צענדליגער יאָרן אונטערן צאַרישן טעראָר־רעזשים „געזעלשאַפט פון האַנדלס־ און ביוראָ־אָנגעשטעלטע״, איז אַ דאַנקבאַר מאַטעריאַל סיי פאַר היסטאָריקער און סיי פאַרן נאָוועליסט — פאַר דעם פּוילישן, ווי פאַר דעם יידישן.

## די קעגנזייטיקע באַציונגען און די אינערלעכע פאַרהעלטענישן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג

נישט קיין פריילעך קאַפּיטל זענען די קעגנזייטיקע באַציונגען און די אינער־לעכע פאַרהעלטענישן פון די ריכטונגען, וואָס האָבן געווירקט אָדער געוואָלט ווירקן צווישן די יידישע אַרבעטער אין פּוילן אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

די פּועלי־ציון זענען געווען מחוץ למחנה, באַטראַכט געוואָרן ווי שונאים, ווי אַן עקספּאָזיטור פון דער יידישער בורזשואַזיע און ציוניסטישער רעאַקציע צווישן

די ייִדישע אַרבעטער, וועמען מ׳דאַרף מיט אַלע מיטלען עוקר מן השורש זיין פון דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס.

די אַנאַרכיסטן זענען באַטראַכט געוואָרן ווי אַ בייזע אַנשיקעניש. מ׳האָט זיך געמוזט רעכענען מיט זייער פירנדיקער ראָלע ביים גרויסן און וויכטיקן פאַך פון די געגריוועטע שוסטערס, אָבער נישט באַרעכטיקט פאַר זיי קיין שום פּאָליטישן סטאַטוס; קיין שום אָפּמאַכן זענען מיט די אַנאַרכיסטן נישט געמאַכט געוואָרן.

באַקאַנט זענען מיר בלויז צוויי פאַלן, ווען די גרופּע ייִדישע אַנאַרכיסטן זענען אָנערקענט געוואָרן ווי אַ צד: איין מאָל דע־פאַקטאָ און איין מאָל אויך דע־יורע. געשען איז עס בעת די קאַמפּן קעגן די קאָמבינאַטאָרן אין די יאָרן 1913—1914, וועגן וואָס ס׳איז אויספּירלעכער דערציילט געוואָרן אין אַ פריִערדיק קאַפּיטל, ווען דער בונד האָט עפנטלעך אָנערקענט די וויכטיקע הילף פון דער ייִדישער אַנאַרכיסטישער גרופּע ביי די געגריוועטע שוסטערס, און דער אָפּמאַך, וואָס דער ייִדישער סעקטאָר פון „לינקן בלאָק״, אָנגעפירט פון שכנא קאַראָלסקי און סטאַך זאַטאָרסקי, האָט אָפיציעל געשלאָסן מיט דער אַנאַרכיסטישער גרופּע אין ייִדישן לעדער־פאַראיין בשעת די וואַלן צום אַרבעטער־ראַט. דער אַנאַרכיסט אשר האָט זיך דאַן געפונען אויפן צווייטן אָרט אויף דער ליסטע פונעם לינקן בלאָק אין ייִדישן לעדער־פאַראיין.

די אינערלעכע פאַרהעלטענישן אין פּ.פּ.ס.־לעוויצע זענען געווען זייער שווערע: פון איין זייט פּאָליטיש־מענשעוויסטיש און פון דער צווייטער — אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע קעגן דער מענשעוויסטישער פּאָליטיק. פּ.פּ.ס.־לעוויצע איז געשטאַנען אין אַ שידוך מיט ס.ד.ק.פּ.ל.־זאַזשאַנדאָוצעס, און אַ גרויסע גרופּע, אָנגעפירט פון די אָנגעזעענע פירערס גזשעך און שילער, האָבן געפאָדערט אַ תּיכּפדיקע פאַראייניקונג. לגבי דעם וויכטיקסטן צו יענער צייט פּראָבלעם פאַר פּ.פּ.ס.־לעוויצע — דאָס פּראָבלעם פון אומאָפּהענגיקייט פון פּוילן — האָט געהערשט אַן אמתע צעמישעניש. אַ גרויסע גרופּע אָנגעפירט פונעם פירנדיקן טוער שטשערקאָווסקי האָט געפאָדערט אַ סוף צו מאַכן צו דער לאַנגיאָריקער צעקראָכנקייט לגבי דעם פּראָבלעם פון אומאָפּהענגיקייט און זיך שטעלן מיטביידע פיס אויף דער פּאָזיציע פונעם דירעקטן קאַמף פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון פּוילן. די מערהייט פון דער צענטראַלער אָנפירונג פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע, אָנגעפירט פון ריבניִעווסקי, קרוליקאָווסקי, קאָסטשעוואַ, וואַלעצקי, קרישטאָף ווראָבלעבסקי, אינזשעניר צישעווסקי, האָט לאַווירט צווישן די פאַרשיידענע גרופּעס. דער ייִדישער סעקטאָר פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע האָט אָפן און אינטענסיוו געשטיצט זייער אָנפירער גזשעך.

די באַציִונג פון בונד צו פּ.פּ.ס.־לעוויצע איז געווען אַ לעבלעכע. ס׳האָט געשמעקט נאָך מיט לעקעך און בראָנפן פון די תּנאים צווישן די ביידע פּאַרטייען בעת די וואַלן צו דער פערטער דומע, אָבער קיין צו גרויסע פריינדשאַפט איז נישט געווען.

צום ייִדישן סעקטאָר פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע איז די באַציִונג פון בונד געווען אַ

פֿאַראַכטנדיקע: מ׳האָט זיי אין דער אדמה; זיי וועלן זיך פֿריִער צי שפּעטער פֿאַר־איניקן מיט ס.ד.ק.פּ.ל. און דאָס וועט זיין זייער סוף; די ייִדישע אַרבעטער־גאַס וועט פּטור ווערן פֿון אַ הויקער.

ס.ד.ק.פּ.ל. איז געווען געשפּאָלטן אין צוויי פּאַרטייען, און די צוויי פֿליגלען האָבן זיך קעגנזייטיק באַקעמפֿט, ווי צוויי פֿיינטלעכע קריגסאַרמייען, און ביידע ריכטונגען פֿון ס.ד.ק.פּ.ל. האָבן זיך ווי די קעץ אַרומגעריסן מיט פּ.פּ.ס.־לעוויצע.

די ווידעראַנאַנדן צווישן בונד און ס.ד.ק.פּ.ל. זענען געווען פֿאַרשאַרפֿט, אָנגע־גליט, און ס׳איז דערגאַנגען אַפֿילו צו געשלעגן.

ס.ד.ק.פּ.ל. האָט פּאָליטיש און אויך אין דער פּראַקטיק פֿאַרנומען אַ שטעלונג, וואָס האָט געהאָלפֿן פֿאַרשפּאַרן די טירן פֿון די מעכאַניזירטע פֿאַבריקן פֿאַר ייִדישע אַרבעטער. פּאָליטיש איז דאָס געקומען צום אויסדרוק אין דער ס.ד.ק.פּ.ל.ישער פּרעסע און אין די אַרטיקלען פֿון אַדאָלף וואַרסקי, פּראַקטיש — אין פּשוט נישט צולאָזן קיין ייִדישע אַרבעטער אין די מעכאַניזירטע פֿאַבריקן.

פֿאַר אַ ביישפּיל קענען דינען די גרויסע שיכפֿאַבריקן פֿון רייכערט און בראַכעס אין וואַרשע, וואָס זענען איבערגעגאַנגען פֿון האַנטאַרבעט אויף אַ מעכאַנישן אופֿן פֿון פּראָדוקציע.

אין די דאָזיקע פֿאַבריקן זענען די קאַמאַשן־מאַכערס געווען אויסשליסלעך ייִדן און די שוסטערס — אויסשליסלעך פּאָליאַקן. די קאַמאַשן־מאַכערס זענען געווען אויסשליסלעך ייִדן, ווייל אינעם דאָזיקן פֿאַך איז אין וואַרשע און אויף דער גאַנצער פּוילישער פּראָווינץ נישט געווען קיין אין נישט־ייִד. דאַקעגן האָבן אַ סך ייִדישע שוסטערס, בעיקר געגריוועטע שוסטערס, געהאַט די געהעריקע פֿאַך־קוואַליפֿי־קאַציעס צו זיין באַשעפֿטיקט אין די מעכאַניזירטע שיכפֿאַבריקן, אָבער זיי זענען דורך די פּוילישע אַרבעטער נישט צוגעלאָזן געוואָרן אין די פֿאַבריקן.

די קאַמאַשן־מאַכערס פֿון רייכערטס און בראַכעס פֿאַבריקן, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אונטער דער השפּעה פֿון בונד, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך אויך געפֿונען עטלעכע פּירנדיקע טוערס פֿון בונד, ווי חנינא קראַמאַרסקי, שאַיע זאַמבראָווסקי, מענדל גאָלדמאַן און משה פּראַגער, האָבן דערקלערט, אַז זיי זענען גרייט אויפֿצונע־מען יעדן פּוילישן אַרבעטער, אויב ער קען קוואַליפֿיצירט ווערן ווי אַ קאַמאַשן־מאַכער. זיי זענען אַפֿילו גרייט צו מאַכן אַ ברוך אין דער טראַדיציע פֿון פֿאַך און קוואַליפֿיצירן אַ צאָל פּוילישע אַרבעטער פֿאַר קאַמאַשן־מאַכערס. דער בונד האָט זיך דערקלערט גרייט מסכּים צו זיין, אַז די ייִדישע שוסטער־אַרבעטער אין די מעכאַניזירטע פֿאַבריקן זאָלן זיין מיטגלידער פֿון פֿאַראיין, וואָס געפֿינט זיך אונטערן איינפֿלוס פֿון ס.ד.ק.פּ.ל., אָבער דאָס אַלץ האָט נישט געהאַט קיין פּעולה, און ייִדישע אַרבעטער זענען צו די מעכאַניזירטע שיכפֿאַבריקן נישט צוגעלאָזט געוואָרן.

ביי בראַכעסעס פֿאַבריק זענען פֿאָרגעקומען געשלעגן צווישן ייִדישע שוסטער־אַרבעטער און די אַרבעטער פֿון דער פֿאַבריק, וועלכע האָבן די ייִדישע אַרבעטער נישט

אַריינגעלאָזט אַרבעטן, טראָץ דעם, וואָס די פאַבריק־דירעקציע האָט זיי אָנגענומען.
די טראַגעדיע איז געווען, וואָס די פּוילישע שוסטער־אַרבעטער פון רייכערטס און בראַכעסעס פאַבריקן האָבן זיך געפונען אונטער דער פּאָליטישער השפּעה פון ס.ד.ק.פּ.ל. די פּראָפּפאַראייַנישע אָנפירונג איז געלעגן אין די הענט פון אויס־שליסלעך ס.ד.ק.פּ.ל.אָוצעס, און צווישן די פּרעטענדענטן אויף אַרבעט זענען אויך געווען די יידישע שוסטער־אַרבעטער פון דער שפּילקאָווער אַרבעט, ביי וועלכער ס׳האָט געהערשט אַן אַרבעטסלאָזיקייט, און הגם פּאָליטיש זענען זיי געווען אונטער דער השפּעה פון ס.ד.ק.פּ.ל. זענען זיי נישט צוגעלאָזן געוואָרן.
אַלע באַמיִונגען מצד בונד צו ווירקן אויף ס.ד.ק.פּ.ל. און אַ סוף צו מאַכן צו דער אומדערטרעגלעכער לאַגע, האָבן קיין רעזולטאַטן נישט געבראַכט. זומער 1914 איז פאַר דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פון בונד געשטעלט געוואָרן די פראַגע וועגן פאַרשטרייקן די קאָמאַשן־מאַכערס, וועלכע זענען געווען דער קוואַליפיצירטער עלעמענט און געשפּילט די הויפּטראָלע אין דער פּראָדוקציע פון רייכערטס און בראַכעסעס שיכפאַבריקן, און אויף דעם אופן צווינגען סיי די פּוילישע שוסטער־אַרבעטער און סיי די פאַבריקאַנטן אַריינצולאָזן יידישע אַרבעטער אין די מעכאַ־ניזירטע שיכפאַבריקן. פאַר דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פון בונד איז אויך געשטאַנען דאָס פּראָבלעם פון מאָביליזירן די יידישע אַרבעטער אין וואַרשע פּאָליטיש, און ווען נייטיק — אויך פאַר אַ פיזישער שוץ פון די יידישע אַרבעטער, וועלכע וועלן אָנגענומען ווערן אין די מעכאַניזירטע שיכפאַבריקן אין רעזולטאַט פון אַ געוווּנענעם שטרייק פון די קאָמאַשן־מאַכערס.
מיט וואָס אַזאַ קאַמף וואָלט זיך פאַרענדיקט אין די באַדינגונגען פונעם צעיר־שעטן שאָוויניזם און בויקאָט־אַטמאָספער אויף דער פּוילישער גאַס אין 1914 און אונטערן צאַרישן טעראָר־רעזשים — איז שווער צו זאָגן. דער אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דעם ענין, ווי אַ סך אַנדערע ענינים, אַראָפּגענומען פון טאָג־אָרדענונג.
וואָס שייך די אינערלעכע פאַרהעלטענישן אין בונד, וועט וועגן דעם אויספיר־לעכער דערציילט ווערן שפּעטער.
וואָס מ׳קען שוין איצט זאָגן, איז אָט וואָס: כאָטש אין בונד האָבן אין יאָר 1914 געהערשט ערנסטע מיינונגס־פאַרשידנקייטן וועגן אַ רייע ענינים פונעם אַלגעמיינעם פּאָליטישן לעבן אין רוסלאַנד און פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, זענען די פאַרהעלטענישן אינעם בונד געווען ממש אַן אידיליע אין פאַרגלייך מיט די אינער־לעכע פאַרהעלטענישן אין די אַנדערע פּאַרטייען פון דער סאָציאַליסטישע באַוועגונג פונעם אַמאָליקן קאָנגרעס־פּוילן.
אַזוי האָב איך געקענט און אַזוי זענען פאַרבליבן אין מיין זכרון די קעגנזייטיקע באַציִונגען און די אינערלעכע פאַרהעלטענישן אין דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן ערב דעם אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

# די בונדישע פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג

זומער 1914 איז אין דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פון בונד אָנגעגאַנגען אַ פיבערהאַפטע באַוועגונג. דער „אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער־בונד פון ליטע, פוילן און רוסלאַנד" האָט אַראַנזשירט זיין 7טן צוזאַמענפאָר און די וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע האָט זיך געגרייט צום צוזאַמענפאָר.

אויף דער פּאַרטיי־בערזע און ביי יעדן צוזאַמענקום פון בונדיסטן האָט מען גערעדט וועגן די פּראָבלעמען און ענינים, מיט וועלכע דער צוזאַמענפאָר וועט זיך דאַרפן פאַרנעמען. ס'זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ צאָל פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען. די ווערטער: באָלשעוויקעס, מענשעוויקעס, ליקווידאַטאָרן, אומלעגאַלע אָדער לעגאַלע פּאַרטיי־אַרבעט, דער ווייטערדיקער וועג פון דער פּראָפ. באַוועגונג, די באַציִונג צו די יידישע קהילות, שבת און זונטיק־רו, רעכט אויף אַרבעט אין די מעכאַניזירטע פאַבריקן, האָבן ווי אַ טשאַטע בינען געראַשט און געזשומעט אין די מיילער פון די בונדישע פּאַרטיי־מיטגלידער. די נעמען: לענין, פּלעכאַנאָוו, מאַרטאָוו, אַקסעלראָד, טראָצקי, באָגדאַנאָוו, לונאַטשאַרסקי, פּאָטרעסאָוו, אַלעקסינסקי, האָבן טייל מאָל געקלונגען ווי גלאָקן־קלאַנג און אַן אַנדער מאָל ווי אַן עכאָ פון אַ האַמער.

צום ערשטן מאָל האָבן אין מיינע אויערן אָפּגעקלונגען די נעמען ראָזאַ לוקסעמבורג, וואַרסקי, רעכניעווסקי. מ'האָט גערעדט וועגן זיי מיט דרך־ארץ, אָבער מיט פאַרביטערטקייט, ספּעציעל וועגן וואַרסקין. חברים האָבן איבערגעחזרט און ציטירט שטעלן פון וואַרסקיס אַרטיקלען, שאַרף זיי אָפּגעפרעגט און אָפּגעשאַצט.

אויף דער בערזע האָט געברויזט און זיך געטומלט. די רעפּליקעס צווישן די חברים פון בונד זענען נישט געווען אין קיין גאָלדענע ראַמען געפּאַסט. אָפט האָט איינער דעם אַנדערן שאַרף אַריינגעזאָגט. די נעמען: באָלשעוויק, מענשעוויק, ליקווידאַטאָר, אָדער אַסימילאַטאָר, זענען געווען ווי דוביִנעס, מיט וועלכע איינער דעם אַנדערן האָט דערלאַנגט.

די שטימונג צווישן די בונדישע פּאַרטיי־מיטגלידער איז געווען אַ געמישטע: אַ האָפערדיקע — צוליב דעם גרויסן איינפלוס פון בונד צווישן די יידישע אַרבעטער, און אַ געררייצטע — צוליב די מיינונגס־פאַרשידנקייטן אין בונד.

אויף די פּעריפעריע פון בונד איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין די בונדישע שטרייטפראַגן.

איינע פון די זיצונגען פון דער פאַרוואַלטונג פון פראָפעסיאָנעלן פאַכפאַראיין פון די מעטאַל־טאָקערס און גיסערס איז אינוואַזירט געוואָרן פון אַ שטאָב בונדישע פירנדיקע טוערס, און איינער פון די „אינוואַזירערס" האָט רעפערירט איבער אַ רייע פּראָבלעמען, וואָס זענען געשטאַנען אויפן טאָג־אָרדענונג פון בונדישן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. די „אינוואַזיע" אויף דער זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג פון מיין פאַכ־

פּאַראַיין איז נישט געווען קיין אויסנאַם. אַזעלכעס איז פֿאָרגעקומען אויך אין אַנדערע פּאַראייניגן און אין אַנדערע פֿאַכן. דער ציל איז געווען „צו הערן די שטימע פֿון פֿאָלק", צו הערן וואָס די אַרבעטער, וועלכע זענען נישט קיין דירעקטע מיטגלידער פֿון בונד, זאָגן וועגן די שטרייט־ענינים אינערהאַלב דעם פּראָלעטאַריאַט אין רוס־לאַנד און וועגן די ספּעציפֿישע ייִדישע פּראָבלעמען.

דער רעפֿערענט אויף דער זיצונג פֿון מיין פֿאַכפֿאַראיין איז געווען אַן אַנטי־באָלשעוויק, נאַציאָנאַל (אַנדערע האָבן דאָס באַצייכנט ווי נאַציאָנאַליסטיש) אין זיינע איינשטעלונגען אין ייִדישע ענינים. אַן אַנדער שטאַנדפּונקט, אַ פּראָ־באָלשעוויס־טישן, האָט אין די פּאָליטישע ענינים פֿאַרנומען יאַנקל לעווין. די מיטגלידער פֿון דער פֿאַרוואַלטונג, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעזאָגט אין דער דיסקוסיע, און אויך איך, האָבן געשטיצט די איינשטעלונג פֿון יאַנקל לעווין אין די פּאָליטישע פֿראַגן און דעם אומבאַקאַנטן גאַסטרעדנער — אין די ייִדישע ענינים. צום ערשטן מאָל האָב איך געקריגן די באַצייכענונג: באָלשעוויק. אין מיין לעבן האָב איך קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן די ווערטער וואָס דער גאַסטרעדנער האָט געזאָגט צו זיינע חברים אויף מיין אַדרעס: „גיט אַכטונג אויף דעם יונגן חבר, ער וואַקסט אַ פֿאָלנער באָלשעוויק".

טראָץ דעם, וואָס כ'האָב דעמאָלט אויף מיין פּרימיטיוון אופֿן זיך קעגנגעשטעלט די פּאָליטישע איינשטעלונגען פֿונעם גאַסטרעדנער, בין איך פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון זיין פּערזענלעכקייט און פֿון זיין אופֿן פֿון רעדן: אַ מיטלוווקסיקער, אַ מאָגערער, מיט אַ פּנים און אַ בערדל פֿון אַ יעזוס־געשטאַלט און אַ שטימע, ווי יעדעס וואָרט וואָלט זיך אַרויסגעקייקלט פֿון זיין מויל ווי אַ געשליפֿן בריליאַנטל — האָט ער אויף מיר געמאַכט אַן איינדרוק, ווי איינער פֿון די רעוואָלוציאָנערע דעקאַבריסטן, וועגן וועלכע כ'האָב שוין געהאַט אַ סך געלייענט.

דעם דאָזיקן רעדנער האָב איך אין מיין לעבן מער נישט באַגעגנט און עד היום ווייס איך נישט ווער ער איז געווען. צו יענער צייט האָב איך שוין געהאַט אויף אַזוי פֿיל וויסן אין קאָנספּיראַציע נישט צו פֿרעגן אַזעלכע שאלות. אין 1922, ווען כ'האָב זיך באַגעגנט מיט יונה קאָגען, דעם ערשטן סאָוועטישן קאָנסול אין בער־לין און דעם געוועזענעם לאַנגיאָריקן פֿירער און מיטגליד פֿון די צענטראַל־קאָמי־טעטן פֿון בונד, און איבערגעגעבן אים אַ שריפֿטלעכן גרוס פֿון ירחמיאל וויינשטיין, אין וועלכן דער לעצטער איז זיך מודה, אַז יונה קאָגען, דער איינציקער מיטגליד פֿון די צענטראַל־קאָמיטעטן פֿון בונד, איז גערעכט געווען אין דער אָפּשאַצונג פֿון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע — האָט זיך מיר געדוכט, אַז יונה קאָגען איז געווען דער גאַסט־רעפֿערענט אויף דער דערמאָנטער זיצונג פֿון מיין פֿאַכפֿאַראיין. אַן אַנדער מאָל, קוקנדיק אויף די פֿאָטאָגראַפֿיעס, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז סערגיי בראַון איז געווען יענער גאַסטרעדנער.

אָבער ווער דאָס זאָל נישט האָבן געווען, בין איך אים אין אַלע יאָרן פֿון מיין פּאָליטישן און געזעלשאַפֿטלעכן לעבן דאַנקבאַר געווען פֿאַרן קרויזגען מיך מיטן

ערנגאַמען באַלשעוויק, וואָס איך באַטראַכט פאַר דער בכבודיקסטער באַצייכענונג פון אַ רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליסט, און וועמענס כּבוד סטאַלין האָט געשענדט.

זינט איך בין געוואָרן אַ מיטגליד פון בונד און כ'האָב אָנגעהויבן באַזוכן די בונדישע פּאַרטיי־בערזע, האָבן די בערזעוויקעס געהאַלטן פאַר זייער חוב מיך בונדיש אינדאָקטרינירן און לערנען מיט מיר אַ פּרק אָדער אַ בלעטל בונדיזם. די צוויי וויכטיקסטע מענטשן מיינע זענען געווען: מאַריץ מעטאַלאָוויעץ און בערנאַרד גאָלדשטיין.

וואָס מער כ'האָב זיך איינגעבירגערט ווי אַ טוער פון מיין פאַך, אַלץ אַ גרעסערן אינטערעס האָבן די לעצטע צוויי אַרויסגעוויזן צו מיין בונדישער אויסשולונג און מיך אַריינגעפירט אין די חדרי־חדרים פונעם אינערלעכן בונדישן פּאַרטיי־לעבן.

מאַריץ מעטאַלאָוויעץ האָט משמעות זיך דערקענט אויף מיין סענסיטיוויטעט, און כּדי מיך צו פאַרהיטן פון אַ מעגלעכער דערשיטערונג בעת דעם ערשטן באַזוך אויף אַ פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג, האָט ער מיט מיר אַ סך גערעדט וועגן דער ספּעציפישער צייט פון מיין אַריינקום אין בונד: וועגן דער ראָלע, וואָס אַן ערב־צוזאַמענפאַר שפּילט אין לעבן פון אַ פּאַרטיי, וועגן דעם חילוק צווישן די באַציִונגען פון פּאַרטיי־חברים „אין אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר" מיט דער צייט פון אַן ערב־צוזאַמענפאַר, וועגן דער ראָלע, וואָס וואָל־קאַמפּאַניעס שפּילן אין די פרייערע לענדער: אין ענגלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, עסטרייך אדג"ל, וועגן דער סטרוקטור פון דער ענגלישער לייבאָר־פּאַרטיי, וועגן די חילוקי־דעות אין דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, דער מהלך צווישן ראָזאַ לוקסעמבורג און עדוואַרד בערנשטיין און זייער הויזן צוזאַמען אין איין פּאַרטיי, און פאַר וואָס ער, אַ באַלשעוויק אין אַלע פראַגן פון דער רוסלענדער אַרבעטער־באַוועגונג, איז קעגן אַ באַזונדערע באַלשעוויסטישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אין רוסלאַנד. מאַריץ מעטאַלאָוויעץ און אויך בערנאַרד גאָלדשטיין האָבן מיר דערציילט זאַכן פון אינערלעכן בונדישן פּאַרטיי־לעבן, וועלכע זענען געווינטלעך פאַרטרוילעך בלויז פאַר אַלטע, פאַרהאַרטעוועטע פּאַרטיי־חברים.

מיט גרויס אינטערעס האָב איך זיך צוגעהערט צו די רייד פון די בערזעוויקעס, צו די דערציילונגען פון מאַריץ מעטאַלאָוויעץ און בערנאַרד גאָלדשטיין און מיט אומגעדולד דערוואַרט די ערשטע פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג.

עטלעכע מאָל איז מיר געמאָלדן געוואָרן די צייט און דער טרעפּפּונקט, פון וואַנען כ'דאַרף גיין צו מיין ערשטער פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג. כ'האָב אָבער געמוזט רעזיגנירן צוליב אַנדערע דרינגענדיקע אויפגאַבן, וואָס כ'האָב געהאַט צו דערלייריקן. צוויי מאָל בין איך מיט מאַריץ מעטאַלאָוויעץ געגאַנגען צום לאָקאַל פון דער פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג, אָבער אָפּגעשטעלט געוואָרן אין מיטן וועג מיט דער מיטטיילונג, אַז צוליב פאַרזיכטיקייט־טעמים קען די פאַרזאַמלונג נישט פאָרקומען.

אַראָפּגייענדיק איין מאָל פון אַ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג פון מיין פּאַכפאַראייַן, אינסטרויִרט מיך מאַריץ מעטאַלאָוויעץ, כ׳זאָל דעם קומענדיקן שבת, 9 אַ זייגער אין דער פרי, זיין אין שול, און איבערגעבן וועמען ס׳איז מיינע בונדישע פּאַרטיי־פונקציעס. מיך וועט ער פון דאָרטן אַוועקנעמען ערגעץ אויף אַ גאַנצן טאָג.

אין פאַרלויף פון די עטלעכע טעג, וואָס זענען פאַרבליבן ביז שבת, האָט מאַריץ מעטאַלאָוויעץ מיט מיר לאַנג און אַ סך גערעדט וועגן דער קומענדיקער פאַרזאַמלונג, וועגן די חילוקי־דעות, וואָס וועלן וואַרשיינלעך דאָרט קומען צום אויסדרוק און וועגן דער מעגלעכקייט, אַז די דעבאַטעס וועלן זיין הייסע און נישט קיין דעליקאַטע. ער האָט מיך, ווייזט אויס, צוגעגרייט קעגן אַ מעגלעכן אַנטוישונג־שאָק.

צו דער צייט בין איך געווען אין דער שול, איבערגעגעבן מיינע פּאַך־חברים לייזערל און משה מיינע פונקציעס, און מיט מיין וועגווייזער האָב איך זיך געלאָזט קיין פּראַגע, צו דער באַן, וואָס האָט אונדז געדאַרפט אַוועקפירן קיין אָטוואָצק.

אויפן וועג האָבן מיר זיך איינגעקויפט שפּייז, איך האָב געקריגן פון מיין קאָמפּאַניאָן אַ באַנבילעט קיין אָטוואָצק. ער האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל אים נאָכפאָלגן אויף אַ דיסטאַנץ, נישט פאַרלירן אים פון אויג און גוט אַכטונג געבן אויף אים נאָכן פאַרלאָזן דעם אָטוואָצקער וואָקזאַל.

אין אָטוואָצק זענען געשטאַנען בונדישע פּאַרטיי־חברים אויף שמירה, און לויט אָן אָפּגערעדטן צייכן, געקירעוועט די אינטערעסירטע אויפן וועג צו דער פאַרזאַמלונג.

די פאַרזאַמלונג האָט געדאַרפט זיין די לעצטע אין פאַרבינדונג מיטן קומענדיקן בונדישן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. די באַטייליקטע זענען באַשטאַנען פון דער עליטע פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע: פונעם קאָדער אָנפירנדיקע טוערס און פונעם העכערן פּאַרטיי־אַקטיוו אין די פּראָפ. פאַראייניגן און פאַכן. אַ פּאָליציייִשער דורכפאַל פון דער פאַרזאַמלונג וואָלט געווען קאַטאַסטראָפאַל פאַר דער וואַרשעווער בונדישער אָרגאַניזאַציע. ער איז דעריבער אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אַן אַנטשפּרעכנדיקן לאָקאַל אינעם דאַטשע־שטעטל אָטוואָצק און איז גוט אָפּגעהיטן געוואָרן מחוץ דעם פאַרזאַמלונג־פּלאַץ. מיין באַטייליקן זיך אין דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַן אויסערגעוויינטלעכע פּריווילעגיע.

ווען מיר זענען אָנגעקומען, איז די פאַרזאַמלונג שוין געווען אין פולן גאַנג. מען האָט געהאַלטן ביים אָפּשטימען אַ פאָרשלאָג וועגן באַגרענעצן די ווייטערדיקע רעדנערס בלויז צו 10 מינוט צייט. די געמיטער זענען שוין געווען צעהיצטע און צערייצטע.

באַטייליקט האָבן זיך אין דער פאַרזאַמלונג אַ 60—70 פּערזאָן און זיי זענען צעטיילט געווען אין פּראָ־באָלשעוויקעס און פּראָ־מענשעוויקעס.

די פּראָ־באָלשעוויקעס זענען געווען אַן אַבסאָלוטע מערהייט. מער ווי 80 פּראָצענט פון דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פון בונד האָט אין די אָפּשטימונגען אויף

די פּאַרטיי־פּאַרזאַמלונגען געשטימט פּאַר דער פּראָ־באָלשעוויסטישער רעזאָלוציע אין די קאַרדינאַלע ענינים פונעם פּאָליטישן לעבן אין רוסלאַנד. אָבער אין איין פראַגע זענען די פּראָ־באָלשעוויקעס געווען צעטיילט צווישן זיך אין „האַרטע" און אין „ווייכע": די „האַרטע" האָבן באַרעכטיקט די האַנדלונג פון די באָלשעוויקעס אַפּצורייסן זיך ענדגילטיק פון די מענשעוויקעס און דאָס שאַפן אַ באַזונדערע באָל־שעוויסטישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אין רוסלאַנד; די „ווייכע" זענען גע־ווען קעגן דעם שאַפן פון אַ באַזונדערער פּאַרטיי.

די „ווייכע" זענען געווען אַן אַבסאָלוטע מערהייט צווישן די פּראָ־באָלשעוויקעס און אָנגעפירט געווען פון יאַנקל לעווין, יאַנעק יאַנקעלעוויטש, יוסף באָסאַק־מאַכער, מאַריך מעטאַלאָוויעץ און חנינא קראַמאַרסקי.

די „האַרטע" זענען אָנגעפירט געווען פון יוזעק בראָנזאָוניק, שמאי בעקער און חיים אַדעסער (גערופן אויך: דער רויטער חיים), אַן איינבינדער פון פאַך. צווישן די „האַרטע" זענען אויך געווען אָנהענגערס פון אַלעקסינסקי, מען האָט זיי גערופן „אָטאָזאָוויסטן", זיי זענען געווען קעגנערס פון באַטייליקן זיך אין די וואַלן צו די דומעס. דער וויכטיקסטער פון די אַלעקסינסקי־אָנהענגערס איז געווען חיים אַדעסער.

די פירערס פון דער קלענער גרופּע מענשעוויקעס זענען געווען אַברהמל זייגער־מאַכער און בערנאַרד גאָלדשטיין. אַברהמל זייגער־מאַכער איז באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ „ליקווידאַטאָר". די דאָזיקע חילוקי־דעות, אומגעפער אין דער זעל־בער פּראָפּאָרציע וואָס אין דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, איז געקומען צום אויסדרוק אויף דער פּאַרטיי־פּאַרזאַמלונג אין אָטוואָצק.

אויף דער פּאַרזאַמלונג האָט אָפּעריר אַן אָרגאַניזירטע אָפּאָזיציע. דער קערן פון דער אָפּאָזיציע זענען געווען די „האַרטע". אָבער אויך אַ באַדייטנדיקע צאָל פּראָ־באָלשעוויסטישע „ווייכע" האָבן אָנגעהערט צו דער אָפּאָזיציע. די לעצטע זענען אָנגעפירט געוואָרן פון חנינא קראַמאַרסקי. די אָטוואָצקער פּאַרזאַמלונג איז צושטאַנד־געקומען אויף דער פאָדערונג פון דער אָפּאָזיציע.

די טענות פון דער אָפּאָזיציע זענען געווען:

די וואַלן פון די דעלעגאַטן צום פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר זענען דורך דעם פאַר־טרעטער פון צענטראַל־קאָמיטעט (משה ראַפעס, אויף דער פּאַרזאַמלונג איז ער גערופן געוואָרן מיטן נאָמען באַריס) אויף אַ מיאוסן אופן פאַלסיפיצירט געוואָרן: דער פאַרטרעטער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט האָט פאַרלעצט און מיסגעברויכט מיט דער פּראָצעדור און וואַלמאַנדאַטן צום צוזאַמענפאָר, צעטיילנדיק די וואַרשעווער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אין צוויי קוריעס: אַרבעטער און אינטעליגענץ, און פאַרטיילט די 10 מאַנדאַטן, וואָס ס'איז געקומען דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע, געבנדיק דער גרויסער מאַסע פּאַרטיי־מיטגלידער 6 מאַנדאַטן, און דער קלענער גרופּע פון אינטע־ליגענץ — 4 מאַנדאַטן:

די דעלעגאַציע אַנטשפּרעכט נישט די פּאָליטישע אָפּשטימונגען פון די פּאַרטיי־מיטגלידער. די מענשעוויקעס האָבן געדאַרפט קריגן נישט מער ווי איין מאַנדאַט און זיי האָבן באַקומען צוויי. די דעלעגאַטן פון דער אינטעליגענץ וועלן אַלע זיין מענשעוויקעס. מיט די איבעריקע דעלעגאַטן איז נישטאָ קיין זיכערקייט, אַז זיי וועלן אויפן צוזאַמענפאָר האַנדלען אין הסכּם מיטן ווילן פון די פּאַרטיי־מיטגלידער.

(די דעלעגאַציע פון די 6 איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע פערזאָנען: יאַנקל לעווין, יוזשעק בראָנזאָוניק, יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, יוסף באָסאַק־מאַכער, אַברהמל זייגער־מאַכער און בערנאַרד גאָלדשטיין. די ערשטע צוויי קאַנדידאַטן: מאָריץ מעטאַלאָוויעץ און שמאי בעקער);

בערנאַרד גאָלדשטיין ווי אַ דעלעגאַט איז אַ פּאַטש אין פּנים דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע. זי באַטראַכט בערנאַרדן נישט בלויז פאַר נישט פּאַסיק צו זיין אַ דעלעגאַט אויף אַ בונדישן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, נאָר אַפילו נישט צו זיין קיין מיטגליד פון דער פּאַרטיי. מען האָט פאָרגעוואָרפן בערנאַרד גאָלדשטיינען פאַר־שידענע חטאים, און אַפילו אין זיין נישט צו „אַקוראַט" מיט פּאַרטיי־געלטער.

די אָפּאָזיציע האָט געפאָדערט:

אַנולירן די דורך דעם מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט אַנערקענטע מאַנדאַטן;

דורכפירן נייע וואַלן און שאַפן אַ קאָמיסיע פון דריי חברים, וועלכע וועלן מיט אַן אַנדערן מיטגליד פון צ.ק. קאָנטראָלירן די אָפּגעגעבענע שטימען;

נישט צעטיילן די אָרגאַניזאַציע אין צוויי קוריעס. די דעלעגאַטן זאָלן געוויילט ווערן אין פּראָפּאָרציע צו דער צאָל שטימען, אַנטשפּרעכנדיק די אָפּגעשטימטע רעזאָלוציעס פון אַלע פּאַרטיי־מיטגלידער;

די פּראָ־באָלשעוויסטישע דעלעגאַטן זאָל געגעבן ווערן אַן אימפּעראַטיווער מאַנדאַט אין די פּאָליטישע ענינים, וועלכע שטייען אויפן טאָג־אָרדענונג פונעם פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר און אַ פרייע האַנט אין יידישע ענינים;

שטעלן אויפן צוזאַמענפאָר פאַר אַ פּאַרטיי־געריכט דעם פּאַרטרעטער פון צ.ק. פאַר פעלשן דעם רעזולטאַט פון די וואַלן און מיסברויכן מיט זיין אַמט;

בערנאַרד גאָלדשטיין זאָל בכלל נישט פיגורירן אויפן באַלאָט און אונטער קיין שום אומשטענדן נישט זיין קיין דעלעגאַט צום צוזאַמענפאָר. שטעלן פאַר דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע דאָס תּיכּפדיקע אויסשליסן בערנאַרדן פון דער פּאַרטיי.

דאָס זענען אומגעפער געווען די טענות און די פאָרשלאָגן, וואָס די אָפּאָזיציע האָט געשטעלט פאַר דער אויסעראָרדנטלעכער פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג אין אָטוואָצק.

די דעבאַטעס זענען געווען זייער הייסע. ס'האָבן נישט געפעלט קיין צווישנרופן און קיין באַליידיקנדיקע קעגנזייטיקע עפּיטעטן. אָבער בדרך כּלל זענען די רעדנערס אויסגעהערט געוואָרן מיט אינטערעס. אַן אויסנאַם זענען געווען דער פּאַרטרעטער פון צ.ק. באָריס, ווען מען מ'האָט געהאַלטן אין איין איבעררייסן מיט נישט קיין שיינע צווישנרופן, און בערנאַרד גאָלדשטיין, ווען מען האָט נישט געלאָזט אַפילו

זיך פּאַרטיידיקן קעגן די באַשולדיקונגען, וואָס זענען קעגן אים געמאַכט געוואָרן.

ווען די פאַרשלאָגן פון דער אָפּאָזיציע זענען מיט אַ גרויסער מערהייט אָפּגעוואָרפן געוואָרן, און אַפילו דער פאַרשלאָג אויסצושליסן בערנאַרד גאָלדשטיינען איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן מיט אַ מערהייט פון איינצלנע שטימען, האָט חנינא קראַמאַרסקי אין נאָמען פון דער אָפּאָזיציע אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג, אַז די אָפּאָזיציע באַטראַכט פאַר נישט פאַרפליכטנדיק די אָפּשטימונגען פון דער פאַרזאַמלונג; אַז די מיטגלידער פון דער אָפּאָזיציע יוזשעק בראַנזאָוניק, שמאַי בעקער, חיים אָדעסער און ער, חנינא קראַמאַרסקי, לייגן זייערע מאַנדאַטן צום וואַרשעווער פאַרטיי־קאָמיטעט; אַז די אָפּאָזיציע וועט שיקן אַן אייגענע פולע דעלעגאַציע צום פאַרטיי־צוזאַמענפאָר און פאָדערן פון צוזאַמענפאָר צו אָנערקענען די דעלעגאַציע ווי די איינציק־באַרעכטיקטע צו רעפּרעזענטירן די וואַרשעווער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. אַן ערך אַ דריטל פון די אָנוועזנדיקע האָבן פאַרלאָזט די פאַרזאַמלונג. בלויז איינצלנע אָפּאָזיציאָנערן, צווישן זיי בנימקע וואַלקער און אַברהם שניידער (גערופן אויך דער שוואַרצער אַבראַם), זענען פאַרבליבן אויף דער פאַרזאַמלונג.

דאָס פאַרלאָזן די פאַרזאַמלונג פון אַ באַדייטנדיקן טייל פון פאַרטיי־אַקטיוו האָט אויף די איבערגעבליבענע געמאַכט אַ שווערן איינדרוק. אַ חברטע האָט ספּאַזמירט, און דער פאַרזיצער, יוסף באַסאַק, האָט מיט אַ סקאַרבאָווער רעדע געשלאָסן די פאַרזאַמלונג.

אויף מיר האָט דער פאַרלויף פון דער פאַרזאַמלונג געמאַכט אַ דערדריקנדיקן איינדרוק. דאָס צוגרייטן מיך קעגן אַן אַנטוישונג־שאָק האָט נישט קיין סך געהאָלפן. די פאַרזאַמלונג איז געווען דער היפוך פון דעם בילד, וואָס מיין פאַנטאַזיע האָט מיר אויסגעמאָלן וועגן אַן אונטערערדישער רעוואָלוציאָנערער פאַרטיי־פאַרזאַמלונג. כ'האָב זיך געבונטעוועט קעגן דער נישט חברישער באַציִונג פון איינעם צום אַנדערן. כ'האָב נישט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי חברים, וועלכע זענען זיך מקריב פאַר דער אַרבעטער־זאַך און זענען גרייט צו גיין אין טורמע, אויף קאַטאָרגע, אויף סיביר, זאָלן אַזוי מיאוס באַליידיקן איינער דעם אַנדערן. און כאָטש בערנאַרד גאָלדשטיין האָט נישט אַרויסגערופן ביי מיר צו פיל פּערזענלעכע סימפּאַטיע, האָב איך נישט סובל געווען די באַליידיקונגען, וואָס זענען קעגן אים געמאַכט געוואָרן. דאָס רופן אים: לומפּ, מנוול, גאַסניונג און ענלעכע באַצייכענונגען (אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָב איך געגעבן געדעכט די חברים פון בונד, וואָס האָבן שוין אין יאָר 1914 אַראָפּגענומען די ריכטיקע מאָס פונעם דאָזיקן „אַרבעטער־טוער"). איך האָב נישט געקענט פאַרדייען די באַליידיקונג־סצענע, וואָס איז אָפּגעשפּילט געוואָרן דעם מיטגליד פון געהיימנישפולן צ. ק. פון בונד.

נישט צופרידן בין איך אויך געווען מיט די רעדנערס. ס'איז נישט געווען קיין איין רעדנער, וועלכער זאָל מיך מיט זיין רעדן פאַרכאַפּן. אַן אויסנאַם איז געווען אַ חברטע פון מענשעוויסטישן צד. זי איז מיר געפעלן סיי מיט איר אופן פון רעדן

און סיי מיט איר װערדיקן רעאַגירן אויף די כּסדרדיקע צווישנרופן בשעת איר רעדן: „תּחינה־רייד", „זאָגט מוסר אייערע קינדער", „מיט אַזעלכע פּסוקים קענט איר בענטשן ליכט ערב יום־כּיפּור", און ענלעכע און נאָך שאַרפערע צווישנרופן.

מיט דער דאָזיקער רעדנערין האָב איך זיך מער נישט באַגעגנט. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז זי איז געווען אַ בונדישע פּאַרטיי־פונקציאָנאַרין אין די שווערע יאָרן נאָך דער מפּלה פון דער רעוואָלוציע אין 1905 און אַ צייט אויך טעטיק געווען אין וואַרשע. אין 1913 איז זי, צוליב פאַמיליע־סיבות, אַוועק פון אַקטיווער פּאַרטיי־אַרבעט און געוווינט מיט איר פאַמיליע אין האָמעל. צופעליק איז זי געווען אין וואַרשע און האָט זיך באַטייליקט אין דער פאַרזאַמלונג אין אָטוואָצק. ליידער איז מיר נישט פאַרבליבן אין זכרון אונטער וואָס פאַר אַ נאָמען זי איז געווען טעטיק אין בונד ביז צום יאָר 1913, און ווי אַזוי מ׳האָט זי גערופן אויף דער דערמאָנטער פאַרזאַמלונג.

זינט כ׳האָב פאַרלאָזט די פאַרזאַמלונג בין איך געווען אַ פאַרשלאָסענער אין זיך. אין מוח האָט געעקבערט אַ פראַגע: האָסטו געמאַכט דעם ריכטיקן אויסוואַל מיטן ווערן אַן אַקטיוויסט? וואָלט נישט גלייכער געווען ווען דו וואָלסט זיך פאַרנומען מיטן אויספירן דעם פּלאַן זיך לערנען רעדן, לייענען און שרייבן אַנדערע שפּראַכן און אויך שרייבן יידיש, און אַוועקפאָרן קיין פּאַריז?

פון דער פאַרזאַמלונג זענען מיר צוריקגעפאָרן אין דרייען: יאַנקל לעווין, מאַריץ מעטאַלאָוויעץ און איך. פון פראַגע זענען מיר געגאַנגען צו פוס. געגאַנגען בין איך אַ שווייגנדיקער און נישט רעאַגירט אויף די רייד פון די אַנדערע צוויי חברים.

אויף קראָקעווער פאַרשטאָט האָט זיך יאַנקל לעווין געזעגנט און ביים געזעגענען אַ זאָג געטאָן צו מאַריץ מעטאַלאָוויעץ: „אונדזער יונגער חבר האָט בויך־גרימעניש, גיט אים אַ גוטע פאַרציע ריצינאייל אויסצומייקענען די היינטיקע פאַרזאַמלונג".

מאַריץ מעטאַלאָוויעץ האָט מיר פאַרגעלייגט מאַכן צו פוס אַ שפּאַציר צו דער אַלעע אויאַזדאָווסקע, אַריינכאַפּן זיך דאָרט אין אַ קאַוויאַרניע, עסן נאַכטמאָל און אַ ביסל זיך דורכשמועסן. כ׳בין מסכּים געווען. דער אָנגעהויבענער שמועס האָט זיך נישט געקלעפּט. די רייד פון מיין עלטערן חבר איז מיר אַריין אין איין אויער און אַרויס דורך דעם אַנדערן.

אין מיר איז ווייטער אָנגעגאַנגען דער געראַנגל, און איך ווייס נישט מיט וואָס דער געראַנגל וואָלט זיך פאַרענדיקט, ווען נישט דאָס אונטערקומען פון אַ געשעעניש, וואָס האָט מיט אַ מעכטיקער קראַפט אָפּגעווישט יעדן צווייפל, פאַרענדיקט מיט מיינע ערשטע נישט זיכערע שריט אויפן פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן וועג און מיך פעסט פאַראַנקערט אויפן האַרטן באָדן פון רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישער טעטיקייט.

די געשעעניש איז געווען: דער אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

## פערטער טייל

# מלחמה

## אונטערן צאַרישן מלחמה־רעזשים

די ידיעה וועגן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז צו מיר דער־גאַנגען שבת אין אָוונט, דעם 1טן אויגוסט 1914, אויף קראָקעווער פאָרשטאָט אין וואַרשע.

שבת ביי טאָג בין איך געווען אין דאַטשע־שטעטל אָטוואָצק, כ׳האָב זיך באַטיי־ליקט אין אַ געהיימער בונדישער פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג. קיין וואַרשע בין איך צוריק־געקומען אין דער באַגלייטונג פון צוויי עלטערע בונדישע טוערס: פּלטיאל (יאַנקל לעווין) און מאַריץ מעטאַלאָוויטש (משה וויינבערג). שוין אויפן וועג קיין וואַרשע האָט זיך געמערקט אַן ענדערונג אין דער האַלטונג פון די פאַרבייגייערס. ווען כ׳בין אָנגעקומען אין דער באַגלייטונג פון מאַריץ מעטאַלאָוויטש אויף דער רחבותדיקער און אַריסטאָקראַטישער קראָקעווער פאָרשטאָט, איז די ענדערונג געווען ממש אויגנרייסיק.

די קראָקעווער פאָרשטאָט איז נישט געווען צו דערקענען. אויף דער גאַס פלעגן שבת אין אָוונט געמיטלעך שפּאַצירן הונדערטער מענטשן און די דראָשקעס פלעגן פאָרן פאַמעלעך שפּאַצירנדיק. די גאַס איז תמיד געווען באַלויכטן פון געדיכט־געשטעלטע גאַסנלאָמפּן און פון די זשיראַנדאָלן אין די גרויסאַרטיקע קאַפעהייזער און רעסטאָראַנען. זומערצייט זענען מענטשן געזעסן ביי די טישלעך אין די קינסט־לעך־אויפגעשטעלטע, אילומינירטע גערטנדלעך אויף די טראָטואַרן ביי די צוקער־ניעס. די דאָזיקע מיוחסדיקע און פיל מיט חן קראָקעווער פאָרשטאָט האָט ראַפּטעם פאַרלוירן איר אויסזען, איר יחוס און איר חן.

פאַרשוווּנדן איז די געמיטלעכקייט, אָפּגעווישט איז געוואָרן די פּוילישע גאַ־לאַנטקייט, פאַרשטומט איז געוואָרן דער ווייכער און זאַנפטיקער „פּשעפּראַשאַם״. מענטשן האָבן געשפּאַנט האַסטיק און איילנדיק, ווי זיי וואָלטן אַנטלאָפן און געוואָלט זיך שיצן פון אַ קאַטאַסטראָפע. זיי זענען געגאַנגען מיט די עלנבויגנס אין דער ברייט, געשטופּט זיך און געשטויסן, און געמאַכט אַ קנאַפּן וועזן פון די עוולות וואָס איינער איז קעגן צווייטן באַגאַנגען אין בהלהדיקן גאַנג. אויך אויפן ברוק זענען

די דראָשקעס געלאָפֿן ווי פֿון אַ שׂרפֿה, ווי אין אַ געוועט, איבעריאָגנדיק איינער דעם אַנדערן. די ליכטער אין די קאַפֿע־הייזער און רעסטאָראַנען זענען געווען אויסגעלאָשן, די גערטנדלעך אויף די טראָטואַרן — ליידיק און פֿינצטער. אויך די גאַס־באַלייכטונג איז געווען אויסגעלאָשן, נאָר די נאַכט האָט געשיינט און געלויכטן מיט אירע מיליאָניקע שטערן.

פֿון ראָג קאַראָווע און קראַקעווער פֿאָרשטאָט, ווו ס'האָט זיך געפֿונען די רע־דאַקציע פֿון קאָנסערוואַטיוון און רעאַקציאָנערן „קוריער וואַרשאַווסקי", האָבן זיך אַ מחנה יונגע צייטונג־פֿאַרקויפֿערס, די אימפּעטפּולע און קאָלירפֿולע וואַרשעווער „גאַזעטשאַזשעס", די גאַווראָשס פֿון וואַרשע, אַ לאָז געטאָן זיך אין אַלע פֿיר עקן מיט פּעק צייטונגען אונטערן אָרעם און מיט אַליאַרם־געשרייען: „מלחמה, מלחמה".

די עקסטרע־אויסגאַבע איז מאָמענטאַל צעכאַפּט געוואָרן. מיין מיטגייער, מאָריץ מעטאַלאָוויעץ, האָט נישט באַוויזן צו קויפֿן קיין צייטונג און מיר האָבן זיך געלאָזט גיין מיט נאָווי שוויאַט (ייִדן האָבן די דאָזיקע גאַס פֿאַרייִדישט און גערופֿן „די נייע וועלט").

ביים ראָג נאָווי שוויאַט און אַלעע יעראָזאָלימסקע זענען געשטאַנען געזעמלעך מענטשן און געלייענט די פּריש־אויסגעקלעפּטע פּלאַקאַטן מיט גרויסער רויטער שריפֿט און מיט ריזיקע קעפּ. פֿון איין פּלאַקאַט האָט אַראָפּגעשריגן די אויפֿשריפֿט „מלחמה" און געמאָלדן וועגן איבערפֿאַל פֿון די דייטשן אויפֿן רוסישן מיליטער, ער האָט גערופֿן די רעזערוויסטן זיך גלייך צו שטעלן אין די זבאָרני־פּונקטן. פֿון אַ צווייטן פּלאַקאַט האָט אַראָפּגעשריגן אַ קאָפּ: „צו די ברידער פּאָליאַקן!". די סלאַווישע „ברידער", זענען גערופֿן געוואָרן מיט אַלע זייערע כּוחות צו שטיצן די מלחמה פֿון די סלאַוון קעגן די גערמאַנצעס. ביידע פּלאַקאַטן זענען דאָס מאָל געווען אויך אין דער פּוילישער שפּראַך.

טראָץ דער פֿינצטערניש איז נישט געווען שווער צו לייענען די פֿעטע רויטע שריפֿט פֿון די פּלאַקאַטן. מיר האָבן זיך אַריינגעדרייט אין אַ געזעמל און מיין עלטערער חבר האָט איבערגעלייענט דעם אינהאַלט פֿון ביידע פּלאַקאַטן. ווען מיר זענען אַרויס פֿון געדראַנג, איז מיין חבר געווען ווי פֿאַרענדערט. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט געקריגן אַן אָנפֿאַל פֿון עפּילעפּסיע שטייענדיקערהייט. מאָריץ מעטאַלאָוויעץ האָט מיך אַ שטופּ געטאָן צום גרויסן שויפֿענצטער פֿונעם לוקסוס־רעסטאָראַן „גאַסטראָנאָמיאַ", און פֿון זיין מויל זענען געפֿאַלן ווערטער, וואָס כ'האָב קוים געקענט אויפֿכאַפּן און פֿאַרשטיין. ערשט אויפֿן וועג, גייענדיק מיט אַלעע יערוזאַלימסקע צו דער מאַרשאַלקאָווסקע, ווען מיין חבר האָט זיך אַ ביסל באַרויִקט, האָבן זיינע ווערטער, אַרויסגעשאָסענע ווי שראַפּנעלן, אָנגעהויבן אַריינ־דרינגען אין מיין באַוווסטזיין און ווערן פֿאַר מיר פֿאַרשטענדלעך.

זייער אינהאַלט איז געווען: די מלחמה וועט לאַנג נישט דויערן. דער פּראָלע־טאַריאַט וועט תּיכּף אין אַלע לענדער אַרויסטרעטן אין אַ גענעראַל־שטרייק. דאָס

איז דער סוף פון צאַריזם. די מלחמה איז דעם צאַריזמס טויטנגרוב. מ׳דאַרף אַלץ טאָן, אַז דאָס צאַרישע רוסלאַנד זאָל וואָס שנעלער כאַפּן אַ מפּלה. איצט איז פאַרן אַרבעטער־קלאַס פאַראַן נאָר איין לאָזונג: נידער מיט דער מלחמה, זאָל לעבן די סאָציאַלע רעוואָלוציע.

נישט אַלע נבואות און פאַרויסזאָגעכצער זענען מקוים געוואָרן. דער פּראָלע־טאַריאַט איז אין קיין שום לאַנד נישט אַרויסגעטראָטן אין קיין גענעראַל־שטרייק קעגן דער מלחמה. די מלחמה איז נישט געווען קיין קורצדויערנדיקע, נאָר געדויערט איבער 4 יאָר. אָבער אין גרויסן און אין גאַנצן זענען זיי געווען דער אויסדרוק פון אַ רעוואָלוציאָנערן און אינטערנאַציאָנאַליסטיש געשטימטן אַרבעטער. עטלעכע פון זיינע עקספּראָמט אַרויסגעזאָגטע פאָרמולעס און לאָזונגען זענען שפּעטער געוואָרן מינדלעך און שריפטלעך פאָרמולירט דורך לעניגען: דעפעטיזם צום צאַרישן רעזשים; פאַרוואַנדלען די מלחמה אין אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע. אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען זיי געוואָרן דער „אני־מאמין" פון יעדן רעוואָלוציאָנערן סאָ־ציאַליסט.

אין 1921, ווען כ׳האָב צום ערשטן מאָל באַזוכט דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, האָב איך אין מאָסקווע זיך געטראָפן מיט מיין עלטערן חבר און לערער. אין גאַנג פון אונדזער שמועס האָב איך אים דערמאָנט זיין צושטאַנד נאָכן איבערלייענען אין אָוונט פונעם ערשטן אויגוסט 1914 די פּלאַקאַטן און זיינע עקספּראָמט געשלײַדערטע ווערטער. איך האָב צו אים אַ זאָג געטאָן: „לעניגס גרויסקייט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט אַקומולירט די געדאַנקען, געפילן און פאַרלאַנגען פון די מאַריץ מעטאַלאָוויעצעס און קאָנקרעטיזירט זיי אין ווערטער און אין מעשׂים".

נאָכן באַרויִקן זיך פון דער ידיעה וועגן אויסבראָך פון דער מלחמה, האָט מאַריץ מעטאַלאָוויעץ ווידער אָנגעהויבן טראַכטן און האַנדלען ווי אַ ניכטערער פּראַקטישער טוער. זיין ערשטער שריט איז געווען זיך צו פאַרבינדן מיטן הויפּט־פונקציאָנאַר פון בונד אין וואַרשע, מיט יאַנקל לעווין. דאָס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן. מיר האָבן אויך קיינעם נישט געטראָפן אין דער ווינונג פון דער שניידערין ברו׳כטשע אויף דזשיקע 21, וואָס איז געווען אַ מין נישט אָפיציעלער פּאַרטייקלוב פונעם העכערן בונדישן פּאַרטיי־אַקטיוו אין וואַרשע.

ס׳איז נישט געבליבן עפּעס אַנדערש צו טאָן, ווי צו גיין אַהיים און איבערשלאָפן די נאַכט פון ערשטן אויפן צווייטן אויגוסט פון 1914 — די ערשטע נאַכט פונעם בלוטיקן מלחמה־קאַטאַקליזם.

ס׳איז געווען שוין שפּעט אין דער נאַכט ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט צו אונדזערע ווינונגען. די טויערן פון די הייזער זענען געווען אָפן, ווי אין די נעכט פון יעזוסעס געבורט און פון קריסטלעכן פּסח. די סטרוזשעס זענען געשטאַנען אָדער געזעסן פאַר די טויערן. די גאַסן זענען געווען ליידיק און אָפּגעשטאָרבן;

זעלטן האָט זיך אַדורכגעשלייכט אַן איינזאַמער דורכגייער. געהערט האָט מען בלויז דאָס קלאַפּן פון פערדישע קאָפּיטעס פון די פאַראיינצלטע דראָשקעס אויפן שטיינערנעם ברוק און דעם אָפּקלאַנג פון די האַסטיקע טריט פון די געקאָוועטע שטיוול פון די רעוויראָוועס און זייערע פּאָליציייִשע באַגלייטערס, וועלכע האָבן מאַרשירט אין זייערע רעווירן און איבערגעגעבן די סטרוזשעס מאָביליזאַציע־צעטלען פאַר די רעזערוויסטן.

ביים געזעגענען האָט מיר מאַריץ מעטאַלאָוויעץ אָנגעזאָגט אומבאַדינגט זיך מיט אים צו זען דעם קומענדיקן אָוונט. ער האָט געלאָזט פאַלן ווערטער, וואָס כ׳האָב פאַרגעדענקט לאַנגע, לאַנגע יאָרן. און געזאָגט האָט מיין עלטערער חבר צו מיר אָט וואָס:

„כ׳ווייס נישט, וואָס ס׳וועט מיט מיר געשען. כ׳האָב אַ בלויען בילעט. ס׳איז מעגלעך כ׳זאָל גערופן ווערן צום מיליטער. דו ביסט יונג, פאַר דיר שטייען איצט אָפן אַלע וועגן און אַלע שטאַפּלען פון אַ סאָציאַליסטישן אַרבעטער־טוער. אויף דיר וועט איצט אַרויפגעלייגט ווערן אַ סך אַרבעט און אַ סך פאַראַנטוואָרטלעכקייט. האָב מוט און קוראַזש און זע נישט צו אַנטוישן די האָפענונגען, וואָס מען וועט אויף דיר לייגן".

חלומות און האַלוצינאַציעס זענען אַן אָרגאַנישער טייל פונעם שווערן לעבן פון די אַרעסטאַנטן, קרימינעלע ווי פּאָליטישע. די נעכט און די פּרימאָרגנס זענען פול מיט קאָשמאַרע און גראָטעסקע חלומות און האַלוצינאַציעס. און וואָס מער אַן אַרעסטאַנט איז איזאָלירט, אין אַן איינצל־קאַמער אָדער אין קאַרצער, אַלץ מער ווערט ער געפּייניקט פון דער דאָזיקער אָנשיקעניש. און נישט איין מאָל פּאַסירט, בעת מען איז איזאָלירט. צו האָבן האַלוצינאַציעס אַפילו אין מיטן טאָג. די מערסטע קומען אין די פּרימאָרגנס, אין אַ האַלב־וואַכנדיקן צושטאַנד, און זיי זענען נאָך אַ גרעסערע אָנשיקעניש ווי די חלומות, ווייל זייער וויזיאָנעלקייט זעט אויס רעאַלער און מען געדענקט די האַלוצינאַציעס אַ לאַנגע צייט, אַ סך לענגער ווי די מערסטע פון די פאַרשווומענע חלומות.

איינע פון מיינע פּרימאָרגנדיקע האַלוצינאַציעס האָב איך געזען, ווי ס׳וואָלט געווען אַ שטיק רעאַלע ווירקלעכקייט. די סיטואַציע איז געווען קלאָר, די פיגורן — לעבעדיקע, בלויז די צייט און די מענטשן זענען געווען פאַרטוישט און פאַרמישט.

און די סצענע איז געווען אַזאַ:

כ׳בין אַ מיליטערישער קאַדעט אין דער פּעטערבורגער מיליטערישער אַקאַדעמיע. ס׳איז ווינטער, דער סוף פון דער לערנצייט און דער טאָג פון פּראָמאָציע. אָנגעטאָן בין איך אין אַ גאַלאַ־מונדיר פון אַ יונגן אָפיציר. דער גענעראַל, וועלכער דערלאַנגט מיר די פּראָמאָציע־פּאַפּירן און אַ גאָלדן שווערדל, איז ר׳ שמשון זילבערבערג (מיין לערן־מייסטער, ביי וועמען כ׳האָב געלערנט די מלאכה פון מעטאַל־

טאָקערײ). ער איז אָנגעטאָן אין אַ גענעראַלסקען גאַלאַ־מונדיר און באַהאָנגען מיט גאָלדענע אָרדנס און מעדאַלן. ר׳ שמשון דערלאַנגט מיר די אינסיגניעס, ער לויבט מיך, און צעקושט זיך מיט מיר.

אַרויסגייענדיק פון דער אַקאַדעמיע, באַגעגנט מיך אַ ציוויל־געקלײדטער הער, מאָריץ מעטאַלאָװיעץ. ער נעמט מיך אָן ביי אַ האַנט, זעצט מיך אַריין אין אַ שליטן געשפּאַנט מיט דריי פערד, פאַרבינדט מיר די אויגן און די פערד לויפן איבער דעם סקריפּענדיקן שניי. װען מען נעמט מיר אַראָפּ דעם באַנד פון די אויגן, זע איך אַ גרופּע אָפיצירן אין מאַסקעס. מ׳פרעגט מיך דריי מאָל צי איך װיל פרייוויליק אַריינטרעטן אין דער געהיימער חברה, װאָס װיל באַפרייען רוסלאַנד, און מען זאָגט מיר, אַז די געהיימע חברה רופט זיך „דעקאַבריסטן". איך ענטפער מיט אַ הויך קול: „יאָ". איינער פון די מאַסקירטע אָפיצירן שפּיליעט אויף מיין מונדיר, גיט אַ שטאָך מיט זיין גאָלדן שטילעטל מיין ברוסט. ער הייסט מיך שווערן און אויף אַ פּאַרמעט אונטערשרייבן מיטן בלוט, װאָס רינט פון מיין ברוסט. איך גיב אָפּ אַ פייערלעכע שבועה און שרייב אונטער מיין נאָמען: הערשל מעטאַלאָװיעץ, פּעטער־בורג, דעם ערשטן אויגוסט 1914.

נישט קיין פאַנטאַזיע שרייב איך. כ׳בין נישט קיין בעלעטריסט און שרייב נישט קיין פיקציעס. איך שרייב מעמואַרן, דאָס מיינט — פאַקטן און פּאַסירונגען. די דער־ציילטע האַלוצינאַציע איז געװען אַ פאַקט. זי איז פאָרגעקומען דעם 26סטן פעברואַר 1927 אין דער איינצל־קאַמער פון דער שװערער טורמע אין װראָנקי. איך געדענק די אַלע פּרטים, װייל איך האָב זיי געהאַט פאַרשריבן אין דער פּוילישער שפּראַך אינעם העפט, װאָס די טורמע־אַדמיניסטראַציע האָט מיר דערלויבט צו האַלטן אין קאַמער. בעת אַ סיכסוך צװישן די פּאָליטישע אַרעסטירטע מיט דער טורמע־אַדמי־ניסטראַציע האָט די לעצטע, בשעת רעװיזיעס אין די קאַמערן, קאָנפיסקירט דעם העפט. דער טרויעריק־באַרימטער טורמע־נאַטשאַלניק (זיין נאָמען, אויב איך מאַך נישט קיין טעות, איז געװען: קודזשיק) האָט אויסגענוצט די פאַרשריבענע האַלוצי־נאַציע, װי אַ טעמע פאַר זיין לעצטן פּאָרמעלן געזעגענונג־שמועס ביי מיין באַפרייט װערן פון תּפיסה.

װעגן דער דאָזיקער האַלוצינאַציע האָב איך אָפּט געטראַכט און זי איז געװען אויך אָן אָפּטע טעמע פון געשפּרעכן מיט מיינע חברים און פריינד־קאָמוניסטן, מעדיצין־דאָקטוירים. און װי די מאָדערנע פּותרי חלומות, די פּסיכאָ־אַנאַליטיקערס מיט מעדיצין־דיפּלאָמען אין די פאָרטפעלן, האָבן מיר דערקלערט, איז אַזאַ האַלו־צינאַציע געװען אַ פּראָדוקט פונעם פאַקט, װאָס זינט דעם אויסבראָך פון דער ערשטער װעלט־מלחמה האָב איך געשטעלט פעסטע טריט אויפן לייטער פון מיין פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער קאַריערע.

און װי לעבעדיק האָט זיך דער אינהאַלט און די װיזיע פון דער דערציילטער האַלוצינאַציע רעקאָנסטרויִרט אין מיין דימיון בשעת דעם שרייבן דאָס דאָזיקע

קאַפּיטל זכרונות, וואָס איז פאַרבונדן מיטן אָוונט, ווען ס׳איז צו מיר דערגאַנגען די ידיעה וועגן אויסבראַך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

## מיט פעסטע טריט

זונטיק, דעם 2טן אויגוסט 1914, האָבן זיך אויף די גאַסן אין וואַרשע באַוויזן אַן אַנדער סאָרט דורכגייערס — רעזערוויסטן. געגאַנגען זענען די רעזערוויסטן אין דער ריכטונג קיין פּראַגע, צום מיליטערישן „זבאָרני פּונקט״. באַלאָדן מיט וואַליזעס, פּעקלעך און קלימעקלעך, באַגלייט פון ווייגענדיקע קרובים: פּרויען, מאַמעס, שוועסטער, כּלות, זעלטענער האָט מען געזען רעזערוויסטן, באַגלייט פון מענער. פון די הייף האָבן זיך דערטראָגן קלאַנגען פון געוויין און יללות.

נאָך פאַר 8 אַ זייגער אין דער פרי האָב איך זיך געפונען אויפן הויף פון זאַקסענבערגס אַרמאַטור־פאַבריק אויף באַגניפּראַטן־גאַס נומער 41, ווו איך בין געווען באַשעפטיקט. געטראָפן דאָרט האָב איך שוין די איבעריקע אַרבעטער, פאַר־זאַמלטע אויפן פאַבריקסהויף. געפעלט האָט בלויז דער עלטסטער טאָקער־געזעל, שאול, וועלכער האָט זיך צוגעשטעלט צום מיליטער.

כ׳האָב אין וואַרשטאַט געעפנט דעם מאָטאָר, אַרויפגעוואָרפן די טראַנסמיסיע־פּאַסן אויף די רעדער און געלאָזט לויפן די טאָקאַרניעס. ס׳האָט זיך אָבער נישט געאַרבעט. מ׳האָט אַ קראַץ געטאָן אַ שטיקל רוי־מאַטעריאַל און די אַרבעטער פונעם וואַרשטאַט און פון דער גיסעריי האָבן זיך געלאָזט צו די שלייפשטיינער, ווו ס׳איז געזעסן דער אַרבעטער, דער קאַליקע, וואָס האָט די שלייפשטיינער באַדינט. מיר האָבן זיך צוגעהערט צו זיינע קאָמענטאַרן וועגן דעם אויסגעבראָכענעם קריג.

דער שטאַנדפּונקט פונעם דאָזיקן זייער אינטעליגענטן מענטשן איז געווען, אַז די מלחמה וועט לאַנג נישט דויערן. ענגלאַנד, פראַנקרייך און רוסלאַנד וועלן גע־ווינען דעם קריג. דער צאַר וועט נאָך דער מלחמה זיין געצוווּנגען צו געבן אויף אַן אמת אַ ליבעראַלע קאָנסטיטוציע און מער פרייהייט פאַר די פעלקער פון דער צאַרישער אימפּעריע. אויך ייִדן וועלן געניסן פון דער נייער אָרדענונג. דאָס אַנעק־סירן דורך רוסלאַנד גאַליציע און בוקאָווינע וועט זיין לטובת די ייִדן. די צאָל ייִדן, ייִדיש־רעדנדיקע, וועט זיך פאַרגרעסערן אין דער רוסישער אימפּעריע און דאָס וועט צווינגען די נייע רוסישע אָרדענונג, וואָס וועט איינגעשטעלט ווערן נאָך דער מלחמה, זיך צו רעכענען מיט די נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס און באַדערפעניש פון ייִדישן פאָלק. אַן ענלעכן שטאַנדפּונקט האָט אָגב ש. ניגער, מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער, געבערענגט צום אויסדרוק אויף די שפּאַלטן פון דער צייטשריפט „די ייִדישע וועלט״.

די מיינונג פונעם דאָזיקן אינטעליגענטן ייִד, וואָס איז בעל־כּרחו, צוליב זיינע פּאַראַליזירטע פיס, געצוווּנגען געווען צו ווערן אַ קנאָפּ־באַצאָלטער אַרבעטער, האָט נישט אַרויסגערופן קיין אַנטציקונג ביי די צוהערערס. די שטימונג פון די אַרבעטער פון זאַקסענבערגס פאַבריק איז געווען אַן אַנטי־רוסישע. איינער פון די אַרבעטער האָט זיין אַנטי־רוסישע שטימונג פאָרמולירט אויף אַ ייִדישלעכן אופן: „ביז וואַנען ס'וועט קומען די נחמה, וועט אויסגיין די נשמה".

אַרום 10 אַ זייגער אין דער פרי האָט זיך באַוויזן דער פאַרוואַלטער פון פאַבריק, דער יונגער קאַפּל זאַקסענבערג, פאַרמאַכט דעם מאָטאָר, אַראָפּגעוואָרפן די טראַנס־מיסיע־פּאַסן פון די רעדער און געלאָזט וויסן, אַז די אַרבעט ווערט דערווייל אָפּגע־שטעלט און די פאַבריק פאַרמאַכט — מער האָב איך זיך אויפן דאָזיקן אַרבעטפּלאַץ נישט אומגעקערט.

נאָכן פאַרלאָזן די פאַבריק בין איך, אין דער באַגלייטונג פון עטלעכע אַרבעטער, אַוועק צו דער פאַכבערזע, אויף וואַלינסקע גאַס. מיר זענען נישט געווען די ערשטע אויף דער בערזע. עס זענען שוין געווען דאָרט פאַרזאַמלט אַ היפּשע צאָל אַרבעטער, וועמענס וואַרשטאַטן זענען פאַרמאַכט געוואָרן. די צאָל אַרבעטלאָזע, וועלכע זענען געקומען אויף דער בערזע האָט זיך כּסדר פאַרגרעסערט. מיין פאַרמעג איז געווען 2 רובל מיט 15 קאָפּיקעס — גענוג בלויז אויף אַ פּאָר טעג צום לעבן. נישט בעסער, אויב נישט ערגער, איז געווען די פינאַנציעלע לאַגע ביי די מערסטע פון די פאַר־זאַמלטע פאַכלייט, אַ סך פון זיי — באַלאָדן מיט פאַמיליעס. דאָס געשפּענסט פון הונגער האָט זיך באַוויזן אין זיין גאַנצער גרויזאַמקייט.

פון דער פאַכבערזע בין איך אַוועק אויף אַ שפּאַציר אין דער פּוילישער געגנט. די גאַסן־בילדער זענען געווען די זעלבע: רעזערוויסטן, באַלאָדן מיט פּעקלעך און באַגלייט פון ווייגענדיקע קרובים, האָבן זיך געצויגן אין דער ריכטונג פון פּראַגע. אויפפאַלנדיק איז געווען, אַז אין דער פּוילישער געגנט זענען די לאַמענטן, געוויינען און יללות פון די באַגלייטערס און די אָפּקלאַנגען פון די הייף געווען גרעסער, ווי אין די ייִדישע קוואַרטאַלן.

פאַרנאַכט־צו האָב איך זיך אומגעקערט אין דער ייִדישער געגנט. אויף נאַלעווקעס, ווו ס'האָט זיך געפונען די שבתדיקע בערזע פון בונד, האָב איך באַגעגנט אַ צאָל בונדישע בערזעוויקעס, וועלכע האָבן מיך אינפאָרמירט, אַז ס'איז איינגע־שטעלט געוואָרן אַ פּערמאַנענטע בערזע און יעדער פּאַרטיי־חבר איז מחויב יעדן טאָג זיך צו מעלדן אויף דער בערזע, כּדי צו קריגן די געהעריקע אינסטרוקציעס.

דעם זעלבן אָוונט האָב איך אויפן אָפּגערעדטן אָרט זיך געטראָפן מיט מאָריץ מעטאַלאָוויטש. אויך ער האָט שוין מער נישט געאַרבעט. ער איז שוין געווען גוט אינפאָרמירט וועגן די צילן און אויפגאַבעס פון בונד, און פון אים האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער בונד איז קעגן דער מלחמה און ס'גרייט זיך אַ פאַראייניקונג פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין פּוילן, וועלכע זענען קעגן דער מלחמה.

דינסטיק פאַר מיטאָג, דעם דריטן טאָג מלחמה, האָב איך באַזוכט די בונדישע פאַרטיי־בערזע אויף נאַלעווקעס. די בערזע איז געווען גוט באַזוכט און אויך אַ רייע אָנפירנדיקע טוערס האָבן זיך דאָרט געפונען. די בערזעוויקעס האָבן לעבהאַפט דיסקוטירט דעם ענין מלחמה און אויך די ידיעה, אַז ס'איז געשאַפן געוואָרן, אָדער ס'ווערט געשאַפן אַ פאַראייניקונג פון בונד, פ.פּ.ס.־לעוויצע, און פוןביידע טיילן פון דער ס.ד.ק.פּ.ל. — די זאַזשאָנדאָווצעס און ראָזלאַמאָווצעס, און אַז די פאַראייניקטע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען גרייטן אָן אַנטי־מלחמה־מאַניפעסט.

מיינע פריִערדיקע בונדישע פאַרטיי־פונקציעס : דאָס פאַרשפרייטן די בונדישע צייטשריפט „די צייט" און דאָס זאַמלען געלט פאַרן רויטן קרייץ צווישן די אַרבעטער פון פאַך, זענען צוליב דעם אויסבראָך פון דער מלחמה נישט געווען מער אַקטועל. כ'האָב דערוואַרט אַנדערע אויפגאַבעס און אַנדערע פונקציעס. נישט לאַנג האָב איך געדאַרפט וואַרטן אויף די נייע פונקציעס. אויף דער בערזע האָב איך אין דעם געגעבענעם פאַרמיטאָג געקריגן צוויי דרינגענדיקע אויפגאַבן : זען, אַז די פאַרוואַל־טונג פון מיין פראָפעסיאָנעלן פאַכפאַראיין זאָל איבערגעבן דעם בונד די פאַראיינס־געלטער, וואָס זי פאַרמאָגט, כּדי מיטצוהעלפן אָנצוהייבן אַ הילפסאַקציע פאַר די אַרבעטלאָזע און פאַר די פאַמיליעס פון די אַרבעטער־רעזערוויסטן ; און די פאַר־וואַלטונג זאָל דעלעגירן צוויי פאַרטרעטערס צו אַן אויסעראָרדנטלעכער פאַרזאַמלונג פון דעלעגאַטן פון פאַכן און פאַראיינען, אויף וועלכער עס וועט באַהאַנדלט ווערן דער ענין פון דער הילפסאַקציע.

ביידע אויפגאַבעס זענען נאָך אין דעם זעלבן טאָג דערליידיקט געוואָרן. ס'איז גערופן געוואָרן אַ דרינגענדיקע באַראַטונג פון די איבערגעבליבענע מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג פון פאַכפאַראיין מיט אַ צאָל איינגעלאַדענע אַרבעטער און ס'איז איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן איבערצוגעבן דעם בונד די געלטער פון דער פאַראיינס־קאַסע, אַ סומע פון 59 רובל, און צו דעלעגירן צוויי חברים צו דער פאַר־זאַמלונג. די צוויי דעלעגאַטן זענען געווען : דער גיסער יאַנקל פּאַוואַנזקער און איך. פון דעמאָלט ביז צו דער שפּאַלטונג פון בונד, אין האַרבסט 1921, איז נישט געווען קיין פאַל אַז מיין קאַנדידאַטור אויף וועלכן ס'איז אַמט אָדער ווי אַ דעלעגאַט פון פאַך זאָל אָפּגעוואָרפן ווערן. אַזוי איז אויך געווען אין יִידישן מעטאַל־פאַראיין זינט זיין לעגאַלער עקזיסטענץ, אין די מערסטע פאַלן בין איך דערווײלט געוואָרן פער אַקלאַמאַציע.

אין דעם זעלבן פרימאָרגן, דינסטיק, דעם דריטן טאָג פון אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז אויף דער בונדישער בערזע צו מיר צוגעקומען בער־נאַרד גאָלדשטיין און געפרעגט, צי כ'קען שאַפן אַ דירה פאַר אַ וויכטיקער באַראַטונג. איך האָב אים געענטפערט, אַז יאָ. בערנאַרד האָט מיין ענטפער איבערגעגעבן יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן. יאַנעק איז צו מיר צוגעקומען און געלאָזט וויסן, אַז ער וויל מיט מיר גיין אינספּעקטירן די פון מיר פאָרגעלייגטע דירות. מיר זענען אַוועק אויף

צוויי ערטער. אין דירה, וואָס האָט באַלאַנגט צום גיסער־אַרבעטער זיסקינד ערליך, אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון אומלעגאַלן פּראָפעסיאָנעלן פאַכפאַראיין, האָט זיך געפונען אויף נאַוואַליפּיע־גאַס און זיך געגרענעצט מיטן באַזאַר, וואָס האָט געהאַט אַריינגאַנגען און אַרויסגאַנגען אויף די גאַסן לעשנאָ און נאַוואַליפּיע און אַנטשפּראָכן די נויטווענדיקייטן פאַר אַ קאָנספּיראַטיווער באַראַטונג. די צווייטע דירה האָט זיך געפונען אויף פראַנציסקאַנער נומער 6 און אָנגעהערט צום פרומען גיסער־אַרבעטער ישׂראל האַלבערשטאַט, דעם הויפּט־גבאי פון דער שול צום דאַווענען, וואָס דאָס פאַך האָט פאַרמאָגט. אויך די דירה איז פון שטאַנדפּונקט פון קאָנספּיראַציע געווען אַ גוטע. זי האָט זיך געפונען אויפן שיידוועג צווישן דער ייִדישער און נישט־ייִדישער געגנט. די געביידע איז געווען אַ גרויסע, איינע פון די העכסטע בנינים אין דער דאָזיקער געגנט, און האָט געהאַט אַ סך איינוווינערס, און אויך אַן אַרויסגאַנג אויף דער פרעטע־גאַס. יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט אויסגעקליבן די צווייטע וווינונג. ער האָט געזאָגט ישׂראל האַלבערשטאַטן, אַז די באַראַטונג איז נישט קיין גרויסע, אַן ערך 8–12 פּערזאָן, עטלעכע נישט־ייִדן, און אַז אין פאַל פון אַ פּאָליצייישן דורכפאַל קאָנען די קאָנסעקווענצן פאַר אים זיין גאַנץ שווערע. ישׂראל האַלבערשטאַט, אַ געוועזענער באַיאָוויעץ פון 1905 און מיט דערפאַרונג פון אַ קאָנספּיראַטאָר, האָט גוט באַגריפן די געפאַר, וואָס לויערט אויף אים. אַ היפּשע ווײַלע האָט ער זיך געשלאָגן מיט דער דעה, און צום סוף געענטפערט: „איך שטעל די דירה מיינע צו אייער דיספּאָזיציע, מיטן באַדינג, אַז איר ביידע, יאַנעק־יאַנקעלעוויטש און הערשל מעטאַלאָוויעץ, זאָלן זיך געפינען אין דער וווינונג בעת דער באַראַטונג".

דאָס גיין מיט יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן אינספּעקטירן די דירות איז געווען אונדזער ערשטער אָפיציעלער פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער און בונדיש־פּאַרטייישער קאָנטאַקט. פון דעמאָלט אָן האָט די פאַרבינדונג צווישן אונדז אָנגעהאַלטן ביז זיין פּריציייטיקן טויט, ווינטער 1919. מיר זענען געווען נישט בלויז פּאַרטיי־חברים, נאָר אויך האַרציקע און אינטימע פריינד. יאַנעק איז מיר געוואָרן אַן עלטערער חבר, אַ לערער און אַ פריינד. פון דער צוזאַמענאַרבעט און פון דער פּערזענלעכער נאָענטקייט מיטן אינטעליגענטן, פעיִקן, קלוגן און באַדאַכטן יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, דעם בעסטן אַרבעטער־טוער, וואָס כ'האָב אין בונד געקענט — האָב איך אַ סך, זייער אַ סך געוואונען.

אויף צו מאָרגנס, מיטוואָך אין דער פרי, דעם פערטן טאָג נאָכן אויסבראָך פון דער וועלט־מלחמה, איז פאָרגעקומען די באַראַטונג אין ישׂראל האַלבערשטאַטס וווינונג. באַטייליקט זיך אין איר האָבן צו צוויי פאַרטרעטערס פון יעדער פּאַרטיי, און איך און יאַנעק־יאַנקעלעוויטש — ווי שטומע אָבסערוואַטאָרן.

מצד בונד איז געווען ראַזאַ לעווויט (פרידע, ראַניע), פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע — סטעפאַן קרוליקאָווסקי (ציפּריאַן) און קאָוואַלסקי (גזשעד), פון ס.ד.ק.פּ.ל., פון די

זאַזשאַנדאָוועס — ריבאַצקי (שטשעפּאַן), און פון די ראָזלאַמאָוצעס — זאַשקאַ אונשליכט. ווער ס'זענען געווען די איבעריקע דריי — געדענק איך נישט. אין דימיון שווימען אַרויף פאַרשיידענע פיגורן און אין זכרון טויכן אויף פאַרשיידענע נעמען, אָבער קיין זיכערקייט וועגן זיי האָב איך נישט.

ראָזאַ לעוויט האָט אויף דער באַראַטונג געלייענט אַ שריפט אין רוסיש. ס'האָט זיך אַנטוויקלט אַ לענגערע דיסקוסיע. די פאַרשריבענע בלעטלעך זענען איבער־געגעבן געוואָרן דורך זאַשקאַ אונשליכט. ווי קנאַפּ כ'האָב פאַרשטאַנען די רוסישע און פוילישע שפּראַך, האָב איך פון דעסטוועגן געוווסט, אַז די פאַרשריבענע בלעט־לעך זענען דער טעקסט פונעם אַנטי־מלחמה־מאַניפעסט, און אַז זאַשקאַ אונשליכט איז באַאויפטראָגט געוואָרן צו זיין דער רעדאַקטאָר און איבערזעצער אין פויליש און זאָרגן, אַז דער מאַניפעסט זאָל אָפּגעדרוקט ווערן.

געווען איז דער צוזאַמענקום די ערשטע אָדער איינע פון די ערשטע זיצונגען פון פּאַראייניקטן צווישן־פּאַרטייִישן ראַט. די דאָזיקע קערפּערשאַפט האָט געקריגן דעם פאַרקירצטן פוילישן נאָמען „ראַדאַ". אין בונד האָט מען די דאָזיקע אינסטאַנץ גערופן „די ראַדע".

אין זכרון טויכן אויף צוויי מאָמענטן:

1. פון די אָנטיילנעמערס אין דער באַראַטונג זענען פאַרבליבן נאָר דריי פערזאָן: גזשעך־קאָוואַלסקי, ריבאַצקי און זאַשקאַ אונשליכט, וועלכע האָבן פער־מאַנענט זיך באַטייליקט אין די שפּעטערדיקע זיצונגען פון דער „ראַדע", ביז די דאָזיקע קערפּערשאַפט האָט, נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן קיין וואַרשע זומער 1915, אויסגעהויכט איר פּאָליטישע נשמה. די איבעריקע אָנטיילנעמער זענען, אָדער אַרעסטירט געוואָרן, אָדער פאַרלאָזט וואַרשע און אַנדערע פּאַרטיי־פאַרטרעטערס האָבן פאַרנומען זייער פּלאַץ.

2. כ'האָב אויף דער באַראַטונג זיך געפילט ווי דער כהן־גדול אום יום־כּיפּור אין היכל פון בית־המקדש — באַהערשט געווען פון אַ געפיל פון טיפער דערהויבנ־קייט, אַ צונויפשמעלצונג פון פּחד און פרייד: פון אַ פּחד פאַר אַן אומגעזעענער מעטאַפיזישער דערשיינונג, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַ מולטי־מולטיפּליצירטער ערפורכט און גלייכצייטיק אָנגעפילט מיט קוואַלנדיקער פרייד.

אַזאַ געפיל און אַזאַ מין איבערלעבונג האָב איך אין מיין פּאָליטיש־געזעלשאַפט־לעכן לעבן איבערגעלעבט עטלעכע מאָל:

בשעת מיין ערשטער באַגעגעניש מיט וולאַדימיר מעדעם אין זיין פּריוואַטער וווינונג, ווי אַ מיטגליד פון דער באַגריסונג־דעלעגאַציע פון וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד נאָך מעדעמס באַפרייונג פון תפיסה, זומער 1915;

בשעת דער דערעפענונג־זיצונג פון דער ערשטער בונדישער פּאַרטיי־קאָנפע־רענץ אין אומאָפּהענגיקן פוילן, דעצעמבער 1918, אין גראַסערקלוב אויף קאַרמע־ליצקע 29 אין וואַרשע;

בשעת מיין אַריינקומען צום ערשטן מאָל אין מאָסקווער קרעמעל, אין זאַל פון די דעלעגאַטן, בעת דעם צענטן קאָנגרעס פון דער אַלרוסישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, ווינטער 1921, ווו כ׳האָב געזען וולאַדימיר איליטש לענינען און אים געהערט רעדן;

אין דער גאַנצער צייט פון מיין בייזיין פון מיין בייזיין ווי אַ דעלעגאַט אויף די פּלענאַרע זיצונגען און אויף דער זיצונג פון פּרעזידיום פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין מאָסקווע, מיי–יוני 1922;

בשעת מיין ערשטן לאַנגשעהעדיקן שמועס מיט דער פירערין פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן, ווערא קאָסטשעוואַ (קאָשוטסקאַ–צישעווסקאַ), דעצעמבער 1927, אין דאַנציק — צאָפּאָט;

און בשעת דער ערשטער זיצונג, מיט מיין באַטייליקונג ווי אַ מיטגליד, פון דער קאָמיסיע צוצוגרייטן דעם פערטן קאָנגרעס פון פּראָפינטערן אין מאָסקווע, ווינטער 1928.

דאָס דאָזיקע געפיל און די דאָזיקע איבערלעבונג בין איך נישט אומשטאַנד איבערצוגעבן אין ווערטער. מען דאַרף, גלייב איך, זיין אָדער אַ פּסיכאָלאָג פון גאָטס גענאָד, אָדער אַ גאָטגעבענטשטער וואָרטקינסטלער צו קענען אַזאַ מין געפיל און אַזאַ מין איבערלעבונג איבערגעבן אין ווערטער אָדער אין שריפט.

נאָכן פאַרלאָזן די דערמאָנטע באַראַטונג האָט יאַנעק־יאַנקעלעוויטש מיר געלייענט אַ לעקציע קאָנספּיראַציע — אַז דער יסוד פון קאָנספּיראַציע איז: זען, הערן און שווייגן; אונטער קיין שום אומשטענדן טאָר איך קיינעם נישט דערציילן וועגן דעם פאַרגעקומענעם צוזאַמענקום, אַז מיין פאַרהאַלטן זיך נאָכן אָנטייל ווי אַן אָבסערוואַטאָר פון דער פאַרגעקומענער באַראַטונג וועט אין אַ גרויסער מאָס דעצידירן, צי מ׳וועט מיר קאָנען אָנפאַרטרויען קאָנספּיראַטיווע אויפגאַבעס. די דאָזיקע לעקציע איז מיר גוט אַריין אין די ביינער און געוואָרן אַן עיקר אין מיין קאָנספּיראַטיווער טעטיקייט.

פון ישראל האַלבערשטאַטס וווינונג, נאָך דעם פאַרענדיקן פון דער באַראַטונג, זענען מיר, יאַנעק־יאַנקעלעוויטש און איך, צוריקגעגאַנגען צו דער בערזע. דער בונדישער העכערער אַקטיוו און די בערזעוויקעס זענען געווען פאַרפאַרעט מיט די הכנות צו דער קומענדיקער דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג, און אויך איך בין אַריינגעצויגן געוואָרן אין די צוגרייטונגען.

די עטלעכע טעג, וואָס די מלחמה האָט שוין געדויערט, האָבן זיך געלאָזט שטאַרק פילן אינעם לעבן פון דער שטאָט וואַרשע. די פאַבריקן און וואַרשטאַטן זענען געווען פאַרמאַכט, טויזנטער אַרבעטער און בעל־מלאכות — אַרבעטלאָז. די פּויערים האָבן נישט געבראַכט קיין שפּייזפּראָדוקטן אין שטאָט אַריין. דאָס יקרות איז געוואַקסן פון שעה צו שעה. קרעמערס האָבן פאַרלאַנגט גאָלדענע, זילבערנע און קופּערנע מטבעות פאַר זייערע פּראָדוקטן. פאַרשיידענע קלאַנגען, איינע גרויי־

ליקער פון דער אַנדערער, האָבן זיך פאַרשפּרייט מיט אַ בליציקער שנעלקייט. פּאַניק און שרעק האָבן אַרומגעכאַפּט די שטאָט.

די אַרבעטער־בערזעס זענען געווען פול מיט אַרבעטלאָזע און הונגעריקע אַר־בעטער. אַ שטראַל פון האָפענונג איז פאַר זיי געווען די ידיעה, אַז דער בונד און אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען גרייטן אַ הילפסאַקציע. קיינער האָט אָבער נישט געקענט זאָגן, וואָס פאַר אַ כאַראַקטער און וואָס פאַר אַ פאָרנעם די הילפסאַקציע וועט האָבן.

מיין פאַמיליע האָט אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה דורכגעלעבט אַ שווערע טראַגעדיע. מיין שוואָגער, שׂמחה בינעם גרייצער, איז אויפן דריטן טאָג פון דער מלחמה אַרויס אין גאַס און מער נישט צוריקגעקומען, ווי די ערד וואָלט אים איינ־געשלונגען. מ׳האָט מער קיין מאָל נישט אויסגעפונען, וואָס ס׳איז מיט אים געשען.

נאָכן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבן אַ נייער פּעריאָד אין מיין לעבן, אָנגעלאָדן מיט אויפגאַבעס, אַמטן, פליכטן און פאַר־אַנטוואָרטלעכקייטן. דאָס האָט מיך געמאַכט רייפער און באַוועגט מיין מוח קלאָרער און אינטענסיווער צו טראַכטן. דער צוטרוי מצד דעם העכערן בונדישן פּאַרטיי־אַקטיוו, זיין גוטע באַציִונג צו מיר און די סימפּאַטיע מצד די בערזעווּיקעס און די אַרבעטער פון מיין פאַך, דאָס באַגעגענען זיך מיט אַ רייע פּירערס און פּער־זענלעכקייטן פון דער סאָציאַליסטישער וועלט, האָט געשטאַרקט מיין מוט און גע־קרעפטיקט מיין קוראַזש. כ׳האָב אָנגעהויבן קריגן דאָס גליקלעכע געפיל פון טאַט, די רעגונג פון פליכט און אַחריות, און אָנגעהויבן שפּאַנען מיט פעסטע טריט אויפן שטיינערנעם באָדן פון פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן.

## די דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג

די פאַרזאַמלונג פון דעלעגאַטן פון די אונטערערדישע פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען און פון די פאַרשיידענע פאַכן איז פאָרגעקומען פרייטיק נאָך מיטאָג, דעם 7טן אויגוסט 1914, אויף וואָלינסקע־גאַס נומער 2, אין דער וווינונג פון לעדער־אַרבעטער יוסף באָסאַק (יוסף ליפשיץ).

יוסף באָסאַקס דירה איז געווען אַ פיין־איינגעאָרדנטע 5–6־צימערדיקע וווינונג. געווען איז יוסף באָסאַק אַ גוטער פאַרדינער, איינער פון די בעסטע צווישן די גוטע פאַרדינערס אין דעמאָלטדיקן וואַרשע, און דאָך, ווי ס׳זעט אויס, איז אים שווער געווען אויסצוהאַלטן אַזאַ וווינונג אַפילו אויף דער אָרעמער וואָלינסקע־גאַס, ווו דאָס דירה־געלט איז געווען נישט צו הויך, און ער האָט פאַרדונגען עטלעכע צימערן צו סובלאָקאַטאָרן. געוווינט האָבן ביי אים דער בונדישער טוער חנינא קראַמאַרסקי,

וועלכער האָט ביז צום אויסבראָך פון דער מלחמה געאַרבעט ווי אַ קאָמאַשן־מאַכער אין רייכערס גרויסער מעכאַנישער שיכפאַבריק און נישט שלעכט פאַרדינט, און אויך אַ מיידל, אַ פאַרקויפערין אין אַ גרויס געשעפט אין דער פוילישער געגנט.

דער בונדישער אַקטיוו האָט אָרגאַניזירט די פאַרזאַמלונג, און דערוואַרט אַ גוטן באַזוך פון דעלעגאַטן. גערעכנט האָט מען אויף אַ 50—60 אַנטיילנעמערס, געקומען זענען אַ 150. אַלע צימערן און קאָרידאָרן פון דער גרויסער וווינונג זענען געווען געפּאַקט.

חוץ די בונדישע און פּראָ־בונדישע דעלעגאַטן, אַנגעפירט פון ראָזאַ לעוויט און יאַנקל לעווין (פּלטיאל), איז אויך געקומען אַ גרעסערע דעלעגאַציע, פון אַ 15—20 פּערזאָן, פון די פאַכן און פאַראיינען, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע. אין דער דעלעגאַציע האָבן זיך באַטייליקט די וויכטיקסטע טוערס פונעם יידישן סעקטאָר פון דער דאָזיקער פּאַרטיי, די שטובן־מאָליערס (מאַלאַזשעס) פּיניע מאַלאַזש און משה מעזריטשער, די פאַכפירערס פון דער סעקציע „קליינע" ביי די געגריוועטע שוסטערס, יצחק דזשאַבאַק און דער קליינער יצחקל, שימעלע קירדשנער, קאַראַל (דער שפּעטער באַקאַנט געוואָרענער טוער און פירער פון יידישן סעקטאָר פון ס.ד.ק.פּ.ל. און פּיאָנער פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין דער יידישער סביבה אין פוילן), וועלכער האָט שוין דעמאָלט געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע אינעם יידישן סעקטאָר פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע. אָנגעפירט איז די דאָזיקע דעלע־גאַציע געווען דורך גזשעך קאָוואַלסקי, אַ פּאָליאַק, דער אָנפירער מיטן פּ.פּ.ס.ישן יידישן סעקטאָר, ד"ר בראָניסלאַוואַ גראָסער (סלאַוואַ), איינע פון די פּראָמינענטסטע פירערינס פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע צו יענער צייט, און שפּעטער — פון דער קאָמוניס־טישער פּאַרטיי פון פוילן, און יאַנעק צוויגעל, אַן אַסימילירטער יידישער אינטע־ליגענט, וועלכער האָט נישט געקענט אָדער נישט געוואָלט רעדן קיין יידיש, אַן אָנגעזעענע פיגור אין דער געזעלשאַפט פון האַנדלס־ און ביוראָ־אָנגעשטעלטע, די אַ"ג „סטאָוואַזשישעניע".

ווי אָבסערוואַטאָרן זענען אויך געקומען פאַרשטייערס פון ס.ד.ק.פּ.ל. זאָשקאָ אונשליכט פון די ראַזלאַמאַוועצעס און אַ פאַרשטייער פון די זאַזשאַנדאַוועצעס, וועמענס נאָמען כ'קען זיך ליידער נישט דערמאָנען.

דער קוואַליטאַטיווער צוזאַמענשטעל פון דער דעלעגאַציע פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע, און די פּראָמינענץ פון איר אָנפירערשאַפט, ווי דאָס קומען ווי אָבסערוואַטאָרן־פאַרשטייערס פון ביידע פליגלען פון ס.ד.ק.פּ.ל., האָט געוויזן, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון פוילן האָבן געלייגט אַ גרויס געוויכט אויף די פאַרהאַנדלונגען און אויף דעם אויסגאַנג פון דער דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג.

געקומען איז אויך אַ דעלעגאַציע פון פועלי־ציון אין באַשטאַנד פון אַ 10—12 פּערזאָן, אַנגעפירט פון ישראל רייכמאַן (ישׂראל וועשער), יצחק לעוו און פון דעם פירער פון בערשטל־פאַראיין — אַ הויקער, וועגן וועמען כ'האָב שוין געהאַט דער־

מאָנט אין פּריִערדיקע קאַפּיטלען, אַז נאָך דער מערץ־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, איז ער געווען איינער פון די ערשטע דעמאַסקירטע פּראָוואָקאַטאָרן.

צווישן די דעלעגאַטן האָב זיך אויך געפונען עטלעכע אַנאַרכיסטן ווי דעלעגאַטן פונעם גרויסן און וויכטיקן פאַך פון די געגריוועטע שוסטערס, אָנגעפירט פון מרדכי שוסטער, גערופן אויך — דער שוואַרצער מרדכי.

ווי אַזוי די דאָזיקע פּילצאָליקע אומלעגאַלע פאַרזאַמלונג, מיט איר שטורמישן פאַרלויף, אָפּגעהאַלטן אין דער צייט פון דער מלחמה, אונטערן צאַרישן מיליטערישן רעזשים, איז נישט דורכגעפאַלן פּאָליצייִיש, טראָץ די געהעריקע פאַרהיטונג־מיטלען — איז דעמאָלט פאַר יעדן געווען אַ רעטעניש.

די טאָג־אָרדענונג פון דער פאַרזאַמלונג איז באַשטאַנען פון איין פּונקט: שאַפן ווירטשאַפטלעכע הילף־אינסטיטוציעס פאַר די מאַסן אַרבעטלאָזע און פאַר די פאַ־מיליעס פון די רעזערוויסטן, וואָס זענען אַוועק אין מיליטער. די דאָזיקע אַקציע איז באַצייכנט געוואָרן מיטן נאָמען: „ווירטשאַפט־אַקציע".

די צווישן־פאַרטייִשע קאַמפן האָבן זיך אָנגעהויבן שוין ביים וויילן אַ פאַר־זיצער. דריי קאַנדידאַטן זענען פאָרגעלייגט געוואָרן: ראָזאַ לעוויט מצד בונד, פּיניע מאַלאַזש מצד פּ.פּ.ס.־לעוויצע, און דער פירער פון די בערשטל־מאַכערס מצד פּועלי־ציון. ראָזאַ לעוויט איז דערוויילט געוואָרן מיט זייער אַ גרויסער מערהייט שטימען.

אין איר דערעפענונג־רעדע האָט ראָזאַ לעוויט גערעדט וועגן די אַקטועלע געשעענישן, וועגן דער מלחמה קעגן דער מלחמה און וועגן די געפאַרן וואָס לויערן אויפן אַרבעטער־קלאַס און אויף דער ייִדישער באַפעלקערונג אין רעזולטאַט פון דער מלחמה; וועגן דער וויכטיקייט פון דער אַקציע־פאַראייניקונג פון די סאָציאַ־ליסטישע פאַרטייען פון פּוילן, וועלכע זענען קעגן דער מלחמה; וועגן דעם אינהאַלט און די לאָזונגען פונעם מאַניפעסט פון פאַראייניקטן צווישן־פאַרטייִשן ראַט און וועגן דער ווירטשאַפט־אַקציע. זי האָט אונטערגעשטראָכן דעם פּונקט, אַז די ווירט־שאַפט־אַקציע איז נישט קיין פילאַנטראָפּישע, נאָר אַ זעלבסטהילף פון די אַרבעטער און פאַר די אַרבעטער און זי מוז זיין פאַרבונדן מיטן פּאָליטישן לעבן און מיטן קאַמף, וואָס דער אַרבעטער־קלאַס אין דער צאַרישער אימפּעריע פירט און וועט מוזן ווייטער פירן קעגן צאַריזם און קעגן צאַרישן מיליטערישן מלחמה־רעזשים; אַז די ווירטשאַפט־אַקציע איז אַ טייל פונעם טעטיקייט־פּראָגראַם פון דער „ראַדע" און דאַרף זיך געפינען אונטער דער פּאָליטישער אָנפירונג פון די געגעבענע פאַר־טייען און אַז אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס דאַרף די ווירטשאַפט־אַקציע זיך געפינען אונטער דער השפּעה פון בונד. ראָזאַ לעוויט איז נישט געווען קיין שיינרעדנערין. איר רעדע האָט נישט פאַרכאַפּט און נישט אימפּאָנירט, אָבער געמאַכט אַ גוטן איינדרוק מיט איר זאַכלעכקייט און מיט איר מוטערלעכן אופן.

וועגן דער פּראַקטישער דורכפירונג פון דער ווירטשאַפט־אַקציע האָט רעפע־

רירט יאַנקל לעווין (פּלטיאל). געווען איז דאָס אַ רעדע אַן פּליטערלעך, זאַכלעך, קאַלט און אין אַ האַרטן מאָנאָטאָנעם ליטווישן אַקצענט, וואָס די וואַרשעווער ייִדן האָבן נישט איבעריק ליב געהאַט. ער האָט אויך געמאָלדן, אַז די ערשטע געלטער זענען געקומען פון צוויי פאַך־אָרגאַניזאַציעס: 50 רובל פון די מעטאַל־טאָקערס און גיסערס, און 27 רובל — פון די שטעקן־מאַכערס. ער האָט גערופן די איבעריקע פאַכן און פאַראיינען, וועלכע האָבן געלטער אין זייערע קאַסעס, איבערצוגעבן דעם בונד זייערע פאָנדן, כּדי די ווירטשאַפט־אַקציע זאָל האָבן אַ בולטן פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער און צום סוף האָט ער פאָרגעלייגט אויסצוויילן אַן אַפּאַראַט, וואָס זאָל אָנפירן מיט דער אַקציע.

די דיסקוסיע איבער ביידע רעפעראַטן איז געווען אַ הייסע און אַ לאַנגע. צוויי גרונטיקע אַנטי־בונדישע שטאַנדפּונקטן זענען געקומען צום אויסדרוק: איינער פון פּועלי־ציון און אַ צווייטער פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע.

דער הויפּטרעדנער פון פּועלי־ציון איז געווען יצחק לעוו. ער איז אַרויסגעטראָטן קעגן דעם מאָנאָפּאָל פון בונד אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס און קעגן דער דיסקרימינאַציע און דאָס עלימינירן פון פּועלי־ציון, און פאַר אַן אויסערפּאַרטייִשער זעלבסטאַקציע פון די אַרבעטער, אין וועלכער ס'זאָלן זיך באַטייליקן אַלע גרופּירונגען אין דער אַרבעטער־סביבה. דער טייל פון דער פּועלי־ציוניסטישער שטעלונג וועגן אַן אויסערפּאַרטייִשער זעלבסטאַקציע איז געשטיצט געוואָרן פון די עטלעכע אַנאַרכיסטן — אין דער רעדע פון מרדכי שוסטער.

די רעאַקציע מצד דעם בונד, פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע און פון די פּאַרטרעטערס פון ס.ד.ק.פּ.ל. קעגן דער פּועלי־ציוניסטישער שטעלונג איז געווען אַ טיפּישע פאַר יענער צייט: מחוץ למחנה. פּ. צ. איז אָפּגעזאָגט געוואָרן דאָס רעכט פון אַ פּראָלעטאַריש־פּאָליטיש לעבן, מען האָט זי באַשולדיקט, אַז זי איז אַן אַגענטור פון בורזשואַזן און רעאַקציאָנערן ציוניזם אין דער ייִדישער אַרבעטער־סביבה, און די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען ווילן מיט פּועלי־ציון נישט האָבן קיין מגע־ומשא. יחידים־אַרבעטער, אומאָפּהענגיק פון זייערע פּריוואַטע אָנשויונגען, וועלכע געהערן צו באַשטימטע פאַכן וועלן קענען געניסן פון דער הילף פון דער ווירטשאַפט־אַקציע, אָבער אין קיין פאַל וועט נישט צוגעלאָזן ווערן דער אָנטייל פון פּועלי־ציון ווי אַ פּראָלעטאַריש־סאָציאַליסטישע גרופּירונג. נאָכן אָננעמען אַ געמיינזאַמע — פון בונד און פּ.פּ.ס.־לעוויצע — אַנטי־פּועלי־ציוניסטישע רעזאָלוציע, האָט די פּועלי־ציוניסטישע גרופּע פאַרלאָזן די דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג אונטער אַ האָגל פון פיינטלעכע עפּיטעטן און שפּאָטישן געלעכטער.

אַ פאַרשאַרפטער קאַמף איז אויך פאָרגעקומען צווישן בונד און פּ.פּ.ס.־לעוויצע.

דער שטאַנדפּונקט פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע איז געווען: אויך אויסערלעך דאַרף די ווירטשאַפט־אַקציע האָבן אַן אינטערנאַציאָנאַליסטיש פּנים. די קאָנסומענטן אין די קיכן און אין די אַנדערע הילף־אינסטיטוציעס דאַרפן זיין געמישטע, פון פּוילישע

און ייִדישע אַרבעטער, און פונקציאָנירן לויטן ראַיאָן־סיסטעם, ווי עס פונקציאָנירן די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע און ס.ד.ק.פּ.ל.

דעם בונדס שטאַנדפּונקט איז געווען, אַז אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס דאַרף די ווירטשאַפט־אַקציע זיין צוגעפּאַסט צו די באַדערפעניש פון די ייִדישע אַרבעטער און דאַרף דעריבער, לויטן כאַראַקטער און אויסערלעכן אויסזען, זיין אַ ייִדישע — פון די ייִדישע אַרבעטער פאַר די ייִדישע אַרבעטער. פון די ייִדישע אַרבעטער־הילף־אינסטיטוציעס וועלן נאַטירלעך אויך קענען געניסן אַ געוויסע צאָל נישט־ייִדישע אַרבעטער און משפּחות פון פּוילישע אַרבעטער־רעזערוויסטן, אָבער דאָס פּנים און דער כאַראַקטער פון די הילף־אינסטיטוציעס דאַרף זיין אַ ייִדיש־פּראָלעטאַרישער. פון די געמיינזאַמע הילף־אינסטיטוציעס, אין וועלכע דער רוב קאָנסומענטן וועלן זיין פּוילישע אַרבעטער, וועלן געניסן נאָר אַ קליינע גרופּע פון דעם ייִדישן סאָציאַליסטישן אַוואַנגאַרד, אָבער נישט די מאַסן ייִדישע אַרבעטער. די ייִדישע אַרבעטער וועלן נישט קענען זיין קיין אַקטיווער כּוח און קיין אַקטיווער פאַקטאָר אין די קאַמפּן, וועלכע וועלן אין דער נאָענטסטער צוקונפט זיין אַ פּועל־יוצא פון די נויטן און באַדערפענישן פון דער ווירטשאַפט־אַקציע. די ווירטשאַפט־אינסטיטוציעס פאַר די ייִדישע אַרבעטער קענען אויך נישט געשאַפן ווערן אויף דער באַזע פון ראַיאָנען, ווייל די ייִדישע אַרבעטער זענען צעשפּרייט איבער דער גאַנצער שטאָט. אַ בונדישער פאָרשלאָג איז געווען, אַז נאָך דעם ווי ס׳וועלן אָנהייבן פונקציאָנירן די ווירטשאַפטלעכע הילף־אינסטיטוציעס, זאָל געשאַפן ווערן אַ דאַך־אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל קאָאָרדאָנירן די אַרבעט פון דער פּוילישער און ייִדישער ווירטשאַפט־אַקציע.

די הויפּטרעדנערס מצד פּ.פּ.ס.־לעוויצע זענען געווען ד״ר בראָניסלאַוואַ גראָסער (סלאַוואַ) און יאַנעק צוויגעל.

ד״ר בראָניסלאַוואַ גראָסער האָט גערעדט רויִק, געלאַסן, כּמעט אָן זשעסטן, אין גוט־געבויטע זאַצן. גערעדט האָט זי פּויליש, און די מבֿינים פון פּויליש האָבן שטאַרק געלויבט איר שפּראַך און אופן פון רעדן. איר רעדע איז אָבער געווען גיכער צוגעפּאַסט פאַר אַן אוידיטאָריע פון סטודענטן, איידער פאַר אַ ייִדישער אַרבעטער־דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג. די פּוילישע שפּראַך און איר אופן פון רעדן האָבן אויף די פאַרזאַמלטע נישט געמאַכט קיין געהעריקן איינדרוק.

ביים אָנהייב פון ד״ר בראָניסלאַוואַ גראָסערס רעדע איז אויסגעבראָכן אַ סקאַנ־דאַל. דער רוב דעלעגאַטן האָט געפאָדערט, מ׳זאָל צו זיי רעדן ייִדיש און נישט קיין פּויליש. ערשט די אינטערווענץ פון דער פאָרזיצערין ראָזאַ לעוויט און פון אַ טייל אַנדערע אָנגעזעענע בונדיסטן, און זייערע אַרגומענטן, אַז די פאָרשטייערין פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע איז נישט קיין ייִדישע, נאָר פון פּוילישער אָפּשטאַמונג, און אַז זי איז די פרוי פון פאַרשטאָרבענעם בונדישן פירער בראָניסלאַוו גראָסער, האָט אָפּ־געשטעלט די אָפּאָזיציע צו איר רעדן פּויליש.

יאַנעק צווייגעל איז אָבער נישט געקומען צום פּסוק. אים האָט מען בשום אופן נישט געלאָזט רעדן קיין פּויליש. קיין שום אינטערווענצן און קיין שום אַרגומענטן האָבן נישט געהאָלפן, און יאַנעק צווייגעל איז געצוווּנגען געווען איבערצורייסן זיין רעדע. זיין וואָרט איז איבערגענומען געוואָרן דורך קאַראַלסקין.

אַן ענלעכן פאַרלויף האָט געהאַט דער אַרויסטריט פון זאָשקאַ אונשליכט. אויך איר האָט מען נישט געלאָזט רעדן קיין פּויליש און זי איז געצוווּנגען געווען זיך אָפּצוזאָגן פון איר וואָרט. אַן אויסנאַם איז ווידער געמאַכט געוואָרן פאַרן צווייטן פאַרשטייער פון ס.ד.ק.פּ.ל., אַ פּאָליאַק.

אויך איך בין געווען איינער פון די דיסקוטאַנטן אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמ־לונג. דאָס איז געווען מיין ערשטער דעביוט ווי אַ רעדנער אויף אַן עפנטלעכן פאָרום. מיין רעדע איז געווען אַ פּאָלעמישע אַטאַקע קעגן יצחק לעוון און קאַראַלסקין. מיין ערשטער עפנטלעכער אַרויסטריט איז זיכער נישט געווען קיין מייסטערווערק. חברים האָבן אָבער פאַרזיכערט, אַז ער איז געווען נישט שלעכט: „האָסט זיי ביידן גוט אַריינגעזאָגט".

צוויי רעדעס האָבן אויף דער דערמאָנטער דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג געמאַכט אַ שטאַרקן רושם: קאַראַלסקיס און פון אַן עלטערן אַרבעטער, אַ שטעקן־מאַכער.

קאַראַלסקי איז שוין דעמאָלט געווען אַ גוטער רעדנער, זיין שפּראַך און זשעס־טיקולאַציעס האָבן פאַרכאַפּט דעם עולם. אָבער זיין רעדע האָט נישט געהאַט קיין פּראַקטישע פּעולה.

די פּראָ־בונדישע רעדע פונעם שטעקן־מאַכער איז דורך די פאַרזאַמלטע אויפ־גענומען געוואָרן מיט אָפענע אויערן. די דעלעגאַטן האָבן געגאַפּט און געשטוינט הערנדיק זיין רעדע, אַ מייסטערהאַפטע אין יעדן פּרט. די באַוווּנדערונג איז געווען נאָך גרעסער דערמיט, וואָס דער רעדנער איז נישט באַקאַנט געווען ווי אַ טוער, נאָר ווי אַ פּשוטער אַרבעטער. לײדער געדענק איך נישט דעם נאָמען אָדער פאַמיליע פונעם דאָזיקן אַרבעטער. אַלע מיינע פּרוּוון זיך צו דערמאָנען, ווי ער האָט געהייסן, זענען געבליבן אָן רעזולטאַט.

דער פּאַרדרוס איז נאָך גרעסער, מחמת דעם, וואָס כ׳האָב מיט אָט דעם אַרבעטער פאַרבראַכט עטלעכע חדשים ביי געמיינזאַמער אַרבעט אין דער בונדישער ווירט־שאַפט־אַקציע און געווען מיט אים פערזענלעך באַפריינדט. איך געדענק גענוי אַ סך פּרטים פון זיין פיזיאָנאָמיע און פון זיין לעבן — און גראָד זיין נאָמען אָדער פאַמיליע איז מיר אַרויס פון זכרון, ווי מ׳וואָלט פאַרפרוירן און אַרויסגעשניטן אַ שטיק פון מיין מוח.

אָבער איך פיל פאַר מיין חוב צו דערציילן, וואָס כ׳ווייס וועגן דעם דאָזיקן מערקווערדיקן אַרבעטער און וועגן די אומשטענדן, ביי וועלכע ער האָט געאַרבעט און געלעבט.

דאָס פאַך פון שטעקן־מאַכערס איז פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, צאַלמעסיק

געווען אַ גרויס פּאַך און באַשעפטיקט עטלעכע הונדערט אַרבעטער, אויסשליסלעך ייִדישע. אין וואַרשעווער ייִדיש האָט מען אָן אַרבעטער ביי דער מלאכה גערופן „אַ שטעקעלע־מאַכער״. דאָס פּראָדוצירן שטעקנס איז געווען פאַרבונדן מיט דער ערגסטער צו יענער צייט סאָציאַלער קראַנקייט — מיט טובערקולאָז. די לאָקאַלן, ווו די שטעקנס זענען פּראָדוצירט געוואָרן, האָבן זיך געפונען מייַנסטנס אין קעלער־שטובן, אָן וועלכע ס׳איז סאַניטאַרע באַדינגונגען און אָן לופט־ווענטילאַציע. דאָס אויסאַרבעטן די שטעקנס האָט געבערענגט מיט זיך כמאַרעס שטויב און דעם געשטאַנק פון פּאָליטור. דער שטויב און די פּאָליטור האָט אויפגעגעסן די לונגען. אָפענע פענצטער ווינטערצייט ביי דער פיזיש־אָנגעשטרענגטער אַרבעט האָט גורם געווען פאַרקילונגען און לונגען־אָנצינדונגען.

דער דערמאָנטער אַרבעטער איז געווען אַ לעבעדיק בילד פון די אומשטענדן אינעם דאָזיקן פּאַך: אַ מיטלוווּקסיקער, אַ דאַרער, הויט און ביין, מיט איינגעפאַלענע באַקן, אַרויסגעסטאַרטשעטע קינבאַקן, אַ לאַנגע, דינע פאַרשפּיצטע נאָז און אַ פיבערגלאַנץ אין די אויגן — האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ סקעלעט, וואָס איז אַרויסגעקראָכן פון אַ קבֿר און רעפּרעזענטירט די מתים פון זיין פּאַך אין דער וועלט פון די לעבעדיקע.

ער האָט זיך אויסגעטיילט פון אַנדערע אַרבעטער אין אַ סך הינזיכטן. די האָר זיינע זענען געווען פעך־שוואַרץ. געזאָגט האָט מען, אַז ער פאַרבט די האָר, פון וואָס מ׳האָט דעמאָלט אין וואַרשע נאָך נישט געוווּסט, נישט ביי פרויען, אַ פּשיטא שוין ביי מענער. זומער און ווינטער איז זיין אויבער־בגד געווען אַ העלער רעגן־מאַנטל — אַ מלבוש, וואָס אַרבעטער אין וואַרשע האָבן נאָך דעמאָלט נישט געטראָגן. אַ זעלטענע זויבערקייט האָט געפּעכלט פון זיינע קליידער און וועש.

געוווינט האָט דער שטעקן־מאַכער מיט אַ טאָכטער פון אַ יאָר 15 אין אַ דאַך־שטיבל אויף שמאָלע־מילע־גאַס. דאָס מיידל איז געגאַנגען אין אַ שולע און איז אומעטום מיט אים מיטגעגאַנגען אין זיין פרייער צייט. ער איז אָפּט קראַנק געווען.

איין מאָל האָט מיר דער דאָזיקער אַרבעטער דערציילט, אַז ער האָט אַ געוויסע צייט געלעבט אין לאָנדאָן און אַז זיין פרוי איז זיך מיט אים צעגאַנגען; אַז ער איז אַ בונדיסט נאָך פון פאַר 1905. אַלע זיינע יאָרן איז ער טעטיק געווען אין בונד, אין וואַרשע און אין לאָנדאָן. בלויז אין די לעצטע צוויי—דריי יאָר אין וואַרשע האָט ער צוליב זיין געזונט־צושטאַנד און צוליב דער דערציִונג פון דער טאָכטער זיך אָפּגעריקט פון אַקטיווער בונדישער טעטיקייט. ער האָט אָבער געהאָלפן אָרגאַניזירן דאָס פּאַך פון שטעקן־מאַכערס אין אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין און מיטגעהאָלפן דורכפירן אַ געווינענעם שטרייק. און אַז צוויי זאַכן האַלטן אים ביים לעבן: די ליבע צו דער טאָכטער און די איבערגעגעבנקייט צום בונד.

בשעת מיין פאַרברענגען אין תּפיסה אין די ערשטע וואָכן פון ווינטער 1915, איז דער דערמאָנטער אַרבעטער געשטאָרבן. יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט אַראַנזשירט

זיין לוויה, וואָס איז צוליב די באַדינגונגען אין יענער צייט געווען אַ שטילע און אַ שוואַך באַזוכטע. יאַנעק האָט קיין מאָל זיך נישט געקאָנט מוחל זיין די באַשיידנ־קייט פון דער לוויה, ער האָט אויך קיין מאָל נישט פאַרגעסן דעם טאָג פון דעם דערמאָנטן אַרבעטערס טויט.

איין מאָל, נאָך מיינס אַן עפנטלעכן אַרויסטריט, האָט צו מיר יאַנעק־יאַנקעלע־וויטש אַ זאָג געטאָן: „געדענקסט דעם שטעקעלע־מאַכער? אַ שאָד, וואָס ער איז אַזוי פריציייטיק געשטאָרבן. ער וואָלט אין די איצטיקע באַדינגונגען געקענט שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין אונדזער באַוועגונג. די יידישע אַרבעטער האָבן מיט זיין טויט פאַרלאָרן אַ הויך אינטעליגענטן מענטש, אַ גוטן און איבערגעגעבענעם טוער, אַ גרויסן אָראַטאָר, אַן אמתן פאָלקס־טריבון". און דער נישט־סענטימענטאַלער יאַנעק האָט אָפּגעווישט אַ טרער.

נאָכן אָפּשטימען די רעזאָלוציעס — דאָס אָננעמען די בונדישע רעזאָלוציעס מיט אַן איבערוועגנדיקער מערהייט און דאָס אָפּוואַרפן אַלע פאָרשלאָגן פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע — האָט די פּ.פּ.ס.ישע דעלעגאַציע פאַרלאָזן די פאַרזאַמלונג. געבליבן זענען אַ הונדערט בונדישע און פראַ־בונדישע דעלעגאַטן און די עטלעכע אַנאַרכיסטן, וועלכע האָבן דערקלערט, אַז טראָץ דעם, וואָס זיי זענען נישט צופרידן מיטן אינ־האַלט פון געוויסע רעזאָלוציעס, וועלן זיי מיטהעלפן דעם בונד אין דער ווירטשאַפט־אַקציע.

געבליבן זענען אויך צוויי מיטגלידער פון דער פּ.פּ.ס.ישער דעלעגאַציע: דער שטובן־מאָליער משה מעזריטשער און דער קליינער יצחקל פון דער סעקציע „קליינע" פון די געגריוועטע שוסטערס. משה מעזריטשער האָט דערקלערט אַז ער איז פּאָליטיש דער זעלבער, וואָס געווען, ער האַלט אָבער, אַז אין די איצטיקע באַדינגונגען אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס איז דער בונד דער איינציקער, וואָס איז בכוח צום שנעלסטן רעאַליזירן אַ הילפאַקציע פאַר די יידישע אַרבעטער. ער איז דעריבער גרייט מיטצוהעלפן מיט וואָס ער קען. דערביי לאָזט ער זיך איבער דאָס רעכט אין פאַל ווען זיין ריכטונג וועט זיך איינגעבן צו שאַפן הילף־אינסטיטוציעס פאַר יידישע אַרבעטער מיטצוהעלפן יענע אינסטיטוציעס.

דער קליינער יצחקל האָט דערקלערט, אַז ער בלייבט צוזאַמען מיט די איבעריקע דעלעגאַטן פון די געגריוועטע שוסטערס. שפּעטער איז דער קליינער יצחקל געוואָרן אַ בונדיסט און געבליבן אַ בונדיסט ביז צום אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. ער האָט געטיילט דעם גורל פון אַלע וואַרשעווער יידישע איינוווינערס.

דער קאָמיטעט, וואָס איז געוויילט געוואָרן אויף דער דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג, איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע דעלעגאַטן:

1. יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, אַ דרוקער־אַרבעטער.
2. יוסף באָסאַק — יוסף ליפשיץ, אַ לעדער־אַרבעטער, אַ באָסאַק (סאַנדאַלן)־מאַכער.

3. חנינא קאַמאַשן־מאַכער — חנינא קראַמאַרסקי., אַ לעדער־אַרבעטער, אַ קאַמאַשן־מאַכער.
4. דער לאָמער בנימינקע — גערופן אויך בנימינקע וואַלקער, אַ לעדער־אַרבעטער, אַ פשיסוּוע־בייגער. פאַמיליען־נאָמען — פאַרגעסן.
5. מענדל פּראַגער — מענדל גאָלדמאַן, אַ לעדער־אַרבעטער, אַ קאַמאַשן־מאַכער.
6. משה דזשאָבאַק — אַ לעדער־אַרבעטער, אַ געגריוועטער שוסטער, אַן אַנאַרכיסט, פאַמיליע־נאָמען — פאַרגעסן.
7. דער שוואַרצער אַברהם — אַ שניידער, פאַמיליע — אומבאַקאַנט.
8. אסתּר — אַ שניידערין, פאַמיליע — אומבאַקאַנט.
9. אַ היטל־מאַכער — נאָמען און פאַמיליע פאַרגעסן. אַ קליינער אין וווּקס, געווען טעטיק לאַנגע יאָרן אין נאָדל־פאַראיין.
10. מאַריץ מעטאַלאָוויעץ — משה וויינבערג, אַ מעטאַל־אַרבעטער ביי אייזערנע אָרנאַמענטן.
11. הערשל מעטאַלאָוויעץ — הערש לייב בעקערקונץ, אַ מעטאַל־טאָקער.
12. בערנאַרד גאָלדשטיין — אַ פריזיער (?)
13. אַ שטעקן־מאַכער — נאָמען און פאַמיליע — פאַרגעסן.
14. משה סטאָליאַר — משה ליכטענשטיין, גערופן אויך „דער אַלטער משה", אַ בוי־סטאָליאַר.
15. עליע פילאָזאָף — אַ בעקער־אַרבעטער, פאַמיליע — אומבאַקאַנט.
16. שמאי בעקער — אַ בעקער־אַרבעטער, פאַמיליע — אומבאַקאַנט.
17. שלאָסבערג — אַ קאַסטן־מאַכער, נאָמען — פאַרגעסן.

מיין אויסגעוויילט ווערן אין יידישן אַרבעטער־ווירטשאַפט־אַקציע־קאָמיטעט איז געווען אַ וויכטיקער עטאַפּ אין מיין לעבן. ס'האָט זיך פאַר מיר געעפנט אַ ברייט פעלד פאַר פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט — אַן אַריינטריט אינעם ענגן קרייז פון די פירנדיקע בונדישע טוערס, אַ פעסטער און אַ הויכער שטאַפּל אויפן לייטער פון אַ פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער קאַריערע.

## די בונדישע ווירטשאַפט־אַקציע

די אידעע פון די סאָציאַליסטישע אַנטי־מלחמה־פּאַרטייען אין פּוילן צו שאַפן אין וואַרשע הילף־אינסטיטוציעס פאַר די אַרבעטלאָזע און פאַר די פאַמיליעס פון די אַרבעטער־רעזערוויסטן, האָט באַקומען איר ערשטן תיקון אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס. די ערשטע פונקציאָנירנדיקע הילף־אינסטיטוציע — אַ ברויט־פאַרטיילונג — איז אָרגאַניזירט געווען פון בונד.

שוין אויף צו מאָרגנס נאָך דער דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון „יידישן אַרבעטער־ווירטשאַפט־אַקציע־קאָמיטעט״. צו דער זיצונג זענען געקומען דריי חברים, וועלכע איך האָב פריִער קיין מאָל נישט באַגעגנט: סענדער, סאַדאָווסקי און נאַכעמזאָן. דער נאָמען סענדער איז געווען אַ פּאַרטיי־פּסעוודאָנים, און זינט דעם אַריינקום פון די דייטשן קיין וואַרשע זומער 1915, ביז זיין טויט אין ניו־יאָרק נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז דער דאָזיקער פירנדיקער בונדישער טוער באַקאַנט געווען אונטערן נאָמען וויקטאָר שולמאַן. די אַנדערע צוויי האָבן פיגורירט אונטער זייערע אייגענע פאַמיליע־נעמען. די דאָזיקע דריי חברים זענען געוואָרן די פילאַרן פון דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע.

סענדער, וועלכער איז געווען דער פאָרזיצער פון דער דערמאָנטער זיצונג, איז זינט דעם אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געוואָרן דער הויפּטפירער פון דער וואַרשעווער בונדישער אָרגאַניזאַציע, אַ מיטגליד פונעם ספּעציעל געשאַפענעם „פּוילישן קאָמיטעט״ פון בונד — אַ סובסטיטוט פון צענטראַל־קאָמיטעט פון אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד פון ליטע, פּוילן און רוסלאַנד. ער איז געווען דער הויפּט־פאַרשטייער — נאָך ראַזאַ לעוויטס פאַרלאָזן וואַרשע — פון בונד אין דער „ראַדע״ און דער פּאָליטישער פירער פון דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע.

סאַדאָווסקי און נאַכעמזאָן זענען געווען מיטגלידער פון דער בונדישער פּאַרטיי־גרופּע די „גראָסער־גרופּע״, אַקטיווע טוערס אין דער „געזעלשאַפט פון האַנדלס־ און ביוראָ־אָנגעשטעלטע״, די אַ״ג סטאָוואַזשישעניע, ערשטקלאַסיקע אָרגאַניזאַטאָרן.

סאַדאָווסקי איז געוואָרן דער הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר פון דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע. ער איז אויך געווען דער ערשטער טוער פון דער דאָזיקער אַקציע, וועלכער איז אַרעסטירט געוואָרן דורך דער צאַרישער אָכראַנע.

נאַכעמזאָן איז געווען דער פּרעזעס פון אַ פּיקטיוון, אָבער פאָרמעל לעגאַלן קאָנסום־פאַראיין (קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו). אונטער דער פירמע פונעם דאָזיקן קאָנסום־פאַראיין זענען אָרגאַניזירט געוואָרן די בונדישע הילף־אינסטיטוציעס. נאַכעמזאָן איז געוואָרן דער אָרגאַניזאַציאָנעלער מוח פון דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע. לויט מיין מיינונג איז נאַכעמזאָן געווען דער בעסטער און גרעסטער אָרגאַניזאַטאָר, וואָס דער בונד אין פּוילן האָט פאַרמאָגט זינט דער ערשטער וועלט־מלחמה ביז צום אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. די רענאָמירטע בונדישע אָרגאַניזאַטאָרן, וועלכע זענען מיר געווען באַקאַנט: יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, דוד מייער און עמנואל נאָוואָגרודזקי, זענען געווען ליליפּוטן אין פאַרגלייך מיט נאַכעמזאָנען. דער דאָזיקער אויסערגעוויינלעך פעיִקער מענטש איז נאָך דער מאַרץ־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד דעמאַסקירט געוואָרן ווי אַ פּראָוואָקאַטאָר.

די דערמאָנטע דריי חברים האָבן אויף די פאַרזאַמלטע מיטגלידער פון יידישן אַרבעטער־ווירטשאַפט־אַקציע־קאָמיטעט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק מיט זייער אויסערלעכקייט, האַלטונג און מיט זייער פּראַקטישן צוגאַנג צו דעם אופן ווי אַזוי

די הילפּאַקציע דאַרף אָרגאַניזירט און אָנגעפירט ווערן, און זיי זענען איינשטימיק קאָאָפּטירט געוואָרן צום אַקציע־קאָמיטעט.

דער פּראַקטישער רעזולטאַט פון דער ערשטער זיצונג פון יידישן אַרבעטער־ווירטשאַפט־אַקציע־קאָמיטעט איז געווען אַ באַשלוס וועגן תיכּף צוטרעטן צו אָרגאַניזירן אַ ברויטפּאַרטייל און דאָס אויסוויילן פון אַ רייע קאָמיסיעס:

אַ קאָמיסיע, אונטער דער אָנפירונג פון יאַנעק־יאַנקעלעוויטש און פון שטעקן־מאַכער, צוצוגרייטן קופּאָנען און דעם אַפּאַראַט צו צעטיילן די קופּאָנען צווישן די אַרבעטער אין די פאַכן;

אַ קאָמיסיע, אונטער דער אָנפירונג פון יוסף באַסאַק און מאַריץ מעטאַלאָוויעץ, צו שאַפן לאָקאַלן פאַר אַ ברויטפּאַרטייל און פאַר אַ קיך;

אַ קאָמיסיע צו זאַמלען און צו פאַרטיילן מלבושים, אונטער דער אָנפירונג פון חנינא קראַמאַרסקי און משה דזשאַבאַק;

אַ קאָמיסיע פאַר קאַלפּאַרטאַזש פון אומלעגאַלער ליטעראַטור, אונטער דער אָנפירונג פון בערנאַרד גאָלדשטיין און משה סטאָליאַר;

אַ קאָמיסיע צו אָרגאַניזירן און אָנצופירן מיט אַ ברויטפּאַרטייל, אונטער דער אָנפירונג פון הערשל מעטאַלאָוויעץ און עליע פּילאַזאַף. מיט דער דאָזיקער הילף־אינסטיטוציע האָב איך אָנגעפירט זינט איר אַנטשטייונג ביז צום אַריינקום פון די דייטשן קיין וואַרשע, זומער 1915.

עס איז אויך אויסגעטיילט געוואָרן אַ פינאַנץ־קאָמיסיע פון פינף פּערזאָן: סאַדאָווסקי, נאַכעמזאָן, יאַנקל לעווין, יאַנעק־יאַנקעלעוויטש און יוסף באַסאַק. סאַדאָווסקי איז דערוויילט געוואָרן פאַר קאַסירער. די דאָזיקע קאָמיסיע איז פּאַקטיש געווען דער עקזעקוטיוו פון דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע.

די דריי הילף־אינסטיטוציעס: ברויטפּאַרטייל, פּאַרטייל פון קליידער, און אַ קיך, אין וועלכער מ׳זאָל קענען קריגן אַ געקאָכטן מיטאָג אָדער אַרויסנעמען פאַר די פאַמיליעס אַ געקאָכטן מאָלצייט, האָבן לויט דעם באַשלוס פון דער ערשטער זיצונג פון יידישן ווירטשאַפט־אַקציע־קאָמיטעט געדאַרפט דינען, ווי אָפּעראַציע־באַזעס פאַר דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע.

די אינסטיטוציע פון קליידער־פּאַרטייל האָט נישט געהאַט קיין אַריכות ימים. הן די טוערס, הן די קאָנסומענטן, האָבן געפילט, אַז דער דאָזיקער טייל פון דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע האָט אַלע נעגאַטיווע סימנים פון פילאַנטראָפּיע, ער האָט נישט און וועט נישט האָבן אונטער זיך קיין באַזע צו קאָנען מאָביליזירן די קאָנסומענטן פאַר געזעלשאַפטלעכע צוועקן. דערפאַר האָבן די אַנדערע צוויי אינסטיטוציעס, דער ברויטפּאַרטייל און די קיך, תיכּף געקריגן אַן אָנזען צווישן די יידישע אַרבעטער און זיי זענען געוואָרן אַ זאַמלפּונקט און אַ מאָביליזאַציע־פאַקטאָר פאַר געזעלשאַפטלעכע צוועקן און פּאָליטישע קאַמפן.

דאָס אויסטיילן מיך, דעם גאָר יונגן אַרבעטער, צו שטיין בראָש פון אַזאַ וויכטיקער

קאַמיסיע ווי פון ברויטפּאַרטייל, איז פון אַלעמען באַטראַכט געוואָרן ווי אַן אויסדרוק פון צוטרוי צו מיינע פעיקייטן און איבערגעבנקייט צו דער אַרבעטער־זאַך. איך האָב זיך געפילט געשמייכלט מיטן דאָזיקן אויסוואַל. נאָך איצט, בשעת כ׳שרייב די שורות, פיל איך דעם גוטן טעם פון דער חשיבות, וואָס כ׳האָב אין יענעם טאָג איבערגעלעבט.

## דער ברויטפּאַרטייל

גלייך נאָך דעם, ווי די ערשטע זיצונג פון ייִדישן אַרבעטער־ווירטשאַפט־אַקציע־קאָמיטעט האָט זיך פאַרענדיקט, איז סאַדאָווסקי מיט מיר אַוועק אין דער מעכאַנישער בעקערײַ (ייִדן האָבן אַזאַ בעקערײַ גערופן „פּאַראָווע מיל״) אויף פּראָסטע־גאַס. סאַדאָווסקי האָט מיטן אייגנטימער פון דער בעקערײַ אָפּגעמאַכט אַ פּרייז און די צאָל פון די צווייפונטיקע ברייטלעך, וואָס די בעקערײַ דאַרף אָנהייבן צושטעלן. אין עטלעכע טעג שפּעטער האָט אין אַ געוועלב אויף וואָלינסקע־גאַס נומער 5 זיך אָנגעהויבן דער ברויטפּאַרטייל.

דאָס אָנהייבן דעם ברויטפּאַרטייל האָט אַרויסגערופן גרויס אויפזען אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס. אויף די אַרבעטער־בערזעס איז די נאָכפראַגע אויף קופּאָנען געוואָרן אַ סך גרעסער פון דער צאָל ברייטלעך, וואָס די בעקערײַ האָט צוגעשטעלט. יעדן טאָג האָט די צאָל ברייטלעך געמוזט פאַרגרעסערט ווערן.

אָנגעהויבן האָט זיך דער ברויטפּאַרטייל מיט 1000 ברייטלעך אַ טאָג, דערגאַנגען צו 3000, און באַדינט טעגלעך אַ צוויי טויזנט אַרבעטער. אַ קורצע צייט איז דער הויפּטצושטעלער געווען די בעקערײַ אויף פּראָסטע־גאַס, און דערנאָך — די בעקערײַ, וואָס האָט זיך געפונען אינעם פּוילישן קוואַרטאַל מיטן נאָמען „סאָלעץ״ (ייִדן האָבן דעם קוואַרטאַל גערופן „שילעץ״). די מעכאַנישע בעקערײַ פון שילעץ איז פאַרבליבן די צושטעלערין פון ברויט במשך דער גאַנצער צייט פון דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע.

דער פּרינציפּ פון ברויטפּאַרטייל איז געווען אַ פונט ברויט פאַר אַ פּערזאָן, און עקסטנס 2 צווייפונטיקע ברייטלעך פאַר אַ משפחה, אומזיסט, אָדער פאַר אַ מינימאַלן אָפּצאָל. די אַפּאַראַטן צו פאַרטיילן די קופּאָנעס אין די פאַבן זענען געווען די, וואָס האָבן באַשטימט דעם פּרייז און די צאָל ברייטלעך פאַר זייערע פאַך־קאָנסומענטן.

זינט דעם ערשטן טאָג, וואָס דער ברויטפּאַרטייל האָט זיך אָנגעהויבן — פריִער אין געוועלב אויף וואָלינסקע־גאַס און שפּעטער אין די קיכן — ביזן אַריינקום פון די דייטשן קיין וואַרשע, זומער 1915, בין איך געווען אַ נישט־באַצאָלטער פאַרוואַלטער פון דער דאָזיקער אָפּטיילונג פון דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע. מיינע

פּליכטן זענען געווען: די בעקעריי זאָל צושטעלן דעם סכום באַשטעלטע ברייטלעך, אַליין פֿאַרטיילן אָדער באַזאָרגן די מענטשן, וועלכע זאָלן מיר העלפֿן ביים פֿאַרטיילן, איינקאַסירן דאָס געלט און יעדע עטלעכע טעג אָפּגעבן סאַדאָווסקין אַ חשבון.

סאַדאָווסקי, דער קאַסירער און קאָנטראָלער, פֿלעגט קומען אויפֿן ברויטפּאַרטייל־פּונקט זיך מיט מיר אָפּרעכענען און דורכשמועסן וועגן אַלע ענינים, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיט מיין פֿונקציע. נאָך סאַדאָווסקיס אַרעסט, זענען די קאַסירערס און קאָנטראָלערן געווען: אינזשעניר העלער און מאַניעק (מאָוריצי) אַזשעך. אינ־זשעניר העלער האָט דעם אַמט אָנגעהאַלטן אַ קורצע צייט, און פֿלעגט, פּונקט ווי סאַדאָווסקי, קומען צו מיר זיך אָפּרעכענען. מאַניעק אַזשעך האָט, ווי קאַסירער און קאָנטראָלער, אַמטירט ביזן אַריינקום פֿון די דייטשן. מיט די איינקאַסירטע געלטער און מיט די חשבונות האָב איך געדאַרפֿט גיין צו אַזשעכן אין זיין פּריוואַטער וווינונג.

נישט קיין גרינגע אויפֿגאַבע האָב איך, ווי פֿאַרוואַלטער פֿון ברויטפּאַרטייל, געהאַט פֿאַר זיך. די באַשטעלונגען און די רעקוויזיציעס פֿון רוסישן מיליטער האָבן באַדראָט דעם צושטעל פֿונעם נייטיקן סכום ברייטלעך אָדער אַז דאָס ברויט זאָל בכלל נישט צוגעשטעלט ווערן. אַ סך נעכט האָב איך געמוזט פֿאַרברענגען אין דער בעקעריי אויפֿן שילעך. צום גליק האָבן זיך אין ביוראָ פֿון דער שילעצער בעקעריי געפֿונען מענטשן, וועלכע זענען געווען פֿאַרבונדן מיט די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, און באַצייטנס געלאָזט וויסן וועגן אַ מעגלעכער געפֿאַר, און ווען צו זיין אויפֿן פּלאַץ פֿון דער בעקעריי איידער דאָס מיליטער נעמט צו דאָס געבעקס ברויט. נישט איין מאָל איז אַן אָנגעלאָדענער פֿאַרגאָן מיט ברויט אַרויסגעפֿירט געוואָרן דורך אַ זייטיקן טויער און האָט אויסגעמיטן די מיליטערישע וואַך, וואָס האָט געהיט דעם אַריינפֿיר און דעם אַרויספֿיר.

עס האָט אויך נישט געפֿעלט קיין עגמת־נפֿש צוליב די גערעכטע און אומגע־רעכטע טענות, פּרעטענסיעס און פֿאַרלאַנגען פֿון די אַרבעטער־קאָנסומענטן. נישט ווייניק גריזאָטע איז געווען צוליבן פֿעלן פֿון געלט און פֿון דער צאָל ברייטלעך נאָכן פֿאַרטייל, און נישט ווייניק האַרצווייטיק און בושה — ווען מ׳האָט אַנטדעקט די סיבה פֿונעם פֿעלן פֿון געלט אָדער פֿון ברויט — דאָס כאַפּן ביי דער האַנט אַן אַרבעטער־קאָנסומענט לקחנען. און אַ מאָל איז אַזאַ סוביעקט געווען מער ווי אַ פּראָסטער אַרבעטער־קאָנסומענט...

די שוועריקייטן און די האַרצווייטיקן זענען אָבער קאָמפּענסירט געוואָרן מיט דערפֿאַרונג, מיטן באַקענען זיך מיט די לעבנס־באַדינגונגען פֿון גרויסע צאָלן אַר־בעטער און אַפֿילו מיט געוויסע פֿאַרהעלטענישן פֿון זייער פּריוואַטן לעבן. דאָס באַגעגענען זיך טאָגטעגלעך מיט הונדערטער מענטשן, מיט כּלערליי טיפּן און כאַ־ראַקטערן, מענער און פֿרויען, האָט סטימולירט אַן אָבסערוואַציע־פֿעיִקייט, און די דערפֿאַרונגען זענען מיר גוט צו נוץ געקומען אין מיין ווייטערדיקן גאַנג פֿון געזעל־שאַפֿטלעכן און אַפֿילו פּריוואַטן לעבן.

דער דימיון און דער זכרון ברענגען אַרויף בילדער און קלאַנגען. אין דימיון שווימען אויף געשטאַלטן, אין זכרון טויכן אויף קללות און ברכות, פיגורן און טיפּן, בייזע ווערטער און פריידיקע קולות, און די געשטאַלטן פון געוויסע פּרויען, וועלכע האָבן דעם בונד פּערזאָניפיצירט אין אַ לעבעדיקן וועזן.

אָט שטייט, ווי אַ לעבעדיקע פאַר מיינע אויגן, אַ מיטליאַריקע פּרוי. דער מאַן, אַ רעזערוויסט, איז אַוועק אין מיליטער. זי פאַרלאַנגט אַ גרעסערע פּאָרציע ברויט ווי ס׳קומט איר לויט די צוגעטיילטע קופּאָנען. איך זאָג זיך אָפּ צו דערפילן איר פאַרלאַנג. די פּרוי שטעלט זיך אַוועק מיט די הענט אויף די באָקעס, שטערט דעם צוגאַנג פון די, וואָס שטייען נאָך איר אין דער רייע, און פרעגט מיך מיט אַ שטרענג־קייט אין קול: „זאָגט מיר, ווו איז דער חבר בונד? איך וויל רעדן מיט אים אַליין״.

אָט איז אַ צווייטע פּרוי, אַן עלטערע, מיט אַ טשיפּיק אויפן קאָפּ, אַ מאַמע פון אַן אַרבעטער־קאָנסומענט. זי קומט אָפּט נעמען איר פּאָרציע ברויט און אַלע מאָל האָט זי אַ גוט וואָרט פאַר מיר ווען איך טייל איר צו איר ברויטפּאָרציע. און זי גיט צו מיר איין מאָל אַ זאָג: „דער חבר בונד זאָל לעבן הונדערט און צוואַנציק יאָר. ווען כ׳קען, וואָלט איך אים אַוועקגעגעבן מיינס אַ חלק עולם־הבא. אַלע, וואָס קומען אַהער נאָכן ברויט, וואָלטן אַזאַ טייערן מענטש געדאַרפט געבן אַ חלק פון זייער עולם־הבא״.

און אויף מיין חשבון פעלן נישט קיין תרעומות און קיין לויבווערטער, קללות און ברכות פון די פרויען־קאָנסומענטן און בייזע רייד און חברישע לויבווערטער פון די מענער־קאָנסומענטן.

אָט שטייט אַ פּרוי און צעשרייט זיך אויף אַ קול: „זעטס נאַר, מענטשן! מ׳האָט אַוועקגעשטעלט אַ יונגן צוציק, און ער איז דאָס דער קייסער און וויל נישט געבן מער ווי ס׳שטייט אין די קוויטלעך וואָס כ׳האָב. אַן עלטערער מענטש וואָלט אַריינ־געגאַנגען אין מיין פּאָלאָזשעניע״.

און אָט הער איך דאָס צאַרטע קול פון אַ פרוי־קאָנסומענטין: „פון וואַנען האָט איר, אַ יונגער מענטש, כוח צו שטיין אַזוי פיל שעהען אויף די פיס און צעטיילן צו אַזוי פיל מענטשן ברויט יעדן טאָג? איר קריגט כאָטש גוט באַצאָלט פאַר אייער אַרבעט״? און ווען איך דערקלער איר, אַז אַלע די חברים און חברטעס, וועלכע זענען באַשעפטיקט ביים ברויטפּאַרטייל און אין דער קיך, טוען זייער אַרבעט פרייוויליק, אָן אַ גראָשן באַלוינונג, קען זיך די פרוי נישט באַהערשן, און טרערן קאַפּיען איבער איר פאַראומערט פּנים און זי גיט צו מיר אַ זאָג: „זאָל אייך גאָט העלפן און אַ גוטער מלאך זאָל אייך באַשיצן״.

אָט זע איך דאָס פאַרכמורעטע פּנים און הער די בייזע רייד פון אַן אַרבעטער־קאָנסומענט: „איך זאָג דאָך אייך, כ׳האָב פאַרגעסן די קוויטלעך אין שטוב און איר מוזט מיר געבן מיין פּאָרציע ברויט״. ווען איך דערקלער אים, אַז כ׳קען אים נישט געבן קיין ברויט אָן קופּאָנען, און איך בין גרייט אַוועקצולייגן זיין פּאָרציע ברויט

ביז ער וועט צוריקקומען און ברענגען די קופּאָנען, פאַלט אויף מיין קאָפּ אַ קללה: „איר זאָלט געפּרוּווט ווערן מיט מיין מזל".

און אָט איז דאָס פּנים און דאָס קול פון אַ פאַרהאָרעוועטן אַרבעטער. יעדעס מאָל, ווען ער קומט צו מיר און דערלאַנגט זיינע קופּאָנען און קריגט זיין פּאָרציע ברויט, פאַרהאַלט ער זיך אַ ווײַלע. זיין פּנים לייכט אויף מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל און ער לאָזט פאַלן אַ ליבלעך וואָרט. איין מאָל זאָגט ער צו מיר אין אַ האַרציקן טאָן: „ס׳איז, חבר, גאָרנישט אָפּצושאַצן דעם בונדס אויפטו מיטן פאַרטיילן די פּאָרציעס ברויט און פון אייער אַרבעט יעדן טאָג ווי אַ פאַרטיילער".

און אָט איז אַן עפּיזאָד, געשען אין דער קיך אויף דזשיקע 14, אין אַ ווינטערטאָג פון סוף 1914: אין מיטן ברויטפאַרטייל בין איך געצווונגען געווען אַראָפּצולויפן אויפן גאַס און פאַרהאַלטן אַ חבר, מיט וועמען כ׳האָב געדאַרפט עפּעס וויכטיקס צו דערליידיקן. דעם ברויטפאַרטייל האָב איך איבערגעגעבן אַן אַנדערן חבר און געלאָזט זיך לויפן פון די צוויי שטאָק שטיגן אָן אַ היטל, אָן אַ מאַנטל און אָן אַ שאַל. פון אַלע זייטן האָבן זיך געהערט געשרייען: „ווו לויפט איר נאַקעט? איר וועט זיך דאָך פאַרקילן"! און די אַרבעטער־קאָנסומענטן פאַרהאַלטן מיך. איינער טוט מיר אָן זיין פאַלטן, אַן אַנדערער — זיין היטל, אַ פרוי נעמט אַראָפּ איר שאַל און וויקלט מיט אים אַרום מיין האַלדז.

---

איך זיץ און טראַכט וועגן דעם דאָזיקן אַמאָל. אין יעדן אָבער זינגט אַ פרייד. נאָסטאַלגיע? אַוודאי איז דאָס אַ בענקשאַפט פאַר דעם יוגנטלעכן נעכטן. אָבער ווי זיס זענען די דאָזיקע דערינערונגען, און ווי קרעפטיק זיי ווירקן אויפן געמיט — אַ מחיה.

## קאַסירערס און קאָנטראָלערן

ביי מיר איז פאַרבליבן אַ סענטימענט פאַר די דריי קאַסירערס און קאָנטראָלערן פונעם ברויטפאַרטייל: סאַדאָווסקי, אינזשעניר העלער און מאָניעק (מאַוריצי) אָזשעך.

דער סענטימענט נעמט זיך דערפון, וואָס די דאָזיקע דריי חברים זענען געווען די ערשטע העכערע געזעלשאַפטלעכע באַאַמטע, פאַר וועמען כ׳בין מיט מיין טעטי־קייט געווען פערזענלעך פאַראַנטוואָרטלעך.

ביז כ׳האָב איבערגענומען די פונקציע פון אַ פאַרוואַלטער פונעם ברויטפאַרטייל, האָב איך איבער זיך נישט געהאַט קיין שום קאָנטראָל און בין פאַר קיינעם נישט געווען פערזענלעך פאַראַנטוואָרטלעך. די פאַרוואַלטונג פון פּראָפעסיאָנעלן פאַכ־פאַראיין האָט נישט געהאַט קיין עקזעקוטיווע און נישט קיין קאָנטראָל־אַמטן. אויך

ביים דערפילן מיינע ערשטע בונדישע פּאַרטייִישע פונקציעס — פאַרשפּרייטן די בונדישע צייטשריפט „די צייט" און זאַמלען געלט ביי די אַרבעטער פון פּאַך פּאַרן בונדישן רויטן קרייץ — האָב איך נישט געהאַט קיין עקזעקוטיווע מאַכט איבער זיך. כ'האָב איבערגעגעבן די געלטער אַ חבר מיטן נאָמען אַברהמל זייגערמאַכער און מיין אויפגאַבע איז געווען פאַרענדיקט.

די פונקציע פון אַ פּאַרוואַלטער פון ברויטפּאַרטייל האָט אָבער געהאַט אַלע אַספּעקטן פון אַ געזעלשאַפטלעכן מאַנדאַט מיט קעגנזייטיקע התחייבותן. די בונדישע פּאַרטיי איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אָנפאַרטרויען מיר אַזאַ וויכטיקן עפנט־לעכן אַמט, און איך האָב געהאַט אַ התחייבות לגבי דער באַוועגונג, וואָס האָט מיך מזכּה געווען מיט אַזאַ וויכטיקן עפנטלעכן אַמט. דעם קאַסירער און קאָנטראָלער האָב איך באַטראַכט ווי דעם אָפיציעלן פּאַרטיי־עקזעקוטאָר.

דער סענטימענט נעמט זיך מסתּמא אויך דערפון, וואָס די שמועסן מיט די קאַסירערס און קאָנטראָלערן זענען אָפט מאָל געווען לאַנגדויערנדיקע און נישט קיין לאַנגווייליקע. מיינע באַריכטן זענען געווען נישט בלויז טרוקענע געלט־חשבו־נות, נאָר אויך שילדערונגען פונעם לעבן פון די אַרבעטער און פון דעם אויפפירן זיך פון די קאָנסומענטן בעת זייער באַקומען די צוגעטיילטע פּאָרציעס ברויט. די פראַגעס און די געשפּרעכן מצד סאַדאָווסקי, העלער און אַזשעך, און אויך זייערע אינסטרוקציעס, זענען געווען אינטערעסאַנט און באַלערנדיק, און איך האָב פון די געשפּרעכן מיט זיי אַ סך געגאָסן.

ס'איז דעריבער נישט קיין חידוש פאַר וואָס די דריי „קאָמיסאַרן" פונעם ברויט־פּאַרטייל האָבן זיך איינגעגעבעסטיקט אין מיין געמיט און אין מיין זכרון און פאַר וואָס איך פיל די נויטווענדיקייט צו פאַרצייכענען דאָס, וואָס כ'ווייס וועגן זיי, און ווי אַזוי כ'האָב זיי געזען און געקענט.

**סאַדאָווסקי**

דער ערשטער קאַסירער און קאָנטראָלער פון ברויטפּאַרטייל, סאַדאָווסקי, איז געווען אַן אומרה, ממש קוועקזילבער, און אַ באַרעדעוודיקער. אַ מיטלוווקסיקער, אַ סמוקלער — האָט ער, לויט זיין אויסזען, קליידונג און באַרעדעוודיקייט, געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ קאָמיוואָיאַזשאָר. וועלכע עס איז באמת געווען זיין פּראָפעסיע — ווייס איך נישט. אומבאַקאַנט איז מיר אויך זיין סטאַזש און זיין פּאָליטישע און בונדישע קאַריערע ביז כ'האָב זיך מיט אים באַגעגנט אין דער בונדישער ווירט־שאַפט־אַקציע. דער העכערער וואַרשעווער בונדישער פּאַרטיי־אַקטיוו האָט וועגן סאַדאָווסקין שטאַרק אונטערגעמורמלט — אַ מענשעוויק, אָבער אָנערקענט און אָפּגעשאַצט זיין איבערגעגעבנקייט, זיינע פאַרדינסטן און זיינע גרויסע מעלות ווי אַן אָרגאַניזאַטאָר.

סאַדאָווסקי האָט זיך פאַרנומען מיט אַלץ, וואָס עס האָט געהאַט אַ שייכות מיט

דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע, מיט דער געשעפטלעכער און מיט דער גזעזעל־שאַפטלעכער זייט, און געטראָגן דעם עול אויף זיין קאָפּ און אויף זיינע פּלייצעס מיט אַ זעלטענער גרינגקייט.

דאָס אָפּגעבן סאַדאָווסקין באַריכטן איז געווען פֿאַר מיר אַ נחת־רוח, די קאָנ־ווערסאַציע — תּמיד אַ לעבעדיקע, און ס'איז שטענדיק עפּעס געבליבן פֿון סאַדאָוו־סקיס אַ שמועס מיט מיר.

מיין מיטאַרבעט מיט אָט דעם אויסערגעוויינלעך פֿעיִקן מענטשן איז לײדער געווען אַ קורצע, בערך אַ 6 וואָכן. נאָכן אויסבראָך פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז סאַדאָווסקי געווען דער ערשטער בונדיסט און דער ערשטער פֿון די אַקטיווע טוערס פֿון דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע, אַרעסטירט און פֿאַרשיקט צו ווערן קיין סיביר. זינט זיין אַרעסט האָב איך זיך מיט אים מער נישט באַגעגנט.

נאָך דער מאַרץ־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָב איך פֿון דער בונדישער פּרעסע פֿון רוסלאַנד, וואָס איז צו מיר דערגאַנגען דורך דער שווייץ קיין בערלין, מיט סאַדאָווסקיס נאָמען זיך אָנגעטראָפֿן ווי פֿון אַ מענשעוויסטישן טוער און אָנפֿירער פֿון דער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג (דאַכט זיך, שטאָט־פּרעזידענט) פֿון סאַמאַראַ אָדער סאַראַטאָוו. זינט דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָב איך אין ערגעץ זיין נאָמען מער נישט באַגעגנט.

אין יאָר 1922, בשעת מיין באַזוך אין מאָסקווע ווי אַ דעלעגאַט פֿון קאָמבונד פֿון פּוילן צום פּלענום פֿון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, האָב איך זיך אין מאָסקווע באַגעגנט מיט ראַזאַ לעוויט. בעת מיין שמועס מיט איר האָב איך זיך נאָכ־געפֿרעגט אויף סאַדאָווסקין. איר ענטפֿער איז געווען אַ ביטולדיקער האַנטשעסט. אויסגעטייטשט האָב איך דעם דאָזיקן שטומען ענטפֿער, אַז סאַדאָווסקי איז מסתּמא אַריבער צו די באָלשעוויקעס, וואָס איז צו יענער צייט געווען אַ טאָגטעגלעכע דער־שיינונג. דאָס איז, נאָטירלעך, נישט מער ווי מיינס אַ השערה.

אין מיין געדעכעניש איז סאַדאָווסקי געבליבן די פּערזאָניפֿיקאַציע פֿון אַ קלוגן, אינטעליגענטן, רירעוודיקן און פֿעיִקן סאָציאַליסטישן טוער, אַ מענטש מיט אַ פֿעס־טער האַנט און מיט אַ געזונטן קאָפּ אויף די פּלייצעס און אַ מוסטער פֿון אַן ערשט־קלאַסיקן אָרגאַניזאַטאָר.

### אינזשעניר העלער

דאָס האָבן ווי אויבער־משגיחים דעם אינזשעניר העלער און מאַניעק אַזשעד, האָט מיך געשטעלט פּנים־אל־פּנים מיטן פּראָבלעם: גבירים־סאָציאַליסטן. צי קען אַ גביר זיין אַ סאָציאַליסט, צי קענען יחידים־גבירים, וועלכע זענען אַקטיוו מיט זייער גבירישאַפֿט, אָפּערירן מיט פֿאַבריקן, זענען גרויסע סוחרים, גוטבאַזיצערס, דאָס מיינט אַזעלכע, וואָס פּראַקטיצירן טאָגטעגלעך עקספּלואַטאַציע, אויך זיין גלייכ־צייטיק אַקטיווע סאָציאַליסטישע טוערס.

אינזשעניר העלער און מאַניעק אָזשעך זענען געווען אַקטיווע גבירים. העלער איז געווען אַ פאַבריקאַנט, געהאַט שותפות מיט אַ צווייטן אינזשעניר, גאָלדע, אַ פאַבריק פון עלעקטרישע אַרטיקלען אויף עלעקטראָלנע־גאַס, אין וועלכער ס'זענען געווען באַשעפטיקט עטלעכע צענדליגג פוילישע אַרבעטער, מיינסטנס פרויען. אַזאַ צאָל אַרבעטער אין אַ פאַבריק האָט זיך בשעתו אין וואַרשע גערעכנט פאַר אַ גרויסע. אָזשעך ווידער איז געווען אַ גרויסער און אַקטיווער סוחר. פאַר מיר האָט זיך געשטעלט די פראַגע ווי פאַרט זיך זייער אַקטיווע גבירישאַפט מיט אַקטיווער טעטיקייט ווי סאָציאַליסטן און בונדיסטן?

איך קלייב זיך נישט צו מאַכן אַ סאָציאָלאָגישע סטודיע פונעם פּראָבלעם „גבירים־סאָציאַליסטן” אין מיינע מעמואַרן. איך וויל בלויז פאַרצייכענען, אַז שוין אין סאַמע באַגין פון מיין פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט האָב איך זיך געטראָפן פנים־אל־פנים מיטן דאָזיקן פּראָבלעם.

מיטן אינזשעניר העלער האָב איך זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט אויף דער דערעפענונג פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך. ער איז געווען איינער פון די פאַר־בעטענע געסט און נישט אַרויסגערופן קיין באַזונדערן אינטערעס.

עטלעכע טעג שפּעטער האָט אינזשעניר העלער אָפּגעשטאַט אַ וויזיט אין קיך, באַטראַכט און אינספּעקטירט אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט דער דאָזיקער הילף־אינסטיטוציע. געקומען איז ער אין דער באַגלייטונג פון וויקטאָר שולמאַן (סענדער), סאַדאָווסקי און נאָכעמזאָן און דער באַזוכער האָט אַרויסגערופן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. געוויסע פון העכערן עשעלאָן פון די בונדישע טוערס האָבן געוווּסט ווער ס'איז דער גאַסט, אָבער דער ברייטער קרייז פונעם אַקטיוו האָט אים פון פריִער נישט געקענט. אַ שמועה איז געווען, אַז דער גאַסט האָט זיך באַשטייערט מיט אַ גרויסער סומע פאַר דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע.

אויף מיר האָט אינזשעניר העלער געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ טיפּישן ישיבה־בחור, וועלכער האָט אָקערשט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם יידיש־טראַדיציאָנעלן טראַכט און אָנגעהאָנגען אויף זיך גוייִשע בגדים. זיין באַזוך אין קיך האָט מיך קנאַפּ אינטערעסירט.

נאָך סאַדאָווסקיס אַרעסט האָט מיך יאַנקל לעווין אַוועקגעפירט אין העלערס פאַבריק, אונדז פאַרגעשטעלט איינער פאַרן אַנדערן און מיר מיטגעטיילט, אַז דער חבר העלער פאַרטרעט סאַדאָווסקין. דער נייער משגיח פלעגט מיך באַזוכן אויף מיין אַרבעטס־געביט אָדער איך פלעג דאַרפן גיין צו אים מיט די באַריכטן.

אין אָנהייב איז מיין באַציִונג צו העלערן געווען נישט קיין צו פריינדלעכע — אַ בורזשוּאַ. דאָס אייז איז אָבער שנעל צעגאַנגען צוליב דער אויסערגעוויינלעכער פריינדשאַפט, וואָס ער האָט צו מיר אַרויסגעוויזן. דאָס פאַרברענגען מיט העלערן ביים אָפּגעבן די באַריכטן איז געוואָרן פאַר מיר וויכטיק און אינטערעסאַנט.

אינזשעניר העלער איז געווען אַ גוטער קענער פון ליטעראַטור און פון דער יידישער ליטעראַטור. דערצו איז ער אויך געווען אַ גוטער און אינטערעסאַנטער שמועסער, מיט אַ סך הומאָר. באַמערקנדיק איז מיר אַן אייפער צום לייענען און אַן אינטערעס פאַר אַלעם, וואָס קומט אַרום מיר פאַר, אין לעבן און אין דער יידישער ליטעראַטור, האָט אינזשעניר העלער מיט מיר פאַרבראַכט אַ סך צייט אין כּלערליי שמועסן און איז געוואָרן פאַר מיר אַ גייענדיקע ענציקלאָפּעדיע, פון וואַנען כ'האָב געשעפּט ידיעות וועגן ליטעראַטור און וועגן אַנדערע קעגנשטאַנדן.

פון מיינע שמועסן מיט אינזשעניר העלער בין איך געוואָר געוואָרן, אַז ער איז געווען אַ ישיבה־בחור, שפּעטער אַן עקסטערן, אַ צייט — אויך אַ בונדישער פּאַרטיי־פונקציאָנאַר, און אַז נאָך דער פאַרשפּילטער רעוואָלוציע פון 1905, איז ער אַוועק קיין אויסלאַנד און געענדיקט אין לייפּציג אַן אינזשענירן־שולע.

מיט גרויס באַדויער האָב איך אויפגענומען די ידיעה, אַז אַן אַנדערער חבר נעמט איבער די פונקציע פון אַ קאַסירער און קאָנטראָלער פונעם ברויטפּאַרטייל. די באַציִונגען מיט העלערן זענען נישט איבערגעריסן געוואָרן. ביז מיין געצוווּנגענעם פאַרלאָזן וואַרשע אין דעצעמבער 1915, האָב איך אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט זיך מיט אים צו באַגעגענען און אַריינכאַפּן אַ שמועס מיט אים. זיינע באַמערקונגען און ידיעות וועגן ליטעראַטור און וועגן אַנדערע ענינים זענען מיר גוט צו נוץ געקומען. אויך זיינע דירעקטע און אַגב־אורחאדיקע באַמערקונגען און אינפאָרמאַציעס וועגן דייטשלאַנד, דער דייטשישער באַפעלקערונג און דייטשישער ליטעראַטור זענען מיר צו נוץ געקומען בעת מיין צוויי און אַ האַלב יאָריקן אויפהאַלט אין דייטשלאַנד.

נאָכן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז מיט דער פּערזאָן פון אינזשעניר העלער פאַרבונדן געווען אַ געשעעניש, וואָס האָט אויפגעטרייסלט די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־באַוועגונג פון וואַרשע.

ווינטער 1915 האָט העלערס פאַבריק פון עלעקטרישע אַרטיקלען געאַרבעט פאַרן געברויך פון רוסישן מיליטער און געניטיקט זיך אין אַ גרעסערער צאָל אַרבעטער. צווישן די צוגענומענע אַרבעטער זענען אויך געווען אַ 10—12 יידישע מיידלעך, צווישן וועלכע ס'האָבן זיך געפונען עטלעכע פון אַרום דער בונדישער אַרבעטער־קיך און אַ יידישער מעכאַניק. די פון פריִער באַשעפטיקטע פּוילישע אַרבעטער האָבן אַרויסגעשטעלט אַ פאָדערונג צו באַזייטיקן די יידישע אַרבעטער. העלער האָט די פאָדערונג אָפּגעוואָרפן און די פּוילישע אַרבעטער האָבן פאַר־שטרייקט. אינזשעניר העלער האָט די שטרייקערס געענטפערט מיט אַן אולטימאַטום: צוריקצוגיין צו דער אַרבעט אין אַ באַשטימטן טערמין און דער הויפּטפירער פון שטרייק זאָל באַזייטיקט ווערן.

דער שטרייק אין העלערס פאַבריק האָט אַרויסגערופן אַן אויפרודער צווישן די יידישע אַרבעטער און אַ פאַרביטערונג אין בונדישן אַקטיוו.

די וואַרשעווער יידישע אַרבעטער האָבן נאָך נישט געהאַט פאַרגעסן די קאַמפן, וואָס זענען זומער 1914 פאָרגעקומען צווישן די יידישע געגריוועטע שוסטערס און די פוילישע שוסטער־אַרבעטער פון בראָכעסעס מעכאַנישער שיכפאַבריק, און מורא געהאַט פאַר אַן איבערחזרונג פון אַזאַ קאַמף אין העלערס פאַבריק, און דאָס נאָך — אונטער די ספּעציפיש שווערע באַדינגונגען פונעם צאַרישן מיליטערישן רעזשים.

פאַרן בונדישן אַקטיוו איז דער געלער אַנטי־יידישער שטרייק אין העלערס פאַבריק געווען אַ ביטערע איבערלעבונג. די אַקציע־פאַראייניקונג פון די סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטייען, די „ראַדע", די געמיינזאַמע ראַיאָן־קאָמיטעטן אין דעם געמיינ־זאַמען אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט, איז געווען אַ באַלזאַם פאַר זייערע אינטער־נאַציאָנאַליסטיש געשטימטע הערצער, אַ פאַרווירקלעכונג פון אַ טרוים, וואָס זיי האָבן גענערט אין משך פון לאַנגע, לאַנגע יאָרן און געלייגט גרויסע האָפענונגען פאַר דער נאָענטסטער צוקונפט — אין קאַמף קעגן צאַריזם, קעגן דער מלחמה און פאַר דער געגאַרטער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. און מיט אַ מאָל — אַזאַ אומגליק: אַ געלער אַנטי־יידישער שטרייק אין אַ פּראָספּערירנדיקער פאַבריק אין מלחמה־צייט, אין אַ צייט ווען טויזנטער אַרבעטער זענען אַרבעטלאָז, און דערצו נאָך — אין אַן אָרגאַניזירטער פאַבריק, וואָס געפינט זיך אונטער דער השפעה פון אַ רעוואָ־לוציאָנער־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, פון ס.ד.ק.פּ.ל.־ראַזלאַמאָווצעס. אין בונדישן אַקטיוו האָבן זיך געהערט שטימען צו גיין „נאַ צאַלעגאַ", זיך נישט אָפּשטעלן פאַר קיין שום זאַך, אַפילו פאַר געשלעגן, און צעברעכן דעם געלן שטרייק. ס'האָבן זיך אויך געהערט שטימען, אַז בונד זאָל פאָדערן די באַזייטיקונג פון די ראַזלאַמאָווצעס פון די געמיינזאַמע צווישן־פּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס, אָדער בונד זאָל אַרויסטרעטן פון די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס.

דער סיכסוך איז אַריבער צו דער „ראַדע". בונד האָט געשטעלט צוויי קאַטעגאָרישע פאָדערונגען: תיכּף פאַרענדיקן דעם שטרייק קעגן דער באַשעפטיקונג פון די צוגענומענע יידישע אַרבעטער. אויב די ראַזלאַמאָווצעס וועלן נישט פאַר־ענדיקן דעם שטרייק — באַזייטיקן זיי פון דער „ראַדע" און פונעם אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט. אויף אַ רייע ספּעציעלע זיצונגען איז דער ענין פון שטרייק אין העלערס פאַבריק דיסקוטירט געוואָרן און אַרויסגערופן העפטיקע צווישן־פּאַרטייאישע שטרייטן. די ראַזלאַמאָווצעס האָבן מיט קאַזויסטישע פּלפּולים און דריי־דלעך געפּרוּווט פאַרטיידיקן דעם אַרויסגערופענעם שטרייק. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז דער שטרייק האָט די „ראַדע" פאַרענדיקט אויף די באַדינגונגען פון העלערן און פון בונד. דער הויפּטפירער פון שטרייק האָט פאַרלאָזן די פאַבריק.

דער אויסגאַנג פון שטרייק אין אינזשעניר העלערס פאַבריק האָט אַרויסגערופן אַ סך פרייד ביי די יידישע אַרבעטער פון וואַרשע און אַן אמתע שׂמחה ביים בונדישן אַקטיוו, וועלכער האָט מיט דער פאַרענדיקונג פון שטרייק געהאַט צו פאַרצייכענען עטלעכע טריומפן: דער ערשטער געלער שטרייק אין וואַרשע איז אויף אַ ווערדיקן

אופן צעשמעטערט געוואָרן און ס׳זענען פאַרבליבן ווייטער נאָרמאַל פונקציאָנירן די איינהייטלעכע צווישן־פּאַרטייִשע אָרגאַניזאַציעס.

באַזונדערס צופרידן איז דער בונדישער אַקטיוו געווען פון דער האַלטונג פון אינזשעניר העלער בשעת דעם אויסבראָך און אין גאַנג פונעם שטרייק. זיין פּרעס־טיזש איז פאַרשטאַרקט געוואָרן אַפילו צווישן די בונדישע קנאים, וועלכע האָבן פריִער נישט גערן געזען זיין פאַרבינדונג מיט דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע און זיינע אָפטע באַזוכן אינעם לאָקאַל פון דער קיך.

פאַר מיר איז דער שטרייק אין העלערס פאַבריק געווען אַ גוטע לעקציע און אַ גוטע דערפאַרונג וועגן דעם ענין „געלע שטרייקן״, די דאָזיקע דערפאַרונג איז מיר גוט צו נוץ געקומען אין מיין שפּעטערדיקער פּאָליטישער טעטיקייט.

אינזשעניר העלער האָט נישט געהערט צו די פירנדיקע פּאָליטישע טוערס פון בונד אין וואַרשע. ער האָט נישט געהערט צו קיין פּאָליטישער אָדער פּראָפּאַגאַנדיי־נישער אינסטאַנץ. ער איז געווען טעטיק אַרום בונד און נישט דירעקט אין דער בונדישער באַוועגונג. אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע האָט זיך העלער געפונען צווישן די אַרעסטירטע סאָציאַליסטישע טוערס, וואָס די דייטשישע אָקו־פּאַציע־מאַכט האָט פאַרשיקט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

איך ווייס נישט די סיבה, וואָס האָט דעם אינזשעניר העלער באַוויגן נאָך זיין צוריקקומען פון לאַגער זיך אָפּצורוקן פון יעדער עפנטלעכער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. נאָך מיין צוריקקער קיין וואַרשע, זומער 1918, האָב איך דעם אינזשעניר העלער מער נישט געטראָפן ביי קיין בונדישע אַקטיוויטעטן, און זעלטן זיך מיט אים באַגעגנט אַפילו אויף אַ פּריוואַטן אופן.

געשטאָרבן איז אינזשעניר העלער אין אַ יונגן עלטער. אין מיין געדעכעניש איז פאַרבליבן אַ סענטימענט פאַר דעם דאָזיקן גביר, פאַבריקאַנט און אויפריכטיקן סאָציאַליסט, פאַר דעם אינטעליגענטן און האַרציק־פריינדלעכן מענטש, פון וועמענס וויסן איך האָב אַ סך פּראָפיטירט.

## מאָניעק (מאָוריצי) אָזשעך

מאָניעק (מאָוריצי) אָזשעך איז אין די יאָרן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות געווען אַ באַקאַנטע בונדישע פיגור אין וואַרשע.

געשטאַמט האָט מאָניעק אָזשעך פון אַ רייכער משפחה, פון גרויסע סוחרים און הויזבאַזיצערס. דער גרויסער באַזאַר אויף שווייִנטע־יערסקע־גאַס אין וואַרשע איז גערופן געוואָרן „אָזשעכס באַזאַר״. זינט דעם פאַרענדיקן דעם אוניווערסיטעט און זיין צוריקקום קיין וואַרשע, ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, ביז צום אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז אָזשעך געווען אַן אַקטיווער געשעפטסמאַן.

אָנגעהויבן זיין בונדישע טעטיקייט האָט מאָניעק אָזשעך נאָך ווי אַ סטודענט, ווי מיר דוכט זיך — אויפן אוניווערסיטעט אין בריסל, בעלגיע, אויפן עקאָנאָמישן

פאַקולטעט. נאָכן צוריקקומען קיין וואַרשע האָט ער פאַרגעזעצט זיין טעטיקייט ווי אַן אַקטיווער טוער פון בונד.

ווינטער 1915 נעמט אַזשעך איבער פון אינזשעניר העלער די פונקציע פון קאַסירער און קאָנטראָלער פונעם ברויטפּאַרטייל פון דער בונדישערווירטשאַפט־אַקציע.

זיין ערשטע עפנטלעכע טעטיקייט אין וואַרשע איז געווען פאַרבונדן מיטן בונדישן אָרגאַן „לעבנס־פראַגען". ער האָט דאָרט געשריבן אַרטיקלען אויף עקאָנאָמישע טעמעס. מיט דער בונדישער פּרעסע איז ער געווען פאַרבונדן ביזן אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אין משך פון לאַנגע יאָרן איז מאַניעק אַזשעך אַ בונדישער ראַטמאַן אין וואַרשעווער שטאָטראַט. אין די בונדישע ערשטער־מיי־דעמאָנסטראַציעס מאַרשירט ער תּמיד אין די ערשטע רייען.

נאָכן אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז מאַניעק אַזשעך געווען איינער פון די ערשטע בונדיסטן, וואָס האָבן זיך געפונען ווי פּליטים אין ליטע. אין קאָוונע פאַרנעמט ער זיך מיט אָרגאַניזירן הילף פאַר זיינע חברים און מיט שרייבן קאָרעספּאָנדענציעס אין אַמעריקאַנער „פאָרווערטס". פון אַ שיף, וואָס דאַרף אים פירן אין אַ מער געזיכערטן אָרט, ווערט ער אַראָפּגענומען פון די דייטשן. ער קומט צוריק קיין פּוילן און ווערט דער וויכטיקסטער און אויטאָריטאַטיווסטער פירער פונעם אונטערערדישן בונד אונטער דער נאַצישער הערשאַפט.

אין די יאָרן פון מיין טעטיקייט אין בונד, ביז האַרבסט 1921, האָט אַזשעך נישט פאַרנומען קיין אָפיציעלן אַמט אין דער בונדישער פּאַרטיי־אָנפירונג. ער איז אָבער געווען וואָס מען רופט, אַ „גרויע עמינענץ", איינער וואָס געפינט זיך הינטער די קוליסן און מיט וועמען מען באַראָט זיך אין וויכטיקע ענינים. אַזשעך פלעגט אָפט פאַרבעטן ווערן אויף פאַרשיידענע פּאַרטיי־באַראַטונגען, באַזונדערס ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט אין עקאָנאָמישע ענינים. ער באַטייליקט זיך אויך אין אַלע בונדישע קאָנפערענצן און צוזאַמענפאָרן, ווי אַ דעלעגאַט אָדער ווי אַ גאַסט מיט באַראַטונג־רעכט.

דער אַקטיוו פון בונד אין וואַרשע, אַפילו דער לינקער פּראָ־קאָמוניסטישער אַקטיוו פון בונד, האָט קיין מאָל נישט קוועסטיאָנירט די אויפריכטיקייט פון מאַניעק אַזשעכס סאָציאַליסטישע איבערצייגונגען און געפירט מיט אים אַ קאַמף נאָר אויף דער ליניע פון זיינע מענשעוויסטישע איינשטעלונגען, און דערביי רעספּעקטירט זיין פּערזענלעכן מוט.

איידער איך בין צום ערשטן מאָל אַוועק אין דער וווינונג פון מאַניעק אַזשעך איבערצוגעבן מיינע באַריכטן פונעם ברויטפּאַרטייל, אַרום פעברואַר 1915, האָט נאָכעמזאָן מיט מיר געקנעלט אַ פּרשה „גבירים־סאָציאַליסטן": אַז יחידים־גבירים,

אַפּילו ווען זיי זענען אַקטיוו אין זייער גבירישאַפֿט, קענען זיין גוטע, אויפריכטיקע און איבערגעגעבענע סאָציאַליסטן. ווי אַ ביישפּיל האָט מיר נאָכעמזאָן דערציילט די געשיכטע פון פרידריך ענגעלס, אַז ענגעלס איז געווען אַ פּראַקטיצירנדיקער גע־שעפטמאַן. אויך דער נישט לאַנג פאַרשטאָרבענער פּאָרזיצער פון דער מעכטיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין דייטשלאַנד, זינגער, איז געווען אַ באַנקיר. און ווי אויך נאָענטע ביישפּילן האָט ער אָנגעוויזן אויף אינזשעניר העלער, וויסנדיק מיין רעספּעקט פאַר העלערן. ער האָט דערציילט, אַז דער מענטש, מיט וועמען כ׳האָב אים געהאַט געטראָפן זיצן און שמועסן בעת מיינעם אַ באַזוך אין דער סטאַוואַזשישעניע, איז געווען איגנאַצי ראַבע, אַ מיליאָנער און איינער פון די אַקטיווע לאַנגיאָריקע טוערס פון ס.ד.ק.פּ.ל. און איצטיקער ראַזלאַמאַוויעץ. נאָכעמזאָן האָט מיר אויך אָנגעזאָגט, אַז כ׳זאָל זיך נישט דערוועגן דעם חבר, צו וועמען כ׳וועל גיין מיט די באַריכטן, אָנצורופן „חבר״ אין זיין ווױנונג. ער האָט מיט מיר איינגעקנעלט די נייטיקע פּוילישע ווערטער, וואָס כ׳דאַרף באַנוצן בעת מיינע ערשטע באַזוכן אין פאַל אויב די דינסט אָדער אָזשעכס פרוי וועט מיך אויפנעמען.

ווען כ׳בין צום ערשטן מאָל אַריינגעקומען אין מאַניעק אָזשעכס פּריוואַטער ווױנונג אויף דזיעלנע נומער 4, אין דער קאַמעניצע, וואָס האָט געהערט צו אָזשעכס פאַמיליע, האָט מיך אויפגענומען די פּוילישע דינסט. די רייכקייט פון דער ווױנונג איז געווען פאַר מיר אַן איבערראַשונג. אין מיינע אויגן האָט דעמאָלט די רייכקייט פון דער ווױנונג פון גביר און חסיד בערלעווי, פון די עלטערן פון מיין חדר־חבר אַברהמל בערלעווי, אויסגעזען קבצניש אין פאַרגלייך מיט דער רייכקייט פון מאַניעק אָזשעכס ווױנונג.

אַ צווייטע איבערראַשונג איז פאַר מיר געווען מאַניעק אָזשעכס פרוי, וואָס האָט מיך איבערגענומען פון דער פּוילישער דינסט. דערזען האָב איך אַ יונגע שיינע דאַמע, רייך און עלעגאַנט געקליידט, באַהאַנגען מיט טייערע צירונג. כ׳האָב געקוקט און געגאַפט אויף דער רייכקייט און עלעגאַנץ פון דער קליידונג און אויף דער שיינקייט פון דער צירונג. אַזאַ רייכע און עלעגאַנט געקליידטע פרוי האָב איך אין מיין פריערדיקן לעבן קיין מאָל נישט באַגעגנט, סיידן די „קאַמעליען־דאַמע״ אויף דער בינע פון פּוילישן טעאַטער.

די גרעסטע איבערראַשונג איז אָבער פאַר מיר געווען מאַניעק אָזשעך גופא. אַ נידעריקער, אַ פול פּנים מיט ראָזלעכע באַקן, שיקלדיקע אויגן, אָנגעטאָן אין אַ געבלימלטן זיידענעם שלאַפראָק און אין שטעקלאַטשן — האָט ער געמאַכט אויף מיר אַ פריקרען איינדרוק.

קומענדיק אַן אַנדער מאָל מיט די חשבונות אין מאַניעק אָזשעכס ווױנונג, בין איך שטיין געבליבן אַ פריטשמעלעטער פון דער סצענע, וואָס כ׳האָב דערזען. אין גרויסן עסזאַל זענען אַרום דעם טיש געזעסן אַ גרופּע רייך־געקליידטע מענער און פרויען, און צווישן זיי — אויך אָפיצירן אין זייערע בלישטשעדיקע מונדירן און זיך

געלאָזט ווילגיין. די סצענע האָט מיך שאָקירט. מילא, אַז אַ יחיד אַ גביר קען זיין אויך אַ סאָציאַליסט, איז מיר שוין געקראָכן אין קאָפּ אַריין, אָבער חברן זיך מיט רוסישע צאַרישע אָפיצירן און הוליען מיט זיי ביי זיך אין שטוב — דאָס האָט זיך נישט געקענט פּאָטופּען אין מיין יונגן פּרימיטיוו־פּראָלעטאַרישן מוח. נאָכן דאָזיקן באַזוך האָב איך זיך אָפּגעזאָגט צו האָבן מיט אָזשעכן וועלכע ס׳איז באַציִונגען און זיך אָפּגעזאָגט פון אַמט פון פאַרוואַלטער פון ברויטפּאַרטייל.

ס׳האָט גענומען עטלעכע טעג און עס זענען געווען לאַנגע שמועסן מיט מיר פון אַ רייע חברים און אויך אַ האַרציקער געשפּרעך מיט סענדערן (וויקטאָר שולמאַן), וועלכער האָט לאַנג און ברייט מיר געגעבן צו פאַרשטיין די מנהגים און די „ביטערע נויטווענדיקייטן״ פון דער געשעפטוועלט, ביז מען האָט מיך באַוויגן צוריקצוציִען מיין רעזיגנאַציע און ווייטער גיין צו אָזשעכן אַהיים מיט די באַריכטן.

דער וויכטיקסטער פאַר מיר אַרגומענט פאַר צוריקציִען מיין רעזיגנאַציע איז געווען, אַז אַ פאַראַנטוואָרטלעכער פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער טוער קען נישט אייגנוויליק לייגן קיין אָנפאַרטרויטן מאַנדאַט. דאָס קען מען טאָן נאָר מיט דער הסכּמה פון דער אינסטאַנץ, וואָס האָט דעם מאַנדאַט אָנפאַרטרויט. דעם מאַנדאַט ווי אַ פאַרוואַלטער פונעם ברויטפּאַרטייל — האָבן די חברים מיט מיר איינגעטענהט — האָסטו געקריגן פונעם אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט, וואָס איז דערוויילט געוואָרן אויף אַן אַלגעמיינער דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג, און שפּעטער — פון דער דערוויילטער פאַרזאַמלונג פון די קאָנסומענטן אין קיך. רעזיגנירן קענסטו בלויז ווען די פאַרוואַלטונג פון דער קיך וועט אָננעמען די רעזיגנאַציע. און ווען די פאַר־וואַלטונג האָט מיין ווענדונג אָפּגעוואָרפן, האָב איך ווייטער דערפילט די פונקציע פון אַ פאַרוואַלטער פונעם ברויטפּאַרטייל.

מיין ווידערווילן צו אָזשעכן ווי קאַסירער און קאָנטראָלער פונעם ברויטפּאַרטייל, ווי מיין משגיח, האָט אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צייט. מיר איז אויך דערווידער געווען זיין באַציִונג צו מיר: אַ קאַלטע, אַ רעזערווירטע. זיינע שאַרפע און שפּיציקע פראַגן און באַמערקונגען, זיין טראַקטירן מיך, ווי כ׳וואָלט געווען אַ סאָלדאַט אויף סלוזשבע, האָבן מיך דענערווירט און איך האָב זיך געבונטעוועט.

ווען כ׳האָב דערציילט מיינע דעמאָלטדיקע עלטערע חברים און פריינד וועגן מיין ווידערווילן צו אָזשעכן ווי קאַסירער און קאָנטראָלער, פלעגן זיי רעאַגירן מיט אַ שמייכל און זיך באַמיט מיך צו באַרויִקן מיט סתם ווערטער.

פירנדיק מיט נאָכעמזאָנען איינע פון די אומצאָליקע שמועסן, האָב איך פאַר אַ נאָווינע איבערגעחזרט מיין ווידערווילן צו אָזשעכן. נאָכעמזאָן האָט מיר בייז געענטפערט: „הערט, יונגער חבר הערשל, דער בונד איז נישט קיין טאַנצזאַל, ווו מען קען זיך אויסקלייבן אַ פאַרטנערקע צום טאַנצן לויטן אייגענעם געשמאַק. אין געזעלשאַפטלעכן לעבן באַגעגנט מען זיך מיט פאַרשיידענע טיפּן און כאַראַקטערן. די פראַגע איז נישט, צי דער געגעבענער מענטש געפעלט אָדער געפעלט נישט,

נאָר צי ער פירט אויס די אויפגאַבע, וואָס ס׳איז אים אָנפאַרטרויט געוואָרן. איר האָט קיין מאָל נישט געגעבן וועלכן ס׳איז מאָטיוו, וואָס זאָל באַרעכטיקן אייערע ווייעדישן און קרעכצענישן. אַלץ, וואָס איר דערציילט וועגן דער באַציִונג פון חבר מאָניעק צו אייך, איז אַ באַווייז, אַז ער נעמט ערנסט און פאַראַנטוואָרטלעך זיין אויפ־גאַבע. מיר קענען אים לענגער און בעסער ווי איר קענט אים, און מיר קענען אויך זיין ווערטפולקייט. ווען איר וועט זיין לענגער אין אונדזער באַוועגונג, וועט איר פאַרשטיין, אַז מאָניעקס האַרטער אופן פון באַהאַנדלען געזעלשאַפטלעכע ענינים קען זיין נוצלעכער, ווי די סאַכאַרין־זיסע רייד פון אַנדערע חברים״.

באַכעמזאָנס אָפּשייגעצן מיך איז מיר אַריין אין קאָפּ. כ׳האָב אָנגעהויבן ערנסטער טראַכטן וועגן מיין ווידערווילן צו מיין פּאַרטיי־עקזעקוטאָר און צו קוקן אויף אים מיט אַנדערע אויגן. איך האָב אָנגעהויבן פאַרשטיין זיינע האַנדלונגען, דעם ווערט פון זיינע פראַגן, באַמערקונגען און אינסטרוקציעס און געקריגן רעספּעקט פאַר דער לאָגישקייט און פּרעציזקייט פון זיין באַהאַנדלען ענינים פון אַ פּראַקטישן און פון אַ געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער.

אין דער גאַנצער צייט פון אונדזער געמיינזאַמער טעטיקייט אין בונד זענען די באַציִונגען צווישן אָזשעכן און מיר געווען קאָרעקטע, רעספּעקטפולע און פאַר־טייִש־חברישע, אָבער נישט קיין פּערזענלעך־אינטימע און פּערזענלעך־פריינד־שאַפטלעכע. די באַציִונג פון אָזשעכן צו מיר קען מען אויסדריקן אין די ווערטער: רעזערווירט און מיט אַ דיסטאַנץ; איר זייט איר און איך בין איך. אין פּרט פון חברישע באַציִונגען בין איך ביי אָזשעכן נישט געווען קיין אויסנאַם. אַזאַ באַציִונג האָט מאָניעק אָזשעך געהאַט צו אַלע אַנדערע בונדישע טוערס, אַפילו צו די שפּיצן פון דער בונדישער פּאַרטיי־אָנפירונג, מיטן אויסנאַם פון מעדעם און פון וויקטאָר שולמאַן. צו מעדעמען האָט זיך אָזשעך באַצויגן מיט אַ דרך־ארץ, וואָס האָט זיך גענרענעצט מיט אונטערטעניקייט, און צו שולמאַנען — מיט אַן אינטימער פריינד־שאַפט.

זינט דעם אַריינקום פון די דייטשן קיין וואַרשע, זומער 1915, ביז צו מיין פאַרלאָזן דעם בונד, האַרבסט 1921, איז מיר אויסגעקומען זיך זעלטן צו טרעפן מיט אָזשעכן ביי קאָנקרעטער פּאַרטיי־אַרבעט. איך געדענק בלויז איין פאַל, ווען כ׳בין צוזאַמען מיט אים אַרויסגעטראָטן אויף איין טריבונע. געווען איז דאָס אויף אַ וואַל־מיטינג צום שטאָטראָט אין וואַרשע אין 1919. איך געדענק אָבער זייער גוט דעם שווערן צוזאַמענשטויס, וואָס איך האָב מיט אים געהאַט אויפן בונדישן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין קראָקע, פּסח 1920.

אויפן דאָזיקן בונדישן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר האָב איך זיך געפונען אין אַן אויסערסט־שווערער לאַגע. איך בין אַרויסגעטראָטן פון דער לינקער פראַקציע און געפּראָוועט שבת פאַר זיך, פאַרנומען, אַזוי צו זאָגן, די עקסטרעמסטע פּאָזיציע: תיכף אַריינטרעטן אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. מיין רעדע אויפן צוזאַמענ־

פאַר האָט געדאַרפט באַגרינדן מיין ספּעציפישן שטאַנדפּונקט. איך האָב געדאַרפט פירן אַ העפטיקע פּאָלעמיק מיט די בערן און פוקסן פון רעכטס, און אַ פּאָלעמיק מיט מיינע לאַנגיאָריקע מיינונג-געגנאָסן פון דער לינקער פראַקציע.

מאָניעק אָזשעך איז געווען אַ מייסטער פון מאַכן צווישנרופן. ווי איז געווען דעם יעניקן, אויף וועמען ער האָט זיך אָנגעזעצט, בפרט, ווען ער האָט זיינע צווישנרופן אָנגעפילט מיט סאַרקאַזם און חוזק. חנינא קראַמאַרסקי, וועמענס רעדע ס׳איז אַגב געווען איינע פון די בעסטע אויפן צוזאַמענפאָר, איז אויפן צוזאַמענפאָר געווען אַ טראַגיש-קאָמישער קרבן פון אָזשעכס צווישנרופן.

בשעת מיין רעדע האָט אָזשעך מיך באַהאָגלט מיט שאַרפע, בייזע, שפּיציקע און סאַרקאַסטישע צווישנרופן. איך בין בשעתו געווען אַ געניטערער עפנטלעכער רעדנער פון חנינא קראַמאַרסקין און צוריקגעשלאָגן אָדער איגנאָרירט אָזשעכס צווישנרופן. זיי האָבן אָבער אָנגעהויבן צו ווערן פאַר מיר געפערלעך. האָב איך אַוועקגעלייגט אויפן רעדנער-פּולפּיט די פאַרצייכנטע נאָטיצן, געמאַכט אַ שריט פאָרויס צום ראַנד פון דער טריבונע און טייטלענדיק מיט אַ פינגער אין דער ריכטונג, וווּ אָזשעך איז געזעסן, צו אים אַ געשריי געטאָן: „העי, פּאַניטש, איר וועט אויפהערן אייערע כאָלערעדיקע שטיק, וואָס די בעלפערס פון די גימנאַזיעס און אוניווערסיטעטן האָבן אייך אויסגעלערנט פאַר אייער רייכן טאַטנס געלטער? כּדי צו קענען שטיין אויף אָט דער פּאַרטיי-טריבונע, האָב איך געמוזט ביי אַ קאָפּטשעדיק לעמפּל, אין די שפּעטע נאַכט-שעהען, נאָך אַ שווערן טאָג פיזישער אַרבעט, אויסקעמפן דאָס ביסל וויסן, וואָס איך פאַרמאָג. אויב איר וועט ווייטער פראַווען אייערע שטיק, וועל איך אייך שיקן אַלץ וואָס געפינט זיך אויפן פּרעזידיום-טיש אין אייער קאָפּ אַריין — ס׳זאָל אייך עפענען דעם קאָפּ און אייך געבן אַ בעסערע לעקציע, ווי ס׳האָבן אייך געגעבן אייערע פּראָפעסאָרן. שווייגט, פּאַנסקי זינדל״! מאָניעק אָזשעך האָט מיך מער נישט באַלעסטיקט מיט קיין צווישנרופן. דער דאָזיקער קאָנפליקט האָט נישט געשטערט ווייטער אָנצוהאַלטן די קאָרעקטע, רעספּעקטפולע און פאַרטייִיש-חברישע באַציִונגען.

נאָך דער שפּאַלטונג פון בונד אין 1921 זענען אונדזערע באַציִונגען פולשטענדיק איבערגעריסן געוואָרן. ביי צופעליקע באַגעגענישן פלעגן מיר זיך אַפילו נישט באַגריסן.

אין 1928 האָבן מיר, אָזשעך און איך, זיך געפונען אין מאָסקווע. געקומען זענען מיר צוליב פאַרשיידענע ענינים: איך, צוליב קאָמוניסטיש-פּאַרטייִשע און אָזשעך — צוליב האַנדלס-אָנגעלעגנהייטן. מיר האָבן געוווינט אין איין האָטעל. באַגעגנט האָבן מיר זיך אין דער פּאָיע פונעם ייִדישן טעאַטער און זיך באַגריסט מיט אַ קוים באַמערקבאַרן שמייכל און מיט אַ לייכטן שאָקל מיטן קאָפּ. איין מאָל אין אַן אָוונט בין איך געזעסן אין האָטעל-רעסטאָראַן מיטן געוועזענעם סיים-דעפּוטאַט וואָיעווודסקי און אָזשעך איז אָנגעקומען בשעת מיר האָבן געגעסן און געשמועסט. וואָיע-

ווודסקי און אָזשעך האָבן זיך געקענט. וואַיעווודסקי האָט אים פאַרבעטן זיך צוצוזעצן צו אונדזער טישל. אָזשעך האָט דעם אָנבאָט אָנגענומען. וואַיעווודסקי האָט מיט דער באַקאַנטער פּוילישער צערעמאָניאַלער העפלעכקייט פאָרגעשטעלט איינער פאַרן אַנדערן, און מיך, נאַטירלעך, מיטן פּסעוודאָנים, אונטער וועלכן כ׳האָב געוווינט אין האָטעל. מאָניעק אָזשעך און איך האָבן זיך הילכיק צעלאַכט. אָזשעך האָט וואַיעווודסקין דערציילט, אַז ער קען מיך נאָך פון דער צייט ווען כ׳האָב אין בונד געמאַכט מיינע ערשטע שריט און ער איז געווען מיין „קאָמיסאַר״, אַז איך האָב אים צו יענער צייט נישט איבעריק ליב געהאַט צוליב זיין נישט־פּראָלעטאַרישקייט, און אַז מיר זענען פּאָליטיש אין בונד קיין מאָל נישט געווען שווה־בשווה. אָזשעך האָט אים אויך דערציילט וועגן דעם צוזאַמענשטויס אויפן בונדישן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין קראָקע. אין שפּאַס האָט ער געפרעגט וואַיעווודסקין, צי איך ווייס וועגן זיין פאַרגאַנגענהייט און ווי אַזוי מיר קומען אויס צווישן זיך.

(וואַיעווודסקי איז געווען אַ געוועזענער ראַדיקאַלער פּויערים־דעפּוטאַט, אַ געוועזענער פּילסודסקיק און אַ געוועזענער הויכער אָפיציר אין דער צווייטער אָפּטיילונג פון פּוילישן גענעראַל־שטאַב — די אָפּטיילונג, וואָס פאַרנעמט זיך מיט שפּיאָנאַזש און קאָנטער־שפּיאָנאַזש. זיין פאַרגאַנגענהייט איז פאַר די פירערס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן, פאַר די פירערס פון קאָמוניסטישן אינטער־נאַציאָנאַל און פאַרן העכערן ק.פּ.פּ.־אַקטיוו געווען גוט באַקאַנט. וואַיעווודסקי איז געווען איינער פון די ערשטע ק.פּ.פּ.־קרבנות פון סטאַלינען).

די באַגעגעניש און דער שמועס מיט מאָניעק אָזשעך אין מאָסקווער האָטעל־רעסטאָראַן אין 1928 איז געווען דער ערשטער און דער איינציקער זינט כ׳האָב געהאַט פאַרלאָזט דעם בונד. מיט אָזשעכן האָב איך זיך מער נישט באַגעגנט.

אין 1939, ווען כ׳האָב זיך געפונען ווי אַ פּליט אין ווילנע, האָב איך דורך דער „פּאַנטאָפל־פּאָסט״ דערהאַלטן אַ בריוול פון מאָניעק אָזשעך, אין וועלכן ער האָט מיר מיטגעטיילט, אַז ער האָט מיר אַרויסגעשיקט אַ ביסל געלט און אַ פּעקל מיט זאַכן, און געבעטן לאָזן וויסן, צי כ׳האָב דאָס געלט מיט די זאַכן דערהאַלטן. דער טאָן פונעם בריוול איז געווען אַן אויסערסט פריינדלעכער און מיך פריידיק איבערראַשט.

דאָס בריוול איז געווען דער לעצטער קאָנטאַקט, וואָס כ׳האָב געהאַט מיט מיין אַמאָליקן חבר פון בונד, איינער פון די דריי קאָסירערס און קאָנטראָלערן פונעם ברויטפּאַרטייל, פאַר וועמען איך בין צום ערשטן מאָל אין מיין פּאָליטיש־געזעל־שאַפטלעכער קאַריערע געווען אויך פערזענלעך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר מיינע מעשים און פאַר מיין טעטיקייט.

וועגן מאָניעק אָזשעכס פּאָליטישע ראָלע ווי דער וויכטיקסטער און אויטאָרי־טאַטיווסטער פירער פון אונטערערדישן בונד פון פּוילן אונטער דער נאַצישער הערשאַפט, האָב איך דירעקט און אומדירעקט געהערט אַ סך ביטערע רייד און

שווערע פאָרוואָרפן פון אַ רייע מענטשן, וועלכע האָבן געלעבט און געווען אַקטיוו אין דער אונטערערדישער באַוועגונג אין פוילן.

גאָר ביטערע ווערטער וועגן דער פּאָליטישער ראָלע פון מאַניעק אָזשעך איז מיר אויסגעקומען צו הערן פונעם ליבקן פּועלי־ציוניסט ה. וואַסער, אַ היסטאָריקער און אַן אַקטיווער טוער פון דער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין וואַרשע, וועלכער האָט זיך געפונען אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע, אין דער יידישער דעלעגאַציע פון פוילן, וואָס האָט אין יאָר 1946 באַזוכט די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. וואַסער האָט באַשולדיקט אָזשעכן אין שטערן אין משך פון אַ לאַנגער צייט דאָס שאַפן אַן אייגהייטלעכע יידישע ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע, מיטן מאָטיוו פון קעגנערשאַפט צו כּלל־ישׂראלדיקייט און אויך פון געפינען זיך פון בונד אין איין אָרגאַניזאַציע מיט די קאָמוניסטן. אָזשעך האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם וויכטיקסטן עקספּאָנענט פון דער אַ. ק.־פּאָליטיק אין דער יידישער סביבה. איך האָב וואַסערן געענטפערט, אַז איך בין דאָרט נישט געווען און קען זיך נישט דערלויבן אָנצונעמען וועלכע ס'איז שטעלונג. פאַר מיר איז אָבער באַגלייבלעך געווען, אַז אָזשעך האָט געקענט פאַרנעמען אַ שטעלונג פון אַנטי־כּלל־ישׂראלדיקייט און נישט וועלן מיטאַרבעטן מיט קאָמוניסטן אַפילו אין דער אויסערגעוויינלעך־שווערער צייט פאַר יידן אין פוילן.

מאַניעק אָזשעך איז לויט מיין מיינונג געווען אַן אָרגאַנישער בונדיסט און אַן אָרגאַנישער מענשעוויק. ס'זענען פאַראַן מענטשן, אַפילו באַגאַבטע מענטשן, וועלכע קענען זיך נישט באַפרייען פון דעם, וואָס זיי האָבן איינגעזאַפּט אין זייער יוגנט. אָזשעך, טראָץ זיין וויסן און פעיקייטן, איז געבליבן אַ בונדיסט מיט אויפפאַסונגען און טעאָריעס פון בונדיזם פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, פון בונדיזם פון זיינע סטודענטישע יאָרן. זיין לאַנגיאָריקע מענשעוויסטישע שׂנאה צו דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און צו אַלעם דעם, וואָס איז געווען אַ פּועל־יוצא פון דער דאָזיקער רעוואָלוציע, זענען געווען רודימענטן, וואָס האָבן געקענט באַווירקן זיין אַנטי־כּלל־ישׂראלדיקייט און דאָס נישט וועלן זיך געפינען אין איין אָרגאַניזאַציע מיט קאָמוניסטן, אַפילו אונטער די אויסערגעוויינלעכע נאַצי־באַדינגונגען.

אין מיינע מעמוּאַרן האָב איך בכּיוון אָפּגעגעבן אַ סך פּלאַץ פאַר מאַניעק (מאָוריצי) אָזשעך, און אַפילו אַריינגענומען דעם מאָמענט פון פאָרוואורף און קריטיק וועגן זיין ראָלע אונטער דער נאַצישער הערשאַפט. פון דעם בין איך נישט געווען קיין עדות, און במילא איז דאָס נישט קיין טייל פון מיינע זכרונות. געטאָן האָב איך עס צוליב צוויי טעמים:

מאַניעק אָזשעך איז געווען אַ גביר בן גביר און אַ פּראַקטיצירנדיקער גרויסער געשעפטסמאַן, און גלייכצייטיק, אין זיין באַוווּסטזיניקן לעבן — אַן אַקטיווער טוער פון בונד. דאָס מיינט אַ יחיד במינו פון זיין קלאַס און שטאַנד, און אַן אייגנאַרטיקע

פּערזענלעכקייט. מאַניעק אָזשעך איז געווען דער איינציקער „גביר־סאָציאַליסט" מיט וועמען ס'איז מיר אויסגעקומען אין משך פון לאַנגע יאָרן צו זיין געמיינזאַם טעטיק אין איין סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. במילא פאַרנעמט מאַניעק אָזשעך אַן אייגנאַרטיק אָרט אין מיינע מעמואַרן.

און דער עיקר — מאַניעק (מאַוריצי) אָזשעך איז געווען די אַנגעזעענסטע און אויטאָריטאַטיווסטע פיגור אין אונטערערדישן בונד פון פּוילן אונטער דער נאַצישער הערשאַפט, און במילא פאַרנומען אַן אַנגעזען און אַנפירנדיק אָרט אין דער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג קעגן די נאַציס. אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו דער פאַר־גאַנגענהייט פון די מענטשן, וואָס האָבן אין דער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג פון פּוילן געשפּילט אַ ראָלע, דאַרף דערציילט ווערן, דערציילט ווערן מיטן פולן אמת — אַזוי ווי דער דערציילער האָט דעם געגעבענעם מענטש געקענט און געזען.

געטיילט האָט מאַניעק (מאַוריצי) אָזשעך דעם גורל פון דער יידישער באַפעל־קערונג און פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט פון פּוילן — ער איז אומגעקומען דורך די נאַצישע רוצחים. איך האָב געפילט ממש ווי אַ חוב צו דערציילן אויספיר־לעכער וועגן אַלץ, וואָס איך ווייס און געדענק וועגן דעם דאָזיקן אייגנאַרטיקן מענטש.

✶

דריי זענען זיי געווען: סאַדאָווסקי, אינזשעניר העלער און מאַניעק אָזשעך, די קאַסירערס און קאָנטראָלערן פונעם ברויטפּאַרטייל פון דער בונדישערווירטשאַפט־אַקציע אין וואַרשע אונטערן צאַרישן מלחמה־רעזשים אינעם פּעריאָד אויגוסט 1914 —יולי 1915.

דריי באַזונדערע טיפּן, כאַראַקטערן און פּערזענלעכקייטן. און יעדער פון זיי האָט צוגעטראָגן אַ חלק צו מיין גייסטיקער און געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג.

אין מיין געדעכעניש איז פאַרבליבן אַ סענטימענט פאַר יעדן איינעם פון די דריי און פאַר אַלע דריי צוזאַמען.

## די בונדישע אַרבעטער־קיך

אין אַ דינסטיק־פאַרמיטאָג, סוף אויגוסט 1914, זענען געעפנט געוואָרן די טירן און ס'האָט אָנגעהויבן פונקציאָנירן די ערשטע אַרבעטער־קיך אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע.

„בונדישע אַרבעטער־קיך" — דאָס איז געווען דער נאָמען, וואָס די קאָנסומענטן און דער ברייטער אַרבעטער־עולם האָבן געגעבן דער קיך, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורכן „יידישן אַרבעטער־ווירטשאַפט־אַקציע־קאָמיטעט". אויך די פּוילישע אַרבע־

טער־טוערס האָבן די דאָזיקע הילף־אינסטיטוציע טיטולירט מיטן נאָמען „בונדישע קיך״.

דער ערשטער לאָקאַל פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך האָט זיך געפונען אויף אַן ערשטן שטאָק, אין הויף פון דער פּירשטאָקיקער געביידע אויפן ראָג נאַוואָליפּיע און דזשיקע, וואָס האָט געהערט צום הויז־באַזיצער און מאַנופאַקטור־סוחר שטאַבזיב.

דער רחבותדיקער לאָקאַל איז געשטעלט געוואָרן צו דער דיספּאָזיציע פון בונד דורך דער שטאַבזיב־פאַמיליע אַ דאַנק זייער עלטסטער טאָכטער, עסטושאַ שטאַבזיב. ווי עסטושאַ שטאַבזיב האָט מיך אינפאָרמירט, בשעת מיין באַגעגעניש מיט איר אין פּאַריז, זומער 1962, איז זי ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען אונטערן אײַ־דעיִשן איינפלוס פון אירע עלטערע פריינד, בונדיסטן, אַ דאָקטאָר־מעדיצין און זיין פרוי. אָט די פריינד האָבן איר, נאָכן אויסבראָך פון דער מלחמה, דערציילט וועגן די צוגרייטונגען פון בונד צו אָרגאַניזירן אַ הילפאַקציע פאַר די אַרבעטלאָזע. און זי, עסטושאַ שטאַבזיב, האָט געפועלט ביי אירע עלטערן אָפּצוגעבן דעם גרויסן לאָקאַל, וואָס איז גראָד געשטאַנען ליידיק, אויף אַ קיך פאַר אַרבעטלאָזע.

מיט שפּאַנונג האָט דער בונדישער אַקטיוו און די אַרבעטער אויף די בערזעס דערוואַרט די דערעפענונג פון דער אַרבעטער־קיך. אַ פאַרגעניגן איז געווען צו זען די צוגרייטונגען, ווי אַזוי דער אַלטער משה קאַמאַנדעוועט מיט אַ גרופּע בוי־סטאָ־ליאַרעס ביים מאַכן די טישן און די בענק, די פּאָליצעס פאַר פּראָדוקטן און פאַר די כּלים, און סטראַיען אויס דאָס שטיבל פאַר דער פאַרוואַלטונג, וואָס האָט שפּעטער געקריגן דעם סאַרקאַסטישן נאָמען: „דאָס בית־דין־שטיבל״; זיך צוצוקוקן, ווי דער זדון מיט זיינע צוויי געהילפן ברייטערן אויס די קיך צום קאָכן און מאַכן פּלאַץ פאַר גרויסע טעפּ, פאַר ברייטע סאַגאַנעס און פאַר קלענערע טעפּלעך; צו זען די אינער־לעכע קיך־איינאָרדענונג: די כּלים צום קאָכן און צום עסן און די צעראַטעס אויף די טישן, וואָס בלאַנקען מיט נייקייט. און ווען די טירן פון דער קיך האָבן זיך געעפנט פאַר די קאָנסומענטן, האָט אַלץ געקלאַפּט מיט אַ זעלטענער פּינקטלעכקייט.

פייערלעך איז געווען די דערעפענונג. פאַרזאַמלט זענען געווען אַ רייע פאַר־בעטענע געסט פון אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און אַ צאָל מיוחסדיקע בונ־דיסטן, צווישן זיי אויך לאַזאַר עפּשטיין, דער ליבלינג פון דער ראַדיקאַלער יוגנט אויפן פאָרום פון „הזמיר״. די פאַמיליע שטאַבזיב האָט סערווירט כּיבוד, לעקעך און בראָנפן.

די פאָרשטייערס פון די אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע און פון ביידע פליגלען פון ס.ד.ק.פּ.ל., האָבן גראַטולירט דעם בונד און מקנא געווען די גוטע קיך־אָרגאַניזאַציע און די גוטע אָרגאַניזאַציע פונעם ברויטפּאַרטייל.

אין די סאָציאַליסטישע קרייזן איז אָנגעגאַנגען אַ פּלוגתא, צי די בונדישע אַר־בעטער־קיך איז געווען די ערשטע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־קיך אין וואַרשע. די ס.ד.ק.פּ.ל.־ראָזלאַמאָווצעס האָבן געהאַלטן, אַז זייער קיך אויף דער וואָלסקע־גאַס

איז געווען די ערשטע. דער בונדישער אַקטיוו האָט די מיינונג אָפּגעוואָרפן, נעמענדיק פאַר זיך די בכורה, און פאַרטיידיקט די בונדישע פּרי־אָריטעט, אַז די ערשטע געקאָכטע מיטאָגן זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן נישט אין דער קיך אויף וואָלסקע־גאַס, נאָר אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך.

מיר איז דאָן דער שטרייט פאַר פּרי־אָריטעט אויסגעקומען ווילד און קאָמיש. אָבער אין מיין שפּעטערדיקער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט האָב איך דערפאַרן, אַז „ערשטיקייט" און „פּרי־אָריטעט" האָט אַ באַטייט, אַפילו אַ וויכטיקן באַטייט, אין דער צווישן־מלוכישער און אין דער צווישן־פּאַרטיי־ישער שפּיל. איך אַליין האָב אויסגענוצט דעם מאָטיוו פון סטאַזש און פּרי־אָריטעט, ווי אַן אַרגומענט אין די אינערלעכע שטרייטן אין בונד און אין דער קאָמ. באַוועגונג.

למען האמת און לשם געשיכטע, בין איך אויך איצט, בשעת כ׳שרייב די שורות, גענייגט אין דעם דערמאָנטן פאַל פון דער קיך, צו זיין אויפן בונדישן צד.

רייך און אָנגעלאָדן איז די בונדישע ווירטשאַפט־אַקציע און די בונדישע אַרבעטער־קיך געווען מיט גרויסע און קליינע פּראָבלעמען, וואָס די אָנפירונג האָט געהאַט צו לייזן.

נאָך איידער די קיך אין שטאַבזיבס הויף, אויף ראָג נאָוואָליפּיע און דזשיקע, איז געעפנט געוואָרן, האָט מען געמוזט לייזן דאָס קאַרדינאַלע פּראָבלעם פון כשרות. נישט וועגן אָפּהיטן די כשרות־דינים פון שולחן־ערוך האָט זיך געהאַנדלט, נאָר וועגן דעם באַנוץ פון חזיר, פון חזיר־פלייש און פון חזיר־פעטס.

דאָס פּראָבלעם האָט אַרויסגערופן הייסע דעבאַטן. געווען אָנהענגערס פון נישט רעכענען זיך מיט סענטימענטן, און נוצן נאָר אַזעלכע אַרטיקלען, וואָס זענען נאָר־האַפטער, באַקוועמער און ביליקער, און אָפן פּראָקלאַמירן דעם באַנוץ פון טריפה פלייש.

צום באַדויערן געדענק איך נישט ווער ס׳איז געשטאַנען בראש פון דער „ראַדיקאַלער" ריכטונג. איך געדענק אָבער, אַז משה סטאָליאַר, דער עלטערער ייִד מיט דער ברייטער און לאַנגער גרויער באָרד און אין ייִדיש־טראַדיציאָנעלער קליידונג, און אויך איך, האָבן זיך געפונען צווישן די „ראַדיקאַלן", וואָס האָבן אָפּגעוואָרפן יעדע באַגרענעצונג פון באַנוצן זיך מיט טריפה פלייש, און אַז די אינטעליגענטן וויקטאָר שולמאַן, סאַדאָווסקי, נאָכעמזאָן, און אויך יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, יוסף באַסאַק, און דער אין די פאַריקע קאַפּיטלען דערמאָנטער שטעקן־מאַכער, זענען געווען קאַטעגאָריש קעגן באַנוצן דירעקטע טריפות.

זייער אַרגומענט איז געווען, אַז די הילף־אינסטיטוציעס פון דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע ווערן נישט געשאַפן פאַרן בונדישן פּאַרטיי־אַקטיוו, נאָר פאַר דער ברייטער מאַסע ייִדישע אַרבעטער, און דער רוב פון די ייִדישע אַרבעטער, באַזונדערס די פרויען פון די ייִדישע אַרבעטער, וועלן ווייכן פון דער קיך ווען זיי וועלן

געוואָר ווערן, אַז מען באַנוצט זיך מיט בשר־קוויטש. מיר וועלן קיינעם נישט אָפּנאַרן, האָבן די דערמאָנטע און אַנדערע חברים געטענהט, אויב עמעצער וועט פרעגן, צי מיר היטן אָפּ די דינים פון כשרות, מיר טאָרן אָבער נישט טאָן אַזעלכעס, וואָס זאָל אַנטאַגאָניזירן גרויסע מאַסן ייִדישע אַרבעטער און זייערע פאַמיליעס און זיי באַרויבן פון דער הילף, וואָס עס קומט זיי ווי ייִדישע פּראָלעטאַריער.

דער רעזולטאַט פון דער דיסקוסיע איז געווען, זיך נישט צו באַנוצן מיט קיין חזיר־פּראָדוקטן.

איך וויל פאַרצייכענען, אַז אין גאַנג פון מיינע שפּעטערדיקע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן האָב איך איינגעזען ווי אומגערעכט כ׳בין דאַן געווען מיט מיין „ראַדי־קאַליזם״. וואָס מיך האָט אין די שפּעטערע יאָרן אינטערעסירט אין שייכות מיטן דערמאָנטן ענין איז געווען, דאָס וועלן פאַרשטיין די סיבות און מאָטיוון פון דער שטעלונג, וואָס ס׳האָט פאַרנומען משה סטאָליאַר. קיין ענטפער האָב איך אָבער פון דעם אַלטן משהן נישט געקריגן.

אַ פּראָבלעם איז אויך געווען, ווי אַזוי צו האַנדלען לגבי די פרומע און אין כשרות אָפּגעהיטענע אַרבעטער, וועלכע ווילן נישט געניסן פון דער קיך, נישט ווי עסערס און נישט ווי אַרויסנעמערס פון מיטאָגן פאַר זייערע פאַמיליעס, און זיי פאַרלאַנגען, מ׳זאָל זיי צוטיילן רויע פּראָדוקטן. די „ראַדיקאַלן״ זענען נאַטירלעך געווען קעגן יעדער פּריווילעגיע פאַר די רעליגיעז־געשטימטע אַרבעטער. מאָטי־ווירנדיק זייער קעגנערשאַפט, אַז אַזאַ פּריווילעגיע וועט שאָדן ברענגען דעם רוב קאָנסומענטן. דאָס מאָל בין איך גראָד געווען פאַר מאַכן הנחות פאַר די רעליגיעז־געשטימטע אַרבעטער. כ׳האָב געהאַט פאַר די אויגן דאָס געשטאַלט פון מיין עלטערן פאַך־קאָלעגע, חבר און פריינד, דעם גיסער ישראל האַלבערשטאַט.

דער באַשלוס איז געווען זיך צו רעכענען מיט די איבערצייגונגען פון די באמת פרומע און אָפּגעהיטענע אין כשרות און זיי אַרויסגעבן רויע פּראָדוקטן. אַ קאָמיסיע איז אויסגעטיילט געוואָרן צו וועריפיצירן די אַפּליקאַנטן, און איך בין געווען איינער פון די פינף מיטגלידער פון דער קאָמיסיע: יוסף באָסאָק, מאָריץ מעטאַלאָוויעץ, משה סטאָליאַר, דער שטעקן־מאַכער און איך.

אַ שווער פּראָבלעם איז געווען דער ענין מצות אויף פסח פון יאָר 1915. אָבער וועגן דעם פּראָבלעם און די פּאָליטישע אימפּליקאַציעס, וואָס זענען מיט דעם ענין דאַן געווען פאַרבונדן, וועט מיר אויסקומען צו דערציילן אין די וויטערדיקע קאַ־פּיטלען.

פאַר מיר זענען די פּראָבלעמען, די גרויסע און די קליינע, די פּראָבלעמען מיט פּאָליטישע אַספּעקטן און פון אַ הומאַניטאַרן כאַראַקטער, וועלכע די אָנפירונג פון דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע האָט געהאַט צו לייזן — געווען גוטע לעקציעס און אַ נוצלעכע דערפאַרונג.



די בונדישעווירטשאַפט־אַקציע — דער ברויטפּאַרטייל און באַזונדערס די בונדישע אַרבעטער־קיך — האָט געשפּילט אַ קאָלאָסאַלע ראָלע, איך שטרייך אונטער: אַ קאָלאָסאַלע ראָלע, אינעם לעבן פון די יידישע אַרבעטער אין וואַרשע.

אונטערן צאַרישן מלחמה־רעזשים איז די האַלבלעגאַלע הילף־אינסטיטוציע פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך געווען אַ טרעפּפּונקט און אַ זאַמלפּלאַץ פאַר הונדערטער יידישע אַרבעטער, אַ מאָביליזיר־צענטער, דורך וועלכן די „אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטערשאַפט" — דאָן דער פּסעוודאָנים פון בונד — האָט דורכגעפירט וויכטיקע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אַקציעס.

צו דערמאָנען בלויז עטלעכע פאַקטן:

די קאָנסומענטן פון דער קיך און פונעם ברויטפּאַרטייל האָבן אויף אַן אומלעגאַלער פאַרזאַמלונג אין קיך דערוויילט די פאַרוואַלטונג פון דער ווירטשאַפט־אַקציע, וואָס האָט איבערגענומען די פונקציעס פון דער דערוויילטער אויף דער דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג „יידישן אַרבעטער־ווירטשאַפט־אַקציע־קאָמיטעט", און אויף אַן ענלעכער פאַרזאַמלונג דערוויילט די דעלעגאַציע פון דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע צום אַלגעמיינעם אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט (ראַבאָטניטשי קאָמיטעט גאָספּאָדאַרטשי).

אַ פאַרזאַמלונג פון די קאָנסומענטן פון קיך און ברויטפּאַרטייל האָט געלייזט דעם אינערלעכן שטרייט פון אַקטיוו פון בונד, צי דער בונד זאָל זיך אָפיציעל באַטייליקן אין דער לוויה פון י. ל. פּרץ, באַשליסנדיק, אַז די יידישע אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט נעמט אַן אָפיציעלן אָנטייל אין דער לוויה.

ווינטער 1915 האָבן פון לאָקאַל פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך אָפּמאַרשירט עטלעכע הונדערט יידישע אַרבעטער צום וואַרשעווער מאַגיסטראַט און צוזאַמען מיט די פּוילישע אַרבעטער דעמאָנסטרירט, געפאָדערט און געצוווּנגען דעם וואַרשעווער בירגער־קאָמיטעט, אין וועמענס שפּיץ ס'איז געשטאַנען דער גראַף לובאָמירסקי, צו געבן פינאַנציעלע אונטערשטיצונג די הילף־אינסטיטוציעס, וואָס האָבן זיך געפונען אין די ראַמען פונעם אַלגעמיינעם אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט.

נאָכן אַריינקום פון די דייטשן קיין וואַרשע, זומער 1915, איז די בונדישע אַרבעטער־קיך געווען דער פּאָליטישער און אָרגאַניזאַציאָנעלער צענטער פון און פאַר דער אָרגאַניזירונג פון דער לעגאַלער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און פון די איינצלנע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. אין לאָקאַל פון דער קיך זענען אָרגאַניזירט געוואָרן די מאַסן־דעמאָנסטראַציעס קעגן דער יידישער גמינע, פאַר פינאַנציעלער אונטערשטיצונג פון די יידישע אַרבעטער־הילף־אינסטיטוציעס. ביז מיין אַרויסטריט פון בונד אין האַרבסט 1921 איז די בונדישע אַרבעטער־קיך געווען דער לאָקאַל, אין וועלכער ס'זענען פאָרגעקומען רעגולערע זיצונגען פונעם וואַרשעווער קאָמיטעט

פֿון בונד און אַ רײַע אַנדערע װיכטיקע בונדישע פּאַרטײ־ און פּראָפֿפֿאַראײנישע באַראַטונגען.

נישט קײן גרינג לעבן האָט די בונדישע אַרבעטער־קיך געהאַט אונטערן צאַרישן מיליטערישן רעזשים: אָבלאַװעס, אַרעסטן און דאָס פֿאַרמאַכן די לאָקאַלן דורך דער צאַרישער אָכראַנע איז געװען אַן אָפֿטע דערשײַנונג. די פֿאַרלוסטן פֿון מענטשלעכן אַקטיװ און די מאַטעריעלע פֿאַרלוסטן פֿון די קיך־אײַנריכטונגען זענען געװען גרױסע און שװערע.

דער צאַרישער אָכראַנע מיט איר מעכטיקן טעראָר־אַפּאַראַט האָט זיך אָבער נישט אײַנגעגעבן אומצוברענגען די בונדישע װירטשאַפֿט־אַקציע. נאָך יעדן אַרעסט זענען געקומען אַנדערע חברים, װעלכע האָבן פֿאַרנומען דאָס אָרט פֿון די פֿריִער־דיקע. דער פֿאַרמאַכטער לאָקאַל איז געביטן געװאָרן אױף אַן אַנדערן, אַ מאָל אױף אַן ערגערן און אַ מאָל אױף אַ בעסערן. טראָץ דעם װילדן טעראָר איז די בונדישע אַרבעטער־קיך געװאָרן אַן אײַנגעפֿעסטיקטע אינסטיטוציע אױף דער ייִדישער אַר־בעטער־גאַס אין װאַרשע.

אָבער נישט בלױז הערױזם און מוט האָט די װירטשאַפֿט־אַקציע און די בונדישע אַרבעטער־קיך פֿאַרמאָגט. ס'האָבן לײדער אױך נישט געפֿעלט קײן נעגאַטיװע מאָמענטן און קײן שאַטנזײַטן. גענוג צו דערמאָנען בלױז די קאָנפֿליקטן מיט די אַנדערע פּאַרטנערן אינעם אַלגעמײנעם אַרבעטער־װירטשאַפֿט־קאָמיטעט, דער פּאָ־גראָם פֿון די פּרױען־קאָנסומענטן אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך, און דאָס שאַפֿן דעם זידל־עפּיטעט „קרופּניק, בונדישער קרופּניק".

די בײדע אַספּעקטן פֿון דער בונדישער װירטשאַפֿט־אַקציע און פֿון דער בונ־דישער אַרבעטער־קיך: די גרױסע פּאָליטישע און געזעלשאַפֿטלעכע ראָלע און די שאַטנזײַטן, װעלן, האָף איך, קריגן זײער תּיקון אין די װײַטערדיקע קאַפּיטלען פֿון די זכרונות.

דער ערשטער לאָקאַל פֿון דער בונדישער אַרבעטער־קיך אין שטאַזיבס הויף האָט נישט געהאַט קײן אריכת־ימים און איז געװען טעטיק אַרום 6 װאָכן. די צאַרי־שע אָכראַנע האָט געמאַכט אַן איבערפֿאַל אױף דער קיך, אַרעסטירט אַ סך קאָנסו־מענטן און אױך די פֿונדאַטאָרין פֿונעם לאָקאַל, עסטושאַ שטאַזיב, פֿאַרמאַכט דעם לאָקאַל און קאָנפֿיסקירט די קיך־אײַנריכטונגען.

די בונדישע אַרבעטער־קיך איז איבערגעטראָגן געװאָרן אױף דזשיקע נומער 14, אין אַן ערגערן לאָקאַל און מיט ערגערע קיך־מכשירים, און נאָכן פֿאַרמאַכן אױך דעם דאָזיקן לאָקאַל דורך דער צאַרישער אָכראַנע, איז זי איבערגעטראָגן געװאָרן אױף קאַרמעליצקע נומער 9 — אין אַ גרעסערן, באַקװעמערן און ליכטיקן לאָקאַל.

אינעם לאָקאַל אױף קאַרמעליצקע 9 האָט די בונדישע װירטשאַפֿט־אַקציע, די בונדישע אַרבעטער־קיך און דער ברױטפּאַרטײל, גובר געװען די אינערלעכע שװע־

ריקייטן, איבערגעטראָגן די שטורעמס פון צאַרישן מיליטערישן מלחמה־רעזשים, די נגישות פון דער צאַרישער אָכראַנע, און דערלעבט דאָס פאַרלאָזן וואַרשע פון דער בערך 150־יאָריקער צאַרישער אָקופּאַציע־מאַכט.

## דער פרויען־אַקטיוו

אינעם אַפּאַראַט, וואָס האָט באַדינט די בונדישע אַרבעטער־קיך אין איר ערשטן לאָקאַל, אין שטאַביבס הויף, האָט דער פרויען־עלעמענט פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט.

די פרויען־דיוויזיע איז באַשטאַנען פון דריי גרופּעס:

1. אינטעליגענץ, מיידלעך מיט מיטעלער און העכערער שולבילדונג: שילע־רינס, סטודענטינס, לערערינס, בעיקר פון די יידישע גמינע־שולן, און טעכטער פון רייכע און פאַרמעגלעכע היימען. זייער אומגאַנגשפּראַך איז געווען פויליש, און פון אַ טייל — רוסיש.

2. מיידלעך מיט פּרעטענסיעס אויף אינטעליגענץ, אָפּשטאַמיקע פון באַלע־באַטישע היימען, ווו די שפּראַך אין שטוב איז געווען אויסשליסלעך יידיש. פאַרמאָגט האָבן די מיידלעך פון דער דאָזיקער גרופּע אַ געוויסע שולבילדונג, גערעדט צווישן זיך פויליש און קאָקעטירט מיט די מאָגערע קענטעניש פון דער פּוילישער ליטע־ראַטור.

3. אַרבעטער־מיידלעך: שניידערינס, נייטאָרינס, היטן־פּוצערקעס און פון אַנדערע פאַכן. די מיינסטע אין דער גרופּע אַרבעטער־מיידלעך זענען געווען נייע־רינס ביי דאַמען־מאַנטלען, גערופן אין דעם דעמאָלטדיקן וואַרשעווער יידיש „ווי־קאָנטשאַרקעס ביי אָקריטשע״. די אַרבעטער־מיידלעך האָבן, נאַטירלעך, מיט איינצל־נע אויסנאַמען, גערעדט נאָר יידיש.

דער ווייסער מאַקסל, אַ בונדישער אַקטיוויסט, אַן אַרבעטער ביי דאַמען־בייטלען, דער העלד, וואָס האָט אין זאַקסישן גאָרטן דערלאַנגט י. ל. פּרצן אַ מחזורל, אַ מתנה פון דער ראַדיקאַלער יידישער יוגנט פאַר רופן דער יוגנט צוריק אין שול אַריין, אַ בחור מיט אַן ענציקלאָפּעדישן וויסן, אָבער מיט אַ לויזער און צינישער צונג, האָט די דריי גרופּעס פונעם פרויען־אַקטיוו געקרוינט מיט די נעמען: „פּאַניענקעלעך״, „פּאַפּאָלאָשו־מיידלעך״, און „דער פרויען־פּראָלעטאַריאַט״.

אין דער גרופּע „פּאַניענקעלעך״ האָבן זיך געפונען פרויען, באַגאַבטע און פעיִקע. זיי האָבן פאַרנומען די עקזעקוטיווע טעכנישע אַמטן אין דער קיכווירטשאַפט און די פּאָסטנס פון קעלנערינס.

די אָנגעזעענסטע אין דער דאָזיקער גרופּע זענען געווען: מיראַ, אַ לערערין, עווא סאַלאָמאָן, אַ סטודענטין פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט, און איקאַ, די זעלבע איקאַ, וואָס האָט זיך קונה־שם געווען מיט איר טעטיקייט אין דער קינדערהילף און מיטן ראַטעווען ייִדישע קינדער בשעת דער נאַצישער הערשאַפט אין פראַנקרייך.

די הויפּטפיגור אין דער גרופּע „פּאַניענקעלעך" איז געווען מיראַ — אַ ליט־וואַטשקע, אַ רוסיש־רעדנדיקע, אַ נידעריקע, אַ שטשופּלע, מיט אַ קליין לענגלעך באַחנט פּנימל. דאָס דאָזיקע צאַרטע מיידל האָט פאַרמאָגט אַ שטאַרקן כאַראַקטער, וויסן און פעיִקייטן צו לערנען און צו האַלטן דיסציפּלינירט דעם גאַנצן פּרויען־אַקטיוו.

מיראַ איז אויך געווען די ערשטע קעכין אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך און אירע מאכלים זענען געווען מלא טעם. די קאָנסומענטן און דער אַקטיוו האָבן געשטוינט און זיך געוווּנדערט, פון וואַנען ס׳נעמען זיך צו דער דאָזיקער פיזיש־שוואַכער פרוי די כּוחות צו שטיין לאַנגע שעהען ביי דער הייסער קיך, מישן מיט אַ גראָב שטיק האָלץ דאָס עסן אין די גרויסע טעפּ און סאַגאַנעס, און צו האַלטן דעם פּרויען־פּערסאָנאַל אין אירע קליינע, אָבער אָרגאַניזאַציאָנעל־פעסטע הענטלעך.

ליידער איז מיראַ נישט לאַנג געווען אַקטיוו אין קיך. עטלעכע וואָכן נאָך דער דערעפענונג פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך איז מיראַ פאַרשוווּנדן, און אַ פּראָפעסיאָנעלע קעכין האָט פאַרנומען איר אָרט. איך ווייס נישט פאַר וואָס מיראַ האָט פאַרלאָזט די קיך און ווּ זי איז נעלם געוואָרן. איך ווייס אַפילו נישט ווי זי האָט באמת געהייסן, איר נאָמען און פאַמיליע־נאָמען. מער האָב איך זיך מיט מיראַ נישט באַגעגנט און איך ווייס נישט, ווּ זי איז אַהינגעקומען.

דריי זענען זיי געווען פון דער גרופּע „פּאַניענקעלעך" — עווא פּאָמעראַנץ, סאַבינאַ און עסטושאַ שטאַבזיב — וועלכע האָבן מיט זייער יוגנטלעכקייט, שיינקייט און ליבלעכקייט געברענגט חדווה און פרייד אין די אָנגעזאָליעטע געמיטער פון די קיך־באַזוכערס. זיי זענען געוואָרן די ליבלינגען פון די קאָנסומענטן און פונעם אַקטיוו אינעם ערשטן לאָקאַל פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך.

עווא פּאָמעראַנץ איז געווען אין עלטער פון בערך 17 יאָר. אַ מיטלוווּקסיקע, אַ סמוקלע, אַ גראַציעזע, מיט אַ פּנימל פון אַ מאַדאָנע — וואָלט זי מיט איר פיגור, שיינקייט און גראַציעזקייט געווען, לויט די היינטיקע באַגריפן פון שיינקייט, אַ מוסטערטיפּ פון אַ האָליוווּד־שיינקייט אָדער פון אַ מאָדעלקע פון הויכער מדרגה. עווא איז געווען באַוווּסטזיניק פון אירע מיידלשע וואַלאָרן און בעת איר אַרבעט ווי אַ קעלנערין, אין איר גאַנג מיט דער שווערער טאַץ מיט געקעכטס און ביים דערלאַנגען דעם אַרבעטער־קאָנסומענט זיין שיסעלע גריץ, בשוגג צי במזיד, אויס־געשפּילט איר פרויען־רייץ. אָבער קיינער וואָלט נישט געוואַגט מיט אַ נישט פאַסיק וואָרט אָדער מיט אַ נישט העפלעכן זשעסט דאָס דאָזיקע מיידל צו באַלעסטיקן. אויף עוואַ פּאָמעראַנצס חנוודיק קעפּל איז געזעסן אַ קרוין פון אַ העלדין.

בשעת דעם פּראָצעס פון דער גרופּע יוגנט, וואָס איז אין 1912 אַרעסטירט געוואָרן אויף אַ קאָנפערענץ פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט" — צו יענער צייט אַן אַלגעמיינע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע און נישט קיין ספּעציפיש בונדישע — האָט עווא פּאָמעראַנץ געהאַלטן אין געריכט אַ דרייסטע, און ווי אַנדערע האָבן דערציילט — אַ מייסטערהאַפטע רעדע, און נאָר אַ דאַנק איר יונגן עלטער איז זי באַפרייט געוואָרן אויף קויציע.

אויף עווא פּאָמעראַנץ האָבן די קיך־קאָנסומענטן און דער אַקטיוו געקוקט ווי אויף אַ פּראַכטפול בילד, וואָס יעדער איינער, אַ מבין צי אַ פּראָסטאַק, האָט אַ הנאה צו קוקן דערויף און דערלעקטירן זיך מיט איר שיינקייט.

סאַבינאַ איז געווען גאָר אַן אַנדער טיפּ. אַ מיטלוווקסיקע און אויסגערונדיקטע, מיט אַ העל קיילעכדיק פּנים און מיט אַ קאָפּ שיינענדיקע קאַשטאַן־האָר — איז זי פּאַר יענער צייט געווען דער אידעאַלער טיפּ פון אַ שיינקייט, אָבער פון יענע שיינקייט־טיפּן וואָס רופן אַרויס אי באַוווּנדערונג, אי רעספּעקט.

אויך סאַבינאַ איז געווען פאַרמישט אין דעם יוגנט־פּראָצעס. זי איז געווען עטוואָס עלטער פון עווא פּאָמעראַנץ — פון אַ יאָר 19–20 — אַ לערערין אין אַ גמינע־שולע, אַ טאָכטער פון אַ דרוקער, אַן אייגנטימער פון אַ דרוקעריי, זייער אַן אינטעליגענטער פּאָלקסמענטש; אַן איידעלע מיט אַ שטענדיק־העפלעכן שמייכל אויף איר פּנים און מיט אַ זעלטענער איידעלער באַציִונג צו מענטשן. די קאָנסומענטן און דער אַקטיוו האָבן זי זייער ליב געהאַט און זיך באַצויגן צו איר מיט אַ סך רעספּעקט.

איך און דער קאַסטן־מאַכער שלאָסבערג זענען געוואָרן אירע פּאַוואָריטן און זי האָט אונדז אָפט מאָל איינגעלאַדן צו זיך אין שטוב איר העלפן ברענגען אין אָרדענונג די ביבליאָטעק פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט", וואָס האָט זיך געפונען אין אירע עלטערנס הויז.

סאַבינאַ האָט געהאַט פאָרגעלייגט אונדז צו לערנען פּויליש, וואָס מיר האָבן מיט פאַרגעניגן אָנגענומען. די ערשטע לעקציע פון פּויליש איז באַשטאַנען אין אויסלערנען זיך אויף אויסווייניק דאָס ליד פון דער פּוילישער שריפטשטעלערין מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ: „איז אַוועק אין קריג דער מלך, בלאָזן אַלע שופרות פריילעך". לײדער האָב איך נישט געקענט ממשיך זיין די לעקציעס. די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט האָט פולשטענדיק אַבסאָרבירט מיין צייט. שלאָסבערג איז געוואָרן איר שילער ביז צו זיין אַרעסט.

די דריטע, עסטושאַ שטאַביב — אַ קליינע, אַ פּיליגראַן־גראַציעזע פיגורל פון אַ יאַפּאַנישער גיישע, מיט אַ פאַרריסן סלאַוויש נעזל, אַ קוועקזילבער — איז פול געווען אין אַלע ווינקעלעך און האָט אַבסערווירט די קיך־באַזוכערס און דעם אַקטיוו מיט אירע נישט גרויסע, בלויע אויגן.

די אַרבעטער־קאָנסומענטן און דער בונדישער אַקטיוו האָבן עסטושאַ שטאַביב

גערופן „דער שמעטערלינג". און ווירקלעך, עסטושאַ שטאַבזיב איז נישט געגאַנגען, נאָר געשוועבט, נישט גערעדט, נאָר געזונגען, און מ'האָט זי ליב געהאַט, ליב געהאַט אויף איר צו קוקן, און קוקנדיק אויף איר — זיך צו פרייען, ווי זי וואָלט געווען אַ שיין פריילינגבלימל אָדער אַ לעבעדיק שטיק מוזיק.

און ס'איז פאַר מיר נישט קיין וווּנדער, וואָס עסטושאַ שטאַבזיב איז אַוועק אין די קרייזן פון קינסטלערס, און איר שטוב, די שטוב פון איר פאַמיליע, איז געוואָרן דער סאַלאָן פון דער יידישער באָהעמע, פון דער כאַליאַסטרע יונגע יידישע פּאָעטן: פון די פּרץ מאַרקישעס, ראַוויטשעס, י.י. זינגערס, און פון כּלערליי קינסטלערס, מוזיקערס און מאָלערס, און זי אַליין איז געוואָרן אַ קינסטלערין, אַ סקולפּטאָרין, און חתונה געהאַט מיט אַ קונסטמאָלער.

עסטושאַ שטאַבזיב, די אויסגעצערטלטע טאָכטער פון אַ נגידישער שטוב, האָט שנעל און ווי געהעריק זיך צוגעפּאַסט צו דער סביבה פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך און געטאָן אַלץ, וואָס מ'האָט פון איר פאַרלאַנגט, אָדער פרייוויליק אַליין געטאָן פאַרשידענע קיכאַרבעטן. ווען זי איז אַרעסטירט געוואָרן דורך דער צאַרישער אָכראַנע, האָט זי אַרויסגעוויזן דעם נייטיקן מוט און דעם געהעריקן קוראַזש און זיך ווערדיק געהאַלטן סיי בעת די זשאַנדאַרמערסקע אויספאָרשונגען אין דער אָכראַנע און סיי אין טורמע־קאַמער, אין וועלכער זי האָט זיך געפונען ווי די איינציקע פּאָלי־טישע אַרעסטירטע.

אין 1962 האָב איך מיט עסטושאַ שטאַבזיב זיך געטראָפן אין פּאַריז און מיט פרייד אויפגענומען דאָס ווידער באַגעגענען זיך מיטן „שמעטערלינג" — די איינ־ציקע, אויף וויפל איך ווייס, לעבן־געבליבענע פון דער גרופּע „פּאַניענקעלעך", וועלכע האָבן מיט זייער אינטעליגענץ, פעיִקייט און אָפּערוויליקייט צוגעטראָגן אַ גרויסן חלק צום פונקציאָנירן און צו דער גוטער אָרגאַניזאַציע אינעם ערשטן לאָקאַל פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך.

✶

אויך די גרופּע „פּאָפּאָלאַשו־מיידלעך" האָבן פאַרנומען אַן אַקטיוון פּלאַץ אינעם אַפּאַראַט, וואָס האָט באַדינט די בונדישע אַרבעטער־קיך. געוויסע פון זיי זענען געווען באַשעפטיקט ביים אויסטיילן די מיטאָגן, ספּעציעל פאַר די, וואָס האָבן גע־נומען די מיטאָגן אַהיים, און אַנדערע — ווי קעלנערינס.

דאָס ערשטע אָרט אין דער גרופּע „פּאָפּאָלאַשו־מיידלעך" האָט פאַרנומען אַ מיידל מיטן נאָמען העלאַ. געווען איז העלאַ אַ קליינוווקסיקע, נישט קיין גרויסע קראַסאַוויצע, זי האָט פאַרמאָגט כאַראַקטער און אַן אייזערנעם ווילן, און געהאַלטן איר גרופּע פעסט אין די הענט. איר בחור, כאַסקעלע דיאַמאַנד, אַ בונדישער אַקטי־ויסט, איז געווען פאַרשיקט קיין סיביר און העלאַ האָט וועלטן איינגעלייגט צו קריגן אַ דערלויבעניש פון דער צאַרישער מאַכט צו פאָרן ווי אַ פרייוויליק־פאַרשיקטע צו

איר בחור. נישט גרינג איז איר דאָס אָנגעקומען, אָבער סוף כּל סוף האָט זי אירס דערגרייכט, און פאַרן פאַרלאָזן וואַרשע פון רוסישן מיליטער איז העלאַ, מיט דער סאַמע לעצטער באַן, אָפּגעפאָרן קיין סיביר.

העלאַס שפּעטערדיקער מאַן, כאַסקעלע דיאַמאַנד, איז נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אַריבער צו די באָלשעוויקעס. ער האָט געאַרבעט אין דער „פּראַוודאַ" און דערנאָך אין סעקרעטאַריאַט פון פּראָפינטערן. אין די צוואַנציקער יאָרן איז כאַסקעלע דיאַמאַנד מפורסם געוואָרן אין דער וועלט אין שייכות מיט אַ רעדע, וואָס סטאַלין האָט געהאַלטן וועגן די געוועזענע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע זענען דעגע־נערירט געוואָרן. ווי אויף איינעם פון דיביישפּילן האָט סטאַלין אָנגעוויזן אויף כאַסקעלע דיאַמאַנד, דערציילנדיק, ווי אַזוי ער האָט זיך אויפגעפירט אין פּאַריז, וווהין ער איז געפאָרן אין אַ מיסיע, וואָס פאַראַ זאַכן ער האָט פון פּאַריז מיטגעבראַכט און נישט געמאָלדן וועגן זיי אויפן סאָוועטישן צאָלאַמט.

דאָס מאָל שרייב איך זיך אונטער מיט ביידע הענט אויפן שאַרפן אַרויסטריט פון סטאַלינען קעגן דער דעגענעראַציע פון געוויסע געוועזענע רעוואָלוציאָנערן, און באַזונדערס אויף זיין אָנגריף קעגן כאַסקעלע דיאַמאַנד. איך קען, נעמלעך, דעם דיאַמאַנד־ענין פון דער נאָענט. בעת מיינע באַזוכן אין מאָסקווע בין איך געווען אַן אָפטער גאַסט ביי העלאַן, אַן אָנגעשטעלטע אין אַ ביוראָ פון דער טעלעפאָן־באַדינונג אין מאָסקווע. כאַסקעלע דיאַמאַנד האָט זי געהאַט פאַרלאָזן.

אין דער גרופּע „פּאַפּאַלאַשו־מיידלעך" האָבן זיך געפונען אַ צאָל, וואָס זענען, אויף אַזאַ אָדער אַנדערן אופן, באַקאַנט געוואָרן אין די יידישע אַרבעטער־קרייזן. הענעלע קאָן איז געוואָרן די פרוי פון דעם באַקאַנטן אַרבעטער־טוער יחיאל ניימאַן. אסתּר — די פרוי פונעם דרוקער־אַרבעטער און בונדישן טוער שקליאַר. באַלבינאַ איז פאַרבונדן געווען מיט די ווירטשאַפט־אינסטיטוציעס פון בונד ביז צום אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

געווען איז אין דער גרופּע „פּאַפּאַלאַשו־מיידלעך" אַ יונג און סימפּאַטיש פּויליש רעדנדיק מיידל מיטן נאָמען סאַבינקע. פאַרמאָגט האָט סאַבינקע אַ שיין שטימעלע און אין די פאַרנאַכטן פלעגט זי זינגען שוביערטס סערענאַדע און אַנדערע ראָמאַנ־טישע פּוילישע און רוסישע לידער, צו וועלכע די מיטגלידער פונעם אַקטיוו און קיך־פּערסאָנאַל האָבן מיט הנאה זיך צוגעהערט. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מיידל, וואָס איז געווען אין מיר פאַרליבט — איינזייטיק און האָפענונגלאָז פאַרליבט. ביז איר בין איך געווען דער יעניקער „וואָס קריגט די פּעטש", דער איינזייטיק־פאַרליבטער. נאָך מיין אַרויסגעשיקט ווערן קיין דייטשלאַנד, אין דעצעמבער 1915, האָט סאַבינקע מיט מיר קאָרעספּאָנדירט און ראַפּטעם איז די קאָרעספּאָנדענץ איבער־געריסן געוואָרן. נאָך מיין צוריקקום קיין וואַרשע, אין זומער 1918, האָב איך סאַ־בינקען מער נישט באַגעגנט.

*

א גרויס אָרט אינעם אַפּאַראַט פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך האָט פאַרנומען די גרופּע אַרבעטער־מיידלעך, וואָס איז באַשטאַנען פון א 30–40 פּערזאָן — דער רוב פונעם פּרויען־אַקטיוו.

בראָש פון דער גרופּע אַרבעטער־מיידלעך זענען געשטאַנען דריי מאַניעס: די שוואַרצע מאַניע, די ווייסע מאַניע און מאַניע עליאַש. די עליאַשעס זענען געווען דריי שוועסטער און מאַניע עליאַש מיט איר יינגסטער שוועסטער זענען געווען פון די אַקטיוויסטע פון דער גרופּע אַרבעטער־מיידלעך אין דער גאַנצער צייט פונעם צאַרישן מיליטערישן רעזשים.

באַשעפטיקט איז די גרופּע אַרבעטער־מיידלעך אין קיך געווען ביי די שווערסטע אַרבעטן: ביים שיילן קאַרטאָפל, ביים רייניקן די פּראָדוקטן צום קאָכן, וואַשן דאָס געשיר, און צוזאַמען מיט די מענער־דיזשורנעס, וואָס זענען יעדן טאָג אויסגעטיילט געוואָרן פון די קאָנסומענטן און פונעם אַקטיוו, האָבן זיי געהאָלפן שייערן די טעפּ און וואַשן די פּאָדלאָגעס.

חברה האָבן אויפן סמך פונעם גרופּע־פּאַרטייל און פון זייערע באַשעפטיקונגען אין קיך, געמאַכט „וויטגייענדיקע אויספירן" וועגן דער ראָלע פון קלאַסנקאַמף אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, און אָנגעוויזן, אַז אַפילו אין דער בונדישער אַרבע־טער־קיך קומט צום אויסדרוק אַ קלאַסן־פּאַרטייל. דער שוין דערמאָנטער ווייסער מאַקסל, אַן אינטעליגענט כּדבעי, אַן אָנהענגער פון די אַנטי־אינטעליגענץ־טעאָריעס פון פּוילישן רעוואָלוציאָנער מאַכוויי, האָט דעם גרופּן־פּאַרטייל פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך און זייערע באַשעפטיקונגען גענוצט פאַר אַ מאַטעריאַל צו פּרעדיקן און צו באַרעכטיקן זיין אינטעליגענטאָפּאַביע.

חוץ די דערמאָנטע דריי גרופּעס פונעם פּרויען־אַקטיוו האָבן אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע צוויי אייגנאַרטיקע פּרויען: בערטאַ גאָרפינקעל און די „פּאַני סאָפיאַ" — די פּרוי פונעם בונדישן פּירנדיקן טוער זדזשיס־לאָוו (זיגמונד) מושקאַט.

בערטאַ גאָרפינקל, אַ נידעריק־וווּקסיקע, אַ ברייטפּלייציקע אַטלעטיש־געבויט עלטער מיידל, מיט אַ האַרץ פון אַ טויב, אַ הויך קוואַליפיצירטע און גוט באַצאָלטע בוכהאַלטערין, אַ מיטגליד פון דער בונדישער גראַסער־גרופּע אין דער סטאָוואַ־זשישעניע און אַ טעטיקע טוערין אין בונדישן רויטן קרייץ, איז געוואָרן די מאַמע פונעם בונדישן אַקטיוו פון דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע און פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך.

בערטאַ גאָרפינקל האָט זיך פאַרנומען מיט די נויטן און באַדערפענישן פון יעדן איינעם פונעם בונדישן אַקטיוו, געזאָרגט וועגן זיין הלבשה און געזונט־צושטאַנד,

באַזאָרגט אַ דאָקטער און מעדיקאַמענטן פאַר די מיטגלידער און פאַר זייערע פאַ־מיליעס.

אויף אירע אייגענע הוצאות האָט בערטאַ גאָרפינקל איינגעאָרדנט פּרייטיק־צונאַכטיקע וועטשערעס פאַר אַ סעלעקטיווער גרופּע פון אַקטיוו, צו וועלכער ס׳פלעגן אויך קומען וויקטאָר שולמאַן, אינזשעניר העלער, יאַנקל לעווין. אויף די מסיבות זענען אויף אַ געמיטלעכן אופן אַרומגערעדט געוואָרן פאַרשיידענע ענינים און פּראָבלעמען, מייַנסטנס פון אַ ליטעראַרישן כאַראַקטער, אָדער וועגן די פאַרגעקומענע פילהאַרמאָניע־קאָנצערטן און פאַרשטעלונגען אין די פּוילישע טעאַטערס. פאַר מיר זענען די פרייטיקצונאַכטיקע צונויפקומונגען געווען אַ וויכטיקער קוואַל פון וואַנען איך האָב געשעפּט פאַרשיידנאַרטיקע ידיעות.

ערב דעם פאַרלאָזן וואַרשע פון רוסישן מיליטער איז בערטאַ גאָרפינקל אַוועק קיין דענעמאַרק. צוריקגעקומען איז זי קיין וואַרשע אין די צוואַנציקער יאָרן ווי אַ קאָמוניסטקע און טעטיק געווען אין „מאָפּר" — אין דער אונטערערדישער אָרגאַ־ניזאַציע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט ברענגען הילף די פּאָליטישע אַרעסטירטע און זייערע פאַמיליעס.

אַרום 1929 האָב איך זיך צום לעצטן מאָל באַגעגנט מיט דער דאָזיקער אייגנ־אַרטיקער פרוי. זי איז פאַרשוווּנדן פון וואַרשעווער האָריזאָנט און איך ווייס נישט, וואָס עס איז מיט איר ווייטער געשען.

אַ ביז גאָר אייגנאַרטיקע פּערזענלעכקייט איז געווען די פּאַני סאָפיאַ — אַ הויכע, אַ שיינע, אַן עלעגאַנט געקליידטע, אַ טיפּ פון אַ פּוילישער אַריסטאָקראַטקע. גערעדט האָט זי פּויליש. צי זי האָט געקענט אָדער אַפילו פאַרשטאַנען ייִדיש — איז מיר שווער צו זאָגן. וואַרשיינלעך נישט. זי איז געווען פולשטענדיק פּויליש אַסימילירט. זי, ווי איר מאַן, האָבן געהערט צו די געציילטע אַסימילירטע ייִדן, וואָס האָבן געהערט צום בונד. דער בונדישער אַקטיוו האָט די דאָזיקע געציילטע אַנהענגערס פון בונד גערופן: די פרוכטן פון בראָניסלאַוו גראָסערס איינפלוס אין דער אַסי־מילירטער פּויליש־ייִדישער סביבה.

די פּאַני סאָפיאַ האָט אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך געשפּילט די ראָלע פון אַן אינספּעקטאָרין. בשעת אירע וויזיטן האָט זי באַטראַכט יעדע זאַך, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט דער ווירטשאַפט פון דער קיך. באַזונדערס האָט זי מקפּיד געווען אויף דער ריינקייט. זי פלעגט רעדן מיטן קיך־פּערסאָנאַל און דעם אַקטיוו אין אַ טאָן פון אַ באַפעלערין, וועמענס אינסטרוקציעס עס קענען דורך קיינעם נישט אָפּגעפרעגט ווערן.

דער ברייטערער אַקטיוו און דער קיך־פּערסאָנאַל האָט די וויזיטן פון דער פּאַני סאָפיאַ אויפגענומען מיט אַן אומווילן און אָפט מאָל אַפילו פּראָטעסטירט קעגן אירע אינסטרוקציעס און באַפעלן. טייל פונעם אַקטיוו האָבן דער פּאַני סאָפיאַ אָנגערופן פילאַנטראָפּישע מאַטראָנע און פאַרלאַנגט צו פאַרווערן אירע באַזוכן אין קיך.

דער העכערער שיכט פונעם בונדישן אַקטיוו האָט זיך צו דער פּאַני סאָפּיאַ באַצויגן מיט גרויס אָפּשיי און זיי האָבן מיר דערציילט וועגן דער גרויסער ראָלע, וואָס די פּאַני סאָפּיאַ שפּילט אין בונדישן רויטן קרייז, אַז זי איז אַן איבערצייגטע סאָציאַליסטין און טראָגט איר אויסערלעכער אַריסטאָקראַטישקייט — אַ טיפּ פון אַ רעוואָלוציאָנערין, וואָס שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר קיין שום געפאַרן ביים דערפילן אירע סאָציאַליסטישע און בונדישע אויפגאַבעס.

מיט דער דאָזיקער אייגנאַרטיקער פרוי, סאָציאַליסטין און בונדיסטין, איז מיר אין די שפּעטערע יאָרן אויסגעקומען זיך עטלעכע מאָל צו באַגעגענען. מיט צופרידנקייט האָב איך פעסטגעשטעלט, אַז דעם אָפּשיי פונעם העכערן בונדישן אַקטיוו פון דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע האָט די פּאַני סאָפּיאַ כּשר פאַרדינט.

נאָכן איבערפאַל, אַרעסט און פאַרמאַכן דעם ערשטן לאָקאַל פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך אין שטאַביזבס הויף, האָט זיך דער צושטאַנד פונעם פרויען־אַקטיוו שטאַרק געביטן.

עס איז אַוועק די גרופּע אינטעליגענץ און מער זיך נישט אומגעקערט צו קיין פּאָליטישער אָדער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין דער אַרביטע פון בונד. בלויז אייניקע פון זיי: איקאַ, די לערערין סאַבינע און עוואַ פּאָמעראַנץ האָבן, נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן קיין וואַרשע, זיך ווידער באַוויזן אויפן האָריזאָנט, און ביי אַנדערע אומשטענדן און מיט אַנדערע אויפגאַבעס, ווידער געווען בונדיש־געזעלשאַפטלעך טעטיק. די איינציק פאַרבליבענע פון דער גרופּע „פּאַניענקעלעך" איז געווען עוואַ סאָלאָמאָן. נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן קיין וואַרשע, איז עוואַ סאָלאָמאָן ערגעץ פאַרשוווּנדן און מער האָב איך זיך מיט איר נישט באַגעגנט.

אויך פון די „פּאָפּאָלאַשו־מיידלעך" זענען אַ סך אַוועק. פון דער דאָזיקער גרופּע איז אָבער געבליבן אַ געוויסע צאָל און אַ געזונטער קערן. צו דער גרופּע איז שפּעטער צוגעקומען מאַניע מייעראָוויטש, די שפּעטערדיקע פרוי פון יאַנעק־יאַנקעלעוויטש. די איבערגעבליבענע פון די „פּאָפּאָלאַשו־מיידלעך" האָבן איבערגענומען אַ רייע עקזעקוטיווע ווירטשאַפט־פּאָסטנס און פונקציעס און זיך שטאַרק נוצלעך געמאַכט אין דער ווייטערדיקער פונקציאָנירונג פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך.

געבליבן כּמעט אומבאַרירט איז די גרופּע אַרבעטער־מיידלעך. די דאָזיקע גרופּע האָט איבערגעהאַלטן אַלע שטורעמס, אַלע נגישות פון דער צאַרישער אָכראַנע און געבליבן אויף זייערע פּאָסטנס.

אַ נחת און אַ פאַרגעניגן איז געווען צוצוקוקן זיך, ווי די אַרבעטער־מיידלעך זיצן אין די פאַרנאַכטן איבער די קיישלעך, שיילן קאַרטאָפל, רייניקן דאָס פאַרבראָקעכטס, גרייטן צו דאָס געקעכטס פאַרן מאָרגנדיקן טאָג, און זיך צוצוהערן, ווי זיי זינגען ביי דער אַרבעט האַרציקע יידישע לידער.

פאַרשיידנאַרטיק און קאָלירפול איז געווען דאָס מענטשן־מאַטעריאַל, די טיפּן

און כאַראַקטערן, פון די, וואָס האָבן זיך באַוועגט אין און אַרום דער בונדישער אַרבעטער־קיך: פון די קאָנסומענטן, פונעם מענערישן און פונעם פרויען־אַקטיוו. אָפט מאָל באַפאַלט מיך אַ פאַרדרוס, פאַר וואָס ס׳האָט זיך נישט געפונען קיין מענטש מיט אַ פעדער, וואָס זאָל ליטעראַריש פאַרפיקסירן דעם דאָזיקן מענטשלעכן טיפּאַזש.

און אַ ווילדע און אַ חוצפּהדיקע פאַנטאַזיע הויערט אין מיין געמיט: פון דיינע שטיקלעך און ברעקלעך וועט נאָך אַ פענקינסטלער אויפבויען דעם טיפּאַזש און די מיליע און שאַפן אַן עפּאָס פון דער צייט, פון די געשטאַלטן און געשעענישן.

## דער סאָציאַליסטישער אַנטי־מלחמה־פראָנט

די מלחמה צווישן די צוויי גרופּעס פון די אייראָפּעיִשע מלוכות — צווישן די צענטראַל־מלוכות דייטשלאַנד און עסטרייך, און דער קאָאַליציע פון פראַנקרייך, ענגלאַנד און רוסלאַנד, וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ וועלט־מלחמה — האָבן די סאָציאַליסטישע פאַרטייען פון פוילן אַנטקעגנגעשטעלט אַ פּאָליטישן און אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן סאָלידן סאָציאַליסטישן אַנטי־מלחמה־פראָנט.

צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פוילן איז דערגרייכט געוואָרן אַן אַקציע־פאַראייניקונג פון די עקסיס־טירנדיקע סאָציאַליסטישע פאַרטייען: פון ביידע פליגלען פון ס.ד.ק.פּ.ל., וועלכע האָבן דאַן אָפּערירט ווי באַזונדערע פאַרטייען, פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע און פון בונד.

מחוץ דער פאַראייניקונג זענען פאַרבליבן דער רעכטער טייל פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, גערופן פּ.פּ.ס.־רעוואָלוציאָנערע פראַקציע, אָדער פּשוטער — „פראַקעס", וועלכע האָבן זיך מיט האַק־און־פּאַק געשטעלט אויף דער זייט פון די צענטראַל־מלוכות, שאַפנדיק מיליטערישע פאָרמאַציעס ווי אַ באַשטאַנדטייל פון דער עסטרייך־אונגאַרישער אַרמיי, און פון פּועלי־ציון, וועלכע זענען דאַן — מיט רעכט צי מיט אומרעכט — נישט אָנערקענט געווען פאַר קיין סאָציאַליסטישער פאַרטיי.

די פּאָליטישע באַזע פון דער פאַראייניקונג פון די דערמאָנטע פיר סאָציאַליס־טישע פאַרטייען איז געווען זייער אויסגעשפּראָכענע אַנטי־מלחמה־שטעלונג. די אָרגאַניזאַציאָנעלע ראָם איז געוואָרן דער „צווישן־פאַרטייִשער ראַט", גערופן, ווי שוין דערציילט, „ראַדע".

דער ערשטער פּראָדוקט פון דער פאַראייניקונג איז געווען דער אַנטי־מלחמה־מאַניפעסט, אונטערגעשריבן פון די דערמאָנטע פאַרטייען. דער מאַניפעסט האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ קלאָרער און אויסגעשפּראָכענער אַנטי־מלחמה־שטעלונג, און מיט זיין קאָמפּסרוף צו די אַרבעטער פון דער רוסישער אימפּעריע און צו די אַרבע־

טער פון גאָר דער וועלט אַ סוף צו מאַכן מיט דער מלחמה, וואָס די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען האָבן אָנגעהויבן אין די אינטערעסן פון זייער קלאַס. אַרויס איז דער אַנטי־מלחמה־מאַניפעסט אין פּויליש, ייִדיש און רוסיש.

פּאַראַלעל מיט דער „ראַדע", וואָס איז באַשטאַנען פון די צענטראַלע פירערס פון די פּאַרטייען, און אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון דער „ראַדע", איז געשאַפן געוואָרן אַן אָרגאַניזאַציע פונעם אַקטיוו פון די געגעבענע פּאַרטייען און פון פאַר־טרעטער פון פאַבריקן און פון די שטאָטישע און מלוכה־אַנשטאַלטן.

די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט פאַר אַ ציל צו דיסקוטירן און אַדורכפירן אין לעבן די באַשלוסן און פּראָיעקטן פון דער „ראַדע" און צו איניציִירן אייגענע פּראָיעקטן און באַשלוסן. געבויט איז די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע געווען לויטן אָרגאַ־ניזאַציאָנעלן מוסטער פון ס.ד.ק.פּ.ל. און פּ.פּ.ס.־לעוויצע — לויטן ראַיאָן־סיסטעם — און גערופן געוואָרן „ראַיאָן־קאָמיטעטן".

דער בונד האָט געלייגט אַ סך געוויכט אויף דער אָרגאַניזאַציע פון די „ראַיאָן־קאָמיטעטן", און געשיקט זיינע פאַרטרעטערס אויף אירע זיצונגען און באַראַטונגען.

איך בין געווען איינער פון די בונדישע פאַרטרעטערס, וואָס האָט זיך צום מיינסטן באַטייליקט אין די זיצונגען פון די ראַיאָן־קאָמיטעטן פון מוראַנאָוו, פּאָ־וואָנזעק, מיטלשטאָט און וואָליע. דער פירנדיקער קרייז פון בונד האָט וועגן מיר געזאָגט: „זאָל דער יונגער חבר זיך נענטער באַקענען מיט די פּוילישע טוערס, זען, הערן און זיך עפּעס אויסלערנען".

אין זכרון איז מיר פאַרבליבן דער פאַרלויף פון דער שטאָטישער קאָנפערענץ פון די ראַיאָן־קאָמיטעטן. מעגלעך דערפאַר, ווייל אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ האָב איך געשפּילט אַן אייגנאַרטיקע ראָלע — אַרויסגערופן אַן אַוואַנטורע.

פאָרגעקומען איז די קאָנפערענץ אויף דער קאַראָלקאָווע־גאַס אין וואָליע, אין אַ בוידעם־שטיבל (פּאַציאַטקע) פון אַ שוסטער־אַרבעטער און באַטייליקט אין איר האָבן זיך אַ גרעסערע צאָל דעלעגאַטן. אָנוועזנדיק איז געווען די צאָל דעלעגאַטן אין אונטערנעמען פון שטאָטישע און פון באַן־אַרבעטער. דער בונד איז געווען פאַר־טראָטן מיט 6 דעלעגאַטן אונטער דער אָנפירונג פון יאַנעק־יאַנקעלעוויטש און נאָכעמזאָן. ס'זענען אויך בייגעווען אַ רייע צענטראַלע פירערס פון די אַנדערע פּאַרטייען. פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע: סטעפאַן קרוליקאָווסקי און זיין יינגערער ברודער קאַזימיר, וועמען מ'האָט גערופן דער פּוילישער לאַסאַל; פון די זאַזשאַנדאָווצעס: טאַרוואַצקי און לאַזאָווערט; פון די ראָזלאָמאָווצעס: זאָשקאָ אונשליכט און קריגער.

געעפנט האָט די קאָנפערענץ מיט אַ רעדע קאַזשיק קרוליקאָווסקי, דעמאָלט אַ שלאָסער אין דער וואַרשעווער גאַזאָווניע. ווי פאָרזיצער איז דערוויילט געוואָרן באַרילאַ, אַ ראָזלאָמאָוויעץ, אַ שוסטער־אַרבעטער און אַ פּאַרטיי־פונקציאָנאַר. די רעפערענטן זענען געווען טאַרוואַצקי און נאָכעמזאָן.

די דעבאַטעס זענען געווען הייסע און אָפט מאָל שטורמישע. צום באַדויערן געדענק איך נישט דעם טאָג־אָרדענונג און דעם אינהאַלט פון דער דיסקוסיע.

לעבן מיר איז געזעסן דער שוואַרצער אַברהם, אַ שניידער, איינער פון די 6 בונדישע דעלעגאַטן, און צו מיר אַ זאָג געטאָן: „ווען כ׳קען פויליש, וואָלט איך די פּ.ס.ד.עקעס (פּ.ס.ד. — פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, אַזוי האָט דער בונד נישט ריכטיק גערופן די פּאַרטיי, וואָס איר נאָמען איז געווען „סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון קעניגרייך פּוילן און ליטע") געגעבן אַ גאָב, אַז ס׳וואָלט זיי די כאָליערע גענו־מען". אויף מיין באַמערקונג, אַז ער קען דאָך רעדן יידיש, האָט ער מיט ווייטיק געענטפערט: „און די פּ.ס.ד.קעס וועלן לאָזן"?

איך האָב זיך נישט געפוילט, אויפגעהויבן זיך פון מיין זיצפּלאַץ און אויפן הויכן קול זיך געווענדט צום פּאַרזיצער: „דאַוואַטש גלאָס, טאָוואַזשיש גאַדאַטש זשידאָווסקי" — און מיט אַ פינגער אָנגעוויזן אויפן שוואַרצן אַברהם.

מיינע ווערטער האָבן אויף היפשע סעקונדעס אָפּגענומען דאָס לשון פון די פּאַרזאַמלטע. מיט אַ מאָל איז אויסגעבראָכן אַ געלעכטער, וואָס האָט געקענט אויפ־וועקן אַ פּולק טויטע זעלנער. כיכיקענדיק און לאַכנדיק האָט מען זיך אָנגעהויבן וויצלען אויף מיין חשבון, אויפן חשבון פון מיין מייסטערהאַפט פּאַלמעסן די פּוילישע שפּראַך.

ווען דאָס געלעכטער איז איינגעשטילט געוואָרן און די פּאַרזאַמלטע האָבן אָנ־געהויבן באַגרייפן דעם אינהאַלט פונעם פּאָרשלאַג, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין מיינע צעקאַליעטשעטע פּוילישע ווערטער, האָט זיך אויפגעהויבן אַ ויצעקו קעגן דעם פּאָרלאַנג צו לאָזן רעדן יידיש אויף דער קאָנפערענץ. ספּעציעל שאַרף זענען אַרויסגעטראָטן די ס.ד.ק.פּ.ל.־דעלעגאַטן, באַזונדערס די ראָזלאַמאָוצעס. איי־נער פון די דעלעגאַטן האָט פאַרגעלייגט, אַז די יידישע פּאַרטרעטערס פון בונד זאָלן זיך מער נישט באַטייליקן אין די אַלגעמיינע ראַיאָן־קאָמיטעטן.

די דיסקוסיע איז געוואָרן אַ הייסע, די שטימונג — אַן אָנגעצויגענע. ס׳האָט אויסגעזען, ווי די קאָנפערענץ האַלט ביים צוזאַמענברעכן. בלויז אַ דאַנק די רויִקע און ווערדיקע אַרויסטריטן פון יאַנעק־יאַנקעלעוויטש און נאָכעמזאָן און דער אַק־טיווער אַריינמישונג פון סטעפאַן און קאַזשיק קרוליקאָווסקי, אַ באַרויִקנדיקע רעדע פון טאַרוואַצקין און זיינער אַ פּאָרשלאַג מ׳זאָל דעם ענין פון רעדן יידיש אויף די ראַיאָן־קאָמיטעטן און שטאָטישע קאָנפערענצן איבערגעבן דער „ראַדע" צום באַ־טראַכטן — האָבן די צעהיצטע געמיטער זיך באַרויִקט און די קאָנפערענץ איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט איר טעטיקייט.

ווען די קאָנפערענץ איז געווען פאַרענדיקט, האָבן מיך אַרומגערינגלט אַ רייע דעלעגאַטן און גענומען אויף דער האַצקע מיט שפּיציקע פראַגן און בייסיקע רייד: „אין וועלכער שקאָלע האָט איר זיך דאָס אויסגעלערנט אַזאַ פּראַכטפולן קראָקעווער אוניווערסיטעט־פּויליש? ווער זענען דאָס געווען אייערע פּויליש־לערערס"? איינער

האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן: „ווי קומט מען מיט אַזאַ פּויליש אין מויל אויף אַ פֿאַר־זאַמלונג פֿון פּוילישע אַרבעטער־טוערס? ווו האָט איר זיך אויפֿגעהאָדעוועט? אין אַ פּושטשע״?

גענומען אונטער אירע פֿליגלען האָט מיך זאָשקאַ אונשליכט: „איר מאַכט אַ טעות, חברים — האָט זי גערעדט צום געזעמל אַרום מיר — דער יונגער חבר געפֿעלט מיר גראָד. ער האָט קוראַזש און קוראַזש איז אַ גוטע מידה פֿון אַ רעוואָלוציאָנער. אַ שאָד בלויז, וואָס דער יונגער חבר איז אַריינגעפֿאַלן צו די נאַציאָנאַליסטן פֿון בונד. ווען ער וועט עלטער און דערפֿאַרענער ווערן, וועט ער זען, אַז זיין ריכטיק אָרט איז ביי אונדז. און זאָרגט אייך נישט, חברים, ער וועט שוין ביי אונדז קענען רעדן אַ ריכטיקן פּויליש״. פֿאַרשטאַנען האָב איך, וואָס זאָשקאַ אונשליכט האָט געזאָגט וועגן מיר און נישט שולדיק געבליבן איר קיין ענטפֿער. אויף מיין „קלאַסישן״ פּויליש האָב איך צו איר געזאָגט: „ניע כאָדזשיטש דאָ ראָזלאַמאָווסקי״. דאָס געזעמל האָט מיין ענטפֿער באַגלייט מיט אַ סאַלווע פֿון געלעכטער.

אַראָפּגייענדיק פֿון דער קאָנפֿערענץ האָט מיר נאָכעמאָן אָנגעדרייט די אויערן: „ווער האָט אייך דערלויבט אָנצומאַכן אַזאַ אַוואַנטורע, וואָס האָט שיער נישט דער־פֿירט צו אַ צוזאַמענברוך פֿון די ראַיאָן־קאָמיטעטן? מ׳האָט דאָך יעדן חבר פֿרי׳ער אָנגעזאָגט, אַז וועגן יעדער זאַך וואָס ער וועט האַלטן פֿאַר נייטיק צו טאָן אָדער רעדן אויף דער קאָנפֿערענץ, זאָל ער זיך פֿרי׳ער ווענדן צום חבר יאַנעק אָדער צו מיר. וואָס זענט איר, אַן אַנאַרכיסט, אָדער אַ בונדיסט״?

איך בין נאָכעמזאָנען נישט שולדיק געבליבן קיין ענטפֿער און געהאַלטן איין טענהן: „וואָס איז, מען טאָר נישט רעדן קיין יידיש? אַ יידישן אַרבעטער איז פֿאַרווערט צו רעדן יידיש״? יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט זיך נישט אַריינגעמישט אין דער מחלוקה צווישן נאָכעמזאָנען און מיר. ער איז געגאַנגען און געשמייכלט, און איך האָב נישט געוווסט אויף וועמענס צד ער איז.

די אַוואַנטורע אויף דער שטאָטישער קאָנפֿערענץ פֿון די ראַיאָן־קאָמיטעטן איז דערגאַנגען צום בונדישן פֿאַרטיי־אַקטיוו און אַרויסגערופֿן אַ שטורמישע דיסקוסיע. געוויסע חברים האָבן געשטיצט די שטעלונג פֿון נאָכעמזאָנען: גערעכט צי אומגע־רעכט, אָבער מ׳האַנדלט נישט אויף אייגענער האַנט. אַנדערע האָבן מיר געגעבן גערעכט, האַלטנדיק, אַז אין אַלע פֿאַלן און אין אַלע באַדינגונגען האָט אַ יידישער אַרבעטער דאָס רעכט צו רעדן יידיש, בפֿרט אויף פֿאַרזאַמלונגען פֿון סאָציאַליסטן. געווען אַפֿילו אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז דער בונד דאַרף שטעלן ווי אַ קאַטעגאָרישע פֿאָדערונג די פֿולע גלייכבאַרעכטיקונג פֿון יידיש אויף אַלע פֿאַר־זאַמלונגען.

מיין אַוואַנטורע אויף דער קאָנפֿערענץ פֿון די ראַיאָן־קאָמיטעטן איז געווען די ערשטע, אָבער נישט די לעצטע, אויף די פֿאַרשיידנאַרטיקע צווישן־פֿאַרטייִישע און בונדיש־פֿאַרטייִישע פֿאַרזאַמלונגען.

די אָרגאַניזאַציע פון די ראַיאָן־קאָמיטעטן האָט נישט געהאַט קיין אַריכת־ימים, איר עקזיסטענץ האָט געדויערט אַ דריי חדשים. די אַרעסטן, אַנטשטייונג און די פאַרהעלטענישמעסיק נאָרמאַלע פונקציאָנירונג פונעם אַלגעמיינעם אַרבעטער־ווירט־שאַפט־קאָמיטעט האָט ניוועלירט די טעטיקייט פון די ראַיאָן־קאָמיטעטן.

די אָרגאַניזאַציע פון די ראַיאָן־קאָמיטעטן, וואָס האָט נאָכן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געשפּילט אַ צייט אַ וויכטיקע ראָלע אינעם לעבן פון די אַרבעטער אין וואַרשע, איז געשטאָרבן מיט אַ שטילן און נאַטירלעכן טויט.

*

דער פאָרשלאָג, וואָס דער בונד האָט געמאַכט אויף דער פאַרזאַמלונג פון די יידישע אַרבעטער־דעלעגאַטן, אַז נאָך דעם, ווי ס'וועלן געשאַפן ווערן אַרבעטער־ווירטשאַפטלעכע הילף־אינסטיטוציעס זאָל געשאַפן ווערן אַ צענטראַלע אָרגאַני־זאַציע פון די דאָזיקע אינסטיטוציעס — האָט געקריגן אַ תּיקון.

אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון דער „ראַדע", איז געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע פון אַלע ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון די פאַראייניקטע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. דער נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען „אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט", קורץ גערופן — ר.ק.ג.

די אויפגאַבעס פון ר.ק.ג. זענען געווען צו פאַראייניהייטלעכן דעם סיסטעם פון דער הילף־טעטיקייט פון די אין איר אָנגעשלאָסענע אַרבעטער־ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, קאָנטראָל פון פינאַנצן און פאַרטייל פון די פאָנדן צווישן די געגע־בענע אינסטיטוציעס, פאַראייניהייטלעכן און אָנפירן מיט דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און רעפּרעזענטירן די דאָזיקע אינסטיטוציעס כּלפּי חוץ.

אין ר.ק.ג. האָט יעדע פּאַרטיי אַריינגעשיקט אירע בעסטע אַקטיוויסטן. די פּאַרטרעטערס פון בונד, דערוויילטע אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די קאָנסו־מענטן פון דער קיך און פונעם ברויטפּאַרטייל, זענען לכתּחילה געווען: סאַדאָווסקי, יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, בערנאַרד גאָלדשטיין, יוסף באַסאַק און מאַריץ מעטאַלאָוויעץ. פון די אַנדערע פּאַרטייען געדענק איך: קאַזשיק קרוליקאָווסקי, יאַנעק צוויגעל פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע, זאָשקאַ אונשליכט, באַרילאַ פון די ראָזלאַמאָוועס, און פון די זאַזשאָנדאָוועס — רודניצקי, אולמאַן.

ר.ק.ג. האָט פון זיך אויסגעטיילט אַן עקזעקוטיווע פון 8 פּערזאָן, צו צוויי פּאַרטרעטערס פון יעדער פּאַרטיי. דער צוזאַמענשטעל פון ר.ק.ג. און פון זיין עקזע־קוטיווע האָט זיך כּסדר געביטן צוליב די אַרעסטן און אַנדערע סיבות.

קיין שטאַרק אידילישע צווישן־פּאַרטייישע לעבן איז אין ר.ק.ג. און זיין עקזעקו־טיווע קיין מאָל נישט געווען. אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען וועט מיר אויסקומען אויספירלעכער צו דערציילן וועגן די אינערלעכע פאַרהעלטענישן און קאָנפליקטן.

אָבער כּלפּי חוץ איז דער „אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט" געווען אַן איינהייטלעכע און סאָלידאַרע אָרגאַניזאַציע.

ר.ק.ג. איז געוואָרן אַ וויכטיקער פאַקטאָר און געשפּילט אַ קאָלאָסאַלע ראָלע אינעם לעבן פון דער וואַרשעווער אַרבעטערשאַפט אין דער צייט פונעם צאַרישן מיליטערישן רעזשים. דער „אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט" איז פאַר די וואַרשעווער אַרבעטער געוואָרן זיין פּראָלעטאַרישע ווירטשאַפטלעכע הילף־אינסטיטוציע, זיין פּאָליטישער קאַמף־אינסטרומענט און זיין אויסערלעכער רעפּרעזענטאַנט.

די פּאָליטישע אַנטי־מלחמה־פּלאַטפאָרם, די „ראַדע", די „ראַיאָן־קאָמיטעטן", די פילצאָליקע פּראָלעטאַרישע הילף־אינסטיטוציעס און דער „אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט" — דאָס זענען געווען שטאַרקע און וויכטיקע פּאָזיציעס אינעם פאַראייניקטן סאָציאַליסטישן אַנטי־מלחמה־פראָנט אין פּוילן נאָכן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

## אויפן בונדישן פראָנט

נישט געקוקט אויף די פאַרשיידענע שוועריקייטן — דאָס זיין פאַרנומען מיט דער ווירטשאַפט־אַקציע, דעם פאַרלוסט פון פּאַרטיי־מיטגלידער און פּאַרטיי־אַקטיוו ווי אַ רעזולטאַט פון דער מלחמה, און דעם צעיושעטן טעראָר פון דער צאַרישער אָכראַנע אונטערן מלחמה־רעזשים — האָט זיך די בונדישע פּאַרטיי־טעטיקייט נישט אָפּגעשטעלט.

נאָכן אויסבראָך פון דער מלחמה איז אין בונד אין וואַרשע אָנגעגאַנגען אַ לעבהאַפטע דיסקוסיע איבער די פאַרשיידענע פּראָבלעמען, וואָס די צייט האָט מיט זיך געבראַכט: מלחמה, די לאַגע פון די ייִדן, די באַציִונגען מיט די אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

די וואַרשעווער בונדישע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע איז אין ווינטער 1914 באַשטאַנען פון אַ 60–70 מיטגלידער, צעטיילט אין דריי קרייזן. איך בין אַריינגענומען געוואָרן אינעם קרייז פון די פּני, פון העכערן פּאַרטיי־אַקטיוו, און מיט מיינע קנאַפּע פּאָליטישע קענטענישן און מאָגערער פּאָליטישער שפּראַך האָב איך זיך באַטייליקט אין די דעבאַטעס איבער די פאַרשיידענע ענינים און פּראָבלעמען.

דאָס הויפּטפּראָבלעם איז, נאַטירלעך, געווען די מלחמה. קיין „סאָציאַל־פּאַטריאָטן" זענען דעמאָלט אין בונד אין וואַרשע נישט געווען. אַלע זענען געווען קעגן קריג און געהאַפּט אויף אַ מפּלה פון צאַרישן רעזשים. ס'זענען אויך נישט געווען קיין אַדוואָקאַטן, וואָס זאָלן זוכן אַ זכות פאַר דער בורגפרידן־פּאָליטיק פון די

דייטשישע, פראַנצייזישע און אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. ערנסטע מיינונג־פאַרשידנקייטן וועגן דער מלחמה האָבן זיך אין בונד אָנגעהויבן אויסקריסטאַליזירן ערשט נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן קיין וואַרשע. דער איינציקער, וואָס האָט קוועסטיאָנירט די אויסגעשפּראָכענע און שאַרפע שטעלונג צו די דייטשישע, פראַנצייזישע און אַנדערע פּאַרטייען, איז געווען דער פעלדשער ראָזענבאַום, וועלכער האָט נאָכן אויסבראָך פון דער מלחמה געמוזט פאַרלאָזן זיין היימשטעטל אָסטראָלענקע און זיך באַזעצט אין וואַרשע.

עס זענען נישט געווען קיין ערנסטע מיינונג־פאַרשידנקייטן וועגן דער לאַגע פון די יידן. די יידישע צרות האָבן זיך געמערט מיט יעדן טאָג. פון אַ סך שטעט און שטעטלעך זענען יידן אַרויסגעטריבן געוואָרן. מיט יעדער רוסישער מיליטערישער מפּלה אויף די פראָנטן האָט זיך פאַרשטאַרקט די באַשולדיקונג, אַז יידן זענען דייטשישע שפּיאָנען. קיין ממשותדיקע אַקציעס — דעמאָנסטראַציעס און פּראָטעסט־שטרייקן — זענען נישט געווען מעגלעך אונטערצונעמען. דער איינציקער אופן פון רעאַגירן קעגן די יידישע פּורעניות איז געווען דאָס אַרויסגעבן אַן אויפרוף, אַ פּראָקלאַמאַציע, און דאָס האָט דער בונד צו יענער צייט געטאָן. איך געדענק, אַז כ׳האָב זיך מתעסק געווען מיט אַן אויפרוף פון וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד קעגן די רדיפות אויף יידן.

שאַרף האָט די וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פון בונד רעאַגירט קעגן דער שטעלונג פון ש. ניגער, לויט וועלכער עס ליגט אין די יידישע פאָלקס־אינטערעסן, אַז רוסלאַנד זאָל געווינען די מלחמה און גאַליציע און בוקאָווינע זאָלן אַנעקסירט ווערן דורך רוסלאַנד.

ערנסטע מיינונג־פאַרשידנקייטן זענען געווען וועגן דער באַציונג פון בונד צו די אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. דאָס פּראָבלעם איז באַשטאַנען פון עטלעכע עלעמענטן: די רעכט צו רעדן יידיש אויף די צוזאַמענקומען מיט די פּוילישע אַרבעטער, און די זעלבשטענדיקייט פון דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע.

די גרויסע מערהייט פונעם בונדישן אַקטיוו האָט געהאַלטן, אַז אַ פאָדערונג צו רעדן יידיש אויף יידיש־פּוילישע צוזאַמענקומען איז נישט אין צייט און נישט אין אָרט. די צוזאַמענקומען מיט די פּוילישע אַרבעטער־טוערס זענען נישט קיין מאַסן־פאַרזאַמלונגען, נאָר פּאָליטישע אַרבעט־וואַרשטאַטן. די דעלעגאַציעס פון בונד ווערן אָנגעפירט פון חברים, וועלכע קענען דעם בונדישן שטאַנדפּונקט פאַרטיידיקן אין דער פּוילישער שפּראַך. ס׳איז דעריבער נישט צוועקמעסיק צו פאַרשאַרפן די באַציונגען מיט די פּוילישע חברים. מיין שטעלונג אין דעם ענין איז, ווי כ׳געדענק, געווען מיט דער מיליטאַנטישער מינדערהייט, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז די יידישע אַרבעטער האָבן אַ רעכט צו רעדן יידיש אין אַלע פאַלן ווען זיי באַגעגענען זיך מיט פּוילישע אַרבעטער.

אויפן טאָג־אָרדענונג פון דער וואַרשעווער בונדישער אָרגאַניזאַציע איז אָפּט

געשטאַנען דער ענין פון די באַציונגען אין דער „ראַדע" און אין אַרבעטער־ווירט־שאַפט־קאָמיטעט. לויטן סטאַטוס האָט ר.ק.ג. געדאַרפט זיין די צענטראַלע אָנפירונג פון אַלע אַרבעטער־הילף־אינסטיטוציעס און נישט קיין לויזער קאָאָרדיניר־אָרגאַן. דער בונד האָט אָבער נישט געוואָלט מוותר זיין אויף זיין אַבסאָלוטער זעלבשטענ־דיקייט אין דער אָנפירונג און אין פינאַנצן. אַלע בונדיסטן זענען געווען איינשטימיק מיטן דאָזיקן פּרינציפּ. די מיינונג־פאַרשידנקייטן האָבן זיך געדרייט אַרום דער טאַקטיק פון די בונדישע דעלעגאַציעס אין דער „ראַדע" און אין ר.ק.ג.

אין פּעריאָד פונעם צאַרישן מיליטערישן מלחמה־רעזשים האָט דער בונד אָדורכגעפירט עטלעכע מאַסן־אַקציעס. כּדאַי צו דערמאָנען דאָס אַרויספירן עטלעכע הונדערט יידישע אַרבעטער צום וואַרשעווער מאַגיסטראַט און דאָס ברענגען הונ־דערטער יידישע אַרבעטער צו דער לוויה פון י. ל. פּרץ.

אינעם דאָזיקן צייטאָפּשניט האָט דער בונד אויך אַרויסגעלאָזט עטלעכע אויפ־רופן. שטאַרק מתעסק געווען האָב איך זיך מיטן דערשיינען פון דער ערשטער מיי־פּראָקלאַמאַציע, צוליב וועלכער כ'בין שיִער נישט געניזוקט געוואָרן. אַ שפּיצעל איז מיר נאָכגעגאַנגען ווען כ'האָב געטראָגן די מאַטריצן צו אַ פּונקט, ווו אַ דרוקער האָט זיי געדאַרפט פון מיר צונעמען. איך בין אַריין אין אַ דורכגאַנגהויף אויף לעשנאָ־גאַס און אין גרויסן מיסטקאַסטן פאַרשטעקט די מאַטריצן. צום גליק זענען די מאַטריצן נישט געוואָרן באַשעדיקט און אין עטלעכע שעה שפּעטער האָט אַן אַנדערער חבר זיי צוגענומען.

די עקסיסטענץ פון די הילף־אינסטיטוציעס, די בונדישע ווירטשאַפט־אַקציע אינעם פּעריאָד פון צאַרישן קריגסרעזשים, איז פאַרן בונד געווען דאָס גרעסטע גליק. אַ דאַנק די דאָזיקע אינסטיטוציעס האָט בונד געהאַט אַ צוטריט צו גרעסערע מאַסן יידישע אַרבעטער און ביכולת געווען דורכצופירן די פּאָליטישע און געזעלשאַפט־לעכע אַקציעס, וואָס זענען צו יענער צייט מעגלעך געווען דורכצופירן.

אין פאַרלויף פון ווינטער 1914–15 האָבן עטלעכע צענטראַלע טוערס פון בונד באַזוכט די וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע: לאַזאַר עפּשטיין, סערגיי, מיכאַיל און וולאַ־דימיר.

לאַזאַר עפּשטיין איז צו יענער צייט געווען אַ מיטגליד פונעם „פּוילישן קאָמי־טעט" און זיין אַרויסטריט פאַרן וואַרשעווער פּאַרטיי־אַקטיוו איז געווען אַ באַריכט וועגן דער סיבה פונעם אַנטשטיין און פון דער טעטיקייט פון פּוילישן קאָמיטעט.

סערגיי, מיכאַיל און וולאַדימיר, צענטראַלע בונדישע טוערס, זענען צו יענער צייט געווען אָנגעשטעלטע אין גרויסע רוסישע הילף־אָרגאַניזאַציעס פאַר מלחמה־געליטענע און דורך זייער פאַרמיטלונג האָט דער בונד געקריגן באַדייטנדיקע געלט־פאָנדן פאַר דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע. ווער ס'זענען געווען סערגיי און מיכאַיל געדענק איך נישט, אַפילו זייערע פיזיאָנאָמיעס זענען פאַרשוווּנדן פון מיין

זכרון. וולאַדימיר, וועלכער האָט צוויי מאָל אין דעם דערמאָנטן פּעריאָד באַזוכט וואַרשע און גערעדט פאַרן בונדישן פּאַרטיי־אַקטיוו, איז געווען יוסף איזביצקי, שפּעטער באַקאַנט ווי בייניש מיכאַלעוויטש.

ליידער, געדענק איך נישט דעם אינהאַלט פון קיין איינעם פון די רעפעראַטן פון סערגיי, מיכאַיל און וולאַדימיר. איך געדענק אָבער גאַנץ גענוי מיין רעאַקציע צוליב דער רייכער קליידונג פון די דערמאָנטע פירערס פון בונד, זייערע גרויסאַרטיקע און טייערע פּוטערס, פּוטערנע היטלען, נייע עלעגאַנטע אָנצעגער און שניייווייסע העמדער. מיין אַנטוישונג אין אַזעלכע מנהיגים האָב איך געבערענגט צום אויסדרוק אויף די פאַרזאַמלונגען פון מיין פּאַרטייקרייז און אין די שמועסן מיט די נאָענטערע חברים. „ווי אַזוי קענען מענטשן אַזוי רייך געקליידט פילן דעם טעם פון אַן אַרבעטער און וויסן ווי אַן אַרבעטער־שוך קוועטשט" — האָב איך געטענהט צו מיינע חברים.

אַך, הייליקע יוגנטלעכע רעוואָלוציאָנערע נאַיוויטעט...

דער בונדישער פּראָנט נאָכן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה קען כאַראַקטעריזירט ווערן אין פאָלגנדיקע ווערטער: טראָץ די אויסערסט־שווערע באַדינגונגען, דעם ווילדן טעראָר און מאַנגל פון אַקטיוו, איז די וואַרשעווער אָרגאַ־ניזאַציע פון בונד, פּאָליטיש און אָרגאַניזאַציאָנעל, געשטאַנען אויף דער הייך פון אירע אויפגאַבעס.

## אין די הויכע פענצטער

כ'האָב געהאַט מער מזל ווי שכל. שוין אין סאַמע באַגין פון מיין פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער קאַריערע האָב איך געהאַט דאָס גליק צו באַגעגענען און זיך צו באַקענען מיט אַ רייע קאַריפייען פון די צענטראַלע אָנפירונגען פון די סאָ־ציאַליסטישע פּאַרטייען פון פּוילן, בייצוזיין אויף אַ צאָל זיצונגען און באַראַטונגען פון בונדישן פּאַרטיי־אַפּאַראַט, פון צווישן־פּאַרטייִשן ראַט פון דער עקזעקוטיווע פון אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט און פון אַנדערע וויכטיקע צענטראַלע מסיבות. די דאָזיקע גליקלעכע געלעגנהייטן האָב איך געהאַט צו פאַרדאַנקען מיין צושטעלן פון דירות.

איך בין צו יענער צייט געווען אַ גוטער צושטעלער פון באַקוועמע דירות, וואָס כ'פלעג קריגן ביי די אַרבעטער פון מיין פאַך און זיי שטעלן צו דער דיספּאָזיציע פונעם בונדישן פּאַרטיי־אַפּאַראַט.

דאָס פאַך פון מעש־ און אייזן־טאָקערס און גיסערס פון מעש און בראָנדז, ביי

וועלכן כ׳בין געווען באַשעפטיקט, האָט אין די יאָרן פון פאַרן ערשטן וועלטקריג געהערט צו די בעסט־באַצאָלטע פאַכן אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס, און אַ סך אַרבעטער פון מיין פאַך האָבן געקענט זיך דערלויבן צו האָבן אָנשטענדיקע באַלע־באַטישע וווינונגען אין די בעסערע געגנטן פון די יידישע קוואַרטאַלן. און דאָס, וואָס כ׳בין, טראָץ מיין גאָר יונגן עלטער, שוין ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, בפרט נאָכן אויסבראָך פון דער מלחמה, געווען דער לעגיטימער פאָרשטייער פון מיין פאַך אין אַלע אינסטיטוציעס, וואָס די יידישע אַרבעטערשאַפט האָבן צו יענער צייט געשאַפן, האָט מיר דערמעגלעכט אָן שוועריקייטן צו קריגן גוטע וווינונגען פאַר קאָנספּיראַטיווע פאַרזאַמלונגען — דירות, מיט וועלכע די אָנפירערשאַפט פון בונד, די „ראַדע״, און די פירנדיקע גרופּע פון ר.ק.ג. האָט זיך גערן באַנוצט.

דער מינהג פון קאָנספּיראַציע — אַז דער, וואָס שטעלט צו אַ דירה, דאַרף זיך אויך געפינען אין לאָקאַל בשעת דער פאַרזאַמלונג אָדער זיצונג, פאַר וועלכער די דירה איז געווען באַשטימט — האָט מיך געמאַכט זיין אָנוועזנדיק אויף די זיצונ־גען און באַראַטונגען, פאַר וועלכע כ׳האָב געשאַפן די דירות. מיין מזל האָט מיר צוגעשפּילט, אַז די פירערס פון די סאָציאַליסטישע פאַרטייען, וועלכע האָבן גענאָסן פון מיינע לאָקאַלן, זאָלן זיך באַציִען צו מיר מיט סימפּאַטיע און מיך נישט באַזייטיקן בשעת די פאַרהאַנדלונגען, אַפילו דעמאָלט, ווען ס׳האָבן זיך געפונען אַנדערע צימערן אין דער געגעבענער וווינונג. אויף די זיצונגען פון דער „ראַדע״, ר.ק.ג. און פון זייערע ספּעציעלע קאָמיסיעס און רעדאַקציעס בין איך געוואָרן אַ שטאַמגאַסט.

דאָס זיין אַ שטאַמגאַסט בשעת די פאַרהאַנדלונגען פון די אויבן דערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס און זייערע סובסטיטוטן האָט געבראַכט מיט זיך פאַרשידענע אימ־פּליקאַציעס. די פּאָליטישע נאַיִוויטעט פון אַ רעוואָלוציאָנערן נאָוואַבראַניעץ האָט זיך געבונטעוועט ווען קעגן עמעצן פון די צווישן־פאַרטיי־ישע שותּפים איז באַגאַנגען געוואָרן אַן אומרעכט, ווען ווער פון די פאַרטיי־פירערס האָט אויף אַ נישט ערנסטן אופן, בפרט נאָך מיט אַ דאָזע ציניזם, זיך באַצויגן צו ענינים, וועלכע איך האָב באַטראַכט ווי לעבנס־וויכטיקע פאַרן אַרבעטער־קלאַס, ווען עמעצער פון די פירערס האָט אויף אַן אומדערלאָזלעכן אופן געוואָלט דורכפירן זיין שטאַנדפּונקט אָדער זיין ציל — אין אַזעלכע פאַלן פלעג איך מיין פּראָטעסט אויסדריקן דורך אַ דעמאָנסטראַ־טיוון פאַרלאָזן דאָס צימער פון די פאַרהאַנדלונגען.

געווען אויך פאַלן, ווען מיין הייסער טעמפּעראַמענט, אפשר גאָר מיין יינגלשע חוצפּה, האָט אויף אַ קול שאַרף רעאַגירט קעגן אַן אַנגענומענעם באַשלוס, האַנדלונג, אָדער אַן אַרויסטריט פון עמעצן פון די גערויכערטע פּאָליטישע ליולקעס. בעיקר איז דאָס געשען בעת די אַרויסטריטן פון זאַשקאַ אונשליכט, ווען זי האָט אויף איר שאַרפן שטייגער אַטאַקירט און — ווי מיר האָט זיך אויסגעדוכט — געקריוודעט אָדער פּוגע־בכּבוד געווען דעם בונד. כאָטש איך בין אַפילו צו יענער צייט געווען פּראָ־באָלשעוויסטיש געשטימט אין די פּאָליטישע פראַגעס, וואָס זענען געשטאַנען

אויפן סדר־היום פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, בין איך אָבער שוין אויך געווען אָנגעגורט מיט אַלע „מעלות" פון אַן אַלטן בונדיסט, אַז „דער בונד איז איינער און ווייטער קיינער". און ווי אַ צוגאָב צו מיין נישט געבעטענעם אַריינמישן זיך אין די פאַרהאַנדלונגען, האָב איך אויף אַ מייסטערהאַפטן אופן פאַגראַמירט די פוילישע שפּראַך.

מיין פויליש רעדן, מיין פאַלמעסן די פוילישע שפּראַך, איז געווען אַ שם־דבר אין די פוילישע אַרבעטער־קרייזן, מיט וועלכע כ'בין געקומען אין באַרירונג. צו יענער צייט האָב איך נישט שלעכט פאַרשטאַנען די פוילישע שפּראַך, אַפילו אויך עטוואָס געלייענט אין פויליש, אָבער לגמרי נישט געקענט רעדן און שרייבן קיין פויליש. אַגב, אויך שרייבן אין דער יידישער שפּראַך האָב איך צו יענער צייט נישט געקענט.

מיין אומאויטאָריזירטער אַרויסטריט און דאָס ביזוקן די פוילישע שפּראַך פלעגט אַרויסרופן אַ פאַרשיידנאַרטיקע רעאַקציע, אָפּט מאָל אַ הייטערקייט, וואָס האָט אָנט־שפּאַנט די שטימונג פון די מיטשבדיקע, און אין מיינע אויגן באַיאַרטע, פאַרטיי־פירערס, און געגעבן זיי די מעגלעכקייט אויסצולאָדן זייערע עמאָציעס דורך אַריינ־קיבעצן איינער דעם אַנדערן מיט די ראַפינירטסטע וויצן, גלייכווערטלעך, שטעכ־ווערטלעך, אַפאָריזמען און עפּיגראַמען, מיינסטנס עקספּראָמט־געשאַפענע, וואָס האָבן געבליצט און עקספּלאָדירט ווי קאָלירטע פייערווערק.

אמתע מזיקים אויף דעם געביט פון קיבעצן זענען געווען: דער פּאַרטרעטער פון די זאַזשאַנדאָווצעס, דער אַרבעטער טאַרוואַצקי, און די פּאַרטרעטערס פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע, די אינטעליגענטן שילער און אינזשעניר קרושעווסקי.

טאַרוואַצקי, דער קוועקזילבערדיקער און קליינוווקסיקער אַרבעטער, האָט אָפּע־רירט הויפּטזעכלעך מיט אַנעקדאָטן פון אַ פּאָלקלאָרישן כאַראַקטער. ער, טאַרוואַצקי, אַ רעוואָלוציאָנער און אינטערנאַציאָנאַליסט אין יעדן אֵבר זיינעם, איז ממש פאַר־ליבט געווען אין פוילישן פּאָלקלאָר.

שילער, נידעריקער פון מיטלוווקס, אַ ברייטפּלייציקער, אַ הדרת־פּנים פון אַ תּלמיד־חכם, מיט אַ הויכן לומדישן שטערן, אַ ברייטער און אַ לאַנגער צעקעמטער און גוט געפּלעגטער באָרד, אין עלעגאַנטער קליידונג, מיט אַ פיין־אויסגעבונדענעם אַרטיסטישן פליגלשלייף און מיט די גאָלדענע רעמלעך פון זיינע אויגנגלעזער, האָט פאַרמאָגט ראַפינירטע מאַניערן פון אַן אַריסטאָקראַט. לויט זיין אויסזען, הלבשה און האַלטונג איז ער געווען אַ געמיש פון אַ פּראָפעסאָר פון פילאָסאָפיע אויף אַן אַלטן דייטשישן אוניווערסיטעט און אַ פאַרמעגלעכן אַרטיסט אויפן מאָנפּאַרנאַס אין פּאַריז אָדער פון די קראָקעווער פּלאַנטן. ער האָט געהאַט אַן איידעלן און שטילן אופן פון רעדן, אַ צונג ווי אַ בריטווע, און זיינע ווערטלעך און אַריינזאָגעכצער זענען געווען שאַרפע און האָבן געבלאַנקט, ווי די חלפים פון אַ פרומען יידישן שוחט.

קרושעווסקי איז געווען אַ הויך־געבילדעטער אינזשעניר און וויסנשאַפט־מאַן.

אַ האַלב־בלינדער, מיט שוואַרצע ברילן אויף די אויגן, האָט קרושעווסקי ממש געשפּרודלט מיט הומאָר און סאַטירע, געבליצט מיט ווערטלעך און אַפּאָריזמען, און זיי אויסגעשפּילט אויף אַן אופן, ווי ער וואָלט געווען אַ געשולטער אַקטיאָר. פון וואַנען ס׳האָט זיך גענומען צום דאָזיקן פיזיש נישט־געזונטן און האַלב־בלינדן מענטש אַזאַ שפּרודלדיקער קוואַל פון גלענצנדיקע וויצן און פון פיינער סאַטירע — איז באמת געווען אַ ווונדער.

אַפילו די שטענדיק ערנסטע, אַסקעטישע, און ווי אַ נאָנע אויסזעענדיקע, זאָשקאַ אונשליכט, וועלכע איז תמיד גרייט געווען מיט אירע פּאָליטישע כּלי־זין צום קאַמף, און איז מיט איר פּערזאָן נישט איין מאָל אַליין געווען אַן אָביעקט פון קיבעץ פאַר די טאַרוואַצקיס, שילער׳ס און קרושעווסקיס — אַפילו זי פלעגט אַריינגעצויגן ווערן אינעם ווערטער־געפעכט פון אירע פּאָליטישע פּאַרטנערן און זיך געפרייט מיט אַ גוטן וויץ און מיט אַ טרעפלעכן אַריינזאָג. דאָס זעלבע פלעגט געשען מיט דעם שיין־אויסזעענדיקן, שאַרפזיניקן און שאַרפצונגיקן גזשעך־קאָוואַלסקי. נאַטירלעך האָט נישט געפעלט קיין קיבעץ אויף מיין חשבון, און ספּעציעל אויפן חשבון פון מיין געבן קאָנצערט מיט דער פּוילישער שפּראַך.

ווער ס׳האָט בייגעווינט די קעגנזייטיקע דועלן מיטן געווער פון הומאָר, שפּאַס און סאַטירע, חכמה און שאַרפזין, וועלכע פלעגן פון צייט צו צייט פּאַרקומען אויף די זיצונגען פון דער „ראַדע״ אָדער פון דעם פירנדיקן פּאָליטישן קרייז פון ר.ק.ג., דער האָט באמת געהאַט זעלטענע מאָמענטן פון פרייד און פון גייסטיקער הנאה.

עס זענען אָבער אויך געווען פאַלן ווען מיין נישט געבעטענע אַריינמישונג בעת די פאַרהאַנדלונגען פון דער „ראַדע״ אָדער ר.ק.ג. האָבן אַרויסגערופן אַ נישט־צופרידנקייט מצד די אָנטיילנעמער׳ס און הייסער געמאַכט די דיסקוסיע, פאַרשאַרפט די אַנטאַגאָניזמען.

מיין אָנוועזנדיקייט בשעת די פאַרהאַנדלונגען פון דער „ראַדע״ און פון ר.ק.ג. האָט אַ סך מאָל אויך געדינט פאַר אַ מין בליץ־אָפּלייטער. אין דער היץ פון אַ דיס־קוסיע האָט עמעצער פון די דיסקוטאַנטן אַ וויז געטאָן אויף מיר, און אין שפּאַס אָדער גאַנץ ערנסט פאַרגעלייגט: „לאָמיר הערן וואָס דער פּראָלעטאַריאַט האָט וועגן דעם ענין צו זאָגן״. און דער „פּראָלעטאַריאַט״, אין געשטאַלט פון אַ זיבעצן און אַ האַלב־יאָריקן יידישן מעטאַל־טאָקער איז פאַרסירט געוואָרן, אין זיין דעמאָלטדיקער אָרעמער פּאָליטישער שפּראַך אין יידיש, אַרויסצוזאָגן זיין „וואָגיקע און אויטאָרי־טאַטיווע״ מיינונג וועגן אַן ערנסטן ענין, וואָס איז נוגע געווען דער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן, אָדער אַפילו פון אַן אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער.

דאָס בייזיין אויף די זיצונגען און פאַרהאַנדלונגען פון דער „ראַדע״, פון דעם פירנדיקן פּאָליטישן קרייז פונעם ר.ק.ג. און פונעם בונדישן פּאַרטיי־אַפּאַראַט, און אויך דאָס באַקענען זיך מיט אַ גרעסערער צאָל פירער׳ס און פערזענלעכקייטן

פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון פּוילן, שוין אין דער פריסטער צייט פון מיין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט — האָט געהאַט אַ באַדייטנדיקע השפּעה און געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין מיין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

דאָס איז אויך געוואָרן אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין פאַרמירן מיין פּאָליטישן כאַראַקטער. איך האָב געלערנט ערנסט זיך צו פאַרטראַכטן איבער פּראָבלעמען און דערשיינונגען פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. דאָס האָט געהאָלפן אויסקריסטאַליזירן אַן אייגענע מיינונג און שטעלונג, נישט צו וואַקלען זיך ביים פאַרנעמען אַ פּאָזיציע, וואָס איז נישט אין הסכּם מיט דער קאָנווענציאָנעל־אָנגענומענער שטעלונג און מיינונג.

אַ ספּעציפישע ראָלע אין דער פאָרמירונג פון מיין פּאָליטישן כאַראַקטער האָט צו יענער צייט געשפּילט זאָשקאָ אונשליכט. איר עקשנות, טרייקייט צו פּרינציפּן, איר האַס צום קאַפּיטאַליסטישן ווירטשאַפטלעכן און פּאָליטישן סיסטעם, איר גרע־נעצלאָזע איבערגעגעבנקייט פאַר דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג און פאַר די אידעאַלן פון סאָציאַליזם, איר אינטערנאַציאָנאַליזם און די אָן־פּשרהדיקע באַציִונג צו די כּל המינים אָפּאָרטוניזמען, איר שׂנאה צו צביעות און קאַריעריזם אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, איר רעוואָלוציאָנערער און פּערזענלעכער מוט און קוראַזש — דאָס אַלץ, באַזונדער און צוזאַמען, האָט אויף מיין יונגן פּאָליטישן געמיט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק, און נישט פאַרפעלט צו האָבן אַ ווירקונג אויפן לאַנגיאָריקן וועג פון מיין פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

## אַרעסטן און טורמע

אין די ערשטע טעג נאָכן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען פון די גאַסן פון וואַרשע פאַרשוווּנדן די כּלבים פון דער צאַרישער אָכראַנע. מ׳האָט זיך געוווּנדערט און געשטוינט פונעם דאָזיקן פאַקט, און די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן אין דער פולער מאָס אויסגענוצט די בערך 8 טעג, וואָס די אַרבעטער־בערזעס זענען פריי געווען פון די געהיים־אַגענטן פון דער אָכראַנע.

מיט אַ מאָל האָבן זיי זיך ווידער באַוויזן, פאַרגרעסערט אין צאָל און אָנגעלאָדענער מיט חוצפּה. אַרום די אַרבעטער־בערזעס, דעם ברויטפאַרטייל, און דער געעפנטער בונדישער אַרבעטער־קיך האָבן די געהיים־אַגענטן גערויעט ווי אומפלייט אויף די גאַסן, אין די טויערן, אין די הייף און אויך די שטיגן. ביסלעכוויז האָבן די קאָנסומענטן פון דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע זיך צוגעוווינט צו די שפּיזל־דיקע אויגן פון די שפּיצלעס, און דער אַקטיוו האָט אָנגענומען אַלע מיטלען נישט אַריינצופאַלן ביים דערליידיקן די פליכטן, אָבער מיט נישט קיין צו גרויסער הצלחה.

אָנגעהויבן האָבן זיך די רדיפות אַרום דריי—פיר וואָכן נאָכן אויסבראָך פון דער

מלחמה. דער ערשטער קרבן איז געווען סאַדאָווסקי. בעת זיין אַרעסט האָט סאַדאָווסקי ביי זיך געהאַט אַ גרויסע סומע געלט, וואָס איז נישט מעגלעך געווען צוריקצוקריגן. אין דער זעלבער צייט ווערט אויך אַרעסטירט דער פירער און וויכטיקסטער מאַסן־טוער פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע, סטעפאַן קרוליקאָווסקי. דערנאָך קומט די רייע אויף בערנאַרד גאָלדשטיין און פון פוילישע אַקטיוויסטן. עטלעכע וואָכן שפּעטער ווערט יאַנקל לעווין אַרעסטירט. די דאָזיקע אַרעסטן זענען פאָרגעקומען אויף אַן אינדיווידועלן אופן, אין די פּריוואַטע וווינונגען אָדער אויפן גאַס.

אַרום דריי—פיר וואָכן נאָך דער דערעפענונג פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך מאַכט די אָכראַנע איר ערשטן באַזוך אין דער דאָזיקער אינסטיטוציע. די געהיים־אַגענטן פרעגן זיך אויף עסטושאַ שטאַבזיב. נישט געפינענדיק די געזוכטע, פאַרלאָזן זיי די קיך.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער קומט פאָר דער ערשטער גרויסער איבערפאַל. די געהיים־אַגענטן וויסן שוין ווער ס'איז עסטושאַ שטאַבזיב, און זי, צוזאַמען מיט אַ צאָל קאָנסומענטן ווערן אַרעסטירט, די קיך ווערט פאַרמאַכט.

לויט דער מיינונג פון עסטושאַ שטאַבזיב, מיט וועמען כ'האָב וועגן דעם דאָזיקן אַרעסט גערשמועסט בעת אונדזער באַגעגעניש אין פּאַריז זומער 1962, איז דער איבערפאַל און אַרעסט פאָרגעקומען בעיקר צוליב איר. די אָכראַנע האָט זיך דערוווסט, אַז זי איז געווען די פונדאַטאָרין פונעם לאָקאַל פאַר דער בונדישער קיך און געהאַפּט דורך איר אַרעסט אָפּצולעקן אַ פעטן ביין.

נאָך איר אַרעסט זענען געקומען פאַרשיידענע מאַכערס און דערציילט אירע עלטערן, אַז די אָכראַנע איז גרייט זייער טאָכטער צו באַפרייען פאַר דער סומע פון 5000 גאָלדרובל. די עלטערן האָבן מסכים געווען צו סילוקן די געפאָדערטע סומע. אָבער אַפילו פאַר די גבירישע שטאַבזיבס איז שווער געווען אין דער מלחמה־צייט צו שאַפן אויף שנעל אַזאַ סומע אין גאָלד. דערוויל האָט אַ צופאַל זיך אַריינגעמישט, און עסטושאַ שטאַבזיב איז באַפרייט געוואָרן.

ווי עסטושאַ שטאַבזיב האָט מיר דערציילט, איז דער צופאַל באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער זשאַנדאַרם, וואָס האָט געפירט איר אויספאָרשונג, האָט פאַרגעלייגט זי צו באַפרייען, אויב זי וועט מסכים זיין נאָך דער באַפרייונג צו ווערן זיין געליבטע. די קלוגע עסטושאַ האָט אים געגעבן אָנצוהערן, אַז זי איז גרייט אָנצונעמען זיין פּראָפּאָזיציע, אָבער אַ קאָנקרעטן ענטפער קען ער פון איר קריגן ערשט ווען זי וועט זיך געפינען אויף דער פריי. דער זשאַנדאַרם האָט מיט איר אָפּגערעדט די צייט און דאָס אָרט, ווו זיך צו טרעפן — און זי באַפרייט. עסטושאַ שטאַבזיב איז באַלד נאָך דער באַפרייונג פאַרשוווּנדן אין דער אונטערערד און זי האָט זיך ווידער באַוויזן ערשט נאָכן אַריינקום פון די דייטשן קיין וואַרשע.

די ווערסיע פון עסטושאַ שטאַבזיב, אַז זי איז געווען די סיבה פונעם איבערפאַל, איז אפשר געווען א י נ ע פון די מאָטיוון פון דעם איבערפאַל אויף דער בונדישער

אַרבעטער־קיך. מעריטאָריש, איז דער איבערפּאַל און אַרעסט געווען דער אָנהייב פון די סיסטעמאַטישע רדיפות אויף דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע, ווי אויף דער גאַנצער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג.

דער צווייטער איבערפּאַל אויף דער בונדישער אַרבעטער־קיך איז פאָרגעקומען אין דער צווייטער העלפט דעצעמבער 1914, אינעם צווייטן קיכלאָקאַל אויף דזשיקע 14. אַרעסטירט זענען געוואָרן עטלעכע צענדלינג אָנוועזנדיקע, און אויך איך בין געווען איינער פון די אַרעסטירטע.

צווישן די אַרעסטירטע האָט זיך געפונען אַ באַדייטנדיקע גרופּע אַקטיווע טוערס פון דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע. צווישן זיי: דער ווייסער מאַקסל, שלאָסבערג און דער אַנאַרכיסט משה דזשאַבאַק, און אויך עטלעכע מיטגלידער פונעם וואַר־שעווער קאָמיטעט פון בונד: יוסף באָסאַק, מאָריץ מעטאַלאָוויעץ און דער רויטער חיים. די מייסטע פון די אַרעסטירטע זענען געווען פשוטע אַרבעטער, קאָנסומענטן.

די אַרעסטירטע מיטגלידער פון בונדישן פּאַרטיי־אַקטיוו זענען געווען פעיִקע, אינטעליגענטע אַרבעטער, אַרבעטער־טוערס, פון וועמען מ׳האָט געקענט אַ סך לערנען זיצנדיק מיט זיי אין די טורמע־קאַמערן. דער ווייסער מאַקסל, אַ גוט־באַ־האַוונטער אין דער יידישער און אין דער וועלט־ליטעראַטור און אַ בקי אין פילאָ־סאָפיע, האָט מיר געהאָלפן אַריינצודרינגען אין דעם לאַבירינט פון פילאָסאָפישן געדאַנק, ספּעציעל פון דער היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישער געשיכטע־אויפפאַסונג, און געדינט אויך ווי אַ לעבעדיקער ווערטערבוך צו פאַרטייטשן די שווערע עברי פון דער פילאָסאָפישער טערמינאָלאָגיע.

כּדאַי איז צו פאַרנאָטירן דעם פאַקט, אַז די דערמאָנטע אַרעסטירטע בונדישע אַרבעטער־טוערס זענען נאָך זייער באַפרייונג פון סיביר געווען אַקטיוו טעטיק אין די צוגרייטונגען און אין דער דורכפירונג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, אין דער רויטער גוואַרדיע און אין דער רויטער אַרמיי. מאָריץ מעטאַלאָוויעץ האָט אין די שלאַכטן הינטער פּעטראָגראַד פאַרלוירן ביידע פיס; דער ווייסער מאַקסל איז אומגעקומען אין די שלאַכטן אויף אוקראַיִנע; דער רויטער חיים איז געווען אַן אָנגעזעענער פּאַרטיי־ און מלוכה־טוער אין איינעם פון די ראַיאָנען אין סיביר; שלאָסבערג איז געווען דער לעצטער סעקרעטאַר פון דער מאָסקווער אָרגאַניזאַציע פון קאָמבונד אין רוסלאַנד.

די ביטערע קלעפּ, וואָס די צאַרישע אַרמיי האָט געקריגן אויפן מערב־פראָנט, האָבן אַרויסגערופן שרעק און פּאַניק ביי די מיליטערישע און פּאָליציייִשע מאַכט־אָרגאַנען. זיי פילן, אַז זייער צייט פון הערשאַפט אין פּוילן דערנענטערט זיך צו אַ סוף. די מפּלות אויפן פראָנט קאָמפּענסירן זיי זיך מיט אַ ווילדן טעראָר קעגן דער באַפעלקערונג. די אָכראַנקע הוליעט און בושעוועט. הויז־אונטערזוכונגען און מאַסן־אַרעסטן קומען פאָר אָן אַן אויפהער. די טורמעס זענען שוידערלעך איבערגעפּולט. גענעראַלן קעגן ציווילע מענטשן, וועלכע האָבן נישט די מינדסטע שייכות מיט

וואָסער ס'איז געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג, דערגייען אין די הונדערטער. די מילי־טערישע קריגסגעריכטן פאַרשניידן מענטשלעכע לעבנס אָן אַ חשבון.

באַזונדערס בושעוועט די צאַרישע אָכראַנע אויף דער אַרבעטער־גאַס. די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־באַוועגונג איז איר צילברעט. כסדר קומען פאָר איבערפאַלן אויף אינסטיטוציעס פונעם אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט. אַרעסטן פון טוערס און קאָנסומענטן אין די אַרבעטער־קיכן און ברויט־פאַרטיילונגען דערגייען צו אַ נישט קאָנטראָלירלעכער צאָל. אַ רייע קיכן ווערן דורך דער אָכראַנע פאַרמאַכט. אַרעסטן פון אַרבעטער־טוערס אין די מעטאַל־פאַבריקן פון לילפּאָפּ, פּאַראָוואָז, באַר־מאַן, האַנטקע, נאַרבלין, ווולקאַן, אין די מעכאַנישע שיכפאַבריקן פון בראָכעס און רייכערט, אין די באַן־ און טראַמווײַ־וואַרשטאַטן און רעמיזעס, אין די גאַז, עלעקטריע און אַנדערע שטאָטישע אַנשטאַלטן — זענען אַ טאָגטעגלעכע דערשיינונג.

דער אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט ווערט צוויי מאָל פאַגראָמירט. ס'ווערן אַרעסטירט אַ גרעסערע צאָל ר.ק.ג.־טוערס. צום גליק זענען ביידע אָכראַנע־איבער־פאַלן פאָרגעקומען איידער די זיצונגען האָבן זיך אָנגעהויבן און אַ צאָל טוערס זענען געראַטעוועט געוואָרן. הינטער די טורמע־קראַטן געפינען זיך אַ רייע פירערס און טוערס: טאַרוואַצקי פון די זאַזשאַנדאָווצעס, אָגראַדניטשעק־קרוליקאָווסקי פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע, באַרילאַ פון די ראַזלאַמאָווצעס און אַ סך אַנדערע. פון בונד: סאַדאָווסקי, בערנאַרד גאָלדשטיין, יאַנקל לעווין.

אין די תּפיסה־קאַמערן געפינען זיך אָנהענגערס און פאַרטרעטערס פון די כּל־המינים פּאַרטייען און גרופּירונגען, ריכטונגען און שאַטירונגען פונעם געזעלשאַפט־לעכן לעבן אין פּוילן. חוץ דער גרויסער צאָל אַרעסטירטע פונעם סאָציאַליסטישן אַנטי־מלחמה־לאַגער, געפינען זיך דאָרט אויך היפּשע גרופּעס פון דער פּ.פּ.ס., רעוואָלוציאָנערע פראַקציע (פראַקעס), פון דער ראַדיקאַלער פּויערים־פּאַרטיי „זאַ־ראַניאַ" און אַ גרופּע פּועלי־ציון.

צווישן די פראַקעס געפינט זיך דער דעמאָלט יונגער זדאַנאָווסקי, שפּעטער, אין די דרייסיקער יאָרן — באַקאַנטער פּ.פּ.ס.ישער טוער אין וואַרשע, און דער לעצטער פאַר דער היטלער־מלחמה סעקרעטאַר פון דער צענטראַל־קאָמיסיע פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין פּוילן. אין דער גרופּע ראַדיקאַלע פּויערים־טוערס, פּויערים און אינטעליגענטן, געפינען זיך וויכטיקע פירערס פון דער פּויע־רים־פּאַרטיי „זאַראַניאַ" און צווישן זיי — מאַלינאָווסקי, דער רעדאַקטאָר פון דער, אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, באַקאַנטער ראַדיקאַלער צייט־שריפט פאַר פּויערים, וואָס האָט אויך געטראָגן דעם נאָמען „זאַראַניאַ". צוזאַמען מיט מאַלינאָווסקין געפינען זיך אויך זיינע צוויי יוגנטלעכע זין. אין דער פּועלי־ציון־גרופּע געפינט זיך דער דעמאָלט וויכטיקסטער פירער פון די פּועלי־ציון אין וואַרשע ישׂראל רייכמאַן (ישׂראל וועשער).

די אַרעסטירטע, וועלכע זענען פאַרבונדן געווען מיט די סאָציאַליסטישע פאַר־

טייען, וואָס האָבן געבילדעט די „ראַדע" — פּאַרטייער און נישט־פּאַרטייער, אַקטי־וויסטן און איינפאַכע אַרבעטער, קאָנסומענטן — לעבן אין די תּפיסה־קאַמערן אין אַן איינהייטלעכער קאָמונע, דאָרט קומען פאָר אומאויפהערלעכע דיסקוסיעס. הייס און ליידנשאַפטלעך זענען געווען די דיסקוסיעס צווישן די אָנהענגערס פון די סאָציאַליסטישע אַנטי־מלחמה־פּאַרטייען מיט די אָנהענגערס פונעם אומאָפּהענגיקן לאַגער. די דיסקוסיעס זענען אָבער קיין מאָל נישט אַרויס פון די ראַמען פון פּאָלי־טישער אָנשטענדיקייט און נישט עובר געווען אויפן מינהג פון קעגנזייטיקן רעספּעקט.

אויך צווישן די טוערס פון די סאָציאַליסטישע אַנטי־מלחמה־פּאַרטייען, וועלכע האָבן געשאַפן די געמיינזאַמע טורמע־קאָמונע, זענען פאָרגעקומען לעבהאַפטע און ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיעס וועגן ענינים פון טעאָרעטישן, פּאָליטישן און אָרגאַ־ניזאַציאָנעלן כאַראַקטער.

דיסקוטירט האָט מען נאַטירלעך אויך וועגן דער לאַגע, וואָס האָט זיך געשאַפן פאַר דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג דורך די רדיפות און אַרעסטן. די איינשטימיקע מיינונג איז געווען, אַז די רעוואָלוציאָנערע, פּאָליטישע און אַנטי־מלחמה־טעטיקייטן וועלן נישט אָפּגעשטעלט ווערן, אַז אויף דער פריי זענען פאַר־בליבן גענוג צענטראַלע כּוחות ווייטער אָנצופירן מיט דער אַרבעט און מיט דער „ראַדע", אַז דאָס אויסמיידן די אַרעסטן און דאָס געפינען זיך אויף דער פריי פון זאַשקאַ אונשליכט, טאָטאַיעוויטש־ריבאַצקי, פון דעם יינגערן קרוליקאָווסקי (געווען אַרעסטירט, באַפרייט, און שפּעטער ווידער אַרעסטירט. געשטאָרבן אין תּפיסה אין אַפּריל 1915), יאַנעק צוויגעל, נאָכעמזאָן און יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, איז אַ גאַראַנטיע, אַז די טעטיקייט פון ר.ק.ג. און פון די אַרבעטער־ווירטשאַפטלעכע־הילף־אינסטי־טוציעס וועט ווייטער פאַרגעזעצט ווערן.

און מערקווערדיק. נישט געקוקט אויף די כּסדרדיקע קלעפּ, וואָס די סאָציאַ־ליסטישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט געקריגן פונעם צאַרישן מיליטערישן רעזשים און פון די פּראָוואָקאַטאָרן אין די אייגענע רייען, איז די צאַרישע מאַכטאָרגאַנען נישט געלונגען אָפּצושטעלן די טעטיקייטן פון דער דאָזיקער באַוועגונג.

די „ראַדע" האָט פונקציאָנירט אָן אַן איבעררייס. ר.ק.ג. איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן, די ערטער פון די אַרעסטירטע מיטגלידער פון ר.ק.ג. זענען פאַרנומען געוואָרן דורך אַלטע דערפאַרענע טוערס: וואָיטשיק, פּאַשטאַ און פון אַ רייע יינגערע אַרבעטער־טוערס: סאָוויצקי, קאַראַלסקי און אַנדערע. צוזאַמען מיט די, וועמען עס איז געלונגען אויסצומיידן די אַרעסטן, האָט דער רעאָרגאַניזירטער ר.ק.ג. פאָרגע־זעצט זיינע אַקטיוויטעטן. אויפן אָרט פון די פאַרמאַכטע קיכן זענען געשאַפן געוואָרן נייע, אונטער אַנדערע נעמען און אין אַנדערע לאָקאַלן. די אָנפירונגען פון די קיכן און ברויט־פאַרטיילונגען זענען געוואָרן קאָמפּלעטירט מיט אַ רייע טוערס, רעקרוּ־טירט פון די אַרבעטער־קאָנסומענטן גופא און פון דער סימפּאַטיזירנדיקער אינ־טעליגענץ.



אין די ערשטע טעג פעברואַר 1915 בין איך באַפרייט געוואָרן. איך האָב מיט כּבוד דורכגעמאַכט מײַן רעוואָלוציאָנערן נאָוויציאַט — מײַן ערשטן אַרעסט אונטער דעם צאַרישן רעזשים. צוזאַמען מיט מיר, נאָכן פאַרברענגען אַן ערך 6 וואָכן אין תּפיסה, איז אויך באַפרייט געוואָרן דער אַלטער בונדישער טוער יוסף באַסאַק, און אַ חברטע, אַ שניידערין, די שפּעטערדיקע פרוי פון שמאי בעקער. אַלע איבעריקע, וואָס זענען צוזאַמען מיט מיר אַרעסטירט געוואָרן אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך אויף דזשיקע 14, זענען אויף אַן אַדמיניסטראַטיוון אופן פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר.

די סיבה פון מײַן און יוסף באַסאַקס באַפרייונג בין איך געוואָר געוואָרן אַן ערך 14 יאָר שפּעטער אין מאָסקווע.

אין 1928 האָב איך זיך געפונען אין מאָסקווע און זײַער באַפרײַנדט געווען מיט לעאָן פורמאַן, דעם דעמאָלטדיקן סעקרעטאַר פון דער פּוילישער סעקציע און פאַר־טרעטער פון דער קאָמ. פּאַרטיי פון פּוילן אין קאָמינטערן. איין מאָל זאָגט צו מיר פורמאַן: „איר ווילט וויסן, וואָס ס׳געפינט זיך וועגן אײַך אין די אַרכיוון פון דער וואַרשעווער רוסישער אָכראַנע״? איך האָב אים פאַרשטייט זיך געענטפערט מיט אַ „יאָ״.

פורמאַן האָט מיך צונויפגעפירט מיט וואַשילעווסקין, אַן אַרכיוויסט, אַ מאַיאָר פון גע־פע־או. אין דרײַען זענען מיר אַוועק אין איינעם פון די אָפּטיילונגען פון אַרכיוו פון דער אַמאָליקער רוסישער אָכראַנע. וואַשילעווסקי האָט אונדז געוויזן אַ בריוו פון נאָכעמזאָנען צום שעף פון דער וואַרשעווער אָכראַנע, אין וועלכן ער האָט פאַרלאַנגט די תּיכּפדיקע באַפרייונג פון יוסף באַסאַק און פון מיר. זײַן פאַרלאַנג האָט נאָכעמזאָן מאָטיווירט דערמיט, אַז נאָך דעם לעצטן אַרעסט איז די בונדישע טעטיקייט ווי פאַראַליזירט. די באַפרייונג פון יוסף באַסאַק, וועלכער איז אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר, און פון מיר, דעם ייִנגסטן פון בונדישן אַקטיוו, וועלכער ווײַזט אַרויס פעיִקייטן, וועט די אַרבעט פון בונד ווידער נאָרמאַליזירן. אויפן מאַרגינעז פון נאָכעמ־זאָנס בריוו האָט דער שעף פון דער אָכראַנע אָנגעשריבן: „נאָכגעבן דעם פאַרלאַנג. האַלטן אַ וואַכזאַם אויג אויף יוסף ליפשיץ, אַליאַס יוסף באַסאַק, און אויף הערש לייבאַ בעקערקונץ, אַליאַס הערשל מעטאַלאָוויעץ״.

איבעריק צו זאָגן, אַז כ׳האָב זיך נישט געפילט צו גליקלעך פון די לויבווערטער פונעם פּראָוואָקאַטאָר נאָכעמזאָן אויף מײַן חשבון.

# די מאַניפעסטאַציע קעגן בירגער־קאָמיטעט

די מלחמה דויערט שוין עטלעכע חדשים. וואַרשע איז פאַרפלייצט פון מיליטער און פון זשאַנדאַרמעריע. לאַנגע צוגן מיט פאַרווונדיקטע גייען אומאויפהערלעך אין דער ריכטונג פון מיזרח, קיין צענטראַל־רוסלאַנד. די שפיטאָלן אין וואַרשע זענען איבערגעפולט מיט פאַרווונדיקטע סאָלדאַטן. איבערגעפּאַקט זענען אויך די רייכע רעסטאָראַנען, קאַבאַרעטן און קאַפע־שאַנטאַנען מיט הוליענדיקע אָפיצירן און נייגעבאַקענע אָפיצירלעך.

די עקאָנאָמישע סיטואַציע אין וואַרשע איז ממש אַ קאַטאַסטראָפאַלע. דאָס אינדוסטריעלע אוןווירטשאַפטלעכע לעבן איז פּאַראַליזירט. דאָס שנעלע דערנענטערן זיך פונעם פראָנט צו די טויערן פון וואַרשע האָט אָפּגעשטעלט אַפילו די פּראָדוקציע פאַר דער רוסישער מלחמה־מאַשין. פאַבריקן זענען עוואַקויִרט געוואָרן אָדער געהאַלטן ביים עוואַקויִרט ווערן, די אַרבעטלאָזיקייט און די פּויפּעריזאַציע איז דערגאַנגען צו דער העכסטער שטופע און אַרומגענומען דעם גרעסטן טייל פון דער באַפעלקערונג. דער יקרות אויף לעבנס־מיטלען איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג, דער צופיר פון באַהייץ־מאַטעריאַלן, דער עיקר פון קוילן, האָט כמעט ווי אויפגעהערט. נויט, הונגער, קעלט, טיפוס און אַנדערע קראַנקייטן האָבן זיך איינגעבירגערט אין די אַרבעטער־שטובן און אין די וווינונגען פון דער פּאַראַרעמטער באַפעלקערונג. דער מלאך־המוות האָט בשפע געשניטן זיין טויטשניט.

מאַסן אַרבעטלאָזע און פאַמיליעס פון מאָביליזירטע אַרבעטער האָבן באַלאַגערט די קיכן און ברויטפאַרטיילן און פאַרלאַנגט הילף. אויך גרויסע צאָלן אַרבעטער מחוץ וואַרשע, וועלכע זענען געצוווּנגען געוואָרן צו פאַרלאָזן זייערע פריִערדיקע וווינערטער, האָבן פאַרלאַנגט מען זאָל זיי צוטיילן אַ מינימום־הילף.

דער אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט האָט אָבער נישט געקענט באַפרידיקן די פאָדערונגען. זיין פינאַנציעלע לאַגע איז געווען אַ קריטישע. די געלט־סובסידיעס פון די פאַרשיידענע רוסישע הילף־פאַרבאַנדן פאַר מלחמה־געליטענע האָבן זיך געהאַט אָפּגעשטעלט, אָדער כמעט ווי אָפּגעשטעלט. אינערלעך־פאַרטייִישע געלט־מיטלען זענען צוליב דער מלחמה איינגעשרומפּן געוואָרן. די עקאָנאָמיע אויפן חשבון פון די קאָנסומענטן: דאָס פאַרערגערן די קוואַליטעט פון די שפּייזפּראָדוקטן און דאָס פאַרקלענערן די פאַרציעס געקאָכטע שפּייז און ברויט, האָט נישט געקענט ראַטעווען די עקסיסטענץ פון די אַרבעטער־ווירטשאַפטלעכע הילף־אינסטיטוציעס.

די קיכן און ברויט־פאַרטיילונגען האָבן ממשיך געווען מיט זייער טעטיקייט בעיקר אַ דאַנק דער פּערזענלעכער שטיצע פונעם אַלטן ס.ד.ק.פ.ל.־פירער איגנאַצי ראַבע און פון די הלוואות וואָס ראַבע און אַנדערע פּוילישע חברים און אויך די בונדיסטן מאַוריצי (מאַניעק) אָזשעך און אינזשעניר העלער האָבן געמאַכט אין דער

וואַרשעווער אָפּטיילונג פון דער פּעטערבורגער האַנדלסבאַנק, אין וועלכער גזשעך־קאָוואַלסקי האָט דעמאָלט געאַרבעט, און אויך אין אַנדערע בענק, און פון הלוואות ביי פּריוואַטע פּערזאָנען. דאָס זענען געווען געלט־איינשפּריצונגען, וואָס האָבן קוים געקענט דערהאַלטן ביים לעבן די אַרבעטער־הילף־אינסטיטוציעס אויף אַ קורצער צייט, אָבער נישט געווען גענוג צו פירן אַ נאָרמאַלע טעטיקייט.

די געפאַר פון אונטערגאַנג איז געהאַנגען איבער דער עקסיסטענץ פון די אַרבעטער־ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. דאָס באַקומען די נייטיקע פינאַנציעלע מיטלען, כּדי צו זיכערן די טעטיקייטן פון די געגעבענע אינסטיטוציעס, האָט זיך פאַר דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג געשטעלט, ווי די סאַמע דרינגענדיקסטע טאָג־אויפגאַבע.

דאָס אָרט, פון וואַנען דער אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט האָט געקענט און געדאַרפט קריגן די נייטיקע געלטמיטלען צו פירן ווייטער זיין טעטיקייט איז געווען דער וואַרשעווער בירגער־קאָמיטעט.

דער וואַרשעווער בירגער־קאָמיטעט איז אַנטשטאַנען אין האַרבסט 1914, אַ קורצע צייט נאָכן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאָס איז, נאַטירלעך, נישט געווען קיין דעמאָקראַטישע פאָלקס־אינסטיטוציע, נאָר אַן אויסגעשפּראָכן פּריציש־בורזשואַזע אויטאָקראַטישע קערפּערשאַפט.

דער צוזאַמענשטעל פונעם בירגער־קאָמיטעט איז באַשטאַנען בעיקר פון אָנהענגערס פון דער רעאַקציאָנערער בורזשואַזער און אַנטיסעמיטישער „נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי" (ענדעקעס). זייער וויצעטיקסטער פאָרשטייער איז געווען דער אינזשעניר דזשעוויעצקי. די אַ"ג ליבעראַלע פּוילישע קרייזן זענען געווען פאַרטראָטן דורכן אינזשעניר דזשעוואָלסקי. ווי דער „רעפּרעזענטאַנט" פון דער דריי־הונדערט־טויזנט־קעפּיקער יידישער באַפעלקערונג פון וואַרשע איז אין בירגער־קאָמיטעט אַריינגענומען געוואָרן דער באַנקיר און גרויס־אינדוסטריעלער, דער עקסטרעמער אַסימילאַטאָר נאַטאַנזאָן, אַ מענטש, וועמען די יידישע באַפעלקערונג האָט פאַראַכט צוליב זיין שעדלעכער ראָלע לגבי די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן. אינעם צוזאַמענשטעל פונעם בירגער־קאָמיטעט זענען אויך אַריין אַ רייע הויכגעשטעלטע דאַמעס פון דער אַריסטאָקראַטיע און גרויס־בורזשואַזיע. בראָש פונעם בירגער־קאָמיטעט איז געשטעלט געוואָרן איינער פון די רעאַקציאָנערסטע פּריצישע זשוברעס, דער גראַף ליובאָמירסקי.

דער וואַרשעווער בירגער־קאָמיטעט האָט צו זיין דיספּאָזיציע פאַרמאָגט ריזיקע סומעס, וואָס ער האָט געקריגן פון רוסישע, פּוילישע און אויסלענדישע קוועלן, מיטן צוועק צו העלפן די קרבנות פון דער מלחמה און די פאַמיליעס פון די מאָביליזירטע סאָלדאַטן אין דער רוסישער אַרמיי.

מיט דער דערנענטערונג פונעם מלחמה־פראָנט האָט דער וואַרשעווער בירגער־

קאָמיטעט שטופנווייז איבערגענומען די פונקציעס פונעם וואַרשעווער מאַגיסטראַט. ווינטער 1915 האָט שוין דער בירגער־קאָמיטעט פאַקטיש פאַרנומען דאָס אָרט פונעם שטאָט־מאַגיסטראַט פון וואַרשע.

פאַר דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג איז קיין מאָל נישט געווען קיין ספק, אַז דער אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט האָט אַ רעכט און אַ חוב צו פאַרלאַנגען און צו קריגן אַ חלק פון די געלטער־סורסן פונעם בירגער־קאָמיטעט. ווען די פינאַנציעלע לאַגע פון ר.ק.ג. האָט אָנגעהויבן צו ווערן אַלץ ערגער, האָט דער אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט געמאַכט אַ רייע ווענדונגען צום בירגער־קאָמיטעט, פאַרלאַנגענדיק סובסידיעס פאַר זיינע אַפילירטע אינסטיטוציעס.

דער בירגער־קאָמיטעט האָט די ווענדונגען איגנאָרירט און נישט געפונען אַפילו פאַר נייטיק אויף זיי אָפיציעל צו ענטפערן. אַפילו די וויטגייענדיקסטע קאָנצעסיע, וואָס ר.ק.ג. האָט פון זיין זייט געקענט מאַכן, נעמלעך, אַז ר.ק.ג. איז באַרייט צו געבן דעם בירגער־קאָמיטעט דאָס רעכט פון קאָנטראָל אויף די געלטער, וואָס ער וועט סובסידירן פאַר די אַרבעטער־הילף־אינסטיטוציעס, כּדי דער בירגער־קאָמיטעט זאָל געניי וויסן אויף וואָס און ווי אַזוי זיינע געלטער ווערן פאַרווענדט — איז דורכן בירגער־קאָמיטעט איגנאָרירט געוואָרן.

אויך די אינטערווענץ פון אַ רייע אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן, מיט פּראָפעסאָר קזשיוויצקי בראָש, וועלכע האָבן פאַרלאַנגט פונעם בירגער־קאָמיטעט צו העלפן די אַרבעטער־ווירטשאַפטלעכע הילף־אינסטיטוציעס — איז געבליבן אָן אַ רעזולטאַט.

דער נישט־אָפיציעלער ענטפער פונעם בירגער־קאָמיטעט אויף אַלע ווענדונגען און אינטערווענצן איז געווען אַ קאַטעגאָרישער: ניין! אונטער קיין שום באַדינגונגען וועט דער בירגער־קאָמיטעט די אַרבעטער־אינסטיטוציעס נישט שטיצן.

אין שייכות מיט קזשיוויצקיס אינטערווענץ, האָט אַ רעפּרעזענטאַטיווע פיגור פונעם בירגער־קאָמיטעט (אויב איך מאַך נישט קיין טעות — איז דאָס געווען אינ־זשעניר דזשעוויצקי), געמאַכט פאַרן רעפּאָרטער פון „קוריער וואַרשאַווסקי" אומ־געפּער פאָלגנדיקע דערקלערונג: אין דער גורלדיקער מלחמה־צייט האָט דער רבונו־של עולם געהאָלפן שאַפן דעם בירגער־קאָמיטעט נישט כּדי צו שפּייזן אַ חברה גאָט־לעסטערערס, ניהיליסטן און סאָציאַליסטן און צו געבן סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פלאַצוווקעס צו פירן זייערע טעטיקייטן. דאָס איינציקע, וואָס די קיכן און אַנדערע באַשפּייזונג־פּונקטן פון די, וועלכע רופן זיך אַרבעטער־ווירטשאַפטלעכע הילף־אינסטיטוציעס קענען טאָן, איז איבערגעבן זייער אינווענטאַר און זייערע לאָקאַלן דעם בירגער־קאָמיטעט, און דער בירגער־קאָמיטעט וועט שוין וויסן, וואָס מיט די דאָזיקע קיכן און לאָקאַלן צו טאָן.

דער רעפּאָרטער פון „קוריער וואַרשאַווסקי", פאַר וועמען דער רעפּרעזענטאַנט פון בירגער־קאָמיטעט האָט געמאַכט זיין חוצפּהדיקע דערקלערונג, איז געווען אַ פּראָפעסיאָנעלער לאַנגיאָריקער און דערפאַרענער צייטונגמענטש, אַ מיטליאָריקער,

עטוואָס אַן איינגעבויגענער פאַרנעמער עלטערער הער, אָרעמלעך אָבער זייער ציכ־טיק געקליידט, מיט אַ שטענדיקן ברייטן פּאַטערלעכן שמייכל אויף זיין פּנים. אין די צאַרישע צייטן האָט מען אים געקענט טרעפן אין די האַלב לעגאַלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס און אויף די אומלעגאַלע אַרבעטער־בערזעס. נאָכן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געווען אַ סיסטעמאַטי־שער באַזוכער פון די אַרבעטער־קיכן. אַ געבילדעטער מאַרקסיסט און אַן אַלטער ס.ד.ק.פּ.ל.אָויעץ, האָט דער דערמאָנטער רעפּאָרטער געאַרבעט אין „קוריער וואַר־שאַווסקי" ווי רעפּאָרטער פון שטאָטישע נייעס און נייעס פונעם אַרבעטער־פראָנט. גלייכצייטיק האָט ער געדינט דער אונטערערדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג ווי אַ טראַנסמיטאָר איבערצוגעבן אָפיציעלע ידיעות פון סאָציאַליסטישן לאַגער צו די בירגערלעכע און בורזשואַזע פּאָליטישע קרייזן, און פון די דאָזיקע קרייזן — צו דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. צום באַדויערן, קען איך זיך, בעת איך שרייב די שורות, בשום אופן נישט דערמאָנען דעם נאָמען פון אָט דעם רע־פּאָרטער.

דאָס אויסקלייבן דורך דעם רעפּרעזענטאַנט פונעם בירגער־קאָמיטעט דווקא דעם געגעבענעם רעפּאָרטער אָפּצוגעבן זיין אָפיציעלע דערקלערונג, איז אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג באַטראַכט געוואָרן ווי דאָס לעצטע וואָרט פונעם ביר־גער־קאָמיטעט נישט צו העלפן די אַרבעטער־ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, און ווי אַ קריג־דערקלערונג, אויף וועלכער מען מוז וואָס שנעלער און עפעקטיוו ענט־פערן. עס האָט שאַרף זיך אַרויסגעשטעלט דאָס פּראָבלעם צו געפינען די וועגן, מעטאָדן און מיטלען, וועלכע זאָלן דעם בירגער־קאָמיטעט צווינגען צו סובסידירן די אַרבעטער־ווירטשאַפט־אינסטיטוציעס מיט אַ פּערמאַנענטער און געהעריקער שטיצע, און זיי פאַרזיכערן אַ נאָרמאַלע אָפּעראַטיווע טעטיקייט.

מיטן דאָזיקן פּראָבלעם האָבן ווינטער 1915 זיך באַשעפטיקט אַלע שטופעס פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג: די צענטראַלע אָנפירונגען און די פּאַרטיי־קאָמיטעטן, די „ראַדע", ר.ק.ג., די פאַרוואַלטונגען פון די קיכן און ברויט־פּאַרטיילן, און די קאָמפּלירטע פאַרזאַמלונגען פון די קאָנסומענטן פון די אַרבעטער־הילף־אינסטיטוציעס.

צו געפינען אַ געהעריקע לייזונג פון דעם פּראָבלעם איז נישט געווען קיין לייכטע אויפגאַבע. מען האָט זיך געמוזט רעכענען מיט אַן אַ שיעור שוועריקייטן: מיטן באַלאַגערונג־ און קריגס־צושטאַנד; מיט דעם, וואָס אין וואַרשע געפינען זיך מאַסן מיליטער און גרויסע צאָלן אָפיצירן; וואָס דער קריגספראָנט געפינט זיך נאָענט צו די טויערן פון וואַרשע, און דאָס באַזעצן וואַרשע דורך דער דייטשישער מיליטער־מאַכט איז אַ פראַגע פון אַ גאָר נאָענטער צייט; און, קודם־כל, ווי גרויס, גרייט און קאַמפּפעיִק ס׳זענען די אַרבעטער פון וואַרשע פאַר אַן אַקטיווער אַקציע קעגן בירגער־קאָמיטעט.

נאָך אַ רייע ערנסטע דעבאַטעס האָט זיך אויסקריסטאַליזירט אַ שטעלונג, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין אַן איינשטימיקער רעזאָלוציע פון אַרבעטער־ווירט־שאַפט־קאָמיטעט. דער אינהאַלט פון דער רעזאָלוציע קען סומירט ווערן אין פאָלגנ־דיקע ווערטער:

אין די קאָנקרעטע באַדינגונגען פון מלחמה־רעזשים און קריגס־צושטאַנד קען זיך דער אַרבעטער־קלאַס נישט דערלויבן די ריזיקע פון עפנטלעכע גאַסן־דעמאָנסטראַציעס;

דער קאַמף דאַרף באַשטיין אין באַזעצן די געביידע פון מאַגיסטראַט אין דער צייט ווען דער בירגער־קאָמיטעט וועט דאָרט אָפּהאַלטן זיינס אַ פּלענאַרע זיצונג, אריינרייסן זיך אין דעם צימער, ווו די זיצונג וועט אָפּגעהאַלטן ווערן און צווינגען דעם בירגער־קאָמיטעט צו געבן אַ פאַרזיכערונג פאַר זיין פערמאַנענטער שטיצע די אַרבעטער־ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס;

די, וועלכע וועלן זיך באַטייליקן אין דער אַקציע, דאַרפן אין פאָרויס וויסן, וואָס עס דראָט זיי מצד דער מיליטערישער און פּאָליציייִשער מאַכט.

אויף צוצוגרייטן און דורכצופירן די קאַמפּס־אַקציע קעגן בירגער־קאָמיטעט האָט דער ר.ק.ג. אויסגעטיילט פון זיך אַ ספּעציעלן קאָמיטעט פון צוויי מיטגלידער פון יעדער פּאָליטישער ריכטונג, וואָס איז געווען פאַרטראָטן אין אַרבעטער־ווירט־שאַפט־קאָמיטעט: טוטאַיעוויטש (ריבאַצקי) און אולמאַן פון די זאַזשאַנדאָוועצעס, קריגער און וויטשיק פון די ראַזלאַמאָוועצעס, קאַזשיק קרוליקאָווסקי און יאַנעק צווייגל פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע, און יאַנעק־יאַנקעלעוויטש און נאַכעמזאָן פון בונד.

ר.ק.ג. האָט אויך מסכים געווען נאָכצוקומען די ווענדונג פון דער גרופּע אַנאַר־כיסטן, וועלכע האָבן מיטגעאַרבעט אין דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע, צו געבן זיי אַן אָרט אינעם אַקציע־קאָמיטעט, מיטן באַדינג, אַז סיי דער פאָרטרעטער און סיי זיין גרופּע וועלן שטרענג אָפּהיטן די אָנגענומענע באַשלוסן און די דיסציפּלין ביים דורכפירן אַלע פאַזעס פון דער קאַמפּסאַקציע. די אַנאַרכיסטן האָבן די באַדינגונגען אָנגענומען און זייער פאַרטרעטער איז געווען מרדכי שוסטער, אַן אינטעליגענטער אַרבעטער מיט אַ סך אָנזען אַפילו אין די אויסגעשפּראָכענע אַנטי־אַנאַרכיסטישע קרייזן.

אין שפּיץ פון קאָמיטעט פאַר דער צוגרייטונג און דורכפירונג פון דער קאַמפּס־אַקציע און הויפּט־וואָרטזאָגער אין די פאַרהאַנדלונגען מיט דעם בירגער־קאָמיטעט — איז באַשטימט געוואָרן זאַשקאַ אונשליכט.

פיבערהאַפט זענען געמאַכט געוואָרן די צוגרייטונגען צום אַרויסטריט קעגן בירגער־קאָמיטעט. אויף וויפל ס׳איז מעגלעך געווען, זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן פאַרזאַמלונגען מיט די קאָנסומענטן און מ׳האָט זיי אויפגעקלערט די סיטואַציע און אויך געוואָרנט פאַר די קאָנסעקווענצן אין פאַל פון אַ פּאָליציייִשן איבערפאַל אויף די פאַרזאַמלטע אין דער געביידע פון מאַגיסטראַט. ס׳זענען געוואָרן אויסגעאַרבעט

די פּלענער, אויסגעטיילט די מאַרשרוטן, דורך װעלכע די פאַרשיידענע גרופּעס זאָלן קומען צו דער מאַגיסטראַט־געביידע און די צייט פון זייער אָנקום.

אין אַ כמורנעם קאַלטן פרימאָרגן, אין די לעצטע טעג פעברואַר 1915, האָבן אַרום 700 אַרבעטער, מענער און פרויען, דערונטער אַ 300 יידישע אַרבעטער, באַזעצט די זאַלן פון מאַגיסטראַט און מיט שטורעם זיך אַריינגעריסן אינעם צימער, אין װעלכן דער בירגער־קאָמיטעט האָט אָפּגעהאַלטן זיינס אַ זיצונג.

די מאַניפעסטאַציע איז געקרוינט געװאָרן מיט דערפאָלג. דער בירגער־קאָמיטעט האָט באַשטימט אַ קװאָטע פאַר די באַדערפעניש פונעם אַרבעטער־װירטשאַפט־קאָמיטעט. דער קאָמפּראָמיס, װאָס איז געמאַכט געװאָרן, איז געװען, אַז נישט ר.ק.ג. דירעקט קריגט די אונטערשטיצונג, נאָר אַ גרופּע פון פּראָגרעסיװע געזעלשאַפטלעכע טוערס מיטן פּראָפעסאָר לודװיק קזשיװיצקי בראָש, און די גרופּע איז פאָרמעל פאַראַנטװאָרטלעך פאַרן בירגער־קאָמיטעט.

װאָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן דאָזיקן פרימאָרגן אינעם בנין פון מאַגיסטראַט, די אָפּשױלעכע סצענעס מצד די גדולים פונעם בירגער־קאָמיטעט, זייער פערזענלעכע און פּאָליטישע פּחדנות, די היסטעריקעס פון די הויכגעשטעלטע דאַמעס, די פּאַטעטישקייט און די הערויִשקייט פון די מאַניפעסטאַנטן, די רויִקייט און באַזאַכטקייט פון דער אָנפירערשאַפט און די ראָלע פון זאָשקאַ אונשליכט, װעלכע איז אין יענעם פרימאָרגן אויסגעװאַקסן צו דער מדרגה פון אַ גרויסן פאָלקספירער — דאָס אַלץ צו שילדערן דאַרף מען באַזיצן די פעדער פון אַ װאָרטקינסטלער.

אין פאַרלויף פון די 50 יאָר פון מיין אַקטיװן און נישט־אַקטיװן געזעלשאַפטלעכן לעבן, האָב איך בייגעװוינט און מיטגעמאַכט אַ סך אַרבעטער־ און פאָלקס־אַרויסטרעטונגען: הערויִשע און קנאַפּ־הערויִשע, דערפאָלגרייכע און מפּלהדיקע, פרידלעכע און בלוטיקע, אין מאַנכע בין איך געװען דירעקט פאַרװיקלט װי אַן אָרגאַניזאַטאָר, אָבער קיין איינע האָט אויף מיר נישט איבערגעלאָזן אַזאַ אומפאַרגעסלעכן איינדרוק און זיך אַזוי איינגענעסטיקט אין מיין געמיט און אין מיין דמיון, װי די מאַניפעסטאַציע קעגן װאַרשעװער בירגער־קאָמיטעט, װינטער 1915, אונטערן צאַרישן מיליטערישן קריגסרעזשים.

נאָסטאַלגיע צו דער פאַרגאַנגענער יוגנט? די ערשטע באַטייליקונג אין אַ דעמאָנסטראַציע? מעגלעך, אַז אויך די מאָטיװן שפּילן אַ ראָלע. אָבער, דער עיקר, מיין איך, איז עס דערפאַר, װייל אַ דאַנק דער דאָזיקער מאַניפעסטאַציע האָב איך צום ערשטן מאָל דערזען אַז „דער קעניג איז נאַקעט", אַז די באַזיצנדיקע קלאַסן זענען נישט אומבאַזיגלעך און זייער פירערשאַפט צייכנט זיך נישט תמיד אויס מיט פערזענלעכער בראַװורע און פּאָליטישער רייפקייט — אַז אַנטשפּרעכנדיקע באַדינגונגען, קאָמפּסגרייטקייט פון פאָלק, פּאַסיקע קאָמפּסמעטאָדן און אַ געהעריקע אָנפירערשאַפט איז ביכולת צו ברענגען אַ מפּלה פון שונא און אַ זיג דעם פאָלק.

די דערמאָנטע מאַניפעסטאַציע איז געווען אַן אָנרעגנדיקער פאַקטאָר אין דער פאַרמירונג פון מיין צוגאַנג און באַנעמונג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוס־לאַנד און פון מיין שטעלונג צו דער אַנטשטייונג פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

## אין וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד

„מזל טוב! האָסט געשאָסן און געטראָפן! וועסט עסן אין סוכּה אַ המוציא מיט האָניק".

מיט די ווערטער האָט מיך יוסף באַסאַק באַגריסט איבערגעבנדיק די בשׂורה, אַז אויף דער קאָנפערענץ פון דער וואַרשעווער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע בין איך דערוויילט געוואָרן ווי אַ מיטגליד פונעם וואַרשעווער פאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד. ער האָט פאַרגעלייגט יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן און מיר צו פייערן מיין דערוויילט ווערן מיט אַ סעודה אין ראַטענשטרייכס ווורשטן־געוועלב אויף דזשיקע־גאַס.

ווינטער 1915 איז די לאַגע פון בונד אין וואַרשע געווען אַן אויסערסט שווערע. די פאַרלוסטן פון פירנדיקע טוערס, פון אַקטיוו און פון דער פעריפעריע זענען געווען אומגעהויער גרויסע. נאָך מיין און יוסף באַסאַקס באַפרייונג איז די אָרגאַני־זאַציע באַשטאַנען פון בערך 40 פערזאָן. פון די מיטגלידער פונעם פאַרטיי־קאָמיטעט, וועלכע האָבן אַמטירט נאָכן אויסבראָך פון דער מלחמה, איז טעטיק געווען איין יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, וועמען מ'האָט אין שפּאַס גערופן פיגאַראָ: יאַנעק דאָ, יאַנעק דאָרט, אַלץ יאַנעק, און ווידער יאַנעק. יאַנעק־יאַנקעלעוויטש איז פּשוט דערדריקט געוואָרן אונטער דער לאַסט פון פליכטן און אויפגאַבעס.

יוסף באַסאַקס באַפרייונג האָט יאַנעקן קיין סך נישט געקענט העלפן. ס'איז אונטערגעקומען דער סעזאָן פון די באַסאַקעס (סאַנדאַלן) און קיין שום כּוח האָט דעמאָלט און אין די שפּעטערע יאָרן נישט געקענט באַוועגן יוסף באַסאַקן דורכצולאָזן זיין סעזאָן־אַרבעט. דאָס רופן אַ פאַרטיי־אַסיפה און שאַפן אַ נייעם פאַרטיי־קאָמיטעט איז געוואָרן אַ דרינגענדיקע נויטווענדיקייט.

די וואַרשעווער פאַרטיי־קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין דער צווייטער העלפט פעברואַר 1915. ס'איז מיר שווער צו רעקאָנסטרוירן דעם פאַרלויף פון דער קאָנפערענץ און די פּראָצעדור פון די וואַלן. כ'געדענק אַפילו נישט אין וואָס פאַראַ לאָקאַל די קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן. ס'געדענקט זיך בלויז, אַז וויקטאָר שולמאַן (סענדער) האָט געהאַט אַ רעפעראַט און איז געווען דער יעניקער, וואָס האָט געוווּסט דעם רעזולטאַט פון דער געהיימער אָפּשטימונג.

דערוויילט זענען געוואָרן: יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, יוסף באַסאַק, בנימין וואַל־קער, וועלכע זענען געווען מיטגלידער אויך אינעם פריִערדיקן קאָמיטעט; משה

סטאָליאַר, אסתּר די שניידערין און איך, פון אַקטיוו; סעמיאַן און שמוליק האַל־בערשטאַט, וועלכע זענען מיר פון פריִער געווען לחלוטין אומבאַקאַנט, און אַ לאַדזשער חבר.

בשעתן פראַוועץ די סעודה אין ראַטעגנשטרייכס וורשטן־געוועלב לכבוד מיין דערוויילט ווערן פאַר מיטגליד פונעם וואַרשעווער פאַרטיי־קאָמיטעט, האָבן מיר געשמועסט וועגן דער פאַרגעקומענער קאָנפערענץ און וועגן דעם צוזאַמענשטעל פונעם פאַרטיי־קאָמיטעט. יוסף באַסאַק איז געווען אומצופרידן סיי פון פאַרלויף פון דער קאָנפערענץ און סיי פון צוזאַמענשטעל פונעם פאַרטיי־קמיטעט, און גע־מאַכט אַן אָפּשאַצונג פון די דערוויילטע מיטגלידער.

זיין אויספיר איז געווען, אַז דריי מיטגלידער: משה סטאָליאַר, אסתּר די שניי־דערין און בנימין וואַלקער, האָבן נישט קיין שום קוואַליפיקאַציעס פאַרן אַמט פון אַ מיטגליד פונעם וואַרשעווער פאַרטיי־קאָמיטעט; שמוליק האַלבערשטאַט איז אַ שלומיאל, ער קען אפשר זיין אַ גוטער רעפערענט, אָבער נישט קיין מיטגליד פונעם וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד; דער לאַדזשער חבר קען נישט באַטראַכט ווערן פאַר קיין סטאַבילן וואַרשעווער טוער. צופרידן איז יוסף באַסאַק געווען פון דער דערוויילונג פון סעמיאַן: אַן אַלטער טוער, אויפגעגעסן די ציין ביי פאַרטיי־אַרבעט, ס׳וועט זיין מיט וועמען צום טיש צו גיין.

לגבי מיר האָט יוסף באַסאַק פאַרנומען אַ מהיכא־תּיתי שטעלונג: „לויט די יאָרן און לויטן סטאַזש האָבן נאָך אַ סך וואַסערן געדאַרפט אָפּלויפן איידער אַזאַ בחור ווי דו וואָלט פאַסיק געווען צו פאַרנעמען אַן אָרט אינעם וואַרשעווער פאַרטיי־קאָמיטעט. דו ביסט אָבער אַ קלענערע צרה אין פאַרגלייך מיט אַנדערע. אויף דיר קען מען כאָטש לייגן האָפענונגען״.

יוסף באַסאַק האָט יאַנעקן פאַרגעוואָרפן דאָס צוגרייטן די קאָנפערענץ נישט ווי געהעריק און ווי אַ רעזולטאַט — דעם שלעכטן צוזאַמענשטעל פונעם פאַרטיי־קאָמיטעט. ער האָט אָנגערופן נעמען פון חברים, וועלכע וואָלטן אַפילו אין די איצ־טיקע אויסנאַם־שווערע באַדינגונגען, געווען מער אַנטשפּרעכנדיקע מיטגלידער פונעם פאַרטיי־קאָמיטעט. צווישן די אויסגערעכנטע האָבן זיך געפונען דער דרוקער־אַרבעטער הענדלער און דער פעלדשער ראָזענבאַום. יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט זיך פאַרטיידיקט קעגן די פאַרוווּרפן און געזאָגט, אַז דער געגעבענער צוזאַמענשטעל איז געווען דער איינציק מעגלעכער אין די איצטיקע באַדינגונגען.

יוסף באַסאַקס אָפּשאַצונג פונעם דערוויילטן וואַרשעווער קאָמיטעט האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר באַרעכטיקט.

די חברים משה סטאָליאַר, אסתּר די שניידערין און בנימין וואַלקער זענען געווען אומנוצלעך אינעם פאַרטיי־קאָמיטעט. נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן קיין וואַרשע האָבן די דערמאָנטע חברים לחלוטין נישט געטויגט צו וועלכער ס׳איז פאַרטיי־אַרבעט. אַפילו אין זייערע אייגענע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן זיי

נישט געקענט שפּילן וועלכע ס׳איז ראָלע. אויף דער ערשטער פּאַרטיי־קאָנפערענץ אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע זענען זיי מיט אַ טראַסק אַרויסגעפלויגן פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט און מער אַפילו נישט געקענט חלומען צו פאַרנעמען אַזאַ אַמט, אָדער וועלכן ס׳איז אַנדערן פּאָליטישן אָדער אָרגאַניזאַציאָנעלן פּאַרטיי־פּאָסטן.

בנימין וואַלקער, וועמענס איינציקע קוואַליפיקאַציע איז געווען זיין לאָמער פוס, וואָס איז פאַרוואונדיקט געוואָרן בעת אַ דעמאָנסטראַציע אין 1905, האָט וויניקסטנס באַוויזן צו אָרגאַניזירן און אָנצופירן דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די הויז־אָנגעשטעלטע (דינסטמיידלעך) און אַ דאַנק דעם צו זיין אַ מיטגליד פון צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען, וועלכע האָבן זיך געפונען אונ־טער דער השפעה פון בונד, און צו זיין אַ דעלעגאַט מצד דער בונדישער גרופּע פון דער הויז־דינערשאַפט אויף די שטאָטישע פּאַרטייִשע און פּראָפפאַראייִנישע אסיפות. ער האָט אָבער נישט געקענט פאַרנעמען קיין שום אַנדערן בונדיש־פּאַר־טייִשן אָדער פּראָפפאַראייִנישן אַמט, אָדער דערוויילט ווערן ווי אַ דעלעגאַט צו אַ צענטראַלער פּאַרטיי־קאָנפערענץ אָדער צוזאַמענפאָר. זיינע אַרויסטריטן אויף בונ־דישע מסיבות, האָבן, לײדער, אַרויסגערופן שפּאָט און חוזק.

אין די עטלעכע זיצונגען, אין וועלכע שמוליק האַלבערשטאַט האָט זיך באַ־טייליקט, האָט ער זיך פאַרנומען מיט ציטירן פּסוקים פון געלערנטע, סאָציאָלאָגן און פּאָליטיקערס, אָבער איז לחלוטין אומפעיִק געווען ביים לייזן לויפנדיקע ענינים.

וועגן שמוליק האַלבערשטאַט, מיט וועמען כ׳בין מיט עטלעכע יאָר שפּעטער געווען נאָענט באַקאַנט, וויל איך צוגעבן אָט וואָס: שמוליק איז געווען אַן אינטעלי־גענטער מענטש, אַ גוט באַלעזענער מאַרקסיסט, פאַר אַ צייט — אַ מיטגליד פונעם צענטראַלן קאָמיטעט פון דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט" און איז אויף דעם פּלאַץ אָן שום ספק געווען צוגעפּאַסט. מיר איז מיט אים אויסגעקומען צו אַרבעטן אין ראַדאָם אין די יאָרן 1919—1920. מיט זיין אינטעליגענץ, טעאָרעטישן וויסן און פאַרשטיין פּאָליטישע ענינים, איז ער געווען אַ ווערטפולער באַשטאַנדטייל פון דער ראַדאָמער בונדישער אָרגאַניזאַציע. צוזאַמען מיט מיר האָט שמוליק האַל־בערשטאַט געבילדעט די לינקע דעלעגאַציע פון ראַדאָם צו דער אויסעראָרדנטלעכער קאָנפערענץ פון בונד פּסח 1919. פאַרן אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געווען אַ מיטאַרבעטער פון דער פּוילישער און ייִדישער פּרעסע אין ווילנע. ער איז געווען אַן אײדעלער און אַ האַרציקער חבר, אָבער אין לעבן אַ שלומיאל. געטיילט האָט ער דעם גורל פון די ווילנער ייִדן. ווינטער 1915 איז שמוליק האַל־בערשטאַט נישט געווען קיין מאַטעריאַל פאַר קיין מיטגליד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט, און נאָך עטלעכע זיצונגען איז ער ערגעץ נעלם געוואָרן.

אין פאַל סעמיאָן איז יוסף באַסאַקס אָפּשאַצונג געווען אַ פולשטענדיקער טעות. נאָכן אַריינקום פון די דייטשן, ביי געענדערטע באַדינגונגען, האָט סעמיאָן זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן אַראָגאַנטן לא־יוצלח. דער אינטעליגענט סעמיאָן האָט געטיילט

דעם גורל פון די דערמאָנטע משה סטאַליאַר, אסתּר די שניידערין און בנימין וואַל־קער, צוזאַמען מיט זיי איז ער געפּלויגן פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט, פאַרבליבן אַ פּאָליטישער בר־מינן און קיין מאָל קיין תּחית־המתים נישט אויפגע־שטאַנען.

דער לאָדזשער חבר האָט באַזונדערס פאַרדינט פאַרצייכנט צו ווערן אין מיינע זכרונות:

אַ הויכער, אַ שטראַמער, אַן אַקוט־ברונעטער מיט אַ לענגלעכער שוואַרצער באָרד, געקליידט אין ייִדיש־טראַדיציאָנעלע קליידער, ווי אַ טיפּיש חסידישער ייִד, אין שטיוול, אַן אַ קראַגן און אַן אַ שניפּסל אין זיין העמדקאָלנער — האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט געווען אַ מלמד אין אַ ישיבה. אויך זיינע העוויות און זיין אופן פון רעדן איז געווען ווי פון אַ טיפּישן חסידישן מלמד. פאַרמאָגט האָט דער חבר אַ ים מיט וויסן: תּלמודיש און וועלטלעך וויסן. ער האָט באַהערשט די דייטשישע שפּראַך און אויך רוסיש, איז באַהאַוונט געווען מיט דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור, האָט אויסגעצייכנט געקענט די פאַרהעלטענישן אין דער רוסלענדישער און אין דער אייראָפּעיִשער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, איז געווען אַן איבערצייגטער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסט, אַ פּראָ־באָלשעוויק און אַ בונדיסט.

פון פאַך איז ער געווען אַ וועבער פון פּליוש, אַ פאַך, ביי וועלכן ס'זענען באַ־שעפטיקט געווען אויסשליסלעך דייטשישע און פּאָלאָניזירטע דייטשישע אַרבעטער און בלויז איינצלנע ייִדן. ער איז טעטיק געווען אויפן געביט פון זיין פאַך און אין דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע פון בונד.

באַדראָט פון דער צאַרישער אָכראַנע, איז ער ווינטער 15–1914 געקומען קיין וואַרשע, האָט זיך שנעל אַקלימאַטיזירט און באַליבט געמאַכט ביים וואַרשעווער פּאַרטיי־אַקטיוו. די פּאָר חדשים, וואָס ער איז געווען אַ מיטגליד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, האָט ער געבראַכט אַ סך נוצן. זיינע אַרויסזאָגונגען אין פאַרשיידענע פראַגן, פּאָליטישע און פון אַ פּראַקטישן כאַראַקטער, האָבן אַלע מאָל פאַרמאָגט אַ סך וויסן, וואָג און לאָגיק.

מיטן דאָזיקן חבר האָב איך זיך גוט איינגעלעבט און ער האָט מיך מקרב געווען. איך בין אָבער קיין מאָל נישט דערגאַנגען די סיבה פון זיין אופן פון קליידונג. אויב מיין זכרון נאַרט מיך נישט, האָט מען אים אין וואַרשע גערופן רפאל.

דער דאָזיקער חבר איז געווען איינער פון די אינטערעסאַנטסטע און אָריגי־נעלסטע טיפּן און פיגורן, וואָס כ'האָב ווען עס איז באַגעגנט אין דער סאָציאַליס־טישער אַרבעטער־באַוועגונג. גערעכט איז אָבער געווען יוסף באַסאַק אין זיין אָפּ־שאַצונג און אין נישט באַטראַכטן דעם חבר פאַר קיין סטאַבילן וואַרשעווער טוער. אין ערשטן טאָג פון אַריינקום פון די דייטשן קיין וואַרשע איז דער לאָדזשער חבר פאַר־שווונדן און מער האָב איך זיך מיט אים נישט באַגעגנט.

אָבער טראָץ דער נישט פאַסיקייט פון אַ צאָל דערוויילטע אויף דער שטאָטישער

פּאַרטיי־קאָנפערענץ אין פעברואַר 1915, האָט דער וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד געטאָן אַ סך גוטע אַרבעט אין די אויסערסט־שווערע באַדינגונגען פון די לעצטע חדשים פונעם צאַרישן מיליטערישן קריגסרעזשים. ער האָט אָנגעפירט מיט דער לויפנדיקער טעטיקייט און אַרויסגעגעבן עטלעכע אויפרופן. איינע פון די אויפרופן איז געווען די ערשטער־מיי־פּראָקלאַמאַציע.

נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן קיין וואַרשע איז דער געגעבענער פּאַרטיי־קאָמיטעט געווען דער אָרגאַניזאַטאָר און דער פונדאַמענטן־לייגער פון דער לעגאַלער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע.

אַהיימגייענדיק פון דער סעודה, וואָס יוסף באָסאַק האָט געפּראַוועט לכּבוד מיין דערוויילט ווערן צום וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, איז אין מיר אָנגע־גאַנגען אַ ויתּרוצצו פון געדאַנקען און געפילן.

אימפּאָנירט האָט מיר דאָס ווערן אַ מיטגליד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד: אַ מיטגליד פון דער מיסטעריעזער און געהיימניספולער קער־פּערשאַפט, וועגן וועלכער מ׳רעדט שטיל מיט אַ פליסטער אויף דער פּאַרטיי־בערזע, אַ חבר שעפּטשעט צו אַ צווייטן און מיט דרך־ארץ ווייזט ער אים אָן: דאָס איז אַ קאָמיטעטשיק. דאָס האַרץ איז ממש צעשפּרונגען געוואָרן פון פרייד, אַז סך־הכּל אין דריי פערטל יאָר פון מיין אָנגעהעריקייט צום בונד, צו מיינע זיבעצן און אַ האַלב יאָר, בין איך דערגאַנגען צו דער העכסטער שטופע, וואָס אַ פּאַרטיי־מיטגליד קען דערגיין, מיטן אויסנאַם פון זיין אַ מיטגליד פון דעם נאָך מער געהיימניספולן און מיסטעריעזן צ.ק. פון בונד.

אָבער געגריזשעט האָבן מיך די ווערטער פון יוסף באָסאַק, פון דעם עלטערן פּאַרטיי־חבר און נאָענטן פריינד, וועלכע פּראָטעזשירט מיך מיט אַלע זיינע מעג־לעכקייטן און באַטראַכט מיך, ווי כ׳וואָלט געווען זיינס אַ פּאַרטיי־זון — אַז כ׳בין נישט דערוואַקסן צו פאַרנעמען אַן אָרט אין וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט, און דעם איינציקן אַטוט, וואָס כ׳האָב, איז אַ האָפענונג, אַז כ׳וועל זיך אפשר מיט דער צייט צואייגענען די קוואַליפיקאַציעס פאַר דעם דאָזיקן בכּבודיקן און פאַראַנטוואָרטלעכן פּאַרטייאַמט.

געווען איז יענע נאַכט איינע פון די שלאָפלאָזסטע אין מיין לעבן. איך האָב געטראַכט און געקלערט, זיך געפּרייט און זיך געשראָקן, און לסוף בין איך דעטער־מינירט געווען צו טאָן אַלץ, וואָס איז אין מיינע מעגלעכקייטן, די האָפענונג זאָל נישט אַנטוישן.

און די האָפענונג האָט נישט אַנטוישט...

פון פעברואַר 1915 ביז האַרבסט 1921 האָב איך פאַרנומען דעם אַמט פון אַ מיטגליד פון וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, מיטן איבעררייס פון די צוויי און אַ האַלב יאָר, וואָס כ׳האָב פאַרבראַכט אין דייטשלאַנד. נאָך מיין צוריקקער פון

דייטשלאַנד בין איך תיכף ווידער אַריין אין באַשטאַנד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט.

אין דער אָ פּאַרטיי־אינסטאַנץ בין איך געוואָרן אַ שטענדיקער מיטגליד, איינער פון די וואָס טוישן זיך נישט. אַנדערע, חשובֿע בונדישע טוערס, ווי גרשון זיבערט, חנינא קראַמאַרסקי, מרדכי פיינמאַן (מרדכי שניידער), יחיאל ניימאַן, אַבֿרהם שמויש, נאַטאַן שאַפּראַן און אַנדערע זענען געווען מיטגלידער אין וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט אין פאַרשיידענע קאַדענצן, דערוויילט געוואָרן און אַרויסגעפאַלן, געלעגנהייטלעך ווידער דערוויילט געוואָרן און אַרויסגעפאַלן. בערנאַרד גאָלדשטיין איז געוואָרן אַ קאָמיטעט־מיטגליד האַרבסט 1920, צוויי יאָר נאָך זיין צוריקקום קיין וואַרשע. איך דערקענען בין געווען אַ פּערמאַנענטער מיטגליד, אַן איבעררייס, און געהערט צום אייזערנעם קאַפּיטאַל פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, ווו ס'זענען געווען: יאַנעק־יאַנקעלעוויטש ביז זיין טויט, יוסף באַסאַק, מאיר (חיים) וואַסער, אַבֿע פּלוג, עמנואל נאָוואָגרודסקי און שׂרה שוועבער מצד די לינקע אָדער אַזוי־גערופענע לינקע, און יוזעף (י. פּאַרטנאָי), דוד מייער, הערשל הימלפאַרב מצד די רעכטע. זינט יאַנעק־יאַנקעלעוויטשעס טויט זענען יוסף באַסאַק און איך געווען די עלטסטע אין סטאַזש אַמטירנדיקע מיטגלידער, און אויך די עלטסטע פּראַ־באַלשעוויקעס אינעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד.

ערשט אין האַרבסט 1921, אויף דער שטאָטישער קאָנפערענץ, ערבֿ דער שפּאַלטונג, בין איך נישט אַריין אין באַשטאַנד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט, נישט, חלילה, דערפאַר, ווייל מ'האָט מיך דאָרט מער נישט געוואָלט האָבן און דערפאַר מיך נישט אויסגעוויילט. אדרבא־ואדרבא, מ'האָט מיך שוין גראָד געוואָלט האָבן, מ'וואָלט מיך שוין גאָר געווען דערוויילט. יוזעף, דער סטראַטעגיקער פון בונד, מאיר וואַסער און אַנדערע האָבן אַ סך פאַראַרבעט ערבֿ דער קאָנפערענץ און אויף דער קאָנפערענץ גופא, כ'זאָל אָננעמען דעם מאַנדאַט אינעם פּאַרטיי־קאָמיטעט. די סיבה איז געווען אַ פּעלערהאַפטער באַשלוס פון דער וואַרשעווער קאָמבונדישער פראַקציע, אָנגענומען קעגן מיין ווילן און מיינונג, אַז די קאָמבונדיסטן יוסף באַסאַק, אַבֿע פּלוג און איך זאָלן מער נישט אַריין אין באַשטאַנד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד.

יחיאל ניימאַנען, וואָס איז נישט בייגעווען אויף דער דערמאָנטער קאָנפערענץ, האָבן די גאַנץ קלוגע סטראַטעגן פון בונד דערוויילט פאַר אַ מיטגליד פון קאָמיטעט אָן יחיאל ניימאַנס הסכמה, און ס'האָט מיך געקאָסט אַ סך מי איבערצוצייגן די חברים פון דער וואַרשעווער קאָמבונדישער פראַקציע, אַז יחיאל ניימאַן זאָל אָננעמען דעם מאַנדאַט. ער איז געבליבן דער איינציקער קאָמבונדיסט אינעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט ביז דער שפּאַלטונג פון בונד.

איך האָב דעם עקזאַמען אויסגעהאַלטן: באַהערשט די קוואַליפיקאַציעס צו באַקליידן דעם אַמט פון אַ לאַנגיאָריקן מיטגליד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט

פון בונד, נישט אַנטוישט די חברים מיט יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן בראָש, וועלכע האָבן געהאַט צוטרוי צו מיינע מעגלעכקייטן פון אַן אַרבעטער־טוער און אַ בונדישן פּאַרטיי־טוער, און אין פעברואַר 1915 מיך אַריינגעפּירט אין באַשטאַנד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד.

דער וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד איז געוואָרן די קוזשניע, אין וועלכער ס׳איז סיסטעמאַטיש אויסגעשמידט געוואָרן מיין פּאָליטישע און געזעל־שאַפטלעכע קאַריערע, און עס זענען אויסגעהאַמערט געוואָרן די צווייַ וויכטיקסטע אייגנשאַפטן פון מיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט: פעסטקייט פון פּרינציפּן און אַנטי־דאָגמאַטיזם; נישט צו בייגן זיך און נישט אונטערצוגעבן זיך קיין אויסערלעכן און אינערלעכן דרוק אָדער פּערזענלעכקייט, צו פאַרטיידיקן אַ פּרינציפּיעלע פּאָ־זיציע, שטאַנדפּונקט און שטעלונג אַפילו ביי די אומגינסטיקסטע אומשטענדן, און נישט צו מאַכן קיין דאָגמע פון ענינים פון טאַקטיק; צו ענדערן אַ שטעלונג, אָדער צו פאַרנעמען אַן אַנדער שטעלונג אין געענדערטע אומשטענדן און באַדינגונגען.

אין וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד איז מיר אויסגעקומען צו פאַר־נעמען זיך מיט צענדלינגער און צענדלינגער פּראָבלעמען פון אַ פאַרשיידנאַרטיקן פאַרנעם און כאַראַקטער, מיט פּראָבלעמען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג, פון דער לאַנד־פּאָליטיק, פון דער פּראָפ. באַוועגונג, פון וואַל־קאַמפּאַניעס, שטרייקן, דעמאָנסטראַציעס און פון דער ייִדישער סביבה — צו באַהאַנדלען, באַ־שליסן, און אין אַ סך פאַלן אויך דורכצופירן. זעלטן האָב איך זיך געוואַקלט ביים פאַרנעמען אַן אומפּאָפּולערע שטעלונג.

כ׳בין נישט געווען קיין פּערזענלעכקייט וואָס לייגט אַ שטעמפּל אויף דער קער־פּערשאַפט, צו וועלכער ער געהערט און כ׳האָב נישט פאַרמאָגט די קוואַליפיקאַציעס פון אַ שטאַב־גענעראַל. געפעלט האָט מיר ערודיציע, דער פאַרנעם פון אַ גרויסן אָרגאַניזאַטאָר, רעדנערישע ווירטואָזיטעט און טאַקט. כ׳האָב אָבער אינעם וואַר־שעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד געהערט צו די יעניקע, צו וועמענס וואָרט און מיינונג מ׳האָט זיך גוט און ערנסט צוגעהערט. מ׳האָט מיינס אַ מיינונג אָדער שטע־לונג אָפט מאָל באַקעמפט, און נישט איין מאָל אַפילו ביטער באַקעמפט, אָבער נישט איגנאָרירט, און ס׳איז נישט געווען קיין וויכטיק פּראָבלעם, וואָס איז געשטאַנען אויפן סדר־היום פונעם בונדישן פּאַרטיי־לעבן, איך זאָל נישט זיין אינפאָרמירט און מיט מיין מיינונג קאָנסולטירט, אויף אַן אָפיציעלן צי אויף אַ פּריוואַטן אופן.

איך בין — ווי שוין געזאָגט — געווען אַ פּראָ־באָלשעוויק ביי מיין אַריינטריט אין וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד. כ׳קען נישט זאָגן, אַז איך בין געווען דער ערשטער, וואָס האָט אין פּאַרטיי־קאָמיטעט פאַרנומען אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צו דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. נאָך איידער כ׳בין צוריקגעקומען פון דייטשלאַנד קיין וואַרשע, האָבן אַזאַ שטעלונג געהאַט פאַרנומען מאיר וואַסער, יאַנעק־

יאַנקעלעוויטש, יוסף באַסאַק און אַבע פלוג (עמנואל נאָוואָגרודסקי האָט לכתחילה פאַרנומען אַ שטעלונג קעגען דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. ווען ס׳האָט אים געלוינט, איז ער געוואָרן אַ לינקער, און געוואָרן אויס לינקער — ווען ס׳האָט אים צווייִ מאָל געלוינט). כ׳קען אָבער און שום גאַווה און גוזמא פעסטשטעלן, אַז כ׳בין געווען איינער פון די קאָנסעקווענטסטע און אַקטיוועסטע איבערצוועקסלען די פּאָליטיק פון בונד אין פּוילן אויף באָלשעוויסטישע רעלסן.

איך בין געווען אַ ראַסאָווער בונדיסט: „דער בונד איז איינער און ווייטער קיינער", און אַ דיסציפּלינירטער פּאַרטייער. ביז דעם מאָמענט פון מיין אַרויסטריט האָט מען מיר נישט געקענט פאַרוואַרפן, און נישט פאַרגעוואָרפן קיין אַנטי־דיסציפּלינאַרע פּאַרטיי־האַנדלונג. כ׳האָב זיך אָבער נישט געוואַקלט אין די ראַמען פון פּאַרטיי־דיסציפּלין — צו טאָן וואָס איך האָב געהאַלטן פאַר נייטיק — צו קאָמוניזירן דעם בונד און צו זיין אַקטיוו ביים דערפירן צו אַ שפּאַלטונג.

זינט דער שפּאַלטונג פון בונד אין האַרבסט 1921, האָב איך דעם בונד און דעם בונדיזם באַקעמפט. כ׳האָב אויף מיין „געוויסן" נישט נאָר די גרויסע שפּאַלטונג פון בונד אין 1921, נאָר אויך אַ רייע שפּעטערדיקע קלענערע אָפּשפּאַלטונגען: אין לאָדזש, ראַדאָם, וולאָצלאַוועק, קראָקע, טאַרנאָוו. כ׳האָב אָבער קיין מאָל נישט געהאַלטן פון דער „טעאָריע", אַז דער בונד איז געבוירן געוואָרן אַ ממזר בן נדה, און אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג פון פּוילן, אין וועלכער כ׳בין געווען טעטיק, האָב איך קיין מאָל נישט פאַרבאָרגן מיין שטאַנדפּונקט פון באַרעכטיקן די עקסיסטענץ פון בונד ווי די פּאַרטיי פון יידישן אַרבעטער־קלאַס ביזן אַרויסטריט פון די לינקע עלעמענטן פון בונד. וועגן דעם האָב איך אַפילו זיך אַרומגעקריגט מיט אַזאַ פּערזענלעכקייט ווי אסתּר פרומקין און מיט אַנדערע געוועזענע בונדיסטן. איך האָב אויך קיין מאָל און פאַר קיינעם נישט באַהאַלטן מיין וואַרעמע באַציִונג צו יענעם פּעריאָד, ווען כ׳בין געווען אַ מיטגליד און טעטיק אין וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד.

איך שעם זיך נישט אויך איצט צו זאָגן, אַז נישט איין מאָל באַפאַלט מיך אַ בענקשאַפט נאָך יענע יונגע יאָרן ווען כ׳האָב ווי אַ מיטגליד פונעם וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד געפירט אַ קאַמף קעגען אַזאַ פּערזענלעכקייט ווי וולאַדימיר מעדעם און זיינע אַדיוטאַנטן — פאַר דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, פאַר דעם אַריינטריט פונעם בונד אינעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, פאַר דער אָנערקענונג, אַז די וועלט איז אַריין אין דער תּקופה פון סאָציאַלער רעוואָלוציע און פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזם אין אונדזער צייט, און קודם־כּל אין מיין היימלאַנד — פּוילן.

אין משך פון אַ 7 יאָר איז דער וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד געווען מיין פּאָליטישע שולע און מיין פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט־וואַרשטאַט. די ווייטערדיקע זכרונות פון מיין בונדישן פּעריאָד זענען געקניפּט און געבונדן

בעיקר מיט מײַנע אַקטיוויטעטן אין וואַרשע און ווי אַ מיטגליד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, אין וועלכן כ׳בין צום ערשטן מאָל אַרײַנגעפּירט געוואָרן ווינטער 1915, אין די שווערע אונטערערדישע באַדינגונגען פונעם צאַרישן מיליטערישן קריגסרעזשים.

## אַ שליחות און אַן אַוואַנטורע

פון מײַן טעטיקייט אינעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד אין די לעצטע חודשים פונעם צאַרישן מיליטערישן קריגסרעזשים זענען פאַרבליבן אין מײַן זכרון צוויי עפּיזאָדן: אַ שליחות און אַן אַוואַנטורע. עפּיזאָדן, וועלכע האָבן מיך קענטיקער געמאַכט אין די בונדישע פּאַרטייקרייזן.

די צענטראַלע אָנפירונג פון בונד אין פּוילן, דער „פּוילישער קאָמיטעט״, איז כסדר אַלאַרמירט געוואָרן פון די פּראָווינצער אָרגאַניזאַציעס וועגן דער שווערער מאַטעריעלער לאַגע, אין וועלכע ס׳געפינען זיך די אַרבעטער אין זייערע שטעט און זיי האָבן פאַרלאַנגט הילף.

איין מאָל גיט מיך יאַנעק־יאַנקעלעוויטש אַ פרעג: „וואָלטסט חשק געהאַט צו פאָרן אין אַ שליחות אין עטלעכע ערטער אין שעדלעצער געגנט — קיין לאָשיץ, לוקאָוו און מעזריטש״? אויף מײַן פראַגע אין וואָס די שליחות באַשטייט, האָט יאַנעק געענטפערט, אַז כ׳וועל דאַרפן איבערגעבן געוויסע פּאַרטיי־אינסטרוקציעס און געלט. איך האָב די שליחות אָנגענומען.

מעזריטש איז געווען אַ גרעסערער ייִדישער אַרבעטער־צענטער. געשמט האָט דאָס שטעטל מיט איר פּראָדוקציע פון חזיר־האָר, וואָס איז בעיקר עקספּאָרטירט געוואָרן קיין דײַטשלאַנד. די פּרנסה פון דער באַפעלקערונג פון שטעטל — אַרבעטער, פאַבריקאַנטן, סוחרים, מעקלערס — איז געווען פאַרבונדן מיט דער פּראָדוקציע און מיטן מסחר פון חזיר־האָר.

געשמט האָט מעזריטש מיט די רעוואָלוציאָנערע קאַמפן און רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס פון אירע בערשטער־אַרבעטער און מיט די טראַדיציעס פון בונדישן אײַנפלוס ווי דער „אײַנציקער פאַרשטייער״ פון די מעזריטשער בערשטער — אַן אײַנפלוס, וואָס האָט אָנגעהאַלטן פון דעם בראשית פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אינעם דאָזיקן ייִדישן אַרבעטער־צענטער ביז דער שפּאַלטונג פון בונד אין האַרבסט 1921. נאָך דער שפּאַלטונג האָט דער קאָמבונד, און נאָך דער פאַראייניקונג פון קאָמבונד מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן — די קאָמ. פּאַרטיי, פאַרמאָגט אין מעזריטש אַ גוט פונקציאָנירנדיקע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געהאַט אַ באַדײַטנדיקע ווירקונג אינעם אַרומיקן פּויערים־ראַיאָן. די קאָמ. פּאַרטיי

פון פוילן האָט פונעם מעזריטשער פּאַרטיי־אַקטיוו רעקרוטירט עטלעכע העכערע פּאַרטיי־פונקציאָנאַרן. כּדאַי צו דערמאָנען די נעמען: גאָוטשיטשעל און דער קליי־נער דודל אײכענבוים, איינער פון די בעסטע טוערס פונעם ייִדישן סעקטאָר פון ק.פּ.פּ.

נאָכן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די חזיר־האָר־פּראָדוקציע אין מעזריטש געוואָרן פּאַראַליזירט. די אַרבעטלאָזיקייט איז געווען אַ טאָטאַלע, און די צענטראַלע אָנפירונג פון בונד האָט געמוזט טאָן דאָס מאַקסימאַלסטע פאַר דער דאָזיקער בונדישער פעסטונג. אויך דאָרט איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ בונדישע ווירטשאַפט־אַקציע אויפן מוסטער פון וואַרשע: אַ קיך און אַ ברויטפּאַרטייל.

צום גליק האָבן אַנדערע צענטערס פון דער חזיר־האָר־פּראָדוקציע: סלאָנים, סקידל, און אין אַנדערע ערטער, געאַרבעט מיט דער פולער פּאַרע, און די באַשעפ־טיקטע בערשטער־אַרבעטער האָבן מיט אַ ברייטער האַנט געשטיצט די מעזריטשער פאַך־חברים.

די סומע, וואָס כ׳האָב געפירט קיין מעזריטש איז געווען אַ באַדייטנדיקע. העלאַ, די אָנפירערין מיט דער גרופּע „פּאָפּאָלאַשו־מיידלעך", האָט אויפגעבויט אַ סאָרט אַרבע־כּנפות און איינגענייט דאָרט דאָס געלט מ׳זאָל עס נישט צוגנבענען.

אויף דער „יאַווקע" אין מעזריטש האָב איך זיך אָפּגעזאָגט איבערצוגעבן דעם „קאָנטאַקטמענטש" די אינסטרוקציעס און דאָס געלט, און פאַרלאַנגט אַ פאַרזאַמלונג פונעם פּאַרטיי־אַקטיוו. צי דאָס איז געווען אַ דירעקטיוו פון וואַרשע אָדער מיינס אַן אייגענער איינפאַל — איז מיר שווער צו זאָגן. אין פּאַרטייקרייז האָט זיך פאַר־שפּרייט אַ ידיעה, אַז ס׳איז געקומען אַ דעלעגאַט פון סאַמע צ.ק. — נישט קיין שליח, נאָר אַ פאָרשטייער פון צ.ק.

די פאַרזאַמלטע פּאַרטיי־אַקטיוויסטן, אַ 10—12 חברים, די מיינסטע פון זיי באַיאָרטע און באַבערדלטע, וועטעראַנען פון 1905, האָבן געשטוינט קוקנדיק אויף מיר. זייער פאַרהאַלטן זיך איז געווען אַ געמיש פון געפלעפטקייט און דערוואַרטונג. ס׳איז נישט שווער געווען צו פאַרשטיין זייער שטום־לשון: אַזאַ יינגל — און אַ דעלעגאַט פון צ.ק.? וואָס האָט ער אונדז צו זאָגן?

איך האָב די פאַרזאַמלטע איבערגעגעבן די אינסטרוקציעס און דאָס געלט, געהאַלטן אַ שטיקל דרשה און דערביי דערציילט וועגן דער דערפאָלגרייכער מאַני־פעסטאַציע קעגן וואַרשעווער בירגער־קאָמיטעט.

מיין רעדע — מיין ערשטע רעדע מחוץ וואַרשע — האָט משמעות געמאַכט אַ גוטן איינדרוק. נאָך דער פאַרזאַמלונג איז די באַציִונג צו מיר געוואָרן זייער אַ וואַרעמע. מ׳האָט מיך פאַרהאַלטן צוויי טעג, געוויזן די הילף־אינסטיטוציעס און אַרומגעפירט איבער פאַרשיידענע שטאָטישע אינסטיטוציעס. אַ גרויסע גרופּע חברים האָבן מיר באַגלייט צו דער באַן, וואָס האָט מיך געדאַרפט פירן קיין לוקאָוו.

לוקאָוו איז געווען אַ גרעסערער ייִדישער אַרבעטער־צענטער פון געגריוועטע

שוסטערס, איינע פון די דריי גרויסע צענטערס פונעם דאָזיקן פאַך: וואַרשע, ראַדאָם, לוקאָוו. אין לוקאָוו האָט זיך איבערגעחזרט דאָס זעלבע, וואָס אין מעזריטש. אויך דאָרט האָב איך פאַרלאַנגט אַ פאַרזאַמלונג פונעם אַקטיוו און דעם אַקטיוו איבערגעגעבן די אינסטרוקציעס און געלט און געהאַלטן אַ דרשה.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, האַרבסט 1922, בין איך אין לוקאָוו אַרעסטירט געוואָרן בעת אַ קאָמוניסטישן וואַלמיטינג צום סיים און געקריגן 5 יאָר שווערע תּפיסה.

די רייזע ווינטער פון שעדלעץ קיין לאָשיץ איז נישט געווען קיין חתונה־טענצל. לאָשיץ איז געווען אַ פאַרוואָרפן שטעטל הינטער שעדלעץ מיט אַ צאָל לעדער־אַרבעטער. אויפגעהאַלטן האָט זיך אין דעם דאָזיקן שטעטל אַוורעמל שטריקער, וועגן וועמען ס׳האָבן אין די וואַרשעווער פּאַרטייקרייזן קורסירט לעגענדעס וועגן זיין רעוואָלוציאָניזם און ווי אַ פּאַרטיי־טוער.

אין וואַרשע האָט אַוורעמל שטריקערן דערוואַרט אַ פּראָצעס און זיין פאַראורטיילונג איז געווען אַ זיכערע. אַ קראַנקער אויף טובערקולאָז, וואָלט פאַר אים אַ טורמע־אורטייל געמיינט אַ זיכערער טויט. דער בונדישער רויטער קרייץ האָט פאַר אים צוגעגרייט אַן אָרט אין יידישן שפּיטאָל, און ווי אַ קראַנקן אין שפּיטאָל פאַרזיכערט אַן אָפּלייג פון פּראָצעס. די פאַני סאָפּיאַ (סאָפּיאַ מושקאַט) האָט אים באַזאָרגט אַ פּעקל מלבושים און אַ סומע געלט. איך האָב געדאַרפט אַוורעמלען איבערגעבן די מלבושים מיטן געלט און אינסטרויִרן אים צו קומען קיין וואַרשע אין אַ באַשטימטער צייט אויף אַ באַשטימט אָרט.

אַוורעמל שטריקער איז געווען דער „פּרינץ״ פון שטעטל און דער אָפּגאָט פון די אַרבעטער פון די אַרומיקע שטעט: אויפגעפירט האָט זיך אַוורעמל שטריקער אין שטעטל נישט ווי מ׳איז געוווינט געווען אין אַ קליין פרום העקשטעטל אין פוילן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, נאָר ווי ער וואָלט זיך אויפגעהאַלטן אין פּאַריז. ער האָט געוווינט „נאַ וויאַרע״, אַן חופּה־קדושין, מיט אַ שטעטלדיק מיידל, די בעסטע שניידערין אין לאָשיץ. זומער איז ער אַרומגעגאַנגען אין בלויזן קאָפּ, האָט געגעסן טריפות און אַליין געקוילעט די עופות פאַר זיין געברויך. ער איז אָבער אַפילו פון די אַרכי־פרומע רעספּעקטירט געוואָרן פאַר זיין וויסן, כאַראַקטער און גוטע מענטשלעכע מידות. ער איז געווען דער באַצאָלטער און אומבאַצאָלטער שרייבער פון בריוו און פּראָשעניעס. די פרומע יידן און די ווייבער אין די קופּקעס האָבן פאַרקוקט די אויפפירונג פונעם בן־סורר־ומורה, פון דעם חוטא ומחטיא את הרבים. אַפילו דער רב האָט אים רעספּעקטירט און מיט אים זיך שואל עצה געווען אין אַ ציווילער דין־תורה אָדער אין אַ בוררות.

דער מעת־לעת, וואָס איך האָב אין לאָשיץ פאַרבראַכט מיט טעמפּעראַמענטפולן רעוואָלוציאָנער, דעם מיט חכמה־שפּרודלדיקן אַוורעמל שטריקער, איז געווען פאַר מיר אַ גוטע דערפאַרונג.

נאָך מיין צוריקקומען קיין וואַרשע, נאָכן דערליידיקן די שליחות, האָבן מיינע פּאַרטיי־מלכים יאַנעק־יאַנקעלעוויטש און יוסף באַסאַק אויסגעדריקט זייער צופרידנ־קייט מיטן דערליידיקן די שליחות און מיין פּרעסטיזש ווי אַ פּאַרטיי־טוער איז באַדייטנדיק געשטיגן.

די געשיכטע פון דער אַוואַנטורע איז געווען אַזאַ:

אויפן טאָג־אָרדענונג פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג זענען געשטאַנען אַ רייע ענינים, וואָס מ׳האָט געמוזט דרינגענדיק לייזן: דער אָנקומענ־דיקער ערשטער מיי, דער ענין מיליץ, די שווערע פינאַנציעלע לאַגע פון די אַרבע־טער־הילף־אינסטיטוציעס. אין דער „ראַדע" און אין דעם אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט זענען וועגן די ענינים אָנגעגאַנגען הייסע דעבאַטעס און פאַרשאַרפטע קאָנפליקטן. די „ראַדע" האָט באַשלאָסן צו רופן אַ באַראַטונג פון די אַקטיוון פון די פּאַרטייען.

די באַראַטונג איז פאָרגעקומען אין אַ לאָקאַל פון אַ מיטלשולע אויף פּראָסטע־גאַס און אָרגאַניזירט געוואָרן לויט די בעסטע כּללים פון קאָנספּיראַציע, נייטיקע אין די באַדינגונגען פון צאַרישן מיליטערישן קריגסרעזשים. פאָרזיצער פון דער באַראַטונג איז געווען קריגער, דאַן איינער פון די אָנגעזעענסטע פירנדיקע טוערס פון ס.ד.ק.פּ.ל.־ראָזלאַמאַווצעס.

ס.ד.ק.פּ.ל.־ראָזלאַמאַווצעס האָבן אין דעם ענין ערשטער מיי פאָרגעלייגט אַ שטעלונג פאַר אַן עפנטלעכער גאַסן־דעמאָנסטראַציע אין טאָג פונעם ערשטן מיי. די איבעריקע פּאַרטייען: ס.ד.ק.פּ.ל.־זאַזשאַנדאָווצעס, פּ.פּ.ס.־לעוויצע און בונד, זענען געווען קעגן אַן עפנטלעכער גאַסן־דעמאָנסטראַציע אין די געגעבענע באַדינ־גונגען און באַטראַכט די שטעלונג פון די ראָזלאַמאַווצעס פאַר פּאָליטישער משוגעת און פּאַרטיי־דעמאַגאָגיע. די טשעמפּיאָנען פונעם קאַמף פאַר אָדער קעגן אַן עפנטלע־כער ערשטער־מיי־דעמאָנסטראַציע זענען געווען זאָשקאָ אונשליכט און טוטאַיע־וויטש (ריבאַצקי). די אַבסאָלוטע מערהייט האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן איינאָרדענען אַן עפנטלעכע מיי־דעמאָנסטראַציע.

דער ענין מיליץ — צי זאָלן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען נעמען אָנטייל אין דער בירגערלעכער מיליץ, וואָס ווערט צוגעגרייט אין פאַל, אויב דאָס רוסישע מיליטער וועט פאַרלאָזן וואַרשע, איז אַראָפּגענומען געוואָרן פונעם טאָג־אָרדענונג פון דער באַראַטונג. ביידע פליגלען פון ס.ד.ק.פּ.ל. זענען געווען קאַטעגאָריש קעגן אַן אָנטייל אין דער בירגערלעכער מיליץ. אין פּ.פּ.ס.־לעוויצע און אין בונד זענען וועגן דעם ענין נאָך אָנגעגאַנגען אינערלעכע דיסקוסיעס מיט באַדייטנדיקע מיינונג־פאַר־שיידנקייטן.

די שטורעמדיקסטע דעבאַטע איז געווען ביים פּונקט וועגן דער לאַגע פון די אַרבעטער־הילף־אינסטיטוציעס. די אויסגעקעמפטע סובסידיע פונעם וואַרשעווער

בירגער־קאָמיטעט האָט געראַטעוועט די אַרבעטער־הילף־אינסטיטוציעס פון אונ־טערגאַנג, אָבער נישט באַפרידיקט די כסדר שטייגנדיקע באַדערפעניש פונעם אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט און די פראַגע איז געשטאַנען ווי אַזוי ווייטער צו אָפערירן.

דאָס איז געווען נאָר איין טייל פונעם פּראָבלעם. אַנדערע אימפּליקאַציעס זענען געווען: די טענות און פּרעטענסיעס פון ס.ד.ק.פ.ל.־ראָזלאַמאָווצעס און די קאָנפליקטן מיט בונד.

די ראָזלאַמאָווצעס, זייענדיק דאַן די שטאַרקסטע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע אויף דער פּוילישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע, האָבן פּאַרטייאיש עקספּלואַטירט דעם נצחון איבערן בירגער־קאָמיטעט, צושרייבנדיק זיך סיי די אָרגאַניזאַציע און סיי דעם דערפאָלג, און גרזמאדיק פאַרשפּיצט די ראָלע פון זאַשקאָ אונשליכט. די אַנדערע פּאַרטייען האָבן קעגן דער אוזורפּאַציע פון די ראָזלאַמאָווצעס העפטיק פּראָטעסטירט. קיינער האָט נישט נעגירט די ראָלע פון זאַשקאָ אונשליכט אין דער אַקציע קעגן בירגער־קאָמיטעט, אָבער נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז די ראָזלאַמאָווצעס זאָלן אַנעקסירן די אָרגאַניזאַציע און דעם דערפאָלג.

קעגן די ראָזלאַמאָווצעס איז באַזונדערס שאַרף אַרויסגעטראָטן דער בונד, אָנווייזנדיק, אַז בונד האָט צוגעשטעלט כמעט אַ העלפט פון די מאַניפעסטירנדיקע, און אַז דער פאָרשטייער פון בונד, נאָכעמזאָן, האָט ביי די פאַרהאַנדלונגען געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דעם אָפּגעהאַלטענעם נצחון. יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט אין זיין רעדע זייער בילדלעך געמאָלט די ראָלע פון זאַשקאָ אונשליכט און נאָכעמזאָן, באַ־צייכענענדיק זיי אַלס פּוגאַטשאָוו און מעטערניך, די ראָלע פונעם רעוואָלוציאָנער און פונעם פּאָליטיקער און דיפּלאָמאַט.

די ראָזלאַמאָווצעס האָבן אויף די פאָרוואָרפן פון די אַנדערע פּאַרטייען געענט־פערט מיט דער באַשולדיקונג פון אָפּאָרטוניזם, אַז די אַנדערע דריי פּאַרטייען: די זאַזשאַנדאָווצעס, די לעוויצע און בונד האָבן מיט זייער טאַקטיק פאַרקלענערט דעם דערפאָלג פון דער אַקציע קעגן בירגער־קאָמיטעט און דערפירט דערצו, אַז ר.ק.ג. איז נישט אָנערקענט געוואָרן, ווי דער פאָרמעלער רעפּרעזענטאַנט פון די אַרבעטער־הילף־אינסטיטוציעס און ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ פיקציע פון אַ פּראָ־גרעסיווער גרופּע ווי דער פאַראַנטוואָרטלעכער אָרגאַן פאַרן בירגער־קאָמיטעט. קעגן דער אַ באַשולדיקונג פון די ראָזלאַמאָווצעס זענען אַרויסגעטראָטן אַלע דריי אַנדערע פּאַרטייען.

ביידע פליגלען פון ס.ד.ק.פ.ל. און פ.פ.ס.־לעוויצע זענען אָבער געווען אייניק וועגן ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן בונד. זיי האָבן באַשולדיקט דעם בונד, אַז ער פירט זיין ווירטשאַפט־אַקציע פולשטענדיק סעפּעראַט, געניסט פון די פּרעראָגאַטיוון, פּאָליטישע פּריווילעגיעס, און פון פינאַנציעלע מיטלען פונעם אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט, אָבער האָט נישט קיין שום פליכטן לגבי ר.ק.ג. (וועגן די קאָנפליקטן מיטן

בונד אין דער „ראַדע״ און דעם אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט וועט מיר אויס־קומען אויספירלעכער צו דערציילן אין אַ ווייטערדיקן קאַפּיטל).

די אַרויסטריטן קעגן בונד זענען געווען אָנגעלאָדן מיט ברענשטאָף, מיט שאַרפע עפּיטעטן און אַפילו באַליידיקונגען. באַזונדערס אַגרעסיוו איז געווען דער פּאַרזי־צער, דער ראַזלאַמאָוויעץ קריגער, וועלכער האָט דעם בונד שטאַרק פּוגע־בכבוד געווען. ווי אַ רעאַקציע קעגן זיין אַנטי־בונדישן אַרויסטריט, האָב איך אַ כאַפּ געטאָן אַ גלאָז מיט וואַסער, וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט פון מיר, און עס אַ וואָרף געטאָן קריגערן אין פּנים אַריין. מען קען זיך פאָרשטעלן די סומאַטאָכע, וואָס ס׳איז צוליב דעם אַנטשטאַנען און פון דער געפאַר, אַז די באַראַטונג זאָל פּאָליציייִש דורכפאַלן. צום גליק איז קריגער אָפּגעקומען מיט לייכטע ווונדן. די פאַראַנטוואָרטלעכע פּאַרטיי־פירערס האָט זיך איינגעגעבן די פאַרזאַמלטע צו באַרויִקן און פאַרצווזעצן די באַראַ־טונג, אָבער קיין אַנטי־בונדישע באַשלוסן, ווי ס׳איז געווען צו דערוואַרטן, זענען נישט אָנגענומען געוואָרן.

אַראָפּגייענדיק פון דער באַראַטונג איז אויף מיין קאָפּ געפאַלן אַ האָגל פון פאָרווורפן. אויך יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט מיר נישט געזשאַלעוועט קיין שאַרפע און בייזע ווערטער.

אויף צו מאָרגנס האָט מיך וויקטאָר שולמאַן (סענדער) גענומען אין דער אַרבעט, געמוסרט, געפרעגט פון וואַנען ס׳נעמט זיך צו מיר אַזאַ היציקייט, גערופן „באָלסע־וויק״, און אַז מ׳דאַרף מיך פּשוט „אָפּסמייסן״. דער טאָן פון וויקטאָר שולמאַנס פאָר־ווורפן און מוסרן איז אָבער געווען ווי אין באַקאַנטן לידל: „מאירקע מיין זון״. אין די אויגן זיינע, אונטער די פענסנע־גלעזער, האָט געבליצט אַ שטיפעריש גע־לעכטערל. צום סוף האָט ער מיך געדראָט מיט אַ פינגער און אין אַ טאָן פון אַ גוטן פעטער צו מיר אַ זאָג געטאָן: „אַ מצווה הבאה בעבירה — איז אַן עבירה״.

דערפאַר האָט דער רוב פון די בונדישע פּאַרטיי־מיטגלידער מיך פאַרטיידיקט, באַרעכטיקט מיין האַנדלונג ווי אַ בעל־נוקם קעגן אַ באַליידיקער פון בונדס כּבוד, געהאַלטן אַז די ראַזלאַמאָוועצעס זענען נישט איידל געפּאַטשקעט, פאַרשטייען נישט די שפּראַך און די מאַניערן פון פּאַרלאַמענטאַריזם און מען דאַרף זיך מיט זיי נישט צו פיל צאַצקען; יעדער איינער, וואָס וואַגט דעם בונד פּוגע־בכבוד צו זיין דאַרף קריגן אַן אָפּשניט, מ׳זאָל עס לאַנג געדענקען. אין משך פון אַ צייט בין איך ביי די מיינסטע פון די בונדישע פּאַרטיי־מיטגלידער געווען דער העלד פון טאָג.

## פסח 1915

עס האָט זיך אונטערגערוקט דער ייִדישער פּסח פון 1915. פאַר דער פאַרוואַלטונג פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך און פאַרן וואַרשעווער פאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד האָט זיך געשטעלט דאָס פּראָבלעם פון דער באַשפּייזונג פון די אַרבעטער־קאָנסומענטן אין די פּסח־טעג — אַ פּראָבלעם וואָס מ׳האָט געמוזט באַצייטנס לייזן.

אַרויסגעוויזן האָט זיך, נעמלעך, אַז חוץ דער גרופּע אין כּשרות אָפּגעהיטענע אַרבעטער־קאָנסומענטן, וועלכע האָבן געקריגן ברויט און רויע פּראָדוקטן, האָבן זיך געיאַוועט נאָך אַ רייע גרופּעס מיט ספּעציפישע פאָדערונגען.

געווען אַ גרופּע, וואָס האָט געגאַסן בלויז פונעם ברויטפּאַרטייל און פאַרלאַנגט מ׳זאָל זיי אויף פּסח צוטיילן מצות אַנשטאָט ברויט. אַן אַנדער גרופּע, וואָס האָט געגעסן סיי פונעם ברויטפּאַרטייל און סיי פון אַרויסנעמען מיטאָגן אַהיים, האָבן פאַרלאַנגט מ׳זאָל זיי אַרויסגעבן מיט אַ מאָל מצות און רויע פּראָדוקטן אויף די גאַנצע 8 טעג פּסח. אַ סך קאָנסומענטן, וועלכע האָבן געגעסן אין קיך, האָבן פאַרלאַנגט מ׳זאָל זיי אין די פּסח־טעג סערווירן מצות און עסנס, וועלכע זענען נישט קיין דירעקטער חמץ. געווען איז אויך אַ גאַנץ היפּשע גרופּע קאָנסומענטן, וועלכע האָבן דווקא געוואָלט מ׳זאָל פאַר זיי נישט ענדערן דעם נאָרמאַלן מעניו, טענהדיק, אַז דאָס האַלבע פונט ברויט און דער נאָרמאַלער מיטאָג גיט זיי אַ מעגלעכקייט ווי ס׳איז צו שטילן דעם הונגער. געווען זענען אויך קאָנסומענטן פונעם ברויטפּאַרטייל, וועלכע האָבן צוליב דעם זעלבן טעם געפאָדערט מ׳זאָל זיי אויך אין די פּסח־טעג אויסטיילן זייערע פּאַרציעס ברויט. מיט איין וואָרט: אַן אמתער דור הפּלגה. און דער ענין פון באַשפּייזן די אַרבעטער־קאָנסומענטן אין די פּסח־טעג איז נישט געווען קיין גרינגער צום לייזן צוליב כּמה וכמה טעמים: פינאַנציעלע, ווירטשאַפטלעכע און פּרינציפּיעלע.

אַריינגעמישט האָט זיך נאָך אַ פאַקטאָר:

אין איינעם אַ טאָג, מיטאָגצייט, זענען אין קיך אויף קאַרמעליצקע 9 אַריינגעקומען צוויי וואַרשעווער רבנים אין זייער פולן יום־טובדיקן טראַכט, איינער אין אַ רבנישן קאַפּעליוש און דער צווייטער אין אַ צילינדער, באַגלייט פון זייערע שמשים, און דערקלערט, אַז זיי ווילן רעדן מיט די פירערס פון דער אַרבעטער־קיך. אויב מיין זכּרון נאַרט מיך נישט, זענען דאָס געווען די רבנים פּאָזנער און מיכעלסאָן. גראָד האָט זיך אין קיך געפונען וויקטאָר שולמאַן און פאַרבעטן די רבנים אין פאַרוואַלטונג־צימער. ער האָט אויך פאַרבעטן די אַנוועזנדיקע מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג בייצוזיין בעתן געשפּרעך. אויפן אָרט האָבן זיך געפונען דער דרוקער־אַרבעטער העגדלער מיט זיין פרוי, דער אַלטער משה (משה ליכטנשטיין, משה סטאָליאַר), דער קליינער יצחקל דער שוסטער, און איך.

דער אָנהייב פון געשפּרעך צווישן די צוויי רבנים און שולמאַנען איז געווען אַ גאַנץ דיפּלאָמאַטישער. די רבנים האָבן זיך אויסגעפרעגט, ווי אַזוי די קיך אָפּע־רירט, פון וואַנען זי נעמט די מיטלען, און דערנאָך אַריבערגעגאַנגען צו די ענינים פון כשרות.

וויקטאָר שולמאַן האָט זיי אינפאָרמירט וועגן דער אָפּערירונג פון דער קיך און מיט זיין באַקאַנטן טאַקט געענטפערט וועגן די ענינים פון כשרות: אַז קיין דבר־אחר ווערט נישט באַנוצט, אָבער די קיך איז נישט מקפּיד אויף קיין כשרות אין רעליגיעזן זין. ער קען אַפילו נישט גאַראַנטירן צי דאָס פלייש, וואָס ווערט געברויכט איז נישט פון דעם טייל פון דער בהמה, וואָס ווערט פון די רבנים באַטראַכט פאַר טריפה. שולמאַן האָט די רבנים אויך אינפאָרמירט פאַר וועלכע פּראָבלעמען די קיך שטייט אין שייכות מיטן אָנקומענדיקן פּסח.

דער קעגנזייטיקער שמועס איז געפירט געוואָרן אויף אַ קולטורעלן אופן. אויך די פּאָלעמיק איז געפירט געווען אויף אַ טאַקטפולן אופן. משה סטאָליאַר האָט זיך אָבער נישט געקענט איינהאַלטן און אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ מענה־לשון קעגן די גבירים און רבנים. די צוויי רבנים זענען געבליבן זיצן געפּלעפט. פון איין זייט, פון אַן עלטערן ייִד מיט אַ הדרת־פּנים, מיט אַ לאַנגער גרויער באָרד און אין ייִדיש־טראַדיציאָנעלער קליידונג, האָבן זיי זיך נישט געריכט אַריינצוכאַפּן אַזאַ גערדיכטע פּאַרציע אַנטי־קלעריקאַלע שטראָפרייד. די רבנים האָבן פּרובירט ענטפערן און פּאַרענטפערן. וויקטאָר שולמאַן האָט אָפּגעשטעלט די רעפּליקעס פון די רבנים מיט אַ פּאָר טאַקטפולע באַמערקונגען און זיי מיט אַ געהעריקן רעספּעקט אַרויס־באַגלייט צום אַרויסגאַנג.

באַלד נאָכן וויזיט פון די רבנים זענען פון דער געזעלשאַפט „עזרא" און פון דער ייִדישער גמינע אָנגעקומען אָפיציעלע ווענדונגען, אַז די געגעבענע אָרגאַני־זאַציעס זענען גרייט צו פינאַנצירן דעם פולן באַטרעף צו סערווירן די קאָנסומענטן מיט פּסחדיקע שפּייז און מצות, מיטן באַדינג, אַז דער ראַבינאַט וועט כשרן די קיך און וועט האָבן די פולע השגחה איבער דער קיך און פאַרלויף פון 10 טעג, 2 טעג ערב־פּסח און 8 טעג פּסח.

די ראַבינאַט־פּראָפּאָזיציע איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן מיט אַלע שטימען קעגן איינעם. אויך סענדער (וויקטאָר שולמאַן) איז דעצידירט אַרויסגעטראָטן קעגן יעדן מין אַריינמישן זיך פון אַן אויסערלעכן פאַקטאָר אין דער אינערלעכער פירונג פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך. דער איינציקער מיטגליד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, וואָס האָט בשעת דער דיסקוסיע גערעדט פאַר פאַרהאַנדלונגען און פאַר קאָמפּראָמיסן מיט דער ייִדישער גמינע און איז נישט געבליבן צופרידן פונעם אָנגענומענעם באַשלוס, איז געווען סעמיאַן. זיין מאָטיוו איז געווען, אַז דער פאַקט פון אַריינמישן זיך פון דער ייִדישער גמינע אין ענין פּסח שאַפט אַ פּרעצע־דענס פאַר פאָדערונגען פון פינאַנציעלער הילף פאַר די ייִדישע אַרבעטער־הילף־

אינסטיטוציעס פון דער יידישער קהילה. סעמיאָנס שטעלונג איז געווען אַ פאַר־איינצלטע.

לשם געשיכטע וויל איך צוגעבן, אַז נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן קיין וואַרשע, ווען עס זענען אויסגעבראָכן סטיכישע דעמאָנסטראַציעס פון מאַסן יידישע אַרבעטער און אָרעמע פאָלקסמענטשן פאַר דער געביידע פון דער יידישער גמינע (דער בונד האָט שפּעטער די דעמאָנסטראַציעס איבערגענומען און אויף אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן אופן אָנגעפירט), האָט דער דערמאָנטער בריוו פון דער גמינע געשפּילט אַ גרויסע ראָלע, געדינט ווי אַ „קאָרפּוס דעליקטי״ פאַר די אַרויסגעשטעלטע פאָדערונגען און געהאָלפן דעם נצחון פון בונד איבער דער קהילה־פאַרוואַלטונג אין וואַרשע. (וועגן די דעמאָנסטראַציעס און די ראָלע פון בונד וועט מיר אויסקומען אויספירלעכער צו דערציילן אין דעם ווייטערדיקן טייל פון מיינע מעמואַרן).

דאָס לייזן דאָס באַשפּייזונג־פּראָבלעם אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך אין די פּסח־טעג פון 1915 האָט נישט געהערט צו די לייכטע אויפגאַבעס. נאָך לאַנגע און היציקע דעבאַטעס האָט דער וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, שפּעטער אויך די אָנפירונג פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך, באַשלאָסן צופרידנצושטעלן אַלע קאָנסומענטן־גרופּעס, און נישט צו פאַרלעצן דעם גרונטפּרינציפּ פון דער הילף־אינסטיטוציע ווי אַ פרייע און נישט קיין געבונדענע מיט רעליגיעזע דאָגמעס און חומרות.

עס זענען צוגעטיילט געוואָרן מצות און רויע פּראָדוקטן פאַר די יעניקע, וואָס האָבן דאָס פאַרלאַנגט. דאָס עסן אין דער קיך איז איבער די פּסח־טעג איינגעטיילט געוואָרן אין צוויי שיכטן: איינע ביי טאָג, אויף דעם נאָרמאַלן אופן פון אַ גאַנץ יאָר, אַזוי אויך דער ברויטפּאָרטייל. אַ צווייטער שיכט — אין אָוונט, מיט געקעכץ אַלאַ פּסח: קאַרטאָפל, באָרשט און מצות.

די פאַרנומענע שטעלונג האָט אַרויסגערופן אַן אומצופרידנקייט ביי געוויסע פּאַרטיי־מיטגלידער, וועלכע האָבן פאַרגעוואָרפן דעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, אַז ער איז צו ווייט אַוועק מיט זיינע פּסח־קאָנצעסיעס.

## פּרץ איז געשטאָרבן

אַ טריבער כמורנער פרימאָרגן. אַ דראָבנער אַפּריל־רעגן קאַפּיעט פּאַמעלעך און פויל, עסט זיך איין אין די ביינער.

ס׳איז זונטיק, חול־המועד פּסח 1915. ווי יעדן טאָג צווישן 8 און 9 אַ זייגער אין דער פרי גיי איך פון מיינע עלטערנס הויז, לוצקע 8, צו מיין געזעלשאַפטלעכן

פּאָסטן אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך אויף קאַרמעליצקע 9. איך גיי דורך דער צעגלאַנע־גאַס, די גאַס, אויף וועלכער פּרץ האָט געוווינט אין פאַרלויף פון אַ סך יאָרן, און אינסטינקטיוו גיב איך אַ בליק צום טויער פון הויז נומער 1.

כ׳ווייס, אַז פּרץ וווינט שוין נישט מער אין דעם הויז. ער וווינט ערגעץ אין דער רייכער, אַריסטאָקראַטישער, פּוילישער אַלטע יערוזאַלימסקע, אָבער אַ געוווינ־הייט האָב איך שוין אַזאַ זינט לאַנגע, לאַנגע יאָרן, אַז יעדעס מאָל ווען כ׳גיי אַדורך די צעגלאַנע־גאַס, גיב איך אַ בליק צום הויזטויער נומער 1.

אין פאַרלויף פון אַ 10 יאָר, ווען כ׳בין נאָך געגאַנגען אין חדר אַריין, שפּעטער ווי אַ לערן־יינגל צו ר׳ שמשון זילבערבערג אין טאָקער־וואַרשטאַט אויף בראַצקע 12, און דערנאָך צו מיינע אַרבעטפּלעצער שוין ווי אַ געזעלן, בין איך יעדן טאָג וויניקסטנס צוויי מאָל דורכגעגאַנגען די צעגלאַנע־גאַס און פאַרבייגעגאַנגען דאָס הויז נומער 1. אַ סך מאָל האָב איך באַגעגנט איינצלנע מענטשן און געזעמלען פאַרן טויער אָדער אין טויער, אַרויסגייענדיקע אָדער אַראָפּגייענדיקע פון פּרצס וווינונג.

שוין פון מיינע פריסטע יינגלשע יאָרן האָב איך געוווּסט, אַז דער קליינער, מאָגערער, עטוואָס איינגעהויקערטער איז נאָמבערג, דער הויכער איז שלום אַש, דער דאַרער, וואָס זעט אויס ווי אַן אָרעמער ליטווישער ישיבה־בחור, איז אברהם רייזען, דער מיטלוווּקסיקער, מיטן פּנים פון אַ פּויער, איז ווייסענבערג, און דער קליינער, „די מאַלפּע״ מיטן צעקרימטן פּנים, איז קאַווע. כ׳האָב געוווּסט אויך די נעמען פון אַ סך אַנדערע שרייבערס און מערערע מאָל באַגעגנט פּרצן, דעם פּריץ מיט די שלאַכצעקע וואָנסעס, אין דער פאַלערינע אָדער אָן דער פאַלערינע, גיין צו דער אַרבעט אָדער פון דער אַרבעט אויף דער גזשיבאָווסקע־גאַס, אין בנין פון דער יידישער גמינע, אַליין אָדער אין עמעצנס באַגלייטונג. יעדעס מאָל, ווען כ׳גיי אַדורך די צעגלאַנע־גאַס, שטעל איך זיך אַ ווײַלע אָפּ פאַרן הויז נומער 1. דער פרימאָרגן פונעם 4טן אַפּריל איז נישט געווען קיין אויסנאָם.

אין דעם דאָזיקן פרימאָרגן האָב איך נאָך נישט געוווּסט אַז אַלץ איז אויס, געענדיקט, אַז מער וועל איך פּרצן נישט באַגעגענען, נישט אויף דער צעגלאַנע־גאַס, וווּ ער האָט שוין נישט געוווינט, און נישט ערגעץ אַנדערש. כ׳האָב נאָך נישט גע־וווּסט, אַז פּרץ איז געשטאָרבן.

אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך איז אין דעם פרימאָרגן פון 4טן אַפּריל 1915 געווען אַן איבערקערעניש. ווען כ׳בין איבערגעטראָטן די שוועל פון לאָקאַל איז חוץ די פּראָפעסיאָנעלע קעכין קיינער נישט געווען אויף זיין פּלאַץ. פון קאַנטאָרל, אַנדערש גערופן דאָס פאַרוואַלטונג־צימער, און ווי די קיך־קאָנסומענטן פלעגן עס סאַרקאַסטיש רופן „דאָס בית־דין־שטיבל״, זענען דערגאַנגען הויכע, אָפּגעריסענע קלאַנגען, ווי מ׳וואָלט זיך דאָרט שטאַרק געקריגט.

דאָס פאַרוואַלטונג־צימער איז געווען געפּאַקט. יחיאל ניימאַן, דער שפּעטער

באַקאַנטער אַרבעטער־ און קולטור־טוער, האָט געערדט און זשעסטיקולירט. דער־זעענדיק מיך, איז יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, דאַן דער וויכטיקסטער בונדישער טוער אין וואַרשע, אויפגעשפּרונגען פון זיין זיצפּלאַץ און מיך אַ פרעג געטאָן: „וואָס זאָגסטו, דער בונד דאַרף נעמען אַן אָפיציעלן אָנטייל אין דער לוויה״? די פראַגע האָט מיך געפּלעפט: „ווען וואָס פאַר אַ לוויה רעדסטו? ווער איז דאָס געשטאָרבן, וואָס דו פרעגסט אַזאַ מאָדנע קשיא״? — האָב איך צוריקגעפרעגט. אַ כאָר פון שטי־מען האָט געענטפערט: „דו ווייסט נישט? פּרץ איז געשטאָרבן״! אַ ווײַלע בין איך געשטאַנען ווי פאַרווירט. דער נאָמען פּרץ איז ווי אַ בליץ אַדורך מיין מוח און כ׳האָב וויטיקלעך אַ געשריי געטאָן: „ווען, ווען איז דאָס געשען? אַזוי פּלוצעם? ווען איז די לוויה״??!

די דיסקוסיע, וואָס איז אָנגעגאַנגען פאַר מיין אַריינקומען אין צימער האָט זיך באַנייט.

יאַנעק־יאַנקעלעוויטש איז אַרויסגעטראָטן קעגן אַן אָפיציעלן אָנטייל פון בונד אין דער לוויה פון פּרצן. זיין שלאָג־אַרגומענט איז געווען: „בורגפרידן״.

דער טערמין „בורגפרידן״ האָט אין זיך כולל געווען די פּאָליטישע פילאָסאָפיע פון באַרעכטיקן דאָס גיין צוזאַמען מיט דער אייגענער בורזשואַזיע, מיט די באַזיצנ־דיקע קלאַסן פון לאַנד ביים שטיצן די מלחמה־פּאָליטיק פון דער רעגירונג. זיין קעגן „בורגפרידן״ איז געווען דער רעוואָלוציאָנערער סלאָגאַן פון די סאָציאַליסטישע עלעמענטן, וועלכע זענען געווען קעגן דער מלחמה. מיטן זידל־עפּיטעט „בורגפרידן״ זענען געבראָנדמאַרקט געוואָרן די יעניקע סאָציאַליסטן, וועלכע מ׳האָט מיט פאַראַכ־טונג גערופן „סאָציאַל־פּאַטריאָטן״ און די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון דייטשלאַנד, פראַנקרייך און אַנדערע, וועלכע האָבן געשטיצט די מלחמה־פּאָליטיק פון זייערע רעגירונגען.

מאָטיווירט האָט יאַנעק־יאַנקעלעוויטש זיין שטעלונג אומגעפער אַזוי: פּרץ איז נישט קיין סאָציאַליסט, ער איז אַ ראַדיקאַלער שרייבער אין געזעלשאַפטלעכע ענינים, אָבער געהערט נישט צו דער סאָציאַליסטישער מחנה. אין דירעקט־ייִדישע ענינים איז פּרץ אין די לעצטע יאָרן געוואָרן קאָנסערוואַטיווער און דערגאַנגען אַפילו צו רופן די ראַדיקאַלע יוגנט צוריק אין שול אַריין. די פּאָליטישע לאַגע פון בונד איז אַזאַ, אַז זיין שטעלונג קעגן דער מלחמה־פּאָליטיק פון דער צאַרישער רעגירונג קען נישט גענומען ווערן ווי אַן אמתער באַווייז, אַז דער בונד געפינט זיך אויף דער רעוואָלוציאָנערער אַנטי־מלחמה־פּאָזיציע — אַז ער איז באמת קעגן דער פילאָסאָפיע און פּאָליטיק פון „בורגפרידן״. נאָר אַ שטעלונג, וואָס האָט אַ שייכות צו דער ייִדישער סביבה, וואָס איז די באַזע פון בונד, קען גענומען ווערן אין באַטראַכט ווי אַ קריטעריע פאַר דער שטעלונג פון בונד אין דעם קאַרדינאַלן „בורג־פרידן״־פּראָבלעם. דער אָפיציעלער אָנטייל פון בונד אין דער לוויה פון פּרצן וועט קענען דינען ווי אַ באַווייז, אַז ווען ס׳האַנדלט זיך אין דירעקט־נאַציאָנאַלע ענינים,

איז אויך דער בונד באַלאַסט מיט דער אַנטי־סאָציאַליסטישער „בורגפרידן״־פּאָ־ליטיק״.

יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַ פּערזענלעכן און פאַר אַ וואָס גרעסערן אָנטייל פון יידישע אַרבעטער אין פּרצס לוויה, אָבער פונעם בונד אָפיציעל — נישט.

יחיאל ניימאַנס באַגרינדונג פאַר אַן אָפיציעלן אָנטייל פון בונד אין דער לוויה פון פּרצן איז געווען אַ פּשוטער: „אַ טאַטע״.

ביים טויט פון אַ טאַטן טראַכטן נישט די קינדער פון פּאָטערס חסרונות, נאָר גיבן אָפּ דעם גרעסטן כבוד דעם פאַרשטאָרבענעם טאַטן. ערשט נאָך דער לוויה און נאָך דער שבעה מעגן די קינדער אָפּשאַצן דעם פּאָטערס פאַרגאַנגענהייט און אַפילו אָפּשאַצן לגנאי, אָבער נישט ביי דער פּטירה. קינדער טוען אַלץ, אַז דעם טאַטנס לוויה זאָל אויסקומען וואָס ווערדיקער און זאָל אַנטשפּרעכן דאָס אָרט, וואָס דער פּאָטער האָט פאַרנומען אין דער פאַמיליע און אין דער געזעלשאַפט.

פּרץ — האָט יחיאל ניימאַן אַרגומענטירט — איז דער טאַטע פון דער יידישער ליטעראַטור. איינער פון די ערשטע און פון די גרעסטע, וואָס האָט דערפירט די יידישע שפּראַך צו חשיבות. ער איז געווען דער גייסטיקער דערציִער פון דער ראַדיקאַלער יידישער יוגנט. מיר אַלע, וועלכע געפינען זיך דאָ, זענען זיינע גייסטיקע קינדער. מ׳האָט מיט פּרצן אין אַ סך זאַכן נישט געקענט מסכים זיין, און אַפילו זיך אַרומקריגן, פּונקט אַזוי ווי יעדער איינער פון אונדז איז מחולק מיט זיין טאַטן. ווי קענען מיר, פּרצס גייסטיקע קינדער, נישט נעמען קיין אָפיציעלן אָנטייל אין זיין לוויה, נאָר נאָכגיין זיין מיטה, ווי מיר וואָלטן געווען נישט געבעטענע שטיפ־קינדער?

דער בונד ווי אַ פּאַרטיי האָט פּרצן אַ סך צו פאַרדאַנקען. אַ יידישער אַרבעטער פון אונדזערע דורות קומט צום בונד און נישט צו קיין אַנדער פּאַרטיי, ווייל ער איז באַזעלט און באַאיינפלוסט פון פּרצס אַנטי־אַסימילאַטאָרישקייט. טאָ וואָס פאַר אַ פראַגע איז עס, צי דער בונד זאָל אָפיציעל זיך באַטייליקן אין דער לוויה פון פּרצן? ערשט דאָס נישט באַטייליקן זיך וואָלט געווען דער אמתער פאַרברעכן.

אין גאַנג פון דער דיסקוסיע איז אַריינגעקומען וויקטאָר שולמאַן. ער האָט אַן רעזערוון זיך געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט פונעם בונדס אָפיציעלן אָנטייל אין דער לוויה. זיין הויפּט־אַרגומענט איז געווען: מאַסן יידישע אַרבעטער וועלן זיך אין דער לוויה פון פּרצן באַטייליקן. דער בונד ווי די פּאָליטישע פּאַרטיי פון יידישן פּראָלעטאַריאַט קען נישט לאָזן אויף הפקר די יידישע אַרבעטער אין אַ וויכטיקן ענין, וואָס איז זיי נוגע. אין דעם געגעבענעם פאַל האָט דער בונד צוויי ברירות: רופן צו בויקאָט, רופן די יידישע אַרבעטער נישט אָנטייל צו נעמען אין דער לוויה, און אָננעמען אַלע פּאַרטייִשע מיטלען, אַז דער בויקאָט זאָל זיין דערפאָלגרייך — דאָס לייגט קיינער נישט פאָר. אָדער זיך שטעלן בראָש, זיין דער אָנפירער פון די

ייִדישע אַרבעטער, און אָננעמען אַלע פּאַרטייִישע מיטלען, אַז דער ייִדישער אַר־בעטער־טייל פונעם לוויה־צוג זאָל זיין אַ זעלבשטענדיקער און אַן אימפּאָזאַנטער.

קיין זיצונג פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד איז נישט מעגלעך געווען אויף שנעל צונויפצורופן. הגם אין פּאַרוואַלטונג־צימער זענען אָנוועזנדיק געווען 6 פון די 9 מיטגלידער פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט, האָט מען אָבער צוליב די עלעמענטאַרע כּללים פון קאָנספּיראַציע נישט געקענט הייסן אַרויסגיין די איבע־ריקע און אָפּהאַלטן אַ זיצונג. חוץ דעם איז געווען קלאָר, ווי די שטימען־פּאַרטיילונג וואָלט געווען: גלייך אויף גלייך. יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, משה סטאָליאַר און אסתּר די שניידערין וואָלטן געווען קעגן אַן אָפיציעלן אָנטייל; יוסף באַסאַק, דער לאָדזשער חבר און איך וואָלטן געווען פאַר נעמען אַן אָפיציעלן און אַקטיוון אָנטייל אין דער לוויה. וויקטאָר שולמאַן, ווי דער צענטראַלער פּאַרטיי־פונקציאָנאַר, וואָלט נישט גערן גענומען אויף זיך די ראָלע צו זיין דער, וואָס וועגט איבער מיט זיין שטים. וויקטאָר שולמאַן, דער פּאָליטיש־דערפאַרענער און פעיִקער טאַקטיקער, האָט פאַרגעלייגט אָפּצוהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג פון די קאָנסומענטן פון קיך — „די שטימע פון פאָלק" זאָל דעצידירן פאַר דער וואַרשעווער בונדישער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע.

נאָכן אָננעמען די געהעריקע פאַרזיכט־מיטלען איז אַזאַ פאַרזאַמלונג פאַרגע־קומען אין לאָקאַל פון קיך. פאָרזיצער איז געווען וויקטאָר שולמאַן. די רעפערענטן זענען געווען יאַנעק־יאַנקעלעוויטש און יחיאל ניימאַן. מיט אַלע שטימען קעגן אַ 5–6 איז אָנגענומען געוואָרן, אַז די „ייִדישע אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט", וואָס איז דאָן געווען דער פּסעוודאָנים פון בונד, נעמט אָפיציעל אָנטייל אין דער לוויה פון י.ל. פּרץ. די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן ווערן גערופן אויף אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן און מאַסנהאַפטן אופן זיך צו באַטייליקן אין דער לוויה.

ס'איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ דעלעגאַציע פון פינף פּערזאָן: יאַנעק־יאַנקעלע־וויטש, יוסף באַסאַק, וולאַדיסלאַוו נאַכעמזאָן, יחיאל ניימאַן און הערשל מעטאַלאָוויעץ, וועלכע זאָלן אָרגאַניזירן, אָנפירן און רעפּרעזענטירן דעם בונד ביי דער לוויה.

באַשלאָסן איז אויך געוואָרן, אַז אין פראָנט פון בונדישן טייל פונעם לוויה־צוג זאָל געטראָגן ווערן אַ רויטע לענטע אין נאָמען פון דער אָרגאַניזירטער ייִדישער אַרבעטערשאַפט מיט אַן אַנטשפּרעכנדיקער צושריפט. די לענטע זאָל געטראָגן ווערן פון דריי חברים: צוויי אַרבעטער, פון עלטסטן און פון ייִנגסטן פּאַרטיי־אַקטיוויסט, און פון אַן אינטעליגענט. די לענטע־טרעגערס זענען געווען: משה סטאָליאַר, איך און נאַכעמזאָן.

היות מיט קיין געדרוקטן רוף, אויפרוף אָדער פּלאַקאַט איז נישט מעגלעך געווען אין די געגעבענע באַדינגונגען צו אָפּערירן, זענען די פאַרזאַמלטע, אַרום אַ 150 אין צאָל, גערופן געוואָרן זיך צו לאָזן איבער דער שטאָט און באַווירקן וואָס מער ייִדישע אַרבעטער אָנטייל צו נעמען אין דער לוויה אין דעם אָפּטייל פונעם בונד.

אין טאָג פון דער לוויה האָט די בונדישע אַרבעטער־קיך נישט פונקציאָנירט.

מאַסן יִדישע אַרבעטער זענען געקומען אין לאָקאַל פון קיך און אָפּגעשיקט געוואָרן צו אַ באַשטימטן זאַמלפּונקט, אויף וועלכן ס׳האָט אַמטירט יוסף באַסאַק ווי דער קאָמענדאַנט פונעם בונדישן אָפּטייל אין לוויה־צוג.

פאַרן אָנהייב פון דער לוויה איז אויסגעבראָכן אַ שאַרפער קאָנפליקט צווישן דער בונדישער דעלעגאַציע און חיים גילדין, דעם קאָמענדאַנט פונעם לוויה־צוג און פאַקטישן אָרגאַניזאַטאָר פון פּרצס לוויה.

חיים גילדין האָט זיך אָפּגעזאָגט צו אָנערקענען וועלכע ס׳איז סעפּאַראַטע גרופּע, צו באַשטימען אַ ספּעציעל אָרט פאַרן בונד און לאָזן מאַניפעסטירן וועלכע ס׳איז פּאַרטייִשע אָפּצייכענונגען אין דעם לוויה־צוג.

די פאָרשטייערס פון בונד, יאַנעק־יאַנקעלעוויטש און נאַכעמזאָן, האָבן שאַרף פּראָטעסטירט קעגן דער שטעלונג פון גילדינען און אים געדראָט, אַז דער בונד וועט זיך נישט רעכענען און נישט אונטערוואַרפן זיינע באַפעלן, און אָנפירן מיט דעם בונדישן טייל פון דער לוויה, ווי דער בונד וועט געפינען פאַר נייטיק און פּאַסיק. דער תמיד טאַקטפולער יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט גילדינען אַ שמיץ געטאָן אין פּנים אַריין זיין בונדישע פאַרגאַנגענהייט און פאַראַפּראַזירט דאָס באַקאַנטע ווערטל פון פּרצן אויף גילדינס חשבון: „גילדין איז מעגלעך דער בעסטער שוסטער צווישן די ליטעראַטן, אָבער זיכער נישט דער בעסטער ליטעראַט צווישן די שוסטערס" (ווי מ׳האָט מיך דאַן אינפאָרמירט, זאָל גילדין האָבן אַ צייט געאַרבעט ווי אַ געגריי־וועטער שוסטער).

חיים גילדין האָט פון זיין זייט געסטראַשעט מיט באַנוצן פּאָליציי אויב ס׳וועט זיך עמעצער נישט אונטערוואַרפן זיינע באַפעלן און פאַראָרדענונגען. ס׳האָט אויסגעזען אַז די מחלוקה וועט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ סקאַנדאַל. די אַריינמישונג פון אַ רייע פּרץ־פריינד און מתעסקים מיט דער לוויה: ד״ר גרשון לעווין, פּאָדלישעווסקי, נח פּרילוצקי, קלימעל, פריד און אַנדערע, האָט דערפירט צו אַ פּשרה. ס׳איז אָנערקענט געוואָרן די רעכט פון בונד צו האָבן אַן אייגענעם טייל אין לוויה־צוג, צו קריגן אַ צאָל טרעגערס פון דער מיטה, און בלויז עטלעכע מינוט נאָכן אָנהייב פון דער לוויה זאָל אין פראָנט פונעם בונדישן טייל מאַניפעסטירט ווערן די רויטע לענטע.

דער פאַרלויף פון דער לוויה: דער מאַרשרוט, דער ווילקיר פון דער פּאָליציי, די אינצידענטן מיט דער פּוילישער כוליגאַנעריע איז גוט באַקאַנט.

אומקערנדיק זיך פון דער לוויה האָט די בונדישע דעלעגאַציע באַגעגנט אַ גרופּע פּועלי־ציוניסטן. זיי האָבן קאָמפּלימענטירט דעם בונד פאַר זיין שטעלונג צו דער לוויה פון פּרצן, גוטער אָרגאַניזאַציע און צאָלמאַסיקער באַטייליקונג.

מיר האָבן באַגעגנט אויך קאַראָלסקין מיט אַ צאָל יִדישע מיטגלידער פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע, וועלכע האָבן אין דער לוויה זיך באַטייליקט ווי יחידים.

און פון דער מינוט פון דער באַגעגעניש מיט קאַראָלסקין האָט זיך צעפּלאָקערט אַ דעבאַטע וועגן בונדס אָפיציעלן אָנטייל אין דער לוויה, און אַ צייט געוואָרן אַ

טעמע פאַר היציקע דיסקוסיעס צווישן די טוערס פונעם יידישן סעקטאָר פון פ.פ.ס.־לעוויצע מיט די בונדישע טוערס און די בונדיש־געשטימטע אַרבעטער.

די לוויה פון פרצן איז נישט געווען אַזוי אימפּאָזאַנט, ווי זי האָט געדאַרפט זיין. די אונטערערדישקייט פונעם פּאָליטישן לעבן, דער צאַרישער טעראָר און ווילקיר, אַ ספּעציפישער אין דער צייט פון מיליטערישן קריגסרעזשים, דאָס אויספאַלן פון דער לוויה אין די פּסח־טעג, די אומדערפאַרנקייט און שלימזלדיקייט פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער לוויה, האָבן רעדוצירט דעם פאַרנעם פון דער פאָלקס־דעמאָנסטראַציע, וואָס פּרצס לוויה האָט געקענט און געדאַרפט אַרויסרופן.

וואָלט פּרץ געשטאָרבן מיט עטלעכע חדשים שפּעטער, ווען דאָס פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע לעבן איז אַרויס פונעם צאַרישן אונטערערד, צוזאַמען מיט די אַקטיוויטעטן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט, וואָלט דער טויט פון פּרצן און זיין לוויה פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינער פון די גרעסטע פאָלקס־מאַניפעסטאַציעס אין דער געשיכטע פון די יידן אין פּוילן.

געשטאָרבן איז דער פאָטער פון דער יידישער ליטעראַטור י.ל. פּרץ — צו יונג און נישט אין צייט.

## קאָנפליקטן

קיין שלום־בית צווישן די פיר פּאַרטייען, וואָס האָבן געשאַפן דעם „צווישן־פּאַרטייאישן ראַט", איז נישט געווען.

דער שידוך צווישן די פיר סאָציאַליסטישע אַנטי־מלחמה־פּאַרטייען —ביידע פליגלען פון ס.ד.ק.פּ.ל., פּ.פּ.ס.־לעוויצע און בונד — וועלכע האָבן געווירקט אין דער אַרבעטער־סביבה אין פּוילן, ביים פּוילישן און יידישן אַרבעטער־קלאַס, איז נישט צושטאַנדגעקומען אויס ליבע, נאָר אויס צייטווייליקער נויטווענדיקייט. ער האָט נישט באַזייטיקט די לאַנגיאָריקע אידעאָלאָגישע און פּאָליטישע שטרייטן און פּאַרטייאישע אַנימאָזיעס, און נאָכן אַרויסגעבן דעם געמיינזאַמען אַנטי־מלחמה־מאַניפעסט האָבן אינעם צווישן־פּאַרטייאישן ראַט זיך אָנגעהויבן די אינערלעכע קאָנפליקטן און דאָס אויסשפּילן איינעם קעגן דעם אַנדערן.

די ס.ד.ק.פּ.ל.־ראַזלאַמאָוצעס האָבן זיך אין וואַרשע געפילט שטאַרקער פון די אַנדערע צוויי סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, מיט וועלכע זי האָט זיך באַגעגנט אויף דער פּוילישער אַרבעטער־גאַס. זיי האָבן זיך אויפגעפירט ווי תקיפים און פיינט געהאַט די ס.ד.ק.פּ.ל.־זאַזשאַנדאָווצעס מיט דער ביטערער שׂנאה פון פראַקציאָנעלן קאַמף. מיט אָפענער פאַראַכטונג און פיינטשאַפט האָבן די זאַזשאַנדאָווצעס באַצויגן

זיך צו די ראַזלאַמאַווצעס. ביידע פליגלען פון ס.ד.ק.פּ.ל. האָבן באַקעמפט די פּ.פּ.ס.־לעוויצע, און אַלע דריי — דעם בונד.

ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט אין לויפנדיקע ענינים, זענען אין דער „ראַדע״ צושטאַנד געקומען די אויסטערלישע קאָמבינאַציעס און די משונהדיקסטע מעזאַליאַנסן, אָבער אין קאַמף קעגן בונד זענען די אַנדערע דריי פּאַרטייען כּמעט תּמיד געווען איניק. אַלע דריי פּאַרטייען האָבן מיטן בונד געהאַט אַלטע חשבונות און נישט פאַרפעלט קיין געלעגנהייט זיך מיט אים אָפּצורעכענען. טייל מאָל זענען די טענות און פאַרוואורפן געווען גערעכטע, אָבער אין די מייסטע פאַלן זענען די פאַרוואורפן געווען צוגעשפּיצטע און די אַטאַקעס — אומבאַרעכטיקטע.

די ערשטע, וואָס האָט אין דער „ראַדע״ אויפגעהויבן דעם אידעיִש־פּאָליטישן קאַמף קעגן בונד, זענען געווען די ס.ד.ק.פּ.ל.־ראַזלאַמאַווצעס מיט זאַשקאַ אונשליכט בראָש. זייער הויפּט־באַשולדיקונג איז געווען, אַז דער בונד גייט וואָס אַ מאָל מער אַוועק פון דער פּאָליטישער פּלאַטפאָרמע פונעם אַנטי־מלחמה־מאַניפעסט. דאָס איז געווען אַן אַבסורדאַלע באַשולדיקונג קעגן בונד אין פּוילן אין יענעם פּעריאָד פון צאַרישן קריגסרעזשים. ס׳האָט די ראַזלאַמאַווצעס נישט פאַרפעלט קיין אַנדערע באַשולדיקונגען און פאַרוואורפן. אויך די אַנדערע צוויי פּאַרטייען, ס.ד.ק.פּ.ל.־זאַרשאַנדאַווצעס און פּ.פּ.ס.־לעוויצע, האָבן דעם בונד נישט געזשאַלעוועט קיין באַשולדיקונגען און פאַרוואורפן, און אַלע דריי צוזאַמען האָבן געריטן אויף דער קליאַטשע פון סעפּאַראַטיזם און נאַציאָנאַליזם.

אַפילו דער אָנטייל פונעם בונד אין דער לוויה פון י. ל. פּרץ, איז געווען אַן אַטוט אין זייער קאַמף קעגן בונד.

אויף איינער פון די זיצונגען פון דער „ראַדע״, אויף וועלכער ס׳איז מיר אויסגעקומען צו זיין אָנוועזנדיק, האָט זיך אָפּגעשפּילט אַן אמתער שדים־טאַנץ קעגן בונד פאַר זיין אָפיציעלן אָנטייל אין דער לוויה פון פּרצן. אַלע זיבן „אורזינד״ פון אַנטי־סאָציאַליזם און אַנטי־רעוואָלוציאָניזם זענען דעם בונד פאַרגעוואָרפן געוואָרן. דאָס פּיקאַנטע איז געווען, אַז אין דעם פּרץ־פאַל האָט די ערשטע פּידל פון אָנגריף קעגן בונד געשפּילט גראָד די פּ.פּ.ס.־לעוויצע, וועלכע האָט צו יענער צייט געהאַט אַ געוויסן איינפלוס צווישן די יידישע אַרבעטער אין וואַרשע. אירע פאַרשטייערס אויף דער געגעבענער זיצונג, שילער און גזשעד־קאָוואַלסקי, זענען געווען די „הייליקע ריטערס״ אינעם נאָמען פונעם עכטן און נישט־געפעלשטן סאָציאַליזם. שילער האָט מיט זיין צונג פון אַ גאַלמעסער עמפּאַטיש געפרעגט די אָנוועזנדיקע פאַרשטייערס פון בונד, וויקטאָר שולמאַן (אין דער „ראַדע״ איז זיין נאָמען געווען „לאַזאַר״) און זדזשיסלאַוו (זיגמונד) מושקאַט, צי דער בונד וואָלט געווען פאַר אַן אָפיציעלן סאָציאַליסטישן אָנטייל אין דער לוויה פון שענקעוויטש, באַלעסלאַוו פּרוס און זייערס גלייכן. גזשעד־קאָוואַלסקי, דער פּאָליטישער און גייסטיקער פירער פונעם יידישן סעקטאָר פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע, האָט זיין אַטאַקע קעגן בונד געפירט מיט דער

פסעוודאָ־אינטערנאַציאָנאַליסטישער טעאָריע, אַז אַן אָנטייל פון די יידישע אַרבעטער אין וועלכער ס'איז אַקציע וועט זיין באַרעכטיקט נאָר אין פאַל ווען זי קען געפירט ווערן צוזאַמען מיט די פוילישע אַרבעטער. אין קעגנפאַל, איז עס אַ נאַציאָנאַליס־טישער אַקט.

אָבער ווי שאַרף ס'זענען געווען די אינערלעכע שטרייטן און קאָנפליקטן אין דער „ראַדע", זענען זיי פאָרט געווען מילדער און איידעלער אין פאַרגלייך מיט די שטרייטן און קאָנפליקטן אין „אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט". אין דער „ראַדע" זענען געזעסן די סאַמע פּני פון די אָנפירונגען פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, מענטשן מיט וויסן און פּאָליטישער דערפאַרונג. און טייל פון זיי, ווי סטעפאַן קרולי־קאָווסקי, אינזשעניר קרושעווסקי, אינזשעניר צישעווסקי, טאַרוואַצקי און טיילווייז אויך ריבאַצקי — די „פּייער־לעשערס", ווי מען האָט זיי אין שפּאַס גערופן — זענען געווען אָנהענגערס פון אויסמיידן נישט נייטיקע רייבונגען, דאַקעגן אין ר.ק.ג., מיט איינצלנע אויסנאַמען, זענען געזעסן מענטשן פון אַ צווייטן און אַ דריטן קאַלי־בער טוערס. יאַנעק צוויגעל פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע איז נישט געווען קיין גזשעך־קאָוואַלסקי אָדער שילער; אַ קריגער, אַ וואָיטשיק, איז נישט געווען קיין זאַשקאַ אונשליכט. די ענינים און פּראָבלעמען, וואָס זענען געשטאַנען אויפן טאָג־אָרדענונג פונעם אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט זענען געווען בעיקר פּראָזאַיִשע, און די שטרייטן און קאָנפליקטן אין ר.ק.ג. זענען דעריבער געווען מער פאַרביסן און פאַר־עקשנט.

די קאַמפן אין אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט האָבן זיך אָנגעהויבן באַלד ביים אָנהייב פון דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע. שוין אויף דער יידישער דעלע־גאַטן־פאַרזאַמלונג, אין די ערשטע טעג נאָכן אויסבראָך פון דער מלחמה, זענען, ווי שוין דערציילט, געקומען צום אויסדרוק די מיינונג־פאַרשידנקייטן צווישן די אַנדערע דריי פּאַרטייען מיטן בונד. זינט דער אַנטשטייונג פונעם אַלגעמיינעם אַרבע־טער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט האָבן די רייבונגען, צוזאַמענשטויסן און קאָנפליקטן פּערמאַנענט זיך פאַרשטאַרקט.

דער איינשטימיק־אָנגענומענער סטאַטוט פון אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט האָט געזאָגט, אַז די אָרגאַניזאַציע איז די צענטראַלע אָנפירונג, וואָס פירט אָן מיט די אינערלעכע און אויסערלעכע געשעפטן פון די אַרבעטער־הילף־אינסטיטוציעס — מיט דער ווירטשאַפטלעכער, פינאַנציעלער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

דריי פון די פיר פּאַרטייען: ביידע פליגלען פון ס.ד.ק.פּ.ל. און פּ.פּ.ס.־לעוויצע האָבן זיך געהאַלטן אינעם דאָזיקן קאָדעקס, און ר.ק.ג. האָט פאַרטיילט די באַקומענע פאָנדן פּראָפּאָרציאָנעל לויט דער צאָל אינסטיטוציעס, וואָס יעדע פּאַרטיי האָט באַוויזן צו שאַפן און לויט דער פרעקווענץ פון די קאָנסומענטן. ס'זענען אויך צווישן די דריי פּאַרטנערן פאָרגעקומען רייבונגען און אַמפּערנישן, אָבער בדרך־כּלל האָבן זיי זיך צוגעפּאַסט צו די סטאַטוט־כּללים פון ר.ק.ג.

אַנדערש איז געווען מיטן בונד.

בונד האָט פון דער ערשטער מינוט אָן געפירט זיין ווירטשאַפט־אַקציע באַזונ־דער, הן אין איינקויף פון פּראָדוקטן און הן אין דער פינאַנצירונג פון די דורך אים געשאַפענע הילף־אינסטיטוציעס. געווען איז בונד אַ גלייכבאַרעכטיקטער מיטגליד פון ר.ק.ג., אָבער האָט זיך נישט גערעכנט נישט מיט דער שפּייז־טאַבעלע, וואָס האָט געגילט אין די פּוילישע אַרבעטער־קיכן, און נישט מיט די בודזשעטן „פּער־קאָפּ" פאַר אַ קאָנסומענט. בונד האָט אויך נישט צוגעטראָגן קיין גראָשן פון זיינע פינאַנצ־יעלע מיטלען צו דער אַלגעמיינער קאַסע פונעם אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט. דאַקעגן האָט ער געפאָדערט און אויך אָפּט מאָל געקריגן געוויסע סומעס פון די אַלגעמיינע פאָנדן.

דעם בונדס ענטפער אויף די פאָרווורפן אַז דער „פּער־קאָפּ"־קאָסט פון אַ בונדישן קאָנסומענט איז אַ העכערער, ווי אין די אַנדערע הילף־אינסטיטוציעס, איז געמלעך געווען, אַז דער מאַטעריאַל און דער אופן פון קאָכן אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך מוז זיין צוגעפּאַסט צום געשמאַק און געוווינהייט פון די ייִדישע אַרבעטער־קאָנסומענטן.

דער דאָזיקער אַרגומענט האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע רעאַקציע מצד די אַנדערע פּאַרטנערן אין ר.ק.ג., וועלכע האָבן דעם בונד באַשולדיקט אין אָן „אתּה בחרתּנו"־צוגאַנג לגבי די ייִדישע אַרבעטער, אין פּאַוואַריזירן די בונדישע קאָנסו־מענטן אויפן חשבון פון די פּוילישע. נישט איין מאָל האָט זיך פון דער אַנטי־בונדי־שער פּאָלעמיק געשפּירט אַ נישט אָנגענעמער ריח...

דער ענטפער פון בונד מכּוח זיין פינאַנציעלער פּאָליטיק איז געווען אומגעפער אַזאַ:

די פינאַנצן פון אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט קומען פון צוויי פאַרשיידענע ערטער: פון די הילף־אָרגאַניזאַציעס פאַר מלחמה־געליטענע און פון פּאַרטיייִשע קוואַלן. די געלטער וואָס אַ פּאַרטיי קריגט צו איר דיספּאָזיציע איז אָן ענג פּאַרטייִ־שער ענין, און יעדע פּאַרטיי קען טאָן מיט די געלטער, וואָס זי געפינט פאַר נייטיק. קיין ריכטונג איז נישט מחויב אָפּצוגעבן דעם ר.ק.ג. קיין חשבון פון וואַנען, ווי אַזוי און וויפל זי קריגט, און ווי אַזוי זי האַלט פאַר נייטיק אירע מיטלען צו פאַרנוצן.

אַנדערש איז מיט די געלטער, וואָס קומען אַריין אין ר.ק.ג. פון די אָרגאַני־זאַציעס פאַר הילף פאַר די מלחמה־געליטענע. צו וועלכער די ייִדישע אַרבעטער און זיינע הילף־אינסטיטוציעס זענען באַרעכטיקט צו קריגן אין פּראָפּאָרציע זייער חלק.

אויף דער טענה און פאָרווורף, אַז בונד קריגט געלטער פון פאַרשיידענע הילף־אָרגאַניזאַציעס, אַלגעמיינע און ייִדישע, האָט בונד געענטפערט, אַז פאָרמעל קריגט ער נישט פון קיין שום רוסישע אָדער פּוילישע הילף־אָרגאַניזאַציעס קיין פאָנדן, און אויב ער קריגט וועלכע ס'איז געלטער, איז עס, וואָס זיינע פּאַרטיי־מיטגלידער

און טוערס, וועלכע אַרבעטן טאַקע ווי אָנגעשטעלטע אין די פאַרשיידענע הילף־אָרגאַניזאַציעס, שיקן צו אין זייער פּערזענלעכן נאָמען און נישט אין נאָמען פון די אָרגאַניזאַציעס, אין וועלכע זיי זענען באַשעפטיקט. די דאָזיקע געלטער זענען דעריי־בער אַן אינערלעך־פּאַרטייִישער ענין.

וואָס שייך די געלטמיטלען פון ריין ייִדישע קוואַלן, רוסלענדישע און אויסלענ־דישע, ווערן זיי געשיקט אויסשליסלעך פאַרן געברויך פון די ייִדישע אַרבעטער, און דער בונד האָט נישט קיין רעכט זיי אויף אַן אַנדער אופן צו באַנוצן. שטייענדיק פאַר דער ברירה אָנצונעמען אָדער נישט אָנצונעמען אַזעלכע געלטער, האָלט דער בונד פאַר אַן אומזין צו באַרויבן די ייִדישע אַרבעטער פון דער הילף, וואָס עס קומט פאַר זיי אַן אויף אַזאַ אופן, און נישט שאַדנדיק דערמיט די פּוילישע אַרבעטער־הילף־אינסטיטוציעס.

אויף דער טענה און פאַרוווּרף פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע פאַר וואָס דער בונד גיט נישט קיין טייל פון די געלטער וואָס ער קריגט פון ייִדישע קוואַלן פאַר דער קיך אויף נאָוואָליפּיע, וואָס פּ.פּ.ס.־לעוויצע האָט געשאַפן אין יאַנואַר 1915, איז דעם בונדס ענטפער געווען, אַז ער אָנערקענט נישט די דאָזיקע קיך פאַר קיין ייִדישער אַרבעטער־קיך און ער האַלט נישט פאַר מחויב מיט דער דאָזיקער קיך צו טיילן וועלכע ס'איז באַקומענע פאָנדן. דער בונד איז אָבער גרייט צוצוטיילן הילף די ייִדישע אַרבעטער־קאָנסומענטן פון דער געגעבענער קיך אויף דעם זעלבן אופן און פּראָצעדור, ווי עס קריגן די אַרבעטער אין דער בונדישער קיך — ווי קאָנסו־מענטן פון דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע.

טענות און פאַרוווּרפן קעגן בונד זענען אומאויפהערלעך געקומען צום אויסדרוק אויף די זיצונגען פונעם אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט און אַרויסגערופן בייז בלוט ביי אַלע צדדים.

אין דער וואַרשעווער בונדישער אָרגאַניזאַציע האָבן זיך געהערט איינצלנע שטימען קעגן דער בונדישער פינאַנציעלער פּאָליטיק לגבי ר.ק.ג. און פאַר געוויסע מאָדיפיצירונגען. צווישן די נישט צופרידענע זענען געווען די הויפּט־פאַרשטייערס פון בונד אין ר.ק.ג. — יאַנעק־יאַנקעלעוויטש און נאָכעמזאָן, און אין געוויסע פאַלן — אויך איך. די וואַרשעווער בונדישע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע האָט אָבער אין די געלט־ענינים נישט געהאַט קיין גרויסע דעה. די געלטער זענען נישט געקומען דירעקט צו דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע, נאָר צום „פּוילישן" קאָמיטעט, אָדער צו דער דיספּאָזיציע פון איינצלנע בונדיסטן. זיי, און נישט דער וואַרשעווער בונדישער פּאַרטיי־קאָמיטעט, זענען געווען די הויפּט בעלי־דעה איבער די געלטער.

איינע פון די פאַרוווּרפן קעגן דעם בונד, אין דער „ראַדע" און אין ר.ק.ג., איז געווען, אַז דער בונד פאַוואָריזירט די אַנאַרכיסטן, געבנדיק זיי אַ גזעלשאַפט־לעכע תקומה אין דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע.

דער דאָזיקער פאַרוווּרף איז דורכן בונד אָפּגעוואָרפן געוואָרן מיטן אַרגומענט,

אַז די אַנאַרכיסטן האָבן נישט קיין שום סטאַטוּאַרע רעכט אין דער בונדישער ווירט־שאַפט־אַקציע. דער אַנאַרכיסט אין דער אָנפירונג איז געווײלט געוואָרן, ווי אַ יחיד, און אויך דער פאַקט, וואָס זיי האָבן אַ ווירקונג אינעם גרויסן פאַך פון געגריוועטע שוסטערס און אין פאַך הערשט אַ גרויסע אַרבעטסלאָזיקייט, האָט באַוויגן דעם בונד צוצולאָזן אַן אַנאַרכיסט אין דער אָנפירונג פון דער ייִדישער אַרבעטער־ווירטשאַפט־אַקציע.

כּל־זמן די פינאַנציעלע לאַגע פון אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט איז געווען אַ נישט שלעכטע — ביז אַרום סוף יאָר 1914 — זענען די אינערלעכע צווישן־פּאַרטייִשע פאַרהעלטענישן אין ר.ק.ג. געווען דערטרעגלעכע. אָבער מיט דער פאַרערגערונג פון דער פינאַנציעלער לאַגע, סיי פון ר.ק.ג. און סיי פון בונד, זענען די באַציִונגען געוואָרן וואָס אַ מאָל מער אָנגעשטרענגטע און פאַרשאַרפטע.

אָנגעגליט ביז צום פּלאַצן זענען די באַציִונגען צווישן בונד און די אַנדערע דריי שותּפים פונעם אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט געוואָרן נאָך דער געווונענער אַקציע קעגן בירגער־קאָמיטעט און צוליב דעם ענין פּסח.

נאָכ באַקומען די סובסידיעס פונעם בירגער־קאָמיטעט האָט אין ר.ק.ג. זיך אָנגעהויבן אַ דינגעניש און אַמפּערניש וועגן דער פּראָפּאָרציע פונעם געלט־פּאַרטייל, און בונד איז אַרויסגעקומען שטאַרק באַעוולט.

די עוולה פון געלטפּאַרטייל האָט בונד באַטראַכט ווי אַ פאַרלעצונג פונעם פּרינ־ציפּ פון גלייכבאַרעכטיקטקייט און נישט געוואָלט מוותּר זיין אויף זיין פולן חלק. ער האָט זיך פאַררופן אויפן פונקט אינעם אָפּמאַך מיטן בירגער־קאָמיטעט, אַז די סובסידיע ווערט געגעבן סיי פאַר די פּוילישע און סיי פאַר די ייִדישע אַרבעטער־הילף־אינסטיטוציעס, און געפאָדערט, אַז לגבי די ייִדישע אַרבעטער הילף־אינסטי־טוציעס זאָל אָנגעווענדט ווערן דער זעלבער מאָדוס, וואָס ווערט אָנגעווענדט לגבי די אַנדערע דריי שותּפים. וועגן דעם געלטפּאַרטייל האָט זיך צעפלאַקערט אַ שאַר־פער קאַמף און דער בונד האָט געדראָט מיט אַן אַרויסטריט פון ר.ק.ג.

צו אַ קלימאַקס אין די באַציִונגען אין אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט איז געקומען צוליב דעם ענין פּסח.

אין דער „ראַדע" און אין אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט האָט די בונדישע שטעלונג אין ענין פּסח־באַשפּייזונג אַרויסגערופן אַ שטורעם. ס'איז נישט געווען די זינד, אין וועלכער דער בונד זאָל נישט באַשולדיקט ווערן. אין ר.ק.ג. האָבן זיך געהערט שטימען וועגן תּיכּפדיקן באַזייטיקן דעם בונד פונעם אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט. אין די בונדישע פּאַרטיי־קרייזן האָט זיך געשטעלט די פראַגע וועגן דער נוצלעכקייט פונעם בונדס אָנגעהעריקייט צו ר.ק.ג.

ערב פּסח 1915 איז אין לאָקאַל פון דער דענטיסטישער קליניק אויף ראָג זשעלאַזנע און כלאָדנע פאָרגעקומען אַ פאַרברייטערטע זיצונג פונעם אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט. ווי פאַרשטייערס פונעם בונד זענען צו דער דאָזיקער זיצונג,

חוץ די שטענדיקע פאַרטרעטערס יאַנעק־יאַנקעלעוויטש און נאַכעמזאָן, דעלעגירט געוואָרן נאָך צוויי אָנטיילנעמערס — מאַניע מייעראָוויטש און איך.

די בונדישע דעלעגאַציע האָט גוט געוווּסט וואָס זי דערוואַרט. געהאַט האָט די דעלעגאַציע אַן אימפּעראַטיוון מאַנדאַט פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד צו פאַרטיידיקן די בונדישע שטעלונג אין ענין פסח־באַשפּייזונג און נישט דערלאָזן צו קיין אָפּשטימונג וועגן אַן אויסשלוס פון בונד פון אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט. אין פאַל, אויב אַזאַ באַשלוס וועט זיין אומפאַרמיידלעך, דאַרף די דעלעגאַציע דערקלערן דעם אַרויסטריט פון בונד פון ר.ק.ג., און בונד וועט אָפּיציעל צוריקציִען זיין אונטערשריפט אויפן אָפּמאַך מיטן בירגער־קאָמיטעט און אָפּיציעל לאָזן וויסן די אַלע הילף־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן געשטיצט מיט פאָנדן דעם ר.ק.ג., אַז די ייִדישע אַרבעטער־הילף־אינסטיטוציעס זענען מער נישט פאַרבונדן מיטן אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט.

צו קיין באַשלוסן איז מען אויף דער געגעבענער זיצונג נישט דערגאַנגען. דאָס איז נישט געווען קיין זיצונג, נאָר אַ פּשוטער באַלאַגאַן, אַ כאַאָטישער קאַמף פון אַלע קעגן אַלע, און פון אַלע קעגן בונד, מיט נישט קיין אָפּעטיטלעכע רעדעס, באַמערקונגען און צווישנרופן. אַלע באַמיִונגען פון די פאַראַנטוואָרטלעכע און מער געלאַסענע אָנטיילנעמערס פון דער זיצונג איינצושטילן די צעהיצטע געמיטער, האָבן נישט געהאַט קיין פּעולה. דער פאַרזיצער, פּאַשטאַ, אַן אַלטער און זייער סימפּאַטישער טוער פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע, האָט געשלאָסן די זיצונג אין אַ צושטאַנד פון אַ פולשטענדיקן כאַאָס.

דאָס איז געווען די לעצטע זיצונג פונעם אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט מיטן אָנטייל פון בונד. צי ס'זענען פאָרגעקומען אַנדערע זיצונגען אָן דעם אָנטייל פון בונד, איז מיר נישט באַקאַנט. וואַרשיינלעך נישט. אַ צוויי וואָכן נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן קיין וואַרשע איז אין נאָמען פונעם אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט אָרגאַניזירט געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג פון די פאַרוואַלטונגען פון די אַרבעטער־הילף־אינסטיטוציעס, אין וועלכער אויך די הילף־אינסטיטוציעס פון בונד האָבן זיך באַטייליקט. די פאַרזאַמלונג האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ צעפאַלונג פון ר.ק.ג.

דער אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט, וואָס האָט אין פאַרלויף פון אַ דריי פערטל יאָר געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דעם אַרבעטער־לעבן אין וואַרשע, האָט פאַקטיש פאַרענדיקט זיין עקזיסטענץ אויף דער דערמאָנטער זיצונג פון ערב פסח .1915

נאָך דער זיצונג פון אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט ערב פסח 1915, האָט נאַכעמזאָן פאַרבעטן אַ צאָל אָנטיילנעמערס אויף אַ פסחדיקער וועטשערע אין העקסעלמאַנס רעסטאָראַן אויף נאַלעווקעס — צו יענער צייט דער בעסטער און טייערסטער עסּפּלאַץ אין ייִדישן וואַרשע.

צווישן נאָכעמזאָנס געסט זענען געווען: זאָשקאָ אונשליכט, גזשעד־קאָוואַלסקי, ריבאַצקי, יאַנעק צווייגעל, פּאַשטאָ, קריגער, און די ייִנגערע אולמאַן און סאָוויצקי. קיינער האָט נישט געפרעגט קיין קשיות פון וואַנען נאָכעמזאָן האָט צו באַצאָלן די באַדייטנדיקע סומע וואָס די סעודה האָט באַטראָפן. מ'האָט געוווסט וועגן זיינע גרויסע פאַרדינסטן אין דער פירמע, אין וועלכער ער האָט געאַרבעט, וועגן זיין גוטברודערשאַפט און ברייטער חברישער האַנט — און מ'האָט אים רעספּעקטירט און געשאַצט פאַר זיינע נישט דורכשניטלעכע פעיִקייטן. קיינעם איז דעמאָלט נישט איינגעפאַלן אַפילו אַ טראַכט צו טאָן, אַז דער, וואָס פונדעוועט די גרויסאַרטיקע סעודה, איז אַ פּראָוואָקאַטאָר און אַז דער חשבון פונעם מאַלצייט איז מעגלעך געדעקט געוואָרן פון דער רוסישער צאַרישער אָכראַנע.

די סעודה איז משמעות שוין פון פריִער געווען אַ באַשטעלטע. די טישן זענען געווען געגרייטע, און נאָכעמזאָנס פרוי, וועלכע האָט זיך זעלטן געוויזן אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך, איז געזעסן און געוואַרט.

בעת דער סעודה, ווען אַלע זענען געווען אין אַ גוטער שטימונג, און די גויִים און די „גויִשע" ייִדן זענען געקיבעצט געוואָרן, אַז מ'האָט זיי אָפּגעשמדט מיט ייִדישע פיש, מצות, קניידלעך און קידוש־וויין, האָט דער קלוגער און תמיד רויִקער ריבאַצקי אַ וואָרף געטאָן אַ פראַזע, וואָס איז דורך כּמעט אומבאַמערקט, און כ'האָב זי לאַנג און גוט געדענקט: נאָכעמזאָן האָט אונדז פאַרבעטן נישט אויף קיין ייִדישן פסח־מאַלצייט, נאָר אויף אַ סעודה, וואָס ווערט געפּראַוועט נאָך אַ טויטן — נאָך דעם געוועזענעם אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט.

אין איינעם אַ טאָג פון חודש אַפּריל 1915 האָב איך בייגעוווינט אַ זיצונג פון דער „ראַדע", וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַנטי־בונדישע קרוציאַטע. נאַטירלעך, מיט מער פּאָליטישן שׂכל און מיט ראַפינירטערע פּאָליטישע מעטאָדן, ווי אויף דער לעצטער זיצונג פונעם אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט ערב פסח 1915.

די צוויי הויפּט־באַשולדיקונגען קעגן בונד זענען געווען: די „מאַצעיאַדע", ווי מ'האָט אָנגערופן די שטעלונג פון בונד צו דער באַשפּייזונג אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך אין די פסח־טעג פון 1915 און דער אָפיציעלער אָנטייל פון בונד אין דער לוויה פון י.ל. פּרץ.

אויך אויף דער זיצונג פון דער „ראַדע" זענען נישט אָנגענומען געוואָרן קיין אַנטי־בונדישע באַשלוסן, און אויך די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט נאָכן אַריינ־קומען פון די דייטשן קיין וואַרשע אויסגעהויכט איר נשמה.

קיינער האָט דעם „צווישן־פּאַרטייִשן ראַט" און דעם „אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט" פאָרמעל נישט געשפּאָלטן, און קיינער האָט קיין מאָל די דאָזיקע אָרגאַ־ניזאַציעס נישט באַוויינט נאָך זייער אונטערגאַנג. זיי זענען אויפגעקומען, געבראַכט

מיט זיך פרייד און האָפענונגען און געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אינעם וואַרשעווער אַרבעטער־לעבן אין דער צייט פון צאַרישן מיליטערישן קריגסרעזשים, און זיי זענען געשטאָרבן אין פאַרגעסנקייט, באַגראָבן געוואָרן אָן אַ לוויה. קיין שריפטלעכע, געשיכטלעכע מצבה איז — אויף וויפל איך ווייס — נאָך נישט געשטעלט געוואָרן אויפן פאַרוואָרלאָזטן קבר פון די דאָזיקע אין זייער צייט פּרעכטיקע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין פּוילן.

## אויף דער שוועל פון אַ נייער תקופה

די לאַגע פון דער צאַרישער הערשאַפטמאַכט אין וואַרשע איז כסדר געוואָרן קריטישער. ס'איז פאַר קיינעם נישט געווען מער קיין ספק, אַז די רוסישע אַרמיי וועט אין דער נאָענטסטער צייט פאַרלאָזן וואַרשע. די וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פון בונד האָט געמוזט זיין צוגעגרייט צו די ענדערונגען.

עטלעכע טעג פאַרן ערשטן מיי פון 1915 בין איך אַרעסטירט געוואָרן. אין מיטן דער נאַכט פון 25סטן אויפן 26סטן אַפּריל האָט די מאַמע דערהערט דעם כאַראַקטע־ריסטישן פּאָליציייִשן קלאַפּ אין טיר, און די נישט הייליקע דרייַ־אייניקייט: אַ זשאַנ־דאַרם, אַ געהיים־אַגענט און דער הויזוועכטער, האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין שטוב, געמאַכט אַ רעוויזיע און מיך אָפּגעפירט אין דער אָכראַנגע.

אין דער אָכראַנגע בין איך דאָס מאָל נישט פאַרהאַלטן געוואָרן אויף קיין אויס־פאָרשונג, נאָר גלייך אָפּגעשיקט געוואָרן אין דער דערנעבנדיקער תפיסה אויף דאַנילאָוויטשעווסקע־גאַס. אין דער טורמע־קאַמער האָב איך געטראָפן אַ גרויסע צאָל אַרעסטירטע, ענלעכע ווי איך „מאַיאָווצעס" — אַרעסטירט צוליב דעם אָנקו־מענדיקן ערשטן מיי.

דאָס מאָל האָב איך אין תפיסה נישט לאַנג פאַרבראַכט. אין עטלעכע טעג אַרום בין איך אָן אַ פאַרהער באַפרייט געוואָרן.

נאָך מיין באַפרייונג, אַרום דער צווייטער העלפט פונעם חודש מיי, איז אָפּגע־האַלטן געוואָרן אַ זיצונג פונעם וואַרשעווער פאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד מיטן אָנטייל פון וויקטאָר שולמאַן (סענדער). פון די דערוויילטע 9 מיטגלידער פונעם פאַרטיי־קאָמיטעט אויף דער שטאָטישער קאָנפערענץ אין פעברואַר האָבן זיך באַטייליקט 7 מיטגלידער: יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, יוסף באַסאַק, סעמיאַן, משה סטאָליאַר, אסתּר די שניידערין, דער לאָדזשער חבר און איך. געפעלט האָבן: בנימין וואַלקער, וועל־כער איז אַוועק זוכן גליקן אין ביאַליסטאָקער גאַרבער־ראַיאָן, און שמוליק האַלבער־שטאַט.

אויפן טאָג־אָרדענונג פון דער זיצונג זענען געשטאַנען צוויי ענינים: דאָס

פאַרהיטן די בונדישע הילף־אינסטיטוציעס און דעם פאַרטיי־אַקטיוו אין דער קריטישער צייט ביזן אָפּטרעטן פונעם רוסישן מיליטער פון וואַרשע, און דער אָנטייל פונעם בונד אין דער „בירגער־מיליץ״.

דער ערשטער פונקט האָט נישט אַרויסגערופן קיין מיינונג־פאַרשידנקייטן. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אָנצונעמען אַ רייע פאַרהיטונג־מיטלען פאַר די אינסטי־טוציעס און מאַסנאַמען פון קאָנספּיראַציע פאַרן אַקטיוו, ספּעציעל פאַר די מיטגלידער פונעם פאַרטיי־קאָמיטעט. איך בין פאַראָרדנט געוואָרן איבערצוגעבן אַ פאַרלאָזלעכן חבר די טעכנישע אַרבעט ביים ברויטפאַרטייל און נישט צו נעכטיקן אין מיינע עלטערנס הויז.

אַ הייסע דיסקוסיע האָט אַרויסגערופן דער פונקט וועגן אָנטייל פון בונד אין דער פאַרמירטער בירגער־מיליץ. וויקטאָר שולמאַן האָט אינפאָרמירט, אַז דער פאַרטייישער אינטעליגענטן־קרייז, הויפּטזעכלעך פון דער „גראָסער־גרופּע״ אין דער „סטאַוואַזשישעניע״, זענען געניגט פאַר באַטייליקן זיך אין דער מיליץ. דער באַשלוס פונעם וואַרשעווער פאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד איז געווען, אַז דער בונד נעמט נישט קיין שום אָנטייל, דירעקטן אָדער אומדירעקטן, אינעם אַפּאַראַט פון דער אַ״ג בירגער־מיליץ. וויקטאָר שולמאַנס אַ פאַרשלאַג, אַז אויב ווער פון די שותּפים (ריכטיקער, געוועזענע שותּפים) אינעם צווישן־פאַרטייישן ראַט וועט באַ־שליסן זיך צו באַטייליקן (געהאַנדלט האָט זיך וועגן פּ.פּ.ס.־לעוויצע), זאָל דער אָנגענומענער באַשלוס נישט זיין גילטיק — איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן.

ווען די זיצונג איז געווען פאַרענדיקט, האָט וויקטאָר שולמאַן פאַראָרדנט, מ'זאָל צוגרייטן אויף בלעך געמאָלטע שילדלעך אין רוסיש און אין פויליש מיט די נעמען פון אַ רייע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען — נאָדל, לעדער, מעטאַל, בעקער, האָלץ, דרוקער און אַנדערע, מיט דער אויפשריפט: „פּראָפעסיאָנעלער בראַנזשע־פאַראיין פון...״ צוגרייטן דירות, וווּ די שילדלעך זאָלן קענען אָנגעקלאַפּט ווערן אין פראָנט פון די הייזער, און וויניקסטנס דריי פאַרטייִש־פאַרלאָזלעכע אַרבעטער, נישט ייִנגערע פון 30 יאָר, וועלכע זאָלן וועלן פיגורירן ווי מיטגלידער פון דער פאַר־וואַלטונג פון אַ געגעבענעם פאַראיין. דאָס אַלץ זאָל זיין צוגעגרייט פאַרן אַריינקומען פונעם דייטשישן מיליטער קיין וואַרשע. ווען דאָס דייטשישע מיליטער וועט אַריין אין וואַרשע, זאָל מען גלייך אָנקלאַפּן די שילדלעך פאַר די טויערן פון די אָנגעמערקטע וווינונגען. דערווייל דאַרף מען האַלטן שטרענג בסוד די געגעבענע אויפגאַבע.

וויקטאָר שולמאַנס פאַראָרדענונג האָט אַרויסגערופן שטוינונג. מ'האָט פאַר־שטאַנען, אַז דאָס האָט צו טאָן מיט דער בייער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט, וואָס גרייט זיך צו פאַרנעמען וואַרשע, אָבער נישט געוווּסט צו וואָס וויקטאָר שולמאַן צילט, און וואָס פאַר אַ באַדייטונג דאָס קען האָבן. חוץ מזה, איז דאָס געווען צום ערשטן מאָל, אַז אַ העכערער פאַרטיי־פונקציאָנאַר גיט דעם וואַרשעווער פאַרטיי־קאָמיטעט פאַראָרדענונגען אין דער פאָרעם פון אַ באַפעל, שטעלט נישט דעם ענין אויפן טאָג־

אָרדענונג און גיט נישט אָן קיין מאָטיוון און קיין אויפקלערונג. אַלע ווענדונגען, אַז וויקטאָר שולמאַן זאָל גענויער אויפקלערן די מאָטיוון פון זיין פאַרלאַנג, זענען געפאַלן אויף טויבע אויערן. וויקטאָר שולמאַנס טאָן איז געווען אַ קאַטעגאָרישער, און אויף אַלע ווענדונגען האָט ער געענטפערט מיט צוויי ווערטער: „נעשׂה ונשמע". און דעם באַפעל האָבן די מיטגלידער פונעם וואַרשעווער פאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד אויסגעפירט אויף פולע הונדערט פראָצענט.

די דערמאָנטע זיצונג פונעם וואַרשעווער פאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד איז געווען די לעצטע זיצונג אונטערן צאַרישן מיליטערישן קריגסרעזשים — אַ היס־טאָרישע זיצונג אויפן ראַנד פון אַ תקופה: פון דער תקופה פון דער הערשאַפט פון דער רוסישער צאַרישער אָקופּאַציע־מאַכט פון פוילן, און פון דער תקופה פון דער עקסיסטענץ פונעם אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד פון ליטע, פוילן און רוסלאַנד אויף דער ערד פון פוילן.

דער דורכגעפירטער באַפעל — די צוגעגרייטע שילדלעך, דירות, און אַ צאָל פאַראַנטוואָרטלעכע און פאַרלאָזלעכע חברים — איז געווען דער ערשטער אַקט פון אַ נייער תקופה פון בונד, פון דער אַנטשטייונג פון דער זעלבשטענדיקער עקסיסטענץ פונעם פוילישן בונד — און דער ערשטער שריט אינעם אויפבוי פון דער מאַסן־באַוועגונג פון די יידישע אַרבעטער אין וואַרשע און אין פוילן, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער העגעמאָניע און אָנפירונג פון בונד, און אָנגעהאַלטן ביז דער שפּאַלטונג פון בונד אין פוילן אין האַרבסט 1921.

סוף פונעם ערשטן באַנד.

# אינהאַלט

## דריטער טייל / מיטן פנים צום בונד



## פערטער טייל / מלחמה